א. וואָלף יאַסני

# די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש
## אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

צווייטער באַנד



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב
תשכ"ז — 1966

A. WOLF JASNI
DI GESHICHTE FUN JIDN IN LODZ
In di jorn fun der Deitsher Jidn-Ojsrotung

א. וואָלף יאַסני
די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש
אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג

צווייטער באַנד

פאַרלאַג „המנורה״, רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל
„Hamenora" Publishing House
24, Zangwill St. Tel-Aviv, Israel



נדפס בישראל, תשכ״ז
Printed in Israel, 1966

דפוס „ארזי״ בע״מ, ת״א, רח׳ אילת השחר 4, טל. 34294

## װאָרט־פאַרקירצונגען

אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר זיך באַנוצט מיט פאָלגנדע קירצונגען פון װערטער:

**אריה״א** — אַרכיװ פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע.

**ב׳** — באַנד.

**בלפג״ש** — „בלעטער פאַר געשיכטע״, פערטליאָרשריפט פון ייִדישן היס־טאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע.

**בק״צ** — B.K.C. — „Biuletyn Kroniki Codziennej"

געשריבן אינעם אַרכיװ פונעם יודענעלטעסטען אין די יאָרן 1941 ביז סוף יולי, 1944, ביז דער ליקװידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ.

**בזשי״ה** — BŻIH — Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego

פּױלישע צײַטשריפט פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע.

**ג״ע** — גבית־עדות.

**געשטאפּא** — געהײמע שטאַטס־פּאָליצײ.

**ג״פ** — געטאָ־פאַרװאַלטונג, דײַטשע אָקופּאַציע־אינסטאַנץ, װאָס האָט געהאַט די אױפזיכט איבערן לאָדזשער געטאָ, האָט דורכגעפירט די סיסטעמאַ־טישע באַרױבונג פון זײַנע אײַנװױנער און אַכזריותדיק אױסגענוצט די ייִדישע אַרבעטס־כוחות.

**ג״צ** — „געטאָ־צײַטונג״: 18 נומערן, דערשינען אין ייִדיש אין לאָדזשער געטאָ, אָרגאַן פון רומקאָװסקין, רעדאַגירט פון ש. ראָזענשטײן.

**דנ״ל** — „דאָס נײַע לעבן״, צײַטונג, צענטראַל־אָרגאַן פונעם צ. ק. פון ייִדן אין פּױלן, דערשינען פון 1945 ביז 1950.

**דצ״װ** — דאָס ציטירטע װערק.

**דאק׳** — דאָקומענט.

**ה׳** — העפט, העפטן.

**ז׳ — ז״ז** — זײַט, זײַטן.

**ט׳** — טעקע.

**ייה״א** — ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין װאַרשע.

**ייװב״ל** — „ייִװאָ־בלעטער״ — צײַטשריפט פונעם ייִדישן װיסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ניו־יאָרק.

**כ״י** — כתב־יד.

**מיקרפ׳** — מיקראָפילם פון דאָקומענטן.

**נומ׳** — נומער.

**סיגנ׳** — סיגנירט, באַצייכנט.

**פאג׳** — פאַגינירט: סימנים, וואָס באַצייכענען דעם סדר און די זייטן פון בוך אָדער אין דער טעקע, נישט־פאַגינירט: בלעטער צענויפגעלייגט אָן אַ סדר.

**פל״ג** — פאַרלאַג.

**פראט׳** — פּראָטאָקאָל, פּראָטאָקאָלן.

**פרג״ל** — פאַרגלייך מיט אַנדערע דאָקומענטן און גבית־עדות אדג״ל.

**פ״ש** — „פאָלקס־שטימע״ — יידיש־קאָמוניסטישע צייטונג, דערשיינט אין וואַרשע.

**צייה״ק** — צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צ. ק. פון יידן אין פוילן, געגרינדעט דורך ד״ר פ. פרידמאַן ז״ל באַלד נאָך דער באַפרייאונג, אין יאָר 1947, רעאָרגאַניזירט געוואָרן אַלס דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן.

**ציט׳** — דאָס ווערק אָדער דאָקומענט, וואָס איז שוין ציטירט געוואָרן אויף אַ פריערדיקן אָרט אינעם בוך.

**צ. ק.** — צענטראַל־קאָמיטעט.

**קריפא** — קרימינאַל־פּאָליציי: דייטש־פּאָליצייאישע אינסטאַנץ, וועלכע האָט דורך פייניקונגען אויסגעפּרעסט די לעצטע פאַרמעגנס פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ.

**ר״א** — רומקאָווסקי־אַרכיוו: דער אַרכיוו, וואָס איז איבערגעבליבן פון אַלע געטאָ־אַמטן, וועלכע זענען געווען אונטער דער אויפזיכט פונעם יודענעלטעסטען.

**רינג״א** — רינגעלבלום־אַרכיוו.

*

ביים סיום פון דעם צווייטן באַנד „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג", וויל איך מיט טיפער דאַנקבאַרקייט דערמאָנען די וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, זייערע אָנפירער און מיטאַרבעטער, וואָס האָבן געשאַפן די מעגלעכקייטן פאַר געשיכטלעכער פאָרשונגס־אַרבעט איבער דער עפּאָכע פון גבורה און אומקום. אַזעלכע אַנשטאַלטן זענען: דער „יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט" אין וואַרשע מיט זיין אַלזייטיקן אַרכיוו פון דאָקומענטן פון דער אויסראָטונגס־צייט, וואָס איז די לעצטע 15 יאָר אָנגעפירט געוואָרן פונעם באַוווסטן היסטאָריקער פּראָפ. בער מאַרק ז"ל; יד ושם אין ירושלים מיט זיין רייכן אַרכיוו, אָרגאַניזירט און געפירט פון ד"ר י. קערמיש און די יד ושם־אָפּטיילונג אין תל־אביב מיט רחל אויערבאַך און שפרה ווערבער בראש.

דער נאָענטער קאָנטאַקט צווישן די פאַרש. אינסטיטוטן פון ירושלים און וואַרשע, האָט מעגלעך געמאַכט, אַז די זעלטענע דאָקומענטן, באַזונדערס פון לאָדזשער געטאָ, זאָלן דורך מיקראָפילמען געבראַכט ווערן פון וואַרשע אין אַרכיוו פון יד ושם. אָן די מיקראָפילמירטע דאָקומענטן וואָלט איך נישט געקענט אויפשטעלן דעם צווייטן באַנד פון מיין בוך. עס קומט אַ באַזונדערער דאַנק דער חשובער מיטאַרבעטערין פון יד ושם אין ירושלים, פרוי רוזשיצקאַ, וואָס פירט אָן מיט דער דאָזיקער אַרכיוו־אָפּטיילונג. פרוי רוזשיצקא האָט מיר געהאָלפן ביים אָפּקלייב פון מיקראָפילמען, וואָס זענען נייטיק געווען פאַר מיין אַרבעט. אַ צווייטער חשובער מיטאַרבעטער פון יד ושם, ה' עמנואל בראַנד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער אָפּטיילונג פון מלחמה־פאַרברעכער, יידן־פאַרטיליקער און די פּראָצעסן קעגן זיי, האָט מיר געהאָלפן אין אָפּזוכן די נייטיקע פּראָטאָקאָלן פון געריכטס־פאַרהאַנדלונגען קעגן פאַרברעכער, וואָס זענען געווען טעטיק אין לאָדזשער געטאָ.

עס דאַרפן באַזונדערס דערמאָנט ווערן די פּובליקאַציעס פוןביידע פאָרש־אינסטיטוטן. דער ייה"א אין וואַרשע האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע ביכער, אין פּויליש, אויך אין דייטש, זאַמלונגען פון אָריגינעלע דאָקומענטן. בעיקר פון די אַרכיוון פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. אין משך פון די צוואַנציק יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע אַרויסגעגעבן אין יידיש די צייטשריפט „בלעטער פאַר געשיכטע" און די לעצטע 15 יאָר, אין פּויליש „Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego". ביידע צייטשריפטן, פאַרמאָגן אַ שלל פון דאָקומענטן, זכרונות, באַשרייבונגען פון דער אויסראָטונגס־צייט, וואָס דינען דעם היסטאָריקער ביי זיין אַרבעט. אַזעלכע זענען אויך די פּובליקאַציעס און דאָקומענטן־זאַמלונגען פון יד ושם, וואָס זיינען דערשינען אין העבראַיש.

וועגן די מקורות פאַר פאָרשונג פון דער געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין דער היטלער־תקופה — האָב איך געשריבן אין דעם אַריינפיר צום ערשטן באַנד. די זעלבע מקורות האָב איך באַנוצט צום צווייטן באַנד מיט אַ צוגאָב פון די באַריכטן פון די פראָצעסן קעגן די מלחמה־פאַרברעכער, וואָס זענען געווען טעטיק אין לאָדזשער געטאָ. און צום סוף: מיין איניקסטן דאַנק די חברים און פריינד, וואָס האָבן געהאָלפן אין פאַרשפּרייטן דעם ערשטן באַנד, אַ טעטיקייט, וואָס דאַרף באַזונדערס געלויבט ווערן ביי אונדזער מצב פון ברענגען דאָס יידישע בוך צום לייענער. מיט דאַנק זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער דרוקער־מייסטער בן־ציון אריאלי מיט זיינע מיטאַרבעטער, פאַר זייער פּינקטלעכער און געוויסנהאַפטער אַרבעט, וואָס האָט פיל צוגעגעבן צום עסטע־טישן אויסזען פון דעם בוך.

א. וואָלף־יאַסני

# פּאַטאַמאַנטאַזש פון א יידישן קינסטלער

## וואָס סימבאָליזירט דאָס יידישע און נישט־יידישע לאָדזש
## און די אויסראָטונג פון יידן




אין צענטער: דאָס שיפל, דער עמבלעם פון דער שטאָט לאָדזש און דערויף די יזכור־אויפשריפט; רעכטס — די סינאַגאָגע, עטוואָס ווייטער — די אַלטשטאָטישע שיל, נידעריקער — די מנורה און „והגדת לבנך", אויבן — שטעכלדראָט, סימבאָל פון געטא. אויבן — איבער אַלע בילדער, אַרויסגעבראַכט אויף דעם פאָן פון לאָדזש — רויכיקע פאַבריקס־קוימענס, מאַשין־רעדער, די איבערשריפט „זכור" אאַז"וו.

דאָס דאָזיקע בילד האָט דער לאָדזשער שמחה געלבלום איבערגעגעבן צום פאַרעפנטלעכן און אינפאָרמירט, אַז דער פּאָטאָמאָנטאַזש איז נאָך דער מלחמה אָפּגעפונען געוואָרן אין אַן אַרכיוו אין געטו. פּאַלאַץ פון די פּאָזנאַנסקיס אויף אָגראָדאָוואַ גאַס, אין לאָדזש.

# א וואָרט פון מחבר

## צום צווייטן באַנד „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג"

זינט דעם דערשיינען פונעם ערשטן באַנד „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג" ביז היינט, ווען דער צווייטער באַנד קומט צו דער עפנטלעכקייט — זענען אַדורך 6 יאָר (1960—1966). אין דעם משך צייט זענען, צו דער געשיכטלעך־פאָרשערישער ליטעראַטור איבער דער דייטש־נאַצישער אויסראָטונגס־תקופה, צוגעקומען אַ באַדייטנדע צאָל ווערק. צווישן זיי דאָס זייער חשובע בוך פונעם באַוווסטן היסטאָריקער ישעיהו טרונק א. נ. „לאָדזשער געטאָ" — אַ היסטאָרישע און סאָציאָלאָגישע שטודיע אויף 500 זייטן מיט אַ שלל פון מקורותדיקע דאָקומענטן און סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען.

נישט געקוקט אויף אָט דער שפע אין דער היסטאָריאָגראַפישער ליטעראַטור איבער דער טראַגישסטער תקופה אין דער יידישער געשיכטע, זענען מיר נאָך נישט דערגאַנגען צו אַן אַלגעמיינער היסטאָרישער אויפשטעלונג, וואָס זאָל אין פולן היקף אָפּשפּיגלען די איבערלעבונגען פונעם יידישן פאָלק אין דער עפּאָכע פון דער דייטש־נאַצישער יידן־אויסראָטונג. דער זעלבער מצב איז אויך אין די באַזונדערע געשיכטלעכע מאָנאָגראַפיעס איבער איינצלנע געטאָס אין שטעט און שטעטלעך.

אויף דעם פעלן פון געשיכטלעכע ווערק, וואָס זאָלן אַרומנעמען די אויס־ראָטונגס־תקופה אין אַלע אירע עטאַפּן, האָט, בשעתו, אָנגעוויזן דער באַרימטער היסטאָריקער ד"ר פיליפּ פרידמאַן ז"ל. אין זיין רעפעראַט אויף דעם צווייטן וועלט־קאָנגרעס פאַר יהדות־וויסנשאַפט, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים, אין יולי—אויגוסט 1957, האָט דער געלערנטער געגעבן אַזאַ אָפּהאַנדלונג איבער דער פאָרשערישער אַרבעט פון היסטאָריקער פון דער אויסראָטונגס־תקופה:

„זיי [די היסטאָריקער] זען וואָס די פאַרטיליקער האָבן געטאָן. אָבער אין דעם הויז [געמיינט אין געטאָ] האָבן די היסטאָריקער נישט אַריינגעקוקט. זיי האָבן נישט געזען, וואָס עס טוט זיך פון אויסן און פון אינווייניק.

„אין דעם הויז [אין געטאָ] האָבן דאָך געלעבט יידן. עס זענען דאָך געווען

אומוועקסלונגען און פאַרשידענע זייטן אין לעבן פון די יידן; עס זענען געווען פלוצימדיקע אומוועקסלונגען, ענדערונגען און אַנטוויקלונגען אין סאָציאַלן און אין ווירטשאַפטלעכן לעבן; דאָס אויסזען פון דערשיינונגען האָבן זיך געענדערט אויף אַ גיכן און עקסטרעמען אופן; עס זענען געווען פּראָצעסן פון סאָציאַלער דעגראַדאַציע, פון ראַדיקאַלער ענדערונג אין דער קלאַסן־איינשטעלונג, פון אַנטאייגנונג פון פאַרמעגן, פון מכלומרשטער און ריכטיקער פּראָלעטאַריזאַציע; עס זענען געווען פּראָצעסן פון אינערלעכער אַנטוויקלונג. די אַנטוויקלונג פון דער אינערלעכער מאַכט [יודענראַטען] איז געווען פאַרבינדן מיט אַלע דערמאָנטע פּראָצעסן".*

אין ווייטערדיקן טייל פון זיין רעפעראַט האָט ד"ר פרידמאַן דעמלס געמאַכט דעם אויספיר: „עס איז שוין היינט קלאָר, אַז מ'קאָן זיך נישט באַגנוגענען מיט פאָרשן די רדיפות און ווי אַזוי מ'האָט רעאַגירט אויף זיי — — — וואָס עס פעלט אונדז, דאָס איז אַ געשיכטע פונעם יידישן פאָלק אין דער נאַצי־תקופה, וואָס אין צענטער זאָל שטיין דאָס יידישע פאָלק נישט בלויז ווי אַ געפּייניקטעס, נאָר ווי אַ פולער געזעלשאַפטלעכער יש מיט אַלע פאַרשידענע אַנטפּלעקונגען און ענדערונגען — — — עס איז צייט אָנצוהייבן זאַמלען מאַטעריאַל און באַאַרבעטן אים פאַר דער אינערלעכער געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין דער אויסראָטונגס־תקופה.*

אין הסכם מיט דער וויסנשאַפטלעך־באַגרינדעטער היסטאָריאָזאָפישער שיטה פון מיין לערער ד"ר פיליפּ פרידמאַן, האָב איך געשריבן „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג" — אַזוי דער ערשטער באַנד, ווי אויך דער צווייטער. אויפן סמך פון מקורותדיקע דאָקומענטן, זכרונות, טאָגביכער און גבית־עדות פון די לעבנגעבליבענע, האָב איך זיך באַמיט נאָכצופאָלגן אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר אַלע דערשיינונגען און געשעענישן, וואָס זענען אין משך פון 60 חדשים פאָרגעקומען מיט יידן אין לאָדזש — דעם גוראַנגל פון יחידים און גרופּן, פון די אונטערערדישע פאַרטייען און דעם גאַנצן כלל — פאַרן לעבן, עקזיסטענץ, פאַרן מענטשלעכן און יידישן קיום.

✶

* דער דערמאָנטער רעפעראַט פון ד"ר פיליפּ פרידמאַן איז פאַרעפנטלעכט אין די אויסגאַבעס א. נ. „יד ושם, מחקרים בפרשיות השואה והגבורה". העפטן ב' און ג'. דער אויבן געבראַכטער ציטאַט איז פון העפט ב' ז"ז 85—86, אַרויסגעגעבן פון „מוסד ביאַליק און „יד ושם", ירושלים.

* „יד ושם" העפט ג', פיליפּ פרידמאַן — „פני חקר ההיסטוריה של תקופת השואה ובעיותיו", ז' 30.

דער צווייטער באַנד „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג" נעמט אַרום די תקופה: 1942—1945. דאָס זענען געווען די טראַגישסטע און גלייכצייטיק דערהויבנסטע יאָרן אין דער פיין־געשיכטע פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ; יאָרן פון אכזריותדיקער דייטשער אויסראָטונג ביי דער אָנווענדונג פון אַלע פערפיד־סטראַטעגישע מיטלען צו פאַרמאַסקירן די רוצחישע כוונות פון די פאַרטיליקער און יאָרן פון מסירת־נפשדיקן ווידער־שטאַנד פון די יידן מיט אַלע מיטלען, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות.

אַלץ וואָס עס איז פאָרגעקומען אין געטאָ לאָדזש, אין משך פון די דער־מאָנטע 3 יאָר, אַלע געשעענישן און דערשיינונגען, וועלכע האָבן באַקומען זייער באַשטעטיקונג אין: אַרכיוו־דאָקומענטן, זכרונות, טאָגביכער — געשריבענע אין געטאָ און אין גבית־עדות — זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין צווייטן באַנד. די ראַמען פון אָט דער געשיכטלעכער אַרבעט האָבן געמוזט אויסגעברייטערט ווערן, ווייל אין יענע יאָרן פון מאַסן־אויסראָטונג אין לאָדזשער געטאָ האָט זיך דאָס דאָרטיקע לעבן און די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויסגעברייטערט. עס קלינגט ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער אַזוי איז געשען. אויפן אָרט פון די צענדליקער טויזנטער לאָדזשער יידן, וועלכע די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעפירט אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, זענען אין געטאָ אַריינגעטריבן געוואָרן טויזנטער יידן, סעלעק־ציאָנירטע פון די פאַרניכטעטע קהילות, בעיקר פון לאָדזשער ראַיאָן און פון די מערב־געביטן פון פוילן, וואָס זענען דורך די אָקופּאַנטן באַצייכנט געוואָרן ווי „וואַרטעגאַו".

דאָס איז געווען אַ שטח פון אַרום 44 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער, אויף וועלכן עס האָבן געוווינט 400 טויזנט יידן, דערונטער 233 טויזנט יידן אין לאָדזש. מיט דעם שטח האָט רעגירט דער רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער. זיין הויפּט־ציל איז געווען וואָס גיכער פאַרטיליקן די יידן פון „וואַרטעגאַו", וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך. דאָס אומברענגען די יידן פון די קהילות אין דערמאָנטן געביט איז געווען אַ פאָרברייטונג צו דער אויסראָטונג פון די 160 טויזנט יידן, וואָס האָבן נאָך דעמלט געלעבט אין לאָדזשער געטאָ. די געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ אין די דערמאָנטע דריי יאָר מוז דעריבער אויך איינשליסן דעם אומקום פון די קהילות אין לאָדזשער ראַיאָן און דאָס לעבן פון די רעשטלעך פון יענע קהילות, אַריינגעטריבענע אין געטאָ לאָדזש.

אויפן סמך פון מיקראָפילמירטע דאָקומענטן, וואָס „יד ושם" האָט באַקומען פון וואַרשעווער יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט, דאָקומענטן פון אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים און פון „שטראַפאורטייל" אין האַנאָווער פּראָצעס קעגן די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן: גינטער פוקס און ד"ר בראַדפיש — איז נויטיק געווען אויפסניי

צו באַהאַנדלען די ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער יידן קיין כעלמנאָ, וועגן וואָס עס איז שוין געשריבן געוואָרן אין ערשטן באַנד.

פון די דאָקומענטן באַקומט מען אַ פאָרשטעלונג ווי אַזוי עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער ערשטער טויטן־לאַגער אויף דער פּוילישער טעריטאָריע — כעלמנאָ, מיט וועלכן עס זענען געווען פאַרבונדן נישט בלויז די אויסראָטונגס־סעקטאָרן פון דער דייטשער מאַכט ; מיט דעם אויסראָטונגס־לאַגער, וווּ עס זענען פאַרפּייניקט געוואָרן 300 טויזנט יידן, זענען געווען פאַרבונדן : די ציווילע און מיליטערישע אָנפירונג פון לאָדזש און פון פּויזן ; די דאָרטיקע שטאָט־פאַרוואַלטונגען, פּריוואַטע דייטשע פירמעס, וואָס האָבן צוגעשטעלט די מכשירים און מאַטעריאַלן, אויך אַ מיל צו מאָלן מענטשלעכע ביינער, וואָס זענען נויטיק געווען צו דער מאַסן־מאָרד־מלאכה אין כעלמנאָ. מיט דעם טויטן־לאַגער האָבן אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען דייטשע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן אין „רייך״, וואָס האָבן די מלבושים פון די אויסגעמאָרדעטע יידן געטיילט אויף „ווינטערהילף״ פאַר צענדליקער טויזנטער דייטשן אין בערלין, פראַנקפורט, שטוטגאַרט אאַנ״ד.

די דאָקומענטן, וואָס שליסן אויך איין געשטאַפּאָ־באַריכטן צו דער העכערער מאַכט, ברענגען אַ שלל פון פאַקטן פון העלדישן ווידערשטאַנד, אָן געווער, וואָס יידן האָבן געפירט קעגן דער דייטשער אויסראָטונג. אַ חוץ די כיטרע־פּחדנישע מיטלען פון אָפּנאַרן און פאַרנאַרן די קרבנות, האָט די דייטשע מאַכט געמוזט אָנווענדן דעם שרעקלעכסטן טעראָר קעגן די יידן אין געטאָ לאָדזש, כדי צו צעברעכן זייער ווידערשטאַנד. עס זענען פאַראַן באַריכטן פון 95 תליות, אויף וועלכע עס זענען, אין לאָדזש און אין ראַיאָן, אומגעקומען יידן ווי קדושים. אַ גרויסע צאָל פּרויען — מאַמעס, זענען דערשאָסן געוואָרן, ווען זיי האָבן נישט געלאָזט די דייטשן צונעמען די קינדער. און דאַן די מסירת־נפש פון די ראַדיאָ־הערער, וועלכע האָבן טראָץ דער דראָונג פון טויט־שטראָף אויפגעהאַלטן אויפנאַם־אַפּאַראַטן און בעת די דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן, געבראַכט די געפּייניקטע יידן האָפענונג אויף דעם גיכן סוף פון דער דייטשער רוצחים־מאַכט. די ראַדיאָ־הערער האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייער לעבן. דערביי האָט זיך אָפּגעשפּילט דער דראַמאַטישער געראַנגל פאַרן לעבן פון דעם אידעאַלן ציוניסטישן טוער — חיים ווידאַווסקי.

✶

אין צווייטן באַנד פון דער אַרבעט, פּונקט ווי אין ערשטן, האָט דער מחבר זיך געשטעלט די אויפגאַבע געשיכטלעך־פאָרשעריש צו באַלייכטן, נישט בלויז וואָס עס איז געשען אין געטאָ לאָדזש, נאָר בעיקר — ווי אַזוי איז עס געשען :

ויעלכע פאַקטאָרן האָבן געווירקט, אַז די יידן פון לאָדזש זאָלן נישט קאָנען שטעלן קיין באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, מיט געווער אין האַנט, קעגן די דייטשע פאַרטי־ליקער. דאָ קומען מיר צו, צו דעם שייכות צווישן אויפשטאַנד און ווידער־שטאַנד אין געטאָס און אין לאַגערן, וואָס איז נאָך אַזוי ווייניק באַהאַנדלט געוואָרן אין דער היסטאָריאָגראַפיע פון דער אויסראָטונגס־תקופה.

היסטאָריקער, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאָרשן דאָס לעבן און אומקום פון יידן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַמיען זיך אַרויסצוהויבן איבער אַלעם די באַוואָפנטע קאַמפן, וואָס יידן האָבן געפירט קעגן דער דייטש־היטלערישער אויסראָטונגס־מאַכט. מ׳ציילט און מ׳רעכנט די צאָל פון יידן זעלנער, יידן פאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפער, כדי צו באַווייזן דער וועלט, אַז מ׳איז נישט „געגאַנגען ווי שעפסן צו דער שחיטה״. ביי אַזאַ צוגאַנג צו דער אויסראָטונגס־תקופה ווערן געשטעלט אין שאָטן די מיליאָנען יידן — געפייניקטע, געיאָגטע, טעראָריזירטע פון אַ בעסטיאַליש־ברוטאַלער מאַכט; יידן, אומשולדיקע, נאַיוו־גלויבנדיקע אין קולטור, אין אַ פונק מענטשלעכקייט, וואָס קאָן טליען אין האַרצן אַפילו פון גרעסטן רשע — אָט די יידן, וועלכע זענען געגאַנגען אין די טויט־לאַגערן, ווייל זיי האָבן געגלויבט די דייטשע פאַרזיכערונגען, אַז מען פאָרט אויף אַרבעט.

ביי דעם טיפסטן יראת הכבוד פאַר די העלדישע קעמפער מיט געווער אין האַנט, אין די געטאָס, וועלדער און אין די לאַגערן, מוז מען אָנערקענען, אַז די קעמפער האָבן נישט געבילדעט קיין אָפּגעשלאָסענע קאַסטע. זיי זענען ביי געוויסע אומשטענדן אַרויסגעהויבן געוואָרן דורך דער פיין פון פיל־מיליאָניקן יידישן פאָלק, וואָס האָט אין די אויפגעצוווּנגענע געטאָס און אין די לאַגערן זיך געראַנגלט פאַר זיין פיזישן און מענטשלעך־נאַציאָנאַלן קיום. די יידישע קעמפער מיט געווער אין האַנט זענען, לויט דער מיליטערישער טערמינאָלאָגיע, געווען דער באַוואָפנטער אָרעם פונעם קעמפנדן יידישן פאָלק, וואָס קאָן נישט און טאָר נישט אָפּגעטיילט ווערן פון דעם פאָלקס־אָרגאַניזם.

*

מיר שרייבן וועגן דעם זייער פיינלעכן פראָבלעם אין דעם אַריינפיר צו דעם צווייטן באַנד פון דער „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דייטשער יידן־אויסראָטונג״, ווייל גראָד דאָס לעבן פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ האָט באַוויזן פאַרוואָס ווידערשטאַנד האָט נישט געקאָנט זיך פאַרוואַנדלען אין קיין באַוואָפנטן אויפשטאַנד. אין לאָדזשער געטאָ, פונקט ווי אין וואַרשעווער, האָבן יידישע מאַסן געקעמפט קעגן דער דייטשער אויסראָטונג מיט אַלע מיטלען,

וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות. די אונטערערדישע פּאַרטייען האָבן, פּונקט ווי אין וואַרשע, פּאַרן באַקומען געווער, געחלומט פון באַוואָפנטן קאַמף קעגן די דייטשן. מען האָט געזוכט מיטלען צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַנטי־דייטשע כוחות פון יענער זייט געטאָ־צוים. אַ גאַנצע ריי סיבות האָבן נישט דערלאָזט, אַז אויך די לאָדזשער יידן זאָלן האָבן זייער באַוואָפנטן אָרעם. די דאָזיקע סיבות, ווי בכלל דאָס לעבן און געראַנגל פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ אין די לעצטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ — ווערט באַלויכטן אין דעם צווייטן באַנד פון מיין אַרבעט.

**א. וואָלף יאסני**

31סטער אויגוסט 1966, 22סטע יאָרצייט פון דער דייטשער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון דער לאָדזשער קהילה.

.1

# די סטראַטעגיע פֿון דער דייטשער ייִדן־אויסראָטונג און איר אַנווענדונג אין לאָדזשער געטאָ

דאָס דייטשע „דריטע רייך״ האָט דורך זײַן פֿירער אַדאָלף היטלער אָפֿיציעל דערקלערט מלחמה דעם אומבאַוואָפֿנטן ייִדישן פֿאָלק, וואָס האָט מיט קיינעם קיין קריג נישט געפֿירט. די מלחמה־דערקלערונג האָט היטלער אָפּגעגעבן, ווי שוין דערמאָנט, נאָך איידער ער האָט זײַן לאַנד אַרײַנגעוואָרפֿן אין צווייטן וועלט־קריג, נעמלעך — דעם 30־טן יאַנואַר 1939, בעת זײַן רעדע פֿאַרן „ערשטן גרויסן דייטשן רײַכסטאַג״ [1].

ווען די דייטשע אַרמייען האָבן אין סעפּטעמבער פֿון יענעם יאָר מאַרשירט אויף פּוילן, צוזאַמען מיט זייערע באַגלייטער — די עס.עס., עס.דע. און עס.אַ.־קאָמאַנדאָס, האָבן זיי שוין געהאַט גרייט היטלערס באַפֿעלן אויסצוהרגענען די ייִדן פֿון פּוילן און אַ געגנויען סטראַטעגישן פּלאַן, ווי אַזוי צו פֿירן די מלחמה קעגן זיי ביז דער ענדגילטיקער אויסראָטונג. דער דאָזיקער פֿאַקט איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן אינעם פּסק־דין פֿונעם ירושלימער פּראָצעס קעגן אַדאָלף אײַכמאַן, און אין אַ ריי אַנדערע דאָקומענטן [2].

צו דער פֿאַרמאַסקירונג פֿון דער ייִדן־אויסראָטונג, האָבן לויט דעם היידריך־פּלאַן, געדאַרפֿט דינען: די „געטאָ־אויטאָנאָמיעס״, אָנגעפֿירט פֿון יודענראַטען מיט אייגענער פּאָליצײַ („אָרדענונגס־דינסט״), געשאַפֿן אונטערן דרוק פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע מאַכט, לויט אירע אָנווייזונגען און מיטהילף [3]. די יודענראַטען און זייערע פּאָליצײַ־סעקטאָרן זענען נישט קאָנטראָלירט געוואָרן דורך דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט און נישט דורך איר באַשטימט געוואָרן. אַלע ייִדישע פּאַרטייען אין לאָדזשער געטאָ, האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פֿון דעם יודענראַט און פֿון זײַנע פּאָליצײַ־סעקטאָרן. אָבער מיט דעם קאָמופֿלאַזש פֿון די „געטאָ־אויטאָנאָמיעס״, האָט זיך דער דייטשער מאַכט אײַנגעגעבן אין דעם ערשטן פּעריאָד, ביז די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין די טויטן־לאַגערן, צו שאַפֿן די אילוזיע, אַז מ׳קאָן טאַקע אַזוי איבערלעבן די מלחמה־צײַט. אָט די דאָזיקע אילוזיע איז באַזונדערס געשטאַרקט געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט גראָד אין די זומער־חדשים 1941, ווען גערינג האָט שוין געהאַט געגעבן זײַן פֿאַראָרדענונג צו היידריכן („געהיימע רײַכסזאַכע״) צוצוגרייטן דעם פּלאַן פֿון ענדגילטיקער ייִדן־אויסראָטונג אין הסכם מיט היטלערס באַפֿעלן [4].

אין דער ערשטער ריי האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסראָטן די יידן פון דייטשלאַנד גופא („אַלטרייך") און פון וואַרטעגאו מיט לאָדזש און אומגעגענט — אַ שטח, וואָס איז לויט היטלערס פאַראָרדענונג איינגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך. כדי דאָרט אָנצוהויבן די יידן־אויסראָטונג אין אַ ברייטן פאַרנעם, איז ווידער נויטיק געווען אַ נייער סטראַטעגישער פּלאַן צו פאַראַליזירן דעם מעגלעכן ווידערשטאַנד פון די יידן אין די באַזונדערע געטאָס און אין די גרעסערע צענטערן. אַזאַ פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון די הויפּט־פירער פון רזה"א, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּראָג, דעם 10־טן אָקטאָבער 1941. אויף דער דאָזיקער זיצונג, ביי דער באַטייליקונג פון היידריך און אייכמאַן, איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסטרייבן די יידן פון דייטשלאַנד און פון מיטל־אייראָפּע און זיי טראַנספּאָרטירן אין די שטעט: מינסק, ריגע און לאָדזש. ווי אויך צו שאַפן דאָס באַרימטע „מוסטער־געטאָ" — טערעזענשטאַט [5].

די איבערטראַנספּאָרטירונג פון יידן פון מיטל־אייראָפּע אין די דריי דערמאָנטע געטאָס, האָט געהאַט צוויי הויפּט־צילן: ברענגען די יידן נענטער צו די אויסראָטונגס־לאַגערן און שטייגערן די אילוזיעס אין יענע געטאָס, אַז מ'איז נישט אויסן קיין שלעכטס, והא ראיה: מ'ברענגט נאָך טויזנטער יידן אין געטאָ, כדי צו פאַרשטאַרקן דעם ווירטשאַפטלעכן פּאָטענציאַל. דאַביי האָבן די דייטשע פאַרטיליקער צו יעדן פון די דערמאָנטע געטאָס אָנגעווענדעט אַן אַנדערע טאַקטיק: אין מינסקער געטאָ האָבן די יידן פון מיטל־אייראָפּע געבילדעט אַ באַזונדערן אָפּגעצוימטן שטח מיט אייגענע פּריווילעגיעס [6]. אין לאָדזשער געטאָ זענען די „מערבדיקע" 20 טויזנט יידן געשטעלט געוואָרן אונטער רומקאָווסקיס אויפזיכט, מיט דער אָנווייזונג זיי בעסער צו באַהאַנדלען [7]. דער אָנקום פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן האָט טאַקע פאַרשטאַרקט די אילוזיע, אַז געטאָ ליטצמאַנשטאַדט איז באַשערט אַריכת ימים.

אין זיינע זכרונות האָט י. טאַבאַקסבלאַט געשריבן:

„נאָכן אַריינקומען פון די דייטשע יידן האָט מען גערעכנט, אַז ביי אונדז [אין לאָדזשער געטאָ] וועט קיין „איבערזידלונג" נישט פאָרקומען. מען האָט געדענקט לאַגיש, אַז אויב אונדזער געטאָ איז אַן אָרט וווהין מ'שיקט אַריין מענטשן, וועט מען דאָך פון דאָרט קיינעם נישט אַרויסשיקן" [8].

## .2

# דער מצב אין געטאָ ערב דער גרויסער דעפּאָרטאַציע

### א. די „אידעאָלאָגיע" פונעם יודענעלטעסטען

אין האַרבסט 1941 איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן די דערמאָנטע ערשטע תקופה אינעם לעבן פונעם לאָדזשער געטאָ. פאַר די יידן איז עס געווען אַ צייט־אָפּשניט פון אומדערטרעגלעכער פּיין, הונגער, דחקות, קראַנקהייטן און פאַרלוסט פון נאָענטע, קרובים און פריינט, וואָס זענען אָדער אַליין אַנטלאָפן ווו די אויגן טראָגן, אָדער אויפן פאַרלאַנג פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, געוואָרן אַרויסגעשיקט דורך דער געטאָ־אָנפירונג אין אַרבעטס־לאַגערן פון וואַנען מ'איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

ביי דעם מצב איז די מכלומרשטע „געטאָ־אויטאָנאָמיע" זיך פונאַנדערגעוואַקסן, געוואָרן אַרומגערינגלט מיט אינסטיטוציעס, וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען מיט טויזנטער יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, ביי הונגער און דחקות, פּראָדוצירט סחורות פאַרן דייטשן מיליטער און ציוויל־באַפעלקערונג. דעם 1־טן סעפּטעמבער 1941 זענען אין די געטאָ־רעסאָרטן, (פאַבריקן, וואַרשטאַטן), געווען באַשעפטיקט — 40,288 אַרבעטער[9].

אין אָנהויב פון דער צווייטער געטאָ־תקופה, ווען די דייטשע מאַכט האָט שוין געגרייט די ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציע און רומקאָווסקי איז דערגאַנגען צום הויכפּונקט אין זיין באַהערשן די געטאָ־איינוווינער, האָט ער אין זיינע רעדעס גענומען ברייט פאָרמולירן זיין „אידעאָלאָגיע" וועגן לעבן אין געטאָ און די אויסזיכטן אויף להבא; אַן „אידעאָלאָגיע" — שעדלעך און פאַרעטעריש לגבי די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער און אַ הילפס־מיטל פאַר די דייטשן אין זייער יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט. פון אַלע ביז איצט פאַרעפנטלעכע מקורותדיקע דאָקומענטן, וועגן געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, איז קלאָר, אַז אַלץ, וואָס דער יודענעלטעסטער האָט גערעדט און געטאָן איז געווען לויט די באַפעלן און אָנווייזונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און אירע סעקטאָרן: געשטאַפּאָ, קריפּאָ, עס.עס. מוניציפּאַלע אָנפירונג און די דייטשע „געטאָ־פאַרוואַלטונג" מיט האַנס ביבאָוו בראש. די אָנווייזונגען, וועלכע רומקאָווסקי האָט באַקומען, זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון באַהערשן דאָס געטאָ, באַרואיקן די יידן זיי זאָלן זיך נישט בונטעווען, אָרגאַניזירן די רעסאָרטן (פאַבריקן, וואַרשטאַטן) צו אַרבעטן פאַר די דייטשן, די הונגער־באַשפּייזונג, באַקומענע פאַר דער פּראָדוקציע,

צו ברענגען צו די געטאָ־איינוווינער און מאַכן זיי גלויבן, אַז מ׳קאָן ביי אַזעלכע באַדינגונגען איבערלעבן די מלחמה[10].

אין דעם באַשריבענעם פעריאָד האָט רומקאָווסקי זיין „מאַכט" מיט קיינעם נישט געוואָלט טיילן. דער אַזוי גערופענער „בייראַט" אָדער יודענראַט, האָט נאָר עקזיסטירט אויף אָפּצונעמען די צוגאָב־טאַלאָנען אויף באַשפּייזונג. די איינציקע „ראַטגעבער" פון דעם יודענעלטעסטען זענען געווען די פּערזאָנען, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון זיינע מאַכט־אַפּאַראַטן און רומקאָווסקיס באַפעלן מיט כוח אָנגעוואָרפן דער באַפעלקערונג.

אמת, דער פּרעזעס * האָט אָפט גערופן „באַראַטונגען" פון אַלע געזעל־שאַפטלעכע סעקטאָרן אין געטאָ: אָנפירער פון די רעסאָרטן (פאַבריקן), לערערשאַפט, פאָרשטייער פון די פּאַרטייען און רבנים; ער האָט אָפּגעהאַלטן מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון די פאַבריקס־אַרבעטער, פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, מיט די יידן אַריינגעבראַכטע אין געטאָ פון מיטל־אייראָפּע און פון די פּראָווינץ־שטעטלעך אין לאָדזשער אומגעגנט. אָט די אַלע באַראַטונגען און פאַרזאַמלונגען, וועלכע רומקאָווסקי האָט דורכגעפירט אין די הערבסט־חדשים 1941, ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע פון געטאָ — האָבן געהאַט איין באַשטימטן צוועק, נעמלעך: אויפקלערן די „אידעאָלאָגיע" פונעם יודענעלטעסטען. און ווייל ער האָט געוווסט, אַז זיינע אויפקלערונגען קאָנען נישט האָבן די געהעריקע ווירקונג אויף די באַשטימטע צום אַרויסשיקן, זיי זאָלן „גוטוויליק" פאַרלאָזן דאָס געטאָ, האָט רומקאָווסקי זיינע רעדעס דורכגעפלאָכטן מיט דראָאונגען און מיט באַרימערייען וועגן זיין אומבאַגרענעצטער מאַכט אין געטאָ.

די דיקטאַטאָרישקייט פונעם יודענעלטעסטען, מיט דעם כוח פון דער דייטשער מאַכט, איז נישט געווען, נאָר, אַ רעזולטאַט פון זיין קראַנקהאַפטן ווילן צו הערשן און רעגירן, ווי עס מיינען געוויסע פאָרשער פון דער געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ. אויפן סמך פון דאָקומענטן פון „רומקאָווסקי־אַרכיוו", וואָס זענען פאַראַן אין ייה"א און אין „יד ושם", לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז אַ חוץ זיין הערשזוכט, האָט רומקאָווסקי אויך געהאַט זיינע געזעלשאַפטלעכע און אפילו „נאַציאָנאַלע" צילן, וואָס האָבן געבילדעט, אַזוי צו זאָגן, די „אידעאָלאָגישע" באַרעכטיקונג פאַר זיין געוואַלט־הערשאַפט אין געטאָ[11].

דער דייטש־נאַצישער קאָמופלאַזש מיט דער „געטאָ־אויטאָנאָמיע", „יידישע פאַרוואַלטונג" און די הערשזוכט פונעם יודענעלטעסטען, האָבן ביי אים לחלוטין צוגענומען די מעגלעכקייט פון באַגרייפן די טאָטאַלע יידן־אויסראָטונגס־צילן פון

* פּרעזעס — זיינע מקורבים האָבן רומקאָווסקין באַצייכנט מיט די טיטולען: „יודענעלטעסטער", אויף פּויליש — „Przełożony Starszeństwa Żydów" „פּרעזעס" און „דער אַלטער".

דער היטלער־רעגירונג. מ. ח. רומקאָווסקי איז געווען איבערצייגט, אַז דורך אויפצווינגען די געטאָ־איינוווינער אויסצופירן די אכזריותדיקע יידן־פיינטלעכע באַפעלן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט, דורך זיין צעשטערן אין וואָרצל יעדן ווידערשטאַנד קעגן אָט דער גרויזאַמער יידן־אויסראָטונגס־מאַכט, וועט זיך אים, רומקאָווסקין, איינגעבן אָפּצוראַטעווען אַ טייל יידן אויפן חשבון פון די אַנדערע, וואָס וועלן אומקומען דורך הונגער, קראַנקהייטן און דייטשע אויסראָטונג.

די דאָזיקע פינצטערע מחשבות, אַז מ׳קאָן אָוועקגעבן די רוצחים אַ טייל יידן צום אומקום, כדי די רעשט אָפּצוראַטעווען — האָט רומקאָווסקי געברענגט צום אויסדרוק אין זיינע רעדעס, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַרן ברייטן עולם אין די הערבסט־חדשים 1941, נאָכן אַריינברענגען אין געטאָ די יידן פון מערב־אייראָפּע און פון די שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן [12]. אָן שום ספק האָט רומקאָווסקי שוין דעמאָלט געוווּסט, וועגן דער נייער סכנה וואָס דראָט דעם געטאָ: די דייטשע מאַכט וועט אים אויפצווינגען אַרויסצושיקן פונעם געטאָ צענדליקער טויזנטער יידן. אין הסכם מיט זיין „אידעאָלאָגיע" האָט דער יודענ־עלטעסטער באַרעכטיקט די גרויזאַמע גזירה און אין רעדעס באַגרינדעט די נויטיקייט אָפּצוגעבן די „נישט־אַרבעטנדיקע" צו די דייטשן, כדי צו ראַטעווען די, וואָס אַרבעטן און קאָנען בלייבן אין געטאָ.

אָט די „אידעאָלאָגיע" האָט פאַרשטענדלעך נישט געהאַט קיין שום ווירקונג אויף די צענדליקער טויזנטער געטאָ־יידן, וואָס האָבן פול געמאַכט די פאַבריקן און וואַרשטאַטן. עס האָט זיך אָבער אויסגעבילדעט אַ שיכט אין געטאָ, וואָס איז געווען זיכער, אַז צו זיי וועט די אויסראָטונג נישט דערגרייכן. דאָס זענען געווען די פאַרשידענע פּאָליציי־סעקטאָרן, וואָס האָבן אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון רומקאָווסקין; באַפעלן, וואָס זענען פאַקטיש געווען פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט, מיט איין באַשטימטן ציל — ענדגילטיקע יידן־אויסראָטונג.

## ב. דער פּאָליצייאישער גוואַלט־אַפּאַראַט — די „אָרדענונגס־דינסט" (אָ. ד.)

אין די הערבסט־חדשים 1941 האָט דער פּאָליצייאישער געוואַלט־אַפּאַראַט אין לאָדזשער געטאָ געבילדעט אַן אויסערגעוויינלעכן אונטערדריקונגס־כוח. די געטאָ־פּאָליציי באַצייכנט אין די אָפּיציעלע דאָקומענטן מיט די איניציאַלן — א .ד. — אָרדענונגס־דינסט, איז געוואָרן געשאַפן און אָרגאַניזירט אויף די בפירושע אָנווייזונגען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־ און אויסראָטונגס־מאַכט. שוין אין דער ערשטער „שטרענג־געהיימער" פאַראָרדענונג פון 10־טן דעצעמבער

1939 וועגן איינשטעלן פאַר יידן אַ געטאָ אין לאָדזש, וואָס דער דייטשער מושל — איבעלהער, רעגירונגס־פּרעזידענט פון דער קאַלישער רעגענציע — האָט פונאַנ־דערגעשיקט צו די אָקופּאַציע־אַמטן אין לאָדזש און צו דער דאָרטיקער אָפּטיילונג פון דער נאַצי־פּאַרטיי (נ.ס.ד.א.פּ.) — רעדט זיך וועגן דער בילדונג פון „אָרדענונגס־דינסט און פייערלעשער („רעפּעראַט זיכערהייט") אין געטאָ [13].

אין באַפעל פון לאָדזשער אָבערבירגערמייסטער ה' פאָן שיפּער, דעם 12־טן פעברואַר 1940 וועגן טרייבן די יידן אין געטאָ, ווערט שוין קאָנקרעט אָנגעוויזן, אַז עס איז נויטיק צו שאַפן אַן אָרדענונגס־דינסט „אָ. ד.", וואָס זאָל העלפן ביי דער „אומזידלונגס־אַקציאָן" [14]. ערשט מיטן אָפּשליסן דאָס געטאָ, דעם ערשטן מאי 1940, ווערט, דורך רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג" נומ. 30, פעסט־געשטעלט דער אָפיציעלער פּאָליצייאישער כאַראַקטער פון דער אָרדענונגס־דינסט. אין דער באַקאַנטמאַכונג זאָגט זיך:

„איך פאָדער אויף אַלע יידן אין וווין־געביט (געטאָ) צו זיין שטרענג געהאָרכזאַם צו דער אָרדנונגס־דינסט און אירע פאַראָרדענונגען אומבאַדינגט צו פאָלגן. דאָס קעגנשטעלן זיך און ווידערשפעניקן וועט ווערן באַשטראָפט". אויך די „אָרדענונגס־דינסטמענער" ווערן אין דער באַקאַנטמאַכונג אויפגעפאָדערט „צו שטרענגער דיסציפּלין און יעדער אָרדענונגס־דינסטמאַן דאַרף לגבי דעם עולם זיך פאַרהאַלטן רואיק און העפלעך" [15]. דער דאָזיקער פּרומער ווונטש איז אַם ווייניקסטן אויסגעפירט געוואָרן.

בעת די דעמאָנסטראַציעס קעגן דער רומקאָווסקי־מאַכט, איז דורך דער אָנפירונג פון דער א. ד. אָרגאַניזירט געוואָרן די „איבערפאַל־קאָמאַנדאָ" צו אונטערדריקן בונטן. די א. ד. איז שוין דעמאָלט געווען אַ באַזונדערער פּאָליציי־כוח אין געטאָ, וואָס האָט רעגירט מיט אייגענע פאַראָרדענונגען. איינע אַזאַ פאַראָרדענונג האָט באַפוילן צו איבערבילדן די איבערפאַל־קאָמאַנדאָ אין אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג צו היטן די אַריינגעפירטע פּראָדוקטן אין געטאָ און אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער נאָענטסטער אָפּטיילונג פון „שופּאָ" — דייטשע שוץ־פּאָליציי [16].

ווי עס איז צו זען פון דעם דאָקומענט, האָט די אָרדענונגס־דינסט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער דייטשער פּאָליציי און געוואָרן דורך איר אינסטרואירט. אויך די געשטאַפּאָ האָט געהאַט אירע מענטשן אין דער א. ד.־פּאָליציי — אַגענטן פאַרן פּאָליטישן געהיימדינסט, וואָס זענען צוגעשיקט געוואָרן דורך דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ", וועגן וועלכער עס וועט זיין די רייד אין אַ קומענדיקן קאַפּיטל. אין אַ בריוו פון צווייטן רעוויר פון דער אָרדענונגס־דינסט צו רומקאָווסקין פון 14־טן אויגוסט 1940, זאָגט זיך:

„דערמיט געבן מיר העפלעכסט צו וויסן דעם אַלמעכטיקן ה' פּרעזעס, אַז צופּאַסנדיק זיך צו דעם פאָרשלאַג פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ זענען, פון

9.VIII.1940, אָנגענומען געוואָרן אויף דינסט אין צווייטן רעוויר פון אָ. ד. פאָלגענדע:

„שמחה קוטאָס, פּל. קאָטשעלני 4; לעאָן מאַרגוליעס, מלינאַרסקאָ 8; סאמועל פרענקעל, זאַווישי 36; שלמה פעלד, באַלוטער מאַרק 3; מנחם טענענבוים, ריבנאָ 12.

„די דערמאָנטע זענען צוגעטיילט צום דינסט פון דער געהיימער־פּאָליציי און דורך די לעצטע עטלעכע טעג האָבן זיי אונדז געברענגט אָ גרויסן נוצן. דורך זיי האָבן מיר אויסגעכאַפּט די גרעסטע אַגיטאַטאָרן. מאָנטיק האָבן זיי אויך געברענגט אויפן באַלוטער מאַרק אָ גאַנצע גרופּע פון בערעק יאָסעלעוויטש גאַס, וואָס האָבן געקלעפּט אויפרופן"[17].

דער דאָזיקער אַרעסט און די געלויבטע טעטיקייט פון די פּאָליטישע געהיים־אַגענטן האָבן אָ שייכות מיט די שטורמישע דעמאָנסטראַציעס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין זומער 1940. אויף דער גאַס פון בערעק יאָסעלעוויטש האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון די לינקע פועלי ציון, וועלכע האָבן, ווי אַלע פּאַרטייען אין געטאָ, געפירט אָ האַלב־לעגאַלע טעטיקייט[18].

דער מעכטיקער יידישער פּאָליציי־אַפּאַראַט אין געטאָ — אָ טעטיקייטס־געביט, וואָס איז לחלוטין פרעמד געווען פאַר יידן — איז אָן שום ספק אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער הילף פון דייטש־היטלערישע פּאָליציי־אינסטרוק־טאָרן. דאָס באַווייזט אויך דער אופן פון טיילן די „אָרדנונגס־דינסט" אין פאַרשידענע סעקטאָרן, ווי אויך די דייטשע טיטולן פאַר די פּאָליציי־אָנפירער, ווי: „פאָרשטעהער" — פאַרן הויפּט־קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט און „אַפּטיי־לונגס־פאָרשטעהער" פאַר די ראַיאָן־קאָמיסאַרן, ווי אויך די ענגע פאַרבינדונגען צווישן א. ד. מיט דער דייטשער „שופּאָ" און געשטאַפּאָ — גיט אָ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווער עס האָט געווירקט אין אויסבילדן דעם א.ד.־פּאָליצייאישן געוואַלט־אַפּאַראַט אין געטאָ, וואָס האָט פּונקט ווי רומקאָווסקי געמוזט מיט דער גאַנצער אכזריות אויספירן די באַפעלן פון דער דייטשער אויסראָטונגס־מאַכט[19].

אין דעם באַהאַנדלטן פעריאָד, סוף 1941, ערב די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין כעלמנער טויט־לאַגער האָט די א. ד.־פּאָליציי שוין געבילדעט אין געטאָ אָן אויסערגעוויינלעכע מאַכט. די א. ד.־פּאָליציאַנטן פּונקט ווי הערצבערגס תפיסה־פּאָליציי און גערטלערס „זאָנדער" — האָבן זיך רעקרוטירט פון שוים פון דער געזעלשאַפט, פון טונקעלע עלעמענטן אָדער פון מאָראַליש געפאַלענע, וואָס האָבן געמיינט צו ראַטעווען זייער לעבן מיט דער הילף פון פּאָליציי־שטעקן, אָדער ספּעציעלן באַנד, וואָס זיי האָבן באַקומען.

געווען צווישן זיי אויסנאַמען, יחידים, וואָס האָבן באַצאָלט מיטן לעבן פאַר העלפן די געפייניקטע געטאָ־יידן, אָבער אַזעלכע זענען געווען נאָר יחידים.

וואָס מער די פּאָליציי־מאַכט אין געטאָ איז אַריין אין איר ראָל ווי מיטהעלפער פון דער דייטשער אויסראָטונג, אַלץ ברוטאַלער זענען געוואָרן די פּאָליציאַנטן. דער יודענעלטעסטער, וואָס האָט אַליין צוגעקליבן די קאַנדידאַטן אויף פּאָליציאַנטן, האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז זיי זאָלן זיין פון אַזאַ שיכט מענטשן, וואָס ווייסט נישט פון קיין סענטימענטן, רחמנות און מאָראַלישע העמונגען. אַזעלכע זענען אויך געווען: דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי („פּאָרשטעהער") לעאָן ראָזענבלאַט, זיינע פּאַרטרעטער — זיגמונט רייכגאַלד, סאַמועל בערקאָוויטש און יוליאַן גראָסבאַרד. רומקאָווסקי האָט אין רעדעס אָפטמאָל געלויבט זיין פּאָליציי, וואָס קאָן אויפּברעכן טירן, זיך וואַרפן אויף די שטרייקנדע אַרבעטער אָדער אויף דעמאָנסטראַציעס [20].

די אָרדנונגס־דינסט־פּאָליציי איז געווען געטיילט אין באַזונדערע סעקטאָרן און אין 5 רעווירן (ראַיאָנען). דער פינפטער פּאָליציי־רעוויר האָט אַרומגענומען די געטאָ־געגנט מאַרישין. דאָרט האָט געוועלטיקט דער תפיסה־קאָמענדאַנט הערצבערג. יעדער רעוויר איז פאַר דער דייטשער מאַכט און פאַר רומקאָווסקין געווען אַ געפערלעכער געטאָ־פּונקט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט די שאָסייען, דאָרט איז אויך דורך די דייטשן אויסגעבויט געוואָרן די באַן־סטאַציע ראַדעגאָסט, פון וואַנען עס זענען אָפּגעגאַנגען די טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ.

צוליב די סיבות איז אין מאַרישין געווען אַ באַזונדערער פּאָליציי־רעוויר פון א. ד., אָנגעפירט פון הערצבערגן. ער האָט אין זיין רעוויר געהאַט די פולע דיקטאַטאָרישע מאַכט, האָט אָנגעפירט מיט דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַציע און מיט דער פּאָליציי. מאַרישין איז געווען אַ באַזונדערער אָפּגעשלאָסענער געטאָ־ראַיאָן, אין וועלכן מ׳האָט געקאָנט אַריינקומען נאָר דורך ספּעציעלע דורכלאָז־שיינען.

די 3 הויפּט־סעקטאָרן פון רומקאָווסקיס פּאָליציייאישער געוואַלט־אַפּאַראַט: די שוין דערמאָנטע „אָרדנונגס־דינסט" (א. ד.), „זאָנדערקאָמאַנדאָ" („זאָנדער־פּאָליציי") און הערצבערגס תפיסה־פּאָליציי — אַלע צוזאַמען האָבן דיספּאָנירט מיט 12 הונדערט פערזאָן (זאָנדער־פּאָליציי 600 פּ.), וואָס אויף די 160 טויזנט געטאָ־איינוווינער (אין האַרבסט 1941) באַטרעפט עס 2,1 פּראָצענט [21].

ביי דעם שרעקלעכן הונגער און דחקות, וואָס עס האָט דעמאָלט געהערשט אין געטאָ, איז דער קליינער פּראָצענט — אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט — וואָס האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון די דייטשן, אַ באַווייז פון מאָראַלישן אויסדויער, וועלכן עס האָבן אַרויסגעוויזן די יידן אין געטאָ. דאָס אייגענע דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן וואַרשעווער און אַנדערע געטאָס. דאָס מיטאַרבעטן מיט די דייטשע אויסראָטונגס־אָרגאַנען — דער פּאָליציי־דינסט, האָט דאָך געגעבן די מעגלעכקייט פון אַ זאַט לעבן און די „זיכערקייט" נישט צו ווערן אַרויסגע־

שיקט. דאָך האָבן זיך געפונען, פאַרהעלטנישמעסיק, ווייניק בעלנים פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, וואָס זאָל זיך אַנטשליסן צו גיין אויפן וועג פון פאַראַט לגבי די אייגענע ברידער.

## ג. די געטאָ־תפיסה אויף טשאַרניעצקי־גאַס

די געטאָ־תפיסה אויף טשאַרניעצקי־גאַס איז אַנטשטאַנען גלייך נאָכדעם, ווי רומקאָווסקי האָט געשאַפן דאָס געטאָ־געריכט — אין יוני 1940. אין הערבסט 1941 איז שוין די געטאָ־תפיסה געווען נישט בלויז אַן אַרעסט־הויז, נאָר אַ זעלבסטשטענדיקער כוח, וואָס האָט גרויזאַם טעראָריזירט און באַרויבט די געטאָ־איינוווינער. צו אַזאַ מדרגה האָט דערפירט די געטאָ־תפיסה איר ערשטער קאָמענדאַנט — שלום הערצבערג [22].

פון עטלעכע פאַרטער־הייזלעך איז זיך די תפיסה צעוואָקסן אין אַ ריי בנינים, קאַמערן מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער, ביוראָען מיט אַ צענטראַלער טעלעפאָן־לייטונג און אַ פּרעכטיק איינגעאָרדנטע וווינונג פאַרן קאָמענדאַנט מיט זיין הויזגעזינט. אונטער דער וווינונג האָבן זיך געפונען קעלער־מאַגאַזינען, ווו דער קאָמענדאַנט האָט אויסבאַהאַלטן די אַנגערויבטע זאַכן. אין אַרבעטס־צימער פונעם קאָמענדאַנט, איבער זיין שרייב־טיש, האָט געהאָנגען אַ קנוט, מיט וועלכער ער האָט געפייניקט די אַרעסטירטע. דעם פאַרהער האָט ער געפירט מיט דער קנוט אין האַנט און געצוווּנגען זיך מודה צו זיין אין באַהאַלטענע פאַרמעגנס, וועלכע ער האָט שפּעטער קאָנפיסקירט און געטיילט זיך מיט קריפּאָ.

מ. געלבאַרט, אַ לאָדזשער ייד, וואָס האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ און אין יענער צייט געווען באַשעפטיקט אין געטאָ־תפיסה ווי אַ „פרייער אַרבעטער" ביים איינריכטן די טעלעפאָן־לייטונג, האָט אין זיינע נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות אַזוי באַשריבן די געטאָ־תפיסה, איר קאָמענדאַנט הערצבערגן און זיינע באַציאונגען מיט רומקאָווסקין:

„וועגן אַ טייל ענינים האָט הערצבערג זיך פאַרשטענדיקט מיט רומקאָווסקין, וועלכער איז געווען צופרידן פון דער שטאַרקער האַנט פון זיין קאָמענדאַנט. אין זיין אַרבעטס־צימער זענען אָפט געקומען די יידישע קריפּאָ־מוסרים, דער געשטאַפּאָ־אַגענט און שעף פון דער „זאָנדער"־פּאָליציי — דוד גערטלער און אַפילו דייטשע מונדירטע באַאַמטע, וואָס האָבן פאַרטרויילעך צווישן זיך געשמועסט וועגן לויפנדע ענינים. נאָך אַ יאָר אַרבעט, ווען דער פּרעזעס האָט לכבוד ראש השנה, געגעבן אויסצייכענונגען זיינע געטרייעסטע מיטאַרבעטער, האָט ער זיין קאָמענדאַנט געגעבן אַ דאַנק־בריוו און אַ מתנה פון 75 געטאָ־מאַרק פאַר זיינע פאַרדינסטן אין אונטערהאַלטן מיט טעראָר די דיקטאַטאָרישע מאַכט פונעם יודענעלטעסטן. דעם בריוו האָט הערצבערג געהאַלטן איינגעראַמט אונטער

אַ גלאָז, ווי אַן ערן־אויסדרוק פון דעם גרויסן צוטרוי, וואָס עס האָט צו אים דער „עלטעסטער דער יודען" פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט"[23].

ביי אַזאַ מצב האָט דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־תפיסה זיך דערפילט ווי אַ זעלבסטשטענדיקער מושל. זיין מאַכט האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1941, פאַר דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע און אין די ערשטע חדשים 1942, ווען די יידן זענען אין צענדליקער טויזנטער שוין געטריבן געוואָרן קיין כעלמנאָ. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע פּאָליציי־שלעגער־יונגען, מיט וועמענס הילף ער האָט איינגעאָרדנט אַבלאַוועס, געכאַפּט מענטשן, געדראָט מיט אַוועקשיקן און אַזוי אַרום אויסגעפּרעסט פון זיי געלט אָדער ווערט־זאַכן. הערצבערג האָט אויך דורכגעפירט רעוויזיעס אין די הייזער פון די געטאָ־איינוווינער און קאָנפיסקירט פאַרמעגנס. זיינע כנופיהס, פּונקט ווי די א. ד.־פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון לעאָן ראָזענבלאַט, האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג[24].

## ד. „זאָנדער"־פּאָליציי און פּאַרטרויאונגס־מענער פון געשטאַפּאָ

די „זאָנדער"־פּאָליציי פיגורירט אין די אָפיציעלע געטאָ־דאָקומענטן אונטער דער באַצייכענונג — „זאָנדער־קאָמאַנדאָ", „זאָנדער־אָפּטיילונג". דער דאָזיקער פּאָליציי־אַפּאַראַט איז געווען אין געטאָ דער אַמיינסטן פאַרהאַסטער צוליב דעם אויסערסטן טעראָר, וואָס די „זאָנדעראָווצעס" — ווי מ'האָט זיי גערופן — און זייער אָנפירונג, האָט אָנגעוואָרפן אויף די געטאָ־איינוווינער.

דער ערשטער דאָקומענט, וואָס זאָגט אָן די אַנטשטייאונג פון דער „זאָנדער־קאָמאנדאָ" איז די פאַראָרדענונג פונעם יודענעלטסטן, פונעם 26־טן יוני 1940 — „בעפעהל בעטר. [בעטרעפענד] איינבערופונג איינער ספּעציעלען בריגאַדע דעם זאָגענ. [זאָגענאַנטע] זאָנדערקאָמאַנדאָס"[25]. די זאָנדערקאָמאַנדאָ איז מתחילת געווען ווי אַן אָפּטיילונג ביים צווייטן רעוויר פון דער געטאָ־פּאָליציי (א. ד.) און געהאַט די אויפגאַבע אָפּצוזוכן און קאָנפיסקירן באַהאַלטענע פאַרמעגנס ביי די יידן אין געטאָ. עס איז אָן שום ספק, אַז אויך די דאָזיקע פּאָליציי־אָפּטיילונג, מיט באַזונדערע אויפגאַבן, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער געוואַלט־אַפּאַראַט, וועלכער האָט זיך אַפילו פאַרמאָסטן קעגן רומקאָווסקין, איז געשאַפן געוואָרן אויף דעם פאַרלאַנג פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען און אויך דורך זיי אינסטרואירט געוואָרן. דאָס באַווייזט די פאַרבינדונג, וואָס עס איז געווען פון אָנהויב אָן צווישן דער זאָנדערקאָמאַנדאָ און „קריפּאָ" — די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי־אָפּטיילונג אין געטאָ, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אויך אונטערן נאָמען „זאָנדערקאָמאַנדאָ".

אין דעם מעמאָריאַל פון קרימינאַל־אינספּעקטאָר בראַקען, וואָס באַגרינדעט

די נויטיקייט פון איינשטעלן אין געטאָ אַן אָפּטיילונג פון קריפּאָ, ווערט אויך אָנגעוויזן, אַז די קרימינאַל־באַאַמטע, וועלכע וועלן זיין טעטיק אין געטאָ, ווי אַ באַזונדערע אָפּטיילונג, „וועלן אין לויף פון דער צייט זייער גיך באַקומען די נויטיקע פאַרבינדונגען". אין דער פאַראָרדענונג וועגן איינאָרדענען די קריפּאָ אין געטאָ זאָגט זיך צווישן אַנדערן: „די באַאַמטע פון דער קרימינאַל־צווייגשטעללע דאַרפן אויפן שנעלסטן וועג קומען אין פאַרבינדונג מיט פאַרטרויאונגסמענער"[26].

אויף דעם פאַרלאַנג פון דער דייטשער מאַכט האָט רומקאָווסקי געשאַפן אַזאַ אָרגאַניזאַציע פון יידישע פאַרטרויאונגס־מענער — די זאָנדערקאָמאַנדאָ, וואָס איז אַנטשטאַנען כמעט אין דער זעלבער צייט, וואָס די דייטשע „זאָנדערקאָמאַנדאָ" פון דער קרימינאַל־פּאָליציי — קריפּאָ־אָפּטיילונג אין געטאָ. רומקאָווסקיס זאָנדערקאָמאַנדאָ האָט זיך אָפּגעטיילט פון צווייטן רעוויר פון דער אָרדענונגס־דינסט און געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער פּאָליציי־אַפּאַראַט פאַר „ספּעציעלע אויפגאַבן". זי האָט באַקומען אַן אייגענע קאָמענדאַנטור, צו וועלכער עס האָבן געהערט לויט אָפּיציעלע דאָקומענטן: דער אַלמעכטיקער דיקטאַטאָר פון מארישין, תפיסה־קאָמענדאַנט שלום הערצבערג, זיגמונט ריינגאָלד, בראָניסלאַוו דאַנציקער, יוליאַן גראָסבארד און מ. קליגער[27]. אין די דערמאָנטע דאָקומענטן ווערט מ. קליגער באַצייכנט ווי דער אָנפירער פון דער אַדמיניסטראַציע־אָפּטיילונג אין דער זאָנדער־פּאָליציי. פּאַקטיש איז קליגער געווען דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון געשטאַפּאָ, פּונקט ווי גערטלער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער ראש פון דער זאָנדער און קליגער איז געווען זיין פאַרטרעטער. דיביידע „פאַרטרויאונגס־מענער" פון געשטאַפּאָ, האָבן פאַרבונדן די „זאָנדער" מיטן דייטשן געוואַלט־אַפּאַראַט פאַר פאַרטיליקונג און יידן־אויסראָטונג.

וועגן מ. קליגער האָט י. טאַבאַקסבלאַט געשריבן אין זיין זכרונות־בוך „חורבן לאָדזש": „אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די רעסאָרט־לייטער האָט ביבאָוו אָפיציעל דערקלערט, אַז קליגער איז אונדזער פאַרטרויאונגס־מאַן. ער אינפאָרמירט אונדז וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר אין געטאָ און מיר האָבן צו אים דעם פולסטן צוטרוי". זיין געטריישאַפט צו דער דייטשער מאַכט האָט קליגער באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין די זומער־חדשים 1944, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. ער איז דעמאָלט געווען דער קאָמענדאַנט פון דער „זאַנדער" און האָט אויף די דייטשע באַפעלן אָרגאַניזירט דאָס אַרויסשיקן יידן אין די טויט־לאַגערן. (וועגן זיין טעטיקייט אין יענעם פעריאָד — אין די לעצטע קאַפּיטלען).

די „זאָנדעראָוצעס" זענען צוגעקליבן געוואָרן דורך דעם הויפּט־קאָמענדאַנט („האופּטפאָרשטעהער") — שלום הערצבערג, ווען ער איז געשטאַנען בראש פון דער פּאָליציי־אָרגאַניזאַציע. ער האָט אין זיין זאָנדערקאָמאַנדאָ אַריינגעבראַכט

אַזעלכע לייט, וואָס זאָלן זיין פעאיק צו ברוטאַלע מעשים אין דינסט פון דער דייטשער אויסראָטונג. שפּעטער, ווען דוד גערטלער האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער „זאָנדער", האָט ער דאָרט אריינגעבראַכט זיינע מענטשן, וואָס האָבן זיך גוט געפּאַסט צו דעם דאָזיקן פּאָליציי־אַפּאַראַט[28].

אין קיין שום דאָקומענט פון א. ד. און פון „זאָנדער" ווערט נישט דערמאָנט גערטלערס נאָמען און זיין ראָל אין דער פּאָליציי־אָנפירונג, הגם ער האָט, ווי אַן עדות אין שטראָמבערג־פּראָצעס זיך פאַרגעשטעלט ווי דער שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי אָבער אין אַלע זכרונות און גבית עדות ווערט דערמאָנט, אַז גערטלער איז געווען דער אָנפירער פון דער זאָנדער־פּאָליציי. זיין טעטיקייט אין באַרויבן די יידישע באַפעלקערונג לטובת די דייטשן איז דאָקומענטירט אין די באַריכטן פון קריפּאָ און געשטאַפּאָ, וואָס זענען פאַראַן אין די געהעריקע אַרכיוו־אָפּטיילונגען אין ייה"א אין פּוילן און אין יד ושם אין ירושלים. אין די דאָקומענטן פון געשטאַפּאָ און קריפּאָ פיגורירט דוד גערטלער מיט דער באַצייכענונג — V.-Mann, V.-Person („פאַרטרויאונגס־פּערזאָן", פאַרטרויאונגס־מאַן")[29].

וועגן פּאָליטישן שפּיאָנאַזש אין געטאָ, וואָס עס האָט געפירט די זאָנדער־קאָמאַנדאָ, איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין דעם בריוו פונעם צווייטן רעוויר פון א. ד. צו רומקאָווסקין פונעם 14־טן אויגוסט 1940. ובכן — באַלד ביי אירע ערשטע טריט, 3 חדשים נאָכדעם, ווי די דייטשע מאַכט האָט אָפּגעשלאָסן דאָס געטאָ, האָט איר עקספּאָזיטור — די זאָנדער־קאָמאַנדאָ — שוין געהאַט דעם כוח אַריינצושיקן פּאָליטישע געהיים־אַגענטן אין דער א. ד. נישט אַלע נעמען פון אויסוווּרפן פון יידישער אָפּשטאַמונג, וועלכע האָבן געדינט אין געשטאַפּאָ און אין קריפּאָ ווערן דערמאָנט אין די אָפיציעלע דייטשע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום לאָדזשער געטאָ. דאָרט פיגורירן נאָר די הויפּט־מיטאַרבעטער און זיי זענען געווען: דוד גערטלער, מ. קליגער, פּיעקאַרטשיק, ווייילאַנד און די דערמאָנטע פינף נעמען פון געהיים־אַגענטן, וואָס זענען אַריינגעשיקט געוואָרן אין צווייטן רעוויר פון דער אָרדענונגס־דינסט.[30]

וועגן אָנהויב פון גערטלערס קאַריערע אין געטאָ * האָט דערציילט דער אַרטיסט שמאי ראָזענבלום אין זיין גבית עדות:

„דער ערשטער אַרויסקום פון דוד גערטלער איז געווען מיט אַ מסירה אין דער געשטאַפּאָ, אַז יידן האָבן באַהאַלטן אויפן באַזאַר ** טעפּ מיט געלט. די געשטאַפּאָ מיט דער „קריפּאָ" האָבן גלייך אָנגעהויבן גראָבן אויפן באַזאַר און

---

* וועגן גערטלערן און זיין מסירה־טעטיקייט אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן — זע אין ערשטן באַנד פון דעם ווערק, ז"ז 39, 398.

** באַזאַר אָדער „גאָשטשינני דוואָר" איז געווען אַן אָפּגעצוימטער שטח אין סוף פון לוטאָמירסקי גאַס אין לאָדזש. פאַר דער מלחמה איז דאָרט געווען אַ האַנדלס־פּלאַץ.

Getto-Verwaltung. Litzmannstadt, den 2.Dezember 1940.

Nr.151.

Bestätigung.

In der Fundsache des Juden Jakub W a r s z a w s k i, wohnhaft Getto, Holzstraße Nr.8 sind folgende Textil-Waren und Gegenstände, die in der Oststraße Nr.2* unter Aufsicht des SS-Oberscharf. K a r e l, des Krim.Ang. T u s t und der beiden V.-Personen G e r t l e r und P i k a r c z e k ausgegraben wurden, der Getto-Verwaltung übergeben worden:

500 Paar Männerhosen, zugeschnitten zum Aufnähen, mit Zutaten
2 Nähmaschinen,
2 Fahrräder,
1 großer Posten Kristall
1 großer Posten Silbergegenstände
1 großer Posten gebrauchte Wäsche
Diverses Eßgeschirr
1 Damenpersianermantel, mit zwei Muffs
1 Herrenpelzmantel
1 großer Ballen Herrenanzugsstoff (48 m)
Reste Herrenstoffe (12 m)
14 Schuhoberteile
Reste Leder braun und schwarz
10 Säcke unausgefertigter Strümpfe
Paar Stiefel-Schäfte
Reste Sohlenleder
29 Sealfelle neu
6 Persianerfelle neu
Persianerfelle ungegerbt
1 Schallplattenapparat mit Platten
Verschiene diverse Hausgeräte
2 Ballen Leinwand
1 großer Teppich
1 kleiner " neu (Bettvorleger)
1 Läufer groß
2 kleine Läufer
1 Kassette mit diversen Hosenschnallen und Knöpfen

1 grösserer Posten Futterstoffe
1 Posten Garne

Übergeben: Übernommen:
SS-Oberscharf.
Krim.-Ang. Der Jude als Angeber des Fundortes:
V.-Person.
V.-Person.

פאָטאָקאָפּיע פון דאָקומענט נומ׳ 151, פון „קריפּאָ״־אַרכיוו, אָריגינאַל — אין אַרכיוו פון ייה״א, וואָס באַשטעטיקט, אַז דוד גערטלער און פּיקאַרטשיק זענען געווען פאַר־טרויאונגס־מענער פון דער דייטשער קרימינאַל־פּאָליציי אין לאָדזשער געטאָ. זיי האָבן אָנגעוויזן ווו יידן באַהאַלטן זייערע פאַרמעגנס. אונטן — די אונטערשריפטן פון גערטלער און פּיעקאַרטשיק.

ווירקלעך געפונען די טעפּ מיט געלט. דוד גערטלער איז פאַר דער דאָזיקער מסירה געוואָרן „געקרוינט" ביי די דייטשן אַלס זייער פאַרטרויאונגס־מאַן און שעף פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ", וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו דינען נאָר דער געשטאַפּאָ".

צו דער „זאָנדער" האָבן געהערט עטלעכע הונדערט יידישע יונגעלייט, מונדירט אָדער ציוויל געקליידעט אין געהיים־דינסט. זייער זאַמלפּונקט האָט זיך געפונען אין אַ הויז אויף זגערזשער גאַס ביים סוף פונעם געטאָ. דאָרט איז געווען פאַר זיי אַ ספּעציעלע אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג מיט פלייש און פון אַלעם גוטן. די זאָנדער־פּאָליציי האָט אויך געהאַט איר אייגענעם אויספאָרשונגס־אַמט, ווו עס זענען געהאַלטן געוואָרן אַרעסטירטע געטאָ־איינוווינער, פון וועלכע עס זענען אויסגעפּרעסט געוואָרן דערקלערונגען וועגן באַהאַלטענע פאַרמעגנס [31].

## ה. „זאָנדער"־פּאָליציי אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט און דאָס „13־טל" אין וואַרשעווער געטאָ

די „זאָנדער־פּאָליציי", ווי אַן עקספּאָזיטור פון געשטאַפּאָ, איז נישט געווען ספּעציפיש פאַר געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. כמעט אין אַלע גרעסערע געטאָס, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געשאַפן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — האָט די געשטאַפּאָ געהאַט אירע עקספּאָזיטורן, צו וועלכער עס האָבן געהערט טונקעלע פאַרשוינען פון שוים פון דער יידישער געזעלשאַפט. עס איז כדאי דורכצופירן אַ פאַרגלייך צווישן צוויי אַזעלכע געשטאַפּאָ־קערפּערשאַפטן, וואָס זענען געווען טעטיק אין די צוויי גרעסטע געטאָס אין פּוילן: אין וואַרשע און אין לאָדזש. דאָס וואַרשעווער, אַזוי גערופענע „13־טל" * האָט געהאַט אין זיך פיל שותפותדיקס מיט דער לאָדזשער זאָנדער־פּאָליציי, סיי אין די פונקציעס, סיי אין דעם קאַמף קעגן דער אָפיציעלער געטאָ־מאַכט: קעגן יודענעלטעסטן און יודענראַט.

אַזעלכע עקספּאָזיטורן אין די צוויי גרעסטע געטאָס איז די דייטשע יידן־אויסראָטונגס־אָרגאַנען נויטיק געווען צו דריי הויפּט־צוועקן: 1. פּאָליטישן שפּיאָנאַזש, צוליבן פחד פאַרן יידישן ווידערשטאַנד; 2. אַריינצוברענגען אַ צעמי־שונג אין דער יידישער אָנפירונג פון געטאָ, דורך אויסנוצן איין הערשנדיקע קליקע קעגן דער צווייטער, ווען עס וועט נויטיק זיין פאַר דער פאַרמאַסקירונג פון דער יידן־אויסראָטונג און 3. באַרויבן די געפּייניקטע געטאָ־איינוווינער נאָך

---

* די געשטאַפּאָ־אַגענטור אין וואַרשעווער געטאָ האָט באַקומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג דעם נאָמען 13־טל, צוליב דעם וואָס דער אָפיציעלער אַמט פון דער דאָזיקער גרופּע אויסוווּרפן האָט זיך געפונען אין וואַרשע אויף לעשנאָ־גאַס 13.

יעדער אויסראָטונגס־אַקציע דורך פאַרשפּרייטן פאַלשע ידיעות, אַז מ׳איז געפאָרן אויף אַרבעט אדג״ל.

דאָס אַנטשטיין פונעם „13־טל״ אין וואַרשע, פּונקט ווי דער אָנהויב פון דער „זאָנדער־פּאָליציי״ אין לאָדזש — איז איינגעהילט אין געהיימניש. דער אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פונעם „13־טל״, גאַנצווייך, האָט זיך באַוויזן פּלוצלונג אין אַפּריל 1940 אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער לאָדזשער לאַנדסמאַנשאַפט אין וואַרשע און גערעדט וועגן צופּאַסן זיך צו דער היטלערישער נייער אָרדענונג, וואָס מ׳דאַרף באַטראַכטן ווי אַ געשעענעם פאַקט. די רעדע האָט אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן מצד די פאַרזאַמלטע[32].

גאַנצווייך האָט אויף גאָר אַן אַנדערן אופן ווי גערטלער אָנגעהויבן זיין דינסט פאַר דער דייטשער מאַכט. דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די פּערזענלעכע פעאיקייטן פון די צוויי אויסוווּרפן: גאַנצווייך האָט געהאַט 6 קלאַסן גימנאַזיע, געווען פאַר דער מלחמה אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, אַ רעדנער און אַפילו אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטשריפט[33]. דאַקעגן־זשע דוד גערטלער האָט קיין בילדונג נישט געהאַט. זיין פּערזענלעכע קוואַליפיקאַציע, מיט וועלכער ער איז אַריין אין געטאָ איז געווען: אַגענט פון דער פאַרמלחמהדיקער אז. גער. „פלי־בריגאַדע״ ביי דעם לאָדזשער שטייער־אַמט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצוגעפינען באַהאַלטענע פאַרמעגנס, פאַר וועלכע מ׳צאָלט נישט קיין שטייערן. על פי רוב זענען די קרבנות פון דער פלי־בריגאַדע געווען לאָדזשער יידן[34].

אין לאָדזשער געטאָ האָט גערטלער אָרגאַניזירט די זאָנדער־פּאָליציי וואָס האָט מתחילת געהאַט די אויפגאַבע אויסצוזוכן און צו קאָנפיסקירן פאַרמעגנס, וואָס יידן האָבן אויסבאַהאַלטן, און אין וואַרשע האָט גאַנצווייך געשאַפן דעם „אַמט צו באַקעמפן ליכווע און שפּעקולאַציע אין געטאָ״. גאַנצווייכס אַמט האָט געהאַט אַן אייגענע מונדירטע פּאָליציי פון 300 פּערזאָן. זיי האָבן געטראָגן גרינע היטלען, געלע אָרעמבענדער מיט גרינע ווינקלען אויף צו באַצייכענען דעם ראַנג. די אָנגעהעריקע צו דער זאָנדערקאָמאַנדאָ אין געטאָ־ליצמאַנשטאַדט האָבן געטראָגן ספּעציעלע זשעטאָנען מיט אַ געהעריקער אויפשריפט. פּונקט ווי גאַנצווייכס „אַמט צו באַקעמפן ליכווע און שפּעקולאַציע״ אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן אויך די לאָדזשער „זאָנדער״ געהאַט אייגענע אָבסערוואַטאָרן, אינפאָרמאַטאָרן און געהיים־אַגענטן[35].

צוליב פאַרשידענע לאָקאַלע סיבות איז דער אַפּאַראַט פון דעם „דרייצנטל״ אין וואַרשעווער געטאָ געווען מער צעצווייגט ווי די „זאָנדער־פּאָליציי״ אין לאָדזש. גאַנצווייכס כנופיה האָט געהאַט אַן אייגן געריכט, אַ פּראָקוראָטור, אַן אַרעסט־הויז און האָט דיספּאָנירט מיט גרויסע סומעס געלט[36], בעת די אַרבעט פון גערטלערן און זיין „זאָנדער״ איז געווען מער באַגרענעצט. זיי האָבן געדאַרפט בלויז צושטעלן די קרבנות, מיט וועלכע עס האָבן זיך שוין באַשעפטיקט

די געשטאַפּאָ און דאָס „רויטע הייזל" אויף פּלאַץ קאָשטשעלני אין לאָדזש, דאָרט האָט די דייטשע „קריפּאָ"(קרימינאַל־פּאָליציי) שוין אויסגעענדיקט די געפּייניקטע יידן, וואָס זענען געמסרט געוואָרן דורך גערטלערן און זיין „זאָנדער"[37]. אָבער אין דער עצם טעטיקייט איז געווען אַ קליינער אונטערשיד צווישן די צוויי געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטורן אין די צוויי גרעסטע געטאָס אין פּוילן — אין וואַרשע און אין לאָדזש.

ביידע געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטורן האָבן אויף אַ גרויזאַמען אופן טעראָריזירט די באַפעלקערונג פון די געטאָס. דורך מסירות צו דער דייטשער מאַכט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער געטאָ־באַפעלקערונג און אויף יעדן איינעם באַזונדער. די אויסוווּרפן האָבן זיך אַריינגעריסן אין וווינונגען, דורכגעפירט רעוויזיעס, שאַנטאַ־זשירט, אויסגעפּרעסט געלט, אויפגעריסן פּאָדלאָגעס, אויפגעהאַקט ווענט, כדי צו געפינען באַהאַלטענע ווערטפולע חפצים[38]. דאָס אָפּפאַל פון דער געפּייניקטער געטאָ־געזעלשאַפט האָט אויך געשפּילט די ראָל פון „שתדלנים" און דערמיט מכלומרשט באַוויזן, אַז די דייטשן מיינען נישט אומצוברענגען די יידן. מ'קאָן אויספּועלן ישועות ביי דער דייטשער מאַכט, פאַר געלט אויסקויפן אַרעסטירטע, פאַר געלט — פאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער. גערטלער האָט מיט דער דערלויבעניש פון געשטאַפּאָ געפירט יידן קיין וואַרשע און גאַנצוויכס מענטשן האָבן אַריבערגעשיקט וואַרשעווער יידן אין לאָדזשער געטאָ[39]. די אַלע מעשים פון די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן האָבן געדאַרפט באַווייזן דער געפּייניקטער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז מ'קאָן נאָך לעבן מיט די דייטשן, מ'דאַרף זיך נאָר צופּאַסן צו זייערע פאַראָרדענונגען.

פאַראַן נאָך איין אַנאַלאָגיע צווישן וואַרשעווער „13־טל" און דער לאָדזשער „זאָנדער־פּאָליציי". דאָס איז דער קאַמף קעגן דער אָפיציעלער יידישער געטאָ־מאַכט — יודענראַט און יודנעלטעסטען. אין וואַרשעווער געטאָ האָט דער דאָזיקער קאַמף — פאַרשטענדלעך אין הסכם מיט דער געשטאַפּאָ — זיך אָפּגע־שפּילט באַלד ווי גאַנצווייך האָט אָרגאַניזירט זיין „אַמט" און באַקומען די אַדמי־ניסטראַציע איבער 100 הייזער אין ראַיאָן פון לעשנאָ[40]. אין געטאָ ליטצמאַנ־שטאַדט, האָט גערטלער מיט זיין קליקע אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן רומקאָווסקין ערשט נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס, נאָך דער „שפּערע", ווען די דייטשע מאַכט האָט שוין געהאַט אַרויסגעפירט איבער 70 טויזנט יידן אין טויט־לאַגער כעלמנאָ. פאַר דער דייטשער אויסראָטונגס־סטראַטעגיע איז דעמאָלט נויטיק געווען צו מאַכן רומקאָווסקין פאַר דעם „שעיר לעזאזל "און אַרויסצושטעלן גערטלערן ווי דעם רעטער פון געטאָ[41].

פּונקט ווי אין וואַרשע דאָס „13־טל", האָט אויך אין לאָדזשער געטאָ, גערטלער, נישט געהאַט דעם אויסשליסלעכן מאָנאָפּאָל צו דינען דער געשטאַפּאָ. די „קריפּאָ" האָט געהאַט אירע מוסרים, דער יודנעלטעסטער האָט אָרגאַניזירט

זיין געהיימפּאָליציי. עס איז אָנצונעמען, אַז די אָנפירונג פון דער זאָנדער־פּאָליציי מיט גערטלערן בראש, האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער גאַנצער כנופיה פון די אויסוווּרפן פון יידישער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן אין געטאָ געטאָן שפּיאָנאַזש־אַרבעט פאַר רומקאָווסקין, פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און אירע אויסראָטונגס־אָרגאַנען [42].

.3

# די פּאַרטייען אין געטאָ
# ערב דער גרויסער דעפּאָרטאַציע

די פּאַרטייען — ציוניסטן פון אַלע שאַטירונגען, בונד, לינקע פועלי ציון און קאָמוניסטן — וואָס זענען נאָכן דערשטיקן דעם סאָציאַלן אויפברויז אין די יאָרן 1940—1941 אין געטאָ — אַוועק אין אונטערגרונט, האָבן אין דעם באַהאַנדלטן פּעריאָד ווייטער אויפגעהאַלטן און געשטאַרקט זייערע „קעמערלעך" אין די רעסאָרטן,[43] אַ געוויסע האַלב־לעגאַלע טעטיקייט האָבן נאָך געפירט די אַלגעמיינע ציוניסטן, טיילווייז טאָלערירט דורך רומקאָווסקין. אַ חבר פון דער ציוניסטישער אָנפירונג, ברוך פּראַשקער, איז געווען פון רומקאָווסקיס הויפּט־יועצים. די איינציקע קיך, וואָס איז געבליבן ביי איר ציוניסטיש־פּאַרטייאישער אָנפירונג, איז געווען די אַזוי גערופענע „אינטעליגענטן־קיך", אָנגעפירט פון דער שוועגערין פון יודענעלטעסטען — העלענאַ רומקאָווסקאַ.

טראָץ דעם וואָס די באַוווסטזיניקע געזעלשאַפטלעכע טוער, די פירער פון די אונטערערדישע פּאַרטייען האָבן געזען דעם גרויליקן מצב אין געטאָ ליצמאַנשטאַדט, זענען זיי פונקט ווי די ערלעכע עסקנים אין אַנדערע געטאָס, געשטאַנען מאַכטלאָז קעגנאיבער די אָנקומענדע סכנות און געווען ווייט פון צו קאָנען באַגרייפן די אמתע צילן פון די דייטשע גרויזאַמע גזירות אויף די יידן. פאַרשלאָסענע און געפּייניקטע אין געטאָ.

די פּאַרטיי־טוער אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, מיינסטנס יונגע מענטשן, וועמענס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט זיך ערשט גענומען אויסברייטערן אין דער דאָזיקער גרויליקער צייט — זענען דאָך נישט געווען פּראַקטיש און טעאָרעטיש צוגעגרייט צו קאָנען משיג זיין די יידן־אויסראָטונגס־כוונות פון דער דייטשער מיליטערישער און רעגירונגס־מאַכט מיט אירע סעקטאָרן. דאָס איבערוואַרפן יידישע באַפעלקערונגס־טיילן פון איין געטאָ אין צווייטן און דאָס אַרויספירן אין אומבאַקאַנטע לאַגערן, איז דורך די געזעלשאַפטלעכע טוער באַטראַכט געוואָרן ווי אַכזריותדיקע גזירות פון דער רשעותדיקער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. אָבער קיינער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז די גזירות זענען אַ פאַרבאַרייטונג צו אַ טאָטאַלער פאַרטיליקונג פון יידן. גראָד פאַרקערט: אין דעם ברענגען יידן פון דער פּראָווינץ און פון מיטלאייראָפּע — האָבן געטאָ־איינוווינער געזען אַן אָנדייט אויף אַ „בעסערונג", ווי שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל: אויב מ'באַזעצט אין געטאָ דייטשע יידן, איז דאָך אַ סימן, אַז עס וועט נישט פאַרקומען קיין דעפּאָר־

טאַציעס. מען האָט געטראַכט „לאַגיש". [44] צו דעם דאַזיקן „לאַגישן דענקען" האָט אויך צוגעפירט די אַבסאָלוטע מאַכטלאָזיקייט און דערשלאָגנקייט, וועלכע האָט אין די האַרבסט־חדשים 1941 באַהערשט דעם איניציאַטיוו־פעיקן און קעמפערישן טייל פון לאָדזשער געטאָ.

די אָנפירונג פון די פּאַרטייען — דערדריקט דורך רומקאָווסקיס גוואַלט־אַפּאַראַט, דערשלאָגן צוליבן דורכפאַל פון אַלע אַקציעס קעגן זיין שעדלעכער טעטיקייט — האָבן אין יענעם פּעריאָד געפירט זייער פּאַרטיי־אַרבעט אין דער ריכטונג פון העלפן אייגענע חברים. מ'האָט זיך מער פאַרטיפט אין זיך, אין די אייגענע אידעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געבילדעט דעם גייסטיקן און מאָראַלישן תוך פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פון חלוצים און אויך אין געטאָ. די דאָזיקע איינשטעלונג האָט געפירט צו אַ ברייטער קולטור־טעטיקייט, כדי דורך איר אויפצוהאַלטן דעם מוט, דעם גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט און נישט דערלאָזן צום פאַלן פון מאָראַל און עטיק און צו אַ פּאַרווילדונג, צו וואָס עס האָט געצילט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין איר אויסראָטונגס־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

ביי דעם דוחק אין פּובליקאַציעס, (אומלעגאַלע צייטשריפטן, אויפרופן) פון די פּאַרטייען, וואָס זענען געווען טעטיק אין לאָדזשער געטאָ ערב און בעת די גרויסע גירושים, אין יאָר 1942; פּובליקאַציעס, וואָס זאָלן אַנטהאַלטן די מחשבות און שטעלונגען פון די געזעלשאַפטלעכע טוער אין אָנבליק פון די נייע גרויליקע געשעענישן — זענען פון באַזונדערן געשיכטלעכן ווערט די געטאָ־דאָקומענטן, וואָס זענען פאַראַן אין דער זאַמלונג פון משה קול און געפינען זיך אין אַרכיוו פון „יד ושם". דאָרט דערציילט זיך וועגן דער טעטיקייט פון אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט געטראָגן דעם פילזאָגנדן נאָמען — „חזית בני דור המדבר" („פראָנט פון די זין פון מדבר־דור"). [45]

## א. די טעטיקייט פון „חזית בני דור המדבר"

דער „חזית" איז אַנטשטאַנען אויף די לאַנדווירטשאַפטלעכע יוגנט־קאָלאָניעס אין מאַרישין, ערב זייער ליקווידאַציע. דער שעפער, אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פונעם „חזית" איז געווען דער יוגנטלעכער אהרן יאַקובסאָן. ער האָט די אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע פּרעציזירט אין 3 פּונקטן: 1. פאַרבינדן סימפּאַטיקער פאַר דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. 2. פאַראייניקן די באַזונדערע ציוניסטישע יוגנט־גרופּירונגען און 3. דערציען די יוגנטלעכע אין גייסט פון נאַציאָנאַלער אייני־קייט". [46] אָן שום ספק זענען דאָס דערהויבענע אויפגאַבן, בעיקר, ווען מ'באַטראַכט זיי אין פאַרבינדונג מיט דעם שרעקלעכן מצב אין געטאָ. זיי ווייזן אָבער אויך, ווי ווייניק די אָנפירונג פון דער חלוציש־ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג האָט זיך

אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן דער דעמלסדיקער טראַגישערווירקלעכקייט פון די יידן אין דעם עמק הבכא.

פון די פּראָטאָקאָלן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס זענען פאַראַן אין דער „קול־זאַמלונג" ווערט קלאָר, אַז דער „חזית" איז געווען אַ ציוניסטישע סקויטן־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ מיט אַ קאָמענדאַנטור (מפקדה), דערציונגס־סע־מינאַרן און העברעאישע קורסן. אין סעמינאַר האָבן געלערנט 136 פּערזאָן, „65 יוגנטלעכע, וואָס האָבן אים געענדיקט האָבן אָפּגעגעבן דעם „נדר". אויף די קורסן האָבן געלערנט 65 תלמידים. עס איז געפירט געוואָרן אַ טאָגבוך און פּראָטאָקאָל פון די זיצונגען פון דער קאָמענדאַנטור. עס זענען פאָרגעקומען אַפּעלן מיט אַרויפציען אַ בלוי־ווייסע פאָן, קולטור־אימפּרעזעס מיט קאָנצערט־אויפטריטן און רעציטאַ־ציעס.[47] עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ צייטשריפט א.נ. „קול החזית".*

נאָך דער ליקווידאַציע פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין מאַרישין, האָט דער „חזית" אַריבערגעפירט זיין טעטיקייט אין פריוואַטע געטאָ־וווינונגען. עס ווערט אין די דאָקומענטן דערמאָנט אַ דירה אויף פראַנצישקאַנער 57 און אַ בית המדרש אויף דער זעלבער גאַס. דער „חזית" האָט זיך צוגעפּאַסט צו די געטאָ־באַדינגונגען, זיך רעאָרגאַניזירט און איינגעשטעלט 3 אינסטאַנצן: סעקרע־טאַריאַט, קולטור־אָפּטיילונג און פינאַנס־ווירטשאַפטלעכע קאָמיסיע, עס איז אויך געווען טעטיק אַ רעפעראַט פאַר פּראָפּאַגאַנדע און ווערבירונג, און אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע.[48]

די טעטיקייט פון „חזית" איז געפירט געוואָרן שטרענג געהיים, אָבער עס ווערט אויך אין די דאָקומענטן געבראַכט אַ באַריכט פון אַ פאַרזאַמלונג פון 320 פּערזאָן. זיי זענען איינגעטיילט געוואָרן אין 3 גרופּן („פּלוגות"), וואָס האָבן באַקומען די נעמען „העתיד", „הרצליה", „השלשלת". נאָכן פאַרענדיקן די רעגיסטראַציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז 13 מיטגלידער פונעם "חזית" זענען געוואָרן אַרויסגעשיקט פונעם געטאָ. בראש פון דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע זענען דעמלט געשטאַנען: אהרן יאַקובסאָן, קובאַ לובינסקי, וויקטאָר שטיין, העניעק קאָנאָס, יצחק, רוזשאַ גראָסמאַן און עזשאַ ביאַלער.

דער דאָזיקער באַריכט פון חזית פאַרענדיקט זיך זייער אָפּטימיסטיש: „אין סוף 1941 איז די קולטור־טעטיקייט פון „חזית" געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פּרעכטיקער אַלבאָם, וואָס האָט אין פאָטאָגראַפיעס און אין ציפערן אָפּגעשפּיגלט די טעטיקייט פון „חזית" אין געטאָ".[49]

אין יענע חדשים, סוף 1941, ווען דער „חזית" האָט געפירט אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט, האָט מען אין געטאָ עפּעס שוין געוווּסט וועגן די גרויזאַם־

* וועגן דער צייטשריפט ווערט דערציילט אין די איבערגעבליבענע דאָקומענטן פון „חזית". אָבער עס האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין איין נומער פון „קול החזית".

בלוטיקע מעשים, וואָס די דייטשע מאַכט האָט אָפּגעטאָן אין די קלענערע שטעטלעך פונעם לאָדזשער ראַיאָן. עס איז שוין געווען נאָך דער ליקווידאַציע פונעם ציגייי-נער־לאַגער, נאָכן אַריינברענגען אין די אָפּגעצוימטע ענגע באַלוטער געסלעך נאָך 20 טויזנט יידן פון מיטל־אייראָפּע. אין געטאָ האָט מען שוין געוווּסט, אַז די דייטשע מאַכט פאַרלאַנגט דאָס אַרויסשיקן פון 10 טויזנט יידן און רומקאָווסקי האָט דערויף מסכים געווען. די אָנפירונג פונעם „חזית בני דור המדבר", אירע אינסטאַנצן און מיטגלידערשאַפט האָבן נישט פאַרנומען קיין שום שטעלונג צו די געשעענישן, פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין שום מעגלעכקייטן פון שטעלן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד קעגן די דעפּאָרטאַציעס און מ׳האָט אַלץ נישט געגלויבט, אַז אַרויסשיקן פון געטאָ באַדייט — אומקום.

דער „חזית" ווי אַ פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע אין געטאָ איז אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם. אין אַזאַ מצב זיינען, ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע, געווען אַלע דאָרטיקע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען.

אויף דעם זעלבן אופן ווי דער „חזית" האָבן געפירט זייער טעטיקייט אויך אַנדערע פּאַרטייאישע גרופּירונגען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. אין זיין זכרונות־בוך „חורבן לאָדזש" האָט ישראל טאַבאַקסבלאַט דערציילט וועגן דער גוט־אָוועקגע־שטעלטער צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען אין געטאָ, וועמענס עיקר טעטיקייט איז געווען: קולטור־אַרבעט, לערנען העברעיש, פּאַרלעזונגען אויף ציוניסטישע טעמעס און אָנדענק־פייערונגען פון פאַרשטאָר־בענע ציוניסטישע פירער[50]. די קולטור־טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אויך אין די לעצטע חדשים 1941, ווען די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט שוין געגרייט אַרויסצופירן דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

## ב. די אַרבעטער־גרופּירונגען: בונד, לינקע פּועלי־ציון, קאָמוניסטן

זיי האָבן אויך דעם הויפּט־געוויכט פון זייער טעטיקייט געלייגט אויף דער קולטור־אַרבעט, פאַרבונדן מיט פּאָליטישער אויפקלערונג, וואָס האָט געמוזט, פאַר־שטענדלעך, זיין זייער באַגרענעצט, צוליב דער אָפּגעריסנקייט פון דער ברייטער וועלט און פון די צענטראַלע אָנפירונגען פון די דערמאָנטע פּאַרטייען.[51]

אין הערבסט 1941 האָט דער בונד אין געטאָ געפייערט דעם 44־טן יאָרטאָג פון אַנטשטיין פון דער פּאַרטיי. יעקב נירנבערג, וואָס איז דעמלט געווען אין דער אָנפירונג פון אונטערערדישן בונד, האָט אין זיינע זכרונות געשריבן וועגן אָט דעם פּאַרטיי־יובל: „די פייערונג קומט פאָר אונטערן צייכן פון קאַמף מיט רומקאָווסקין. מ׳האָט אונדז שוין צוגענומען אַלע אינסטיטוציעס. דאָך איז אונדזער מוט נישט געבראָכן. מיר האַלטן זיך צוזאַמען. מיר גלייבן אין בעסערע צייטן".[52] נירנבערג

דערמאָנט אָבער נישט אין וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין יענער צייט דער קאַמף פון זיין פּאַרטיי קעגן רומקאָווסקין ביי דעם געשאַפענעם מצב אין געטאָ אין סוף 1941. אַן ענלעכער מצב איז געווען ביי די לינקע פּועלי ציון.

די קאָמוניסטישע גרופּירונג אין געטאָ האָט איר טעטיקייט געפירט אין קליינע געשלאָסענע קרייזלעך. אין באַשריבענעם פּעריאָד האָבן זיי זיך בעיקר פאַרנומען מיט „פּאַרטיפן דעם קאָמוניסטישן באַוווסטזיין" דורך שטודירן מאַרק־סיסטישע ווערק". וועגן דער דאָזיקער טעטיקייט האָט דוד שעראַקאָוויאַק געשריבן אין זיין טאָגבוך אונטער דער דאַטע פון 22־טן סעפּטעמבער 1941: „איך האָב געהאַט היינט אַ סאָציאָלאָגישע פאַרזאַמלונג. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָבן מיר גערעדט איף דער טעמע: „פאַרוואָס בין איך אַ קאָמוניסט" און ווי ווייט גרייכט מיין קאָמוניזם". [53]

סטעפאַן קראַקאָווסקי האָט געשריבן אין זיינע זכרונות, אַז אין זומער 1940, ווען עס האָט אין לאָדזשער געטאָ זיך אָרגאַניזירט די קאָמוניסטישע גרופּירונג, האָט זי געציילט 130 חברים און סימפּאַטיקער. אין די ווייטערדיקע יאָרן איז די צאָל אויסגעוואַקסן ביז 450. בראש פון דער גרופּע זענען געשטאַנען די פאַר־מלחמהדיקע יידישע קאָמוניסטישע טוער: זשולאַ (רחל) פּאַצאַנאָווסקאַ־קרענגעל, יחיאל הירשהאָרן, באַרבאַראַ (הינדע) בעאַטוס, גענריאַ שלאַק, דער שרייבער פעליקס גאַרפינקעל אאַנ"ד. צוליב דעם, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פוילן איז געוואָרן אויפגעלייזט דורכן „קאָמינטערן", האָט די דערמאָנטע גרופּע אין געטאָ זיך גערופן — „אַנטי־פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע" און אויך „פאַריינס לינקע" ("Lewica Związkowa"), אַ פאַר־מלחמהדיקער קריפּטאָנים פון דער קאָמוניסטישער אָפּאָזיציע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. [54] אויך סטעפאַן קראַקאָווסקי דערמאָנט נישט וועגן וועלכער עס איז שטעלונג, אַקציע אָדער באַשלוס פון דער קאָמוניסטישער גרופּירונג בעת די צוגרייטונגען צו דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע אין די לעצטע חדשים 1941, ווי אויך אין די ווייטערדיקע חדשים, ווען צענדליקער טויזנטער יידן זענען אויף אַ צוואַנגס־אופן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאָדזשער געטאָ. [55]

אין דער דערמאָנטער פּובליקאַציע ווערט דערציילט, אַז אין אָנהויב 1942 זענען געוואָרן אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין געטאָ־תּפיסה „אַלע מיטגלידער פון דער צווישנפאַראיינס־קאָמיסיע, צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי־פירערין פּאַצאַנאָווסקאַ, אָבער אין דער באַשרייבונג ווערט נישט אָנגעגעבן צוליב וועלכער סיבה זיי זענען געוואָרן אַרעסטירט? ווען האָט מען זיי באַפרייט? אַז מ'האָט זיי נישט אַרויסגעשיקט פון געטאָ בעת דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע, באַווייזט אויך — דאָס אָנטרעפן זיך מיט די פירער פון די קאָמוניסטישע גרופּירונגען אויך אין די ווייטערדיקע חדשים פון יאָר 1942. זשולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ איז געוואָרן אַרויסגעשיקט ערשט בעת דער „שפּערע" [56], וואָס וועט באַשריבן ווערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

אויך דוד שעראַקאָוויאַק, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו די קאָמוניסטישע גרופּירונגען אין געטאָ און געקומען אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, דערמאָנט נישט וועגן וועלכן עס איז אופן פון רעאַגירן אויף די דעפּאָרטאַציעס. דעם 13־טן אָקטאָבער 1941, האָט ער פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך: „די שדים ווייסן וואָס דאָ וועט זיך נאָך טאָן. זיי וועלן אונדז אַוודאי פולשטענדיק פאַרניכטן.[57] עפּעס ענלעכעס וועגן מצב אין געטאָ אין יענעם פּעריאָד האָט געשריבן אין זיינע זכרונות טאַבאַקסבלאַט: „עס האָבן זיך אָנגערוקט שווערע פינצטערע צייטן אויפן געטאָ. צום הונגער זענען צוגעקומען נייע פּורעניות. אויב דאָס יאָר 1940 קאָן באַצייכנט ווערן בלויז ווי אַ הונגער־יאָר, וועלן די ווייטערדיקע יאָרן פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אַלס יאָרן פון פאַרוויסטונג און פאַרניכטונג, אַלס יאָרן פון חורבן פון דעם יידישן קיבוץ אין לאָדזש״.[58]

.4

# די דייטשע צוגרייטונגען צו דער ליקווידאַציע פון געטאָ

## א. די דערשיסונגען פון יידן אין די שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן

דאָס לאָדזשער געטאָ, ווי שוין דערמאָנט אין ערשטן באַנד פון דעם בוך, האָט געהאַט דעם לענגסטן לעבנסדויער אין פאַרגלייך צו די אַנדערע געטאָס אין פוילן — פון מאַי 1940 ביז סעפּטעמבער 1944: פיר יאָר מיט פינף חדשים. דורך דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט איבער אים געהאַנגען דער פאַרניכ־טונגס־גזר פון דער דייטשער מאַכט, וואָס האָט געהאַלטן אָט, אָט ביים אויסגעפירט ווערן. דער רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער, וואָס האָט געוועלטיקט איבער וואַרטעגאַו, צו וועלכן עס האָט געהערט אויך ליטצמאַנשטאַדט, האָט כסדר זיך באַמיט אָפּצורייניקן „זיין וואַרטעלאַנד" פון יידן.

נאָך אין אַפּריל 1940, איידער דאָס געטאָ איז געוואָרן אָפּגעשלאָסן, האָט גרייזער געמאַכט באַמיונגען אַרויסצושיקן די יידן פון לאָדזש, וואָס עס איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן דורך גערינג, וועלכער האָט געהאַט דאַבײַ זיינע מלוכה־ווירט־שאַפטלעכע חשבונות. אין אָנהויב 1941 האָט ווידער גרייזער אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אַרויסשיקן די יידן פון זיין וואַרטעגאַו.[59] געטאָ ליטצמאַנשטאַדט איז שוין אָבער דעמלט געווען אַ ווירטשאַפטלעכער פאַקטאָר, אין וועלכן עס זענען געווען פערזענלעך פאַראינטערעסירט די דאָרטיקע געשטאַפּאָ־לייט, די דייטשע „געטאָ־פאַרוואַלטונג" מיט איר אָנפירער — האַנס ביבאָוו, דער ווירטשאַפטלעכער אַדמיניס־טראַציע־אַפּאַראַט פון דער שטאָט. זיי איז געווען באַקוועמער צו זיצן אין לאָדזש, און ווערן רייך פון אָנגערויבט יידיש פאַרמעגן, ווי גיין אויפן פראָנט, און דער עיקר — די אָקופּאַציע־מאַכט האָט דערווייל נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן די יידן פון וואַרטעגאַו, וואָס האָט נאָך דעמלט אין אָנהויב 1941 געציילט 178,091 נפשות, דערונטער בלויז געטאָ ליצמאַנשטאַדט — 154,261 נפשות.[60] די גאַז־קאַמערן זענען נאָך דעמלט געווען אין פּראָיעקט פון דער דייטשער מאַכט. צוליב די סיבות איז געקומען צו אַ הסכם צווישן די דייטשע אויסראָטונגס־אָרגאַנען וועגן דערווייל לאָזן לעבן דאָס לאָדזשער געטאָ.

ערשט אין זומער 1941, ווען גערינג האָט שוין געהאַט געגעבן היידריכן די פאַראָרדנונג דורכצופירן די „ענדלעזונג" פון דער יידנפראַגע, האָט זיך אָנגעהויבן די יידן־אויסראָטונג פון די שטעטלעך אין וואַרטעגאַו, פשוט דורך דערשיסן די

שוואַכערע, קינדער, קראַנקע, זקנים און די געזונטערע צו קאָנצענטרירן אין לאָדזשער געטאָ אָדער אין די אַרבעטס־לאַגערן, ביז דעם מאָמענט, ווען עס וועט אָנהויבן אַרבעטן דער כעלמענאָער אויסראָטונגס־לאַגער.[61] ביז יענער צייט האָבן די דייטשן דערוויל אין שטרענגסטער געהיימניש געמאַכט אַלע פּאָרברייטונגען צו דער מאַסן־פאַרטיליקונג פון יידן אין לאָדזש און פון לאָדזשער ראַיאָן און ווי געהעריק פאַרמאַסקירט זייערע אויסראָטונגס־כוונות.

דורך די יידישע געשטאַפּאָ אַגענטן האָט די דייטשע מאַכט געגוי געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. לויט דעם גבית עדות פון ש. ראָזענבלום, האָט דוד גערטלער, דער אָנפירער פון דער זאָנדער־פּאָליציי, דורך אַ ספּעציעלן „ביולעטין" באַריכטעט דער געשטאַפּאָ וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ.[62] רומקאָווסקי אַליין האָט צוגעשטעלט באַריכטן וועגן דעם כוח פון זיין גוואַלט־מאַכט, וואָס ער האָט איינגעשטעלט. אַ מאַכט, וועלכע האָט ליקווידירט דעם סאָציאַלן אויפברויז און האָלט אין טרויער די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג.*

די דייטשע פאַרטיליקער זענען געוויס אויך געווען אינפאָרמירט וועגן די ווידער־אַנאַנדן צווישן די פאַרשידענע באַפעלקערונגס־שיכטן אין יידישן ווין־שטח, וואָס מאַכן אוממעגלעך דאָס צוזאַמענריידן זיך צו געמיינזאַמע מעשים קעגן דער אויסראָטונג.

## ב. די פאַרשידענע באַפעלקערונגס־שיכטן אין געטאָ און זייערע אילוזיעס פון איבערלעבן די מלחמה

איידער די דייטשע מאַכט האָט אַריינגעבראַכט אין געטאָ די מערבדיקע און פּראָווינצער יידן, האָט די סאָציאַלע פּיראַמידע אין געטאָ אַזוי אויסגעזען: אין סאַמע שפּיץ איז געשטאַנען: דער אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, צוזאַמען מיט די פּאָליציייאישע סעקטאָרן, וואָס האָט געציילט איבער 12 טויזנט פּערזאָן. זיי האָבן געלעבט בריוח, געווען פּריווילעגירט און זיכערער מיט זייער עקזיסטענץ, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע געטאָ־איינוווינער. דאַן די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן, אַרום 50 טויזנט מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט און געהונגערט און דאָך זיך געפילט ווי אַ שטאַרקע פּאָזיציע אין געטאָ, וואָס איז נוצלעך פאַר דער דייטשער מאַכט און וועט דעריבער נישט געטשעפּעט ווערן — אַזוי האָט דאָך אויך פאַר־זיכערט דער יודענעלטעסטער; אונטער די גרופּן — די ריזיקע מאַסע פון אַרבעט־לאָזע, וואָס האָט באַקומען געלט־אונטערשטיצונג לויט קאַטעגאָריעס פון 7—20 מאַרק אַ חודש. זיי האָבן געבילדעט כמעט אַ העלפט פון דער באַפעלקערונג —

* וועגן זיינע באַריכטן אין געשטאַפּאָ האָט רומקאָווסקי זיך אַליין באַרימט אין זיינע רעדעס. וועגן גערטלערס באַריכטן דער געשטאַפּאָ — זע פּאַטאַקאַפּיע אויף ז' 42.

156

Geheime Staatspolizei
Staatspolizeistelle Litzmannstadt
Dienststelle Ghetto

Litzmannstadt, den 1.11.1940

F 10

**Meldung.**

Durch Mitteilung des V.- Mannes G e r t l e r wurde bekannt daß die Juden Israel L e w k o w i c z und Abram R u z i e w i c im Hause Nord-Straße Nr.10, Wertgegenstände vergraben hätten.

Die daraufhin mit den beiden obengenannten Juden durchgeführ Ausgrabungen bestätigten diese Meldung und es wurden unter Beis der Juden und unter Aufsicht des SS-Oberscharf. H o h b e r g, Krim.-Ang. T u s t, V.- Mannes G e r t l e r und des Unterzeic folgende Wertgegenstände ausgegraben und gezählt:

1.Goldring mit Brilliant, (Weißgold)
1 " " "
9 Goldringe ohne Stein,
2 goldene Ohrringe
1 Goldbrosche
7 kleine Stücke Schmelzgold,
1 goldener Ohring mit Stein
6 Golddollarstücke a 20 Dollar
1 goldenes Armband (schwer)
35 Goldrubelstücke a 5 Rubel
4 Papierdollar a 1 Dollar
2 silberne Zigerettendosen
1 Puderdose Silber
1300 50 Groschen Hartgeldstücke
331 1 Zloty-Hartgeldstücke
109 Zehnzlotyhartgeldstücke (Silber)
132 Fünfzlotyhartgeldstücke "
220 Zweizlotyhartgeldstücke "
5 Block Zinn a 35 kg.
50 kg. Zinn in Staggen
Diverse Silbergegenstände zirka 20 kg.
Diverse ausländische Silbermünzen (ungültig)
~~130~~ 14.- RM. in Silber

Der Besitzer: SS.-Oberscharf. SS.-Oberscharf. Krim.-Ang. V Mann

Die angeführten Wertgegenstände wurden am selben Tag der Ernä und Wirtschaftsstelle Getto übergeben.

Übergeben: Übernommen.

SS.-Oberscharf.

מעלדונג פון געשטאַפּאָ וועגן קאָנפיסקירט יידיש פאַרמעגן, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן דורך דער מיטיילונג פון פאַרטרויאונגס־מאַן גערטלער. אויף דעם געשטאַפּאָ־באַריכט איז פאַראַן אויך גערטלערס אונטערשריפט.

48 פּראָצענט. די צאָל האָט זיך שפּעטער פאַרקלענערט צוליב רומקאָווסקיס פאַר־אָרדנונג, אַז זעלבשטענדיקע בעל־מלאכות (געווען אַזעלכע אין געטאָ) דאַרפן נישט באַקומען קיין געלט־אונטערשטיצונג, אָבער די דאָזיקע פאַרקלענערונג האָט באַטראָפן אַ נישטיקן פּראָצענט.[63]

מיט דעם אַריינטרייבן אין געטאָ די מערבדיקע און די פּראָווינצער יידן, זענען צוגעקומען נאָך צוויי באַפעלקערונגס־שיכטן, וואָס האָבן גרינטלעך זיך אונטערשיידט סיי צווישן זיך און בײדע צוזאַמען פון די אַלטגעזעסענע געטאָ־איינוווינער. די יידן פון מערב־אייראָפּע זענען דורך דער דייטשער מאַכט אַרויס־געריסן געוואָרן פון אַ קולטור־מצב און לעבנסשטייגער, וואָס איז געשטאַנען פיל. פיל העכער ווי דאָס טרויעריקע פינצטערע לעבן אין געטאָ. טראָץ די פאַרפאָלגונגען אין דייטשלאַנד קעגן די יידן, האָבן זיי דאָך דאָרט נישט געפילט דעם טעם פון געטאָ. די דייטשע מאַכט, וואָס האָט חרוב געמאַכט זייערע היימען, האָט די אומ־גליקלעכע אָפּגעריסענע צוגעזאָגט פאַרשידענע פּריווילעגיעס אין לאָדזשער געטאָ.[64]

די עס. עס.־לייט, אונטער דער אָנפירונג פון הויפּט־רוצח גינטער פוקס, האָבן די מערבדיקע אויפגענומען מיט אַ באַזונדערער געמאַכטער העפלעכקייט. די קראַנקע און שוואַכע האָט מען געפירט אויף ספּעציעלע דראָזשקעס. אַזוי זענען די פריש־געקומענע פון מיטלאייראָפּע אויך אויפגענומען געוואָרן אין געטאָ. עס איז זיי אָפּגעגעבן געוואָרן אַלע שול־לאָקאַלן, וואָס האָבן געהאַט 42 צימערן און די זומער־וווינונגען אין מאַרישין. אין די אַלע וווינונגען זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן פריש־געמאַכטע נאַרעס. פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע לאָקאַלן זענען נאָך אַלץ געווען צו קליין פאַר די 20 טויזנט אַריינגעבראַכטע מערב־יידן, האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אין בשותפותדיקע דירות אין „קאָלעקטיוון". אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט זיך פאַרנומען מיט די דאָזיקע גולים.

די מערבדיקע האָבן, בכן, זיך געהאַלטן ווי אַ פּריווילעגירטער שיכט צווישן די געטאָ־איינוווינער און האָבן מיט גרינגשעצונג געקוקט אויף דער „פינצטערער מאַסע".[65]

אויף דעם נידריקסטן שטאַפּל פונעם סאָציאַלן לייטער אין געטאָ, האָבן אין הערבסט 1941 און אין די חדשים 1942 זיך געפונען די דעפּאָרטירטע פון די פּראָ־ווינץ־שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ. צו זיי האָט רומקאָווסקי זיך באַצויגן ווי צו אָנגעוואָרפענע שטיפקינדער, וועלכע מ'מוז האַלטן אין געטאָ, ווייל אַזוי פאַרלאַנגט די דייטשע מאַכט. זיי זענען געווען פון די ערשטע אַרויסגעשיקט צו ווערן סיי אויף אַרבעט און סיי אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.[66] מיט די פאַרטריבענע פון די שטעטלעך, וואָס זענען די ערשטע אָנגע קומען אין געטאָ, האָט מען נישט געמאַכט קיין שהיות. אַ טייל זענען אַוועק וווינען צו משפּחה און פאַרגרעסערט די צאָל נפשות אין יעדן צימער, און די רעשט איז

דורכן געטאָ־וווינונגס־אַמט איינגעאָרדנט געוואָרן אין קעמערלעך, אין פאַרלאָזענע חרובע הייזלעך אדג״ל.

ביי דעם געשאַפענעם מצב האָט יעדער פון די באַזונדערע באַפעלקערונגס־גרופן געהאַט איר אילוזיע פון איבערלעבן דאָס געטאָ און די מלחמה, אילוזיעס, וואָס זענען אונטערגעהאַלטן און פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם יודענעלטעסטען און זיינע מקורבים.

אַלע אילוזיעס צוזאַמען האָבן פאַרשטעלט די גרויליקעווירקלעכקייט און געמאַכט אוממעגלעך צו זען און באַגרייפן די דייטשע כוונות פון טאָטאַלער אויס־ראָטונג. אַ חוץ דעם האָבן לאָדזשער יידן, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געלעבט צוזאַמען מיט דייטשן, מיט זיי געהאַנדלט, פאַבריצירט, געאַרבעט אין אונטערנעמונגען — פסיכיש נישט געקאָנט אויפנעמען דעם געדאַנק וועגן דער פאַרווילדונג פון ציווי־ליזירטן, הויך־קולטורעלן פאָלק, וואָס איז דערגאַנגען צו דעם מצב פון מאַסן־מערדער און צו פאַרטיליקן יידן דורך גאַז־קאַמערן.

אָט די סיבות און רומקאָווסקיס גוואַלט־אַפּאַראַט, וואָס האָט טעראָריזירט דעם יחיד ווי דעם כלל — האָבן צוגענומען די מעגלעכקייט פון די 150 טויזנט לאָדזשער יידן, זיי זאָלן זיך צוזאַמענריידן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד, ווען עס זענען אָנגעקומען די גרויזאַמע טעג פון דער ערשטער מאַסן־דעפּאָרטאַציע אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, וואָס איז גלייכצייטיק געווען דער אָנהויב פון ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ.

ביי אַזאַ פסיכישן מצב פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזשער געטאָ און אין אַנדערע געטאָס פון וואַרטעגאַו, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַלע אירע מיליטערישע און פּאָליצייאישע סעקטאָרן געגומען גרייטן דעם טויט־קאָמבינאַט פאַר דער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג פון לאָדזש און ראַיאָן.

## .5

# בעלמנא – צענטער. טויטן־לאַגער פאַר די געטאָס אין „וואַרטעגאַו״ און פאַר געטאָ ליטצמאַנשטאַדט

### א. די אָרגאַניזאַציע פון אויסראָטונגס־לאַגער און איר מאַנשאַפט

די דייטש־היטלערישע טויט־קאָמבינאַטן, צום אומברענגען די יידן, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, צוגעפּאַסט צום שטח און באַפעל־קערונגס־מצב: יעדער פאַרניכטונגס־לאַגער אין אַ באַזונדערן ראַיאָן מיט אַ גרעסערן יידישן צענטער. אַזוי איז געווען: מיידאַנעק און סאָביבאָר — פאַרן לובלינער ראַיאָן, טרעבלינקע — וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער ראַיאָן, בעל־זשעץ — גאַליציע אאז״וו. אָשוויענטשים איז געווען דער צענטראַלער פאַרניכטונגס־לאַגער פאַר די יידן פון גאַנץ פּוילן און אויך פון אייראָפּע. כעלמנאָ איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אַלס פאַרניכטונגס־לאַגער פאַר די יידן פון יענע מערב־געביטן פון פּוילן, וואָס זענען דורך דער דייטש־היטלערישער אָקופּאַציע־מאַכט באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען — „וואַרטעגאַו״ אָדער „וואַרטעלאַנד״ — דאָס לאַנד ביים טייך וואַרטאַ מיט פּויזן אַלס הויפּט־שטאָט און אַ טעריטאָריע פון 43,905 קוו. ק״מ.[67] ביזן מלחמה־אויסברוך האָט די באַפעלקערונג אויף יענער טעריטאָריע געציילט — 4,922,200 איינוווינער, דערונטער אַרום 400,000 יידן. לויט אַ דעקרעט פון היטלערן, פאַרעפנטלעכט אין „רייכסגעזעצבלאַט״ אין בערלין מיט דער דאַטע פון 8־טן אָקטאָבער 1939, איז וואַרטעגאַו — אין דעקרעט נאָך „רייכסגאַו־פּאָזען״ — איינגעטיילט געוואָרן אין 3 רעגירונגס־ראַיאָנען („בעצירקן״): לאָדזשער, אינאָ־וראָצלאָווער און פּויזנער. די גרעסטע צאָל יידן — קרוב 326,000 נפ. — האָבן ביזן מלחמה־אויסברוך געלעבט אין לאָדזשער ראַיאָן, דערונטער — 233,000 אין לאָדזש גופא; אין אינאָווראָצלאָווער ראַיאָן אַרום 54,000 און די רעשט אין פּויזנער ראַיאָן.[68]

אין הסכם מיטן דייטשן פאַרטיילונגס־פּלאַן פון די טויט־לאַגערן, איז דער טויט־קאָמבינאַט פאַרן „וואַרטעלאַנד״ אויפגעשטעלט געוואָרן אין סאַמע צענטער פון די יידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן: אין דאָרף כעלמנאָ, קרייז קאָלאָ, ביים טייך נער, 60 קילאָמעטער פון לאָדזש. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט כעלמנאָ באַקומען דעם נאָמען — קולמהאָף. דער אויסראָטונגס־לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן בויען אין נאָוועמבער 1941. ווי עס איז באַשריבן אין ערשטן באַנד

פון דער אַרבעט, קאַפּ. 32, איז מען אין זומער פון יענעם יאָר, אין אייכמאַנס יידן־אָפּטיילונג („4 B IV") אין רזה"א געווען פּאַרטיק מיט פּלענער פון בויען טויט־קאַמבינאַטן פאַר מאַסן־אויסראָטונג דורך גיפטיקע גאַזן מיט דער הילף פון ספּעציעל איינגעריכטעטע אויטאָס צו דעם צוועק. די אַזוי גערופענע גאַז־אויטאָס זענען דורך די דייטשע פּאַרטיליקער צום ערשטן פּראַקטיצירט געוואָרן אויף די פאַרנומענע סאָוויעטישע געביטן און ערשט אין סוף יאָר 1941 — אין דעם ערשטן אויפגעבויטן יידן־אויסראָטונג־לאַגער כעלמנאָ — „קולמהאָף".

איידער די גאַז־אויטאָס זענען אַריין אין באַוועגונג, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט פּראַקטיצירט די מאַסן־אויסראָטונגען דורך דערשיסן. אויף דעם אופן האָבן די דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער אויף די פאַרנומענע סאָוויעטישע געביטן, אין זומער 1941, אויסגעהרגעט 90 טויזנט יידן. אַזעלכע מאַסן־דערשיסונגען זענען אין הערבסט פון יענעם יאָר, ביזן אַנטשטיין פון כעלמנאָער טויטן־לאַגער, אויסגעפירט געוואָרן אין די שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן.[69]

וועגן דער אַנטשטייאונג און אָרגאַניזירונג פונעם טויטן־לאַגער אין כעלמנאָ האָט אַנדזשעי מישטשאַק איבערגעגעבן אין אַ גבית עדות אַט וואָס:

„סוף חודש נאָוועמבער 1941, איז געקומען געשטאַפּאָ קיין כעלמנאָ, זיי האָבן פאַרנומען די קירך, דעם פּאַלאַץ, דאָס גלחים־הויז און אַנדערע פּריוואַטע בנינים. די אָרטיקע באַפעלקערונג איז געוואָרן שטאַרק איבערגעשראָקן צוליב די געהיימע צוגרייטונגען, נישט וויסנדיק צו וועלכן צוועק".

שפּעטער איז אָנגעקומען די „זאָנדער־קאָמאַנדאָ קולמהאָף", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער מאַסן־אויסראָטונג פון די אָנגעקומענע יידן־טראַנספּאָרטן. די קאָמאַנדע איז אָרגאַניזירט געוואָרן בשותפות דורך דער שטאַטס־פּאָליציי פון פּויזן און פון ליטצמאַנשטאַדט. פּויזן, די רעזידענץ פון אַרטור גרייזער — רייכס־שטאַטהאַלטער איבערן „וואַרטעגאַו", האָט באַשטימט די הויפּט־קאָמענדאַנטן פאַר דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדע: — די הויפּטשטורם־פירער פון עס.עס. — באָהטמאַן און לאַנגע, פון דער שטאַטס פּאָליציי שטעלע ליטצמאַנשטאַדט זענען צו דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ קולמהאָף"־כעלמנאָ צוגעטיילט געוואָרן: דער קרימינאַל־אַסיסטענט עס.עס. שאַרפירער — היעקע און ריכטער און דער עס.עס.־שטורם־שאַרפירער פּלאַטע.

לויט דער גבית־עדות פון אַנדזשעי מישטשאַק זענען אין דער אָנפירונג פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע קולמהאָף געווען טעטיק אַ חוץ די שוין דערמאָנטע: אויבערלייטענאַנט לאַנגע, טראַנספּאָרט־קאָמאַנדיר בים, אָפּנעמער פון גאָלד און ווערט־זאַכן — בריסטונגע, די פונקציע פון „דאָקטאָר" האָט אויסגעפירט — „מייסטער" לענץ, די ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג האָט געפירט — „מייסטער העפּעלע".[70]

בכלל איז כעלמנאָ, דער מאַסן־אויסראָטונגס־לאַגער פון יידן אין וואַרטעגאַו,

פאַקטיש געווען אַן עקספּאָזיטור פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצ־מאַנשטאָדט און פון אַלע אירע סעקטאָרן, ווי: מוניציפּאַלע, פּאָליצייאישע, מיליטערישע און געשטאַפּאָ. אויך די באַוואַכונג־קאָמאַנדאָ פון כעלמנאָ אין באַשטאַנד פון 70—80 פּערזאָן, פון שופּאָ (שוץ־פּאָליציי) איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט פון ליטצמאַנשטאָדט. די „זאַכבעאַרבייטער", ד. ה. די רוצחים און תלינים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די מאַסן־אויסראָטונגען פון יידן, זענען אין דער צאָל פון 60 פּערזאָן צוגעקליבן געוואָרן דורך דער דייטשער „געטאָ־פאַר־וואַלטונג", בשותפות מיט דער געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאָדט. די גאַנצע קולמ־האָף־קאָמאַנדאָ מיט דער באַוואַכונג און „זאַכבעאַרבייטער" זענען פאַרפלעגט, באַלוינט און אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער זעלבער קוועלע — פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאָדט.

די קאָמענדאַנטן פון אויסראָטונגס־לאַגער באָטהמאַן און לאַנגע האָבן אָפטמאָל באַזוכט ליטצמאַנשטאָדט און זיך געטראָפן מיט דעם אָנפירער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג האַנס ביבאָוו און מיטן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס. שפּעטער מיט ד"ר בראַדפיש. זיי האָבן אויך פון צייט צו צייט זיך „אָראָפּגעכאַפּט" קיין כעלמנאָ, צו זען ווי עס גייט דאָרט די יידן־אויסראָטונגס־אַרבעט, ווי אויך צו האָבן די אויפזיכט איבער די מלבושים, ווערט־זאַכן, וואַלוטע, וואָס איז איבערגעבליבן פון די פאַר־פייניקטע יידן.[71]

אַ חוץ דער פאַרבינדונג צווישן כעלמנאָ מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט אין ליטצמאַנשטאָדט און מיט אַלע אירע סעקטאָרן, איז אויך אָנגעגאַנגען אַ געשעפט־לעכע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם טויט־לאַגער צווישן לאָדזש, פּויזן, לייפּציג און בויטען. אַזוי האָט די קאָפּערניקוס־אַפּטייק אין פּויזן פאַרלאַנגט מ׳זאָל איר דעקן אַ חשבון פאַר צושטעלן קלאָרעק אויף אויסצושיטן אין די וואַגאָנעס פונעם צוג, וואָס האָט געפירט די קרבנות פון וואַרטעבריקן (קאָלאָ) קיין כעלמנאָ. דער „דויטשער רייכסשטראַסענבאַהן־בוי־אַמט פון האָהענזאַלץ" (אינאָווראָצלאַוו) האָט געפאָדערט באַצאָלט פאַר איבערפירן די יידן פון לאָדזש (ראַדעגאַסט) קיין קאָלאָ. די לייפּציקער פירמע „מאַטאָרן־העינע" האָט צוגעשטעלט אַ חשבון דער ע. ס. זאָנדערקאָמאַנדאָ אין קולמהאָף פאַר באַנוצן דיזל־מאָטאָרן צום פאַרגאַזעווען. די פירמע מאַקס קאַלמאַר פון בויטען האָט געפאָדערט באַצאָלט פאַר אַן אויטאָבוס. אַ חוץ די דערמאָנטע זענען נאָך געווען געלט־פאָדערונגען און אָפּרעכענונגען פאַר צושטעלן שפּירט פאַר די „זאָנדעראַרבייטער" צום טרינקען, זייף צום וואַשן זיך נאָך דער אַרבעט. די נויטיקייט פון צושטעלן זייף פאַר די תלינים און רוצחים אין כעלמנאָ איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג אין ליטצ־מאַנשטאָדט.[72]

אַ חוץ די געשעפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט דייטשע פירמעס, וועלכע האָבן צוגעשטעלט „מאַטעריאַל" פאַרן אויסראָטונגס־

**Kopernikus-Apotheke**
Posen, Berlinerstraße 18

Posen, den 31. März 1942

1521

**Rechnung**

Für den Beauftragten des Reichskommissars für die Festigung deutschen Volkstums

Abt. I/G. Inspekteur des Gesundheitswesens
SS-Sturmbannführer Dr. K r i s t

Laut Ihrer Bestellung vom 12.3.42. wurden
bahnlagernd Warthbrücken geliefert:

| | |
|---|---|
| 1641 kg. Chlorkalk ( 5 Fässer ) | 599, 46 |
| 15% Abschlag | 89, 92 |
| | 5o9, 54 |
| Zustellung lt. Rechnungsabschrift | 99, 95 |
| Rm | 6o9, 49 |

Getto-Verwaltung
Litzmannstadt
Eing. 3. MAI 1942

KOPERNIKUS-APOTHEKE
Posen, Berlinerstrasse 18

Ostbank A.-G. Posen

# 141823

64

חשבון פון דער קאָפּערניקוס אַפּטייק אין פּויזן פאַר צושטעלן כלאָר־קאַלך אויף אויסצושיטן אין די וואַגאָנעס, אין וועלכע מ׳האָט געפירט יידן קיין כעלמנאָ.

לאַגער, איז אויך געגאַנגען אַ בריוו־ווּעקסל מיט דעם „ווינטערהילפסווערק דעס דויטשען פאָלקעס", דער אָפּנעמער פון די מלבושים פון די צענדליקער טויזנטער יידן, פאַרפייניקטע אין כעלמנאָ.[73]

די קאָרעספּאָנדענץ וועגן אויסראָטונגס־לאַגער כעלמנאָ, וואָס איז געפירט געוואָרן צווישן די דייטשע אַמטן — ציווילע, פּאָליצייאישע און מיליטערישע, באַווייזט, אַז די מאַסן־אויסראָטונג פון יידן, וואָס איז געפירט געוואָרן אין צענטראַלן טויטן־לאַגער פון וואַרטעגאַו איז געווען באַקאַנט פאַרשידענע שיכטן פון דייטשן פאָלק, וואָס האָבן געצויגן מאַטעריעלע נוצן פון אויסמאָרדן צענדליקער טויזנטער יידן.

## ב. די פּערפּידיע פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט ביים פאַרנאַרן אין טויטן־לאַגער

אין חודש דעצעמבער 1941 איז דער אויסראָטונגס־לאַגער כעלמנאָ־קולמהאָף געווען פולשטענדיק אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן זיין טעטיקייט. די ערשטע קרבנות זענען געווען די יידן פון די נאָענטסטע שטעטלעך — דאָמביע און קאָלאָ (12 קילאָמעטער פון כעלמנאָ).

אַ חודש פריער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פון יידן פון די דערמאָנטע שטעטלעך, האָט די אקופּאַציע־מאַכט דורך אירע אַגענטן צווישן יידן און דורך דייטשע באַאַמטע, וואָס זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט די דאָרטיקע יודענראַטן, פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די יידן ווערן אַריבערגעפירט אין ערטער, ווו מ'בויטיקט זיך אין אַרבעטס־הענט — אין פּינסקער געגנט און אין גאַליציע. שפּעטער האָט מען שוין אָנגעהויבן רעדן וועגן כעלמנאָ: „דאָרט ווערט געשאַפן אַ יידישער ישוב פאַרן גאַנצן קאָלאָער קרייז, ווו יידן וועלן קאָנען אָרגאַניזירן זייער לעבן, אויפן יסוד פון פּראָדוקטיווער אַרבעט".[74] כדי נאָך בעסער צו פאַרמאַסקירן זייערע רוצחישע אויסראָטונגס־כוונות, האָט די דייטשע מאַכט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון „אַרבעטספעיקע יידן": מענער פון 14—60 יאָר, פרויען ביז 50. זיי זענען דורכגעגאַנגען אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג צי זיי זענען „אַרבייטס־איינזאַטספעיק". די קאַנדידאַטן צום „אַרויספאָרן" האָבן געדאַרפט איינצאָלן דער דייטשער מאַכט 4 ר"מ פאַר רייזע־הוצאות. קיינער האָט דעריבער נישט געגלויבט און נישט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז אין כעלמנאָ האָבן די דייטשן צוגעגרייט אַ מאַסן־אויסראָטונגס־לאַגער פאַר יידן דורך גיפטיקע גאַזן. די כיטרע פאַרטיליקער האָבן אַנגעווענדעט אַלע מיטלען אויף אָפּצווּוענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די קרבנות פון דעם אמתן גרויליקן מצב.

מיכאל פּאָדכלעבניק, איינער פון די געציילטע לעבנגעבליבענע פון כעלמנאָער טויטן־לאַגער, האָט אין זיין גבית־עדות נאָך אין יאָר 1946, באַלד נאָך דער

באַפרייאונג, דערציילט אויף וואָס פאַר אַן אופן מ׳האָט אַריינגענאַרט די קרבנות אין טויטן־לאַגער:

„די פאַרפירערישע רעדעס צו די יידן, געבראַכטע קיין כעלמנאָ, וועגן דעם, אַז זיי וועלן אײַנגעאָרדנט אויף אַרבעט, האָט אַרויסגערופן אַפּלאָדיסמענטן ביי די פאַראורטיילטע צום טויט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַגריף וועגן דעם וואָס אויף זיי וואַרט. בעתן אַרויספירן די יידן פון קאָלאָ, האָבן די רוצחים מיט איבערגעטריבענער העפלעכקייט זיך באַצויגן צו קראַנקע, צו מעוברתע פרויען. מיט שרייענדיקע קולות האָבן די דייטשן, אָנפירער פון די טראַנספּאָרטן, געגעבן אינס־טרוקציעס די שאָפערן: „פאָרט פּאַמעלעך, ווייל איר פירט קראַנקע!״.

די דאָזיקע גבית עדות האָט פּאָדכלעבניק מיט 16 יאָר שפּעטער איבערגע־חזרט, ווען ער האָט אָפּגעגעבן עדות־דערקלערונגען בעתן אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים.[75]

אַ גענויע באַשרייבונג פון אויסראָטונגס־לאַגער כעלמנאָ, ווו עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן 330 טויזנט יידן, דערונטער אַרום 70 טויזנט פון לאָדזש און 15 טויזנט יידן פון מיטל־אייראָפּע — איז געגעבן געוואָרן אינעם פּסק־דין פונעם געריכט פון געשוווירענע אין האַנאָווער, מערב־דייטשלאַנד, וואָס האָט געמישפּט די אָנפירער פון לאָדזשער געשטאַפּאָ, די דייטשן: ד״ר בראַדפיש און גינטער פוקס. אין יענעם פּסק דין ווערט געבראַכט:

„כעלמנאָ, ווו עס איז פאָרגעקומען די מאַסן־אויסראָטונג פון יידן, איז געווען אַרומגענומען מיט אַ צוים. די קרבנות זענען געבראַכט געוואָרן אויף דעם הויף. דאָרט האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע פּעביוס אָדער אַן אַנדערער אָנגעהעריקער פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ, ער האָט געטראָגן אַ ווייסע שערץ, כדי אַריינצופירן די קרבנות אין אַ טעות, אַז זיי ווערן אויפגענומען דורך דאָקטוירים, וועלכע באַהאַנדלען די יידן איידער זיי קומען אויף דעם אַרבעטס־אָרט. די רוצחים אין די דאָקטוירים־שירצן האָבן גערעדט צו די קרבנות, אַז עס קומען פאַר זיי בעסערע צייטן, עס וועט זיי זיין זייער גוט, אָבער צומערשט מוזן זיי דיזענפיצירט ווערן און נעמען אַ באָד. איידער זיי גייען אין באָד אַריין דאַרפן זיי אָנשרייבן בריוו צו זייערע באַקאַנטע אין געטאָ ווי גוט עס גייט זיי אויף דעם נייעם אָרט. אַ סך פון די קרבנות האָבן טאַקע געשריבן די בריוו״.

דער צוועק פון די דאָזיקע רעדעס איז געווען אָפּצונאַרן די קרבנות און אַריינפירן אין טעות, כדי זיי זאָלן נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד און נישט מאַכן קיין פּרווו צו אַנטלויפן. די יידן זענען דאַן געפירט געוואָרן אין דעם גרויסן זאַל ווו זיי האָבן זיך אויסגעטאָן און אָפּגעגעבן די ווערט־זאַכן, דאַביי האָט מען זיי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן שפּעטער אַלץ צוריק באַקומען און אַזוי האָט מען זיי געפירט איבער דעם קעלער, דאָרט זענען געווען שילדן מיט אויפשריפטן: „צום דאָקטאָר״ „אין דער באָד״.



**אויטאָ צום פאַרגאַזעווען יידן, וואָס איז דורך דעם אָבערשטורמבאַננפירער ראוף געשיקט געוואָרן קיין בערלין אויף רעמאָנט. ראוף איז אין רזה"א געווען דער אָנפירער פון דער אָפטיילונג צו בויען אויטאָס מיט גאַז־קאַמערן. ער האָט אָפגענומען אַלע באַריכטן פון דער „פעראַרבייטונג" אין כעלמנאָ. דער אויטאָ האָט דעם צלם־עמבלעם פונעם רויטן קרייץ.**

פאָטאָ פון דער דייטשער וואָכנשריפט
„דער שפּיגעל" פון חודש פעברואַר 1963.

צום סוף פון גאַנג אין קעלער זענען די קרבנות אַרויסגעקומען צו אַן עפענונג מיט אַ ראַמפּע, וואָס איז געווען פון אַלע זייטן פאַרשטעלט מיט ברעטער־ווענט. ביי דער עפענונג איז געשטאַנען אַ לאַסט־אויטאָ מיט אַ פאַרמאַכטן קאַסטן, נאָר מיט אָפענע טירן. מיט גוואַלט זענען די קרבנות אַריינגעשטויסן געוואָרן אין דעם פאַרמאַכטן אויטאָ און אונטער זיי האָבן זיך פאַרהאַקט די טירן.

דער קאַסטן איז געווען אינעווייניק אויסגעשלאָגן מיט בלעך און אין דעם פוסבאָדן איז געווען אַן עפענונג מיט אַ פּאַסיקער איינריכטונג, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דעם וואַגאָן דעם גאַז־אָפּגאַנג פון דעם אויטאָ, וועלכער איז אינצווישן געלאָזט געוואָרן אין גאַנג. ווען דער ערשטער גאַז־שטראָם איז אַריין אין דעם אויטאָ האָט מען דאָרט געהערט אַ שרעקלעך שרייען און אַ יאָמער פון די קרבנות. זיי האָבן געקלאַפּט אין די ווענט. ביסלעכווייז איז דער לאַרם געוואָרן שטילער און דער טויט איז געקומען. ביז צום אָנקומען פון טויט האָט געדויערט פון 5—15 מינוט.

דער דאָזיקער גאַז־וואָגן איז געפאָרן אומגעפער אַ ק״מ ווייטער צו דעם וואַלד־שטח, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט און באַוואַכט פון דער שוץ־פּאָליציי. דאָרטן אין וואַלד־שטח זענען די קרבנות אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דעם אויטאָ. די וואָס האָבן נאָך אַרויסגעוויזן לעבנסצייכנס זענען געוואָרן דערשאָסן. די טויטע קערפּערס זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין לאַנגע מאַסן־קברים. פאַר דעם האָט מען פון זיי אַרויסגענומען די גאָלדענע ציין, וועלכע זענען געזאַמלט געוואָרן.

אין פרילינג 1942 זענען די מתים דורך אַ ספּעציעלער איינריכטונג פאַרברענט געוואָרן.

אין „שלאָס", ווי מ'האָט גערופן די בנינים אין כעלמנאָ, און אויך אין וואַלד־לאַגער איז די אַרבעטסקאָמאַנדאָ באַשטאַנען פון יידן. אין שלאָס האָבן זיי נאָך יעדן „טור" גערייניקט די גאַז־וואָגנס און אונטערזוכט די מתים צי זיי האָבן גאָלדענע ציין.

די יידן־אַרבעטסקאָמאַנדאָ האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אַרייגוואַרפן די מתים אין די קברים אָדער אין די ברענענדיקע אויוונס. יעדער פון דער אַרבעטס־קאָמאַנדאָ האָט געטראָגן קייטן אויף די פיס אַפילו ביינאַכט ווען זיי זענען געגאַנגען שלאָפן. אַלע זענען געוואָרן שטאַרק באַוואַכט. אויב ווער פון זיי איז נישט געווען אין מצב אויסצופירן די שווערע אַרבעט איז ער אין וואַלד־לאַגער געוואָרן דער־שאָסן. די דאָזיקע דערשיסונגען האָט אדורכגעפירט דער פּאָליציי־אָנפירער לענץ, דער „דאָקטער", און ווער פון דער אַרבעטסקאָמאַנדאָ האָט זיך געפילט שוואַך, האָט די אָנפירונג צו אים געזאָגט: „גיי צום דאָקטער און ער וועט דיך שוין באַהאַנדלען". די באַהאַנדלונג איז באַשטאַנען אין דערשיסן.

יעדער טראַנספּאָרט, וואָס איז אָנגעקומען, איז גלייך אין דעם זעלבן טאָג פאַרגאַזט געוואָרן". [76]


SS-Standartenführer Blobel
Z.Zt. Staatspolizeistelle
L i t z m a n n s t a d t

Litzmannstadt, den 3.2.1943

An die
Getto-Verwaltung
L i t z m a n n s t a d t
Z.Hd. v. Herrn B i e b o w

Betr.: Lieferung der Firma Motoren-Heyne, Leipzig C 1, Für Zwecke des Sonderkommandos Kulmhof
Vorg.: Besprechung am 3.2.1943

Obige Firma lieferte für das Sonderkommando Kulmhof den in beiliegender Rechnung aufgeführten Dieselmotor. Es wird gebeten den Betrag von RM 14oo,oo lt. beiliegender Rechnung an obige Firma zu überweisen.

SS-Standartenführer

לייפּציקער פירמע מאָטאָרען־הייגע ווענדעט זיך צו ביבאָוון וועגן באַצאָלן פאַר אַ דיזל־מאָטאָר, וואָס איז באַנוצט געוואָרן דורך דער „זאָנדער־קאָמאַנדאָ" אין כעלמנאָ.

דעם 28־טן דעצעמבער 1941 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַרויספירן די יידן פון קאָלאָ, צום ערשט קליינע גרופּן פון שטאַרקע, אַרבעטספעיקע מענער, וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן צו אַרבעטן ביים אויסלאָדן די מתים פון „ספּעציאַל־וואַגען", ווי די דייטשן האָבן ציניש גערופן דעם אויטאָ צום פאַרגאַזעווען די קרבנות. ווייטער זענען שוין אויף לאַסט־אויטאָס געפירט געוואָרן פון קאָלאָ און דאָמביע קיין כעלמנאָ גרופּן צו 90 פּערזאָן. ביז סוף יאַר 1941 זענען אַזוי אַרום געבראַכט געוואָרן קיין כעלמנאָ 2300 יידן פון קאָלאָ און 975 פון דאָמביע. ביזן אָנקומען פון די טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער יידן קיין כעלמנאָ, האָבן די דייטשן דאָרט אומגעבראַכט די יידן פון פאָלגנדע געטאָס:

MOTOREN-HEYNE

An das
SS-Sonderkommando X
z.H. Herrn SS-Hauptsturmführer
Krim.-Kom. B o t h m a n n
K u l m h o f/Post Eichstädt
( Wartheland )

RECHNUNG

LEIPZIG C1 2. November 42

1 Stck. gebrauchter, betriebssicherer Dieselmotor
18 PS stehend, Zweitakt, 530 Umdr/Min.,
Fabr. Hatz, Type H 4, Schwungrad ø 900 x
120 breit, m. Riemenscheibe ø 350x300 br.,
Durchflußkühlung, Luftanlaßeinrichtung,
Brennstoffgefäß, Auspufftopf, vorh. Verbindungsleitungen, ab Leipzig..........RM 1400,—

Der Motor ist bruch-, riß- und schweißfrei.
Netto Kasse!

RM. 1400.- bezahlt am 17.2.1943
mit Überw. Nr. 246660

לייפּציגער פירמע „מאָטאָרען־העינע" פאַרלאַנגט פון באטהמאן, קאָמענדאַנט פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ אין כעלמנאָ צו דעקן אַ חוב פאַר צושטעלן אַ דיזל־מאָטאָר, וואָס איז באַנוצט געוואָרן ביי די גאַז־אויטאָס.

| שטאָט | צאָל יידן געווען ביז 1.9.1939 | צאָל יידן געבראַכט קיין כעלמנאָ |
|---|---|---|
| קאָלאָ | 4,987 | סוף דעצ. 1941 — 2,300 בערך |
| דאמביע | 1,110 | „ „ „ — 975 |
| בוגיי דאָרפס־געטאָ, צונויפגעטריבן יידן אין 1940 | | יאַנואַר 1942 — 600 |
| איזביצאַ קויאַווסקאַ | 1,600 | „ „ — 1,000 |
| קלאָדאָווע | 1,350 | „ „ — 1,350 |
| | | 6,225 |

צוזאַמען זענען, ביז צום אָנהויב פון דער מאַסן־פאַרטיליקונג פון לאָדזשער יידן, אומגעבראַכט געוואָרן אין כעלמנאָ — 6,225 יידן פון אַרומיקע ישובים.[77] טראָץ דעם, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַלע אירע סעקטאָרן אין לאָדזש און אין גאַנץ וואַרטעגאַו ווי אויך באַדייטנדע שיכטן פון דער דייטשער באַפעל־קערונג, האָבן געוווּסט וועגן דער בעסטיאַלישער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן, וואָס ווערט דורכגעפירט 60 קילאָמעטער פון לאָדזש־ליטצמאַנשטאַדט, האָט זיך נישט געפונען קיין איין דייטש און אויך נישט קיין פּאָלאַק, וועלכער זאָל ברעכן די רוצחים־דיסציפּלין און וואָרענען די יידן וועגן דער סכנה. איז דעריבער פאַר־שטענדלעך, אַז דער דאָזיקער שרעקלעכער סוד וועגן דער אָנגעהויבענער דייטשער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן, האָט נישט געקאָנט דערגיין צו די אומגליקלעכע איינוווינער פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט.

## 6.

# די ערשטע יידן־טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ קיין בעלמנאָ

### א. מצב אין געטאָ נאָכן אָנקום פון די יידן פון מיטל־אייראָפּע

אין דער צייט ווען אין כעלמנאָ האָבן שוין די גאַז־אויטאָס, אָנגעפירט פון דער דייטשער זאָנדערקאָמאַנדאָ, אומגעבראַכט טויזנטער יידן, האָט מען אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט זיך באַמיט צופּאַסן זיך צו די נייע פּיין־באַדינגונגען, וואָס די דייטשע מאַכט האָט אָנגעוואָרפן. באַדינגונגען, וועלכע זענען פּאַקטיש געווען אַ פאָרברייטונג צו דער מאַסן־אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן, אָבער אַזוי פאַרמאַסקירט, די געטאָ־איינוווינער זאָלן מיינען, אַז מ׳האָט דאָ צוטאָן מיט סתם גזירות פון אַ רשעותדיקער מאַכט, וואָס מ׳מוז קאָנען אויסטראָגן.

די ענגשאַפט אין אָפּגעשלאָסענעם וווין־שטח האָט זיך פילפאַך פאַרגרעסערט. עס זענען צוגעקומען נאָך 23,000 נפשות, אַ שטייגערונג אין דער צאָל איינוווינער אויף 13—14 פּראָצ. אין פאַרגלייך מיט דעם באַפעלקערונגס־מצב ביזן אַריינברענגען אין געטאָ די יידן פון מערב און פון די שטעטלעך אַרום לאָדזש. דער וווין־שטח אויף אַ פּערזאָן האָט זיך פאַרקלענערט פון 3,95 קוו"מ אויף 3,50 קוו"מ אויף אַ פּערזאָן.[78]

די מערב־יידן האָבן אַריינגעבראַכט אַ קאָלאָסאַלע ענדערונג אין געטאָ־לעבן. קודם כל — ווירטשאַפטלעך: הגם דאָס געלט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט — פון 50—100 רייכסמאַרק אויף אַ פּערזאָן — האָט דער געשטאַפּאָ־שעף גינטער פוקס אָפּגענומען ביי די מערבדיקע, האָבן זיי אָבער געבראַכט פיל זאַכן, וועלכע זיי האָבן פאַרטוישט אין געטאָ אויף פּראָדוקטן.[79] דאָס האָט געבראַכט צו אַ שמוגל־האַנדל, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט דייטשן פון ליטצמאַנשטאָדט. טראָץ דער הערמעטישער אָפּגעשלאָסנקייט פון געטאָ, איז דאָרט געווען אויך אַ „שוואַרצער מאַרק" וואָס האָט אין די לעצטע חדשים 1941 און ווייטער אויסגעברייטערט זיין „מסחר".

„נאָרמאַל", ד.ה. ביזן אָנקומען פון די מערבדיקע, איז דער מסחר געפירט געוואָרן מיט פּראָדוקטן, וועלכע זענען אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון די אַפּראָוויזאַציע־לאַגערן און מיט די בעסערע שפּייז, באַקומענע אויף טאַלאָנען פאַר אָפּיציעלע פּרייזן, וואָס די רעסאָרט־אַרבעטער און סתם אָרעמקייט האָבן פאַרקויפט. ווי: קאַשע, ברויט, וווּרשט, פּוטער. פאַר די פּראָדוקטן האָט מען זייער גוט באַצאָלט און מ׳האָט געקאָנט איינהאַנדלען קאַרטאָפל, בריקעוו צו פאַרפּאַקן דעם מאַגן,[80] און

עס איז נאָך געבליבן אַ רעשט צו קאָנען קויפן אַ מעדיצין פאַר אַ קראַנק קינד, וואָס עס איז נישט געווען צו באַקומען אין די געטאָ־אַפּטייקן.

אין אָנהויב יאַנואַר 1942, ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע, האָט שוין דער „שוואַרצער מאַרק" פאַרנומען אַזאַ אָרט אין געטאָ, אַז די פּרייזן זענען שוין אָפּיציעל" רעגיסטרירט געוואָרן. אין "Biuletyn Kroniki Codziennej„ נומער 4, פון 7־טן יאַנואַר, 1942, ווערט געבראַכט פאָלגנדע פּרייז־אויפשטעלונג פון פּראָדוקטן אויפן „שוואַרצן מאַרק":

| פּראָדוקט | וואָג | פּרייז |
|---|---|---|
| ברויט | 2 ק"ג | פון 19—31 ר"מ |
| קאַרטאָפל | 1 " | " 3,50 — 4 " |
| ראַזאָווע מעל | 1 " | 16 " |
| ווייצנמעל | 1 " | 20 " |
| קאַשע | 1 " | 30 " |
| צוקער | 1 " | 20 " |
| פּוטער | 1 " | 120 " |
| מאַרגאַרין | 1 " | 50 " |
| מאַרמעלאַדע | 1 " | " 6 — 10 " |
| פערד־פלייש | 1 " | 10 " |

די ביליקסטע פּראָדוקטן — ברוקעוו און בוראַקעס זענען געווען אַרום 2 מאַרק אַ קילאָ. אַ פאַרגלייך צווישן די אָפּיציעלע פּרייזן פון פּראָדוקטן און די פּרייזן אויפן שוואַרצן מאַרק אין זעלבן פּעריאָד, באַווייזט דעם קאָלאָסאַלן אונטערשיד צווישן זיי.

שפּייז־צוטייל, ערשטער דעקאַדע פון חודש יאַנואַר 1942:

| | |
|---|---|
| ווייצן־מעל | 150 גר' |
| קאָרן־מעל | 100 " |
| „זאַטשערקע" | 50 " |
| צוקער | 250 " |
| געלער צוקער | 200 " |
| בוימל | 150 " |
| קונסט־האָניק אָדער מאַרמעלאַדע | 100 " |
| זאַלץ | 100 " |
| קאַווע־ערזאַץ | 100 " |
| טרינק־סאָדע | 150 " |
| בוראַקעס | 500 " |
| וואַש־סאָדע | 200 " |

דער פרייז פאַר אַזאַ צוטיילונג איז געווען — 3.10 געטאָ־מאַרק („רומקעס״).[81]

פאַרשטענדלעך, אַז די אויפגעשרויפטע פרייזן פאַר פּראָדוקטן אויפן „שוואַרצן מאַרק״, פאַרקויפטע פאַר דייטשע רייכסמאַרקן, האָבן געקאָנט צאָלן נאָר די באַאַמטע, וואָס האָבן געהאַט הויכע געהאַלטן, געשטאַפּאָ־אַגענטן, זאָנדער־פּאָליציי, רעסאָרט־קאָמיסאַרן און זייערס גלייכן. אין באַשריבענעם פּעריאָד זענען די מערבדיקע געווען די הויפּט קונים פונעם „שוואַרצן מאַרק״. זיי האָבן פאַרקויפט: אַנצעגער, שוכוואַרג, וועש און ווערטפולע חפצים, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון „אַלטרייך״. אין געטאָ זענען פאַרשטענדלעך געווען ווייניק אָפּנעמער פאַר אַזעלכע זאַכן. מער ווי אַ העלפט געטאָ־איינוווינער האָט אין באַשריבענעם פּעריאָד געלעבט פון אַרבעטסלאָזע־שטיצע, וואָס האָט באַטראָפן 12 געטאָ־מאַרק אַ חודש. דער ווייט־גרעסטער טייל אַרבעטנדיקע אין די רעסאָרטן האָט פאַרדינט דורכ־שניטלעך פון 50—100 געטאָ־מאַרק אַ חודש. נאָכן דעקן די נויטיקע הצטרכותן — באַשפּייזונג, דירה אאנ״ד — איז ווייניק וואָס געבליבן פון דעם אַרבעטס־לוין. פון אַזעלכע „פאַרדינסטן״ האָט מען זיך נישט געקענט דערלויבן צו קויפן די טייערע מלבושים און זאַכן פון די ווינער און בערלינער יידן. עס איז אויך נישט מעגלעך געווען, אַז די קלאָגעדיקע געטאָ־אַפּראָוויזאַציע זאָל צושטעלן אַזוי פיל קילאָ פּוטער, מאַרגאַרין און אַנדערע דעמלס טייערע שפּייז פאַרן שוואַרצן מאַרק. עס איז דעריבער זיכער, אַז עס איז געגאַנגען אַ שמוגל־האַנדל. מ׳האָט אַרויסגעפירט די טייערע מלבושים און זאַכן און אַריינגעבראַכט אין געטאָ פּוטער און מאַרגאַרין.[82] דאָס באַווייזט אויך די צאָל קרבנות, דערשאָסענע דורך דער דייטשער וואַך אויף יענער זייט געטאָ. וועגן יעדן פאַל איז גלייך מיטגעטיילט געוואָרן דער געטאָ־פּאָליציי, אָפּצורוימען דעם הרוג ביי דער פאַרצוימונג.

אָפטמאָל האָט די דייטשע פּאָליציי אַריינגעשאָסן אין געטאָ אויף יידן, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו די דראָט־פאַרצוימונגען. וועגן די דערשיסונגען האָבן די איינוווינער זיך געוואָנדן צו רומקאָווסקין. אין אַ ספּעציעלער באַקאַנטמאַכונג צו דער געטאָ־באַפעלקערונג האָט דער יודענעלטעסטער מיטגעטיילט, אַז ער האָט אויסגעפּועלט ביי די דייטשן, זיי זאָלן מער נישט שיסן ביי די דראָטן. עס וועלן נאָר געשאָסן ווערן שמוגלער.[83]

### ב. קבלות פאַר געלט־שיקונגען פון אויסלאַנד אין געטאָ — אַ מיטל צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונג

די דערשיסונגען ביים געטאָ־צוים האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט. דער שמוגל־האַנדל איז ווייטער אָנגעגאַנגען. די מערב־יידן, וואָס האָבן אין נאָרמאַלע צייטן געהאַט האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט מענטשן פון לענדער מחוץ דייטשלאַנד,

האָבן פון זיי באַקומען גרעסערע געלט־סומעס. עס זענען אויך אָנגעקומען רענטע־אויסצאָלונגען פון דייטשלאַנד־גופא ווי: פאַרזיכערונגען — אויפן פאַל פון קראַנקהייט, עלטער, אלמנהשאַפט אדג״ל. ערב און בעת דער גרויסער דעפּאָרטאַציע קיין כעלמנאָ האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט נישט געשטערט דעם אָנפלוס פון „געלט־זענדונגען״ פאַר די איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ.

דאָס אָפנעמען גרויסע געלט־סומעס, געשיקטע פון אויסלאַנד פאַר די געטאָ־איינוווינער, קאַנדידאַטן פאַרן כעלמנאָער טויט־לאַגער, דאָס פּינקטלעכע קוויטירן און אָפּשיקן די קבלות קיין אויסלאַנד — האָט געהערט צום קאַמופלאַזש פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט צו פאַרמאַסקירן די צוגעגרייטע אויסראָטונג פון די צענדליקער טויזנטער יידן. די דאָזיקע געלט־איבערשיקונגען, פאַרדאָקומענטירט אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן יודענעלטעסטען און דייטשע בענק, האָט געהאַט אַזאַ פאַרטויבנדע ווירקונג אויף די געטאָ־איינוווינער, פונקט ווי דאָס ברענגען די 20 טויזנט מערב־אייראָפּעישע יידן. אין דעם פאַל האָט ווידער געווירקט די „נאָרמאַלע לאָגיק״: אויב די דייטשע מאַכט שטערט נישט אָפּצונעמען קיין געלט־סומעס, געשיקטע פון אויסלאַנד — וועט מען דאָך די געטאָ־יידן נישט אומברענגען.

רומקאָווסקי האָט געמאַכט פאַרשידענע שוועריקייטן ביים אָפנעמען דאָס געלט. פיל פון די אַדרעסאַטן האָבן שוין נישט געלעבט אָדער זענען מיט די טראַנספּאָרטן אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ. עס איז אָפטמאָל אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אויסצאָלן פון די אָנגעקומענע געלט־סומעס. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען אַ שטילע פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין, וואָס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. זי איז געווען פּאָליטיש פאַראינטערעסירט, אַז די וואָס שיקן געלט, מייסטנס פּערזאָנען מחוץ דייטשלאַנד, זאָלן באַקומען קבלות אויף די סומען. דערמיט האָט מען געוואָלט באַווייזן, אַז יידן פירן אין געטאָ אַ נאָרמאַל לעבן, באַקומען געלט און קאָנען עס אויסנוצן ווי זיי ווילן. באַזונדערס זענען אַזעלכע באַווייזן נויטיק געווען דער דייטש־נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע, ווען די פּאַרטיליקער האָבן שוין אָנגעהויבן דורכפירן די „ענדלעזונג פון דער יודענפראַגע״ דורך מאַסן־אויסראָטונג אין די טויט־קאָמבינאַטן, און אַזעלכע ידיעות זענען דערגאַנגען אין די נייטראַלע לענדער.

גראָד דעם 23־טן יאַנואַר 1942, ווען פון לאָדזשער געטאָ זענען שוין געהאַט אַוועק די ערשטע טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ, איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער פאַרבאָט פון אויסצאָלן די צוגעשיקטע סומעס פון אויסלאַנד בעת דאָס שיקן בריוו איז שוין דעמלס געווען פאַרווערט. אין „Biuletyn Kroniki Codziennej” פון יאַנואַר 1942 ווערט מיטגעטיילט: „עס איז דערלויבט געוואָרן אויסצוצאָלן די סומע אויף די פּאָסט־אָנווייזונגען, וואָס זענען אָנגעקומען אין געטאָ. דורך די 3 וואָכן, וואָס עס זענען געווען אָפּגעשטעלט די אויסצאָלונגען, האָבן זיך אָנגעזאַמלט

18 טויזנט אַוויזן אויף אַ סומע פון 350 טויזנט מאַרק", איבערגעשיקט פאַר די יידן פון מערב. לויט דער באַשטימונג פון רומקאָווסקין זענען צוויי דריטל פון דער סומע אַראָפּגענומען געוואָרן פאַר די באַדערפעניש פון די „קאָלעקטיוון". * [84]

צו די געטאָ־איינוווינער זענען אויך אָנגעקומען פעקלעך פון פאַרשידענע מנדבים. לויט אַ פאַראָרדענונג פון רומקאָווסקין, זענען זיי קאָנפיסקירט געוואָרן פאַרן באַדאַרף פון די שפּיטעלער. די פּראָדוקטן זענען אָבער זעלטן דערגאַנגען צו די קראַנקע אין די הייל־אַנשטאַלטן. אַ סך פון די פּראָדוקטן זענען טאַקע אַוועק אויפן „שוואַרצן מאַרק". [85]

פון דעם 23־סטן דעצעמבער 1941, ביז סוף חודש, האָט די אָפּטיילונג פון דער קאָמערציאַל־באַנק אין קראָקע איבערגעשיקט 55,064 זל. אויף דער קאָנטע פון רומקאָווסקין, אויסצוצאָלן אונטערשטיצונג פאַר 638 איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ. די אַרויסשיקער זענען געווען איינוווינער פון גענעראַל־גוווערנעמענט. [85א] אָנהויב יאַנואַר 1942, איז פאַר 42 יידן פון קעלן און בערלין דערהאַלטן געוואָרן די סומע פון 596 רייכסמאַרק. אין דער זעלבער צייט זענען אָנגעקומען אויף דער קאָנטאָ פון יודענעלטעסטען 1,108 ר"מ, געטיילט פאַר באַזונדערע געטאָ־איינוווינער אין סומעס אין דער הויך פון 10—150 ר"מ. רומקאָווסקי האָט דאָס געלט אָפּגענומען פון דער דייטשער געטאָ־פאַרוואַלטונג אויפן סמך פון פערזענלעכע קבלות, פון די אַדרעסאַטן, וואָס ער האָט אונטערגעשריבן. [86]

אונטער דער איבערשריפט — „אונטערשטיצונגס־צאָלונגען אַן יודען אים רייכסגעביט", פיגורירן אין דערמאָנטן רומקאָווסקי־אַרכיוו די סומעס — 64,738 זל. פאַר 578 פערזאָן, אָנגעקומען דעם 2־טן יאַנואַר, 1942 ; 23,661 זל. פאַר 274 פערזאָן, דערהאַלטן דעם 42.14.1. אונטער דער זעלבער דאַטע איז פאַראַנען אַ בריוו פון רומקאָווסקין צו דער דייטשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אין וועלכער ער ווייזט אָן, אַז אַ ריי סומעס פון די געלט־איבערשיקונגען האָט ער נישט באַקומען, ווי אויך בריוו, אַז דער אַדרעסאַט געפינט זיך שוין נישט אין געטאָ. [87] באַזונדערע קלענערע סומעס פאַר „יידן פון „אַלטרייך" * זענען געשיקט געוואָרן פון: האָלאַנד, בעלגיע, שווייץ, שוועדן, פינלאַנד, פראַנקרייך, בראַזיליע און קאָפּענהאַגן, צוזאַמען 1,108 רייכסמאַרק. [88]

צווישן די דאָקומענטן פון געלט־אַוויזן איז אויך פאַראַנען אַ מערקווירדיקער

---

* „קאָלעקטיוון" — די ווינונגען פון די מערבדיקע, וועלכע האָבן געלעבט צוזאַמען צו 20—30 פערזאָן אין איין צימער, מייסטנס זענען עס געווען גרעסערע צימערן, אָדער עטלעכע צימערן צוזאַמען, אין געוועזענע שול־לאָקאַלן. די „קאָלעקטיוון" האָבן געפירט אַ בשותפותדיקן אויסהאַלט ווי: קיכן און באַשפּייזונג. פּראָדוקטן האָבן זיי באַקומען פון דער געטאָ־אַפּראָוויזאַציע. זע — טרונק „געטאָ לאָדזש", ז"ז 338, 335.

* נאָציש באַצייכענונגען פאַר דייטשלאַנד, צו אונטערשיידן פון די אָקופּירטע געביטן, וועלכע זענען אויף היטלערס באַפעל אָנגעשלאָסן געוואָרן אין „דריטן רייך".

בריוו־אויסטויש צווישן רומקאָווסקין מיט די אַרויסשיקער. אַזוי זענען אָנגעקומען 47 ר״מ פאַר יאַן ביאַלאָבראַדעק, איבערגעשיקט פון מיעטשיסלאַוו ביאַלאָבראַדעק. רומקאָווסקי האָט געענטפערט דער קאָמערציאַל־באַנק אין קראָקע, אַז אַזאַ פּערזאָן, אַ פּאָלאַק, איז נישט פאַראַן אין געטאָ. עפּעס ענלעכעס איז אויך געווען מיט דעם אַדרעסאַט — מאַריאַ וואַזשניאַק. איןביידע פאַלן האָט די באַנק אָפּגעענטפערט. אַז „די געלט־אָנווייזונגען זענען באַשטימט נאָר פאַר „נישט־אַריער״ און די סומען דאַרפן צוריקגעשיקט ווערן דעם אָנגעבער. [89]

פאַר 7 פּערזאָן, טשעכישע יידן פון ברין, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, איז דערהאַלטן געוואָרן 470 רייכסמאַרק. פאַר 64 יידן פון „אַלטרייך״ זענען צוגעשיקט געוואָרן רענטע־צאָלונגען אויפן חשבון פון: קראַנקן־אונטערשטיצונגען, עלטער, אינוואַלידן און אלמנהשאַפט. די סומע אין דער הויך פון 1—3 ר״מ זענען נישט אויסגעצאָלט געוואָרן, ווייל די אַדרעסאַטן האָבן נישט געהאַט קיין דאָקומענטן צו קענען באַווייזן זייער באַרעכטיקונג אויף צו באַקומען די רענטעס. [90] דער הילפס־קאָמיטעט פון דער יידישער קהילה אין שטאָקהאָלם האָט זיך אָנגעפרעגט ביי דעם אויבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט: „ווי לעבט זיך די יידן, געבראַכטע פון דייטשלאַנד אין לאָדזשער געטאָ? צי קאָן מען פאַר זיי שיקן געלט אָדער פּראָדוקטן? אויף דעם בריוו האָט געענטפערט רומקאָווסקי, אַז די אָנגערופענע פּערזאָנען זענען געזונט און בעטן „געלט־זענדונגען״. [91] די דאַטע פון דעם בריוו־וועקסל איז פון אַפּריל 1942, ווען עטלעכע טויזנט פון די מערב־יידן זענען שוין געהאַט אויסגעשטאָרבן און 10,000 זענען אין אַ חודש שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ.

אַ פּראָוויזאָריש אויפגעשטעלטע רשימה אויפן סמך פון פאַרנאָטירונגען אין רומקאָווסקי־אַרכיוו זענען אין די חדשים יאַנואַר—אַפּריל 1942, ווען די דייטשע מאַכט האָט כסדר אַרויסגעשיקט צענדליקער טויזנטער יידן פון לאָדזש קיין כעלמנאָ, אָנגעקומען אין געטאָ אַ סכום פון 293,387 ר״מ, צוגעשיקטע פון אויס־לאַנד פאַר 2,758 געטאָ־איינוווינער. [92]

דער גרויסער געלט־צופלוס פאַר די מערבדיקע האָט געברענגט נישט בלויז צו אַן אויפלעבונג אויפן „שוואַרצן מאַרק״, נאָר האָט אויך געשאַפן אַ מין לעגאַלן האַנדל מיט פּראָדוקטן. אין דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון געטאָ, זענען דאָרט געווען פּריוואַטע קרעמלעך, וועלכע האָבן באַזונדערס אויפגעלעבט אין ערשטן קוואַרטל 1942, בעת דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע. [93] אַ חוץ דער צע־טרייסלונג, וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט אין געטאָ דאָס אַרויסשיקן טעגלעך אַרום 1000 יידן אין אַן „אומבאַקאַנטער ריכטונג״, האָט דער האַלב לעגאַלער האַנדל אין די קראָמען און דער „שוואַרצער מאַרק״ — פון גרונט־אויס געענדערט דעם ווירטשאַפטלעכן מצב אין געטאָ. דאָס געטאָ־געלט — די אַזוי גערופענע „רומ־קעס״ — איז געוואָרן דעוואַלוּאירט. די מערבדיקע האָבן כסדר אײַנגעקויפט

פראָדוקטן אויפן „שוואַרצן מאַרק". עס איז געוואָרן אַ דוחק אין די וויכטיקסטע שפּייז־אַרטיקלען, וועלכע מ׳האָט געקאָנט באַקומען אין „פרייען" פאַרקויף. נאָר פאַר גאָר הויכע פּרייזן. די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, האָבן פאַרן איבערגעבליי־בענעם קליינעם געלט־סכום, נאָכן אויסקויפן דעם אָפיציעלן שפּייז־צוטייל, נישט געקענט מער צוקויפן קיין פראָדוקטן. שוין אָפּגערעדט פון די אַרבעטלאָזע, וואָס האָבן געדאַרפט לעבן פון די באַקומענע עטלעכע מאַרק אונטערשטיצונג.[94]

מיטן שליסן די שולן, ווען מענס לאָקאַלן זענען איבערגעגעבן געוואָרן די מערבדיקע, האָט דאָס געטאָ באַקומען 17 טויזנט יוגנטלעכע „ליידיקגייער", וואָס זענען אַרויס פון די פאַרמאַכטע שולן, דערונטער 2000 דערוואַקסענע יוגנטלעכע, געוועזענע שילער פון גימנאַזיעס. אין לעצטן חודש 1941 און אין אָנהויב יאַנואַר 1942 האָבן די לערערס זיך נאָך פאַרנומען מיט די קינדער, וואָס האָבן באַקומען מיטאָגן אין די קיכן. אָבער ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע קיין כעלמנאָ, האָט מען מורא געהאַט זיך צו זאַמלען אויף עפנטלעכע ערטער. דער מצב פון די יוגנטלעכע האָט זיך פאַרערגערט׳[95]

## ג. די אָרגאַניזאַציע פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן אין לאָדזשער געטאָ

אַ חוץ דער דייטשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אָנגעפירט פון סוחר פון ברעמען — האַנס ביבאָוו, * האָט וועגן לעבן און טויט פון די יידן אין געטאָ לאָדזש דעצידירט די געשטאַפּאָ, (געהיימע שטאַטס־פּאָליציי), וואָס האָט די אָנווייזונגען וועגן „יודען־אַנגעלעגנהייטן" (יידן־אויסראָטונג) באַקומען דירעקט פון רזה"א אין בערלין. „דאָס איז געווען דערפאַר — זאָגט זיך אין „שטראַפאורטייל" פון האַנאָווער געריכט קעגן פוקס און בראַדפיש — ווייל די ענדלעזונג פון דער יידנפראַגע, ד. ה. די פאַרניכטונג פון יידן, האָט געמוזט געהאַלטן ווערן שטרענג געהיים און די פאַראָרדנונגען, וועלכע זענען צוגעשיקט געוואָרן פון דער שטאַטס־פּאָליציי ליטצ־מאַנשטאַדט איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ געהיימע רייכסזאַכע".[96]

די שטאַטס־פּאָליציי־שטעל ליטצמאַנשטאַדט האָט געהאַט דריי אָפּטיילונגען: פאַרוואַלטונג, עקזעקוטיוו און „אָפּטיילונג 3 — אָפּווער און שפּיאָנאַזש". אין אָפּטיילונג 2 (עקזעקוטיוו) איז געווען טעטיק דער „רעפעראַט B 2", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט יידן, סעקטן און קירכן און אין דעם רעפעראַט איז געווען אַ באַזונדערע אָפּטיילונג באַצייכנט מיט „4 B 2 — יידן־אנגעלעגנהייטן". מיט דער אָפּטיילונג האָט פאַרוואַלטעט דער קאָמיסאַר גינטער פוקס, וואָס איז אין יאַנואַר 1940 צוגעטיילט געוואָרן צו ליטצמאַנשטאַדט, כדי דאָרט זיך צו פאַרנעמען מיט

* װעגן האַנס ביבאָוו — זע — ערשטער באַנד פון דעם בוך, ז׳ 513.

„יידן־אָנגעלעגנהייטן", ד. ה. מיט דעם אופן ווי אַזוי דורכצופירן די יידן־אויסראָטונג לויט די געהיימע אָנווייזונגען, וואָס ער האָט באַקומען דירעקט פון אייכמאַנס אָפּטיילונג — IV B 4 אין רזה"א. פוקס נאָענטסטע מיטאַרבעטער זענען געווען: שטראָמבערג, (אויפגעהאָנגען לויטן גזר דין פון אַ פּויליש געריכט), קריזאַנץ, ריכטער און וואַלדען. די אָפּטיילונג פון גינטער פוקס האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיט ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אָפּגעהאַלטן געמיינזאַמע באַראַטונגען וועגן יידן־פאַרטיליקונג און געווען, ווי שוין דערמאָנט, דירעקט פאַרבונדן, דורך אָפטע באַזוכן מיטן טויטן־לאַגער כעלמנאָ. [97]

וועגן דער טעטיקייט פון פוקסעס „יודען־אַנגעלעגנהייט"־אָפּטיילונג ביז דעם יאָר 1942, ד. ה. ביז דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע — איז ווייניק באַקאַנט. די געהיימע אָנווייזונגען פון בערלין פון יענעם פּעריאָד וועגן צוטרעטן צו שטופּנווייזער אויסראָטונג פון די יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן אין די אַרכיוון. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז אין הימלערס רזה"א איז שוין געווען גרייט דער פולער פּלאַן פון ליקווידירן די יידן פון „וואַרטעגאַו", צום ערשטן פון די קלענערע ישובים און דאַן פון לאָדזש, ווי עס האָט געוואָלט דער גאַולייטער פון יענעם געביט — אַרטור גרייזער. [98]

✶

אַ חוץ דעם גיהנום־מצב, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געשאַפן אין לאָדזשער געטאָ מיטן אַריינברענגען אַהין נאָך 23 טויזנט יידן, האָט זי נאָך פאַרקלענערט דעם צוגעשטעלטן סכום פון שפּייז־פּראָדוקטן. צוליב דער קליינער ליפערונג פון מעל, זענען די ברויט־פּאַרציעס פאַר די געטאָ־איינוווינער פאַרקלענערט געוואָרן פון 330 גר' אויף 280 גר" אַ טאָג. קאַרטאָפל האָט מען אינגאַנצן נישט צוגעפירט. די איינגעקויפטע קאַרטאָפל זענען געווען באַגראָבן אין „קאָפּצעס" און צוליב נישט פאַרשטיין ווי אַזוי זיי צו באַוואָרענען, האָבן זיי געפוילט אין די גריבער. פאַרשטענדלעך, אַז וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן דער דוחק אין שפּייז, אַלץ מער זענען די אַפּראָוויזאַציע־קראָמען, די קיכן און די שפּייז־פאַרטיילונגס־ערטער פּראָטעקציאָניסטיש אויסגענוצט געוואָרן דורך די געטאָ פּני, א.ד.־פּאָליציי, רעסאָרט־קאָמיסאַרן און „זאָנדער"־כנופיה. [99]

דאָס אויסהונגערן די געטאָ־באַפעלקערונג ערב דער דעפּאָרטאַציע, האָט געהערט צו דער דייטשער אויסראָטונגס־סטראַטעגיע. זי איז פּראַקטיצירט געוואָרן אויך ביי די ווייטערדיקע אַרויסשיקונגען פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ און קיין אָשוויענטשים. דער הונגער האָט געדאַרפט צווינגען צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ און „פאָרן" אויף „די נייע אַרבעטס־פּלעצער וווּ מ'וועט קאָנען איבערלעבן דעם קריג", לויט דער פאַרזיכערונג פון די דייטשן און זייערע אַגענטן אין געטאָ. ביי אַזאַ מצב האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון געטאָ נאָך איידער

רומקאָווסקי האָט אָפיציעל וועגן דעם באַקאַנטגעמאַכט.[100] די דאָזיקע ידיעות זענען מיט חדשים פריער פאַרשפּרייט געוואָרן דורך די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן, כדי די דייטשן זאָלן אינפאָרמירט ווערן, ווי אַזוי די געטאָ־איינוווינער וועלן אויף דעם רעאַגירן.

די גאַס האָט גענומען שמועסן, אַז עס גייען נייע גזירות: דאָס געטאָ וועט ליקווידירט ווערן, מ'וועט אַלעמען אַרויספירן. וווהין? — האָט קיינער נישט גע־ווּוסט. אָבער געפילט האָט מען, אַז אויף יענער זייט געטאָ לויערט דער טויט. אין די לאַנגע רייען ביי די קיכן און קאָאָפּעראַטיווע געוועלבער, וואַרטנדיק אויפן ביסל זופּ און אויף דער פּראָדוקטן־ראַציע, האָט יעדער אויסגעדריקט זיין צער און ווייַ איבער דעם, וואָס עס דאַרף פּאָרקומען.[101] אונטער דער דאַטע פון 12־טן אָקטאָ־בער 1941 האָט שראַקאָוויאַק געשריבן אין זיין טאָגבוך:

„אויפן סמך פון די געגעבענע אין דער מעלדונגס־אָפּטיילונג איז, ווייזט אויס, געמאַכט געוואָרן אַ געהיימע רעגיסטראַציע פון מענער וועגן אַרויסשיקן זיי אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. עס זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן אַלע מענער אין עלטער פון 15—60 יאָר, וואָס האָבן נישט קיין באַשעפטיקונג אין געטאָ. זייער נישט קיין אַנגענעמע פּערספּעקטיוו".[102]

אַן אַנדערע קוועלע גיט אַזאַ באַשרייבונג וועגן די ערשטע ידיעות, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן דער קומענדיקער דעפּאָרטאַציע:

„דער ערשטער סיגנאַל איז געווען, אַז מען דאַרף אַרויסשיקן פון 15 ביז 20 טויזנט מענטשן, כדי איינצוהאַלטן די נאָרמע אין געטאָ — אַזוי פיל אַרויסשיקן וויפל עס זענען אַריינגעקומען. דער תירוץ דערוווייל דער זעלבער: בודזשעט־שוועריקייטן און בכלל איבריקער באַלאַסט פאַרן געטאָ. דערביי האָט מען דעם פּרעזעס געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב עס איז אים שווער דאָס אַדורכצופירן, וועלן זיי דאָס אַליין מאַכן, אָן זיין הילף. עס איז בכן, געבליבן די אָפּעראַציע זאָל דורכ־געפירט ווערן דורך דער רומקאָווסקי־מאַכט. געהייסן האָט עס דעמאָלט, אַז יידן ווערן אַרויסגעשיקט אין די דערפער, ווו עס איז פאַראַן גענוג צו עסן און ווו זיי וועלן נישט פאַלן צו לאַסט די אַרומיקע שטעט".[103]

פון דער דאָזיקער באַשרייבונג באַקומט מען אַ באַגריף ווי אַזוי די פּני אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט און די יידישע געשטאַפּאָ־אַגענטן האָבן דורכגעפירט די שליחות פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און צעטומלט און באַרואיקט די געטאָ־באַפעלקערונג אין סכנותדיקן מאָמענט, ווען די דייטשן האָבן זיך געגרייט צו פאַרטיליקן די לאָדזשער יידן. עס דערציילט ווייטער דער זעלבער מקור וועגן אַ באַראַטונג וואָס דער פּרעזעס האָט אָפּגעהאַלטן:

„עס איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועמען אַרויסצושיקן. אַ טייל האָט געמיינט, אַז שיקן דאַרף מען אַלטע לייט און קינדער, כדי אין געטאָ זאָלן בלייבן די יונגע און געזונטע און קאָנען אַרבעטן און אויסהאַלטן דאָס געטאָ. דער אַנדערער

טייל האָט אַנדערש געלערנט. נישט גלייבנדיק אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט די פּאַרזיכערונגען וועגן איינאָרדנען די אַרויסגעשיקטע אין די דערפער (אַ צו גרויסע טובה פאַר יידן) אָבער גיכער געגלויבט, אַז עס וועט זיין אַ וואַנדערן אין ווייטע מקומות, ווו דער וועג איז אַ לאַנגער און אַ שווערער און אַלטע און קראַנקע וועלן נישט אויסהאַלטן, דעריבער איז גלייכער צו שיקן יונגערע, וועלכע קאָנען זיך גיכער אַן עצה געבן, (וועגן דעם, אַז די אַרויסגעשיקטע גייען אויף פאַרניכטונג, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט קיינער נישט געחלומט). געבליבן איז, מען זאָל נישט מאַכן קיין חילוק פון יונג און אַלט, נאָר מ׳זאָל שיקן גאַנצע פאַמי־ליעס, כדי זיי האַלטן צוזאַמען און איינער דעם אַנדערן זאָל העלפן אין וועג". 104

ישראל טאַבאַקסבלאַט, דער מחבר פון די ציטירטע זכרונות האָט נישט אָנ־געגעבן די נעמען פון די פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין יענער גורל־דיקער באַראַטונג מיט רומקאָווסקין, וואָס האָט געדאַרפט דעצידירן וועמען אַרויס־צושיקן פון געטאָ. עס בלייבט דעריבער פאַרהוילן, צו וועלכער פּאַרטיי און ריכטונג די ראַטגעבער האָבן געהערט. קלאָר איז אָבער, אַז אין דער באַראַטונג האָבן אָנטייל גענומען מענטשן פון פּריווילעגירטן שיכט אין געטאָ, פּערזאָנען, וואָס זענען זיכער געווען, אַז זיי וועט מען נישט אַרויסשיקן. כאַראַקטעריסטיש זענען אויך די מיי־נונגען, וואָס זענען דאָרט אַרויסגעזאָגט געוואָרן. עס זענען נעמלעך געווען אָנהענ־גער פון רומקאָווסקיס שיטה: דאָס געטאָ קאָן איבערלעבן, אויב זיינע איינוווינער וועלן אַרבעטן פאַר די דייטשן. דעריבער איז מען געקומען צו דעם פאַרברעכערישן אויספיר — איבערצוגעבן אַלטע לייט, קראַנקע און קינדער צום אַרויסשיקן. עס זענען אויך געווען „בעלי רחמנות" מיט דער מיינונג, אַז עס דאַרפן „פאָרן" יונגערע, וואָס וועלן האָבן כוח אויסצוהאַלטן דעם ווייטן וועג.

מ׳דאַרף מסכים זיין מיט ישראל טאַבאַקסבלאַט: די באַטייליקטע אין דער באַראַטונג האָבן נישט געוווּסט, אַז די דייטשן שיקן די יידן צו פאַרניכטונג. פּשוט דערפאַר, ווייל די יידיש־מענטשלעכע פאַרשטעלונג האָט אַזעלכעס נישט געקאָנט אויפנעמען אין געדאַנק, אָבער יעדער אָנטיילנעמער אין דער באַראַטונג האָט גע־ווּוסט, אַז פאַרלאָזן דאָס געטאָ דראָט מיט סכנת נפשות, מיט אונטערגאַנג און אומקום. נאָר יעדער באַזונדערער שיכט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג האָט געהאַט זיין אויסטייטש, אַז אים מיינט מען נישט און די כיטרע דייטשן מיט זייערע אַגענטן אין געטאָ האָבן די אויסטייטשן אונטערגעהאַלטן.

.7

# גערַאנגל און ווידערשטאַנד ערב און בעת די דעפּאָרטאַציעס

## א. רומקאָווסקיס באַרואיקונגס-רעדעס און דראָונגען

טראָץ אַלע באַרואיקונגען האָט מען אין געטאָ זיך אָנגעהויבן בונטעווען קעגן דער רומקאָווסקי־מאַכט, קעגן די אַרויסשיקונגען, קעגן הונגער און קעלט, וואָס האָט אין פּעריאָד פון די דעפּאָרטאַציעס מאוימדיק זיך אויסגעשפּרייט איבער די חושכדיקע באַלוטער געסלעך. עס איז נישט געווען מיט וואָס צו באַהייצן די קלאָגנדיקע וווינונגען, בעת די פרעסט זענען דערגאַנגען ביז 18 גראַד אונטער נול. מענטשן זענען אויסגעגאַנגען אין די וווינונגען. אין דער צווייטער העלפט פון חודש יאַנואַר 1942 זענען געשטאָרבן 1045 פּערזאָן.[105] ביי דעם מצב האָט רומקאָווסקיס פּאָליצייאישער גוואַלט־אַפּאַראַט, מיט אַלע זיינע סעקטאָרן, אויסגעפירט דעם באַפעל פון די דייטשן און געטריבן די אומגליקלעכע און פאַרצווייפלטע צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. עס איז נישט געווען קיין מיטלען, מוט און כוח צו אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד, האָט מען זיך קעגנגעשטעלט מיט די מיטלען, וועלכע מ׳האָט געקאָנט באַנוצן אין יענעם הערמעטיש אָפּגעשלאָסענעם געטאָ־שטח. דער דאָזיקער סטיכישער ווידערשטאַנד האָט באַקומען זיין אָפּקלאַנג אין די רעדעס פון דעם יודענעלטסטן, געהאַלטן פאַר און בעת דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ. אין יענע רעדעס, צוגעגרייט דורך ש. ראָזענשטיין* דעם „הויף־שרייבער" פונעם יודענעלטעסטען, וואָס זענען פריער קאָנטראָלירט געוואָרן דורכן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס אָדער האַנס ביבאָוו זענען פאַראַן: דראָונגען קעגן די בונטאַרן, פאַרזיכערונגען, אַז עס גייט צום בעסערן, רוף נישט צו רייצן די דייטשע מאַכט און אויך סענטימענטן פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג.

דער יודענעלטעסטער האָט כסדר דערציילט, וואָס ער האָט אַלץ אויסגעפועלט ביי די „דויטשע בעהערדען", אָבער אין דעם רומקאָווסקי־אַרכיוו, ווו עס איז פאַרשריבן יעדער טריט זיינער און פאַרשטענדלעך, אַלע זיינע אויפטועןן, איז נישט פאַראַן קיין שום אָנדייטונג וועגן דעם, אַז וועלכער עס איז דייטשער מאַכט־

* אין אַרכיוו פון ייה"א („רומקאָווסקי־אַרכיוו") מיקראָפילמירט אין „יד ושם" — איז פאַראַן, אין יידיש, אַ זאַמלונג פון רומקאָווסקיס רעדעס, באַצייכנט מיט די איניציאַלן „ש. ר." ש. ראָזענשטיין.

פאַקטאָר זאָל אין יענעם פעריאָד האָבן אויפגענומען רומקאָווסקין און ער זאָל האָבן אויסגעפּועלט פאַרלייכטערונגען פאַרן געטאָ. דער יודענעלטעסטער מיט זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקייטן האָט נאָר געדאַרפט ווי געהעריק אויספירן די באַפעלן און באַרואיִקן די יידן, זיי זאָלן נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד בעתן אַרויספירן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. אין דעם זינען זענען געווען רומקאָווסקיס רעדעס אין פעריאָד, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ.

נאָך אין חודש אָקטאָבער 1941, ווען די געטאָ־איינוווינער זענען געוואָרן אויפגעטרייסלט אין אָנבליק פון די דערשלאָגענע און צעפייניקטע גולים פון וולאָצלאַוועק און אומגעגנט, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ — האָט רומקאָווסקי אויפן פייערלעשער־הויף, לוטאָמירסקאָ 13, געהאַלטן איינע פון די דערמאָנטע רעדעס אין יענעם פעריאָד. ער האָט אָנגעזאָגט די קאָנפיסקאַציע פון די שפּייז־פּעקלעך, וואָס ווערן אַריינגעשיקט אין געטאָ, ווייל אין זיי געפינען זיך ווערטפולע מעדיקאַמענטן און גוטע פּראָדוקטן, וואָס וועלן פאַרטיילט ווערן אין די שפּיטעלער און זקנים־הייזער *. ער וועט אָבער פאַר קאָנפיסקירטע פּעקלעך נישט צאָלן קיין ליכוּוע־פּרייזן, האָט פאַרזיכערט דער יודענעלטעסטער, אַז „ער וועט קעמפן קעגן שפּעקולאַציע מיט שפּייז־פּראָדוקטן און קעגן די וואָס באַקומען צוגאָב־שפּייז־טאַלאָנען און פאַרקויפן זיי". נאָך דעם טייל פון דער רעדע, האָט דער יודענעלטעסטער געגומען רימען זיינע אויפטוען, און איז באַלד אַריבערגעגאַנגען צו דראָונגען קעגן די בונטאַרן, וואָס שטערן די רו אין געטאָ:

„40 טויזנט מענער און פרויען זענען שוין באַשעפטיקט אין די פאַבריקן. דער בודזשעט וועט פאַרגרעסערט ווערן. אין די פאַבריקן וועלן אַריינקומען נאָך נייע 10 טויזנט אַרבעטער. איך וועל אָבער מוזן אָנגעמען אַלע מיטלען איינצוהאַלטן די רו אין געטאָ. איך וועל זיך נישט אָפּהאַלטן פאַר באַנייען די אַמאָליקע שטראָף — געבן מלקות (שמיץ). איך האָב ליקווידירט די געזעלשאַפטלעכע קיכן, העלפט מיר אויסראָטן די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אויב אַזעלכע זענען נאָך דאָ אין געטאָ, פּאָליטיקירט נישט, נאָר אַרבעט און אַרבעט, אַנדערש וועט זיך גיסן בלוט".

די רעדע האָט רומקאָווסקי פאַרענדיקט מיט אַ צוזאָג — צו העכערן דעם „זאַשילעק" (אונטערשטיצונג) פאַר די וואָס אַרבעטן נאָך נישט.[106]

די ניי־געקומענע פון מיטל־אייראָפּע האָט רומקאָווסקי אויפגענומען מיט אַ גוט צוגעגרייטער באַרימערישער רעדע וועגן זיינע אויפטוען און באַלד אַריבער

---

* ד״ר שיקער, וואָס איז געשטאַנען בראָש פון די שפּיטעלער אין געטאָ, האָט אין זיינע זיכרונות פעסטגעשטעלט, אַז קיין שום שפּייז־פּראָדוקטן פון די קאָנפיסקירטע פּעקלעך, זענען נישט דערגאַנגען אין די הייל־אַנשטאַלטן — זע ד״ר ל. שיקער — „יידיש לאָדזש אין פּיין און אומקום" — כ״י.

צו דראָאונגען קעגן די פּערזאָנען, וועלכע שטערן די רו אין געטאָ. אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

„דעם 6־טן אַפּריל 1940 האָב איך זיך איבערגעצויגן אין געטאָ. איך האָב געמאָלדן דעם שטאָט־פּרעזידענט, אַז איך גיי אין געטאָ, ווייל דאָרט איז פאַראַנען אַ גאָלד־גרוב. אויף אַ פּאַרווונדערטער פראַגע, האָב איך געענטפערט קורץ: אין געטאָ האָב איך 40 טויזנט אַרבעטס־הענט, דאָס איז מיין גאָלד־גרוב. אין דער מאָס, ווו איך האָב אָרגאַניזירט די אַרבעט, האָט די מאַכט אָנגעהויבן מיט מיר קאָנפערירן".[107]

נאָכן ווייטערדיקן באַרימען זיך, וועגן זיינע אויפטוען ביים אָרגאַניזירן די פאַבריקן („רעסאָרטן") וואָס גיט אַרבעט 40 טויזנט מענטשן, האָט רומקאָווסקי גענומען דערציילן וועגן זיין מאַכט איבער די אַרבעטער, ווי אַזוי ער האָט זיי באַזיגט:

„פאַר די אַרבעטער האָב איך אַרויסגערוקט די לאָזונג — וואַרפט אַוועק די פּאַרטייאישקייט, דאָס פּאָליטיקירן ווערט דורך מיר אומברחמנותדיק באַקעמפט. איך האָב איינגעבראָכן די שטאַרקע פישער, פליישער און פורמאַנעס — איך האָב געשלאָסן די פאַבריקן, ווייל די אַרבעטער־דעלעגאַטן האָבן אָנגעהויבן דאָרט באַלעבאַטעווען; איך ברויך נישט קיין „בייראַט", וואָס שטערט מיר אין דער אַרבעט. איך נעם ביי די רייכע כדי צו געבן די אָרעמע. מיט די וואָס ווילן נישט אָפּגעבן זייערע פאַרמעגנס, פאַרנעמט זיך די „זאָנדער־פּאָליציי". די זאָנדער־יינגלעך האַקן ווענט, זוכן, נישטערן, ביז זיי געפינען".[108]

ווייטער זענען געווען אין דער רעדע: חניפה צו דער דייטשער מאַכט, באַרימערייען וועגן דעם גרויסן צוטרוי וואָס די „דויטשע בעהערדען" האָבן צו דעם יודענעלטעסטען און ווי זיי באַוווּנדערן זיין אַרבעט, וואָס האָט ביי זיי געשאַפן אַ צוטרוי צום געטאָ און די אינפאָרמאַציע, אַז פון אָפּצאָל פאַר אַרבעט קומט אַריין אין געטאָ 2,000,000 מ"ק יעדן חודש".

מיט פולער איינגעגלויבטקייט אין זיינע מיטלען פון הערשן און באַהערשן דאָס געטאָ, האָט דער יודענעלטעסטער אין זיין רעדע פייערלעך דערקלערט: „מיט מיינע שוועסטער און ברידער וויל איך זיצן במנוחה אין געטאָ און זאָל מען מיך שפּעטער משפּטן איבער די אופנים פון איינהאַלטן די רו". וועגן זיינע אויפטועון פאַר די קינדער האָט רומקאָווסקי געזאָגט:

„זייט 30 יאָר פאַרנעם איך זיך מיט שוץ פאַרן קינד — — — איך גנבע ביי די גרויסע און גיב דאָס אָפּ פאַר די קינדער, פאַרן טייערסטן אוצר, וואָס מיר פאַרמאָגן — — — מיט דער לאָזונג פון די פריש געקומענע: „מיר ווילן אַריין אין דער גמינע" — וועל איך פירן אַ מלחמה. איך קאָן באַרואיקן די חוצפהניקעס אין משך פון 5 מינוט צייט".[109]

אַזוי האָט רומקאָווסקי גערעדט וועגן זיין איינשטעלן זיך פאַר די קינדער

אין געטאָ. אין נאָוועמבער 1941. מיט 9 חדשים שפּעטער, אין אויגוסט 1942, האָט ער אין אַ רעדע געפֿאָדערט אָוועקצוגעבן די קינדער די דייטשן. דאָס באַווייזט נאָכאַמאָל, אַז דער יודענעלטעסטער האָט גערעדט און געטאָן נאָר דאָס, וואָס די דייטשע פּאַרטיליקער האָבן אים דיקטירט אויף יעדן באַזונדערן עטאַפּ פֿון זייער אויסראָטונגס־טעטיקייט.

## ב. די גולים פֿון מיטל־אייראָפּע און זייער ווידערשטאַנדס־קאַמף

וואָס אומרואיקער און בונטאַרישער עס זענען געוואָרן די געטאָ־איינוווינער, צוליב די עקשנותדיקע קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציע, אַלץ שאַרפער און דראָענ־דיקער זענען געוואָרן רומקאָווסקיס רעדעס, בעיקר געווענדעט קעגן די „היץ־קעפּ" פֿון די מערבדיקע. אין חודש נאָוועמבער 1941 האָט ער געהאַלטן פֿינף אַזעלכע רעדעס. אין זיין צווייטער רעדע צו די מערבדיקע האָט רומקאָווסקי זיי געוואָרנט פֿאַר דער גרויסער מאָס חוצפּה, וואָס זיי ווייזן אַרויס און געזאָגט:

„זיי ווילן אויף זייער אַלטן שטייגער איינפֿירן אָרדנונג, זיי מיינען, אַז זיי זענען די קליגסטע און בעסטע, דאָס אויבערשטע פֿונעם שטייסל. זיי האָבן אַ גרויסן טעות. איך ווענד זיך צו אייך: „היט אייך די ביינער". אין פֿאַל ווען איר וועט זיך נישט אונטערוואַרפֿן מיינע באַפֿעלן און פֿאַראָרדנונגען, וועל איך אייך מוזן באַרואיקן. איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן פֿאַר די שאַרפֿסטע מיטלען, דערצו האָב איך מאַכט און קראַפֿט".

אין ווייטערדיקן טייל פֿון זיין רעדע האָט דער יודענעלטעסטער אַגיטירט פֿאַר אַרויספֿאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ און גערעדט וועגן יענער אַרבעט ווי וועגן אַ באַזונדער גליק:

„ווי אין יעדער מלחמה־צייט נויטיקט זיך די מאַכט אין פֿיזישע אַרבעטער. די וואָס האָבן נאָך נישט קיין באַשעפֿטיקונג און ווילן רואיק אַרבעטן קאָנען זיך פֿרייוויליק מעלדן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ. עס גייט זיי דאָרט זייער גוט. די משפּחות פֿון די אַרויסגעפֿאָרענע אַרבעטער, וואָס בלייבן אין געטאָ, באַקומען צוגעצאָלט 50 מאַרק אַ חודש. די פֿרייוויליקע רעגיסטראַציע איז גוט דורכגעגאַנגען. די ערשטע 200 פֿרויען, וואָס זענען אַוועקגעפֿאָרן האָבן שוין צוגעשיקט גוטע בריוו. זיי אַרבעטן אין פֿאַבריקן, אויף לאַנדווירטשאַפֿט און פֿילן זיך גוט". [110]

צו די ראַבינערס פֿון דייטשלאַנד, געבראַכטע אין געטאָ, האָט רומקאָווסקי גערעדט:

„איינער פֿון די „איינגעזידלטע" איז דערשאָסן געוואָרן פֿאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער מאַכט. די שנאה פֿון די דייטשן צו די דייטשע יידן איז פֿיל גרעסער ווי צו אונדזעריקע. דער דאָזיקער פֿאַל פֿון דערשיסן איז נישט קיין פֿאַראיינצעלטער. אויב איך וועל נישט באַרואיקן, וועט עמעצער אַנדערש באַרואיקן.

די מאַכט האָט געפאָדערט אַרויסצוגעבן אַ גרופּע פון אייערע לייט צו דערשיסן. איך האָב דערקלערט, אַז איך האָב אויטאָנאָמיע אין געטאָ מיט באַשטימטע פאָר־שריפטן" [111] אַזוי האָט דער יודענעלטעסטער זיך באַרימט און גערופן די ראַבינערס צו באַרואיקן די יוגענטלעכע, „ווייל עס וועט זיין שלעכט".

אַן ענלעכע רעדע וועגן די „חוצפהניקעס", וואָס ווילן זיך נישט באַרואיקן, באַזונדערס וועגן די דייטשע יידן, האָט רומקאָווסקי געהאַלטן דעם 16־טן נאָוועמ־בער 1942, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער יאָרטאָג פון אַנטשטיין פון הויטן־רעסאָרט. דער יודענעלטעסטער האָט אין דער רעדע ווי שטענדיק דערציילט וועגן זיינע אויפטועון אין געטאָ:

„דער גמינע־בודזשעט באַטרעפט איבער 3 מיליאָן מאַרק אַ חודש. איך זאָרג פאַר קראַנקע, זקנים און קינדער. פאַראַן אין געטאָ: 1,650 שפּיטאָל־בעטן, 7 אַפּטייקן, 4 אַמבולאַטאָריעס, 2 גיכע הילף־אַמבולאַנסן, עס זענען טעטיק 120 דאָקטוירים, אַ מושב זקנים, ווו עלטערע לייט קאָנען אויסלעבן במנוחה אונטער אַ השגחה. 14 טויזנט קינדער באַקומען באַשפּייזונג אין די שול־קיכן". [112]

די דאָזיקע אַנשטאַלטן, דערמאָנטע אין דער רעדע און די אָנגעגעבענע צאָל פון מענטשן, וואָס ווערן באַדינט — האָבן פּאַקטיש דעמלט עקזיסטירט. אָבער אין 9 חדשים אַרום האָט די דייטשע מאַכט ליקווידירט די שפּיטעלער און די קראַנקע, די קינדער און זקנים געשיקט אויף אויסראָטונג, אָבער אויף דעם עטאַפּ פון דער דייטשער יידן־פאַרטיליקונג איז נאָך רומקאָווסקין געווען דערלויבט צוצוזאָגן נייע פאַרבעסערונגען, כדי צו באַרואיקן דאָס געטאָ. און ער האָט טאַקע צוגעזאָגט: די אַרבעטער פון הויטן־רעסאָרס — אַ גמילת חסד־קאַסע און מילך־קיך פאַר זויג־קינדער; די מערבדיקע אין געטאָ — אַ געוויסע צאָל קיכן, ווו זיי וועלן קאָנען באַשעפטיקן אייגענע מענטשן; די „קאָלעקטיוון" פון די מערבדיקע דאָס רעכט אויסצוויילן פאָרשטייער, מיט וועלכע רומקאָווסקי זאָל זיך קאָנען באַראָטן. [113]

די לעצטע רעדע פאַר זיין אָנזאָג וועגן די ערשטע 10 טויזנט, וואָס מוזן פאַרלאָזן דאָס געטאָ, האָט רומקאָווסקי געהאַלטן דעם 17־טן נאָוועמבער 1941, בעתן געבן חופּה וקידושין 15 פּאָרלעך, זין און טעכטער פון די דייטשע יידן. ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ צערעמאָניע, האָט דער יודענעלטעסטער גערעדט סענטימענטאַל, אָבער נישט פאַרגעסן אין זיינע דראָאונגען און הבטחות. ער האָט באַגריסט די יונגע פּאָרלעך אין נאָמען פונעם גאַנצן קיבוץ און געזאָגט:

„איר גייט צו דער חופּה אָן אַ גראָשן געלט, אַפילו די הונדערט מאַרק, וואָס יעדער האָט מיטגעבראַכט האָב איך פון אייך צוגענומען *. 50 יונגעלייט האָבן

---

* די מערבדיקע, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ, האָבן געהאַט דאָס רעכט מיטצונעמען פון דער היים צו 100 מאַרק. דאָס געלט איז דורך געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס אָפּגענומען געוואָרן פון די געקומענע בעת זייער אַרויסגיין פון די וואַגאָנעס. לויט דער אויבן

געזאָגט: מיר שליסן אַ לעבנס־בונד, שפּאַנען זיך איין אין פאַמיליע־וואָגן און גרייט צו פירן אַ ניי לעבן. מיט אַזאַ פאַלק, ברידער און שוועסטער, קאָן מען אַפילו אין געטאָ נישט פאַרלוירן גיין״.

נאָכן אַנזאָג, אַז ער טרעט צו שאַפן אַן עלטערן־הויז („מושב זקנים״) פאַר די דייטשע יידן, איז דער יודענעלטעסטער אין זיין רעדע אַריבער צו דראָונגען:

„צווישן די ניי איינגעוואַנדערטע געפינט זיך אַ געוויסער טייל „היץ־קעפּ״, וואָס האַלטן זיך פאַר גאָרנישט אָפּ, אַפילו אין געטאָ פירן זיי זיך אויף מיט חוצפּה לגבי דער מאַכט (דייטשער), אַ זאַך, וואָס קאָן ברענגען זייער פאַטאַלע פאָלגן, צו בלוט־פאַרגיסונג. איך האָב געגעבן מיין קאָפּ אלס משכון, אין פאַל, איך וועל די דאָזיקע חוצפּהניקעס נישט באַרואיקן. טאָמער וועלן זיך אַזעלכע זאַכן איבערחזרן, קאָן עס ברענגען צו אַ חורבן פון געטאָ. טאַטעס און מאַמעס, באַרואיקט די יוגנט אייערע, וואָרנט זיי פאַר ענלעכע מעשים, וואָס האָבן געהאַט אַן אָרט אין געטאָ״. 114

## ג. פאַרשטאַרקטער טעראָר אין געטאָ ערב די גרויסע דעפּאָרטאַציעס

מיט די דאָזיקע רעדעס האָט דער יודענעלטעסטער פּסיכיש צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער „רייבונגסלאָזער״ * דעפּאָרטאַציע פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. רומקאָווסקיס דראָאונגען פון ברעכן די ביינער, פון אָפּרע־כענען זיך מיט די בונטאָרן, האָט באַקומען אַ ממשותדיקן אויסדרוק אין די מעשים פון זיין פּאָליציי־אַפּאַראַט מיט אַלע אירע סעקטאָרן. די געטאָ־פּאָליציי האָט אַליין דורכגעפירט אַבלאַוועס אויף מענטשן, ווען דאָס איז נויטיק געווען פאַר דער רומקאָווסקי־מאַכט. אַ באַשרייבונג פון אַזאַ אַבלאַווע איז פאַראַן אין „B. K. C.״ פון חודש דעצעמבער 1941. דאָרט ווערט דערציילט:

„אין איינעם אַ פינצטערן, גערדיכט־פינצטערן אָוונט, האָבן א.ד.־פּאָליציאַנטן זיך געוואָרפן אויף יידישע דורכגייער אין געטאָ און גענומען זיי מיט כוח פאַר־האַלטן. און דער פראַגע: וואָס? ווען? האָבן די פּאָליציאַנטן אויפן דייטשן שטייגער געענטפערט מיט קולאַקעס, מיט גומי־שטעקלעך איבער די קעפּ. די דאָזיקע ברוטאַליטעט איז אַנגעוואַנדן געוואָרן אויך צו פרויען, קינדער און זקנים.

ציטירטער רעדע, זאָל רומקאָווסקי האָבן באַקומען אויף זיין קאָנטאָ דאָס אָפּגענומענע געלט. וואָס האָט געדאַרפט באַטרעפן אַרום 2,000,000 ר״מ (100X20,000) אָבער אין קיין שום דאָקומענט פון געטאָ־אַרכיוו ווערט דער פאַקט נישט באַשטעטיקט.

* „רייבונגסלאָז״ — באַצייכנונג אין די באַריכטן פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס וועגן די דעפּאָרטאַציעס, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אָן ווידערשטאַנד פון די גולים.

מ׳האָט אַלעמען געשלאָגן, געממיתט און אין רעזולטאַט זענען פאַרהאַלטן געוואָרן 200 פערזאָן, געטאָ־איינוווינער. זיי זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין די רעווירן פון דער א. ד.־פּאָליציי. דערווילדער געיעג אויף מענטשן האָט אָנגעהאַלטן צוויי שעה. די געטאָ־גאַסן זענען געוואָרן אָפּגעליידיקט. די צעשראָקענע יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין זייערע שטובן און פאַרשלאָסן טיר און טויער. אין די שטובן זענען די פּאָליציאַנטן נישט געגאַנגען״.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז די מענטשן־כאַפּעריי דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ פאַראָרדנונג פון די פּאָליצי־קאָמיסאַרן. זיי האָבן געדאַרפט צושטעלן מענטשן צום אָפּלאָדן אַ טראַנספּאָרט שפּייז, וואָס איז אָנגעקומען אין געטאָ, אָנשטאָט צו נעמען מענטשן צו דער אַרבעט פאַר באַלוינונג, אויף וואָס יעדער וואָלט גערן געגאַנגען, האָט רומקאָווסקיס פּאָליציי אָרגאַניזירט אַ „כאַפּעניש״ אויפן דייטשן שטייגער. ווען די אַקציע איז שוין געווען דורכגעפירט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ׳האָט געכאַפּט קינדער, זקנים און אַרבעטער, וואָס זענען גראָד דעמלט געגאַנגען אויף זייער נאַכט־שיכט. די געכאַפּטע, צעשלאָגענע און באַליי־דיקטע, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן. ערשט ווען עס איז באַשטימט געוואָרן אַ באַלוינונג פאַר נאַכט־אַרבעט — 3 מאַרק, אַ זופּ און 25 דעקאַ ברויט — האָבן זיך באַלד געפונען פרייוויליקע, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן.

„דאָס געטאָ איז שוין די נאַכט נישט געשלאָפן. די צעשרויפטע נערוון האָבן נישט געלאָזט רוען. עס האָט אַפילו נישט געהאָלפן, וואָס אַלע געכאַפּטע זענען צוריק אַהיימגעקומען און דערציילט, וואָס עס איז געשען. נאָך אַזאַ בהלה שלאָפט מען מער נישט אין געטאָ״. [115]

אָט אַזאַ טעראָר האָט די יידישע פּאָליציי אָנגעוואָרפן אויף די איינוווינער פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, ערב דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. מיט דער פּאָליצייאישער הילפס־טעטיקייט פאַר דער דייטשער מאַכט, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער אָרדנונגס־דינסט — לעאָן ראָזענבלאַט זיך באַרימט אין שוין דערמאָנטן „Tagesbefehl No. 8״, פאַרעפנטלעכט דעם 1־טן מערץ 1943, אין שייכות מיט דריטן יאָרטאָג פון אַנטשטיין פון דער געטאָ־פּאָליציי. אין באַפעל איז פאַראַן אַזאַ אָפּזאַץ: „אַ הויכפּונקט אין דער טעטיקייט פון דער אָרדנונגס־דינסט האָבן געבילדעט די ווייטערע דעפּאָרטאַציעס [פון 55,000 יידן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ], וואָס זענען געווען אַ פּרוווּשטיין פאַר אונדזער פליכטבאַוווּסטזיין״. [116]

אויך די אַנדערע פּאָליציי־סעקטאָרן אין געטאָ: הערצבערגס כנופיה און גערטלערס „זאָנדער״ האָבן אין דעם דערמאָנטן פעריאָד פאַרשטאַרקט זייער טעראָר קעגן דער געטאָ־באַפעלקערונג. הערצבערגס תפיסה אויף טשאַרנעצקי־גאַס איז געווען פול מיט הונדערטער אַרעסטירטע — די ערשטע קאַנדידאַטן אַרויסגעשיקט צו ווערן אין כעלמנאָ.

דעם 7־טן דעצעמבער 1941, אַ טאָג פֿאַרן אָנהייבן די פּאַרגאַזונג אין כעלמנאָ, האָבן אין הערצבערגס געטאָ־תּפֿיסה זיך געפֿונען 230 אַרעסטירטע, צווישן זיי 44 פֿרויען. 90 פּערזאָן פֿון די אַרעסטירטע זענען געווען אין רשות פֿון „קריפּאָ", 80 — פֿון געשטאַפּאָ, די רעשט זענען געזעסן פֿאַר קלענערע פֿאַרברעכנס.[117]

די דאָזיקע איינטיילונג פֿון די אַרעסטירטע גיט אַ קלאָרן באַגריף וועגן כאַראַקטער פֿון פֿאַרברעכנס אין געטאָ אין יענעם פּעריאָד. די געשטאַפּאָ האָט, ווי שוין דערמאָנט, געהאַט די דעה איבער פּאָליטישע פֿאַרברעכנס, וואָס האָבן געבילדעט איבער 34 פּראָצענט פֿון אַלע אַרעסטירטע. צווישן זיי זענען אויך געווען צוריקגעבראַכטע פֿון די אַרבעטס־לאַגערן, וואָס האָבן צוליבן פֿאַרלירן די כוחות שוין נישט געטויגט מער צו דער קאַטאָרזשנער צוואַנגס־אַרבעט.

רומקאָווסקי האָט זיך אָפּט באַראָטן מיט זיין תּפֿיסה־קאָמענדאַנט וועגן פֿאַרשידענע געטאָ־ענינים.[118] אין דעצעמבער 1941, ווען די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט געגרייט די דעפּאָרטאַציע פֿון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ, האָט דער יודענעלטעסטער זיך געעצהט מיט הערצבערגן וועמען אַרויסצושיקן פֿון געטאָ. דער תּפֿיסה־קאָמענדאַנט האָט אָנגעוויזן אויף די מערבדיקע, זיי זענען אָבער, לויט דעם אויסראָטונגס־פּלאַן פֿון דער דייטשער מאַכט נאָך נישט געווען אין דער ריי צום פֿאַרטיליקן.[119]

געטלערס זאָנדער־פּאָליציי האָט אין די חדשים פֿאַר און בעת דער גרויסער דעפּאָרטאַציע פֿון געטאָ, פֿאַרשטאַרקט די טעטיקייט פֿון אָפּגעפֿינען פֿאַרמעגן ביי יידן און פֿון מסרן צו דער קריפּאָ. אויפֿן סמך פֿון די מסירות זענען מענטשן אַרעסטירט געוואָרן און מ'האָט זיי געבראַכט אין דעם „רויטן הייזל" אויף פּלאַץ קאָשטשעלנע, ווו עס זענען געווען די פּייניקונגס־קאַמערן פֿון „קריפּאָ". די שרעק פֿאַר יענעם דייטשן מאָרד־און אויספּרעסונגס־אַפּאַראַט, איז אין לאָדזשער געטאָ געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן, וואָס האָבן באַקומען אַן אויפֿפֿאָדערונג צו שטעלן זיך אין „קריפּאָ" — האָבן פֿאַרענדיקט מיט זעלבסטמאָרד אָדער מיט אַ האַרצשלאַק. פֿון קריפּאָ איז מען זעלטן צוריק אַהיימגעקומען, אין בעסטן פֿאַל איז מען געקומען פֿון דאָרט אַ קאַליקע. געווען אויך פֿאַלן ווען רומקאָווסקי האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר זיינע מקורבים, וועלכע זענען אַרויס בשלום פֿון יענע אויספֿאָרשונגען.

אין B. K. C. פֿון חודש יאַנואַר 1942 זענען פֿאַראַן אַזעלכע קורצע ידיעות:

אין „קריפּאָ" איז געשטאָרבן דער שניידער מאַטעק יאַבלאָנסקי. סיבה פֿון טויט — האַרצשלאַק. דער קערפּער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. אברהם פֿוקס, אַן אייגנטי־מער פֿון שרייב־געצייג איז פּלוצים געשטאָרבן אין „קריפּאָ". צוויי וואָכן האָט מען אים דאָרט געהאַלטן. ער איז דורכגעגאַנגען מוראדיקע פּיין און לסוף געמוזט גיין מיט די פּייניקער אויף דער „אַרישער זייט" און אָנווייזן דאָס אָרט, ווו ער האָט באַהאַלטן זיינע ווערטזאַכן. דער געוועזענער סוחר גאָטהעלף האָט פֿאַרענ־

דיקט מיט זעלבסטמאָרד, ווען ער האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג צו קומען צו אַן אויספאָרשונג. דער געוועזענער פאַבריקאַנט ליבערמאַן איז אויפן וועג צו דער „קריפאָ״ געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַק. דער טויט פון די פאַרפייניקטע אין „דער דייטשער קרימינאַל־פּאָליציי״ האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך אַ יידישן דאָקטער, אַז „דער פּאַציענט איז געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאַק״.

אַ חוץ די מוסרים פון דער זאָנדער־פּאָליציי, וועלכע האָט אָפן מיטגעאַרבעט מיט קריפּאָ און געשטאַפּאָ, האָט דאָס „רויטע הייזל״ געהאַט זיינע באַזונדערע מוסרים פון יידישער אָפּשטאַמונג. זייערע נעמען פיגורירן אין דאָקומענטן פון קריפּאָ: דוד גערטלער, (געוועזן טעטיק סיי אין געשטאַפּאָ, סיי אין קריפּאָ) פּיעקאַרטשיק, פעדער, אַקערבערג, מיילאַנד, סאַנקעוויטש, געפּנער אאנ״ד. „קריפּאָ״ האָט אויך געהאַט אַ באַזונדערע א.ד. פּאָליציי־אָפּטיילונג.[120]

די דאָזיקע טעטיקייט פון די דייטש־פּאָליצייאישע רויב־אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע מיטהעלפער אין געטאָ, אויסוווּרפן פון יידישער אָפּשטאַמונג, האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט און באַזונדערס פאַרשטאַרקט אין די 5 חדשים — יאַנואַר — מאַי 1942, ווען די דייטשע מאַכט האָט געפירט די טראַנספּאָרטן פון די צענד־ליקער טויזנטער יידן פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ.

## ד. די שטרענגע איזאָלאַציע פון געטאָ פאַרן אָנהויב פון די דעפּאָרטאַציעס

בעת די צוגרייטונגען צום אַרויספירן די יידן קיין כעלמנאָ, האָט די דייטשע מאַכט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער טעטיקייט פון אירע טעראָר — און געוואַלט־עקספּאָזיטורן אין לאָדזשער געטאָ, וואָס האָבן געהערט צו דער רומקאָווסקי אַדמיניסטראַציע. עס איז אויך געזאָרגט געוואָרן דערפאַר, אַז דער יידישער וווין־שטח זאָל פולשטענדיק איזאָלירט ווערן פון דער שטאָט. צו דעם צוועק האָט רומקאָווסקי, אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט געשאַפן אַן „אַפּברוכשטעללע״, וואָס האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן נאָך אין זומער 1941. דאָרט זענען געווען באַ־שעפטיקט אַ הונדערט יידישע אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון אינזשיניער גוטמאַן. די אַרבעט איז אין יענער צייט געפירט געוואָרן מחוצן געטאָ. די באַשעפ־טיקטע, וואָס האָבן געבילדעט אַן אָפּגעשלאָסענעם אַרבעטס־פּונקט, זענען געווען אָפּגעצוימט מיט אַ פלויט, געהאַט אַ באַזונדערע קיך און זענען געהיטן געוואָרן פון אַן א.ד.־פּאָליציי־אָפּטיילונג, אָנגעפירט פון קאָמיסאַר פרענקעל, אַ ייד פון דאַנציק. זיין הויפּט־אויפגאַבע איז געווען: פאַרהיטן, אַז די יידישע אַרבעטער זאָלן נישט קומען אין קאָנטאַקט מיט די פּאָלאַקן. אַ חוץ דער יידישער פּאָליציי־אויפזיכט, איז דאָרט אויך געווען אַ דייטשער אויפזעער, וואָס האָט געשלאָגן די אַרבעטער מכות רצח.

די הויפּט־אַרבעט פון דער „אַפּברוכשטעללע" אין זומער 1941 ביזן טיפ־ הערבסט איז באַשטאַנען אין איינלייגן די הייזער, וואָס האָבן נאָך פאַרבונדן דאָס געטאָ מיט דער שטאָט. אַזעלכע זענען געווען: דאָס הויז נומ׳ 26 אויף נאָוואָ־ מיעיסקע גאַס, ווייטער אַרויף צו דער „אַרישער" זייט זענען געגאַנגען קלענערע נומערן. אויף דער קייגנאיבערדיקער זייט אויף נאָוואָמיעיסקע זענען אָפּגערוימט געוואָרן — די געוועזענע יידישע האַנדלס־האַלעס אויף דער נייער גאַס און די הייזער נומ׳ 15—21; פולנאָצנאַ גאַס פון נומ׳ 2—14, ווסכאָדניע פון דער זייט פון דער אַמאָליקער שול־גאַס — פון נומ׳ 2—8. אַרום דעם געטאָ, צו דער זייט פון שטאָט זענען געבליבן גרויסע ליידיקע שטחים און די לעצטע הייזער פון געטאָ זענען געוואָרן אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט און שטרענג באַוואַכט פון אײַסן פון דייטשער פּאָליציי און אינעווייניק פון א.ד.־פּאָליציי. [121]

די דאָזיקע שטרענגע באַוואַכונג פון געטאָ בעת דער דעפּאָרטאַציע, האָט נאָך אַלץ נישט געלאָזט רוען דער דייטשער מאַכט מיט אירע אויסראָטונגס־אָרגאַ־ נען. שוין בעתן גאַנג פון דער דעפּאָרטאַציע, אין 13־טן פעברואַר 1942, האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג צוזאַמען מיטן אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט זיך געוואַנדן צום פּאָליציי־פּרעזידענט וועגן פאַרגרעסערן די באַוואַכונג פונעם שטח. דערויף האָט דער פּאָליציי־פּרעזידענט געענטפערט: „פאַר דער באַוואַכונג פונעם געטאָ איז פאַראַן אַ פּאָליציי־באַטאַליאָן פון 600 מאַן, קיין ווייטערע פאַרשטאַרקונג איז נישט מעגלעך צוליבן פעלן פון די געהעריקע כוחות". דער פּאָליציי־פּרעזי־ דענט האָט אין זיין ענטפער אויך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז „דער געטאָ־צוים ביי דער דרעוונאָווסקאַ־גאַס, נעבן דער אייל־שלעגעריי, איז געמאַכט פון איינפאַכע ברעטער און געוויינלעכע דראָט. די פאַרצוימונג דאַרף דאָרט פאַרשטאַרקט ווערן מיט שטעכל־דראָט, אַזוי אַז די יידן זאָלן נישט קאָנען אַנטלויפן פונעם געטאָ". [122]

*

דעם פינפטן יאַנואַר 1942, ווען רומקאָווסקיס באַאַמטע האָבן שוין אויפגע־ שטעלט די רשימות פון די אומגליקלעכע, וואָס דאַרפן דעפּאָרטירט ווערן, האָט דער יודענעלטעסטער מיטגעטיילט אין אַ „באַקאַנטמאַכונג", אַז לויט אַ פאַראָרדנונג פון דער מאַכט ווערט אָפּגעשטעלט דער פּאָסט־פאַרקער מיטן געטאָ. די דאָרטיקע איינוווינער האָבן פאַרשטאַנען, אַז די נייע פאַראָרדנונג האָט אַ שייכות מיט די קומענדיקע דעפּאָרטאַציעס. — אַזוי האָט B.K.C. באַשריבן די שטימונג אין געטאָ אין יענע טעג. [123]

די „יידישע פּאָסט", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך אין חודש מערץ 1940, האָט זיך סטאַביליזירט, ווי אַן אַמט, ערשט נאָכן פאַרמאַכן דאָס געטאָ אין חודש מאַי 1940, ווען רומקאָווסקי האָט געשלאָסן אַן אָפיציעלן אָפּמאַך מיט אַ פאַרטרעטער פון דייטשן פּאָסט־אַמט אין שטאָט. די געטאָ־פּאָסט איז זיך צעוואַקסן

מיט אייגענע מאַרקן, מיט יידישע אויפשריפטן, רומקאָווסקיס בילד, און האָט באַ־שעפטיקט אַ פערסאָנאַל פון אַרום 150 פּערזאָן, פאַרשטענדלעך, אַז די בריוו וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ, זענען פריער דורכגעגאַנגען אַ קאָנטראָל פון רומקאָווסקיס באַאַמטע און פון דער דייטשער צענזור.[124]

אין יענעם פּעריאָד, ד. ה. פון שליסן דאָס געטאָ ביז דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע, איז פאַר דעם קאָמופּלאַזש פון דער דייטשער מאַכט נויטיק געווען אויפצוהאַלטן אַ פּאָסט־פאַרקער פון די יידן אין ליטצמאַנשטאַדט, באַזונדערס פון די מערבדיקע, מיט דער אויסערלעכער וועלט. זייערע בריוו אין די טויזנטער זענען דאָך געגאַנגען אויך אין די ניטראַלע לענדער, ווי שווייץ און שוועדן. די געטאָ־פּאָסט האָט געדאַרפט זיין איינע פון די מיטלען צו פאַרמאַסקירן די פּלאַנירטע דייטשע יידן־אויסראָטונג. אין יאַנואַר 1942 איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פּאָסט־פאַרקער מיט די לאָדזשער יידן, ווייל מ'האָט שוין געגרייט פאַר זיי די דעפּאָרטאַציע קיין כעלמנאָ און דאָס געטאָ האָט געמוזט לחלוטין איזאָלירט ווערן פון דער אויסער־לעכער וועלט. דער פאַרבאָט פון אַרויסשיקן בריוו איז שוין אַזוי געבליבן דורך דער גאַנצער צייט פון שטופּענווייזער ליקווידאַציע פון יידן אין „וואַרטעגאַו" און פון לאָדזשער געטאָ, ד. ה. ביז יוני 1944 (פאַרוואָס די דייטשע מאַכט האָט דעמלט דערלויבט דעם פּאָסט־פאַרקער מיטן געטאָ — וועט אויפגעקלערט ווערן אין די לעצטע קאַפּיטלען פון דעם בוך). עס איז אָבער דערלויבט געוואָרן, ווי שוין דער־מאָנט, דאָס אָפּנעמען געלט־איבערווייזונגען פון אויסלאַנד און אַרויסשיקן קבלות (זע ז' 59).

די פּאָסט־פאַרבינדונג מיטן געטאָ איז, משמעות, אָפּגעשטעלט געוואָרן פריער ווי דעם 5־טן יאַנואַר 1942. דאָס באַווייזן די הונדערטער בריוו פון געטאָ־איינוווינער. באַזונדערס פון די מערבדיקע, וואָס מ'האָט נישט אַרויסגעשיקט און זיי זענען געבליבן אין רומקאָווסקי־אַרכיוו (מיקראָפילמירט אין „יד־ושם"). די דאָזיקע בריוו ברענגען אויך אַרויס דאָס תמימותדיקע אומשולדיקע טראַכטן פון די געטאָ־יידן, זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג פון דער אַזוי נאָענטער אויסראָטונג, וואָס די דייטשע מאַכט גרייט פאַר זיי. עס איז כדאַי צו באַקענען זיך, לכל הפחות, מיט עטלעכע בריוו אַזעלכע:

יאַקוב בענעדיק האָט געשריבן צו זיין ברודער, אַז ער, יאַקוב, האָט דעם 23־טן נאָוועמבער 1941 חתונה געהאַט מיט יאַדזשאַ ליבערמאַן. יאַדזשאַ האָט צוגעשריבן: „ליבער זיגמונט, האָסטו דיר געקענט פאָרשטעלן, אַז איך וועל זיין דיין שוועגערין ?"

אין אַ בריוו אַדרעסירט צו דער מוטער אַדעלאַ קיין טשענסטאָכאָוו דערציילט י. בעססער, אַז זי אַרבעט צווישן אַ סך יונגע מיידלעך אין הוט־רעסאָרט. זי פרעגט זיך נאָך, וואָס עס מאַכן די קינדער און ווינטשט דער מאַמען צום נייעם יאָר 1942. מאיר פּאָגעל צו זיינע עלטערן קיין ראַווע־מאַזאָוויעצק: „איר דאַרפט זיך

נישט זא֞רגן וועגן אונדזער קינד, עס איז געווען קרא֜נק און איז שוין גא֞ט זיי דא֜נק געזונט. ביי אונדז איז א֜לץ אין בעסטן א֞רדנונג. מיר זענען א֜לע געזונט. דא֞ס זעלבע פון אייך צו הערן. גריסן און קושן פון דער ווייט. מיר בעטן בא֜לד ענטפערן״.

מא֞שקא֞וויטש צו די „ליבע קוזינען״ אין ווא֜רשע: „מיר זענען גא֞ט זיי דא֜נק געזונט, מיין ליבע פרוי איז ענטבונדן געווא֞רן און געבוירן א֞ זון״.

ישראל בערמא֜ן הא֞ט געשריבן קיין ווא֜רשע צו זיין זון ד״ר בערמא֜ן: „וועגן מיר דא֜רפט איר זיך נישט זא֞רגן: איך בין געזונט און פיל זיך גוט״.

אין דעם פא֜מיליא֜רן נוסח זענען געשריבן כמעט א֜לע בריוו, ווא֞ס הייבן זיך א֞ן מיט „הא֜רציקע טייערע״, „ליבע קינדער״, „ליבע קוזינען״, „טייערער פא֞טער״ און ענלעכעס. די בריוו פון די „מערבדיקע״ זענען מער געשעפטלעכע: מ׳דא֜נקט פא֜רן א֜רויסגעשיקטן געלט און מ׳בעט ווייטער צו שיקן. מ׳פרעגט זיך נא֞ך אויפן געזונט פון קרובים און פריינט. אין געציילטע בריוו פוןביידע נוסחאות ווא֜רפן זיך דורך די שורות: „קיין גוטס איז נישט צו דערווא֜רטן״. א֜לע בריוו זענען געשריבן אין א֞ גוטן דייטש, ווא֞ס עס בא֜ווייזט, א֜ז אין געטא֞ זענען געווען ספּעציא֜ליסטן אויף צו שרייבן בריוו, ווא֞ס הא֞בן משמעות בא֜קומען דערפא֜ר געצא֜לט מיט שפּייז. [125]

## 8.

# די דייטשע „ענדלעזונג פון דער יידנפראגע" אויפן לאדזשער באדן

### א. „עוואקואציע" פון יידן פון געטא ליטצמאנשטאדט

ווען די דייטשע אקופאציע־מאכט מיט אירע אויסראטונגס־סעקטארן זענען געווען פארטיק מיט די צוגרייטונגען צום ארויספירן די יידן פון געטא ליטצמאנ־שטאדט אין טויטן־לאגער כעלמנא — האט רומקאווסקי באקומען דעם באפעל פראקטיש דורכצופירן די „אקציע". דאס דערוויסט מען זיך פון פסק דין פון האנאווער פראצעס קעגן גינטער פוקס און ד"ר אטא בראדפיש — די ליקווידאטארן פון לאדזשער געטא. דער אנהויב פון דער מאסן־אויסראטונג פונעם גרייסן לאד־זשער יידישן קיבוץ ווערט דארט אזוי באשריבן:

„אין די ראמען פון דער אזוי גערופענער ענדלעזונג פון דער יידנפראגע, איז מען אין יאנואר 1942 אריבערגעגאנגען צום ארויספירן יידן פונעם לאדזשער געטא, ווי עס האט געהייסן — „אויסזידלונג", „עוואקואירן". די דאזיקע אויסדרוקן האבן באדייט, לויטן דעמלסדיקן שפראך־געברויך — טויטן די יידן. דאס איז געשען אין פארניכטונגס־לאגער קולמהאף—כעלמנא".[126]

פון יאנואר ביז אפריל 1942, זענען די דעפארטאציעס אנגעפירט געווארן פון געשטאפא־קאמיסאר גינטער פוקס. אין אפריל איז אין ליטצמאנשטאדט אנגע־קומען ד"ר אטא בראדפיש און ער האט איבערגענומען די אנפירונג מיט דער ווייטערדיקער אויסראטונג פון די יידן פון לאדזשער געטא.[127]

די באפעלן וועגן „עוואקואירן" די יידן פון לאדזשער געטא האט דער געשטאפא־קאמיסאר גינטער פוקס איבערגעגעבן דעם יודענעלטעסטען צום אויס־פירן. בעת דער ערשטער גרויסער דעפארטאציע אין טויטן־לאגער כעלמנא, איז דער דייטשער מאכט נישט נויטיק געווען קיין ספעציעלע אונטערהאנדלונגען מיט רומקאווסקין. די פארטיליקער זענען געווען זיכער, אז דער יודענעלטעסטער וועט די דעפארטאציע־באפעלן, ווי אלע אנדערע, אויספירן אן שהיות; די טעראָרי־זירטע, דערשלאגענע און דורך ווידעראנאנדען צעטיילטע באפעלקערונגס־שיכטן — וועלן נישט שטעלן קיין ווידערשטאנד. ביי דעם אלעם האט נאך די דייטשע מאכט אנגעווענדעט אלע פערפידע מיטלען צו פארמאסקירן די צוגעגרייטע אויסראטונג פון צענדליקער טויזנטער יידן. לויט דער אנגענומענער און פארשפרייטער ווערסיע אין געטא „ווערן דאך די דעפארטירטע נאר געשיקט אויף ארבעט". וועגן דעם

האָט דאָך רומקאָווסקי כסדר גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען. פון דער דייטשער מאַכט האָט ער אויך באַקומען אָנווייזונגען ווי אַזוי „רייבונגסלאָז" דורכצופירן די דעפּאָר־טאַציע דורך געבן פאַרשידענע „הנחות" די מענטשן וואָס פאַרלאָזן „גוטוויליק" ס'געטאָ בלויז אויפן סמך פון דער אויפאָדערונג וואָס זיי באַקומען: 2 קילאָ ברויט אויף אַ פערזאָן. וואָס יעדער „אַרויספאָרער" האָט באַקומען, איז ביי דעם ברויט־דוחק און הונגער אין געטאָ געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שפּייז־צוטיילונג.* עס איז דעריבער קלאָר, אַז די בעסערע באַשפּייזונג פאַר די דעפּאָרטירטע האָט רום־קאָווסקי געגעבן לויט די אָנווייזונגען פון דער דייטשער מאַכט.

צו דער פאַרמאַסקירונג פון דער אויסראָטונג אין לאָדזשער געטאָ אויפן ערשטן עטאַפּ, ד. ה. אין די ערשטע חדשים 1942, האָט אויך געהערט דאָס אַרויס־שיקן נאָר געזונטע מענטשן, קראַנקע און זקנים — האָט מען נישט גערירט, אַפילו ווען זיי האָבן געהערט צו די משפחות פון די אַרויסגעשיקטע. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון יידישע דאָקטוירים איז אַוועק אויף אָנגעגעבענע אַדרעסן און דאָרט זיך פאַר־נומען מיט די איבערגעבליבענע קראַנקע און שוואַכע, וועלכע זענען איבערגעפירט געוואָרן אין די געטאָ־שפּיטעלער, און אַלטע לייט — אין די זקנים־הייזער.[128]

טראָץ דעם דאָזיקן קאָמופלאַזש פון די דייטשע פאַרטיליקער; טראָץ דעם רייץ פון א זאַטן מאָלצייט, בעת אין געטאָ איז מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער געוואָרן דער הונגער, האָבן די אומגליקלעכע קאַנדידאַטן צום טויט — זיך נישט געשטעלט אויף די זאַמלפונקטן, וועלכע האָבן שוין דעם 13־טן יאַנואַר 1942 געדאַרפט אויפנעמען די גולים. אין די ערשטע טעג האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק עטלעכע צענדליק פערזאָן. עס האָט אָנגעהויבן אַרבעטן רומקאָווסקיס פּאָליציי־אַפּאַראַט. א.ד.־פּאָליציאַנטן און „זאָנדער" זענען ביינאַכט באַפאַלן די געטאָ־הייזער און אַרויס־געשלעפּט פון די וווינונגען גאַנצע משפחות, וועלכע זענען געווען אויף דער רשימה אַרויסגעשיקט צו ווערן. די געכאַפּטע און די פערזאָנען, וואָס האָבן זיך אַליין צוגעשטעלט, זענען „קאָשאַרירט" געוואָרן** אויף די זאַמלפונקטן: צענטראַלע געטאָ־תפיסה, אין דערנעבנדיקע הייזער און אין דעם געוועזענעם שול־בנין, מלינאַרסקא 25.

אויף די ערטער זענען די קאַנדידאַטן צום טויט געהאַלטן געוואָרן פון 2—3 טעג און דאָרט באַקומען בעסערע באַשפּייזונג: אַ נאָרמאַלע ברויט־פּאָרציע, אַ זופּ, פלייש און קאַווע. מ'האָט די אומגליקלעכע אויך צוגעזאָגט, אַז אויף דער באַן־

---

* באַשרייבונג פון אָפּגאַנג פון די ערשטע טראַנספּאָרטן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, זע — א. וו. יאַסני, „געשיכטע" 1־טער באַנד ז"ז 459—470.

** קאָשאַרירט — פון פּויליש „קאָשאַרי": קאַזאַרמעס. אַזוי איז באַצייכנט געוואָרן דאָס בלייבן עטלעכע טעג אויף די זאַמל־פּונקטן.

סטאַציע ראַדעגאַסט וועט מען די אַרויספאָרער צוטיילן וואַרעמע וועש, אויערן־שיצער, הענטשקעס, זאָקן, שקאַרפּעטן און האַלץ־שיך. [129]

ביי דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, אויסגעהונגערט נאָך דער ספּעציעלער שפּייז־צוטיילונג, וואָס מ׳האָט באַקומען, כיטרע אָפּגענאַרט דורך דער דייטשער מאַכט און איר פאַרטרעטונג אין געטאָ, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז מ׳פאָרט אויף אַרבעט, ווו עס זענען פאַראַן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען ווי אין ליטצמאַנשטאַדט — איז דעם 16־טן יאַנואַר 1942 אָפּגעפאָרן דער ערשטער טראַנספּאָרט פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, פון דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט, וואָס איז אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרן אין זומער 1941, אויפן ראַנד פון געטאָ אין מאַרישין, נעבן יידישן בית־עולם. עס איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאַסאַזשיר־צוג פון 20 וואַגאָנען צו 55 יידן אין אַ וואַגאָן. [130]

אויך די דאָזיקע „רייזע־באַקוועמלעכקייטן" פון די ערשטע טראַנספּאָרטן האָבן געהערט צו דער פאַרמאַסקירונג פון די אויסראָטונגען אין ליטצמאַנשטאַדט: פירן די קרבנות אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, ווי אַ באַווייז, אַז מען איז נישט אויסן קיין שלעכטס.

אין די זכרונות פון די לעבנגעבליבענע, ווי אויך אין B.K.C. ווערט אַזוי געשילדערט דער אָפּפאָר פון די ערשטע טראַנספּאָרטן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ: עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער פראָסטיקער טאָג. די אומגליקלעכע וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אויף דער באַן־סטאַציע זענען פון עס. און געשטאַפּאַ־לייט געטריבן געוואָרן אין די וואַגאָנעס, ווו מ׳האָט זיך צונויפגעדריקט און עס איז געוואָרן וואַרעמער. די „פּאַסאַזשירן", וואָס זענען געווען פאַרזאָרגט מיט ברויט, ווורשט און 12 אַ האַלב קילאָ זאַכן — האָבן נישט געוווּסט וווהין זיי פאָרן, אָבער זייער גיך זענען זיי אָנגעקומען אין שטאָט קאָלא און פון דאָרט זענען זיי מיט דער קליינבאַן געבראַכט געוואָרן קיין כעלמנאָ. אין די ווייטערדיקע טערמינען זענען די קרבנות געבראַכט געוואָרן מיט לאַסט־אויטאָס פון לאָדזש. דעם זעלבן טאָג פון אָנקומען אין טויטן־לאַגער האָט די דייטשע זאָנדערקאָמאַנדאָ דערשטיקט די קרבנות אין די גאַז־אויטאָס און די וואַגאָנעס זענען צוריקגעקומען נאָך אַ פרישן טראַנספּאָרט. [131]

## ב. פאַרטרעטער פון דער דייטשער מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט באַזוכן כעלמנאָ

רומקאָווסקיס דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע האָט אויפגעשטעלט פרישע רשימות פון די קרבנות. די פּאָליציי פונעם יודענעלטעסטן האָט געשלעפּט פון די וווינונגען, געטריבן קיין ראַדעגאַסט און יעדן טאָג, זענען אָפּגעגאַנגען טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ. רומקאָווסקי האָט זיך נישט באַמיט צו וויסן וווהין מ׳שיקט „זיינע "יידן —

אָבער די דייטשע אָנפירונג פון געטאָ און די מוניציפּאַליטעט פון ליטצמאַנשטאַדט, האָט דווקא געוואָלט וויסן, וואָס עס ווערט אין „קולמהאָף" געטאָן מיט די יידן.

נישט געקוקט אויף דעם שטרענגן פּראַזאַג נישט צו דערציילן די סודות פון כעלמנאָ, האָבן „די באַאַמטע פונעם טויטן־לאַגער" (ווי זיי ווערן טיטולירט אינעם פּסק דין פונעם פּראָצעס פוקס—בראַדפיש), ווען זיי זענען געקומען קיין לאָדזש האָבן זיי אין שמועסן אָנגעדייטעט וועגן זייער מאַסן־מאָרד־טעטיקייט, אַזוי, אַז די מענטשן (דייטשן) האָבן געוווּסט, אַז אין קולמהאָף ווערן די יידן מאַסנווייז אויס־געמאָרדעט. „אין פעברואַר 1942 האָט דער דייטש מאַאָס, הויפּטמאַן פון דער שוץ־פּאָליציי („שופּאָ") אין ליטצמאַנשטאַדט, דער ערשטער באַזוכט כעלמנאָ. ער, ווי דער אָנפירער פון דער באַוואַכונגס־קאָמאַנדאָ פונעם טויטן־לאַגער, איז געקומען קאָנטראָלירן, צי עס איז נישט נויטיק צו פאַרשטאַרקן די פּאָליציי־כוחות און אין איינוועגס האָט ער „געזען די פאַרניכטונגס־אַרבעט וואָס דאָרט קומט פאָר". „אין אַ פּאָר טעג אַרום — זאָגט זיך אין דער באַגרינדונג פונעם פּסק דין אין פּראָצעס פוקס—בראַדפיש — ווען ער, (מאַאָס) איז צוריקגעקומען אין ליטצמאַנשטאַדט, האָט ער וועגן זיינע דערפאַרונגען אין כעלמנאָ באַריכטעט דעם אויבערלויטענאַנט רועזע. ער האָט ווייטער אינפאָרמירט דעם קאָמאַנדיר פון דער שוץ־פּאָליציי קויק, וועלכער איז אַליין געפאָרן קיין כעלמנאָ, כדי צו באַקומען אַ פּערזענלעכן איינדרוק פון דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר". [132]

„ווען דער קאָמאַנדיר פון דער שוץ־פּאָליציי איז דאָרט געווען, האָט דער קאָמענדאַנט פונעם לאַגער און אָנפירער פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ" האַופּטשטורמ־פירער באָטהמאַן * פאַרבעטן דעם גאַסט, ער זאָל זיך צוקוקן צו דער פאַרניכטונגס־אַרבעט, וואָס עס ווערט געפירט אין כעלמנאָ. „קויק האָט זיך צוגעקוקט און אויך פעסטגעשטעלט די צייט, וואָס דויערט ביז דער קרבן ווערט פאַרניכטעט". קויק איז צוריקגעקומען אין ליטצמאַנשטאַדט און וועגן זיינע „באַאָבאַכטונגען" מיטגע־טיילט דעם שטאָטישן פּאָליציי־פּרעזידענט ד"ר אַלבערט. ער האָט דערויף רעאַגירט מיט דערקלערן קויקן, אַז ער איז נישט גוט אַריינגעטאָן אין די זאַכן, וואָס קומען דאָרט פאָר".

די ווייטערדיקע געסט אינעם טויטן־לאַגער כעלמנאָ זענען געווען: האַנס ביבאָוו, דער לייטער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און זיין „פינאַנץ און ווירטשאַפט־מיניסטער" מאָיער. זיי האָבן אין די חדשים אַפּריל—מאַי 1942 אָפּגעפירט יידן־טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ. ביבאָוו ווי אַ געשעפטסמאַן, האָט דאָרט קאָנטראָלירט די אַרבעט, וואָס ווערט געפירט ביים מאַגאַזינירן די מלבושים פון די אויסגעמאָר־

* באָטהמאַנס פרוי, וואָס האָט מיט איר מאַן געוווינט אין כעלמנאָ, לעבט אין דייטשלאַנד. זי איז געווען דער הויפּט־עדות אינעם פּראָצעס פוקס־בראַדפיש. באָטהמאַן איז אין יאָר 1946 באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין אַ געפאַנגען־לאַגער.

דעטע יידן. ביי דער געלעגנהייט האָט שוין דער דייטשער סוחר פון ברעמען זיך צוגעקוקט, „ווי אַזוי די יידן פון די טראַנספּאָרטן, וואָס ער האָט געבראַכט, ווערן דערשטיקט אין די גאַז־אויטאָס".[133] מאַיער איז זייער אָפּט געפאָרן פון ליטצמאַנשטאָדט קיין כעלמנאָ, כדי צו קאָנטראָלירן צי די „באַאַמטע" פון טויטן־לאַגער צעגנבענען נישט די ווערט־זאַכן, איבערגעבליבענע נאָך די דערמאָרדעטע.

## ג. די קאַלישער געסט אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט

אין די ערשטע וואָכן פון דער דעפּאָרטאַציע, ווען קיין כעלמנאָ זענען אַוועק די ערשטע 2000 קרבנות, האָט די דייטשע מאַכט אין פאַרשטענדיקונג מיט רומקאָווסקין, ווייל אָן אים האָט אַזאַ זאַך נישט געקאָנט געשען — געבראַכט אין לאָדזשער געטאָ צוויי געסט: דעם פאָרזיצער פונעם יודענראַט אין קאַליש, ה' גוסטאַוו האַהן, מיט זיין פאַרטרעטער מאיר לאנדוי. מיט זייער קומען האָט די דייטשע מאַכט געוואָלט באַווייזן איר „פאַראינטערעסירטקייט" אין אויפהאַלטן דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאָדט, ווייל די פאַרטרעטער פון קאַלישער יודענראַט זענען געקומען אונטערהאַנדלען מיט רומקאָווסקין וועגן אַריינגעמען אין לאָדזשער געטאָ די לעצטע 160 יידן פון קאַליש, ווי אויך צו דערוויסן זיך, צי די פּראָווינצער יידן ווערן נישט באַעוולהט אין לאָדזשער געטאָ. וועגן באַזוך פון קאַלישער יודענראַט־פאַרשטייער איז פאַראַן אַ גענויער באַריכט אין .B.K.C, פון וועלכן מ'דערוויסט זיך אויך פּרטים וועגן חורבן פון יענער יידישער קהילה. אין באַריכט איז געשריבן:

„פאַר דער מלחמה האָט די יידישע באַפעלקערונג אין קאַליש געציילט 23,000 נפשות. די מאַסנווייזע עוואַקואַציע פון יידן פון קאַליש, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין סעפּטעמבער 1939. אין לעצטן קוואַרטל 1941 האָבן דאָרט נאָך געלעבט 700 פּערזאָן. זיי האָבן געוווינט אין געמיינזאַמע בנינים אַרום שפּיטאָל. אין דער לעצטער צייט זענען צוויי מאָל פאָרגעקומען „עוואַקואַציעס", וועלכע האָבן אַרומגענומען אַלע פּערזאָנען נישט פעיקע צו דער אַרבעט און קינדער ביז 14 יאָר. דער גורל ווי אויך דאָס וווין־אָרט פון די עוואַקואירטע איז קיינעם נישט באַוווסט. אין קאַליש זענען געבליבן נאָך 160 יידן. אין שטעטל קאָזשמינעק, 23 קילאָמעטער פון קאַליש, איז פאַראַן אַ לאַגער, אין וועלכן עס לעבן 1500 קאַלישער יידן. די איבערגעבליבענע יידן אין קאַליש גופא, וואָס וווינען אין 3 בלאָקן, זענען נישט אָפּגעגרענעצט פון דער שטאָט. דאָך, מיטן אויסנאָם פון די 3 מיטגלידער פונעם יידנראָט, פּרווואט נישט קיינער פון די יידן צו גיין אין שטאָט און זיי פאַרברענגען נאָר אין זייערע בלאָקירטע וווינונגען".[134]

די יודענעלטעסטע פון קאליש האָבן אין זייער העלע פאַרבן געשילדערט די באַשפּייזונג פון די לעצטע דאָרטיקע יידן, וואָס זיי באַקומען פון דער דייטשער מאַכט. זיי זענען „פאַרזאָרגט" מיט ברויט, קאַרטאָפל און כל מיני שפּייז, מיט

באַהייצונג און אַ געמיינזאַמער קיך. צוויי דאָקטוירים און אַ פעלטשער האָבן די אויפזיכט איבער די לעצטע קאַלישער יידן. זיי האָבן אַפילו אַן אייגענע קראָם, ווו מ׳קאָן באַקומען ביר. אַלע שפּייז־פּראָדוקטן באַקומען די יידן אָן אָפּצאָל, בלויז פאַר זייער אַרבעט. אַלע חשבונות וועגן אַרבעטסלוין און פאַרפּראָוויאַנטירונג דער־לידיקט דער יודענראַט דורכן קאַלישער מאַגיסטראַט. *

רומקאָווסקי האָט די געסט אויפגענומען זייער פריינטלעך. אַ ספּעציעלער באַאַמטער פון „אָרדנונגסדינסט" האָט זיך מיט זיי פאַרנומען, געוויזן זיי די אונ־טערנעמונגען און אינסטיטוציעס פונעם יודענעלטעסטן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. לויט דער באַשרייבונג אין .B.K.C זענען די קאַלישער געסט געווען פאַרחידושטע פון דעם וואָס זיי האָבן געזען, באַזונדערס זענען זיי געווען אַנטציקט מיט דער מוסטערהאַפטער אָרגאַניזאַציע, אָרדנונג, שפּיטאַל־וועזן אדג״ל. ספּעציעל האָבן זיי אויסגעדריקט זייער באַוווּנדערונג פאַרן „טאַלאַנט" פונעם יודענעלטעסטען פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. „אַ דערדריקנדיקן איינדרוק האָט נאָר געמאַכט אויף די געסט „די דחקות און דער הונגער־מצב אין לאָדזשער געטאָ" — גיט צו דער באַריכט אין .B.K.C און ברענגט צום סוף די סיבות, וואָס האָבן באַוויגן די קאַלישער יודענראַט־פאַרטרעטער צו באַזוכן דאָס געטאָ:

„זיי זענען געקומען זיך דערוויסן ווי אַזוי עס ווערן באַהאַנדלט די פּראָ־ווינצער, וואָס ווערן דורך די דייטשן געבראַכט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט", ווייל „אין קאַליש האָט מען דערציילט, אַז אַלע פּראָווינצער ווערן אין לאָדזשער געטאָ באַהאַנדלט ווי שטיפקינדער, מ׳לאָזט זיי נישט צו צו קיין שום אַרבעט און אויך די קאַלישער יידן זענען פאַראורטיילט אויף אַ הונגער־טויט. די געסט האָבן באַ־שטעטיקט, אַז דאָס זענען פאַלשע קלאַנגען. זיי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער פּרעזעס ווענדעט אָן דעם פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע איינוווינער פונעם געטאָ". [135]

די קאַלישער יודענעלטעסטע זענען געווען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט 10 טעג, אין דער צייט זיינען טראַנספּאָרטן מיט 10,000 יידן אָפּגעגאַנגען קיין כעלמנאָ. פאַרשטענדלעך, אַז די פאַרטרעטער פונעם קאַלישער יודענראַט האָבן נישט געזען די מאַסן־דעפּאָרטאַציע פון לאָדזשער געטאָ. זיי האָבן אויך נישט

* עס איז נישט די אויפגאַבע פון דעם בוך צו באַהאַנדלען געשיכטלעך־קריטיש אַלץ, וואָס עס האָט געזאָגט דער יודענעלטעסטער פון די לעצטע קאַלישער יידן — לויט דעם באַריכט אין .B.K.C. עס איז אָבער גענוג בלויז צו פאַרגלייכן רומקאָווסקיס באַרימערייען בעת זיין באַזוך אין וואַרשעווער געטאָ אין חודש מאַי 1941 (זע „געשיכטע" 1־טער באַנד, ז״ז 432—433), כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן דער פּינקטלעכקייט פון ה׳ האַהנס באַריכט. די באַשרייבונגען פון זיין באַזוך אין לאָדזשער געטאָ דאַרף דינען ווי איינע פון די פיל באַווייזן פון דייטשער פאַרמאַסקירונג פון דער יידן־אויסראָטונג.

געוווּסט, אַז אויפן צווייטן עטאַפּ פון דער דעפּאָרטאַציע אין חודש פעברואַר 1942, וועלן אַרויסגעשיקט ווערן די אַריינגעבראַכטע פון די קליינע שטעטלעך אויך פון קאַליש. אָבער די דייטשע פּערפידיע האָט דערגרייכט איר ציל: דער באַזוך פון די פרעמדע יודענעלטעסטע אין די רעסאָרטן האָט באַוויזן פאַר די אַרבעטנדיקע די חשיבות פונעם לאָדזשער געטאָ און פון זיין „פּרעזעס”, וואָס וועט מסתמא נאָך שטאַרקער ווערן ווען מ'וועט עס „אָפּרייניקן פון די אומנוצלעכע עלעמענטן”, ווי עס האָט אַגיטירט אין זיינע רעדעס מ. ח. רומקאָווסקי. ער האָט טאַקע דעם באַזוך פון די קאַלישער אויסגעװוּצט אין זיינס אַ רעדע, געהאַלטן בעת דער דע־פּאָרטאַציע. ער האָט געזאָגט צו די פאַרזאַמלטע:

„וואָלט איך געווען אַזאַ חכם ווי אַנדערע און זיך געפּשטלט, אַרומגעטראָגן זיך מיט נייעסן, וואָלטן מיר, יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער שבעה ימים פון געוועזענעם פּוילן, ווי למשל די יידן פון קאַליש, פון וועלכע עס איז געבליבן 157 נפשות, וועמענס פאָרשטייער האָבן דאָ נישט לאַנג געבעטן איך זאָל אַריינעמען זייערע מיטברידער אין ליטצמאַנשטאַדט געטאָ”. [136]

## ד. רומקאָווסקיס דראָאונגען און מתנות

ווען די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען קיין כעלמנאָ, האָט רומקאָווסקי ווייטער געהאַלטן זיינע רעדעס. באַלד אויף צומאָרגנס נאָכן אָפּגאַנג פונעם ערשטן טראַנספּאָרט, דעם 17־טן יאַנואַר 1942 האָט דער יודענעלטעסטער גערעדט אין קולטור־הויז אויף קראַוויעצקע 3. אין דעם דראָענדן טאָן פון זיין רעדע איז ווידער געקומען צום אויסדרוק די אומרואיקייט אין געטאָ און די פּרוּוון פון סטיכישן ווידערשטאַנד פון דער געפּייניקטער באַפעלקערונג קעגן די דעפּאָרטאַציעס. נאָך דעם ווי רומקאָווסקי האָט אין זיין רעדע זיך אָפּגערעכנט מיט די פּערזאָנען, וואָס „ווילן נישט אַרבעטן” און מוזן דעריבער פאַרלאָזן דאָס געטאָ, איז ער אַריבער צו שאַרפע דראָאונגען קעגן די אַרבעטנדיקע, וואָס סאַבאָטירן און געזאָגט:

„איך וועל אין יעדן רעסאָרט אַריינזעצן מיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן, וואָס וועלן נאָכשפּיאָנירן די אומפאַראַנטוואָרטלעכע פּאַניק־מאַכער. ביי די שוס־טער־און קעסל־שמידער קומען פאָר שטרייקן און סאַבאָטאַזש־אַקטן. עס האָט זיך ווידער גענומען רודערן אין אַ טייל פאַבריקן. די הפקר־לייט האָבן געוואָלט אָפּ־שטעלן די פאַבריקן, אָבער זיי האָבן דערפילט מיין שטאַרקע האַנט. זעט איר זאָלט נישט אַריינפאַלן אין מצב פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך”. [137]

מיט דעם דאָזיקן לעצטן אָפּזאָץ האָט רומקאָווסקי געמיינט אָנצוווייזן אויף די יידן פון די קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש, וועמענס היימען די דייטשן האָבן חרוב געמאַכט. דעם גרעסטן טייל פון די דאָרטיקע יידן אַוועקגעפירט אין „אומ־

באַקאַנטע ערטער" און געצײלטע פון משפחות, דערשלאָגענע און צעבראָכענע, געבראַכט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. דער יודנעלטעסטער האָט אין זײַנע רעדעס כסדר דערמאָנט, אַז אויב מען וועט זיך נישט אונטערוואַרפן זײַנע באַפעלן — וועט דאָס לאָדזשער געטאָ האָבן אַזאַ סוף ווי די געטאָס אין די קלײנע שטעטלעך. זײַן אײַנגעגלויבטקייט אין זײַנע מיטלען אָפּצוראַטעווען כאָטש אַ טייל יידן, האָט נישט דערלאָזט רומקאָווסקין צו דערטראַכטן זיך צו דעם, אַז אויך זײַן געטאָ וועט דורך דער ברוטאַלער דייטשער מאַכט פולשטענדיק פאַרניכטעט ווערן.

*

וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די קעסל־שמידער, ווערט דערציילט אין 3 דאָקומענטן: אין די טאָג־מעלדונגען פון דער א. ד.־פּאָליצײַ איז פאַרנאָטירט, אַז „די אַרעסטירטע 21 קעסל־אַרבעטער זענען געשטעלט געוואָרן צו דער דיס־פּאָזיציע פונעם פּרעזעס". אין אַ צווייטן דאָקומענט פון דעם זעלבן מקור (2־טע אָפּטײלונג פון דער אָרדנונגס־דינסט") ווערט געמאָלדן, אַז 21 אַרבעטער פון דער קעסל־אָפּטײלונג אויף דער „קורצגאַססע" נומ׳ 17, זענען אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פאַראָרדנונג פונעם „עלטעסטען דער יודען". עס זענען דאָרט אָנגעגעבן פּאָל־גנדע נעמען:

„יצחק ווייסבערג, יוסף קופּערשמידט, מיכאל בידערמאַן, משה גאָלדבערג, לײזער קופּערשמידט, סאַמועל ראָזענצווײַג, לײזער גליקסמאַן, מאָטל ראָזענבלום, ישראל סטאַרטשעווסקי, נח קופּערשמידט, עליאַש ווייסבערג, שמואל ליכטנשטיין, חיים בירנבוים, ישראל צווערנבאום, משה שוואַרצבאַרד, משה קופּערשמידט, מלך ציגלער, שמואל קופּערשמידט, אברהם ווייסבערג, יוסף זעלמאַנאָוויטש, מאיר קופּערשמידט".

די דאָזיקע 21 אַרבעטער, זענען דורך דעם יודנעלטעסטען, אַכזריותדיק באַשטראָפט געוואָרן, ווײַל זיי האָבן פאַרשטרײַקט אין סוף חודש דעצעמבער 1941. די סיבות פון שטרײַק זענען נישט אָנגעגעבן. די ברוטאַלע באַשטראָפונג איז באַ־שטאַנען אין: האַלטן די שטרײַקנדע אין אַרעסט, וואַרשײַנלעך יעדן אין אַ באַזונ־דערער קאַמער, ווײַל אויך צו דער אַרבעט איז יעדער באַזונדער געפירט געוואָרן אונטער אַ וואַך פון א. ד.־פּאָליצײַ, מיט אַ שטרענגן פאַרזאָג, אַז די אַרעסטירטע זאָלן זיך נישט קאָנען פאַרשטענדיקן. עס זענען אויך פון זיי צוגענומען געוואָרן די באַשפּײַזונגס־קאַרטן און זיי האָבן באַקומען די נאָרמע פון תפיסה־באַשפּײַזונג.

אין דער ווײַטערדיקער באַשרײַבונג אין דעם דאָקומענט ווערן אָנגעגעבן באַזונדערע גרויזאַמע שטראָפן קעגן 2 אַרבעטער, וואָס האָבן אַגיטירט צום שטרײַק, נעמלעך: נחום ראַפּאַפּאָרט און הענעך הענעכאָוויטש. לויט דער פאַראָרדנונג פון „הערן עלטעסטען דער יודען", איז נחום ראַפּאַפּאָרט מיט זײַן משפחה אַרויסגע־שטעלט געוואָרן אויף דער רשימה צו ווערן אַרויסגעשיקט פונעם געטאָ און הענעך

הענעכאָוויטש — געוואָרן געצוווּנגען צו פירן אומריינקייטן, אַליין איינגעשפּאַנט אין אַ וואָגן צו דעם צוועק. ביידע אַרעסטירטע זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער צענטראַלער געטאָ־תּפיסה.

וועגן ווייטערדיקן גורל פון די צוויי אַרעסטירטע איז אין די א.ד.־דאָקומענטן נישט אָנגעגעבן. דאַקעגן־זשע ווערט געבראַכט אַן אַנטשולדיקונגס־בריוו פון די שטרייקנדע קעסל־אַרבעטער, געווענדעט צו רומקאָווסקין און זיין ענטפער צו דער פּאָליציי צו באַפרייען די אַרעסטירטע קעסל־שמידער.[138]

אין דער זעלבער צייט, ווען רומקאָווסקי האָט אַזוי אַכזריותדיק פאַרפאָלגט מענטשן, וואָס האָבן געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, האָט ער זיך אויך באַמיט מיט מתנות איבערצוקויפן די אומצופרידענע אַרבעטער אין די רעסאָרטן. אויף אַן אויסשטעלונג פון וועש־און קליידער־רעסאָרט, דעם 17־טן אָדער 18־טן יאַנואַר 1942, האָט רומקאָווסקי ווידער געהאַלטן אַ רעדע. דאָס מאָל האָט ער געדראָט זיך אָפּצורעכענען מיט די „דייטשע יידן", וואָס האָבן „אָנגעמאַכט אַ יקרות", און שטאַרק געלויבט די אַרבעטער פון וועש־און קליידער־רעסאָרט. ער האָט זיי אויסגעטיילט מתנות: די אינסטרוקטאָרן און באַאַמטע — גראַטיפיקאַציעס פון אַ האַלבן חודש געהאַלט און די אַרבעטער אין גלאַזערס פאַבריק — אַ וואָך געהאַלט.[139]

## ה. קאָנפערענץ פון יודענעלטעסטען מיט דער געטאָ־אינטעליגענץ

די טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ זענען ווייטער אָפּגעגאַנגען יעדן טאָג. ביי אַ פראָסט פון 18 גראַד אונטער נול. ביז דעם 24־טן יאַנואַר 1942 זענען שוין אַרום 8 טויזנט יידן געווען דערשטיקט דורך די כעלמנאָער גאַז־אויטאָס. 8 טאָג האָט רומקאָווסקי געשוויגן און נישט באַוויזן זיך אין דער עפנטלעכקייט. משמעות, אַז אין דער צייט האָט ער געהאַט „שמועסן" מיט די „בעהערדען" און דעם יודענעלטעסטן איז קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן גייט נישט בלויז אין אַרויסשיקן 10 טויזנט יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. זיין גאַנצע „אויטאָנאָמע מלוכה" שטייט אין געפאַר. מ'האָט אים אויך שוין דעמלס, משמעות, אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט צו באַזייטיקן פון געטאָ — קינדער, זקנים, און קראַנקע, אַן אַקציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן ערשט אין 8 חדשים שפּעטער.

צו אַזעלכע אויספירן מוז מען קומען, ווען מ'לייענט די רעדע, וואָס דער יודענעלטעסטער האָט געהאַלטן דעם 25־טן יאַנואַר 1942. אין דעם טאָג איז אין דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג לאַגעווניצקע 34—36 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון רומקאָווסקין מיט דער געטאָ־אינטעליגענץ: לערער, דאָקטוירים, פאַרשטייער פון ראַבינאַט און אָנפירער פון דער געטאָ־פּאָליציי. אין זיין רעדע צו די באַטייליקטע האָט רומקאָווסקי געזאָגט:

„יידן אין געטאָ קריטיקירן מיך, פאַרוואָס איך האָב נישט פאַרגעזען די

קאַטאַסטראָפע!" עס וועט ווערן נאָך ערגער. מ'וועט מוזן אַרויסשיקן אויך פאַר קלענערע חטאים און משפחות פון שוין אַרויסגעשיקטע און אַלע וואָס דרייען זיך אַרום אויף די גאַסן. עס האַנדלט זיך אויך וועגן פרויען, קינדער און זקנים. פאַר דער גאַס קאָן איך נישט אַזוי פיל רעדן".

רומקאָווסקי האָט זיך ווידער אָפּגערעכנט מיט די „אַריינגעבראַכטע יידן", ווי די הויפּט־שולדיקע אין דעם אומגליק און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ סענטימענטאַל ווייַנענדיקן טאָן:

„עס הענגט איבער אונדז יידן אַ שווערער וואָלקן אין ליטצמאַנשטאַדט. איך וויל נישט נעמען אויף זיך אַליין די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך וויל אין אייך האָבן לעבעדיקע עדות, אַז איך האָב געוואָרנט, ווען איך וואָלט זיך נישט פאַר אייך געשעמט, וואָלט איך זיך פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קליין קינד און אייך געבעטן, מיר אַרויסצוהעלפן פון די צרות". [140]

אין באַריכט וועגן דער דאָזיקער קאָנפערענץ, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דער זאַמלונג פון רומקאָווסקיס רעדעס, ווערט דערמאָנט וועגן אַ דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער רעדע פונעם יודענעלטעסטן. עס זענען אויסגערעכנט פאָלגענדע פערזאָנען, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע: די רבנים ראָזענמוטער, פיינער, לאָסק און די ה"ה — שוואַרץ, קאַט, ראָזענבלאַט, פרענקעל, אינזש. גוטמאַן, ל. באום, פ. גארפינקל, ד"ר מילער און קאָופמאַן. וואָס די וועלט־לעכע האָבן געזאָגט אין דער דיסקוסיע, ווערט נישט דערמאָנט אין דעם באַריכט. די רבנים האָבן זיך געקלאָגט דערויף, וואָס די אינטעליגענץ לאָזט זיי נישט צו צו אַרבעטן אין די געטאָ־אונטערנעמונגען. „די קאָמיסיע, וועלכע מאָביליזירט צו דער אַרבעט, מיידט אויס די רבנים". דעריבער האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל צולאָזן אַ רבנישע פאַרטרעטונג אין דער קאָמיסיע. רומקאָווסקי האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע ווענדונג, ווייל ער האָט שוין געהאַט „אַזאַ עקספּערימענט מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן געשיקט זייערע דעלעגאַטן" און האָט אָפּגעלייקנט, אַז די רבנים ווערן דיסקרימינירט ביים אָננעמען צו דער אַרבעט, „אגב באַקומען די רבנים ספּעציעלע אונטערשטיצונג, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן" — האָט דערקלערט דער יודענעלטעסטער. אין סוף פון זיין סענטימענ־טאַלער רעדע האָט ער אָנגעזאָגט, אַז עס ווערן אַרויסגעשיקט נאָך 15 טויזנט מענטשן פון געטאָ. [141]

✶

אַזוי ווי ביי די ערשטע 10,000 גולים, האָט רומקאָווסקי אויך ווייטער נישט געמאַכט קיין שום באַמיאונגען ביי זיינע דייטשע באַפעלסגעבער, זיי זאָלן אָפּשטעלן דאָס אַרויסשיקן פונעם געטאָ. ער האָט דעם רוצחישן גזר אָנגענומען ווי אַן אומ־פאַרמיידלעך בייז, וואָס מוז געשען. עס איז נאָר ביי אים געווען אַ פראַגע וועמען

אַרויסצושיקן. די קרבנות, ווי שוין דערמאָנט, אין ערשטן באַנד פון דער „געשיכטע", זענען אָפּגעקליבן געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטאַנען בעיקר פון פאַרטרעטער פון רומקאָווסקיס גוואַלט־אַפּאַראַט: פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, תפיסה־קאָמענדאַנט הערצבערג, פּאָליציי־שעף פון מאַרישינער ראַיאָן — בלעמער, לייטער פון אַדמיניסטראַטיוון שטראָף־אַפּאַראַט — גרינבערג, פאָרזיצער פונעם געריכט — אַדוו. יאַקובסאָן און איין פאַרטרעטער פון דער ציווילער אַדמיניסטראַציע פון דער עווידענץ־אָפּטיילונג — אַדוו. נעפּטאַלין.

פאַרשטענדלעך, אַז די קאָמיסיע האָט קוואַליפיצירט מענטשן צום אַרויסשיקן אין הסכם מיט רומקאָווסקיס אָנווייזונגען, וואָס זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון איינהאַלטן אין געטאָ קודם כל די אַרבעטנדיקע, וועלכע זענען לויט דער איינשטעלונג פונעם יודענעלטעסטען געווען דער איינציקער פעסטער יסוד פאַר אויפהאַלטן „זיין" געטאָ. אויך די מערבדיקע האָט ער אין די ערשטע חדשים פון דער דעפּאָרטאַציע — נישט גערירט, ווייל אַזוי זענען, משמעות, געווען די אָנווייזונגען פון דער דייטשער מאַכט. די יידן פון מיטל־אייראָפּע האָבן זיך נאָך נישט געהאַט דורכגעקאָכט אין געטאָ־גיהנום. זיי זענען נאָך געווען אַ סכנה פאַר די דייטשן.

די פאַרטיליקער האָבן געהאַט געדולד צו וואַרטן ביז דער גרעסטער טייל פון די מערבדיקע וועט אויסשטאַרבן, נישט קענעדיק לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען און די רעשט וועט צעמורשט ווערן און נישט זיין בכוח צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ווי ווייט די דייטשע מאַכט האָט קאָנטראָלירט דאָס אויסשטאַרבן פון די מערבדיקע, באַווייזט אַ בריוו פון 27 יאַנואַר 1942, וואָס האַנס ביבאָוו האָט געשריבן צו רומקאָווסקין. דער אָנפירער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" האָט געפאָדערט פון יודענעלטעסטען, אַז די געשטאָרבענע צווישן די אַריינגעבראַכטע פון אויסלאַנד זאָלן אויף די רשימות באַצייכנט ווערן מיט אַ לויף־נומער, „כדי מ'זאָל צו יעדער צייט קאָנען פעסטשטעלן וויפל עס זענען שוין אָפּגעגאַנגען". אין אַ צווייטן בריוו פון 25־טן מערץ, 1942, האָט ביבאָוו געשריבן: דער שטאַנד־אַמט באַקלאָגט זיך, אַז די לעצטע צייט ווערט ביי טויטפאַלן אָנגעגעבן סיבה פון טויט — הונגער, געשוואָלן פון הונגער. עס דאַרף באַצייכנט ווערן בלויז — נישט דערנערט".[142]

די קאַנדידאַטן צום אַרויסגעשיקט־ווערן נאָך די ערשטע 10,000, אין צווייטן חודש פון דער דעפּאָרטאַציע, זענען געווען די אָנגעהעריקע צו משפחות פון וועלכע אַ טייל אָדער דער פאָטער פון דער פאַמיליע — זענען שוין געווען ערגעץ־ווו „אויף אַרבעט" מחוצן געטאָ. לויט רומקאָווסקיס מאָראַל האָט עס באַדייט „טאָן אַ טובה" די דעפּאָרטירטע, זיי זאָלן קענען זיך טרעפן מיט זייערע נאָענטע, וואָס זענען שוין מיט אַ צייט צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן. אין דער ווייטערדיקער ריי צום פאַרטריבן ווערן פונעם געטאָ זענען געווען די אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן

גענומען שטיצע. זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן מענטשן־רעזערוו, מער ווי אַ העלפט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. לויט רומקאָווסקיס איינשטעלונג זענען זיי געווען אומנוצלעך פאַרן געטאָ און געקענט צוגעשטעלט ווערן דער דייטשער מאַכט צו דער דעפּאָרטאַציע.[143]

די דאָזיקע מעשים פונעם יודענעלטעסטען, זיין נאָכקומען די פאַרלאַנגען פון דער דייטשער מאַכט, האָט צעטרייסלט דאָס געטאָ. לויט די אָנווייזונגען פון זיינע באַפעלגעבער האָט ער געמוזט איינהאַלטן די רו עס זאָל נישט קומען צו קיין ווידערשטאַנד קעגן די דעפּאָרטאַציעס, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָנרירן אויך די אַרבעטנדיקע אין די אונטערנעמונגען. אין דער ריכטונג זענען געווען זיינע ווייטערדיקע רעדעס און ווענדונגען אויף די אָפּט אָפּגעהאַלטענע פאַרזאַמלונגען, נאָכן אַרויסשיקן קיין כעלמנאָ די ערשטע 10 טויזנט יידן. רומקאָווסקי, וואָס האָט נישט געדולדעט קיין שום „ראַטן", „בייראַטן", וועלכע זאָלן אים זאָגן אַ דעה אין דער געטאָ־אָנפירונג — האָט אין חודש פעברואַר 1942, ווען מ'האָט כסדר געגרייט פרישע טראַנספּאָרטן צום אַרויסשיקן, גענומען רעדן אַן אַנדערע שפּראַך.

## ו. „בייראַט" פון די געטאָ־פאַבריקן און רומקאָווסקיס „שלום" מיט די מערב־יידן

אויף אַ קאָנפערענץ מיט די אָנפירער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען („לייטער פון די רעסאָרטן"), וואָס איז דעם 8־טן פעברואַר 1942 פאַרגעקומען אין דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג לאַגעווניצקאַ 34—36, האָט רומקאָווסקי געוואָרפן אַ לאָזונג — „לאָמיר שיצן די יוגנט", „מ'דאַרף אַריינציען די יוגנט אין די פאַבריקן". און פאַרגעלייגט צו שאַפן אַ בייראַט פון די רעסאָרטן מיט אַ פּרעזידיום, וואָס וועט זיך פאַרנעמען מיט אַריינציען די יוגנטלעכע אין דער אַרבעט. מיט דעם פּרעזידיום דאַרף מיטאַרבעטן די געוועזענע שול־קאָמיסיע. „יעדן יוגנטלעכן מוז געגעבן ווערן אַזאַ פאַך צו וועלכן ער האָט אַ נייגונג", — האָט דער יודענעלטעסטער געזאָגט אין זיין רעדע.

די אָנוועזנדע אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן דעם ענין גענומען ערנסט און געפירט אַ דיסקוסיע איבער די פאָרשלאָגן. דער לייטער פון פּאַפּיר־רעסאָרט, מ. בייגעלמאַן, האָט פאָרגעשלאָגן איינצושטעלן אין די פאַבריקן אַפּוטרופּסים, וואָס זאָלן האָבן די אויפזיכט איבער די יוגנטלעכע, זיי זאָלן נישט ווערן צו פיל אויסגענוצט ביי דער אַרבעט און זיי זאָלן אויפעסן די זופּ און נישט פאַרקויפן זי. רומקאָווסקי האָט מסכים געווען מיט דעם פאָרשלאָג און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון 5 פּערזאָן, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט די יוגנטלעכע און אַ פאַך־בייראַט פון 40 פּערזאָן.[144]

אין דעם זעלבן חודש פעברואַר האָט רומקאָווסקי אויך שלום געמאַכט מיט די מערב־יידן. פון זיינע פריערדיקע רעדעס זענען באַקאַנט די שאַרפע אָנפאַלן פונעם יודנעלטעסטען אויף די אַריינגעבראַכטע יידן פון מיטל־אייראָפּע. זיינע דראָונגען אויף זייער אַדרעס. אין חודש פעברואַר 1942, נאָכן אַרויסשיקן די 10,000 יידן קיין כעלמנאָ, פאַרן אָפּגאַנג פון די פרישע טראַנספּאָרטן, 3 חדשים פאַרן אַרויסשיקן 10 טויזנט מערבדיקע — האָט רומקאָווסקי אָפּגעהאַלטן אַ מין „שלום־קאָנפערענץ" מיט די פאַרטרעטער פון די מערב־אייראָפּעישע יידן.

דער דייטשער קאַמופלאַזש אין דער אויספירונג פון יודנעלטעסטען האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם 24־טן יאַנואַר 1942. מיטאַמאָל האָט מען אויפן באַפעל פון רומקאָווסקין דורכגעפירט וואַלן פון דעלעגאַטן פון די מערב־יידן. די קאָלעקטיווע וווינונגען האָבן געוויילט צו איינציקע פאָרשטייער, די איינוווינער אין די „פּריוואַטע" דירות האָבן געוויילט אין די קיכן, ווו זיי האָבן באַקומען מיטאָגן. צוזאַמען זענען אויסגעקליבן געוואָרן 106 דעלעגאַטן.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַמאָליקן קינאָ „בייקא" אויף פראַנצישקאַנער גאַס. „עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די פאַרטרעטער פון די מיטל־אייראָפּעישע יידן, אַרויסגעטריבענע פון בערלין, קעלן, האַנאָווער, ווין, פּראַג, לוקסעמבורג, כדי אָפּצוהאַלטן אַ באַראַטונג מיט דעם יודנעלטעסטען פון לאָדזשער געטאָ מרדכי חיים רומקאָווסקי. עס איז געווען אַן אויסטערלישער צוזאַמענטרעף צווישן געוו. באַנקירן, אינטעלעקטואַלן, וועלכע זענען נאָר וואָס אַרויסגעריסן געוואָרן פון סאַמע צענטער פון דער מיטלאייראָפּעישער קולטור און אַריינגעשליידערט געוואָרן אינעם קאָשמאַר פונעם געטאָ. מ'האָט דאָרט גערעדט אויף אַלע דייטשע דיאַלעקטן".[145] אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט 139 פערזאָן, אַחוץ די פאַרטרעטער פון די מערבדיקע זענען אויך געווען אָנוועזנד: פאָרשטייער פון די רעסאָרטן, פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע און „העכערע אָפיצירן פון דער געטאָ־פּאָליציי". „אויף אַ בכבודיקן אָרט איז געזעסן דער פּרעזעס [רומקאָווסקי] מיט זיין פרוי. געעפנט די קאָנפערענץ האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט. מ'האָט מכבד געווען מיט שוואַרצער קאַווע. גערעדט האָבן די פאָרשטייער פון די שטעט".

פון די געבראַכטע רעדעס אין דעם באַריכט אין B.K.C. וואָס איז געשריבן אין אַן אָפיציעלן נוסח, ווי רעגירונגס־קאָמוניקאַטן, איז שווער צו אורטיילן, וואָס איז פּאַקטיש גערעדט געוואָרן אויף דער דאָזיקער אויסטערלישער געטאָ־קאָנפערענץ, וועלכע איז משמעות אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הסכם מיט דער דייטשער מאַכט אָדער דורך איר אינספּירירט. עס איז נישט מעגלעך אָנצונעמען, אַז אַט די געוועזענע באַנקירן, אינטעלעקטואַלן, דאָקטוירים, ווי אויך גלויביקע קאַטאָליקן און עוואַנגעליקן, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק צו האָבן אַן עלטער־באָבע

אָדער אָן עלטער־זיידע פון יידישער אָפּשטאַמונג — אַלע ווי איינער, זאָלן האָבן נאָך חניפהדיקע לויב־רייד פאַר דער געניאַליטעט פון רומקאָווסקין און פאַר זיינע גרויסע אויפטועז פאַרן געטאָ. עס איז דאָך געווען די צייט פון שרעקלעכסטן הונגער, וואָס דאָס געטאָ האָט ווען עס איז געקענט. טאָג טעגלעך זענען דאָך אַרום 1000 גולים, דערשלאָגענע, טרויעריקע, באַגלייט פון זייערע פאַרווייטע משפּחה־אָנגעהעריקע, געפּירט געוואָרן צו דער ספּעציעל אויסגעבויטער געטאָ־באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט, כדי אַרויסגעטריבן צו ווערן פון איינגעזעסענע ערטער אין דער אומבאַקאַנטער וייט. אין משך פון די פינף חדשים, פון מיטן אָקטאָבער 1941 ביז מיטן פעברואַר 1942, זענען פון די מערבדיקע אויסגעשטאָרבן 3000 נפשות. טראָץ דעם אַלעם, האָבן די פאָרטרעטער פון אָט דער גייסטיק און פיזיש־געפייניקטער מענטשן־מחנה, אויף דער קאָנפערענץ מיט רומקאָווסקין, געהאַט צו זאָגן נאָר חניפהדיקע רייד ? עס איז דאָך כדאי צו ברענגען, עטלעכע אויסצוגן פון די דאָזיקע רעדעס :

ד"ר באָנדי, דער פאָרטרעטער פון פּראַגער טראַנספּאָרט, האָט פאַרזיכערט די לאָיאַליטעט פון די טשעכישע גולים צו רומקאָווסקי : „מ'האָט זיך שוין איינגעלעבט מיט דעם געטאָ־קלימאַט, מיר ווילן שיקן מענטשן צו דער אַרבעט" ; דער פאָר־שטייער פון ווין — ראַט אייזינגער, האָט אין זיין רעדע באַטאָנט : „מ'האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס אָרעמע געטאָ וועט געבן אַזאַ האַרציקן אויפנעם פאַר די פריש־געקומענע און וועט זיי באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. דער עיקר איז געבן באַשעפטיקונג די געקומענע ווי מעגלעך יעדן לויט זיין פּראָפעסיע און באַזאָרגן די זקנים". ד"ר פישער (בערלין) : „מיר בערלינער זענען געקומען אַהער אויסגעליידיקט אָן געלט, אָן מיטלען, צוגעווינט צו דעם טעמפּאָ פון דער גרויסער שטאָט, מיר זענען געקומען מיט די שוואַרצסטע שטימונגען, וועלכע זענען צעשטרייט געוואָרן צוליב דער גאַסטפריינדלעכקייט מיט וועלכער מ'האָט אונדז דאָ אויפגענומען. דאָס האָט אונדז איבערראַשט. מיר זענען פול מיט מוט און גלויבן, אַז עס וועט אין דער צוקונפט אַלץ בעסער ווערן. צווישן די בערלינער זענען פאַראַן אַ סך פאַכלייט, וועלכע קאָנען דינען דעם געטאָ".

דער פאָרשטייער פון די אַרויסגעטריבענע פון קעלן האָט אין זיין רעדע געזאָגט : „הגם עס איז אונדז זייער שווער געווען, ווען דער גורל האָט אונדז פון דער העלער ליכטיקער שטאָט ביים ריין פאַרטריבן אין געטאָ, איז דאָך נאָך שווערער געווען די געטאָ־באַפעלקערונג אונז אויפצונעמען, מיר האָבן נאָך מער פאַרערגערט אייער לאַגע, דאָס איז אונדזער שולד אָן שולדיקייט". דער פאָרטרעטער פון האַמבורג האָט אויסגעדריקט אָנערקענונג דער א. ד.־פּאָליציי : „עס איז פאַר אונדז געווען אָן איבעראַשונג, ווען מיר האָבן באַמערקט, בעתן אָנקומען, יידישע פּאָליציאַנטן אויפן וואָקזאַל, יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געטראָגן

אונדזער באַגאַזש. דערנאָך האָבן מיר באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ". ער האָט זיין רעדע פאַרענדיקט מיט — „שלום". *

נאָך אין איין רעדע האָט זיך געהערט אַ סאַרקאַסטיש בייסיקער טאָן, אין די ווערטער פון ראַבינער ד"ר קליין פון דיסלדאָרף. ער האָט געזאָגט קורץ: „די יידן פון דער שטאָט ווו עס איז געבוירן געוואָרן היינריך היינע — זענען צופרידן מיט זייער זיצאָרט אין געטאָ". 146

אין נאָמען פון דער „קריסטלעכער פאַראייניקונג". צו וועלכער עס האָבן געהערט 260 פּערזאָן, האָבן אויף דער אויסטערלישער קאָנפערענץ גערעדט: ד"ר ראאבא פון די עוואַנגעליקן און די קלויסטער־שוועסטער מאַריאַ פוהאַרסקאַ פון די קאַטאָליקן. ביידע האָבן געדאַנקט רומקאָווסקין פאַר געבן די מעגלעכקייט אָפּצוהיטן קריסטלעכע גאָטעס־דינסטן. דער באַריכט אין B.K.C. גיט צו: „דער פּרעזעס האָט די קריסטן צוגעטיילט אַ לאָקאַל אויף דער גאַס פונעם הייליקן יאָקוב (שוו. יאַקובאַ), ווו זיי קאָנען אָפּריכטן זייערע רעליגיעזע תפילות". די קריסטלעכע פאַרשטייער האָבן אין זייערע רעדעס אַפּעלירט צו רומקאָווסקין, אַז ער זאָל זיי דערלויבן צו לערנען אין די שולן קריסטלעכע רעליגיע און אויך איינאָרדענען אַ צמענטאַר פאַר קריסטן. 147

רומקאָווסקיס נאָענטסטער ראַטגעבער און פּאַקטישער אָנפירער פון דער גע־טאָ־אַדמיניסטראַציע, אַדוו. נעפּטאַלין — האָט צוגעזאָגט אויסצובעסערן און צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פון די מערבדיקע אין געטאָ. די הויפּט־רעדע האָט פאַרשטענדלעך געהאַלטן דער „פּרעזעס" רומקאָווסקי. ער האָט שטאַרק געלויבט די יידן פון מיטל־אייראָפּע, זייער קולטור־ניוואָ און ווידער דערמאָנט, אז מ'דאַרף אַרבעטן און אַרבעטן, כדי צו בלייבן אין געטאָ, ווייל „אַרבעט איז אַ פּאַספּאָרט אויף צו קאָנען וווינען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט". מיט 3 חדשים שפּעטער — אין מאַי 1942, איז דער ווייט גרעסטער רוב מערבדיקע געוואָרן „איבריק" אין לאָדזשער געטאָ. זיי זענען מיט רומקאָווסקיס הסכמה און דורך זיין גוואַלט־אַפּאַראַט אַרויסגעפּירט געוואָרן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. אויף דעם וועג איז געגאַנגען אויך די גאַנצע קריסטלעכע געמיינשאַפט.

רומקאָווסקי האָט אויך אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג מיט די גולים פון די שטעטלעך אַרום לאָדזש. אויף יענער פאַרזאַמלונג איז שוין זיין שפּראַך געווען אַן אַנדערע. דער פאַרשטייער פון די וולאָצלאַווקער יידן האָט פּראָטעסטירט, הלמאַי מ'האָט אַרויסגעשיקט זיינע בני עיר. דער יודענעלטעסטער האָט פאַרשטענדלעך נישט אויפגעקלערט די ריכטיקע סיבה פון אַרויסשיקן די „פּראָווינצער", נאָר

* די דאָזיקע מכלומרשטע העפלעכע באַציונג צו די יידן פון מערב־אייראָפּע, געבראַכטע אין לאָדזשער געטאָ איז ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ אונטער דער אָנפירונג פון הויפּט־רוצח גינטער פוקס.

געבייזערט זיך, פאַרוואָס מ׳שיקט אַרויס צופיל ברויט פון געטאָ. דערביי האָט ער ווי פאַרגעסן, אַז דער פאָסט־פּאַרקער מיט דער אויסערלעכער וועלט איז אָפּגע־שטעלט. רומקאָווסקי האָט געדראָט די פּראָווינצער מיט נייע אַרויסשיקונגען.[148]

✶

צו די כאַראַקטעריסטישע פאַרזאַמלונגען מיט רומקאָווסקיס באַטייליקונג אין יענער צייט — דאַרף מען נאָך צוגעבן:

אַ פאַרזאַמלונג מיט די אָנפירער פון די אונטערנעמונגען (רעסאָרט־לייטער). דעם פאָרזיץ האָט געפירט ליטווין. אין זיין רעדע האָט דער יודענעלטעסטער געדראָט, אַז עס וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון געטאָ די פּערזאָנען, וואָס וועלן נישט אויספירן ווי געהעריק די אַרבעט אין די רעסאָרטן. פּראַשקער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג האָט אין זיין רעדע דערקלערט: ער איז פון רומקאָווסקין באַשטימט געוואָרן צו קאָנטראָלירן די רעסאָרטן, האָט ער פעסט־געשטעלט, אַז עס ווערן נישט אָפּגעהיטן רומקאָווסקיס פאַראָרדנונגען. מ׳קומט שפּעט צו דער אַרבעט.

אויף אַן ענלעכער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם דריטן מערץ אין קולטור־הויז ביי דער באַטייליקונג צו צוויי פאַרטרעטער פון די אַרבעטער פון יעדער פאַבריק, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער א. ד.־פּאָליציי — לעאָן ראָזענ־בלאַט — אָפּגעלייקנט די קלאַנגען, אַז רומקאָווסקי מיט זיין שטאַב וועלן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. „ווי אַ געטרייער זעלנער וועט ער פאַרבלייבן דער לעצטער אין געטאָ״ — האָט פאַרזיכערט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט. רומקאָווסקי האָט אין זיין רעדע ווייטער געוואָרנט, געדראָט און אָנגעזאָגט, אַז מ׳וועט נעמען צום אַרויסשיקן די פּערזאָנען וואָס באַקומען שטיצע:

„וואָלטן אַלע געגאַנגען אַרבעטן — האָט געזאָגט דער יודענעלטעסטער — וואָלטן מיר געהאַט אין די רעסאָרטן (פאַבריקן) אנשטאָט 50 טויזנט באַשעפטיק־טע — 80 טויזנט. דער באַפעל (פון דער דייטשער מאַכט) מוז אויסגעפירט ווערן, ווייל, אַז נישט וועלן אים אַנדערע אויספירן בכל חומר הדין. מען פאַרלאַנגט פון מיר אַ צווייטע „אויסזידלונג״. איך וועל ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. שיקט אייערע פאַמיליע־מיטגלידער צו דער אַרבעט, צו וועלכער זיי זענען פעיק, פּאָליטיקירט נישט, ברעכט נישט די דיסציפּלין, פּראָטעסטירט נישט און סאַבאָטירט נישט די אַרבעט״.

לסוף האָט ער דערקלערט פאַר רכילות די קלאַנגען, אַז דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט, און פאַרזיכערט, אַז „עס גייט צום בעסערן״.[149]

## ז. פאַרצווייפלונג און ווידערשטאַנד פון דער געטאָ־באַפעלקערונג בעת די דעפּאָרטאַציעס

ווי אין אַלע זיינע רעדעס, האָט אויך דאָס מאָל דער יודענעלטעסטער אָפּ־גענאַרט זיינע געטאָ־יידן. עס איז נישט געגאַנגען צום בעסערן. אין חודש מערץ זענען די טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ אין טויט־לאַגער כעלמנאָ געגאַנגען יעדן טאָג. געטריבן דורך אַ דרייפאַך געפלאָכטענער בייטש: גרויליקער הונגער, טעראָר פון געטאָ־געוואַלט־אַפּאַראַט, רעדעס און אַגיטאַציעס פון רומקאָווסקין מיט זיינע מקורבים פאַר אַרויספאָרן אויף אַרבעט — „דאָרט וועט זיין בעסער". ד"ר שיקער, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם חורבן פון לאָדזשער געטאָ, האָט אין זיינע זכרונות געגעבן אַזאַ שילדערונג פון יענע קאָשמאַר־טעג:

„די דעפּאָרטאַציע איז געגאַנגען מיט אַזאַ שווינדלדיקער גיכקייט, אַז עס איז שווער געווען אָפּצואָטעמען, שווער געווען אונטערצונעמען וועלכע עס איז שריט, בעיקר צוליב דעם, וואָס די דעפּאָרטאַציע איז פאָרגעקומען אויפן סמך פון נאָמענטלעכע רשימות. די באַפעלקערונג איז אַזוי אַרום צעטיילט געוואָרן אין צוויי לאַגערן: אַרבעטנדיקע, וועלכע האָבן געהאַט די זיכערקייט, אַז דער גירוש איז זיי נישט נוגע און פון מקבלים מיט זייערע משפחות. צוליב די דאָזיקע שטימונג געזן, וועלכע האָבן געהערשט אין געטאָ, איז אוממעגלעך געווען צו טראַכטן וועגן אַן איינהייטלעכער אַקציע. איבער אַלעם האָט דאָמינירט די איבערצייגונג, אַז די מענטשן גייען נישט צום טויט". [150]

די דאָזיקע פעסטשטעלונג פון ד"ר שיקער ווערט אויך באַשטעטיקט אין די באַשרייבונגען אין .B.K.C אונטער דער איבערשריפט: „ווי אַזוי די גולים האָבן פאַרקויפט זייערע חפצים כדי פאָרן באַקומענעם געלט איינצוקויפן שפּייז אויפן וועג". דאָרט ווערט דערציילט:

„פאַר די מאַגאַזינען פון די אינסטיטוציעס (באַשטימטע צום אָפּקויפן דאָס מעבל) איז אין מערץ חודש (1942) געווען פול פון די גולים, וועלכע האָבן אַ טאָג פאָרן געצוווונגענעם אַרויספאָר געטראָגן אַהין זייערע פאַרמעגנס. אומאָפּהענגיק פון דעם איז פאָרגעקומען אַ לעבעדיקער האַנדל אויף די גאַסן און אין די טויערן, וואָס אַ טריט האָט מען געטראָפן די אומגליקלעכע, וועלכע האָבן פאַרקויפט זייערע שטוב־מעבל. די דאָזיקע בילדער וועלן אייביק בלייבן איינגעקריצט אין זכרון פון די געטאָ־איינוווינער. נאַטירלעך האָט מען אַלץ פאַרקויפט שפּאָט ביליק, אַבי זיך צו באַפרייען פון די אומנויטיקע זאַכן, וועלכע האָבן אין פיל פאַלן, דורך דורות געהערט צו דער זעלבער משפּחה; אַבי צו באַקומען אַ פּאָר גראָשן איינצוקויפן שפּייז אויפן וועג. אפשר וועט זיך איינגעבן אַריבערצופירן די פּראָ־דוקטן — טרייסט זיך יעדער פון די אַרויסגעשיקטע". [151]

✶

טראָץ דעם כיטרע־צוגעגרייטן קאָמופלאַזש פון דער דייטשער מאַכט צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונג — האָבן דאָך גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג, באַשטימטע פון דער קאָמיסיע צום אַרויסשיקן, נישט געוואָלט גוטוויליק פאַרלאָזן זייערע וווין־ערטער. בעת אַלע דעפאָרטאַציעס אין יאָר 1942 און אויך שפּעטער, אין 1944, איז כסדר פאָרגעקומען דער געראַנגל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג מיט דער א. ד.־פּאָליציי. גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. רומקאָווסקי האָט אין באַקאַנטמאַכונגען געוואָרנט קעגן לאָזן איבערנעכטיקן „פרעמדע" מענטשן. אויך די הויזוועכטער זענען געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר געפינען פרעמדע אין „זייערע" הייזער. עס האָט געדראָט מיט דער שטרענגסטער שטראָף — דעפאָרטירט ווערן פון געטאָ פאַר לאָזן איבערנעכטיקן אַ נישט־איינגעמאָלדענעם. נישט געקוקט דערויף האָבן זייער פיל זיך נישט געשטעלט אויף די זאַמלפונקטן און געוואָרן געשטיצט פון זייערע נאָענטע, פון פריינט, וועלכע האָבן פון די אָרעמע שפּייז־צוטיילונגען געטראָגן עסן אין די באַהעלטענישן. אויך די אומלעגאַלע פּאַרטייען, האָבן אָרגאַניזירט הילף פאַר זייערע אויסבאַהאַלטענע חברים.

די מער פאַרמעגלעכע משפחות האָבן איינגעקויפט שפּייז אויפן שוואַרצן מאַרק און דערמיט געשטיצט די אויסבאַהאַלטענע. די B.K.C. האָט פאַרנאָטירט אין חודש מערץ 1942 : „בעת דער דעפאָרטאַציע איז געשטיגן דער יקרות אויך צוליב דעם, וואָס מ'האָט איינגעקויפט שפּייז פאַר די באַהאַלטענע, וואָס האָבן זיך נישט געשטעלט צום אַרויסשיקן". ביי אַזעלכע פערזאָנען זענען אָפּגענומען געוואָרן די שפּייז־קאַרטן. די א. ד. פּאָליציאַנטן זענען, וואָס ווייטער, אַלץ פאַרטעמפּטער געוואָרן ביי זייער אכזריותדיקער אַרבעט. זיי האָבן מיט ברוטאַלן טעראָר געשלעפּט פון די וווינונגען, פון באַהעלטענישן די טויזנטער געטאָ־יידן, וועלכע האָבן זיך נישט געשטעלט צום אַרויסשיקן.[152]

## 9.

# דייטשער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן אין די דעפּאָרטאַציע־חדשים

אין אַרכיוו פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" האָבן זיך אויפגעהאַלטן נאָמענט־לעכע רשימות פון די יידישע פאַרמעגנס, וואָס זענען אויפן סמך פון „פאַרטרוי־לעכע מיטטיילונגען קאָנפיסקירט געוואָרן" אין די 4 חדשים פון דער ערשטער גרויסער דעפּאָרטאַציע. די אָנפירער פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן, משמעות, אין דעם פעריאָד באַזונדערס אויפגעפּאַדערט זייערע „פאַרטרויאונגס־מענער" אין געטאָ אָפּצוזוכן די באַהאַלטענע ווערט־זאַכן און סחורות, וועלכע קאָנען נאָך פאַרשווינדן צוזאַמען מיט די גולים. די דערמאָנטע רשימה האָט פאָלגנדע איבערשריפט:

K. II/5 Litzmanstadt, d. 26.4.42

AUFSTELLUNG

der beschlagnahmten Gegenstände die in den Monaten Februar, März u. April 1942 auf Grunt vertraulicher Mitteilungen erfast und lt. kontrollbuch dem Ernährungs- und Wirtschaftsamt bezw. der Verwahrstelle K. D. 3 ubergeben wurden :

### אויפשטעלונג

פון קאָנפיסקירטע זאַכן, וואָס זענען אין די חדשים פעברואַר, מערץ און אַפּריל 1942, אויפן גרונד פון פאַרטרוילעכע מיטיילונגען גענומען און אַריינגעטראָגן אין קאָנטראָלבוך פון דער דערנערונגס־אוןווירטשאַפטס־אַמט [ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג] און איבערגעגעבן געוואָרן דער אויפהיטס־שטעל ק.ד.3.

## 1־טע רשימה:

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| .1 | 1.2.42 | זיעלאָנקאַ, האַנסעאַטענשטר. 16 * | פֿאַרשידענע סאָרטן צירונג | 500 |
| .2 | 1.2.42 | אינגבערג, קרויצגאַס 7 | 1 פֿאַסטן גאָרן, 1 פֿאַסטן זאָקן | 300 |
| .3 | 1.2.42 | סקאָטשילאַס, האָהענשטיינער 32 | טעפּיכער, שרייב־מאַשין, קרישטאָלן, צירונג | 800 |
| .4 | — | קאַטשקין, אָסטשטראַסע 66 | פֿאַרשידענע צירונג און דעוויזן | 6000 |
| .5 | 1.2.42 | גייסלער | פֿאַרש. צירונג | 900 |
| .6 | 1.2.42 | מלאַשעווסקי, קורפירשטנשטר. 12 | 2 זילבער־פוקסן, 5 פעלץ־מאַנטלען און צירונג | 6500 |
| .7 | 1.2.42 | ראָזענבלאַט ד., עקאַרדשטראַסע 11 | דעוויזן און זילבער־זאַכן | 500 |
| .8 | 1.2.42 | אלבעק א., היטלערשטראַסע נומ. 22 | צירונג און באַנקנאָטן | 2000 |
| .9 | 5.2.42 | ענגעל, אַלעקסאַנדער־האָפשטראַסע 8 | גאָלד, מענערזייגער, | 250 |
| .10 | 5.2.42 | וויינבערג, האָהענשטיינער 15 | צירונג און דעוויזן | 400 |
| .11 | 5.2.42 | גינטער, שטראַסע ד. 8, אַרמיי 10 | פֿאַרשידענערליי צירונג | 350 |
| .12 | 6.2.42 | גאָלדבערג אַלעקסאַנדער־האָפשטראַסע 26. | פֿאַרשידענערליי צירונג | 10,000 |
| .13 | 6.2.42 | קאָרנגאַס 15 | לירא־ביזאַם־טרוירפעלעכלעך, 2 בלוי־פוקסן | 6000 |
| .14 | 6.2.42 | אומבאַקאַנט, א. היטלערגאַס 293 | פעלצן, וועש,פֿאַרשידנס | 5000 |
| .15 | 6.2.42 | ווידאַווסקי, אַלעקסאַנדערהאָף שטר. 12 | פֿאַרש. צירונג | 1000 |

* די נעמען פון די גאַסן — ווי אין אָריגינאַל, אַזוי ווי זיי זענען געענדערט געוואָרן דורך דער אָקופּאַציע־מאַכט. אין די רשימות זענען פֿאַראַן גאַסן, וואָס זענען געווען מחוצן געטאָ. אויף דער אָנווייזונג פון די מוסרים האָט די „קריפּאָ" אָדער געשטאַפּאָ אויף יענע גאַסן אויסגעפינען ווערט־זאַכן, וואָס יידן האָבן באַהאַלטן.

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| .16 | 10.2.42 | קאַלקאַ, שלאָסשטר. 8 | 3 ברילּיאַנטשטיינער און דעוויזן | 2000 |
| .17 | 10.2.42 | שאכטעל, פעפערגאַס 7 | פאַרשידענע צירונג | 80,000 |
| .18 | 10.2.42 | שלעזינגער, אַלעקסאַנדער־האָף שטר. 25 | פאַרשידענע פעלצן | 1000 |
| .19 | 11.2.42 | קלאָרמאַן, פראַנצשטר. 26 | פאַרשידענערליי צירונג | 1200 |
| .20 | 11.2.42 | יאַנאָווסקאַ, האָהענשטיינער־שטר. 24 | פערזיאַנער פעלץ־מאַנטל | 1000 |
| .21 | 11.2.42 | באָרוכאָווסקי, סולצפעלדער־שטר. 14 | געשטריקטע קליידער, וועש, שאַלן, וואָל־זאַכן | 1000 |
| .22 | 11.2.42 | גרינבוים, סולצפעלדער־שטר. 19 | פאַרש, צירונג און דעוויזן | 2000 |
| .23 | 12.2.42 | בינען, סולצפעלדער־שטר. 16 | פאַרשיד. אייזן־סחורות | 200 |
| .24 | 16.2.42 | בערנשטיין, סולצפעלדער־שטר. 48 | פאַרשידענערליי צירונג | 450 |
| .25 | 16.2.42 | ליפשיקי, האָהענשטיינער־שטר. 21 | דאַמענפעלץ־מאַנטל | 400 |
| .26 | 16.2.42 | גראָס, באַזאַר־גאַס 2 | צירונג און דעוויזן | 5000 |
| .27 | 16.2.42 | צוואַנג, מילגאַס 11 | פאַרשידן צירונג | 400 |
| .28 | 16.2.42 | וואַרשאַווסקי, אַם באַך 15 | דעוויזן, פערזיאַנער מאַנטל, צירונג | 2500 |
| .29 | 16.2.42 | אומבאַקאַנט, טאָוענט־צינזשטר. 30 | 1 פאַסטן ביוולנע קאָפּטיכלעך, לייוונט פפ. | 300 |
| .30 | 16.2.42 | קופערמאַן, אַם באַך 14 | פאַרשיד. צירונג | 4500 |
| .31 | 17.2.42 | לופטמאַן, שלאַגעטער־שטר. 13 | אַ פאַסטן זוילן־לעדער | 2000 |
| .32 | 18.2.42 | שאָטען, רייטערשטר. 14 | פאַרשיד. צירונג | 350 |
| .33 | 18.2.42 | בערנשטיין, סולצפעלדער־שטר. 48 | פאַרצעלאַן־באַשטעק | 150 |
| .34 | 18.2.42 | פאָרטוגעל, הירטענשטר. 2 | פאַרשיד. צירונג | 350 |
| .35 | 18.6.42 | לאַך, אַלעקסאַנדערהאָף שטר. 25 | פעלצן, קרישטאָלן, צירונג | 3500 |

**דייטשער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן אין די דעפּאָרטאַציע־חדשים**

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| .36 | 18.2.42 | אינגער, האָהענשטיינער־שטר. 8 | צירונג, 1 פעלץ, דעוויזן | 2400 |
| .37 | 19.2.42 | שמאַראַט, אינזעלשטר. 9 | 1 פּאָסטן פּאַרש. צירונג, פעלצן | 450 |
| .38 | 19.2.42 | וואָטשעק, באַזאַר־גאַס 1 | צירונג און פעלצן | 950 |
| .39 | 19.2.42 | פיין, האַלצשטר. 16 | 11 זאָקן־מאַשינען, 7 שטריק־מאַשינען | 5000 |
| .40 | 19.2.42 | שפּיראָק, ווידאָקשטר. 9 | קרישטאָלן פּפּ. | 350 |
| .41 | 21.2.42 | האבע, קאָרנגאַס 16 | גאָלדענער זייגער, שטאָף־רעשטן | 350 |
| .42 | 21.2.42 | גאָלדבערג, אַלעקסאַנדער־האָף 25 | 2 פעלצמאַנטלען | 1500 |
| .43 | 21.2.42 | סטאָלניקאָוויטש, האַמבורגערשטר. 40 | פּאַרש. צירונג און באַשטעק | 250 |
| .44 | 22.2.42 | שוואַרצבאַרט, האָהענשטיי־נער שטר. 31 | גאָלדענער זייגער, פעלצן, עס־כלים | 2300 |
| .45 | 22.2.42 | וויינבערג, גראַנאַך שטר. 25 | פּאַרש. צירונג | 650 |
| .46 | 24.2.42 | פּיכטענצווייג, שפּערלינג־גאַס 8 | פּאַרש. צירונג, פּאָרצעלאַנען | 600 |
| .47 | 27.2.42 | זילבערבערג, מאָלטקע־שטר. 23 | 1 פּאָסטן פּאָרצעלאַן, דאַמען־זאָקן | 200 |
| .48 | 27.2.42 | פּינקוס, באַזאַרגאַס 10 | מענערפעלץ־מאַנטל | 600 |
| .49 | 28.2.42 | קאָסאָוואַ, ווייט שטאָס 10 | 1 גאָלדפּלאַטע, גאָלד. זייגער | 450 |
| .50 | 28.2.42 | קעלקאָפּ, גראַנאַך שטר. 38 | 1 פּאָסטן פּאָרצעלאַן, וועש, צירונג | 800 |
| .51 | 28.2.42 | היימאַן, רייטער־שטר. 1 | 1 פעלצמאַנטל | 150 |

סך־הכל אין ר״מ: 147,300

צוגעגרייט: (—) וו. נוימאַן
קרימינאַל־סעקרעטאַר

## 2־טע רשימה:

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| .1 | 2.3.42 | קאַלוציענער [קאַלושינער?], האָהענשטיינערשטר. 10 | 2 בריליאַנט־שטיינער | 1400 |
| .2 | 2.3.42 | סאַלטישאַק, מעסטעהאַוז־שטר. 100/24 | 1 פאַטעפאָן און יידישע פּליטן | 400 |
| .3 | 2.3.42 | וויינגאַרטן, בלאַטבינדער־גאַס 16 | פאַרשיד. צירונג | 950 |
| .4 | 3.3.42 | האַרץ, פעפער־גאַס 7 | צירונג און פאַרש. געברויכזאַכן | 850 |
| .5 | 4.3.42 | ליפשיץ, פראַנץ־שטר. 28 | קעטל־מאַשינען, זאָקן־ניי־מאַשינען | 1200 |
| .6 | 4.3.42 | גדאַנסקאַ, באַלוטער רינג 11 | צירונג און לייוונט | 400 |
| .7 | 4.3.42 | קאַופמאַן, רייגער שטר. 9 | 1 טעפּיך, פערזיאַנער און אַנד. פוטער־מאַנטלען | 4500 |
| .8 | 4.3.42 | האַרץ, פעפער־גאַס 7 | פאַרש. צירונג און דעוויזן | 1200 |
| .9 | 4.3.42 | סקולסקי, ציטענשטר. [צימערשטר.?] נומ. 23 | באַשטעק, צירונג | 1000 |
| .10 | 5.3.42 | טראַובע, רעמבראַנד־שטר. 4 | דעוויזן, ר״מ און געטאָ־געלדער | 1200 |
| .11 | 5.3.42 | לייזעראָוויטש, פעפערגאַס 7 | דעוויזן, צירונג און וועש | 550 |
| .12 | 5.3.42 | גליקסמאַן, ראָוד־גאַס 22 | פאַרש. צירונג, מענער־פעלצמאַנטל | 1200 |
| .13 | 5.3.42 | פוקס, סולצפעלדערשטר. 5 | אי. ס. א. דאָלער א. אַ. באַנקנאָטן | 250 |
| .14 | 6.3.42 | ירוזאַלעם, סולצפעלדער־שטר. 65 | פעלצמאַנטל, צירונג | 650 |
| .15 | 6.3.42 | לעווקאָוויטש, אַם באַך 7 | קרישטאָלן, טעפיכער, יידישע בעטגעוואַנט | 450 |
| .16 | 6.3.42 | לובינסקי, פראַנץ־שטר 38 | דאַמענפעלץ־מאַנטל, צירונג | 1600 |
| .17 | 6.3.42 | לעווקאָוויטש, אָסט־שטר 15 | שטאָף־רעשטן פּפ. | 250 |
| .18 | 6.3.42 | בעהם, באַזאַרגאַס 10 | מענערפעלץ־מאַנטל | 1400 |
| .19 | 9.3.42 | אומבאַקאַנט | פאַרש. געטר.[יקנטע] פעלצן און וועסטן | 600 |
| .20 | 9.3.42 | קנאָפּפּ, שפערלינג־גאַס 12 | געטאָ־געלט, מלבושים | 1400 |

דייטשער רויב פונעם יידישן פאַרמעגן אין די דעפּאָרטאַציע־חדשים

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| 21. | 9.3.42 | בלייוויס, האָהענשטיינער־שטר. 74 | פאַרש. צירונג | 500 |
| 22. | 10.3.42 | יאַקובאָוויטש, האָהענשטיי־נער־שטר. 96 | קרישטאָלן און גאָלד־צירונג | 350 |
| 23. | 12.3.42 | מאָסקאָוויטש, בלייכערוועג 9 | פערזיאַנער דאַמען־פעלצמאַנטל | 1200 |
| 24. | 12.3.42 | עפּשטיין, האַמבורגער־שטר. 1 | פעלץ־מאַנטל און פאַרש. צירונג | 950 |
| 25. | 12.3.42 | טאַראַנטשעק, אַסטלאַנד־שטר. 51 | 1 פאַסטן אייזנסחורות, מכשירים | 2500 |
| 26. | 12.3.42 | ראָזענבלום, אַלעקסאַנדער־האָף־שטר. 27 | פעלצמאַנטל, קראַגן, 1 בריליאַנטשטיין | 1200 |
| 27. | 12.3.42 | פאַבריקאַנט, פראַנצ. שטר. 30 | פאַרש. צירונג, קופּערט פּפ. | 750 |
| 28. | 13.3.42 | מאַריאַן יאָזעף, אַלעקסאַנ־דערהאָפשטר. 11 | דאַמענפעלץ־מאַנטל | 200 |
| 29. | 12.3.42 | גרינשטיין, פעפער־גאַס 7 | או. ס. א. דאָלער, געטאָ־געלט | 800 |
| 30. | 13.3.42 | אמזעל, מאַטראָזענגאַס 19 | 1 פאַסטן אויסגעפּערטיקטע זאַכן, צירונג | 450 |
| 31. | 13.3.42 | לייזעראָוויטש, סולצפעל־דערשטר. 11 | 2 בריליאַנט־שטיינער | 1300 |
| 32. | 18.3.42 | רובינעק, גלאָקנערגאַס 10 | 2 טעפּיכער, שלאָפשטול, סענפּולווער | 2000 |
| 33. | 18.3.42 | פראַגעל, רייטערשטר. 9 | פאַרשידן צירונג | 2500 |
| 34. | 18.3.42 | ראַפּאַפּאָרט, גלאָקנערגאַס 10 | פאַרשידענערליי צירונג, דעוויזן, 1 פעלץ־פוטער | 1500 |
| 35. | 19.3.42 | ראָזענבלום, אַדאָלף היטלער־שטר. 38 | מעטאַל־באַשטעק און קרישטאָל־זאַכן | 650 |
| 36. | 19.3.42 | בענעדיקט, גראַנאַך־שטר. 38 | 1 בריליאַנט־שטיין און פאַרשידענע אַנדערע זאַכן | 1500 |
| 37. | 18.3.42 | אָסאָוואצקי, האָהענשטיינער־שטר. 43 | מענערפעלץ־מאַנטל, דאַמענפעלץ־מאַנטל | 1600 |
| 38. | 18.3.42 | שמולעוויטש, באַזאַרגאַס 7 | 1 פעלץ, פאַרשידן צירונג | 950 |

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| 39. | 19.3.42 | הערצבערג, צענטראַל־געפענגניש | פאָטאָגר. אַפּאַראַטן, צירונג, קופּערטן, קרישטאָל־זאַכן פּפּ. | 30,000 |
| 40. | 19.3.42 | שטיינערט, טאַלוועג 12 | פּאַרש. צירונג, ר״מ געלטער | 2200 |
| 41. | 21.3.42 | אַבראַהאַמסאָן, פיששטר. 4 | מענערפעלץ־מאַנטל | 850 |
| 42. | 21.3.42 | קריביוס, אָסטלאַנד־שטר. 60 | 1 פאָסטן גאַלאַנטעריע־סחורה, ניימאַשינען | 650 |
| 43. | 21.3.42 | בענעט, אַלעקסאַנדערהאָף־שטר. 29 | פעלצן און צירונג | 450 |
| 44. | 23.3.42 | גינסבורג, קעניגסבערגער־שטר. 14 | פּאַרש. צירונג, דעוויזן, מכשירים | 4000 |
| 45. | 23.3.42 | ערליך, האַמבורגער־שטר. 27 | מענערפעלץ־מאַנטל, דאַמענפעלץ־מאַנטל, וועש | 1200 |
| 46. | 23.3.42 | גרינבערג, האַנסעאַטען־שטר. 26 | דעוויזן, שמוק, קרישטאָלן, פעלצן | 3500 |
| 47. | 24.3.42 | לעווקאָוויטש, שלאַגעטער־שטר. 26 | טעפּיכער, לויף־טעפּיכער, זילבער־פוקס, פּאַרש. קרישטאָלן | 1500 |
| 48. | 24.3.42 | יאַקולעוויטש, סולצפעלדער־שטר. 17 | 1 פאָסטן אייזן־סחורות, גליי־לאָמפּן, 1 מאָטאָר | 3500 |
| 49. | 24.3.42 | בענעט, אַלעקסאַנדערהאָף־שטר. 21 | צירונג, באַשטעק פּפּ. | 900 |
| 50. | 24.3.42 | וואָלקאָוויטש, אַלעקסאַנדער־האָף־שטר. 29 | פּערזיאַנער מאַנטל, פערדגעשפּאַן | 800 |

סך־הכל אין ר״מ: 91,900

צוגעגרייט: (—) וו. נוימאַן
קרימינאַל־סעקרעטאַר

## 3־טע רשימה:

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר"מ |
|---|---|---|---|---|
| .1 | 26.3.42 | לייזעראָוויטש, האַמבורגערשטר. 42 | 1 פּאָסטן פּאַרש. גאַרן, הענטשקעס, 1 הענטשקע־מאַשין | 500 |
| .2 | 26.3.42 | גראָמאַן, בלאַטבינדער־גאַס 17 | 3 בריליאַנטשטיינער, דעוויזן און פעלצן | 1100 |
| .3 | 26.3.42 | בענעט, פראַנץ־שטר. 20 | פּאַרש. מינים צירונג | 850 |
| .4 | 26.3.42 | קאַלמאַנאָוויטש, גראַנאַך־שטר. 11 | צירונג, דעוויזן, 1 פּאָסטן זאַכן | 650 |
| .5 | 31.3.42 | קאַרטשינסקי, באַזאַרגאַס 8 | צירונג | 3200 |
| .6 | 31.3.42 | אַרזשעגאָווסקאַ, האַמבורגערשטר. 21 | 1 לירע־פעלץ, 2 גאָלד־רינגען מיט שטיינער | 850 |
| .7 | 31.3.42 | העלמאַן, האַמבורגערשטר. 21 | 1 פעלץ, צירונג | 900 |
| .8 | 31.3.42 | ראָטגערבערג, פיש־שטר. 10 | פאַרשידנערליי צירונג, פידלען, ניימאַשין | 450 |
| .9 | 31.3.42 | טייך, האַלץ־שטר. 33 | 30 פּאַרש. קרישטאָלן, ניימאַשין, וועש, צירונג | 2000 |
| .10 | 31.3.42 | שמולעוויטש, האַלץ־שטר. 9 | 2 בריליאַנט־רינגען | 850 |
| .11 | 31.3.42 | קוטנאָווסקי, האַלץ־שטר. 12 | 195 שטיק וועש, 1 פּאָסטן גאַרן און וואָל, קרישטאָלן | 6000 |
| .12 | 31.3.42 | פּינקאָווסקי, סולצפעלדער 16 | געטאָ־געלט, לעדער, כאַלעוועס | 450 |
| .13 | 31.3.42 | באַום, אינזעל־שטר. 2 | שטאָף־רעשטן, צירונג, 2 פעלצן | 1250 |
| .14 | 1.4.42 | ליפשיץ, פראַנצשטר. 30 | 1 פעלץ | 100 |
| .15 | 1.4.42 | אָססעלקאַ, אַם־באַך 15 | טעפּיך, קאָלדרעס | 1500 |
| .16 | 1.4.42 | אומבאַקאַנט, מאַרקט 6 | 1 פּאָסטן טאַפּעטן און פּאַפּיר־קאַנטן | 400 |
| .17 | 1.4.42 | שאַטאַן, קרייטער־גאַס 13 | צירונג און דעוויזן | 2500 |
| .18 | 1.4.42 | וויעטשינסקי, ראָוד־גאַס 33 | צירונג און דעוויזן | 2500 |
| .19 | 2.4.42 | קאָכאַנסקי, האַמבורגער 14 | 1 פּאָסטן זומער־מאַנטלען, 1 פּאָסטן אַנצוגן, 1 פּאָסטן שטאָף־רעשטן | 350 |
| .20 | 3.4.42 | כיימאָוויטש, גראַנאַך־שטר. 30 | 1 פּאָסטן שטריקערייַ־סחורה, 2 שליטל־מאַשינען | 650 |

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר״מ |
|---|---|---|---|---|
| .21 | 3.4.42 | גליימאַן, אַלעקסאַנדער־האָף שטר. 36 | געטאָ־געלט | 4500 |
| .22 | 3.4.42 | אומבאַקאַנט, שליפּענשטר. 20 | צירונג און דעוויזן | 6000 |
| .23 | 9.4.42 | אורבייטעל, טיציאַן־שטר. 12 | שטאָף־רעשטן, פּעלצמאַנטלען, טעפּיכער | 1200 |
| .24 | 9.4.42 | ראָלניצקי, פישגאַס 10 | צירונג, דעוויזן, אַנצוג, אינלעט | 950 |
| .25 | 9.4.42 | גוטמאַן, סולצפעלדער 15 | דעוויזן, צירונג, שטאָפן | 800 |
| .26 | 10.4.42 | גרינשטיין, פעפער־גאַס 13 | צירונג־זאַכן | 1250 |
| .27 | 10.4.42 | ציטרין, ראָוד־גאַס 44 | צירונג, דעוויזן | 4000 |
| .28 | 19.4.42 | סיעראַצקי, באַלוטער רינג 8 | צירונג, גאַלאַנטערי | 650 |
| .29 | 10.4.42 | פּיטאָווסקי, אומבאַקאַנט | טעפּיך, וועש | 1500 |
| .30 | 10.4.42 | האָפּנונג, גראַנאַך־שטר. 8 | פּעלצמאַנטלען, שטאָף, לייוונט, אייזנוואַרק, אַנצוגן | 3500 |
| .31 | 13.4.42 | ראָזנבלאָט, רעמבראַנדשטר. 13 | טעפּיך, קרישטאָלן | 450 |
| .32 | 13.4.42 | ראָסקין, האָהענשטיינער־שטר. 28 | 3 בריליאַנטשטיינער, צירונג | 8000 |
| .33 | 14.4.42 | זיידע, פראַנץ־שטר. 15 | פּאָרש. צירונג, שטאָף, וועש־סחורה | 450 |
| .34 | 14.4.42 | ראָטענבערג, גראַנאַך־שטר. 23 | געטאָ־געלטער | 1200 |
| .35 | 13.4.42 | בירנבאום, פראַנץ־שטר. 52 | פּעלצמאַנטל, געטאָ־געלט, לייוונט | 1550 |
| .36 | 14.4.42 | קאַכאַנסקי, האַמבורגערשטר. 14 | או. ס. א. באַנקנאָטן | 200 |
| .37 | 14.4.42 | ווילפער, אַלטער מאַרק 15 | פּעלצמאַנטל, צירונג, באַנקנאָטן | 2000 |
| .38 | 14.4.42 | וויינבערג, אם־באך 6 | פּעלצמאַנטלען, פעלן | 6000 |
| .39 | 14.4.42 | האָכמינץ, אם באך 12 | 1 פּאַסטן גאַלאַנטעריע־סחורה, שרייבמאַשין, פּעלצמאַנטל | 1650 |
| .40 | 14.4.42 | קראוסקאָפּ, בירשטר. 39 | או. ס. א. גאָלד־דאָלאַר | 300 |
| .41 | 14.4.42 | מאיר ווייל, ראָוד־גאַס 39 א | פּאַרש. צירונג, וועש פּפּ. | 1800 |

| ל.נ. | טאָג | נאָמען און אַדרעס | צוגענומענע זאַכן | ווערט אין ר"מ |
|---|---|---|---|---|
| .42 | 14.4.42 | אומבאַקאַנט, גאַס פון דער 8 אַרמיי 33 | פּאַרש. צירונג | 350 |
| .43 | 14.4.42 | אַבאַוואַלי, האַלץ־שטר. 27 | פּעלצמאַנטלען | 1600 |
| .44 | 14.4.42 | ווענגער, האַהענשטיינער 19 | ניימאַשין | 350 |
| .45 | 15.4.42 | פּישלעוויץ, האַהענ־שטיינער־שטר. 21 | צירונג, ניימאַשין, מעטאַל־לייכטער, שוסטער־מאַשין | 1400 |
| .46 | 17.4.42 | וואָלפאָוויטש, סולצפעלדער־שטר. 67 | פּעלצמאַנטל, פּאַרפום־פּראָדוקציעס מאָטאָר | 350 |
| .47 | 17.4.42 | צייאַנע [זייאַנע ?], סולצפעלדערשטר. 25 | 1 פּאָסטן היטלעך, 1 פּאָסטן געשטריקטע קליידער | 600 |
| .48 | 20.4.42 | שמולעוויטש, טעלעגראַפן־שטר. 8 | פּאַרש. צירונג | 800 |
| .49 | 20.4.42 | קאַהאַן, פראַנץ־שטר. 75 | ניימאַשינען, צירונג, גאַלאַנטעריע־סחורות | 2500 |
| .50 | 20.4.42 | דימענטמאַן, האַלץ־שטר. 11 | צירונג־זאַכן, באַנקנאָטן | 600 |
| .51 | 20.4.42 | וויינטרויב, האַהענ־שטיינערשטר. 28 | בריליאַנט־שטיינער, פּאַרש. צירונג, טעפּיך | 6000 |
| .52 | 20.4.42 | וויל, קאַרנגאַס 4 | לעדער־אַקטנטאַשן, דאַמענ־האַנטטאַשן, צירונג | 6500 |
| .53 | 21.4.42 | אסט. סולצפעלדער־שטר. 11 | פּעלצמאַנטלען, דעצימאַל־וואָג, פערד־געשפּאַן | 1000 |
| .54 | 21.4.42 | העפּנער, בלאַטבינדערגאַס 4 | ניימאַשינען, טעפּיך, פּעלצמאַנטל | 750 |
| .55 | 21.4.42 | גאָטליב, האַהענשטיינער־שטר. 13 | פּאַרש. צירונג, פּעלצמאַנטל | 1500 |
| .56 | 21.4.42 | זילבערבערג, שטיינמעץ־גאַס 12 | פּעלצמאַנטל, צירונג | 1200 |
| .57 | 21.4.42 | פּערלעגער, אַלטער מאַרק 3 | פּאַרש. צירונג, שטאָף־רעשטן | 650 |
| .58 | 22.4.42 | האַרטהערץ, אַלטער מאַרק 5 | 1062 או. ס. אַ. דאָלער, צירונג פּפּ. | 4000 |
| .59 | 25.4.42 | קושינסקי, באַלוטער רינג 3 | דאַמענמאַנטל | 350 |

סך־הכל אין ר"מ: 105,000

צוגעגרייט: (—) **וו. נוימאַן**
**קרימינאַל־סעקרעטאַר**

K II/5 Getto

Litzmannstadt, den 28.4.42

GESAMTAUFSTELLUNG

der Werte die in den Monaten Februar, März und April 1942 erfast wurden :

## ס ך ־ ה כ ל

פון די ווערט־זאַכן, וואָס זענען אין די חדשים פעברואַר, מערץ און אַפּריל, 1942, גענומען געוואָרן:

| | | |
|---|---|---|
| .1 | פעברואַר 1942 . . . . . . . . . | 147.300 ר״מ |
| .2 | מערץ 1942 . . . . . . . . . . | 91.900 ר״מ |
| .3 | אַפּריל 1942 . . . . . . . . . . | 105.000 ר״מ |
| | צוזאַמען | 344.200 ר״מ |

צוגעגרייט: (—) וו. נוימאַן
קרים. סעקרעטאַר [153]


Nr. 324

Dawid Gertler, Matrosengasse 19
gibt an ,dass der Einwohner Józef Alt
bei dem Hauswächter in der Lagerstrasse 37
einige Reisekoffer mit wertvollen
Gegenständen zurückgelassen hat.

Die Anwesenheit des Antragstellers ist notwendig,um
den Ort anzuweisen.

מיטיילונג פון דוד גערטלער צו „קריפאָ" וועגן אויסבאַהאַלטן יידיש פאַרמעגן

## .10

# דערשיסונגען און עקזעקוציעס בעת די דעפּאָרטאַציעס

### אַ. דערשיסונג ביים געטאָ־צוים

אַ חוץ די פּיינלעכע איבערלעבונגען פון די גולים און זייערע משפּחות, וואָס זענען געצווונגען געווען צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, איז דאָס לעבן אין דעם עמק הבכא געגאַנגען מיט זיין „נאָרמאַלן" גאַנג. די 50 טויזנט אַרבעטער באַשעפטיקטע אין די אונטערנעמונגען, זענען יעדן טאָג אויפגעשטאַנען אין זייערע ענגע קאַלטע, פּראָסטיקע שטיבלעך און ציטערנדיק פאַר קעלט אין די אָפּגעטראָגענע בגדים, זענען זיי אַוועק הונגעריק אין די אַרבעטס־רעסאָרטן. אין דער זעלבער צייט זענען הונדערטער יידן יעדן פרימאָרגן געטריבן געוואָרן דורך די פּאָליציאַנטן צו די זאַמלפּונקטן, ארויסגעפירט צו ווערן פונעם געטאָ.

די „פרייע" מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָבן זיך אָפּגעשטעלט לייענען די „באַקאַנטמאַכונגען" פונעם יודענעלטעסטען. איינע פון זיי מיט דער ווענדונג — „שוועסטער און ברידער", האָט געגעבן צוּוויסן דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז אויף דער אינטערווענץ פונעם יודענעלטעסטען וועלן די דייטשע וואַכן נישט שיסן ביי די געטאָ־פּאַרצוימונגען, אַ חוץ צו שמוגלער און צו אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס ווילן אומדערלויבט פאַרלאָזן דאָס געטאָ — האָט מודיע געווען די „באַקאַנטמאַכונג" און אויפגעפאָדערט די אַרבעטער אין די באַאַמטע אָפּצוהיטן די רו אין געטאָ און גיין פּינקטלעך צו דער אַרבעט.[154]

די אַרבעטער און באַאַמטע זענען טאַקע רואיק און פּינקטלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט, אָבער די דערשיסונגען ביים געטאָ־צוים האָבן נישט אויפגעהערט.

אין חודש פעברואַר זענען ביים געטאָ־צוים דערשאָסן געוואָרן: וואָלף פישל קופּערמאַן פון טאָמאַשאָוו מאַזאָוויעצק פאַר פרווון אַריינבאַקומען זיך אין געטאָ. דער פּאָלאַק מאַריאַן אשעצקי, פון פּאַך, אַ פריזיער — פאַר דעם זעלבן חטא. עס איז נישט פעסטגעסטעלט געוואָרן צוליב וועלכער סיבה אשעצקי האָט געוואָלט אַריין אין אָפּגעשלאָסענעם יידן־שטח. לודוויק ראאבעל, אַן אָפּשטאַמיקער פון טשעכיע, פון פּראַגער טראַנספּאָרט און אירענאַ טערעזאַ לעווענטאַל מיט דעם צוגאָב־נאָמען שרה — זענען דערשאָסן געוואָרן ביים אַנטלויפן פון געטאָ. טערעזאַ לעווענטאַל האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד און איז געקומען מיטן פראַנקפורטער טראַנספּאָרט. אויף אַ באַזונדערס טראַגישן אופן איז דערשאָסן געוואָרן פרוי הערטאַ גערנער, די טאָכטער פונעם טשעכישן רב מילער. הרב מילער איז צוזאַמען מיט זיין קראַנקער פרוי און צוויי טעכטער געבראַכט געוואָרן אין געטאָ מיטן פּראַגער טראַנספּאָרט. די פרוי איז געשטאָרבן אין יאַנואַר 1942. נאָך דער מוטערס טויט

איז די טאָכטער, די 36 יעריקע הערטאַ גערנער אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג, זי איז אַרויס פון געטאָ און געוואָרן דערשאָסן דורך דער דייטשער וואַך, 10 מעטער ווייט פון דער דראָט־פאַרצוימונג. לויט דער .B.K.C איז די טאָכטער פון דעם רב, אויס פאַרצווייפלונג צוליב דעם טויט פון דער מוטער, צוגעקומען צום געטאָ־צוים און געבעטן די דייטשע וואַך צו שיסן צו איר. אָבער אַ פאַקט איז, אַז מ׳האָט זי געפונען טויט 10 מעטער ווייט פונעם געטאָ־צוים.[155]

## ב. עקזעקוציעס פאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער דייטשער מאַכט

ד״ר אולריך שולץ, אַן אַדוואָקאַט פון טשעכישן פראַג, מיט דעם צוגאָב־נאָמען איזראַיל איז געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ מיטן צווייטן פראַגער טראַנספּאָרט. ער איז באַלד אָפּגעפירט געוואָרן אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס. דאָס פאַרברעכן פון ד״ר אולריך שולץ איז באַשטאַנען אין שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געפירט דעם טראַנספּאָרט. שולץ איז פון געפענגניש נישט אַרויס. דעם 18־טן אָדער דעם 19־טן יאַנואַר איז ער דערשאָסן געוואָרן אויפן הויף פון דער געטאָ־תפיסה. די עקזעקוציע האָבן אויסגעפירט דייטשע פּאָליציאַנטן אין דער אָנוועזנהייט פונעם תפיסה־קאָמענדאַנט — שלום הערצבערג. אַ גרויסער פּלאַקאַט, פונאַנדערגעקלעפּט אויף די געטאָ־מויערן, אונטערגעשריבן פון דער דייטשער מאַכט, האָט מיטגעטיילט וועגן פאַרברעכן פונעם פראַגער יידישן אַדוואָקאַט און וועגן דער עקזעקוציע, וואָס איז איבער אים אויסגעפירט געוואָרן.[156]

אַ צווייטע עקזעקוציע איבער אַ ייד, וואָס האָט געפּרוווט אַנטלויפן פון לאָדזשער געטאָ, האָט די דייטשע מאַכט שוין דורכגעפירט מיט בעסטיאַלישער אכזריות אין דער אָנוועזנהייט פון פרוי און טעכטערל פונעם פאַרפייניקטן און פון 8000 יידן, גולים פון דייטשלאַנד.

מאַקס הערץ איז געווען דער נאָמען פונעם קרבן, אַ דייטשער ייד פון קעלן, געבוירן אין יאָר 1888, פון פאַך אַ דרוקער. צוזאַמען מיט זיין פרוי און 9 יעריק טעכטערל איז ער מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט פון קעלן געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. מיט אַמאָל איז הערץ פאַרשוווּנדן פונעם אָפּגעשלאָסענעם וווין־שטח, עטלעכע טעג האָט ער געוואַנדערט איבער ליטצמאַנשטאַדט (לאָדזש). ער האָט ווייזט אויס זיך באַזאָרגט מיט דאָקומענטן און געגרייט זיך צוריקצופאָרן קיין קעלן. אויפן לאָדזשער וואָקזאַל, בעתן ארויסנעמען געלט אויף אַ בילעט, איז אים פון קעשענע אַרויסגעפאַלן די געלע לאַטע מיטן מגן דוד, וואָס דער אומגליק־לעכער האָט געוואָלט מיטנעמען ווי אַן אָנדענק. דער באַן־קאַסיר, וואָס האָט באַמערקט די דאָזיקע „אבדה״, האָט גלייך געמאָלדן דער דייטשער מאַכט. מאַקס הערץ איז געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגעפירט אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה.

פרייטיק דעם 20־טן פעברואַר 1942, האָט דער אַמט פאַר די דעפּאָרטירטע

פון מערב־אייראָפּע, וואָס האָט געהערט צו דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, באַקומען אַן אויפפאָדערונג פון דער דייטשער מאַכט, אַז אַלע מערב־אייראָפּעישע יידן דאַרפן מארגן זיך צונויפקומען אויפן „גאָשטשינני דוואָר", אויף באַזאַרנע, פינקטלעך 10 אַזייגער פרי. שבת אין די פרימאָרגן־שעהן האָבן די יידן פון מיטל־אייראָפּע — בעיקר פון דייטשלאַנד, דיסציפּלינירט, איינגעשטעלט אין רייען, אָרדנונגסמעסיק, געפירט פון דער יידישער פּאָליציי — מאַרשירט צום באַשטימטן פּלאַץ. אַרום 8 טויזנט יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף דעם אָרט און צו זייער גרויס איבעררашונג דערזען שטיין אַ תליה אינמיטן פּלאַץ.

מאַקס הערץ, וואָס איז עטלעכע וואָכן געזעסן אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה, האָט אויך לחלוטין נישט געוווּסט, וואָס אים דערוואַרט. אין דערמאָנטן פרימאָרגן איז ער אַ געשמידטער אין קייטן אַרויסגעפירט געוואָרן פון תפיסה, באַגלייט פון א. ד.־פּאָליציאַנטן מיטן תפיסה־קאָמענדאַנט הערצבערג בראש. מ'האָט דעם אומגליקלעכן געבראַכט אין אַמט פאַר די דעפּאָרטירטע מערב־יידן. אויפן אָרט פון דער עקזעקוציע זענען דערווייל אָנגעקומען די פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און געגרייט זיך צום מאַקאַברישן ספּעקטאַקל.

„פינקטלעך 10.30 האָט מען דעם אומגליקלעכן אַרויסגעפירט פון ריבנע 8 (אַמט פאַר דעפּאָרטירטע יידן פון מערב) צו דעם אָרט פון דער עקזעקוציע. ביז דער לעצטער רגע האָט ער זיך פאַרהאַלטן פולשטענדיק רואיק. אויפן לעצטן וועג האָבן אים באַגלייט אייניקע פונקציאָנאַרן פון דער צענטראַלער תפיסה [תפיסה־פּאָליצאַנטן]. דער פאַרמשפּטער האָט נישט צונויפגעבראָכן אַפילו ווען ער האָט דערזען, אַז אויף באזארנע זענען פאַראַן מאַסן־מענטשן אויסגעשטעלט אין רייען. דאָך אין דעם מאָמענט ווען דער פאַרמשפּטער האָט זיך אָריענטירט, אַז מ'פירט אים צום טויט, ווען מ'האָט אים באַפוילן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם מאַנטל און די מאַרינאַרקע — האָט ער זיך געוואָנדן מיט אַ שטילע, באַשיידענע בקשה, מ'זאָל אים שענקען דאָס לעבן. דער תלין, וועלכער האָט פאַרלייגט די פעטליע אויפן האַלדז פונעם קרבן, איז געווען דער איינציקער דאָרט אָן אַ געלער לאַטע. אין דעם מאָמענט, ווען דער קערפּער איז שוין געהאָנגען, האָבן פיל פון די פאַרזאַמלטע געזאָגט אַ תפילה פאַר דער נשמה פונעם געשטאָרבענעם. אייניקע פון די אָנוועזנדע האָבן בעת דער עקזעקוציע באַקומען נערוון־אַטאַקן". [157]

נאָכן מאַכן פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, האָבן די דייטשע פּאָליציי־אָפיצירן און די איינגעלאַדענע העכערע שטאָט־שע באַאַמטע, פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. דער קערפּער איז געבליבן הענגען עטלעכע שעה. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען באַלד נאָך דער עקזעקוציע, וואָס האָט אין געטאָ איבערגעלאָזט אַ פּיינלעכן איינדרוק.

## ג. אַריינגעבראַכט אין געטאָ צוליב יידישער אָנגעהעריקייט

אין דערמאָנטן פעריאָד זענען אין געטאָ אויך געווען געשעענישן פון גאָר אַן אַנדערן באַדייט: דעם 23־טן יאַנואַר 1942 האָבן דייטשע געשטאַפּאָ־אַגענטן געבראַכט אַ רוס אינעם ביוראָ פונעם יודענעלטעסטען. מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אין געטאָ, ווייל די דייטשע מאַכט האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער רוס, אַן עכטער פּראַוואָסלאַוונער, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ קאָזאַקן־משפחה — האָט אַ יידישע פרוי פון וועלכער ער וויל זיך נישט שיידן.

דאָס פּאָרפּאָלק צוזאַמען מיט אַ 10 יעריקן זון, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ נאָר אין די בגדים, וועלכע זיי האָבן געהאַט אויף זיך, האָבן זיך זייער גיך איינגעלעבט מיט די געטאָ־יידן. דער רוס האָט געטראָפן פיל באַקאַנטע פון „יענע גוטע צייטן". ער מיט זיין פרוי און זון האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער וווינונג פון אירע יידישע עלטערן.

אַ צווייטער פאַל פון אַריינזעצן אין געטאָ איז פאָרגעקומען מיט דער 15 יעריקער אַפּאָלינאַ פּיאַנטעצקאַ. זי איז דערצויגן געוואָרן אין שטאָטישן יתומים־הויז ווי אַ קינד פון אומבאַקאַנטע עלטערן. די פּוילישע משפחה גראַבאָוויעצקי האָט דאָס מיידל אַרויסגענומען פון אַנשטאַלט. זי האָט געאַרבעט אין אַ הוטן־געשעפט. פּלוצלונג איז אַפּאָלינאַ געוואָרן אַרעסטירט דורך געשטאַפּאָ. אַ ספּעציעלע דייטשע קאָמיסיע האָט געפאָרשט איר פאַרגאַנגענהייט און פעסטגעשטעלט, אַז זי שטאַמט פון יידן און זי איז געבראַכט געוואָרן אין געטאָ. אַזעלכע פאַלן פון אַריינזעצן אין געטאָ דערצויגלינגען פון שטאָטישע יתומים־הייזער האָבן זיך איבערגעחזרט אויך אין די ווייטערדיקע חדשים. עס איז דעריבער אָנצונעמען, אַז אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דייטשע „ראַסן־פאָרשער" האָט זיך פאַרנומען מיט קאָנטראָלירן די שטאָטישע יתומים־אַנשטאַלטן, כדי אויסצוגעפינען קינדער פון יידישער אָפּשטאַמונג.[158]

*

געווען אויך אַ „ראָמאַנטישע געשעעניש" מיט אַ קריסט פון טשעכישן פּראַג, וועלכער האָט געוואָלט אַריין אין געטאָ צו זיין כלה עדיט ב. וואָס איז געקומען מיטן צווייטן פּראַגער טראַנספּאָרט.

„צופוס איז ער געגאַנגען דעם ווייטן וועג. נאָך אַ פּאָר וואָכן וואַנדערן, איז ער אָנגעקומען צום לאָדזשער געטאָ. גליקלעך האָט זיך אים איינגעגעבן אַריבער־צוקומען זיך איבער די דראָטן. אויף דעם געטאָ־שטח איז ער געכאַפּט געוואָרן דורך דער א.ד.־פּאָליציי", וועלכע האָט דעם פאַרליבטן און זיין יידיש מיידל אָפּגעפירט אין „קריפּאָ". זיין כלה איז אַרויסגערופן געוואָרן אַלס עדות. זי האָט באַשטעטיקט, אַז דער טשעך וואָס האָט זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ, איז טאַקע איר חתן... דער ווייטערער גורל פון דעם דרייסטן ריזיקאַנט איז נישט באַוווּסט. עס איז נאָר באַקאַנט, אַז ער איז אין געטאָ נישט אַריינגעלאָזן געוואָרן.[159]

## .11

# דער גערוידל צווישן די פּאָליציי־קליקעס

### דער אַרעסט און אַרויספֿיר פֿון תּפֿיסה־קאָמענדאַנט שלום הערצבערג

אין סאַמע מיטן פֿון דער גרויסער דעפּאָרטאַציע אין חודש מערץ 1942, ווען יעדן טאָג זענען אָפּגעגאַנגען טראַנספּאָרטן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ — איז געקומען אַן איבעראַשנדע געשעעניש, וואָס האָט ביי אַלעמען אין געטאָ אַרויסגערופֿן טיפֿן אומרו און פֿאַרווּנדערונג: אַגענטן פֿון קריפּאָ האָבן אין דער אָנוועזנהייט פֿון רומקאָווסקין אַרעסטירט דעם תּפֿיסה־קאָמענדאַנט, דעם אַלמעכטיקן שלום הערצבערג מיט זיין משפּחה. אין דער זעלבער צייט זענען אַרעסטירט געוואָרן: הערצבערגס שטעלפֿאַרטרעטער — יעקב טינטפּולווער און 7 תּפֿיסה־פּאָליציאַנטן.

דער אַרעסט פֿון הערצבערגן איז פֿאָרגעקומען דעם 13־טן מערץ 1942. אויף צומאָרגנס האָט מען אים באַפֿרייט און אין עטלעכע שעה אַרום ווידער אַרעסטירט. דעם 17־טן מערץ איז הערצבערג מיט זיין פֿרוי און דריי זין געבראַכט געוואָרן פֿון „קריפּאָ" אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. עטלעכע מינוט פֿאַרן אָפּגיין פֿון צוג מיט די דעפּאָרטירטע קיין כעלמנאָ איז הערצבערג מיט זיין משפּחה אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין וואַגאָן פֿונעם צוג, וואָס האָט געפֿירט אין טויטן־לאַגער.

דער וויצע־קאָמענדאַנט פֿון דער געטאָ־תּפֿיסה, יעקב טינטנפּולווער, איז פֿאַרפֿייניקט געוואָרן אין „קריפּאָ". אָפֿיציעל איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז ער האָט דאָרט באַקומען אַ האַרצשלאַק. די 7 תּפֿיסה־פּאָליציאַנטן זענען באַפֿרייט געוואָרן נאָך עטלעכע טעג זיין אַרעסטירט אין דער קרימינאַל־פּאָליציי. איינער פֿון זיי, דער צושטעלער פֿון שפּייז פֿאַר די אַרעסטירטע — קאַמינסקי, איז תּיכּף נאָך דער באַפֿרייאונג געשטאָרבן אין שפּיטאָל, די אַנדערע האָבן זיך שוין נישט צוריקגעקערט אויף זייערע פּאָסטנס.

דער דאָזיקער אַרעסט און אַרויספֿיר פֿונעם קאָמענדאַנט פֿון דער געטאָ־תּפֿיסה, איז געקומען פֿאַר אים אינגאַנצן אומגעריכט און גראָד דעמאָלט, ווען ער האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פֿון מאַכט, ווירקונג און טעראָר־טעטיקייט אין געטאָ.[160]

דער Biuletyn Kroniki Codziennej, וואָס האָט געשריבן זייער איינגעהאַלטן וועגן רומקאָווסקיס געטאָ־אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, און פֿאַרשטענדלעך אויך אין אַזאַ נוסח וועגן תּפֿיסה־קאָמענדאַנט, האָט נאָך זיין אַרעסט לחלוטין אַנדערש באַשריבן דעם געוועזענעם, אַלמעכטיקן „גובערנאַטאָר פֿון דער שיינער

געגנט פון געטאָ" (געמיינט מאַרישין — באַצייכנונג פון B.K.C.). הגם הערצבערגס ראָל אין געטאָ איז שוין באַשריבן געוואָרן אויף זייטן 24—26, איז כדאי צו ברענגען די באַשרייבונג וואָס B.K.C. האָט געגעבן וועגן זיין פערזאָן, נאָך זיין אַרעסט:

„ווער איז געוועזן הערצבערג — אַן עטלעכע פערציק יעריקער הויכער און אויסגעפּאַשעטער מאַנספּערשוין, וועלכער האָט געשפּריצט מיט געזונט. אויסגע־צייכנט געקליידעט, האָט ער מיט זיך פאָרגעשטעלט איינע פון די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן פון די שפּיצן־פאָרשטייער פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. זיין הוט, אַ הוט פון אַ תפיסה־קאָמענדאַנט, באַפּוצט מיט אַ רייכן שימער פון „גאָלד", דאָס אייגענע אויך דער שיינער „גאָלדענער" האָפּט אויף דער אומפאַסונג פון די אַרבל פון זיין מונדיר — האָט אים אונטערשיידעט פון זיין גאַנצער סביבה.

— — — „אין פרילינג 1940, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־תפיסה, וועלכע האָט זיך נאָרוואָס געהאַט אָרגאַניזירט. נאָך אַ גע־וויסער צייט האָבן זיך די קאָמפּעטענצן פון הערצבערגן שטאַרק אויסגעברייטערט. ער איז געוואָרן דער אָנפירער פונעם פינפטן רעוויר פון דער אָרדנונגס־דינסט פּאָליציי אין מאַרישין און גלייכצייטיק געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער פאַרוואַלטונג פון מאַרישין II. אויף דעם אופן איז הערצבערג געוועזן דער הער און הערשער, דער גובערנאַטאָר פון דער שיינער געגנט פון געטאָ. אַזוי למשל האָט ער געהאַט אַ רעכט זעלבסטשטענדיק צו אַנגאַזשירן אַ פּערסאָנאַל און מיליציאַנטן [פּאָליציי]. אַ חוץ דער אַרבעט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט זיין פּאָסטן אַלס תפיסה־קאָמענדאַנט און מיט דערליידיקן ענינים פון זיין העכסטער מאַכט אין מאַרישין, האָט אויך הערצבערג גענומען אַ לעבעדיקן און אַקטיוון אָנטייל אין ספּעציעלע ענינים אין שייכות מיט כאַפּן די נישט געוווּנטשענע עלעמענטן אין געטאָ. פילמאָל האָט ער אָרגאַניזירט און אָנגעפירט פּערזענלעך מיט די נאַכט־אַבלאַוועס אין די ווינונגען און מיט די אַבלאַוועס אין מיטן העלן טאָג אויף די גאַסן. ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל ביים דורכפירן די דעפּאָרטאַציע־אַקציעס". [161]

3 חדשים פאַר זיין אַרעסט איז הערצבערג באַשטימט געוואָרן דורך רומ־קאָווסקין אין דער הויפּט־דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם גירוש פון צענדליקער טויזנטער יידן קיין כעלמנאָ. אַלע זיינע אַמטן האָט הערצבערג געהאַלטן ביז צו זיין אַרעסט. זיין אומבאַגרענעצטע מאַכט אין געטאָ האָט הערצבערג זיכער נישט באַקומען פון רומקאָווסקין, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז נאָר ער איז דער אַלייניקער מושל איבער „זיינע" יידן. האָט ער דאָך באַזייטיקט פון זיין אַמט דעם ד"ר שיקער, וועלכער האָט אַלס פאָרטרעטער פונעם יודענעלטעסטען גענומען אַרויסווייזן אייגענע איניציאַטיוו, אָבער שלום הערצבערג האָט אַלץ געטאָן אויף אייגענער האַנט און רומקאָווסקי האָט אים דערפאַר געלויבט און אויסגעצייכנט

און זיך באַראָטן מיט זיין תפיסה־קאָמענדאַנט ווי מיט אַן אייגענעם נאָענטן בעל־יועץ. [162]

הערצבערג, ווי דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־תפיסה, האָט כסדר געהאַט נאָענטע קאָנטאַקטן מיט דער געשטאַפּאָ. איר האָט ער צוגעשטעלט זיינע אַרעס־טאַנטן אָדער די גולים צום אַרויספירן אין טויטן־לאַגער און צום דערשיסן. צוזאַמען מיט פאַרטרעטער פון געשטאַפּאָ איז הערצבערג געווען אַנוועזנד ביים אויספירן עקזעקוציעס איבער אַרעסטירטע (זע ז' 108) און דאָך פיגורירט נישט זיין נאָמען אין קיין שום דאָקומענט אָדער באַריכט פון געשטאַפּאָ, ווי עס איז דער פאַל מיט די „פאַרטרויאונגס מענער": דוד גערטלער, קליגער און ד"א מיטאַרבעטער מיט דעם דייטשן אויסראָטונגס־אַפּאַראַט.

די געבראַכטע פאַקטן באַווייזן, אַז דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־תפיסה האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן פּראָטעקטאָר אין דייטשן מאַכט־אַפּאַראַט. זיין פּראָטעקטאָר איז געווען די „קריפּא", די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי אָפּטיילונג אין געטאָ. צו אירע פינצטערע עסקים פונעם רויב פונעם יידישן פאַרמעגן איז ער געווען אַן אַקטיווער שותף. הערצבערג האָט נישט אָנגעוויזן דער „קריפּאָ" ווו עס געפינט זיך יידיש פאַרמעגן, נאָר אַליין דורכגעפירט רעוויזיעס ביי יידן, קאָנ־פיסקירט ווערט־זאַכן און געטיילט זיך מיט „קריפּאָ", מיט אירע באַאַמטע.[163] זיין געטרייע דינסט צו דער דייטשער מאַכט אַלס קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־תפיסה, דאָס ברענגען די אַרעסטאַנטן צו אַזאַ מצב, אַז דאָס אַרויספירן זיי דורך געשטאַפּאָ איז געווען אַן אויסלייזונג — האָט שטאַרק געהויבן דעם פּרעסטיזש פון דעם סאַדיסט אין די אויגן פון די דייטשן. בפרט, אַז ער האָט אויפגעהאַלטן אין געטאָ אַ באַזונדערע פּאָליצייאישע כנופיה, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה און פחד אויף די געפּייניקטע יידן.

פאַר דער פאַרמאַסקירונג פון דער יידן־אויסראָטונג האָט די דייטשע מאַכט געמוזט האָבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, פּונקט ווי אין וואַרשעווער געטאָ, עטלעכע קליקעס פון אויסוואורפן פון יידישער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן געדינט דער געשטאַפּאָ אָדער קריפּאָ. די קליקעס האָבן שטילערהייט זיך קעגנזייטיק באַ־קעמפט און די דייטשע אויסראָטונגס־אָרגאַנען האָבן שוין באַשטימט ווער פון זייערע פירער דאַרף פריער „פאַרשווינדן" פון געטאָ: הערצבערג מיט זיין כנופיה — אין מערץ 1942. דוד גערטלער — אין יוני 1943 (ער האָט זיך געראַ־טעוועט פון אומקום אויף אַ געהיימנישפולן אופן).

## ב. די ליקווידאַציע פון די געשטאַפּאָ־כנופיהס פון יידישער אָפּשטאַמונג אין וואַרשע און אין לאָדזש

אַן אַנאַלאָגיע צו די דאָזיקע פאַרהעלטענישן אין לאָדזשער געטאָ געפינט מען אין דעם שוין דערמאָנטן "13־טל" אין וואַרשעווער געטאָ. אויך דאָרט האָט

גאַנצווייך מיט זיין כנופיה געוועלטיקט אַזוי לאַנג, ווי עס איז נויטיק געווען פאַר דער וואַרשעווער געשטאַפּאָ און פאַר איר יידן־אויסראָטונגס־ציל. אין דער נאַכט פון 18־טן אויפן 19־טן אַפּריל 1942, ווען די עס. עס. האָבן דורכגעפירט אַ שחיטה איבער פּאָליטישע און קולטור־טוער אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן די רוצחים שוין ביי דער געלעגנהייט אויסגעמאָרדעט די געשטאַפּאָ־מיטאַרבעטער פון גאַנצווייכס כנופיה. גאַנצווייכן און זיין געהילף שטערנפעלד האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, אָדער די געשטאַפּאָ האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטרינען, ווייל זיי זענען נויטיק געווען נאָך צו אַ ווייטערדיקער טעטיקייט צווישן יידן. נאָך דער ליקווידאַציע פונעם 13־טל איז געוואַקסן דער כוח און אָנזען פון דער צווייטער כנופיה געשטאַפּאָ־מיטאַרבעטער פון יידישער אָפּשטאַמונג — קאָן און העלער. וועגן די סיבות פון דער ליקווידיאַציע פון דעם 13־טל, האָט ד״ר ע. רינגעלבלום געשריבן אין זיינע נאָטיצן פון מאי 1942 : „די יידישע אַגענטן און מוסרים ווייסן צופיל. נישט איין געשעפט האָט מען געמאַכט בשותפות (מיט געשטאַפּאָ), האָט מען מורא טאָמער וועט דער ייד עס דערציילן אַ צווייטן דייטש, וועט מען דורכפאַלן. צווייטנס זענען פאַראַנען קאָנקורירנדע געשטאַפּאָ־גרופּן. יעדער גדול, יעדע אָפּטיילונג פון געשטאַפּאָ האָט זיך אירע אַגענטן. קריגט זיך איין געשטאַפּאָ־גדול מיט אַ צווייטן, הרגעט ער אינצווישן די אַגענטן פון דעם צד שכנגד״. [164]

עפּעס ענלעכעס, ביי אַנדערע אומשטענדן און מצב איז געשען מיט הערצבערגס כנופיה אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. זיין אַרעסט און אַרויסשיקן פון געטאָ, איז נישט געקומען צופעליק, ווייל מ׳האָט געפונען ביי אים אַנגערויבטע פאַרמעגנס, וואָס האָבן לויט דער אויפשטעלונג פון קריפּאָ געהאַט דעם ווערט פון 30,000 דייטשע רייכסמאַרק (זע ז׳ 102 „אויפשטעלונג״). נישט דאָס איז געווען די הויפּט סיבה פון זיין אַרעסט. ער איז געוואָרן דער שעיר לעזאזל אין דעם געראַנגל, וואָס די דייטשע מאַכט־סעקטאָרן האָבן געפירט איבערן רויב פונעם יידישן פאַרמעגן. דער תפיסה־קאָמענדאַנט איז געווען אַ שותף צו דעם קריפּאָ־צד.

די רויב־כנופיה׳ס אָדער זייערע פירער, האָבן עפּעס נישט געקענט צווישן זיך דורכקומען און הערצבערג מיט זיין משפחה האָבן געמוזט דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן. ביז דעם דערמאָנטן סכסוך צווישן די דייטשן האָבן דאָך אויך פונקציאָנאַרן פון געשטאַפּאָ און „קריפּאָ״ — אָפּטע געסט ביי הערצבערגן — געוווּסט, אַז דער דאָזיקער „יודע״, דער אַלמעכטיקער הערשער אין געטאָ — זאַמלט פאַרמעגנס. זיי האָבן נישט געדאַרפט וואַרטן ביז מערץ 1942 כדי אים צו אַרעסטירן, גראָד דעמאָלט האָט דאָך דער תפיסה־קאָמענדאַנט געדינט די דייטשן מיט דער גאַנצער אַכזריות זיינער: — מיטגעהאָלפן דער דעפּאָרטאַציע פון צענדליקער טויזנטער יידן קיין כעלמנאָ, באַוואַכט זיי, ווען דער דייטשער אויסראָטונגס־אַפּאַראַט האָט זיך אַזוי געגוויטיקט אין זיין טעטיקייט און אָנגעוויזנד געווען ביים דערשיסן און אויפהענגען יידן, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרמשפּט. דאָך איז ער,

גראָד אין דעם חודש פון דער גרעסטער דעפּאָרטאַציע, געוואָרן אַרעסטירט און געבראַכט קיין כעלמנאָ צוזאַמען מיט זיינע קרבנות.

## ג. הערצבערגס אַרעסט און גרייזערס זאָרג פאַרן צוגערויבטן יידן־פאַרמעגן

עס איז נישט קיין צופאַל אויך וואָס הערצבערגס אַרעסט איז געקומען אין חודש מערץ. אין יענעם חודש האָט דער „רייכסשטאַטהאַלטער" פון ווארטעגאו, אַרטור גרייזער, גענומען זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם צוגערויבטן יידישן פאַר־מעגן פון לאָדזשער געטאָ. גרייזער איז געווען זיכער, אַז ענדלעך האָט ער דערגרייכט זיין ציל אָפּצורייניקן פון יידן זיין ווארטעגאו און דעם דאָרטיקן הויפּט־צענטער — ליטצמאַנשטאַדט. נאָך גערינגס אָנווייזונגען צו היידריכן, אין יולי 1941, ער זאָל צוגרייטן אַ פּלאַן פאַר דער ענדלעזונג פון דער יידנפראַגע, האָט גרייזער אין 2־טן יאַנואַר 1942, אַרויסגעגעבן אַ געהיימען דעקרעט וועגן באַזייטיקן די יידן פון „וואַרטעלאַנד" און פון ליטצמאַנשטאַדט.[165] אין די ערשטע חדשים פונעם יאָר 1942, ווען דער טויט־קאָמבינאַט אין כעלמנאָ האָט געאַרבעט מיט דער פולער קראַפט, האָט גרייזער, לויט די באַקומענע באַריכטן געקאָנט אורטיילן, אַז זיין דעקרעט פון 2־טן יאַנואַר 1942 ווערט דורכגעפירט: צענדליקער טויזנטער יידן פון ווארטעגאַו און פון לאָדזש ווערן פאַרגאַזט אין כעלמנאָ און דער אַלמעכטיקער „רייכסשטאַטהאַלטער" איז געוואָרן אומרואיק איבער דעם ריזיקן פאַרמעגן, וואָס בלייבט נאָך די אויסגעמאָרדעטע יידן.

פון אַ ריי פריערדיקע באַריכטן, פאַראָרדנונגען און וואָרנונגען, האָט שוין גרייזער געוווּסט, אַז די באַזונדערע סעקטאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט צעראַבעווען דאָס יידישע פאַרמעגן נאָך איידער די יידן ווערן אַרויסגעפירט אין די גאַז־קאַמערן.[166] כדי צו באַקומען די אויפזיכט איבער דעם פאַרמעגן האָט די „טרויהאַנדשטעלע" פון רייכסשטאַטהאַלטער אין פּויזן דעם 28 פעברואַר 1942 זיך געוואַנדן מיט אַ בריוו „צום הערן אָבערבירגערמייסטער פאַן ליטצמאַנשטאַדט, געטאָ־פאַרוואַלטונג. בעטריפט דאַס פאַן דעם געטאָ־פאַרוואַלטונג בעשלאַגנאַהמטע פּאָלניש־יידישע פערמעגן". אין דעם בריוו האָט גרייזערס „טרויהאַנדשטעללע" פון פּויזן זיך אָנגעפרעגט: וואָס האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג", די קרימינאַל־פּאָליציי, די געהיימע שטאַטס־פּאָליציי (געשטאַפּאָ) אדג"ל געטאָן, אין געביט פון פאַרזיכערן, פאַרווערטן אָדער באַנוצן די קאָנפיסקירטע באַוועגלעכע זאַכן פון יעדן מין, ווי: רוישטאָפן, האַלב־און גאַנץ־פאַבריקאַטן, מאַשינען, באַרעס געלט, איידל־מעטאַלן און פעלצן".[167]

פאַרשטענדלעך, אַז דער דאָזיקער בריוו פון רייכסשטאַטהאַלטערס אַמט האָט געמוזט אַרויסרופן אַ צערודערונג אין אַלע דערמאָנטע סעקטאָרן פון דער דייטשער

אָקופּאַציע אין לאָדזש, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם רויב פונעם יידישן פאַרמעגן. דאָס באַווייזט אויך די ווענדונג פונעם אָנפירער פון „דער געטאָ־פאַרוואַלטונג" פון ביבאָוון — „אַן די שטאַאַטליכע קרימינאַל פּאָליציישטעללע ליטצמאַנשטאַדט, וועגן ערפאַסונג פאַן יידישען גוט אין שטאַאַטבעצירק ליטצמאַנשטאַדט". דאַטע — 16/3, 1942.

אין זיין ווענדונג צו דער „קריפּאָ" שטעלט פעסט ביבאָוו, אַז אַלע סחורות און ווערטזאַכן, וואָס זענען אָפּגענומען געוואָרן אין יידישן ווינגעביט, געהערן דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". ביבאָוו האָט, משמעות, שוין דעמאָלט געוווסט, אַז מיט די דעפּאָרטאַציעס אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ און ער פאַרזיכערט אין זיין ווענדונג, אַז „ביי דער אויפלעזונג פונעם געטאָ וועלן אַלע ווערטזאַכן, ווי: טעקסטילן, מאַשינען, פאַבריקס־אייגנריכטונגען און באַרעס געלט אאז"וו — דורך דער געטאָ־פאַרוואַלטונג איבערגעגעבן ווערן דעם דויטשען רייך".

אין אַ בריוו: „אַן דען הערן רייכסשטאַטהאַלטער אין וואַרטעגאַו, טרויהאַנדשטעללע, פּאָזען". פון 26/3, 1942, האָט ביבאָוו געענטפערט אויף דעם שרייבן פון דעם 28־טן פעבר׳, וועגן קאָנפיסקירטן יידישן פאַרמעגן און האָט אויפגעקלערט: אַז „טראָץ די שטאַרקסטע באַמיונגען" איז אים נישט געלונגען צו געבן אַ פּרעציזע אויסקונפט איבער די באַרירטע ענינים, ווייל די סטרוקטור פון געטאָ און דער אויפבוי פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" דערמעגלעכט עס נישט". אָבער אַ פּראָוויזאָרישן איבערזיכט האָט דאָך ביבאָוו איבערגעשיקט זיין באַפעלסגעבער, אין וועלכן עס זאָגט זיך: „עס איז אַלץ געטאָן געוואָרן, אַז דער העכסט־מעגלעכער ווערט פונעם יידישן פאַרמעגן זאָל „אַרויסגעווירטשאַפטעט ווערן פאַרן דויטשן רייך". [168]

אויפן סמך פון דאָזיקן בריוו־וועקסל צווישן אַלמעכטיקן רייכס־שטאַטס־האַלטער פון וואַרטעגאַו — אַרטור גרייזער און דעם דיקטאַטאָר איבערן לאָדזשער געטאָ — האַנס ביבאָוו, ווערט קלאָר, וואָס פאַראַ אויפטרייסלונג עס האָט אַרויסגערופן אין די אַמטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש גרייזערס פאַדערונג צו געבן אַ דין וחשבון פונעם צערויבטן פאַרמעגן פון די יידן, וואָס זענען געטריבן געוואָרן פון די שטעטלעך אין לאָדזשער געטאָ און פון די צענדליקער טויזנטער, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין כעלמנאָ. די „אָבערשאַרפירער" און „אונטערשאַרפירער" פון די דייטשע רויב־כנופיה׳ס האָבן משמעות געגומען זיך קעגנזייטיק באַשולדיקן אין גנבות * און דער „שעיר לעזאזל" פון זייער גע־

* פאַראַן אַ ריי דאָקומענטן פון דייטשע אַמטן אין לאָדזש און אין וואַרטהעגאַו, וואָס דערציילן וועגן די קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען אין צערויבן יידיש פאַרמעגן און אויסנוצן עס פאַר פּריוואַטע צוועקן, וואָס די אַמטן האָבן געוואָרפן איינע אויפן צווייטן און פאַרפירט פּראָצעסן. וועגן דעם וועט געשריבן ווערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון דעם בוך.

ראַנגל איז געווען הערצבערג, דער שותף צו די „קריפּאָ״־רויבערייען פונעם יידישן פאַרמעגן אין ליטצמאַנשטאַדט. פון דעם דאָזיקן פּעריאָד שטאַמט אויך די אויפ־שטעלונג פון דעם יידישן פאַרמעגן, וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן אין די 4 חדשים בעת דער דעפּאָרטאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ, וואָס עס האָט געדאַרפט זיין אַ באַריכט פאַר אַרטור גרייזער.

דאָס אַרעסטירן און אַרויסשיקן הערצבערגן האָט פאַר דעם דייטשן קאָמופ־לאַזש געהאַט נאָך אַ באַזונדערן ציל, נעמלעך: אָפּוועגדן די אויפמערקזאַמקייט פון די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער פון זייער טרויעריקן הונגער־מצב און פון די דעפּאָרטאַציעס, וועלכע זענען אין יענעם חודש כסדר געגאַנגען פון לאָדזש קיין כעלמנאָ. די „הערצבערגיאַדע״ — לויט דער באַצייכענונג פון B.K.C. — איז געווען איינע פון די דייטשע „אַטראַקציעס״, וועלכע זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין געטאָ צו פאַרמאַסקירן די יידן־אויסראָטונג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן וועקן דער ווידערשטאַנד־ווילן פון די געפּייניקטע, פאַראורטיילטע צום טויט דורך דער גרוי־זאַמער אָקופּאַציע־מאַכט. אַזעלכע „אַטראַקציעס״ זענען געווען: דאָס ברענגען אין לאָדזשער געטאָ דעם „לייטער דער עלטעסטענרעטע פון אָסט־אָבערשלעזיען״ — מאָניעק מערין אין הערבסט 1940, בעת דעם סאָציאַלן אויפברויז; דער באַזוך פון די יודענעלטעסטע פון קאַליש אין אָנהויב פון דער גרויסער דעפּאָרטאַציע און דער אַרעסט פון הערצבערגן. די נאָענטסטע אַטראַקציע וועט קומען ביי דער אויסראָ־טונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים, ווען דוד גערטלער וועט ווערן דער ווירט־שאַפטלעכער דיקטאַטאָר אין געטאָ און טיילן קאַרטאָפל דעם אויסגעהונגערטן עולם.

*

די „הערצבערגיאַדע״ איז טאַקע באַלד געוואָרן ברייט אויסגענוצט דורך גערטלערס געשטאַפּאָ־כנופיה, וועלכע האָט שוין נישט געהאַט קיין קאָנקורענטן אין זייער דינסט פאַר די דייטשן. די געשטאַפּאָ־אַגענטן פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן גענומען שטאַרק צעבלאָזן דעם אַרעסט פונעם תפיסה־קאָמענדאַנט, ווי די גרעסטע געשעעניש אין געטאָ, וואָס קאָן ברענגען אַ פאַרלייכטערונג. עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן גוזמאדיקע מעשיות וועגן די ריזיקע פאַרמעגנס, וואָס זענען אָפּגעפונען געוואָרן ביי הערצבערגן. נישט געקוקט דערויף, וואָס ביי דעם אַרעסט און רעוויזיע ביי הערצבערגן זענען געווען אָנוועזנד נאָר „קריפּאָ״־לייט, האָט די B.K.C. געוווּסט גענוי צו באַשרייבן די פאַרמעגנס, וואָס זענען ביי אים אָפּגענומען געוואָרן, נעמלעך:

„ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן האָט ער (הערצבערג) אויף אַ חוצפהדיקן אופן אויסגענוצט דעם פאַרטרויען, וואָס ער האָט גענאָסן פון דער היגער מאַכט — — — די רעוויזיעס אין הערצבערגס 3 וווינונגען: דרוקאַרסקאַ 9, טשאַרנעצקי,

קעגנאיבער דער תפיסה און אין מאַרישין — האָבן געגעבן פאַנטאַסטישע רעזול־טאַטן. ווי מ׳האָט געשמועסט אין געטאָ, האָט מען געפונען ביי אים אַן אָפּטיילונג פון אַפּראָוויזאַציע־אַמט: 70 קילאָ חזיר־פעטס, זעק מעל, עטלעכע צענדליק קילאָ צוקער, צוקערלעך און מאַרמעלאַדע, וואָס שטאַמען פון דער צוקערלעך־פאַבריק אין מאַרישין, באַטעריעס מיט פאַרשידענע געטראַנקען, קאַסטנס מיט פּאָמעראַנצן, אַ גרויסע צאָל קאָנסערוון, 40 געפּעקלטע צונגען, אַ גרויסן לאַגער פון טואַלעט־זייף, 3 פּראַכטפולע פוטערס, 9 פּאָר הויכע שטיוול. ווי מ׳שמועסט אין געטאָ האָט מען אויך געפונען 20 קילאָ גאָלד, פאַרשידענע חפצים, אַ גרויסע צאָל טייערע ביזשו־טעריע. לויט ווי עס זאָגן די גוזמאדיקע קלאַנגען און נישט אָן אַ גרונט האָט מען ביי הערצבערגן געפונען אַ האַלבן מיליאָן זל. און דייטשע מארקן״.

B. K. C. באַצייכנט דאָס אויסבאַהאַלטן דייטשע מאַרקן ווי „ס׳שרעקלעכסטע פאַרברעכן פון הערצבערגן״, „ווייל דער ה׳ פּרעזעס, אין זיין זאָרג פאַרן גורל פון די דעפּאָרטירטע, האָט געוואָלט זיי פאַרזען אויפן וועג מיט מזומן, מתחילת פון דער דעפּאָרטאַציע האָט מען געקאָנט מיטנעמען 10 מאַרק אויף אַ קאָפּ. דער דיס־פּאָזיציע־פאָנד אויף דעם הויכן ציל איז אָנגעקומען צו הערצבערגן און ער האָט בוכשטעבלעך אויסגעשעפּט דעם אוצר פון דייטשע באַנקנאָטן, וואָס עס האָט פאַרמאָגט דאָס לאָדזשער געטאָ״.[169]

ווי שוין דערמאָנט האָט די „אויפשטעלונג״ פון „קריפּאָ״ פון די פאַרמעגנס, קאָנפיסקירטע ביי יידן אין די חדשים יאַנואַר—אַפּריל 1942 אָנגעגעבן, אַז ביי הערצבערגן אין צענטראַל־געפענגעניש זענען געפונען געוואָרן פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, צירונג, קרישטאַלן און אַ קופערט. אַלץ צוזאַמען אין ווערט פון 30,000 ר״מ. (זע ז׳ 102). אָבער פאַר דעם דייטשן קאָמופלאַזש איז נויטיק געווען, אַז די געשטאַפּאָ־אַגענטן זאָלן אין געטאָ דערציילן גוזמאדיקע מעשיות וועגן די אָפּגע־פונענע פאַרמעגנס און שפּייז ביי הערצבערגן, כדי דערמיט צו באַרעכטיקן דעם הונגער אין געטאָ און די גרויזאַמקייטן ביים דעפּאָרטירן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. די דייטשן האָבן מכלומרשט דערלויבט יעדן מיטצונעמען אויפן וועג 10 דייטשע מאַרק, רומקאָווסקי האָט דערויף געגעבן געלט, וואָס איז, לויט די פאַרשפּרייטע ווערסיעס אָפּגעפונען געוואָרן ביי הערצבערגן.

## ד. די געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטור אין געטאָ נאָך דעם אַרויספיר פונעם תפיסה־קאָמענדאַנט

די „הערצבערגיאַדע״ האָט זיך גיך איינגעשטילט. די תפיסה אויף טשאַר־נעצקי גאַס איז ווייטער געבליבן אַן אָרט פון פּיין און אומקום פון געטאָ־אַרעס־טאַנטן. אַדוו. ד״ר קיטץ, אַ דעפּאָרטירטער פון ווין איז געוואָרן קאָמענדאַנט פון דער תפיסה, זיין פאַרטרעטער — פּראָקוראָר שלעטער. קיין באַזונדערע פּאָליציי־

כנופיה מיט אויסערגעוויינלעכע פולמאַכטן האָבן זיי שוין נישט געהאַט. דערפאַר איז געוואַקסן זייער שטאַרק דער כוח פון דוד גערטלער און זיין „זאַנדער". פּונקט ווי עס איז געווען מיט די געשטאַפּאָ־אַגענטן קאָן און העלער אין וואַרשעווער געטאָ, נאָך דער ליקווידאַציע פונעם 13־טל, אַזוי האָט אויך נאָך הערצבערגס סוף, דוד גערטלער, אויסגעברייטערט זיין טעטיקייט אין לאָדזשער געטאָ. ער איז טאַקע געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די דערמאָנטע וואַרשעווער אויסוווּרפן און מיט זייער הילף האָט גערטלער געפירט יידן פון לאָדזש קיין וואַרשע אין סאַמע הויכפּונקט פון דער דעפּאָרטאַציע קיין כעלמנאָ.

אין יענעם מוראדיקן פּעריאָד אין לאָדזשער געטאָ, האָט דוד גערטלער מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט אַרויסגעפירט: אין יאַנואַר — 2 פּאַרטיעס צו 18 און 27 פּערזאָן, אין מערץ 120 פּערזאָן און אין אַפּריל נאָך דער ליקווידאַציע פון הערצבערגן — 147 פּערזאָן און 200 געטאָ־איינוווינער האָבן באַקומען די דער־לויבעניש צו „עמיגרירן" פון לאָדזש אין וואַרשעווער געטאָ.

„3 גרויסע לאַסט־אויטאָס האָבן געפירט די פּאַסאַזשירן מיט זייער באַגאַזש. אויפן באַלוטער מאַרק (דער פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן דער רומקאָווסקי־אַדמי־ניסטראַציע און דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט) זענען דורכגעפירט געוואָרן די רעוויזיעס ביי די אַפּפאָרער. עס איז געקומען צו סקאַנדאַלן, ווייל עס איז נישט געווען פאַר אַלעמען קיין אָרט אין די אויטאָס".[170]

אָט די דאָזיקע „מיגראַציע" פון לאָדזש קיין וואַרשע, געפירט דורך גערט־לערן, פאַר גוט באַצאָלט, אין די חדשים פון דער מאַסן־דעפּאָרטאַציע, האָט אויך געדינט דער פאַרמאַסקירונג פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. עס האָט געדאַרפט באַדייטן: „די דייטשע מאַכט איז גאָרנישט אַזוי שלעכט און מ'קאָן ביי איר פועלן פאַר געלט אַרויסצופאָרן פון גיהנום אין ליטצמאַנשטאַדט געטאָ און אַריינבאַקומען זיך קיין וואַרשע און אפשר נאָך ווייטער". עס זענען צווישן די פאָרערס אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זיין צוזאַמען מיט זייערע משפחות אין וואַרשעווער געטאָ. לויט די ג"ע פון אַרטיסט שמאי ראָזענבלום זענען נישט אַלע דערפאָרן ביז וואַרשע, און אויפן וועג זענען אַ סך געוואָרן באַרויבט.

אין דער זעלבער צייט האָבן אין געטאָ „זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען", אַז עס ווערט באַשטימט אַן אַפּראָוויזאַציע־קאָמיסאַר, וואָס וועט זיך פאַרנעמען מיט אַלע באַשפּייזונגס־ענינים. עס איז אָנגערופן געוואָרן דער נאָמען פון דוד גערטלער. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ בלייבט ביים אַלטן. קיין קאָמיסאַר איז נישט באַשטימט געוואָרן.[171] פאַרשטענדלעך, אַז די „קלאַנגען" זענען פאַרשפּרייט געוואָרן פון גערטלערס מענטשן — די מיטאַרבעטער פון געשטאַפּאָ און קריפּאָ, וועלכע האָבן אַזוי אַרום פאַרשטאַרקט די צעמישונג אין די באַגריפן פון די געטאָ־איינוווינער וועגן דעם ווער עס איז דער אמתער שולדיקער אין זייער מוראדיקער בויט.

## .12

# ד״ר אטא בראדפיש,
# בראש פון דער ליקווידיר־אקציע פון לאָדזשער געטא

### א. די געהיימע צוגרייטונגען צו ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס

דעם 1־טן און 2־טן אַפּריל 1942 זענען אַרויס פונעם געטאָ די לעצטע צוויי טראַנספּאָרטן (49־סטער און 50־סטער), וואָס האָבן פאַרענדיקט דעם ערשטן עטאַפּ פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונגס־אַקציע אין ליטצמאַנשטאַדט. צוזאַמען זענען פון 16־טן יאַנואַר ביז דעם 2־טן אַפּריל 1942 אַרויסגעשיקט געוואָרן אין כעלמנאָ — 44,242 יידן. אין אַפּריל 1942 זענען אין געטאָ געווען נאָך 114,583 נפשות.[172]

די יידן אין געטאָ האָבן געמיינט, אַז די דעפּאָרטאַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט. מ׳האָט ווידער גענומען זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. קיינער אַ חוץ אפשר דער יודענעלטעסטער, האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז די דייטשע מאַכט גרייט אין געהיים נייע דעפּאָרטאַציעס, וואָס וועלן געפירט ווערן ביז דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. צו דער דורכפירונג פון דער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון יידן אין וואַרטעגאַו און אין איר גרעסטן צענטער — געטאָ לאָדזש, איז, אויף דעם פאַרלאַנג פון אַרטור גרייזער, דורך הימלערן, געשיקט געוואָרן אין ליטצמאַנשטאַדט דער פּראַקטיצירטער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון מאַסן־מאָרד — רעגירונגס־ראַט, עס. עס.־שטורעמבאַננפירער — ד״ר אָטאָ בראַדפיש.

ד״ר בראַדפיש איז געווען טעטיק אין געשטאַפּאָ אין בייערן נאָך אינעם יאָר 1937, דעמלס איז ער אויך געוואָרן אַ מיטגליד אין דער נ.ס.ד.א.פּ., ווו ער האָט פאַרנומען אַן אָנפירנדיק אמט. אין 1938 האָט בראַדפיש באַקומען הויכע אַמטן אין עס. עס. אין דער לעצטער דעקאַדע פון חודש יוני 1941, בעת דער אינוואַזיע פון די דייטשע אַרמייען אין ווייסרוסלאַנד, איז ער באַשטימט געוואָרן ווי דער אָנפירער פון דער „איינזאַץ־קאָמאַנדאָ 8״, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרניכטן די פּאַטענטירטע קעגנער פון דריטן רייך, אַריינגערעכנט אויך די יידישע באַפעלקערונג״.[173]

אינעם „שטראַפאורטייל״ פונעם לאַנד־געריכט אין האַנאָווער, וואָס האָט געמשפּט ד״ר אָטאָ בראדפיש און גינטער פוקס, זאָגט זיך:

„אין יאַנואַר 1942 איז דער אָנגעקלאָגטער (ד״ר בראדפיש) געוואָרן פירער פון דער „שטאַטספּאָליציישטעללע״ אין ליטצמאַנשטאַדט, ווו עס איז געווען אַ געטאָ פון 100,000 יידישע מענטשן [162,245 נפ׳]. אויפן סמך פון זיין טעטיקייט אין דער

„איינזאַץ־קאָמאַנדאָ 8״ איז אים (בראַדפישן) געווען באַקאַנט, אַז היטלער האָט באַפוילן אויסצוראָטן אַלע יידן פון מזרח־אייראָפּע (און ממילא אויך פון לאָדזש). בראַדפיש האָט זיך באַזונדערס באַמיט צו באַקומען זיין אַמט אין ליטצמאַנשטאַדט״.

די דאָזיקע באַמיונגען האָט דער רעגירונגס־ראַט און מאַסן־מערדער, געמאַכט, משמעות, צוליב דעם, ווייל אין די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָט מען געוווסט, אַז געטאָ ליטצמאַנשטאַדט איז אַן אָרט, וווּ מ׳קאָן זיך דערווערבן אַ פאַרמעגן פון אַנגערויבט יידיש גוטס און אויך מאַכן אַ קאַריערע ביי דער מאַסן־פאַרטיליקונג פון יידן, צום ווילגעפעלן פונעם „פירער״ היטלער און פון דער גאַנצער רוצחים־כנופיה, וואָס איז געשטאַנען בראש פונעם דייטשן דריטן רייך.

דער דערמאַנטער „שטראַפאורטייל״ פון האַנאָווער געריכט קלערט אויך אויף, הלמאי גראַד ד״ר אָטאָ בראַדפיש איז באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפירער פון געשטאַפּאָ אין לאָדזש:

„צו דער ענדגלטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט איז צוגעטיילט געוואָרן ד״ר בראַדפיש און געשטעלט געוואָרן בראש, ווייל ער האָט שוין געהאַט די דערפאַרונג פון דער „איינזאַץ־קאָמאַנדאָ 8״ און פון דער „איינזאַץ־גרופּע B״ פון דער מיטלסטער מיליטער־גרופּע, וואָס איז אין יוני 1941 געשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד צו די פאַרנומענע געביטן, כדי דאָרט דורכצופירן די פאַרניכטונג פון פּאָטענטירטע קעגנער, צו וועלכע עס האָט געהערט אויך די יידישע באַפעלקערונג. די איינזאַץ־קאָמאַנדאָ 8 האָט בראַדפיש געפירט ביז אַפּריל 1942, ווען ער איז איבערגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ״. בראַדפיש איז אויך דורך גרייזערן באַצייכנט געוואָרן ווי דער עלטסטער עס. עס.־פירער און „געהיימנישטרעגער נומ׳ איינס״.[174]

אָט צוליב וואָס בראַדפיש איז נויטיק געווען צו דער ליקווידאַציע פון די יידן אין „וואַרטעגאַו״ און פון לאָדזשער געטאָ. ער איז געווען אַ חוץ פּראַקטיצירטער מאַסן־מערדער, אויך דער „געהיימנישטרעגער נומ׳ 1״. ער וועט שטרענג אָפּהיטן דאָס געהיימניש פון דעם ערשטן טויט־קאָמבינאַט — כעלמנאָ — אין דעם יידישן ראַיאָן, וווּ עס דאַרפן אומגעבראַכט ווערן קרוב 400 טויזנט יידן.

בראַדפיש איז טאַקע געקומען קיין לאָדזש אין אַפּריל 1942, אָבער אויף דעם אַמט איז ער שוין געווען באַשטימט אין יאַנואַר 1942, לויט דעם אופן ווי עס זענען אָרגאַניזירט און געפירט געוואָרן די יידן־טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, דאַרף מען אָננעמען, אַז דער רוצח פון 90 טויזנט יידן אין די אָקופּירטע געביטן אינעם ראַטנפאַרבאַנד, האָט אויך אין די חדשים יאַנואַר—אַפּריל 1942 געגעבן זיינע אָנווייזונגען צו פוקסן און צו זיין געשטאַפּאָ־אָפּטיילונג אין ליטצמאַנשטאַדט.

ווי עס איז צו זען פון אַ פאַרעפנטלעכטן באַריכט — „עראייגניסמעלדונג נומ׳ 194״, געבראַכט אין נירנבערגער אורטייל אין פּראָצעס קעגן די „איינזאַץ־

גרופּעס", האָט בראַדפיש אין די דערמאָנטע חדשים נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט זיין מאַסן־מאָרד־טעטיקייט אין ווייס־רוסלאַנד און דעריבער נישט געקענט דערוויילן קומען אין לאָדזש. לויט דעם דערמאָנטן באַריכט האָט די „איינזאַץ־קאָמאַנדאָ 8" פון 6־טן ביזן 30־טן מערץ 1942 ליקווידירט 20 רוסן פאַר סובווערסיווער קאָמוניס־טישער אַקטיוויטעט און אָנגעהעריקייט צו נקוו"ד, 33 ציגיינער און 1551 יידן. מיט דעם מאַסן־מאָרד האָט בראַדפיש פאַרענדיקט זיין טעטיקייט אין ווייסרוסלאַנד און זיך איבערגעטראָגן אין ליטצמאַנשטאַדט. צו ליקווידירן די יידן פונעם דאָר־טיקן געטאָ.[175]

## ב. די סעלעקציע פון אַרבעטספעאיקע אין לאָדזשער געטאָ

ווי עס איז צו זען פון זיין טעטיקייט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, האָט בראַדפיש אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די ווייטערדיקע יידן־אויסראָטונג אין הסכם מיט דעם נייעם פּלאַן פון ריינהאַרדט היידריך, וועלכן ער האָט רעפערירט. אויף דער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 20־טן יאַנואַר 1942 אין פּאָליציי־שטאַב אין בערלין ביים „גראָססען וואַנזעע".

דער נייער היידריך־פּלאַן איז אייגנטלעך געווען אַ המשך פון היידריכס געהיימען טעלעפאָנאָגראַם, אַרויסגעשיקט צו די אָנפירער־גרופּן פון דער זיכער־הייטס־פּאָליציי נאָך אין 21־טן סעפּטעמבער 1939 (זע ז' 17) וועגן דער יידנפראַגע אין די אָקופּירטע געביטן. דער „וואַנזעע־פּלאַן" האָט זיך שוין געשטיצט אויף דער רייכער דייטשער אויסראָטונגס־דערפאַרונג פון איבער צוויי יאָר און פאַרגעזען:

„אין פאַרלויף פון דער רעאַליזירונג פון דער ענדלעזונג פון דער יודענ־פראַגע, דאַרפן די יידן באַנוצט ווערן צו אַרבעט אויף מזרח, ביי אַ געהעריקער אָנפירונג און געהעריקע מיטלען, איינגעשלאָסן אין גרויסע אַרבעטס־גרופּן, (אַרבייטסקאָלאָנען) ביי דער דורכפירונג פון סעפּאַראַציע פוןביידע געשלעכטער, וואָס עס וועט אָן שום ספק ברענגען צו אַ נאַטירלעכער פאַרמינדערונג און אַן אַרויספאַל פון אַ גרויסן טייל. די רעשט־פאַרבליבענע וואָס שטעלן מיט זיך פאָר, זיכער, דעם ווידערשטאַנד־פעיקן טייל, דאַרפן ענטשפּרעכנד באַהאַנדלט ווערן, ביי אַ נאַטירלעכער אויפלעזונג און באַזייטיקונג פון די קעמערלעך פון אַ נייעם יידישן אויפבוי".[176].

דער דאָזיקער אָפּזאַץ פון היידריכס יידן־אויסראָטונגס־פּלאַן איז ציטירט געוואָרן דורכן „שטראַפאורטייל" אין האַנאָווער פּראָצעס קעגן בראַדפיש—פוקס, ווי אַ באַשטעטיקונג פון דער באַשולדיקונג קעגן די צוויי רוצחים, וואָס עס באַווייזט, אַז בראַדפיש האָט טאַקע דורכגעפירט אין לאָדזשער געטאָ היידריכס אויסראָטונגס־

פלאַן. דער „שטראַפורטייל״ האָט צום היידריך־פלאַן צוגעגעבן פאָלגענדע אויפקלערונג:

„עס דאַרף באַזונדערס אָנגעוויזן ווערן אויף די ווערטער: „ענטשפּרעכענד בעהאַנדעלט ווערדען״, ווייל ביי די שפּעטערדיקע באַפעלן אין די ראַמען פון דער פאַרניכטונג פון יידן איז קיינמאָל נישט געווען די רייד וועגן טויטן, נאָר די טויטונג איז שטענדיק באַשריבן געוואָרן מיט אַנדערע ווערטער, צ. ב. „ענדשפּרעכנד בעהאַנדעלט״, „זאָנדער־בעהאַנדלונג״, „עוואַקואירט״, „געבראַכט צו דעפּאָרטאַ־ציע״ א. א. [177]

אין דעם „שטראַפּאורטייל״ פעלט אָבער נאָך אַן אויפקלערונג, וואָס דאַרף צוגעגעבן ווערן, נעמלעך: דער אָפּזאַץ אין היידריך פלאַן — „די באַזייטיקונג פון די קעמערלעך פון אַ נייעם יידישן אויפבוי״, וואָס איז געווען אַן אָנזאָג פון אויס־ראָטונג פון יידישע קינדער, וואָס ד״ר אָטאָ בראַדפיש און גינטער פוקס האָבן דורכגעפירט אין לאָדזשער געטאָ אין חודש סעפּטעמבער 1942.

*

דער פּראַקטיצירטער מאַסן־רוצח ד״ר בראַדפיש האָט אָנגעהויבן זיין טעטיקייט מיט דורכפירן אַ סעלעקציע אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. כדי צו באַשטימען ווער עס מוז נאָך דערווייל דאָרט בלייבן לעבן. באַלד נאָך זיין אָנקומען האָט דער יודענעלטעסטער פאַרעפנטלעכט די „באַקאַנטמאַכונג נומ׳ 374״, וואָס פאָדערט אויף אַלע נישט באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן פון 10 יאָר און ווייטער, זיך צו שטעלן פאַר אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע. די געבראַכטע פון מערב־אייראָפּע זענען באַפרייט געוואָרן פון דער מעדיציניִשער קאָנטראָל. די „באַקאַנטמאַכונג״ האָט אויפסניי פאַרשטאַרקט די פאַרצווייפלונג פון די געטאָ־איינוווינער. אַלעמען איז באַפאַלן אַ שרעק, בפרט ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט פון די ערשטע, וואָס זענען דורכגעגאַנגען די קאָמיסיע, אַז דאָרט זיצן דייטשע דאָקטוירים צוזאַמען מיט געשטאַפּאָ־לייט. עס ווערט דורכגעפירט אַ מעדיציניִשע אונטערזוכונג און יעדער באַקומט אַן אות־סטעמפּל אויף דער ברוסט — A אָדער B. עלטערע מענטשן האָבן נישט גע־דאָרפן זיך אויסטאָן צו דער אונטערזוכונג. זיי האָבן נאָר געמוזט אַנטבלויזן די רעכטע ברוסט, וועלכע איז געוואָרן אָפּגעשטעמפּלט מיט אַן אות. [178] (אין געטאָ האָט מען אויסגעטייטשט: A — באַדייט „אַרבעטספעיק״ און B — ברוך״).

אויפן סמך פון די היינט באַקאַנטע פאַקטן פון דער דייטשער אויסראָטונג אין דער היטלער־צייט, האָט דער אופן פון דורכפירן די מעדיציניִשע אונטערזוכונג איבער די נישט־באַשעפטיקטע אין געטאָ־ליטצמאַנשטאַדט, נישט איבערגעלאָזט קיין שום ספק צו וואָס זי צילט. אָבער די געטאָ־איינוווינער האָבן נאָך דעמלס נישט געוווּסט די באַדייטונג פון וואָרט „סעלעקציע״. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז שוואַכע און עלטערע יידן ווערן דורך די דייטשע דאָקטוירים פאַרמשפּט צום

טויט; די געזונטערע נישט אַרבעטנדיקע — ווערן צוגעגרייט צום אַרויסשיקן אין לאַגערן, כדי ביי דער שקלאַפישער אַרבעט, זאָל לויט היידריכס פּלאַן, פאַרקומען די נאַטירלעכע פאַרמינדערונג און די ווידערשטאַנדספעיקע זאָלן געשיקט ווערן אין די גאַז־קאַמערן. יעדער נישט אַרבעטנדיקער אין געטאָ האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז די אונטערזוכונג פון דייטשע דאָקטוירים אין דער אָנוועזנהייט פון געשטאַפּאָ־לייט, באַדייט עפּעס אַ נייע שרעקלעכע גזירה.

ווי ביי יעדער גזירה האָבן די געטאָ־איינוווינער מיט זייערע מיטלען גע־שטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד: מ'האָט זיך נישט געמאָלדן צו דער דאָקטוירים־קאָמיסיע, טראָץ די שטרענגע אויפפאָדערונגען פון רומקאָווסקין. כדי ווי געהעריק אויסצופירן די דייטשע באַשטעלונג, האָט דער יודענעלטעסטער מאָביליזירט אַלע סעקטאָרן פון זיין גוואַלט־אַפּאַראַט: די געטאָ־פּאָליציי און גערטלערס „זאָנדער" זענען „געשטעלט געוואָרן אין שאַרפער גרייטקייט". פּאַטרולן האָבן זיך געלאָזט איבער די געטאָ־גאַסן און געכאַפּט מענטשן. די גאַסן זענען געוואָרן אָפּגעליידיקט, די באַשטימטע פאַר דער דאָקטוירים־קאָמיסיע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, האָבן די פּאָליציאַנטן געמאַכט נאַכט־אָבלאַוועס, געזוכט אין די הייזער, אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן. יעדער האָט געמוזט ווייזן די געשטעמפּלטע ברויט־קאַרטע אָדער אַן אַרבעטס־קאַרטע פון אַן אונטערנעמונג. די יידן, וואָס האָבן נישט געקאָנט באַווייזן אַזעלכע דאָקומענטן, זענען געשלעפּט געוואָרן ביינאַכט אין די אַרעסט־הייזער און אויף צומאָרגנס צוגעשטעלט געוואָרן צו דער דאָקטוירים קאָמיסיע. אין איין נאַכט האָבן די פּאָליציאַנטן אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן און באַהעלטענישן 600 פּערזאָן, אַ צווייטע נאַכט 1000 פּערזאָן.

צום באַדינען די דאָקטוירים־קאָמיסיע האָט רומקאָווסקי אָרגאַניזירט אַן אַפּאַראַט פון זיינע ביוראָ־באַאַמטע. מ'האָט געפאָרשט דעם פאַמיליע־באַשטאַנד פון יעדן, וואָס האָט געדאַרפט אונטערזוכט ווערן. עס זענען פאַר דער קאָמיסיע געבראַכט געוואָרן אויך קינדער פון 10—14 יאָר. עס זענען רעווידירט געוואָרן פרויען באַזונדער און מענער באַזונדער. יעדער, וואָס האָט זיך געשטעלט פרייוויליק צו דער אונטערזוכונג האָט באַקומען אַ זופּ מחוץ דער נאָרמאַלער באַשפּייזונג. די אַלע מיטלען האָבן נישט געבראַכט דעם געהעריקן קאָנטינגענט פון אונטערזוכטע, ווי עס האָט פאַרלאַנגט די געשטאַפּאָ. די קאָמיסיע זענען דורכגעגאַנגען 9,956 פּערזאָן און זי האָט איבערגעריסן איר אַרבעט.[179]

רומקאָווסקי איז נישט געווען צופרידן פון דער צאָל, וואָס האָט זיך גע־שטעלט צו דער אונטערזוכונג. זיינע דייטשע באַפעלסגעבער האָבן פון אים פאַרלאַנגט אַ גרעסערע צאָל, דעריבער האָט דער יודענעלטעסטער פאַראָרדנט אַ רעגיסטראַציע פון די אַרבעטנדיקע, כדי אַזוי אַרום צו קאָנען אַרויסנעמען פון די עווידענץ־קאַרטן די נישט באַשעפטיקטע. יעדער געטאָ־איינוווינער, וואָס האָט געאַרבעט אין אַן אונטערנעמונג, האָט געמוזט זיך מעלדן מיט דער שפּייז־קאַרטע

און אַרבעטס־לעגיטימאַציע. די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן, וואָס זענען געווען זיכער, אַז זיי מיינט מען נישט, האָבן זיך געשטעלט אין די טויזנטער צו דער רעגיסטראַציע. די דאָקטוירים־קאָמיסיע האָט ווידער אָנגעהויבן איר טעטיקייט, אָבער די נישט־אַרבעטנדיקע האָבן זיך ווידער נישט געשטעלט. אַ פרישע פּאָלי־צייאישע נאַכט־אַבלאַווע האָט אַרויסגעצויגן פון די בעטן און באַהעלטענישן 800 פּערזאָן. זיי זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין די פּאָליציי־רעווירן און אין דער צענ־טראַלער געטאָ־תּפיסה און אויף צומאָרגנס צו דער דאָקטוירים־קאָמיסיע.

בעת דער דאָזיקער מהומה, האָבן די נישט באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן באַמיט זיך צו באַקומען דאָרט אַרבעט. פּערזאָנען, וואָס האָבן נאָך אויפגעהאַלטן קרעמלעך, פּריוואַטע בעלי מלאכות, וועלכע האָבן נאָך פאַרמאָגט עפּעס אַן אָרעם וואַרשטאַטל, האָבן פאַרשלאָסן זייערע „פּרנסות״ און זיך געלאָזט צום אַרבעטס־ביוראָ צו פאַרשרייבן זיך אויף אַרבעט. ביי דעם ביוראָ זענען געשטאַנען לאַנגע רייען. מ׳האָט געגלויבט רומקאָווסקין, אַז דורך אַרבעט קאָן מען זיך ראַטעווען פון ווערן אַרויסגעשיקט. אָבער פּלוצלונג האָט דאָס ארבעט־ביוראָ זיך געשלאָסן. עס האָט זיך באַוויזן דער יודענעלטעסטער אויף זיין דראָזשקע. ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פונעם עולם, וואָס האָט געוואָלט הערן פון אים „אַ גוטע בשורה״. דאָס איינציקע וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן איז געווען: מ׳דאַרף זיך שטעלן צו דער דאָקטוירים־קאָמיסיע, ער האָט געוואָרנט מ׳זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט, אָבער מ׳האָט אים נישט געפאָלגט. „איצט איז שוין צו שפּעט״. [180]

## ג. דייטשע פאָרברייטונגען צו דער דעפּאָרטאַציע פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן

די דאָקטוירים־קאָמיסיע האָט איבערגעריסן איר אַרבעט. ד״ר אָטאָ בראַדפיש, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט און איז אין געטאָ נאָך, דערוייל, געווען אומבאַקאַנט, האָט שוין מער־ווייניקער געוווּסט, וויפל טויזנטער „איבריקע״ יידן זענען דאָרט פאַראַנען; וויפל פון זיי קאָנען אַרויסגעשיקט ווערן צום טויט אָן שאָדן פאַר די דייטשע קריגס־אונטערנעמונגען, וואָס ביבאָוו מיט דער הילף פון רומקאָווסקיס אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט — האָבן דאָרט אויפ־געשטעלט. דאָס לאָדזשער געטאָ — פּונקט ווי די קליינע געטאָס אין די שטעטלעך אין „וואַרטעגאַו״ זענען לויט די אויסראָטונגס־פּלענער פון דער דייטשער מאַכט, אַריין אין מצב פון ליקווידאַציע. דער טעמפּאָ פון דער ליקווידאַציע איז געווען אָפּהענגיק פון אַ ריי סיבות, וועלכע האָבן צוריקגעהאַלטן אָדער פאַרגיכערט די דייטשע אויסראָטונגס־טעטיקייט.

ווי עס איז צו זען פון די ווייטער געבראַכטע פאַקטן, זענען די מערב־אייראָ־פּעישע יידן געווען אין יענעם פּעריאָד די ערשטע קאַנדידאַטן אַרויסגעשיקט צו

ווערן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. צו דעם צוועק זענען זיי דאָך, לויט די באַשטימונגען פון הײדריך און אייכמאַן, געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.[181] סיי רומקאָווסקי, סיי די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט האָבן די יידן פון מערב־אייראָפּע נישט באַטראַכט ווי אַן אַרבעטס־עלעמענט, דעריבער האָבן זיי נישט געדאַרפט דורכגיין די דאָקטוירים־קאָמיסיע. דאָס פּראָבלעם פאַר די דייטשע פאַרטיליקער איז נאָר געווען ווי אַזוי „רייבונגסלאָז", ד.ה. אָן ווידערשטאַנד צו ליקווידירן די יידן פון מערב־אייראָפּע.

פון די 19,994 מערב־אייראָפּעישע יידן, וואָס זענען אין אָקטאָבער און נאָווועמבער 1941 געבראַכט געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, זענען ביז זייער דעפּאָרטאַציע געשטאָרבן אַרום 4000 נפשות. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט, משמעות, זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דעם „נאַטירלעכן אָפּגאַנג". פון אירע אַגענטן האָט די געשטאַפּאָ באַקומען באַריכטן וועגן דער בונטאַרישקייט פון די מערב־יידן. געווען צווישן זיי קאָמבאַטאַנטן פונעם ערשטן וועלט־קריג, וואָס האָבן מיט זייער העלדישקייט דערוואָרבן די העכסטע מיליטערישע אויסצייכנונגען, געווען צווישן זיי פרומע קאַטאָליקן און פּראָטעסטאַנטן, וועמענס עלטער־זיידעס אָדער באָבעס האָבן געשטאַמט פון יידן. די דאָזיקע „גויים" האָבן דאָך זיכער געגלויבט, אַז די קריסטלעכע וועלט וועט זיך פאַר זיי איינשטעלן. אַ חוץ דער דאָזיקער גרופּן־צעטיילונג פון די מערבדיקע איז נאָך געווען אַ טיפער אונטערשיד אין דער קולטור און כאַראַקטערן צווישן די דאָזיקע יידן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון באַזונדערע לענדער און שטעט, ווי: בערלין, ווין, פּראַג, פראַנקפורט אַם מיין, האַמבורג, קעלן, דיסלדאָרף און לוקסענבורג, אַזוי זענען זיי טאַקע געווען געטיילט אין געטאָ לויט די קאָלעקטיוון.[182]

די אויסראָטונגס־סעקטאָרן פון דער דייטשער מאַכט זענען דעריבער מיט דער גרעסטער קאָמופלאַזשירטער פאָרזיכטיקייט צוגעטרעטן צו דער ליקווידאַציע פון די מערבדיקע. פונקט ווי ביי דער דעפּאָרטאַציע פון די געטאָ־תושבים האָט אויך דאָ די געשטאַפּאָ ברייט אויסגענוצט די גרופּן־פאַרשידנקייט פון די מערב־יידן זיי זאָלן זיך נישט צוזאַמענריידן. עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן דער פלוצלונגדיקער „שלום", וואָס רומקאָווסקי האָט געשלאָסן מיט די מערבדיקע אין פעברואַר 1942, דאָס אויפשטעלן אַ מין „בייראַט" מיט פאַרטרעטער פון די קאָלעקטיוון — איז געמאַכט געוואָרן אין הסכם מיט די פאַראָרדנונגען פון דער דייטשער מאַכט. די קריסטן, אָפּשטאַמיקע פון יידן, האָבן באַקומען אַן אייגן געבעט־הויז. דאָס אַלץ איז משמעות געטאָן געוואָרן אויף צו באַרואיקן די געמיטער און אויפצוהאַלטן ביי די מערבדיקע די אילוזיע, אַז זיי זענען אַ פּריווילעגירטער שיכט. דער דייטשער קאָמופלאַזש איז נאָך געשטאַרקט געוואָרן דערמיט, וואָס די מערב־יידן זענען נישט אַנגערירט געוואָרן בעת דער אַלגעמיינער דעפּאָרטאַציע פונעם געטאָ, הגם דער ווייט גרעסטער טייל פון זיי איז נישט געווען באַשעפטיקט אין די רעסאָרטן. ווי

אין ענלעכע פאַלן האָט די דייטשע מאַכט אין געהיים צוגעגרייט די דעפּאָרטאַציע פון די מערבדיקע, וואָס האָט געדאַרפט קומען ווי אַן אומגעריכטער קלאַפּ.

אין חודש אפריל, ווען אין געטאָ האָט זיך געטומלט מיט דער דאָקטוירים־קאָמיסיע, זענען די מערבדיקע געווען זיכער מיט זייער עקזיסטענץ. זיי האָבן ווייטער פאַרקויפט זייערע לעצטע זאַכן און איינגעהאַנדלט שפּייז אויפן שוואַרצן מאַרק, וואָס עס האָט געבראַנגט צו אַ דויערנדער שטייגערונג פונעם יקרות און פון הונגער, ווייל דאָס געטאָ האָט פון דער דייטשער מאַכט באַקומען זייער ווייניק פּראָדוקטן. דעם 16־טן אפריל 1942 האָט רומקאָווסקי אָנגעזאָגט די ליקווידאַציע פון די קאָלעקטיוון פון די מערבדיקע, זיי האָבן אויפגעהערט עקזיסטירן ווי באַזונדערע אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן. יעדער יחיד האָט געדאַרפט אליין זאָרגן פאַר זיין אויפהאַלט אין געטאָ. באַלד נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע פון: איבערזעצער פון פרעמדע שפּראַכן — פראַנצויזיש, ענגליש, לאַטיין, אלט־און ניי־גריכיש, ווי אויך פון העברעיש און פון געוו. זעלנער און אָפיצירן פון דייטשע אַרמייען, באַטייליקטע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָבן באַקומען אויסצייכנונגען פאַר העלדישקייט אויפן פראָנט.[183] ערשט נאָך דער דאָזיקער עלימינירונג פון אַקטיווערע עלעמענטן פון די מערבדיקע, איז באַלד דערנאָך, דעם 29־סטן אַפּריל, געקומען די „באַקאַנטמאַכונג נומ. 380", וואָס האָט אָנגעזאָגט די דעפּאָרטאַציע פון די מערב־אייראָפּעישע יידן: דער ערשטער טראַנספּאָרט דעם 4 מאַי, 1942.

ווי ביי די פאָריקע דעפּאָרטאַציעס פון די „תושבים" איז אויך ביי די מערב־דיקע נישט אָנגעגעבן געוואָרן די צאָל פון די, וואָס דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. עס זענען נאָר דערמאָנט געוואָרן די „אַרבעטסלאָזע", די גולים פון לוקסענבורג, ווין און פּראַג, האָבן געדאַרפט בלייבן אויפן אָרט. כדי אַרויסצווייזן אַ „גוטן ווילן" לגבי די דעפּאָרטירטע, האָט די דייטשע מאַכט געגעבן די באַקאַנטע „פאַרלייכטערונגען" אויך פאַר די מערבדיקע, וואָס פאַרלאָזן דאָס געטאָ, נעמלעך: די דעפּאָרטירטע קאָנען מיט זיך מיטנעמען 12,5 קילאָ באַגאַזש און די איבעריקע זאַכן פאַרהאַנדלען אין דער צענטראַלער איינקויפסשטעלע אין געטאָ — אַזוי האָט צווויסן געטאָן די „באַקאַנטמאַכונג" פון רומקאָווסקין.[184]

אין דער זעלבער צייט האָט די דאָקטוירים־קאָמיסיע באַנייט איר אַרבעט פון דורכפירן די סעלעקציע, וואָס עס באַווייזט, אַז די דעפּאָרטאַציע פון די מערבדיקע האָט גאָרנישט געהאַט קיין שייכות מיט דעם אָפּקלייב, וואָס די געשטאַפּאָ מיט די דייטשע דאָקטוירים האָבן געמאַכט צווישן די „תושבים". זיי האָבן זיך ווידער אויסבאַהאַלטן און די געטאָ־פּאָליציי האָט איינגעאָרדנט נאַכט־אַבלאַווס. אין דער נאַכט פון 30־טן אַפּריל זענען 600 פערזאָן געכאַפּט געוואָרן פון דער פּאָליציי און אָפּגעפירט געוואָרן אין די רעווירן און אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה. רומקאָווסקיס אַ „באַקאַנטמאַכונג" האָט מיטגעטיילט, אַז פון 1־טן מאַי

הייבט ווידער אָן טעטיק זיין די דאָקטוירים־קאָמיסיע און אַלע דאַרפן זיך שטעלן, חוץ די יידן פון מערב־אייראָפּע. מ'האָט זיך קנאַפּ געשטעלט.[185]

## ד. דער גירוש פון יידן פון מערב־אייראָפּע אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ

די מערב־אייראָפּעישע יידן, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געטראַכט מיט אַמאָליקע מערב־אייראָפּעישע באַגריפן, האָבן געגלויבט די דייטשע הבטחות, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונגען", אַז יעדער פון די אַרויסגעטריבענע קאָן מיטנעמען מיט זיך 12,5 קילאָ באַגאַזש. האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל. די באַשטימטע צו דער דעפּאָרטאַציע האָבן אַוועקגעגעבן זייערע לעצטע זאַכן פאַר שפּייז. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ פּרייז: אַ ברויט פאַר אַ פּאָר שטיוול, אַן אַנצוג פאַר אַ קילאָ מאַרגאַרין. דער האַנדל איז בעיקר געגאַנגען ביי די הייזער, ווו עס האָבן געוווינט די מערבדיקע, לויט רומקאָווסקיס פאַראָרדנונג האָבן די גולים געדאַרפט זייערע זאַכן פאַרקויפן אין זיין „באַנק", האָט אָבער קיינער נישט געוואָלט אָפּגעבן די חפצים פאַר ווערטלאָזע געטאָ־מאַרקן. פּאָליציי האָט ווידער גענומען מאַכן אָבלאַוועס אויף די קויפער און פאַרקויפער און מ'האָט געטריבן אין דער געטאָ־תפיסה און אין די פּאָליציי־רעווירן.

ערגעץ אין אַן אָפּגעלעגן ווינקל ביים באַלוטער פּלאַץ האָבן די מערבדיקע זיך געהאַט איינגעאָרדנט אַ מין „קאַפּעטעריע", וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „אַדריאַ". ווי לאַנג זיי זענען באַהאַנדלט געוואָרן ווי „פּריווילעגירטע", האָט די דייטשע מאַכט, ווי אויך רומקאָווסקיס פּאָליציי, נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם זאַמלפּונקט. אָבער אין מאַי 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פון די מערבדיקע, זענען אין „אַדריאַ" אריין דייטשע געשטאַפּאָ־און קריפּאָ־לייט און דורכגעפירט אַ רעוויזיע ביי די הונדערטער אַנוועזנדע, וועלכע האָבן געפירט אַ האַנדל מיט זייערע זאַכן. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אַלץ צוגענומען, אויך זייגער־לעך, פּעדערס און פּאַפּיראָסן־טאַשן.[186]

האַרט פאַר דעם אָפּגאַנג פונעם ערשטן טראַנספּאָרט האָט רומקאָווסקי צעוויסן געטאָן אין אַ באַקאַנטמאַכונג", אַז 10,000 יידן פון מערב־אייראָפּע דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. מיטן ערשטן טראַנספּאָרט וועלן גיין די גולים פון קעלן, וואָס האָבן געוווינט אין מאַרישין. לויט דער באַשרייבונג אין B.K.C. איז „דאָס שיקן אויפן ערשטן פייער די קעלנער" געווען רומקאָווסקיס אַן אויפטו. ער האָט פּראָיעקטירט איינצואָרדנען אין מאַרישין קאָלאָניעס פאַר קינדער (זיי וועלן אַרויסגעשיקט ווערן אין 4 חדשים אַרום) און געוואָלט באַפרייען די דאָרטיקע וווינונגען.

דער רומקאָווסקי־אַפּאַראַט איז צוגעטרעטן אָרגאַניזירן די דעפּאָרטאַציע פון די מערבדיקע. זיי האָבן מתחילת דעם גירוש אויפגענומען ווי אַ זעלבסטפאַר־שטענדלעכקייט. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט איינלעבן אין געטאָ, נישט געקאָנט

באַקומען קיין פּאָסיקע באַשעפטיקונגען, אַחוץ געציילטע, וואָס האָבן געאַרבעט אין רומקאָווסקיס ביוראָען און אין אַרכיוו — איז דער ווייט גרעסטער טייל געווען אַרבעטסלאָז, איז דעריבער פּאַר זיי נישט געווען קיין אונטערשיד וווּהין מ'טרייבט. די אומגליקלעכע האָבן דאָך נישט געוווּסט, אַז 60 קילאָמעטער פון לאָדזש, האָט די דייטשע מאַכט צוגעגרייט גאַז־אויטאָס צו דערשטיקן די מערב־אייראָפּעישע יידן.

די געשטאַפּאָ־עקספּאָזיטור אין געטאָ, די אויסוווּרפן פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן געפירט די פּראָפּאַגאַנדע פּאַר אַרויספאָרן. מ'האָט פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די מערבדיקע ווערן געשיקט אין אָקופּירטן פראַנקרייך. עס זענען אויך אָנגעקומען בריוו פון אַרויסגעשיקטע משפחות, אַז „זיי געפינען זיך אין אַ דאָרף הינטער טורעק (נישט ווייט פון קאָלאָ) און פילן זיך גוט". אַזוי האָט געאַרבעט די דייטשע פּערפידיע אויף צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונג פון די מערב־אייראָפּעישע יידן.[187]

דעם 4־טן מאַי 1942 האָט די דייטשע דאָקטוירים־קאָמיסיע אָפּגעשטעלט אירע „מעדיצינישע אונטערזוכונגען" פון די נישט אַרבעטנדיקע געטאָ־איינוווינער. די פּאָליציי האָט שוין געקאָנט מער טרייבן די באַפעלקערונג, ווייל זי האָט געמוזט זיין גרייט אויף יעדן פאַל צו דער דעפּאָרטאַציע פון די מערבדיקע. סך הכל זענען דורך דער דאָקטוירים־קאָמיסיע געשטעמפּלט געוואָרן 20,600 פּערזאָן. פּונקט אַזאַ צאָל האָט בעת דער „שפּערע" געדאַרפט אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ קיין כעלמנאָ, וואָס עס וועט באַשריבן ווערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## ה. אכזריות־באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט אויך צו דעפּאָרטירטע מערב־יידן

אין זעלבן טאָג, ווען די דאָקטוירים־קאָמיסיע האָט אָפּגעשטעלט אירע אונטערזוכונגען, איז אַוועק דער ערשטער טראַנספּאָרט פון די מערב־יידן. די B.K.C. הייבט אָן די באַשרייבונג פון אָפּגאַנג פונעם ערשטן טראַנספּאָרט מיט פאָלגענדיקן זאַץ: „עס גייען ווידער טראַנספּאָרטן מיט באַגאַזש קיין ראַדעגאַסט". אָבער דער באַגאַזש האָט די גולים נישט לאַנג שווער געמאַכט דעם וועג. די דייטשע מאַכט וואָס האָט דורך אירע אַגענטן שוין געוווּסט, אַז די יידן פון מיטל־אייראָפּע פאַרלאָזן גערן דאָס געטאָ, האָט באַלד געענדערט איר באַציאונג צו די אומגליקלעכע. עס איז פאַרשווונדן די געפאַר פון ווידערשטאַנד און עס איז נישט געווען מער וואָס צו שפּילן זיך מיט די יידן, וואָס זענען באַשטימט פאַרן טויטן־לאַגער.

באַלד ביי דעם ערשטן טראַנספּאָרט האָבן די געשטאַפּאָ־לייט אין ראַדעגאַסט אָפּגענומען ביי די גולים דעם באַגאַזש, אַפילו די האַנט־בייטלען מיט עסן אויפן וועג. דעם 5־טן מאַי איז אַוועק דער צווייטער טראַנספּאָרט. אויך ביי די דאָזיקע גולים איז צוגענומען געוואָרן דער באַגאַזש. אין דעם טראַנספּאָרט האָבן זיך געפונען 15 דאָקטוירים פון די מערבדיקע. די געזונטהייטס־אָפּטיילונג פון דער

רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט זיי קוואַליפיצירט צום אַרויסשיקן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין סטאַבילע באַשעפטיקונג אין געטאָ. ביי די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן איז די באַציאונג פון די געשטאַפּאָ־לייט צו די גולים געווען נאָך אַ שטרענגערע און מער האַרטע. עס איז געפאָדערט געוואָרן פון די „אָפּפאָרנדע" זיי זאָלן זיך אָפּרוקן פון די וואַגאָנען אויף 5 טריט און אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלע פּעקלעך.

רומקאָווסקי האָט געגעבן די גולים נאָך אַ „הנחה" כדי פריינט און משפּחה־אָנגעהעריקע זאָלן קאָנען זיך האַלטן צוזאַמען אין וועג און אויך „צוזאַמען זיך איינאָרדנען אויף די ניי אָנגעקומענע ערטער", זענען די טראַנספּאָרטן געווען איינ־געשטעלט אין דעם סדר, ווי זיי זענען געקומען אין געטאָ, לויט דער דעמלסדיקער באַצייכענונג: בערלין 1, ווין 1, 2, פּראַג 1, אאז"וו. אַזוי זענען די טראַנספּאָרטן געגאַנגען פּינקטלעך מיט אַ סדר, יעדן טאָג איבער 1000 פּערזאָן.[188]

אין גאַנג פון דער דעפּאָרטאַציע האָבן די גולים אָנגעהויבן אַנען, אַז דער דייטשער מאַכט גייט נישט בלויז אין אַריבערפירן די יידן אין אַנדערע אַרבעטס־ערטער. עס איז פאַראַן אין דעם גירוש די אַכזריות פון אומברענגען, דורך טרייבן פון אָרט צו אָרט. די דאָזיקע טענדענץ איז געוואָרן נאָך בולטער, ווען אויך די אַלטע לייט פון די מערבדיקע, וואָס זענען געווען איינגעאָרדנט אין זקנים־הויז אויף גניעזשניענסקאַ גאַס זענען געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. דאָס זקנים־הויז האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איינע פון די הנחות, וואָס רומקאָווסקי האָט מיט צוויי חדשים צוריק געמאַכט פאַר די מערבדיקע, כדי צו באַווייזן זיין גוטע באַציונג צו זיי. דאָרט זענען געוואָרן איינגעאָרדנט 750 אַלטע לייט. זיי זענען אַרויסגעפירט געוואָרן מיט די טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָפּגעגאַנגען דעם 10־טן און 12־טן מאַי 1942. די גרויזאַמקייט פון דער דייטשער מאַכט איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק דורך אַריינוואַרפן אין די וואַגאָנעס פאַרבלוטיקטע מענטשן, וואָס זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך איבערשניידן זיך די אָדערן.

די דאָזיקע אכזריות האָט אַרויסגערופן פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג ביי די מערבדיקע. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין דער דרשה, וואָס דער ראַבינער ד"ר קליין האָט געהאַלטן אין אַ שבת בעתן דאַווענען פון זיינע דיסלדאָרפער לאַנדסלייט, וואָס זענען געווען באַשטימט צום גירוש. דער ראַבינער האָט מיט רירנדע ווערטער גערעדט וועגן גורל פון די אַרויסגעשיקטע, אויף וועלכע גאָט דאַרף זיך מרחם זיין.[189]

ביי די לעצטע טראַנספּאָרטן פון די מערבדיקע אין 13־טן, 14־טן מאַי האָט מען זיך שוין נישט געשטעלט צום אָפּפאָרן. די א. ד.־פּאָליציי איז געבראַכט געוואָרן אין „גרייטקייט מצב". אין דער נאַכט פון 13־טן מאַי זענען דורכגעפירט געוואָרן „אַבלאַוועס" כדי צוצושטעלן דער דייטשער מאַכט דעם באַשטימטן קאָנטינגענט, אין דער געהעריקער צייט, האָט מען געכאַפּט אויך לאָדזשער „תושבים". אין דער

נאַכט־כאַפּעניש זענען פאַרהאַלטן געוואָרן 500 לאָדזשער יידן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט די מערבדיקע. [190]

אויף דער סטאַציע ראַדעגאַסט, פון וואַנען עס זענען אָפּגעגאַנגען די טראַנס־פּאָרטן זענען געווען טעטיק אויך א. ד.־פּאָליציאַנטן. איינער פון זיי האָט זיך איינגעשטעלט און צוגעטראָגן אַ פּעקל איינעם פון די גולים, ביי וועמען די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אָפּגענומען דעם באַגאַזש. דער דרייסטער און מיטפילנדיקער ייד פון א. ד. איז באַלד געוואָרן אַרעסטירט. [191] זיין סוף איז נישט דאָקומענטירט. אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט האָבן די אומגליקלעכע באַגריפן זייער מצב און געפרווווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד די רוצחים. B.K.C. פון חודש מאַי, אין אַ סך הכל וועגן די דעפּאָרטאַציעס פון די מערבדיקע — האָט געשריבן:

„אין אַלגעמיין דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז די אַרויסגעטריבענע מערב־יידן האָבן אין די דאָזיקע טראַגישע מאָמענטן פון זייער ווייטערדיקער וואַנדערונג — אויפגעהאַלטן באַדייטנד מער רואיקייט, ווי די היגע [לאָדזשער] באַפעלקערונג. ביי די פריערדיקע אַרויסשיקונגען זענען די כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען געווען: יאָמער, געשריי, באַקלאָגן זיך. די מערב־אייראָפּעישע יידן האָבן אַרויסגעוויזן אַ מער באַהערשטקייט פון נערוון. די מערבדיקע האָבן אָבער פאַרלוירן זייער רואיקייט אויפן וואָקזאַל פאַרן אַרויספאָרן. צוליב דעם האָבן זיי אַרויסגערופן רעפּרעסיעס מצד דער וואך (געשטאַפּאָ)". [192]

פון אויבן געבראַכטן ציטאַט ווערט קלאָר אַז אויף וועלכן עס איז אופן האָבן די גולים געפרווווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד די אכזריותדיקע געשטאַפּאָ־לייט, וואָס האָבן געמוזט אַנווענדן רעפּרעסיעס קעגן די אַרויסגעשיקטע, כדי זיי איינצושטילן, אָבער אזא ווידערשטאַנד איז געווען נאָר ערשט אויפן וואָקזאַל אין ראַדעגאַסט. אַן אַנדערע באַשרייבונג, פון אַן אומבאַקאַנטן מחבר, גיט אַ טרויעריק בילד פון די טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָפּגעגאַנגען פון געטאָ צו דער באַן־סטאַציע:

„עס איז נאָר אַ האַלב יאָר, 6 חדשים, וואָס איז געווען פאַר זיי [די מערבדיקע] ווי אַן אייביקייט. אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע האָט מען זיך אַפילו נישט געקענט פאָרשטעלן: שאָטנס, סקעלעטן מיט געשווילעכץ אויף די פּנימער און הענט, אָפּגעריסענע, פאַראָרעמטע, האָבן זיי זיך איצט געלאָזט אין דער ווייטער וואַנדערונג, אויף וועלכע זיי טאָרן נישט מיטנעמען אַפילו קיין רוקזאַק. אַלץ וואָס עס האָט דערמאָנט אין זיי (מערב־יידן) דעם אייראָפּעישן גלאַנץ — איז געווען פון זיי אָפּגעווישט און עס איז געבליבן דער ייד, דער אייביקער וואַנדערער". [193] *

אַזוי האָבן אויסגעזען די לעצטע טראַנספּאָרטן פון די מערב־אייראָפּעישע יידן, וואָס זענען אָפּגעגאַנגען פון לאָדזשער געטאָ.

---

* גענויער וועגן גירוש פון די מערב־אייראָפּעישע יידן, זע — א. וואָלף יאַסני, „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג", ז״ז 469—471.

די דייטשן האָבן דערגרייכט זייער ציל. עס איז זיי געלונגען אַזוי צו צע־ברעכן און צעמורשטן די יידן אין לאָדזשער געטאָ, אַז זיי זאָלן נישט האָבן דעם כוח, מוט און אויסדויער צו שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. אַזוי איז אויך געשען מיט די יידן פון מערב־אייראָפּע. עס איז צעבראָכן געוואָרן די בונטאַרישקייט מיט וועלכער זיי זענען געקומען אין געטאָ. די דייטשע אויסראָטונגס־פּערפידיע האָט איינגעשלעפערט די וואַכזאַמקייט. די פיינלעכע נויט אין וועלכער די מערבדיקע האָבן געלעבט אין משך פון די 6 חדשים זיין אין געטאָ, האָט דערשטיקט יעדע האָפענונג, אַז עס קען בעסער ווערן און יעדן גלויבן אין דעם, אַז מ׳קאָן בעסער מאַכן. ביי זייער פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט זיך באַקומען דאָס אויבנגעבראַכטע טרויעריקע בילד. מיטן אַרויסטרייבן פון געטאָ קיין כעלמנאָ די 10.950 מערב־אייראָפּעישע יידן איז פאַרענדיקט געוואָרן דער צווייטער עטאַפּ אין דער דייטשער מאַסן־אויסראָטונג אין לאָדזשער געטאָ. צו די ווייטערדיקע אויסראָטונגס־עטאַפּן, וואָס האָבן שוין געזאָלט ברענגען צו דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע, האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אָנגעווענדעט נייע סטראַטעגישע מיטלען, וואָס זאָלן אוממעגלעך מאַכן די יידן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די רוצחים און פאַרטיליקער.

Deutsche Reichsbahn　　　　Litzmannstadt, den 19. Mai 1942

Vorstand

des Reichsbahn-Verkehrs-amts

AA 3

An die Geheime Staatspolizei

L i t z m a n n s t a d t.

Betr.: Fahrgeldzahlung für Sonderzüge nach Warthbrücken.

Für die in der Zeit vom 4.5. – 15.5.1942 abgefertigten zwölf Sonderzüge von Widzew nach Warthbrücken sind 33 731,35 RM Fahrtkosten entstanden. Ich bitte, den Betrag bei der Fahrkartenausgabe Litzmannstadt Hbf einzuzahlen.

[illegible signature]

Litzmannstadt, den 27.Mai 1942.

II B 4

Weiter
an die Ghettoverwaltung
in Litzmannstadt

zur Bezahlung des Betrages an die Reichsbahn.
Im Auftrage:

„דויטשע רייכסבאַהן״ מאָנט ביי דער געשטאַפּאָ אין לאָדזש (ליצמאַנשטאַדט) צו באַצאָלן פאַר די ספּעציעלע צוגן, וואָס האָבן פון 4־טן ביזן 15־טן מאַי 1942 געפירט „אָבגעפערטיקטען יודען״ אויף דער ליניע ראַדעגאַסט—וואַרטעבריקען (קאָלאָ), ד״ה קיין כעלמנאָ.

## ו. באַריכט פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס און גרייזערס בריוו צו הימלערן

פרייטיק דעם 15־טן מאַי איז אַוועק פון לאָדזשער געטאָ דער לעצטער טראַנספּאָרט פון די מערב־אייראָפּעישע יידן — 1306 פּערזאָן. די פאָרשטייער פון געשטאַפּאָ האָבן דערקלערט, אַז „מער וועט מען נישט אַרויסשיקן״.[194]

די פאַרזיכערונג איז געווען איינע פון די פיל ליגנס פון דער דייטשער מאַכט, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער געפּיי־ניקטער באַפעלקערונג אויף די ווייטערדיקע אויסראָטונגס־פּלענער, וועלכע זענען אין שטרענגסטער געהיימניש געגרייט געוואָרן. אין דער ריי צום אויסראָטן זענען דעמלס געשטאַנען די יידן אין די געטאָס פון גרייזערס וואַרטעגאַו, ד. ה. פון די שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן. אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וואָס איז לויט גרייזערס אויסראָטונגס־פּלאַן באַשטימט געוואָרן ווי אַ צענטראַלע געטאָ פון וואַרטעגאַו, האָבן

**N a c h w e i s**

der in der Zeit vom 4.5. - 15.5.42 abgefertigten Juden - Sdz.

| Tag | Hinfahrt | | | | | | Rückfahrt | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | Bef. Juden | Pers. Begl. | Fahrtkosten | | | | Begleiter | Fahrtkosten | |
| | | | RM | Rpf | RM | Rpf | | RM | Rpf |
| 4. | 1oo8 | 12 | 2973 | 6o | 33 | 6o | 12 | 67 | 2o |
| 5. | 914 | 13 | 2696 | 3o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 6. | 1ooo | 13 | 295o | oo | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 7. | 952 | 13 | 28o8 | 4o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 8. | 954 | 13 | 2814 | 3o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 9. | 952 | 13 | 28o8 | 4o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 1o. | 1oo5 | 13 | 2964 | 75 | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 11. | 949 | 13 | 2799 | 55 | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 12. | 947 | 13 | 2793 | 65 | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 13. | 1ooo | 13 | 295o | oo | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 14. | 7o6 | 13 | 2o82 | 7o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| 15. | 6o6 | 13 | 1787 | 7o | 36 | 4o | 13 | 72 | 8o |
| | 1o993 | 155 | 32429 | 35 | 434 | oo | 155 | 868 | oo |

Hinfahrt: Widzew - Radegast - Przybylow = 147 Km.
Halber Fahrpreis 2,95 RM.

Rückfahrt: Warthbrücken - Widzew = 14o Km.
Fahrpreis 5,6o RM.

לויט די אָנגעגעבענע דאַטעס און צאָל צוגן, איז צו זען, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון די מערב־אייראָפּעישע יידן קיין כעלמנאָ אין דער ערשטער העלפט פון חודש מאַי 1942.

געדאַרפט אויפגעזאַמלט ווערן די רעשטלעך פון די פּאַרטיליקטע קהילות — „קרעפטיקע אַרבעטספעיקע יידן", וואָס וועלן, נאָך א געוויסער צייט אָפּאַרבעטן אין רומקאָווסקיס רעסאָרטן — אָוועקגעשיקט ווערן קיין כעלמנאָ.

דער דאָזיקער פּלאַן פון דער דייטשישער מאַכט אויף יענעם אויסראָטונגס־עטאַפּ, ווערט באַזונדערס קלאָר פון דעם באַריכט וועגן די דעפּאָרטאַציעס, וואָס דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס, האָט אין 9־טן יוני, 1942 צוגעשיקט דער „„שטאַטספּאָליציישטעללע" אין ליטצמאַנשטאַדט. דאָרט האָט פוקס געשריבן:

„אין גאַנג פון בילדונג פון געטאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נויטיק צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַריינגעבראַכטע יידן פון אויסן. צו דעם צוועק איז אַ גרעסערע צאָל פון נישט אַרבעטנדיקע יידן עוואַקואירט געוואָרן פון געטאָ און איבערגעגעבן געוואָרן דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ". פון פוילישע יידן זענען זינט דעם 6־טן יאַנואַר 1942 אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ צאָל פון 44152 פּערזאָן. יידן פון אַלטרייך, פון אָסטמאַרק און פון פּראָטעקטאָראַט פון בעהמען און מעהרען, וועלכע זענען אין אָקטאָבער 1941 אין אַ צאָל פון 19,848 אַריינגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ, זענען פון זיי 10,993 עוואַקואירט געוואָרן, אַזוי אַז צוזאַמען האָבן 55,000 יידן געמאַכט פּלאַץ אין געטאָ". [195]

✶

אין דער צווייטער העלפט מאַי האָט דער גאַולייטער גרייזער געמאָלדן הימלערן, אַז זיין באַפעל וועגן ליקווידירן אין וואַרטעגאַו 100,000 יידן, וועט בקרוב אויסגעפירט ווערן. [196]

די יידן אין געטאָ האָבן פאַרשטענדלעך נישט געקאָנט וויסן וועגן די נייע דייטשע אויסראָטונגס־פּלענער. נאָך דעם גרויסן אומגליק אין ווינטער און פרילינג 1942, האָבן יידן ווידער גענומען איינאָרדנען זייער לעבן, אויך דער יודענעלטעסטער האָט גענומען צוריק אויפריכטן זיין „געטאָ־מלוכה".

.13

# לאָדזשער געטאָ – זאַמלונג־אָרט פאַר סעלעקציאָנירטע יידן פון ליקווידירטע קהילות

## א. דער בריוו פון גראַבאָווער רב וועגן אויסראָטונגס-לאַגער

בעת דעם ערשטן עטאַפּ פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער געטאָ, האָבן די דאָרטיקע יידן נישט געהאַט קיין זיכערע ידיעות וועגן דעם, וואָס עס געשעט מיט די אַרויסגעשיקטע.

אין דריי קוועלן ווערט אָנגעגעבן וועגן אַ בריוו פון גראַבעווער רב,* וואָס האָט מודיע געווען וועגן דער אויסראָטונג פון יידן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. אַם קלאָרסטן ווערט וועגן דעם דערציילט אין די פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון י. טאָ־באַקסבלאַט א. נ. „חורבן לאָדזש". דער מחבר האָט געשריבן:

„איינער פון די שפּעטערדיקע איינוואַנדערער [אין לאָדזשער געטאָ] האָט געבראַכט אַ בריוו פון דעם גראַבאָווער רב. אין וועלכן ער גיט איבער גענוי דאָס אָרט און דעם אופן און ווי אַזוי מ'האָט פאַרפּייניקט די אויסגעוואַנדערטע יידן. אָט איז דער אינהאַלט פון דעם בריוו:

„גראַבאָוו, 19־טן יאַנואַר, 1942.

ליבסטע:

דעם בריוו פון 8־טן נאָוועמבער האָב איך דערהאַלטן. איך האָב נישט געוואָלט דיר ענטפערן וועגן די שטעט, ווייל מען האָט בלויז געזאָגט פאַרשידנס, אָבער צו אונדזער אומגליק ווייסט מען שוין איצט אַלץ. היינט איז דאָ געווען אַן עדות, וועלכער איז דאָרט געווען אויפן אָרט אין גיהנום. דאָס איז אין דאָרף כעלמנאָ, נעבן דאָמביע און אַלע ווערן באַגראָבן אין וואַלד, וועלכער רופט זיך לוכאָוו, אַזוי איז שוין געוואָרן מיט קויל (קאָלאָ), דאָמביע, קלאָדעווע, איזביץ־קויאַווסקי. אויך האָט מען דאָרט (קיין כעלמנאָ) אַהינגעבראַכט טויזנטער ציגיינער פון לאָדזש און געטאָן דאָס זעלבע. פון פאַריקער וואָך אָן ברענגט מען אַריין אויך טויזנטער יידן פון

---

* גראַבאָוו — אַ קליין שטעטל נישט ווייט פון לאָדזש, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג פון 825 נפשות. אין ערשטן פערטל 1942, פאַר דער ליקווידאַציע, זענען געווען אין געטאָ אַרום 1240 נפ' (ד. דאָמבראָווסקאַ אין „ביולעטין פון ייה"א" נומ' 13־14: טאַבעלעס).

לאָדזש. אומגעבראַכט ווערן אַלע דורך גאַז־פאַרגיפטונג און אויך דורך דערשיסן.

דאָס האַרץ איז פאַרשטיינערט, די אויגן פאַרטריקנט, מיין נישט, אַז עס שרייבט דיר אַ משוגענער, נאָר דאָס איז דער האַרטער אַכזריותדיקער אמת. רייס אַראָפּ, מענטש, פון זיך די מלבושים, וואַלגער זיך אַרום אויף דער ערד, לויף אַרום אין די גאַסן און וויין אָדער לאַך פון משוגעת. מעגלעך דאָך, אַז השי״ת וועט העלפן און די שארית הפליטה וועט נאָך מציל זיין, העלף באַשעפער.

שרייב אויב מען ווייסט דערפון ביי אייך.

י. סילמאַן״.[197]

אויף אַן אַנדערער זייט אין דעם דערמאָנטן בוך, האָט י. טאַבאַקסבלאַט געשריבן, אַז זומער 1942, האָט ער, דורך איינעם פון די בזשעזשינער יידן, געבראַכטע אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, באַקומען דעם בריוו פונעם גראַבאָווער רב. אויף אַ באַראַטונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע האָט טאַבאַקסבלאַט אינפאָרמירט וועגן דעם בריוו און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צוּוויסן צו געבן אַלע פאַרטייען וועגן זיין אינהאַלט״. אַ קאָפּיע פון דעם בריוו איז — לויט טאַבאַקסבלאַטס זכרונות — אויך איבערגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, דורך צוויי „חלוצות״: גוטאַ שאַבינסקאַ און רחל גאָלדמאַן.[198]

דאָס זכרונות־בוך פון י. טאַבאַקסבלאַט איז דערשינען אין יאָר 1946. אין דעם זעלבן יאָר האָט ד״ר נ. בלומענטאַל פאַרעפנטלעכט זיין פאָרשונגס־אַרבעט א. נ. ״Obozy „. דאָרט ווערט געבראַכט דער בריוו פון גראַבאָווער רב, געשיקט צו זיין שוואָגער אין לאָדזש. מיט דער זעלבער דאַטע, נאָר מיט אַ געענדערטן נאָמען פונעם בריוו־שרייבער, נעמלעך: „יאַקאָב שולמאַן״ און אַזאַ צושריפט: „אַ קאָפּיע פון דעם בריוו געמאַכט פונעם אָריגינאַל, האָט אונדז צוגעשטעלט דער בירגער פון לאָדזש מלך שוואַרץ״.

די פוילישע איבערזעצונג פון דעם בריוו, געמאַכט דורך ק. מירסקאַ, איז עטוואָס געענדערט אין פאַרגלייך צום יידישן טעקסט, וועלכן י. טאַבאַקסבלאַט האָט געברענגט אין זיינע זכרונות.[199]

גאָר אַנדערש דערציילט וועגן דעם בריוו י. נירנבערג אין זיין „געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ״, פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1948: „אַ ייד פון בזשעזשין האָט געבראַכט אַ קאַרטל, וואָס ער האָט דערהאַלטן פונעם גראַבאָווער רב, ווו ער גיט איבער, אַז ער האָט גערעדט מיט דריי יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון כעלמנאָ און האָבן אים מיטגעטיילט, וואָס דאָרט קומט פאָר״. נירנבערג האָט אויך באַשריבן אין זיין „געשיכטע״, אַז דאָס דערמאָנטע קאַרטל איז דערהאַלטן געוואָרן „בעת אַ זיצונג פון קאָמיטעט״ פון בונד, וואָס האָט „באַשלאָסן: צו וויסן צו געבן רומקאָווסקין וועגן דעם, און גלייכצייטיק מיטצוטיילן די אַנדערע פאַרטייען.[200] פאַראַן נאָך

אַ דריטע ווערסיע וועגן דעם ווי אַזוי מ׳האָט זיך אין לאָדזשער געטאָ דערוווּסט וועגן כעלמנאָ, געמלעך דורך „שמועסן מיט דייטשע זעלנער״.*

ווארשיינלעך איז אַזאַ בריוו פֿון גראַבאָווער רב אָנגעקומען צו ווּעמען עס איז פֿון לאָדזשער געטאָ, אָבער די מיטיילונגען וועגן כעלמנאָ זענען צו דער עפֿנט־לעכקייט נישט דערגאַנגען. די אונטערערדישע פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס האָבן נישט פֿאַרנומען קיין שטעלונג צו די דאָזיקע גרויליקע ידיעות און קיינער פֿון די געטאָ־איינוווינער האָט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז אַזאַ מאַסן־אויסראָטונג ווי אין כעלמנאָ איז איבערהויפּט מעגלעך. לויט טאַבאַקסבלאַט איז דער בריוו דערהאַלטן געוואָרן אין זומער 1942, ווען אין געטאָ איז שוין געווען אַ גאָר אַנדערער מצב, ווי בעת די דעפּאָרטאַציעס אין די חדשים יאַנואַר—מאַי.

סטעפֿאַן קראַקאָווסקי, איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער גרופּירונג אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, האָט אין זיינע זכרונות געגעבן אַזאַ אָפּשאַצונג איבער די ידיעות, וואָס זענען אַהין דערגאַנגען וועגן דער דייטשער יידן־אויסראָטונג:

„מדאַרף נישט צווייפֿלען, ווען מ׳וואָלט אין לאָדזשער געטאָ זיך אָפּגעגעבן אַ רעכנונג פֿון דער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק פֿון אָקופּאַנט, וואָלט מען פּעיק געווען פֿונקט ווי אין אַנדערע געטאָס צו שאַפֿן אַן איינהייטלעכן ווידערשטאַנד־פראָנט, אַמווייניקסטן פֿון די לינקע אָרגאַניזאַציעס. אָבער די סיגנאַלן וועגן דער דראָענדער געפֿאַר, וואָס זענען דערגאַנגען צום לאָדזשער געטאָ, זענען געווען אַזעלכע נישטיקע, אַז מ׳האָט נישט געקאָנט זיך אָריענטירן וועגן דעם ווירקלעכן מצב״.[201]

צו דער דאָזיקער דעזאָריענטאַציע וועגן גורל פֿון די אַרויסגעשיקטע האָט פֿיל צוגעהאָלפֿן דער קאַמופֿלאַזש פֿון די מכלומרשטע בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען אין געטאָ פֿון די אַרויסגעשיקטע, אַז זיי לעבן זיך גוט אויף די נייע ערטער. אַזעלכע בריוו זענען שוין יאָ דערגאַנגען צו דער עפֿנטלעכקייט דורך די געשטאַפּאָ־אַגענטן

* וועגן דעם דערציילט שלמה פראַנק אין זיין „טאָגבוך פֿון לאָדזשער געטאָ״, וואָס איז דערשינען אין צוויי אויפֿלאַגעס: איינע אין בוענאָס־איירעס און די צווייטע אין תל־אביב. אין דער ישראלדיקער אויסגאַבע זענען פֿאַראַן באַשרייבונגען אין אַן אַנדערן נוסח, ווי אין דעם זעלבן בוך אַרויסגעגעבן אין אַרגענטינע.ביידע אויפֿלאַגעס זענען געענדערט אין פֿאַרגלייך צום זעלבן טעקסט מאַשין־שריפֿט, וואָס איז פֿאַראַנען אין אַרכיוו פֿון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. דער אָריגינעלער כתב־יד פֿונעם מחבר איז נישט בנימצא. צוליב די דאָזיקע ענדערונגען — האָט נישט די פּובליקאַציע קיין ווערט פֿון אַ היסטאָרישן דאָקומענט. די פֿאַקטן, וואָס ווערן דאָרט אָנגעגעבן וועגן כעלמנאָ, ווי אויך וועגן אַן אונטערערדישער באַראָטונג — ווערן נישט דערמאָנט אין קיין שום אַנדערער קוועלע.

אין געטאָ, דורך די „זאָנדער". געווען אַפילו פאַלן ווי מ׳האָט אַזעלכע בריוו עפנטלעך פּלאַקאַטירט.[202]

*

דער שטאַרקער ווילן צום לעבן פון די געבליבענע אין געטאָ, פון דעם ווייט גרעסטן טייל איינגעאָרדנטע אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן — האָט געמאַכט פאַרגעסן אין די אַרויסגעשיקטע. אַ באַשרייבונג אין .B.K.C פון יענעם פעריאָד גיט אַזאַ שילדערונג פון דער שטימונג, וואָס איז דאָרט געווען נאָך די דעפּאָרטאַציעס:

„עס איז געווען אַ פּריליִנגדיקער שבת. אין דעם טאָג האָט מען באַמערקט אַ בעסערע שטימונג ביים עולם אין געטאָ. האָפענונג און אָפּטימיזם האָט באַהערשט די באַפעלקערונג. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן וועגן באַאַרבעטן די ערד־חלקים. מ׳איז טאַקע דעם זעלבן טאָג צוגעטרעטן צו באַאַרבעטן די ערד. אין דעם טאָג זענען נישט פאַרשפּרייט געוואָרן קיין איוב־בשורות".[203]

אין חודש מאַי 1942 זענען פאָרגעקומען 42 חתונות אין גרויסן חתונה־זאַל, וווּ עס איז געווען דער ציויל־שטאַנדאַמט. 20 פון די פּאָרלעך זענען געווען פון מיטל־אייראָפּע. „מ׳איילט זיך חתונה האָבן, ווייל מ׳גלויבט, אַז דורך חתונה־פאַרבינדונג וועט מען נישט צעטיילט ווערן. די פּאָרלעך האָבן זיך מתחייב געווען נישט צו צעשיידן זיך אין פאַל פון דעפּאָרטאַציע פון געטאָ. די פריש חתונה־געהאַטע האָבן אויך באַקומען ספּעציעלע מתנות פון רומקאָווסקין, ווי: 3 קילאָ ווייצנמעל, 1,5 קילאָ צוקער, 1,5 ק״ג קונסט־האָניק. הגם די אַפּראָוויזאַציע האָט זיך געהאַט שטאַרק פאַרערגערט — זענען די חתונה־מתנות געגעבן געוואָרן".[204] ביי דעם דעמאָלדיקן הונגער־מצב, האָבן אַזעלכע שפּייז־צוטיילונגען נישט ווייניק סטימולירט צו חתונה־פאַרבינדונגען.

אָט דאָס דאָזיקע „נאָרמאַליזירן" זיך פונעם לעבנסשטייגער אין געטאָ נאָך די דעפּאָרטאַציעס, האָט דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט געגעבן די פולע מעגלעכקייט אומגעשטערט דורכצופירן די ווייטערדיקע פּלאַנירטע יידן־אויסראָטונג. דאָס דעפּאָרטירן 55,000 געטאָ־איינוווינער האָט, לויט דעם באַריכט פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס צו זיין העכערער מאַכט, געדאַרפט מאַכן פּלאַץ פאַר אַריינברענגען אין געטאָ פרישע יידן־טראַנספּאָרטן פון די שטעטלעך אין וואַרטעגאַו. בעת די דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער געטאָ אין כעלמנאָער טויטן־לאַגער, וואָס האָבן געדויערט פון 15־טן יאַנואַר ביז 15־טן מאַי 1942, זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ליקווידאַציעס פון געטאָס אין די שטעט און שטעטלעך אין וואַרטעגאַו.

אין דערמאָנטן פעריאָד האָט די דייטשע מאַכט געבראַכט קיין כעלמנאָ נאָר רעשטלעך פון די קלענערע געטאָס אין וואַרטעגאַו, ווי עס איז צו זען לויט פאָלגנדע אָריענטירונגס־טאַבעלע:

| אָרט פון געטאָ | געבראַכט קיין כעלמנאָ | צאָל נפשות |
|---|---|---|
| קאָזשמינעק | צוו. יאַנואַר און מערץ, 1942 | 1000 |
| סאמפּאָלנע | פעברואַר 1942 | 1164 |
| פּאָדעמביצע | סוף חודש מערץ „ | צאָל נישט אָנגעגעבן |
| לענטשיץ | אַפּריל „ | 1750 |
| גראַבאָוו | „ „ | 1240 |
| אָשענטשיני | „ „ | 80 משפחות |
| פּיעטריקאָוו קויאַווסקי | „ „ | 550 |
| גאסטינין | „ „ | 2000 |
| גאמבין | „ „ | 2150 |
| פאניקי | „ „ | 250 |
| וולאָצלאַוועק | סוף אַפּריל „ | צאָל נישט אָנגעגעבן |
| בזשעשטש קויאַווסקי | „ „ „ | „ „ „ .[205] |

לויט דער אויפשטעלונג איז די דייטשע יידן־אויסראָטונג געפירט געוואָרן פּלאַנמעסיק, מיט אַ געהעריקן סדר. אין די חדשים יאַנואַר—מערץ 1942, ווען עס זענען כמעט טעגלעך געטריבן געוואָרן אַרום 1000 יידן פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ, זענען פון די שטעטלעך אין וואַרטעגאַו געוואָרן געיאָגט נאָר קליינע יידן־טראַנספּאָרטן. ערשט אין אַפּריל 1942 איז, ווייזט אויס, מיט אַ כוונה, אָפּגע־שטעלט געוואָרן דאָס אַרויספירן יידן פון לאָדזש, כדי צו קענען ענדגילטיק ליקווידירן די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן אין די קלענערע ערטער פון וואַרטעגאַו. צו דער דאָזיקער פּלאַנמעסיקייט אין דער יידן־אויסראָטונג, געהערט אויך דאָס אָפּשטעלן אין 15־טן מאַי, 1942 די דעפּאָרטאַציע פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ.

וי עס איז צו זען פון די פאַרבליבענע אַרכיוו־דאָקומענטן פון יענער צייט, זענען נאָך דעמלט געווען אין לאָדזשער אומגעגנט גרעסערע געטאָס מיט אָרגאַ־ניזירטע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, מיט מאַשינען און אויסשטאַטונג, וואָס האָבן באַשעפטיקט טויזנטער יידישע אַרבעטער ביי שקלאַפישע באַדינגונגען. אַזעלכע זענען געווען די געטאָס אין: פּאַביאַניץ, בזשעזשין, זדונסקא וואלא, בעלכאטאָוו.[206] די דייטשע מאַכט אין וואַרטעגאַו, אַנגעפירט אין צענטראַלן פאַרנעם דורכן רייכס־שטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער און אין לאָדזש דורך האַנס ביבאָוו, — האָט געמוזט דערווייל אָפּשטעלן די דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער געטאָ, כדי צו קאָנען „רייבונגס־לאָז" ליקווידירן די קלענערע געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן און זייערע אינדוסטריעס, פאַרמעגנס, מאַשינען און נאָך אַרבעטספעיקע יידן אויפצוזאַמלען אין צענטראַלן געטאָ פון וואַרטעגאַו. די אויספירונג פון דעם פּלאַן האָט געהאַט אַ דאָפּלטן צוועק:

1. אויפזאַמלען אויף איין אָרט יידישע פאַרמעגנס פון אַלע שטעטלעך אין דער־מאָגנטן ראַיאָן, כדי ווי געהעריק צו קאָנען דורכפירן די חלוקה צווישן גרייזער, ביבאָוו און די רויב־סעקטאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און 2. אין הסכם מיטן היידריך־פּלאַן, מאָדיפיצירט דורך הימלערן, אויפזאַמלען די יידן אין גרויסע אַרבעטס־געטאָס אָדער לאַגערן, אין דעם פאַל אין לאָדזשער געטאָ, צו קאָנען אויס־נוצן די יידישע אַרבעטס־כוחות פאַרן ווויל פון דריטן רייך און אין דער געהעריקער צייט ליקווידירן די יידן אין דעם נאָענטסטן טויטן־לאַגער.

## ב. אַרויסגעטריבענע פון פּאַביאַניץ, געבראַכט אין לאָדזשער געטאָ

צו דער ווייטערדיקער ליקווידאַציע פון די געטאָס אין די שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן, איז די דייטשע מאַכט צוגעטרעטן צוויי טעג נאָכדעם ווי דער לעצטער טראַנספּאָרט פון די מערבדיקע איז פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אָפּגעגאַנגען אין כעלמנאָ. דעם 17־טן מאַי 1942, אומגעריכט פאַר די איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ, איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון יידן פון פּאַביאַניץ. אויף צו־מאָרגנס אַ צווייטער טראַנספּאָרט, צוזאַמען 3,290 פּערזאָן. [207]

ביזן מלחמה־אויסברוך האָבן אין פּאַביאַניץ געלעבט 8.357 יידן. צוזאַמען מיט פּליטים זענען אין יאָר 1940 געווען 9,000 נפשות. נאָך פאַרשידענע גרושים, וואָס די דייטשע מאַכט האָט דאָרט דורכגעפירט, זענען אין יאָר 1942 פאַרבליבן אין פּאַביאַניצער געטאָ איבער 4000 נפשות. אין לאָדזשער געטאָ זענען געבראַכט גע־וואָרן, מייסטנס, אַרבעטספעיקע פרויען און מענער. קינדער ביז 10 יאָר, קראַנקע און זקנים אין צאָל פון טויזנט פּערזאָן האָט די דייטשע מאַכט געטריבן אין טויטן־לאַגער — כעלמנאָ. [208] פאַרשטענדלעך, אַז די געיאָגטע קיין לאָדזש האָבן נישט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג, וווהין עס זענען געוואָרן טראַנספּאָרטירט זייערע נאָענטסטע.

דער גירוש פון פּאַביאַניץ איז פאַר די דאָרטיקע יידן געקומען אינגאַנצן אומגעריכט. צו די יידן אין דעם קליינעם פאַבריקס־שטעטל נעבן לאָדזש, האָט די דאָרטיקע דייטשע מאַכט אָנגעווענדט אַן אַנדערע טאַקטיק אין פאַרמאַסקירן די אויסראָטונג. נאָך די ערשטע גרושים, דערשיסונגען און באַרויבונג, האָבן די יידן אין פּאַביאַניץ געהאַט „רואיקע" צוויי יאָר. דאָס דאָרטיקע געטאָ איז געווען אַן אָפנס, ד. ה. — נישט אַרומגעצוימט. פון די 4000 יידן האָבן פיל געאַרבעט, אַפילו ווי פרייע בעלי מלאכות. צוויי דייטשע פירמעס — „קאללע" און „גינטער עט שוואַרץ" האָבן אויפגעשטעלט שניידער־וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט יידן, פאַרשטענדלעך פאַר אַ הונגער־לוין. אָבער די יידן זענען געווען צופרידן, ווייל זיי האָבן געקאָנט זיך „פריי" באַוועגן און קומען אין קאָנטאַקט מיט דער „אַרישער"

באַפעלקערונג, וואָס עס האָט געהאָלפן צו דער פרנסה".[209] דאָס אָפענע געטאָ האָט געהאַט אַ יודענראַט און אויך אייגענע געשטאַפּאָ־אַגענטן.

אין אַפּריל־חודש האָבן דייטשע דאָקטוירים, פּונקט ווי אין לאָדזשער געטאָ, דורכגעפירט אַ מעדיצינישע קאָנטראָל איבער דער פאַביאַניצער יידישער באַפעל־קערונג. די אונטערזוכטע זענען געסטעמפּלט געוואָרן מיט A און B.[210]

אַזוי ווי דאָרטיקע יידן האָבן, פאַר די דעמלסדיקע באַדינגונגען, נישט שלעכט געלעבט, האָט מען נישט געלייגט קיין אויפמערקזאַמקייט אויף די אונטערזוכונגען פון די דייטשע דאָקטוירים. אין דער זעלבער צייט האָבן אויפגעהערט אָנקומען מיליטערישע באַשטעלונגען פאַר די שניידער־פאַבריקן. יידן האָבן געפילט, אַז עפּעס גרייט זיך, אָבער דער יידישער אָפּטימיזם האָט נישט צוגעלאָזט קיין בייזע געדאַנקען, בפרט, אַז די דייטשע מאַכט האָט זיך גענומען פאַראינטערעסירן מיט די קראַנקע און די ענגע וווינונגען און גענומען זיי איינאָרדנען אין שפּיטעלער. 150 פּערזאָן, שווער קראַנקע, זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די שטובן און מ'האָט זיי אַריבער־געפירט אין שפּיטעלער.

די דאָזיקע „הומאַניטאַרע" טאַט האָט געדאַרפט דינען ווי אַ קאַמופלאַזש צו פאַרמאַסקירן די קומענדיקע יידן־אויסראָטונג. די 150 קראַנקע זענען גיך ליקווי־דירט געוואָרן דורך דערשיסן.[211]

דער גירוש פון די יידן פון פאַביאַניץ איז אַזוי געשילדערט געוואָרן אין די דערציילונגען פון די אָנגעקומענע אין לאָדזשער געטאָ:

„שבת דעם 16־טן מאַי 1942 האָט מען באַפוילן זיך צו שטעלן פאַר די הייזער. פון דאָרט האָט מען גרופּנווייז געטריבן די יידן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פון דער טעקסטיל־פירמע קרושע און ענדער. עס האָט געהייסן, אַז מ'פירט דורך אַ ציילונג פון דער באַפעלקערונג. מ'האָט באַפוילן נישט מיטצונעמען מיט זיך קיין שום זאַכן. מ'האָט אַלע צונויפגעטריבן אינמיטן פּלאַץ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעלעקציע לויט די אותיות־סטעמפּלען, וואָס מ'האָט באַקומען אויף דער ברוסט בעת דער דאָקטוירים־אונטערזוכונג. פּערזאָנען מיט דעם אות A — „אַרבעטס־פעיק" האָט מען אָפּגעטיילט אויף אַ זייט, שוואַכע, קראַנקע און זקנים מיט דעם אות־סטעמפּל B — „ברוך" — אויף דער אַנדערער זייט.

„עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפטרייסלענדע סצענעס. פון די מוטערס, וואָס האָבן געהאַט דעם אות A האָט מען צוגענומען די זויג־קינדער. עלטערע קינדער האָבן געוויינט, געשריגן, אַדורכגעריסן זיך דורך דער אָפּשייד־ליניע און געזוכט זייערע עלטערן. עלטערן האָבן געוויינט, געבעטן מ'זאָל זיי צוריקגעבן די קינדער. ווי אַן ענטפער איז געקומען דאָס אַרויסרייסן זיי פון דער מוטערס הענט. מ'האָט געוואָרפן די קינדער ווי באַלעמס, אויפן גראָז און אַפילו אַריבערגעוואָרפן איבערן פּלויט.

„נאָך דער סעלעקציע זענען אַלע געבליבן זיצן אויפן פּלאַץ ביז פּאַרנאַכט. עס האָט געגאָסן אַ רעגן און אַלע זענען דורכגעווייקט געוואָרן ביזן לייב. אין אָוונט האָט מען * צעוויסן געטאָן, אַז מ׳פירט אַרויס אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. די קינדער און זקנים האָט מען אַרויפגעזעצט אויף פּויערישע וועגענער און אָפּגעפירט אין אַן אַנדער ריכטונג. 100 מענער זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די אַרבעטס־פעיקע און זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן צו די קינדער און זקנים צו העלפן זיי אין וועג״.[212]

די געבראַכטע אין לאָדזשער געטאָ האָבן געוואַרט אויף דעם צוריקקומען פון די באַגלייטער, כדי צו דערוויסן זיך וווהין מ׳האָט געפירט די קינדער, אָבער די הונדערט שטאַרקע מענער זענען שוין קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. זיי זענען מיטגענומען געוואָרן קיין כעלמנאָ ווי אַ ספּעציעלע קאָמאַנדאָ צו באַגראָבן אָדער צו פאַרברענען די פּאַביאַניצער יידן, וועלכע האָבן געמוזט לויט די פאָרשריפטן פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ״ אין כעלמנאָ — פאַרגאַזט ווערן אין זעלבן טאָג, ווי מ׳האָט זיי געבראַכט.

נאָכן אָנקומען פון די טראַנספּאָרטן פון פּאַביאַניץ אין לאָדזשער געטאָ איז נאָך געבראַכט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָרטיקע גרופּע יידן, דערוואַקסענע מיט קינדער. די עלטערן האָבן זיך אָריענטירט אין דער לאַגע און אָפּגעראַטעוועט זייערע קינדער דורך געבן מתנות: זייגערלעך, פּאַפּיראָסן־טאַשן אדג״ל.[212א]

### ג. דער „גוטער דייטש״ און די ליקווידאַציע פונעם בזשעזשינער געטאָ

אויף אַן ענלעכן אופן האָט די דייטשע מאַכט דורכגעפירט דעם גירוש פון די יידן פון בזשעזשינער געטאָ. ביז דער מלחמה האָט בזשעזשין געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג פון 6,850 נפשות, אין 1940 זענען אין שטאָט געווען נאָר 6,000 יידן. אין בזשעזשין, פּונקט ווי אין פּאַביאַניץ, האָט די דייטשע פירמע גינטער—שוואַרץ געהאַט אין געטאָ אירע גרויסע שניידער־וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס האָבן גע־אַרבעט די דאָרטיקע יידן ביי ענלעכע שקלאַפישע באַדינגונגען און הונגער־לוין, ווי אין אַלע דייטשע אונטערנעמונגען אין די געטאָס פון וואַרטעגאַו. טראָץ דעם

* די געבראַכטע באַשרייבונג אין .B.K.C פון גירוש פון די פּאַביאַניצער יידן, באַנוצט זיך מיט די אויסדרוקן — „מען האָט״, „האָט מען״, נישט אָנגעבנדיק, ווער עס האָט דורכגעפירט דעם גירוש. ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז .B.K.C, וואָס האָט געטראָגן דעם אָפיציעלן חותם פונעם יודענעלטעסטען: „Biuletyn Kroniki Codziennej Przełożonego Starszeństwa Żydów״ האָט געמוזט שרייבן אין אַזאַ נוסח. אין „ספר פּאַביאַניץ״ ווערט קלאָר געשריבן: „שבת, דעם 16־טן מאַי 1942, 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, זענען געקומען די היטלער־באַנדעס, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס און אונדז אַרויסגעטריבן פון די הייזער״ אאַז״וו. (ספר פּאביאניץ, ז׳ 323).

אָפּגעצוימטן און אָפּגעשלאָסענעם געטאָ־שטח אין בזשעזשין, האָבן די דאָרטיקע יידן אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג. עס איז געגאַנגען אַ שמוגל פון שפּייז. 10 יידן, וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין שמוגל, זענען דורך אַ דייטש געריכט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און עפנטלעך אויפגעהאָנגען געוואָרן.

דער דייטשער אָנפירער פון די שניידער־וואַרשטאַטן פון דער פירמע גינ־טער—שוואַרץ, איז געווען זייער צופרידן פון די יידישע אַרבעטער, און פאַרזיכערט, אַז פון בזשעזשינער געטאָ וועט מען נישט דעפּאָרטירן. די דאָרטיקע יידן האָבן דעריבער זיך נישט איבערגענומען, ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די פּראָצעדור פון מעדיצינישער אונטערזוכונג מיט שטעמפּלען די ברוסט אויף A און B. אין חודש מאַי האָבן אויפגעהערט אָנקומען באַשטעלונגען פאַר די שניידער־וואַר־שטאַטן אין געטאָ. דער דירעקטאָר פון דער פירמע גינטער־שוואַרץ, דער „גוטער דייטש" איז פאַרשוווּנדן. עס איז נישט געווען מיט וועמען צו רעדן. מיטאַמאָל, אומגעריכט איז דעם 18־טן מאַי 1942 געקומען די פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. אין דער פאַראָרדע־נונג איז אָנגעזאָגט געוואָרן די באַקאַנטע „הנחה", אַז עס איז יעדן דערלויבט מיט־צונעמען באַגאַזש פון 12,5 קילאָ. „דעם 19־טן מאַי אין דער פרי דאַרפן אַלע זיך שטעלן אין פינפטלעך פאַר די הייזער, דעם באַגאַזש אָפּלייגן באַזונדער און זיין גרייט אין וועג".

דער באַפעל פון דער דייטשער מאַכט איז אויסגעפירט געוואָרן: מ'האָט זיך געשטעלט לויט דעם אָנגעוויזענעם סדר. עס איז דורכגעפירט געוואָרן א סעלעקציע לויט די געשטעמפּלטע אותיות — A — אַרבעטספּעיק, באַזונדער. די דייטשן האָבן אַרויסגעריסן די קינדער פון די הענט פון די אַרבעטספּעיקע מוטערס, זויג־לינגען אַוועקגענומען פון דער מאַמעס ברוסט. מאַמעס, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרלירן די קינדער, זענען אַריבערגעלאָפן אין דער ריי פון נישט אַרבעטספּעיקע. 1700 נפשות — אַלטע, שוואַכע, קראַנקע, זקנים און קינדער — זענען אויף וועגענער אָפּגעפירט געוואָרן קיין כעלמנאָ, די עלטערע מענטשן פון די אַרבעטספּעיקע האָבן אויך באַקומען פורן, וואָס האָבן די גולים געבראַכט צו דער באַן־סטאַציע גאַלקוועק. די יונגערע זענען געטריבן געוואָרן צופוס. פון גאַלקוועק זענען די בזשעזשינער יידן, אין אַ צאָל פון 4000 פּערזאָן, מיט דעם צוג געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.[218]

*

דעם 23־טן מאַי 1942 זענען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט געבראַכט געוואָרן 1500 אַרויסגעטריבענע פונעם שטעטל אזארקאוו, וואָס האָט ערב מלחמה־אויסברוך

געהאַט אַ ידישע באַפעלקערונג פון 5000 נפשות.* אין די ווייטערדיקע טעג פונעם זעלבן חודש — האָט די דייטשע מאַכט געטריבן אין לאָדזשער געטאָ קלענערע גרופּן פון די שטעטלעך אין וואַרטעגאַו, ווו עס זענען ליקווידירט געוואָרן די געטאָס. דער ווייט גרעסטער רוב יידן פון יענע מקומות זענען געגאַנגען דעם זעלבן וועג ווי די יידן פון פּאַביאַניץ און בזשעזשין: די אַרבעטספּעיקע — אין לאָדזשער געטאָ, די שוואַכע און קראַנקע, קינדער ביז 10 יאָר און זקנים — אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.[214] די פאַרטיליקונג פון די ידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן, אין די זומער חדשים 1942, איז דורך דער דייטשער מאַכט געפירט געוואָרן פּינקטלעך און סיסטעמאַטיש. אין דער ריי לויט דעם פאַרניכטונגס־פּלאַן פון רייכסשטאַטהאַל־טער אַרטור גרייזער איז געשטאַנען דאָס צענטראַלע געטאָ פון וואַרטעגאַו — געטאָ ליטצמאַנשטאַדט.

## ד. ביבאָוס און רומקאָווסקים באַמיאונגען אויפצומאַנען די הובות פון די אַרויסגעשיקטע פּאַביאַניצער יידן

אין משך פון דער צווייטער העלפט פון חודש מאי 1942, האָט די דייטשע מאַכט אַריינגעטריבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט 7051 יידן פון די ליקווידירטע ידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן. סוף חודש מאַי 1942, האָבן אין געטאָ געלעבט 103,996 נפשות.[215]

די גולים פון די ליקווידירטע געטאָס, ס'רוב פון זיי — עלטערן, בעיקר מאַמעס, ביי וועמען די דייטשע מאַכט האָט צוגענומען די קינדער — האָבן אין געטאָ אַריינגעבראַכט אַ פרישע צערודערונג. צווישן די אַרויסגעטריבענע פון פּאַביאַניץ זענען געווען 1000 מוטערס ביי וועמען די דייטשן האָבן צוגענומען קינדער ביזן 10־יאָריקן עלטער. געווען מאַמעס וואָס האָבן פאַרלוירן צו 2—3 קינדער. זייערע פאַטערס האָט מען אַרויסגעשיקט ביי די ערשטע דעפּאָרטאַציעס פון די שטעטלעך. אַ טייל איז מסתמא אַליין אַוועק אויפן פּליטים־וואַנדער. די 1000 פרויען זענען אין לאָדזשער געטאָ איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ ספּעציעלן לאָקאַל אויף מאַסאַרסקאַ 22. מיט איינאָרדנען די גולים האָט זיך פאַרנומען דער „אַמט פאַר איינגעזידלטע" אויף ריבנע 8. וואָס איז בשעתו געשאַפן געוואָרן פאַר געבראַכטע יידן פון מערב־אייראָפּע און האָט געהערט צו דער רומקאָווסקי־אַדמי־ניסטראַציע.

די צוזאַמענווינונג פון די 1000 פרויען האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן

---

* די צאָלן פון די דעפּאָרטירטע פון די שטעטלעך, סיי פון די געפירטע קיין לאָדזש, און סיי קיין כעלמנאָ — זענען נישט פּינקטלעך. אין די פאַרשידענע קוועלן זענען פאַראַן אונטערשידן אין די אָנגעגעבענע ציפערן.

עמק הבכא. זיי האָבן כסדר געקלאָגט נאָך זייערע פאַרלוירענע קינדער. די מוטערס האָבן געפּרוווט זיך אַליין טרייסטן מיט דער הבטחה, וואָס די דייטשע מאַכט האָט זיי געגעבן, אַז די קינדער וועט מען ברענגען באַזונדער. דער דאָזיקער ליגנערישער צוזאָג איז נאָך געשטאַרקט געוואָרן דורך רומקאָווסקיס מענטשן, וועלכע האָבן פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר מ׳וועט ברענגען די קינדער, וועלן זיי איינגעאָרדנט ווערן אין ספּעציעלע היימען. די אומגליקלעכע פרויען האָבן גענומען ערנסט די פאַרזיכערונגען און אַ פרויען־דעלעגאַציע פון די פּאַביאַניצער האָט פּערזענלעך געבעטן רומקאָווסקין צו מאַכן באַמיונגען צוריקצוברענגען די קינדער אין געטאָ. דער יודענעלטעסטער האָט פאַרזיכערט, אַז ער וועט מאַכן אַזעלכע באַמיונגען.[216]

בכלל האָט רומקאָווסקי איינגעשטעלט אַ נענטערן קאָנטאַקט מיט די פּאַביאַניצער, תיכף, ווי זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ. שוין דעם 23־טן מאַי, 1942, האָט רומקאָווסקי, נישט אויף זיין שטייגער, געשאַפן אַ קאָמיטעט פון די פּאַביאַניצער, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטרעטן 3 שניידער. דער קאָמיטעט האָט געדאַרפט זיין אַ באַראַטונגס־אָרגאַן ביי דעם „אַמט פאַר איינגעזידלטע" און באַקומען געהאַלט ווי אַלע אָנגעשטעלטע אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע.

די דאָזיקע באַציונג פון רומקאָווסקי צו די פּאַביאַניצער גולים איז דיקטירט געוואָרן דורך דעם דייטשן אויבערהערשער איבערן געטאָ — האַנס ביבאָוו. ער האָט געוואָלט וואָס מער פּראָפיטירן פון זיין „געטאָ־געשעפט" און באַקומען צוריקגעצאָלט די חובות פון די דייטשע פירמעס, וועלכע האָבן געהאַט זייערע אונטערנעמונגען אין פּאַביאַניצער געטאָ און זענען שולדיק געווען אַרבעטס־לוין דעם אָרטיקן יודענראַט פאַר דער יידישער שקלאַפן־אַרבעט. אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין האָט ביבאָוו געשריבן: „איך האָב זיך דערוווסט, אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג אין פּאַביאַניץ איז שולדיק געבליבן דער יידנגעמיינשאַפט אַ געוויסע סומע פאַר אָפּגעטאָענער אַרבעט. איך שלאָג אייך פאָר, אַז איר זאָלט פאַרלאַנגען פון פּאַביאַניצער יודענעלטעסטען, ער זאָל אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן דאָזיקן ענין".[217]

דער בריוו איז דאַטירט פונעם 8־טן אויגוסט 1942, וואַרשיינלעך האָט ביבאָוו באַלד ביים אָנקומען פון די פּאַביאַניצער יידן פאַרלאַנגט פון זיין יודענעלטעסטען, ער זאָל איינמאָנען די חובות, וואָס עס קומט די דעפּאָרטירטע יידן פון פּאַביאַניץ. דעם 23־טן מאַי האָט רומקאָווסקי אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג מיטן פּאַביאַניצער קאָמיטעט און עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן די חובות ביי פאַרשידענע פירמעס, פאַר וועמען די אַרויסגעטריבענע האָבן געאַרבעט. רומקאָווסקי האָט פאַרלאַנגט פונעם קאָמיטעט אויפצושטעלן אַ רשימה פון די פירמעס און פון די חובות און ער וועט זיי שוין איינמאָנען. ער האָט צוגעזאָגט צו מאַכן באַמיאונגען, אַז די באַשטעלונגען פון דייטשע פירמעס, וואָס זענען פאַר דער דעפּאָרטאַציע אויסגעפירט געוואָרן אין פּאַביאַניצער געטאָ, זאָלן געבראַכט ווערן אין די רעסאָרטן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וועט אויך זיין אַרבעט פאַר די פּאַביאַניצער גולים.[218]

אין די געטאָ־אַרכיוו־דאָקומענטן איז נישט אָנגעגעבן צי רומקאָווסקי האָט איינגעמאָנט די חובות פון דייטשע פירמעס. דער יודענעלטעסטער האָט אויך נישט אַריינבאַקומען קיין אַרבעט פון יענע אונטערנעמונגען. נישט צוליב דעם האָט די דייטשע מאַכט אַריינגעברענגט אין לאָדזשער געטאָ די רעשטן פון די ליקווידירטע יידישע ישובים אין וואַרטעגאַו. די יידן פון יענע שטעטלעך זענען פון פאַרויס געווען באַשטימט פאַר כעלמנאָ. רומקאָווסקי, וועלכער האָט אָן שום ספק געוווּסט וואָס פאַראַ גורל עס דערוואַרט די „פראָווינצער" יידן, איז תיכף צוגעטרעטן צו זיי אַרויסצושיקן. דערמיט האָט ער געוואָלט צופרידנשטעלן זיינע דייטשע באַפעלס־געבער, וואָס האָבן פאַרלאַנגט נייע דעפּאָרטאַציעס. דער יודענעלטעסטער האָט געמיינט, אַז די „פרעמדע" יידן, וואָס ווערן אַרויסגעשיקט וועלן אָפּליזן „זיינע" לאָדזשער.

ווי עס איז צו זען פון די ווייטער געבראַכטע פאַקטן, געשטיצט אויף אַרכיוו־דאָקומענטן, האָט די דייטשע מאַכט אין די פרילינג־און זומער־חדשים 1942 אויפגעהערט באַהאַנדלען דאָס לאָדזשער געטאָ ווי אַ „יודענגעמיינשאַפט", וואָס קאָן נוצלעך זיין דער דייטשער ווירטשאַפט. דער פאַרניכטונגס־גזר־דין אויף דעם געטאָ איז שוין געווען באַשטעטיקט דורך דעם רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער נאָך אין יאַנואַר. עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט אין דעם ווי אַזוי אָט די איבער הונדערט טויזנט יידן אַרויסצופירן צום טויט אָן ווידערשטאַנד. אויך דאָס כסדרדיקע ברענגען אין לאָדזשער געטאָ פרישע טראַנספּאָרטן פון די ליקווידירטע קהילות האָט געדינט די דייטשן ווי אַ פאַרמאַסקירונג פאַר די אויסראָטונגס־פּלענער.

די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, הגם זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאַר אין כעלמנאָ, האָבן דאָך פאַרגעפילט דאָס גרויסע אומגליק, באַזונדערס ווען זיי האָבן געזען דעם גורל פון די יידן, געבראַכטע פון די שטעטלעך. B.K.C. וואָס האָט מער־ווייניקער אָפּגעשפּיגלט דאָס טראַכטן און פילן פון די יידן אין געטאָ, האָט נאָכן אַריינברענגען די יידן פון פּאַביאַניץ און בזשעזשין אַזוי געשריבן:

„דער אָנבליק פון דער טראַגעדיע פון די אָנגעקומענע, נעמט צו ביי יעדן די האָפענונג, אַז עס וועט זיך איינגעבן אויפצוהאַלטן דאָס לאָדזשער געטאָ. די שרעק פאַרן גורל פונעם געטאָ נעמט צו דעם שלאָף פון יעדנס אויגן". מ'האָט אָבער גרויס האָפענונג אויפן פּרעזעס [רומקאָווסקי]. „מ'שמועסט וועגן נייע דעפּאָר־טאַציעס, וועלכע דאַרפן זיך אָנהייבן גאָר בקרוב".

די B.K.C. האָט אָנגעגעבן אַ פּאַרטיקן פּלאַן, וואָס איז, משמעות, געקומען פון רומקאָווסקיס קרייזן, ווי אַזוי דורכצופירן די ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס, נעמלעך:

„דער פּרעזעס וועט זיך באַמיען, אַז אַרויסזעצן זאָל מען אין דער ערשטער ריי די צוגערייזטע, אָמווייניקסטן זאָלן ליידן פון די דעפּאָרטאַציעס די היגע איינוווינער. לויט ווי מ'נעמט אָן, זאָלן די דעפּאָרטאַציעס גיין לויט פאָלגענדיקן סדר: די אויס־

באַהאַלטענע בעת דער לעצטער „אויסזידלונג", די געסטעמפּלטע דורך דער דאָקטוירים־קאָמיסיע און „דייטשן" [געמיינט די איבערגעבליבענע 5,000 מערב־אייראָפּעישע יידן]. וואָס שייך זקנים און קינדער ביז 10 יאָר, האָט דער פּרעזעס פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיך באַמיען, אַז מ'זאָל זיי נישט אַרויסשיקן" [219]

אין דער דאָזיקער „פאַרזיכערונג" פונעם יודענעלטעסטען איז שוין געווען אַ קלאָרער אָנזאָג וועגן דער אויסראָטונג פון קראַנקע, זקנים און קינדער, וואָס די דייטשע מאַכט האָט זיך געגרייט דורכצופירן אין לאָדזשער געטאָ, נאָכן פאַרענדיקן די ליקווידאַציע פון די קליינע געטאָס אין וואַרטעגאו. די אויסראָטונג איז פאַרגעקומען ערשט אין אָנהויב סעפּטעמבער 1942. רומקאָווסקי מיט זיינע מקורבים האָבן שוין וועגן דעם געוווּסט אין סוף חודש מאי 1942. פון זיין דערפאַרונג האָט דער יודענעלטעסטער געוווּסט, אַז ער וועט ביי דער דייטשער מאַכט נישט אָפּשרייען די אויסראָטונגס־גזירה און מיט זיינע פאַרזיכערונגען, אַז ער וועט ראַטעווען, האָט ער בלויז געשטאַרקט דעם דייטשן קאַמופלאַזש.

ה. די דעפּאָרטאַציעס פון די „פרעמדע" יידן פון לאָדזשער געטאָ

מיטן אַריינטרייבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט די יידן פון פּאַביאַניץ, בזשעזשין און אַנ"ד שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן, האָט זיך דער דייטשער מאַכט ווידער איינגעגעבן צו פאַרשטאַרקן די גרופּן־צעטיילונג פון דער געטאָ־באַפעל־קערונג. וועגן די פריש־געבראַכטע האָט מען אין געטאָ געוווּסט, אַז זיי זענען פון פאַראויס באַשטימט אויף דעפּאָרטאַציע, דאָס האָט רומקאָווסקי כסדר באַטאָנט אין זיינע רעדעס. אין דער הינזיכט האָט דער יודענעלטעסטער געהאַט זיינע „אויטאָנאָמע רעכט", וואָס ער האָט טאַקע ברייט אויסגענוצט ביי די ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס.

מיט די יידן פון בזשעזשין האָט רומקאָווסקי זיך נישט צופיל פאַרנומען. זיי זענען איינגעאָרדנט געוואָרן צייטווייליק אויף שקאָלנע־גאַס, ווו עס האָבן פריער געוווינט די מערבדיקע. קיין אַרבעט האָבן די בזשעזשינער נישט באַקומען, פשוט דערפאַר, ווייל די שניידער־רעסאָרטן האָבן זיך נישט גענויטיקט אין אַזוי פיל נאָדל־אַרבעטער. מ'האָט געבראַכט ניי־מאַשינען אין געטאָ צוזאַמען מיט נאָך הפצים — דאָס אייגנטום פון די יידן אין די שטעטלעך, וואָס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין כעלמנאָ, אָבער קיין נייע וואַרשטאַטן זענען נישט אויפגעשטעלט געוואָרן. די יידן פון בזשעזשין זענען פון לכתחילה געווען באַשטימט אַרויסגעשיקט צו ווערן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. [220].

אמת, אין מאי איז צוגעקומען אַ נייע אונטערנעמונג — אַ כעמישע וועשעריי, וועלכע מ'האָט אָנגעהויבן בויען אין דער צווייטער העלפט פון דערמאָנטן חודש. רומקאָווסקי האָט וועגן דער נייער אונטערנעמונג אָפיציעל מיטגעטיילט ווי אַ באַווייז, אַז מ'רעכנט זיך מיט „זיין" געטאָ: „נייע הונדערט געטאָ איינוווינער וועלן באַקומען באַשעפטיקונג, וואָס עס וועט ראַטעווען פון אונטערגאַנג" — האָט אָנגעזאָגט דער יודענעלטעסטער. אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו וואָס די דייטשע

מאַכט דאַרף האָבן די וועשעריי, וואָס האָט טאַקע באַשעפטיקט 200 פרויען. עס זענען אָנגעקומען הונדערטער וואַגאָנעס מיט שמוציקע, פאַרבלוטיקטע וועש און מלבושים. די וואָס האָבן געאַרבעט אין דער רייניקונגס־אונטערנעמונג האָבן אין די מלבושים געפונען פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן פון באַקאַנטע מענטשן, אַרויסגעשיקטע פון לאָדזשער געטאָ. דער אויפזעער פון דער דאָזיקער וועשעריי איז געווען איינער פון רומקאָווסקיס מקורבים, וואָס האָט געדאַרפט אָפּהיטן די געהיימעניש פון דער וואַש־אַנשטאַלט. [121]

די צווייטע אונטערנעמונג, וואָס איז אין יענעם חודש מאַי אויפגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ, איז געווען די פאַבריק פון שטרוי־שיך. אויך די פּראָדוקציע האָט געהאַט אַ שייכות מיט די דעפּאָרטאַציעס. די לעבנגעבליבענע קרעפּטיקע, אַרבעטספעיקע, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן, האָבן געדאַרפט פאַרזאָרגט ווערן מיט שטרוי־שיך. אין די נייע אונטערנעמונגען זענען אָנגענומען געוואָרן נאָר די „תושבים" פונעם" לאָדזשער געטאָ, צווישן וועלכע עס זענען נאָך געווען טויזנטער אָן באַשעפטיקונג. זיי האָבן זיך באַמיט צו באַקומען אַרבעט אין די רעסאָרטן, ווי אַ מיטל צו ראַטעווען זיך פון דעפּאָרטאַציע. פאַר דעם אַרבעטס־אַמט זענען געשטאַנען לאַנגע רייען פון מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט באַקומען אַרבעט. מונדירטע דייטשן האָבן פאָטאָגראַפירט די רייען פון די אַרבעט־זוכנדע. [222]

✶

פון די גולים פון בזשעשין, וואָס זענען דעם 19־טן מאַי געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ זיינען דעם 21־טן מאַי ארויסגעשיקט געוואָרן 1,152 פערזאָן. אין די ווייטערדיקע טעג זענען כסדר אָפּגעגאַנגען טראַנספּאָרטן פון די „פרעמדע" יידן. אין די אַרכיוון האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין רשימות פון אָט די אַרויס־געשיקטע. וועגן דער דעפּאָרטאַציע פון די „פרעמדע" יידן האָט רומקאָווסקי צווויסן געטאָן אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן דעם 23־טן מאַי 1942.

אין יענעם טאָג איז געווען דער יום טוב שבועות. נאָך דער תפילה אין דער שול אויף פראַנציסקאַנער גאַס, האָט רומקאָווסקי גערעדט צו די מתפללים. ווי שטענדיק האָט ער זיך באַמיט אָנצווייזן אויף די שולדיקע אין דעם מצב אין געטאָ. די „שולדיקע" זענען דאָסמאָל געווען „די יידן פון אויסלאַנד". „זיי האָבן געבורענגט אַ סך זאָרג און אומגליק אויפן געטאָ. עס וועט לאַנג דויערן ביז מיר וועלן צוריקקומען צום גלייכגעוויכט" — האָט דערקלערט דער יודענעלטעסטער. דאָס מאָל האָט ער נישט צוגעזאָגט קיין שום גוטס פאַרן געטאָ . ער האָט אָפּגעלייקנט די „פּליאָטקעס" (פאַלשע ידיעות) וועגן דער אַפּראָוויזאַציע, וועגן פאַרגרעסערן די שפּייז־צוטיילונגען. *

* אַ רמז אויף דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס גערטלער מיט זיינע לייט האָבן שוין דעמלט געפירט קעגן רומקאָווסקין, וואַרשיינלעך אויף דער אָנווייזונג פון דער געשטאַפּאָ, וועלכע האָט

„עס וועט נאָך פאַרקלענערט ווערן דער ברויט־צוטייל צוליבן אַריינקומען פון די טראַנספּאָרטן, מיט וועמען מיר מוזן טיילן דאָס שטיקל ברויט" — האָט געזאָגט רומקאָווסקי און דערביי מודיע געווען, אַז „אַ טייל פון די פריש־געבראַכטע, וועמענס פּאַכן זענען נישט פּאַסיק פאַרן געטאָ, וועלן ווערן אַרויסגעשיקט". דער יודענעלטעסטער האָט זיין אַכזריותדיקע האַנדלונג לגבי די גולים פון די ליקווידירטע קהילות באַרעכטיקט מיט דעם, וואָס „די מענטשן (פריש־געבראַכטע) האָבן סיי ווי געדאַרפט ווערן געשיקט אַנדערשוווּ. דאָס לאָדזשער געטאָ איז פאַר זיי נאָר אַן עטאַפּ־פּונקט אויפן ווייטערדיקן וועג".

דער יודענעלטעסטער האָט פּאַטעטיש פאַרענדיקט זיין רעדע מיט דעם אָנזאָג: „עס קומען שווערע טעג פאַרן געטאָ, אָבער איך וועל וואַכן, וואָס עס וועט זיין אין מיין מאַכט וועל איך טאָן, כדי אָפּצוהיטן דאָס געטאָ פון אומגליק".[223]

אין זיין איינגעגלויבטקייט אין זיין חכמה און פעיקייט, האָט דער יודענ־עלטעסטער נישט געזען ווי די דייטשע מאַכט גרייט צו דעם פולשטענדיקן חורבן פונעם לאָדזשער געטאָ. כמעט יעדן טאָג זענען אָפּגעגאַנגען טראַנספּאָרטן פון דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. נאָך די בזשעזשינער איז געקומען די ריי אויך אויף די פּאַביאַניצער. זיי האָבן אויפגעהערט זיין מיוחסים, נאָכדעם ווי ביבאָוו מיט זיין יודענעלטעסטען האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי וועלן נישט קאָנען אויפמאָנען ביי די דייטשישע פירמעס די חובות פאַר אַרבעטס־לוין, וואָס עס קומט די פּאַביאַניצער יידן.

אויף אַ זיצונג פון קאָמיטעט פון די פּאַביאַניצער האָט רומקאָווסקי דער־קלערט, אַז אויפן פאַרלאַנג פון דער מאַכט דאַרפן 250 פון זיי ווערן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. דער קאָמיטעט דאַרף אויפשטעלן די רשימה. דער יודענעלטעסטער האָט צוגעזאָגט צו פאַרזאָרגן די פּאַביאַניצער מיט „שפּייז־קאַרטן אויף קרעדיט", ביז זיי וועלן אַרויספאָרן — און זייערע משפחות — פרויען, קינדער — וואָס וועלן בלייבן אין געטאָ, וועלן געניסן פון דער אונטערשטיצונג פאַר פאַמיליעס, וועמענס איינציקע שפּייזער זענען אין אַרבעטס־לאַגערן. דעם 26־טן מאַי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם געטאָ אַ טראַנספּאָרט פון 231 „געזונטע" מענער, פּאַביאַניצער, אָפּגעקליבענע פון אַ דאָקטוירים־קאָמיסיע. B.K.C. האָט צו דער ידיעה וועגן זייער אָפּפאָרן צוגעגעבן: „די פּאַביאַניצער ווערן נישט צוגערעכנט צו די שטענדיקע איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ, ווייל זיי זענען באַשטימט צום אַרויספאָר".

אויך דאָס אַרויסשיקן די פּאַביאַניצער איז דער רומקאָווסקי־מאַכט נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. פיל פון זיי זענען שוין נאָך דער רעגיסטראַציע אַנטלאָפן

---

געדאַרפט האָבן אַ שולדיקן פאַר די פאַרברעכענס, וואָס די דייטשע מאַכט איז באַגאַנגען קעגן דער געטאָ־באַפעלקערונג. גערטלער האָט זיך שוין דעמאָלט געגרייט איבערצונעמען די אָנפירונג איבער דער אַפּראָוויזאַציע אין געטאָ.

פון די זאַמלפונקטן. די געטאָ־פּאָליציי האָט איינגעאָרדנט אָבלאַוועס. מ׳האָט געשלעפּט ביי נאַכט פון די בעטן, פון די באַהעלטענישן. די געכאַפּטע זענען מיט כוח תיכף אַרויסגעשיקט געוואָרן. דער פּאָליציי־געיעג נאָך יידן פון פּאַביאַניץ האָט כסדר אָנגעהאַלטן. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדערן קען־צייכן, נעמלעך: אויף דער געלער לאַטע איז געווען נישט קיין מגן־דוד ווי ביי יידן פון לאָדזש, נאָר אַן אויפשריפט "Jude" „ האָבן די פּאַביאַניצער זיך איינגעהאַנדלט „לאָדזשער״ געלע לאַטעס, וועלכע זיי האָבן צוגעניית צו די מלבושים. די פּאָליציי האָט דאַן געכאַפּט די פּאַביאַניצער לויט זייערע דאָקומענטן. אין די אַוונט־שעהן, ווען די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט „כאַפּן פרישע לופט״, זענען זיי אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אַלעמען לעגיטימירט. [224]

## ו. נייע „אַטראַקציעס״ פון דער דייטשער מאַכט צו פּאַרמאַסקירן די אויסראָטונג

ביי דעם דאָזיקן טראַגישן פּלאָנטער פון אַריינברענגען און אַרויספירן יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, האָט די דייטשע מאַכט ווייטער געגעבן אירע ספּעציעלע קאַמופלאַזש־„אַטראַקציעס״, וואָס האָבן געהאַט פּאַר אַ ציל נאָך מער צעטומלען די אומגליקלעכע געטאָ־יידן.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש מאַי 1942, האָבן פּלוצלונג אין די געטאָ־גאַסן זיך באַוויזן יידן, איינגעשטעלט אין רייען מיט דייטשע אָרדנס אויף דעם ברוסט־טייל פון דער מאַרינאַרקע. זיי האָבן אין אַ מיליטערישן סדר מיט אויפגע־הויבענע קעפּ, מאַרשירט צום באַלוטער מאַרק ווו עס איז געווען דער טרעפּפונקט צווישן געשטאַפּאָ און דער רומקאָווסקי־אָנפירונג. די מאַרשירנדע, 100 פּערזאָן, זענען געווען די אויסדערוויילטע פון צווישן די מערבדיקע, אויף וועלכע עס איז „נישט חל״ געווען דער גזר אַרויסגעשיקט צו ווערן פונעם געטאָ. דאָס זענען געווען יידן פון דייטשלאַנד, העלדן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָבן פּאַר זייער „טאַפּפערקייט״ באַקומען פון קייזער ווילהעלם הויכע מיליטערישע אויסצייכענונגען, „אייזערנער״ קרייץ, ערשטע און צווייטע מדרגה״. נאָכן פּאַרענדיקן די סעריע דעפּאָרטאַציעס פון די מערבדיקע, האָבן די אויסדערוויילטע אָרדענטרעגער באַקומען אויפפאָדערונגען פון געשטאַפּאָ זיך צו שטעלן אויפן באַלוטער מאַרק, טאַקע אין אָנוועזנהייט פון רומקאָווסקיס געטאָ־אָנפירונג, צו לעגיטימירן זייער באַרעכטיקונג אויף די מיליטערישע אויסצייכענונגען.

אויפן באַלוטער מאַרק זענען די יידן, די העלדן פון דער דייטשער אַרמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויפגענומען געוואָרן פון געשטאַפּאָ־לייט, וועלכע האָבן העפלעך קאָנטראָלירט די דאָקומענטן פון די אָרדענטרעגער, פעסטגעשטעלט אַז אַלץ „שטימט״ און געגעבן אַ פּאַראָרדענונג דער ידישער געטאָ־אָנפירונג גוט

צו באַהאַנדלען די אויסגעצייכנטע מיליטערלייט און געבן זיי פּאָסיקע באַשעפטיקונג.

אויף צומאַרגנס האָט זיך ווידער איבערגעחזרט דער זעלבער ספּעקטאַקל מיט נאָך 100 אָרדענטרעגער. עס איז פאָרגעקומען די זעלבע פּראָצעדור. צוזאַמען זענען אין געטאָ געווען 289 אַזעלכע „אויסדערוויילטע" יידן. פאַר זייער העלדיש־קייט אין דער דייטשער אַרמיי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיי באַקומען דאָס רעכט נאָך אַ געוויסע צייט צו לעבן אין געטאָ, ביז זיי וועלן מער נישט נויטיק זיין פאַרן קאַמופלאַזש פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. דאַן ערשט וועלן זיי צוזאַמען מיט אַלע יידן אָפּגעשיקט ווערן אין די גאַז־קאַמערן. [225]

די צווייטע „אַטראַקציע" איז געווען דאָס ווייטערדיקע אַרויספאָרן פון לאָדזשער געטאָ קיין וואַרשע מיט דער דערלויבעניש פון געשטאַפּאָ, אָרגאַניזירט דורך גערטלער מיט זיינע מענטשן. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די רעשטלעך פון „13־טל" אין וואַרשעווער געטאָ. מיט די געשטאַפּאָ־אַגענטן — קאַן און העלער, וועלכע האָבן אַגב „געפירט" יידן קיין לאָדזש. וואָס עס איז געוואָרן מיט די יידן, וואָס האָבן געדאַרפט דורכגיין די גרענעץ פון „גענעראַל־גוווערנע־מענט", איז נישט פעסטגעשטעלט. דער דערמאָנטער אָפּפאָר פון לאָדזשער געטאָ, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַמע ברען פון די דעפּאָרטאַציעס פון די פּראָווינצער — איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן פּאַראַד. די 187 פּערזאָן זענען נישט געפאָרן, ווי געוויינלעך, פון באַלוטער מאַרק, נאָר פון דער „ראַגאַטקע" אין מאַרישין. עטלעכע לאַסט־אויטאָס זענען געשטאַנען גרייט אויפצונעמען די „פּאַסאַזשירן". פאַרן אָפּפאָרן האָט זיך באַוויזן דער פּרעזעס (רומקאָווסקי). אַ טייל וואַליזעס פון די פאָרערס האָבן די געשטאַפּאָ־לייט צוגענומען און די גליקלעכע האָבן זיך געלאָזט אין וועג מיט דער זיכערהייט, אַז זיי פאָרן קיין וואַרשע און דאָרט „וועט מען זוכן אַ ווייטערן וועג". [226]

די דריטע „אַטראַקציע", באַזונדערס וויכטיק פאַרן קאַמופלאַזש פון די פּאַרטיליקער איז געווען — דאָס פאַרברייטערן די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע אין געטאָ.

די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע אין אָפּגעשלאָסענעם געטאָ־שטח, האָט זיך אָנגעהויבן אין יוני 1941, כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען אויף דער פאַראָרדנונג פון דער דייטשער מאַכט איז אויסגעבויט געוואָרן אין מאַרישין די באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט וואָס האָט געדינט מתחילת צום צושטעלן פּראָדוקטן אין געטאָ, שפּעטער — אַריינברענגען די יידן פון מערב־אייראָפּע און דאַן פאַר די דעפּאָרטאַציעס קיין כעלמנאָ.

דאָס אויפריכטן די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע פון געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן פון ברענגען אין אָרדענונג עטלעכע טראַמוויי־שינעס, וואָס זענען געלעגן פאַרשאָטן אין די געטאָ הויפּט־גאַסן. אַן אַלטער טראַמוויי־וואַגאָן איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג פאַרן באַדאַרף פון דער דייטשער מאַכט.

בעת די דעפּאָרטאַציעס איז די טראַמוויי־ליניע פאַרלענגערט געוואָרן. זי האָט זיך אָנגעהויבן ביים ווינקל פון די גאַסן — בזשעזשינער, לאַגעווניצקע, פּלאַץ קאָשטשעלני און זיך געצויגן ביז דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. ספּעציעלע אינס־טרוקטאָרן, צוגעשיקטע פון דער טראַמוויי־דירעקציע פון דער שטאָט — האָבן אויסגעבילדעט די יידישע מאָטאָרפירער און טראַמוויי־קאָנדוקטאָרן. זיי האָבן אויך באַקומען נייע היטלען פון גראַנאַט־קאָליר מיט דעם עמבלעם פון די שטאָטישע טראַמוויי־אָנגעשטעלטע, מיט אַ צוגאָב פון אַ מגן דוד. צו דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע איז צוגעקומען אַ נייע אָפּטיילונג, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן געטאָ־טראַמוויי, אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער שטאָטישער דירעקציע און אויסגעפירט אירע פאַראָרדנונגען. מיט דער אָפּטיילונג האָבן אָנגעפירט: קליינמאַן און אינזש. דאַווידאָוויטש. ער האָט זיך בעיקר פאַרנומען מיט די טעכנישע ענינים פון דער טראַמוויי־קאָמוניקאַציע אין געטאָ, וואָס איז כסדר אויסגעברייטערט געוואָרן.[227]

איבער דער זגערזשער גאַס, וועמענס פאָרוועג האָט געהערט צו דער „אַרישער" זייט, האָט נאָרמאַל פונקציאָנירט אַ שטאָטישער טראַמוויי. ער האָט נישט געהאַט קיין אָפּשטעל אין געטאָ און קיין שום שייכות מיטן געטאָ־טראַמוויי.

סוף חודש מאַי, אָדער אָנהויב יוני 1942, ווען די דייטשע מאַכט האָט זיך געגרייט דורכצופירן ווייטערדיקע מאַסן־דעפּאָרטאַציעס, איז פּלוצלונג זיך פונאַנ־דערגעגאַנגען אַ פריילעכע ידיעה אין געטאָ: די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע ווערט דערלויבט אויך פאַר פּאַסאַזשירן. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ רעגולערער פאַרקער פון 5.30 פרי ביז 7 אַזייגער פאַרנאַכט. פון 5—7 אין אָוונט איז די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע געווען באַשטימט נאָר פאַר אַרבעטער, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין מאַרישין. יעדע האַלבע שעה איז אָפּגעגאַנגען אַ טראַמוויי פון מאַרישין אין צענטער געטאָ. די אַרבעטער האָבן באַקומען פאַר־קאַרטעס אויף 12 מאָל פאַרן פרייז פון 60 פעניג. אַ ספּעציעלער רעגולאַמין (זיין מחבר איז נישט אָנגעגעבן) האָט איינגעשטעלט דעם סדר פאַר די פּאַסאַזשירן אין געטאָ־טראַמוויי, נעמלעך: פאָרצוג צום פאָרן האָבן: באַשעפטיקטע אויף דער באַן־סטאַציע אין ראַדעגאַסט, דאַן קומען — בית־עולם־אַרבעטער, און אויפן דריטן אָרט — אַרבעטער אין די פאַבריקן (רעסאָרטן) פון מארישין.

אין דעם ערשטן טאָג פון דערלויבטן פּאַסאַזשיר־פאַרקער האָבן 2000 געטאָ־איינוווינער געניצט פון דער טראַמוויי קאָמוניקאַציע — האָט פאַרנאָטירט דער קאָרעספּאָנדענט פון .B.K.C, די טראַמווייען אין באַשטאַנד פון 22 טראַנספּאָרט־וואַגאָנעס מיט צוטשעפּענישן, באַוועגט פון 4 מאָטאָרן, זענען אויך געפאָרן ביינאַכט און איבערגעפירט סחורות פון די רעסאָרטן און פּראָדוקטן פאַרן געטאָ. אינטערעסאַנט איז, אַז אין רעגולאַמין פאַר די פאָרערס איז אויך געווען אַ פונקט, וואָס האָט

פאַרלאַנגט פון די פּאַסאַזשירן: אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר שוואַכע און פאַר ווייט־פאָרנדע פּאַסאַזשירן.[228]

אָט די „אַטראַקציעס", וואָס די דייטשע מאַכט האָט דורכגעפירט נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס, בעתן אַריינטרייבן אין געטאָ די צעשלאָגענע רעשטלעך פון די פאַרטיליקטע קהילות אין לאָדזשער ראַיאָן און ערב דער אויסראַטונגס־אַקציע פון קינדער, קראַנקע און זקנים, האָט געהאַט איין קלאָרן ציל: פאַרמאַסקירן די פּלאַנירטע יידן־פאַרטיליקונג. די אַלע „הנחות", וואָס זענען דעמלט איינגעפירט געוואָרן, זענען טאַקע דורך דער געטאָ־באַפעלקערונג פאַרשטאַנען געוואָרן אויף דעם אופן, אַז עס גייט צום בעסערן, והא ראיה די דייטשע מאַכט האָט פאַרברייטערט די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע, כדי די אַרבעטער וואָס וווינען אין געטאָ־צענטער זאָלן נישט דאַרפן גיין צופוס קיין מאַרישין, ווו זיי זענען באַשעפטיקט. דאָס האָט געדאַרפט ווידער זיין אַ באַשטעטיקונג דערויף, אַז דעפּאָרטאַציעס רירן נישט אָן די אַרבעטנדיקע.

די געשטאַפּאָ־אַגענטן אין געטאָ, האָבן אָט די ישועות, וואָס קומען פון דער דייטשער מאַכט, צוגעטראָגן דער באַפעלקערונג, ווי באַווייזן, אַז די דייטשן האָבן נישט בדעה צו פאַרניכטן דאָס געטאָ. אין דעם זינען האָט אויך רומקאָווסקי ווייטער געהאַלטן זיינע רעדעס, וואָס האָבן געדאַרפט באַרואיקן די פאַרצווייפלטע און געפּייניקטע יידן.

.14

# ווירטשאַפטלעכער קריזיס און
# אויסערגעוויינלעכער הונגער אין די זומער־חדשים 1942

## א. באַדייטנדע רעדוקציע אין צופיר פון שפייז

פיינלעכער הונגער איז אין געטאָ לאָדזש געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. אָבער דער הונגער אין די זומער־חדשים 1942, האָט געוויזן בולט, אַז די דייטשע מאַכט וויל דערפירן צו אַ שנעלער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. ביי דעם כסדר־דיקן אָנקומען פון נייע טראַנספּאָרטן פון די ליקווידירטע קהילות, האָט די דייטשע מאַכט כסדר רעדוצירט דעם צופיר פון שפייז. עס איז דערגאַנגען צו אַזאַ מצב, וואָס איז דורך .B.K.C באַצייכנט געוואָרן מיט די ווערטער: „עס שעפּן זיך אויס די אַפּראָוויזאַציע־מיטלען אין געטאָ". די פּאַרטיילונגס־מאַגאַזינען פון גרינס האָבן זיך געשלאָסן, ווייל עס איז נישט געווען וואָס צוצוטיילן. אויך די אַלגעמיינע קיכן האָבן זיך גענומען שליסן, צוליב נישט האָבן וואָס אַריינצולייגן אין די קעסלען.

אין מאַי 1942 האָבן די אַרבעטער אין די רעסאָרטן באַקומען נאָר אַ דריטל פון דער נאָרמאַלער באַשפּייזונג, וואָס איז נויטיק פאַר אַן אַרבעטס־מענטש אויפצוהאַלטן זיין געזונט. לויט דער אויפשטעלונג פון י. טרונק אין זיין בוך „לאָדזשער געטאָ", איז פאַר דער דריטער דעקאַדע פון מאַי 1942 צוגעטיילט געוואָרן אויף אַ קאָפּ:

| פּראָדוקט | סכום | | ווערט אין קאַלאָריעס (בערך) |
|---|---|---|---|
| קאַרטאָפל | 1000 | גר. | 550 |
| קאָנסערווירטע בוראַקעס | 350 | „ | 47 |
| קאָרנמעל | 300 | „ | 996 |
| אַרבעס | 60 | „ | 178 |
| קאָרן־פלאָקן | 100 | „ | 322 |
| צוקער — ווייסער און געלער | 150 | „ | 570 |
| מאַרמעלאַד | 200 | „ | 498 |
| מאַרגאַרין | 150 | „ | 1152 |
| ווורשט מאָגערע | 200 | „ | 400 |
| קאָרנברויט | 2500 | „ | 6175 |
| | | ס"ה | 10,888 |

יעדער איינוווינער אין געטאָ האָט אַזוי אַרום באַקומען קנאַפּע 1,100 קאַלאָריעס אַ טאָג, בעת אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ שווער־אַרבעטער, ווי עס זענען געווען די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן, דאַרף האָבן שפּייז אויף אויפצו־האַלטן זיין געזונט אין דער הויך פון 3000—4000 קאַלאָריעס אַ טאָג.[229]

אין די ווייטערדיקע זומער־חדשים זענען די שפּייז־פּאַרציעס געוואָרן באַדייטנד פאַרקלענערט און אַרויסגעגעבן מיט אויסערגעוויינלעכער פאַרשפּע־טיקונג. ביי דעם דאָזיקן דוחק אין שפּייז האָבן די פּריווילעגירטע ווייטער באַקומען די ספּעציעלע צוטיילונגען פון „דיעטלאַדען". פון אַזעלכע צוטיילונגען האָבן גענאָסן: קודם כל געריכטלער מיט זיין „זאָנדער", וועלכע האָבן געהאַט זייער אייגענעם באַשפּייזונג־פּונקט און בכלל נישט געהונגערט. ווייטער איז געווען אַ לאַנגע ריי פון „פּריווילעגירטע עסערס", פון רומקאָווסקיס חסד, ווי: רבנים, אינטעלעקטואַלן, אָנפירער פון געוויסע פּאַרטייען, צו וועלכע דער יודנעלטעסטער האָט געהאַט סימפּאַטיע. ווייטער—די מיטגלידער פון „בייראַט", וואָס האָבן פּאַקטיש קיין שום דעה נישט געהאַט ביי רומקאָווסקין. צוגאָב־באַשפּייזונג האָבן אויך באַקומען דאָקטוירים, ריכטער, די אָנפירונג פון די פּאָליציי־סעקטאָרן. אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע האָבן געבילדעט די פּריווילעגירטע עסערס, וואָס זענען דורך די געטאָ־איינוווינער באַצייכנט געוואָרן מיט .P.W. די לאַטיינישע אותיות האָבן באַדייט אויף פּויליש „Proszę wydać" (מבעט ארויסגעבן) — אונטערגעשריבן דורך רומקאָווסקין אָדער זיינע מקורבים, אויף ווענדונגען וועגן באַקומען צוגאָב־באַשפּייזונג. אויך די מתנות, וואָס דער יודנעלטעסטער האָט געטיילט פאַר חתונה־געהאַטע פּאָרלעך, פאַר קינדער פון הויכגעשטעלטע באַאַמטע, וואָס האָבן באַקומען שאָקאָלאַד, קאַקאַאָ און צוקערלעך — זענען גענומען געוואָרן, פאַר־שטענדלעך פון דער אַלגעמיינער אַפּראָוויזאַציע, וואָס דאָס געטאָ האָט באַקומען. אין זיינע זכרונות האָט ד"ר ל. שיקער אַזוי געשילדערט דעם מצב אין געטאָ אין זומער 1942:

„בלויז די זאַטע, געטאָ־פּני, וועלכע זענען געווען פאַרטעמפּט פון ווילטאָג, האָבן נישט געזען די ענדערונגען אין לעבן פון די געטאָ־איינוווינער: מענטשן זענען געוואָרן אויסגעדאַרט, געשוואָלן, געגאַנגען מיט קאַטשקע־טריט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן פעלן פון קאַלך אין די ביינער — — — אין געטאָ איז דער ציבור געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און אַ גרופּע פּריווילעגירטע — געשוואָלן פון צופיל עסן".

פון די דאָזיקע פּריווילעגירטע האָבן נאָר עטלעכע דאָקטוירים זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די צוגאָב־באַשפּייזונג, צווישן זיי איז געווען ד"ר ווייסקאָפּ. קיין אַנדערע נעמען ווערן נישט דערמאָנט אין די דאָקומענטן.[230]

דער ווייט גרעסטער רוב פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, איבער 100,000 נפשות, איז אין די זומער־חדשים 1942 געווען אַזוי דערשלאָגן פון די איבער־

לעבונגען, צעבראָכן פיזיש, הילפלאָז און האָפנונגסלאָז, אַז עס איז נישט געווען קיין כוחות און קיין מוט צו פּאַרמעסטן זיך אַפילו מיט דער רומקאָווסקי־מאַכט, מיט זיין געוואַלט־אַפּאַראַט, ווי אין די יאָרן 1940/41. די רעזיגנאַציע, וועלכע האָט אַלעמען באַהערשט, האָט פאַרשטענדלעך נישט געקאָנט באַגינסטיקן קיין באַדן פּאַר אַ ווידערשטאַנד קעגן דער דייטשער אויסראָטונגס־מאַכט. אַ חוץ קליינע גרופּן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן וועלכע עס איז אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינ־דונגען אין די פּאַרטייען, האָט די איבערוויגנדע מערהייט פון די געטאָ־איינוווינער מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ צעשטויבטע מאַסע, פון וועלכער יעדער יחיד האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו שטילן דעם פּיינלעכן הונגער.

מיט אַמאָל האָט מען אַנטדעקט אַ שפּייז־אוצר אין קאַרטאָפל־שאָלן. האָט מען גענומען באַלאַגערן די קיכן, ביי וועלכע עס האָבן זיך געבילדעט רייען נאָך דער „טייערער" שפּייז, וואָס האָט אויך „געהאָלפן" צו געוויסע קראַנקהייטן, ווי מ'האָט געגלויבט אין געטאָ. די קיך־אַרבעטער האָבן דערפון זיך געמאַכט אַ פאַרדינסט און פאַרקויפט די שאָלעכץ. אויך אויף דער „שפּייז" האָט זיך געשאַפן אַ „שוואַרצער מאַרק". מ'האָט געצאָלט פון 18—20 „רומקעס" פאַר אַ קילאָ שאָלעכץ. אויף אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין האָט מען גענומען בחנם טיילן די „מעדיצינישע שפּייז". קאַרטאָפל איז ווייניק אַריינגעקומען אין די קיכן, איז ממילא נישט געווען קיין שאָלעכץ. דאַן איז געקומען אַ פרישע פאַראָרדנונג פון דעם יודענעלטעסטען — „אַרויסגעבן נאָר ווי אַ מעדיצין" אויף דער אָנווייזונג פון דאָקטוירים, איז ביי דער פאַרטיילונג איינגעשטעלט געוואָרן אַזאַ פּראָצעדור: דער דאָקטאָר גיט אַרויס אַ צייגניש, אַז עס איז נויטיק פאַרן געזונט צו עסן קאַרטאָפל־שאָלעכץ, מיט דעם דאָזיקן „רעצעפּט" האָט מען זיך געדאַרפט ווענדן צו דער קיכן־אָפּטיילונג, וועלכע האָט געגעבן אַן אָנווייזונג צו אַ קיך אַרויסצוגעבן 3 קילאָ אויף אַ פּערזאָן. אויף צו באַקומען די „שפּייז" האָט מען געמוזט לאַנג וואַרטן אין אַ פאַרשריבענער ריי, פאַרשטענדלעך, אַז אויך ביי דעם איז געווען פּראָטעקציע — באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט מיט די קיך־אַרבעטער.

פון די קאַרטאָפל־שאָלעכץ איז דורך די באַלעבאָסטעס צוגעגרייט געוואָרן „באַטעמטע" מאַכלים. מ'האָט דעם אָפּפאַל געוואַשן, געריבן מיט אַ באַרשט, דערנאָך געקאָכט ווי אַ זופּ מיט אַ „ריישעכץ" (פאַרפּרעגלט ציבעלעס מיט אַ פעטקייט). מ'האָט אויך די שאָלעכץ געטריקנט, דערנאָך צעריבן, צוגעגעבן אַביסל מעל און געבאַקן ברויט. צוליב דעם כסדרדיקן אָפּקלאַפּן די טירן ביי די דאָקטוירים מיט בקשות און אָנקלאַגעס אויף נישט באַקומען די „שאָלעכץ־מעדיצין", וואָס עס האָט געבראַכט צו גרויסע סקאַנדאַלן, איז פאַרבאָטן געוואָרן די דאָקטוירים אַרויס־צוגעבן אַזעלכע „רעצעפּטן". אין חודש יולי 1942, ווען די קיכן זענען געוואָרן געשלאָסן, האָט מען אויפגעהערט זיך פאַרנעמען מיט אַרויסגעבן דעם קאַרטאָפל־אָפּפאַל.[231]

## ב. רומקאָווסקיס „רעפאָרמען" אויסצובעסערן דעם מצב אין געטאָ

טראָץ רומקאָווסקיס פאַרזיכערונגען אין זיינע רעדעס. וואָס ער האָט געהאַלטן נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס, אַז עס גייט צום בעסערן, „דאָס לעבן אין געטאָ נאָרמאַליזירט זיך", איז פּאַקטיש וואָס ווייטער אין די זומער־חדשים 1942 געוואָרן אַלץ ערגער. אויך די צוטיילונגען אויף די טאַלאָנען פאַר באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן זענען געווען זייער נעבעכדיקע און נישט אין דער באַשטימטער צייט, ווען מ'האָט געדאַרפט באַקומען די פּראָדוקטן. מ'איז אַוועק צו דער אַרבעט הונגעריק און עס האָט זיך אין די רעסאָרטן געשטאַרקט דער באַוווסטזיין, אַז מ'אַרבעט בחנם.

די פּרייזן־שטייגערונג און דאָס פעלן פון פּראָדוקטן האָט לחלוטין ענטווערטעט דאָס געטאָ־געלט און צעטרייסלט דעם ווירטשאַפטלעכן סדר, וואָס האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט. דאָס געלט פון געהאַלט, וואָס האָט ביי יעדן באַשעפטיקטע אין די געטאָ־רעסאָרטן און אין דער אַדמיניסטראַציע זיך אָפּגעשטעלט נאָכן איינקויפן די הונגער־צוטיילונג פון שפּייז צו אָפיציעלע פּרייזן — האָט פאַרלוירן יעדן ווערט. געווען אין געטאָ מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען אויף פּריוואַטער אַרבעט אין די שטובן, ווי: וועשינס, טרעגער, באַדינער אאנ"ד. זיי האָבן, אין דעם דערמאָנטן פּעריאָד, פאַר דער אַרבעט נישט געוואָלט נעמען קיין געטאָ־געלט, נאָר פאַרלאַנגט שפּייז, ווייל פאַר געטאָ־געלט האָט מען קיין שום זאַך נישט געקאָנט קויפן. פאַרשטענדלעך, אַז מיט דער דאָזיקער הויזלעכער באַדינונג האָבן זיך באַנוצט נאָר די פני פונעם געטאָ: די פּאָליציי־קאָמיסאָרן, רעסאָרטן־קאָמיסאָרן און יענע לייט, וואָס האָבן געדינט דער געשטאַפּאָ.

דורכשניטלעך האָט יעדער באַשעפטיקטער אין די רעסאָרטן באַקומען אַרבעטס־לוין 2 ג"מ אַ טאָג, און שוין נאָכן פאַלן פון די פּרייזן אויפן „שוואַרצן מאַרק", נאָך די דעפּאָרטאַציעס פון די מערבדיקע, האָט אַ ברויט פון 2 קילאָ געקאָסט — 450 ג"מ, מאַרגאַרין — 400 ג"מ. כדי צו קאָנען צוקויפן אַ ברייטל, האָט מען געדאַרפט אַרבעטן 225 טעג. די אַרבעט האָט דעריבער פאַרלוירן יעדן ווערט. מ'האָט טאַקע וויניקער געאַרבעט און דעם באַקומענעם אַרבעטס־לוין נישט געהאַט ווו אויסצוגעבן. דאָס געלט איז נישט צוריקגעפלאָסן אין דער קאַסע פונעם יודענ־עלטעסטען. די אַרויסגעטריבענע פונעם געטאָ האָבן אויך מיטגענומען דאָס דראָבנע מעטאַל־געלט, מיט דער זיכערקייט, אַז אין דער פרעמד וועט עס האָבן אַ ווערט. קיין נייע געלט־צייכנס איז נישט געווען דערלויבט צו דרוקן. די קאַסע פונעם יודענעלטעסטען האָט זיך אויסגעליידיקט און עס איז געוואָרן אַ „געלט־קריזיס". עס איז נישט געווען מיט וואָס אויסצוצאָלן די אַרבעטער און אַדמיניסטראַציע־באַאַמטע.[232]

צוליב אָפּשטעלן דעם צופיר פון קאַרטאָפל און בוראַקעס, וואָס זענען געווען

די הויפּט־פּראָדוקטן פאַר די קיכן, האָבן די אַרבעטער אין די רעסאָרטן באַקומען וואַסערדיקע זופּן. רומקאָווסקי מיט זיינע יועצים האָבן גענומען זוכן דעם „שעיר לעזאזל" אויף וועמען אַרויפצוואַרפן די שולד פאַר די וואַסערדיקע זופּן. עס איז געווען זייער לייכט צו באַשולדיקן דעם פּערסאָנאַל פון די קיכן ביי די רעסאָרטן, ווו דער פּראָטעקציע־סיסטעם איז געווען שטאַרק אָנגענומען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן די קיכן. .B.K.C האָט דאָן געשריבן:

„עס איז נישט צו וווּנדערן זיך, וואָס די מיטאָגן זענען אַזוי וואָסערדיק און אויסגעליידיקט פון פּראָדוקטן, ווייל דאָס געדיכטע, אין דער ערשטער ריי, באַקומט דאָס פּערסאָנאַל, ווייטער — די פּראָטעזשירטע, דערנאָך די וואָס זענען פּראָטעזשירט דורך די פּראָטעזשירטע. וואָס בלייבט שוין איבער פאַר דער גרויסער מאַסע?"

אין די קיכן זענען אַריינגעשיקט געוואָרן דעלעגאַטן פון די אַרבעטער, אָפּצוהיטן, אַז עס זאָל זיין אַ גערעכטע פאַרטיילונג פון די זופּן. אויך די „העכסטע קאָנטראָל־קאָמער" („נייוויזששאַ איזבאַ קאָנטראָלנאַ" — נ.י.ק.) האָט געשיקט אירע פאַרטרעטער אין די קיכן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, ווייל פאַקטיש, ווי עס באשטעטיקט. .B.K.C, איז נישט געווען וואָס אַריינצולייגן אין די קעסלען. [233] די אַרבעטער האָבן נישט פאַרשטרייקט, ווייל עס האָט אויסגעפעלט מוט און קאָלעקטיווער ווילן. מ'האָט דעריבער געאַרבעט נאָר אויף אַזויפיל צו קאָנען אויסקויפן די אָרעמע שפּייז־צוטיילונג.

דאָס פאַלן פון דער אַרבעטס־פּראָדוקטיוויטעט אין אַ טייל רעסאָרטן אויף 25 פּראָצענט האָט שטאַרק באַאומרואיקט רומקאָווסקין מיט זיין אַדמיניסטראַציע. לויט זייער איינשטעלונג איז די עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פונעם געטאָ געווען נאָר די אַרבעט פאַר די דייטשן. מ'האָט דעריבער מורא געהאַט פאַר נייע גרויסע מאַסן־דעפּאָרטאַציעס. אָבער גראָד די דייטשע מאַכט האָט זיך דעמלס גלייכגילטיק באַצויגן צו דעם מצב, וואָס האָט זיך געשאַפן אין געטאָ.

די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט, אַלע אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, האָבן געוווּסט, אַז דער הויפּט־דיקטאַטאָר פון וואַרטעגאַו, צו וועלכן עס געהערט אויך לאָדזש — רייכסשטאַטהאַלטער ארטור גרייזער — גרייט זיך ווי אין גיכסטן צו פאַרטיליקן די יידן פון זיין לאַנד־שטח. האָט מען דעריבער זיך שוין ווייניק פאַרנומען מיטן געטאָ, וועמענס יידן זענען שוין באַשטימט פאַר די גאַז־קאַמערן. פאַר די פאַבריקן אין געטאָ זענען שוין אין יענע חדשים נישט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשטעלונגען, ווי עס באַווייזט אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן ביבאָווס געטאָ־פאַרוואַלטונג און דער „אַלגעמיינער עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט" אין דייטשלאַנד.

דעם 24־טן יולי 1942 האָט ביבאָווס שטעלפאַרטרעטער פ. וו. ריבבע געשריבן צו דער „אַלגעמיינער עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט", וועלכע האָט געוואָלט אַריינגעבן אַרבעט אין די געטאָ־וואַרשטאַטן:

„אויסדריקלעך מוז איך אייך דערויף אָנווייזן, אַז צוליב דער אייגנאַרטיקייט

פון געטאָ און אין שייכות מיט די מיטלען, וואָס ווערן אָנגענומען צו לייזן די יידנפראַגע, קאָן איך נישט איבערנעמען קיין שום התחייבות בנוגע דער פּאַקטישער צושטעלונג פון אַרבעטס־כוחות. דאָס וועט ערשט דעמאָלט פאַר מיר מעגלעך ווערן, ווען עס וועלן דורכגעפירט ווערן אַלע ענדערונגען, וואָס ווערן נאָך דאָ דערוואַרט". [234]

אַפילו דער יודענעלטעסטער האָט אָנגעהויבן באַמערקן דעם חורבן, וואָס רוקט זיך אָן אויפן געטאָ, אָבער ער האָט ווייטער געגלויבט, אַז עפּעס וועט ער אָפּראַטעווען. אין זיין רעדע דעם ערשטן יוני 1942, פאַר אַן עולם פון 5 טויזנט פּערזאָן, וואָס זענען אויף רומקאָווסקיס פאַרלאַנג אויפגעזאַמלט געוואָרן אויפן הויף פון די פייערלעשער, האָט דער יודענעלטעסטער מודה געווען, אַז „די דעה איבער די דעפּאָרטאַציעס אין געטאָ איז ביי אַן אַנדערער מאַכט", אָבער ער וועט ראַטעווען וויפל ער וועט קאָנען. ער האָט דערביי זיך באַרימט, אַז אים „האָט זיך איינגעגעבן אויפצוהאַלטן אין געטאָ נאָך עטלעכע צענדליק טויזנט פּערזאָן, וואָס אַרבעטן נישט. אין געטאָ זענען פאַראַן אַרום 100,000 מענטשן. 70,000 אַרבעטן. דאָס פּראָבלעם פון דעפּאָרטאַציע איז נישט געלעזט. אין דער נאָענטסטער צייט וועלן באַשעפטיקט ווערן נאָך 10,000 פּערזאָן" — האָט געזאָגט דער יודענעלטעסטער און האָט פּראָקלאַמירט די „רעפאָרמען" וואָס ער גרייט איינצופירן, נעמלעך:

אויפזיכט איבער קינדער און מינדעריעריקע, זיי זאָלן זיך נישט ארומדרייען אויף די גאַסן. צו דעם צוועק האָט רומקאָווסקי אָנגעזאָגט אַ רעגיסטראַציע פון קינדער ביז 10 יאָר, זיי מוזן באַקומען אויפהאַלטונגס־ערטער און עס וועלן געשאַפן ווערן קאָמיטעטן פאַר בלאָקן און הייזער וואָס וועלן האָבן די אויפזיכט איבער די קינדער; די קיכן ווערן געשלאָסן און די אַרבעטער אין די רעסאָרטן דאַרפן באַשפּייזט ווערן אויף אַן אַנדערן אופן; „מ'וועט אויך מוזן אַראָפּוואַרפן די קאַפּאָטעס און די בערד. דאָס מוז געשען אין משך פון 8 טעג" — האָט רומקאָווסקי שטרענג געזאָגט און שאַרף פאַראורטיילט די „שפּעקולאַנטן", וואָס פאַרקויפן אויפן מאַרק די פּראָדוקטן באַקומענע אויף די טאַלאָנען. „עס וועלן אויך אָנגענומען ווערן שטרענגע מיטלען קעגן די באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן, וואָס נאַרן זיך אָפּ ביי דער אַרבעט. יעדער וואָס ווערט קראַנק מוז האָבן אַ צייגניש פון אַ דאָקטאָר. נאָר 7 טעג קאָן מען קראַנק זיין. דורך דער צייט וועט דער קראַנקער אַרבעטער באַקומען בעסער עסן. עס דאַרף אויך אָפּגעהיט ווערן אַ גוטע באַציונג צו לערן־יינגלעך. מ'דאַרף נישט שפּאַצירן אין די הויפּט־גאַסן". [235]

מיט די דאָזיקע רעפאָרמען האָט רומקאָווסקי געוואָלט ראַטעווען דאָס געטאָ און נישט באַגריפן, אַז די דייטשע מאַכט גרייט די פולשטענדיקע ליקווידאַציע און ענדגילטיקע אויסראָטונג פון די 100,000 יידן, וואָס וווינען דאָרט.

## ג. דאָס שליסן די קיכן, וואָס האָבן באַדינט 47,000 אַרבעטער און באַאַמטע

באַלד נאָך זיין רעדע זענען רומקאָווסקיס באַאַמטע צוגעטרעטן דורכצופירן די אָנגעזאָגטע „רעפאָרמען": עס זענען נעמלעך געשלאָסן געוואָרן די פּאַרהאַסטע 50 געטאָ־קיכן, וואָס האָבן באַדינט 40,000 אַרבעטער און באַאַמטע און 7000 רעגיסטרירטע עסערס. דאָס קיכן־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון 1700 פּערזאָן, וועלכע האָבן געדאַרפט זוכן פרישע באַשעפטיקונג.

דאָס אָרגאַניזירן קיכן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פאַרן גיין אין געטאָ. נאָכן שליסן דאָס געטאָ האָט דער דאָזיקער סיסטעם פון קאָלעקטיוו באַשפייזן די באַפעל־קערונג זיך נאָך מער אויסגעברייטערט. עס זענען געווען פּאַרטיי־געזעלשאַפטלעכע קיכן אָדער געשאַפענע דורך די הויז־קאָמיטעטן.* ווען רומקאָווסקי האָט פאַר־פעסטיקט זיין מאַכט אין געטאָ, האָט ער אויך דורך זיין אַדמיניסטראַציע איבערגענומען די אָנפירונג פון די קיכן. סוף חודש דעצעמבער 1940, האָט דער יודענעלטעסטער געמאָלדן, אַז ער האָט איבערגענומען 64 הויז־קיכן, 5 רעסאָרט־קיכן און 13 „פּריוואַטע רעסטאָראַנען". אַ חוץ זיי זענען נאָך געווען אין געטאָ אַנדערע אַזעלכע באַשפייזונגס־ערטער. צוזאַמען זענען אין ערשטן געטאָ־יאָר געווען טעטיק אַרום 130 קיכן, וואָס האָבן באַדינט 145,000 קאָנסומענטן, בערך 95 פּראָצ. פון דער געטאָ־באַפעלקערונג אין יענער צייט.[236]

ביז זייער שליסונג, דעם 1־טן יוני 1942, זענען די קיכן דורכגעגאַנגען פאַרשידענע ענדערונגען. די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין די ווינטער־חדשים 1942, האָבן פאַרשטענדלעך באַדייטענד פאַרקלענערט די צאָל קאָנסומענטן אין די קיכן. אַ טייל פון זיי האָבן זיך געשלאָסן. עס זענען איבערגעבליבן די קיכן ביי די רעסאָרטן, עטלעכע געזעלשאַפטלעכע און די קיכן פון רומקאָווסקיס פּאָליצייסעקטאָרן.

דורך די אַלע יאָרן איז געווען זייער גרויס די אומצופרידנקייט פון די עסערס מיט די קיכן, ווו דער פּראָטעקציע־סיסטעם איז געווען פיל שטאַרקער ווי אין אַלע אַנדערע אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונגען. דאָס באַקומען אַ בעסערע זופּ מיט עטלעכע שטיקלעך קאַרטאָפל מער איז געווען אָפּהענגיק פון דער „ווידזשעלאַטשקאַ"**, וועלכע האָט געהאַט אירע פריינט און אויך געוווסט וועמען מ'דאַרף געבן אַ געדיכטע זופּ, צוליב דעם אַמט, וואָס ער פאַרנעמט אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. אַחוץ דעם זענען אַ טייל פון די פּראָדוקטן געוואָרן צעשלעפּט

---

* אָנהויב פון דער אָרגאַניזירונג פון די קיכן — זע א. וו. יאַסני „געשיכטע", 1טער באַנד, ז"ז 232—233.

** „ווידזשעלאַטשקאַ" — פאַרטיילערין פון די זופּן.

נאָך אײדער זײ זענען אַרײַנגעקומען אין קעסל. ניִשט געקוקט אויף דער דאָזיקער פּראָטעקציע און אומצופרידנקייט פון די עססערס אין די קיכן, איז זייער עקזיסטענץ אויפגעהאַלטן געוואָרן ביזן ערשטן יוני 1942. עס איז דעריבער פאַלש די מיינונג, אַז די קיכן זענען דעמלט „געוואָרן געשלאָסן מחמת די גרויסע אומאָרדנונגען און קאָרופּציע". די אומאָרדנונג און קאָרופּציע זענען נאָך די ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציעס געווען ניִשט קיין אַנדערע ווי פריער.

דאָס שליסן די קיכן דעם ערשטן יוני 1942 איז געקומען אין רעזולטאַט פון פעלן פון שפּייז־פּראָדוקטן.[237] די דײַטשע מאַכט האָט פאַרשטאַרקט דאָס אויסהונגערן פונעם געטאָ, כדי צו קענען „רײַבונגסלאָז" אַרויספירן די יידן אין טויטן־לאַגער—כעלמנאָ, ווײַל דער רײַכסשטאַטהאַלטער ארטור גרײַזער האָט געוואָלט צואײַלן די ענטיידישונג פון זײַן וואַרטעגאַו און פון ליטצמאַנשטאַדט. די פאַרהאַסטע קיכן האָבן געדאַרפט זײַן אַ „בליץ־אָפּלײַטער" פאַר דער אויסהונגערונג פונעם געטאָ. עס האָט געהייסן: מיטן שליסן די קיכן וועט די באַשפּײַזונג בעסער ווערן. אָבער אין 6 וואָכן אַרום האָט מען זיי ווידער געעפנט אויף אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין, ווײַל אָן די דאָזיקע באַשפּײַזונגס־צענטערן איז ערגער געוואָרן.

✶

עס זענען ווײַטער געבליבן טעטיק פאָלגנדע קיכן: אינטעליגענטן־קיך, וואָס איז געווען אַ זאַמלפּונקט פאַר ציוניסטן און אָנגעפירט געוואָרן פון דער שוועגערין פונעם יודענעלטעסטן — העלענאַ, די פרוי פון יוסף רומקאָווסקי; דאָקטוירים־קוך אויף לאַגעווניצקע 1; די קוך פאַר פרומע יידן — בזשעזשינער 79 און די קוך פאַר דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג — לוטאָמירסקאַ 11. קיכן פאַר קינדער זענען געווען אין די גרויסע בנינים: מאַסאַרסקאַ 10, מילינאַרסקאַ 22, זגערזשער 26, פליסאַצקאַ 6, פראַנצישקאַנער 76 און אין מאַרישין. אונטער דער אויפזיכט פון דערציער זענען די קינדער גרופּענווייז געפירט געוואָרן אין די קיכן. דאָרט האָבן זיי באַקומען ברויט, ווורשט און זיסע קאַווע.

די ארבעטער אין די רעסאָרטן האָבן, נאָכן שליסן די קיכן, באַקומען אַנשטאָט די זופּן — טרוקענע באַשפּײַזונג. זי איז באַשטאַנען פון 150 גר' ברויט, 40 גר' ווורשט, אַחוץ די נאָרמאַלע צוטיילונגען אויף טאַלאָנען, וואָס זענען כסדר געוואָרן ערגער און מ'האָט זיי באַקומען מיט באַדײַטנדיקע פאַרשפּעטיקונגען.[238] פאַרשטענדלעך, אַז די טרוקענע קלאָגעדיקע הונגער־באַשפּײַזונג, איז דערגענצט געוואָרן מיט זופּ, וועלכע די פאַרהאָרעוועטע און פאַרהונגערטע באַלעבאָסטעס, האָבן מיט שווערער מי צוגעגרייט אין דער היים פון די באַקומענע פּראָדוקטן אויף טאַלאָנען און פון אייגענע אײַנפאַלערישע שפּײַז־קאָמבינאַציעס: קאַרטאָפל־שיילעכץ, קרויט־בלעטער און שאַר ירקות, וואָס מ'האָט נאָר געקענט אויסגעפינען אין געטאָ.

אויך דאָס קאָכן איז ׀ אין געטאָ אָנגעקומען זייער שווער. דער האָלץ־צוטייל

פאַר באַהייצן די שטובן און אויף קאָכן איז געווען נעבעכדיק. די געטאָ־איינוווינער זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרברענען די שטוב־מעבל, צו גנבענען האָלץ. ווו עס האָט זיך געלאָזט, אַ סך מענטשן האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייער לעבן, ווייל אויב מ׳איז צוליב אַ האָלץ־גנבה אַריינגעפאַלן אין תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס, איז מען מיטן ערשטן טראַנספּאָרט אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ. אַ באַדייטנדיקע פאַרלייכטערונג פאַר די היים־קאָכערס זענען געווען די גאַז־קיכן.

אין געטאָ איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער דייטשער פירמע „עלעקטריציטעט־ווערק״, וועלכע האָט איבערגענומען די לאָדזשער שטאָטישע עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע. די אָפּטיילונג אין געטאָ, פינאַנסירט פון רומקאָווסקיס קאַסע, איז אָנגעפירט געוואָרן פון אינזש. ווײַנבערג. אין ערשטן געטאָ־יאָר האָט די אָפּטיילונג דיספּאָנירט מיט אַ באַגרענעצטן סכום פון עלעקטרי און גאַז, וואָס איז דורך קאַבל־פאַרבינדונג אַריינגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ. שפּעטער האָט דאָס דייטשע „עלעקטריציטעט־ווערק״ זיך איבערצייגט, אַז מ׳קאָן פאַרדינען ביי די יידן אין אָפּגעשלאָסענעם שטח און מ׳האָט געליפערט מער גאַז און עלעקטרי *. אין יוני 1942 האָט דאָס געטאָ באַקומען 100,000 קוב מעטער גאַז. פאַר די קיכן איז צוגעטיילט געוואָרן 63,000 קוב מעטער, וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אויפצושטעלן אין געטאָ 60 פּונקטן מיט גאַז־קיכן, וועלכע האָבן פאַרמאָגט 600 פלאַמען. מיט זיי האָבן זיך באַנוצט די היימעסערס (נאָכן שליסן די קיכן זענען אַלע געוואָרן היימעסערס) עס איז איינגעשטעלט געוואָרן פאָלגענדיקע רעגולאַמין ווי אַזוי צו באַנוצן די גאַז־קיכן:

| צאָל פּערזאָנען אין דער משפחה | קאָך־צייט |
|---|---|
| 1 פּ׳ | 40 מינוט |
| 2 „ | 60 „ |
| 3 „ | 60 „ |
| 4 „ | 100 „ |
| 5 „ | 120 „ |

אויך דאָס קאָכן אויף גאַז איז געווען פאַרבונדן מיט פיינלעכע שווערקייטן. מ׳האָט געמוזט וואַרטן אין דער ריי. אָפטמאָל האָט צווישן די הונגעריקע קאָכערס אויסגעבראָכן שאַרפע סכסוכים. געווען אויך פיל פאַלן, ווען מ׳האָט זיך קעגנזייטיק געהאָלפן און געגעבן זיך עצות ווי אַזוי און וואָס צו קאָכן. [239]

זייער פאַרשפּרייט איז געווען אין געטאָ דאָס קאָכן קאַווע, מיינסטנס „ערזאַץ״.

---

* עס איז נישט פאַרדאָקומענטירט מיט וואָס די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט געצאָלט פאַר עלעקטרי און גאַז. עס איז אָבער זיכער, אַז נישט מיט דעם ווערטלאָזן געטאָ־געלט, נאָר מיט עפּעס בעסערס ווי וואַליוטע.

באַזונדערס האָט מען געטרונקען אין די הייסע יוני־טעג 1942, ווען מיט אַ טרונק האָט מען אויך געקענט פֿאַרפּאַקן דעם הונגעריקן מאָגן. האָט זיך דעמלט געמאַכט אַ „שוואַרצער מאַרק" אויך אויף קאַווע־געטראַנק. מ'האָט געצאָלט 35 פּעניג פּאַר אַ ליטער געשוואַרצט וואַסער. די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט אָרגאַניזירט 4 פּונקטן, ווו מ'האָט פֿאַרקויפֿט קאַווע־געטראַנק פּאַר אַ „נאַרמאַלן" פּרייז. טעגלעך זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 5000 ליטער קאַווע צום פּרייז פֿון 16 פּעניג פּאַר אַ ליטער. אַזוי האָט די געטאָ־באַפֿעלקערונג געקעמפֿט קעגן דער אויסהונגערונג־אַקציע פֿון דער דייטשער מאַכט. [240]

## ד. אויסברייטערונג פֿון דער ערד־אַרבעט

אין דעם דאָזיקן פּעריאָד פֿון שטאַרקסטן הונגער אין געטאָ און כסדרדיקע דעפּאָרטאַציעס, איז געוואָרן אויסגעברייטערט און בעסער אָרגאַניזירט דאָס באַאַרבעטן די פֿאַרהאַרטעוועטע, פֿאַרשטיינערטע און נישט פֿאַרבויטע ערד־חלקים, כדי אַרויסצובאַקומען פֿון זיי שפּייז. אויף דעם געביט איז שוין געווען די דערפֿאַרונג פֿון די ערשטע צוויי געטאָ־יאָרן. * אין די פֿרילינג־חדשים 1942 איז דאָס באַאַרבעטן דעם באָדן געווען אַ מיטל פֿון ראַטעווען זיך פֿון אומקום דורך הונגער. קיין שום גרינצייג (ירקות) האָט די דייטשע מאַכט נישט צוגעשטעלט. עס זענען געשלאָסן געוואָרן די גרינצייג־פֿאַרטיילונגס פּונקטן. כמעט אַלע געטאָ־איינוווינער האָבן זיך דעריבער אַ נעם געטאָן צו באַאַרבעטן די ערד, צעאַקערן דעם באָדן מיט די פּרימיטיווסטע מיטלען, כדי פֿון איר אַרויסצובאַקומען די שפּייז, וואָס האָט לחלוטין געפֿעלט אין געטאָ.

אין ערשטן געטאָ־יאָר, ווען די פּראָטעקציע איז נאָך נישט געווען אַזוי פֿאַרשפּרייט, האָבן עטלעכע יחידים געמאַכט שותפֿות און צוזאַמען גענומען אַ גרעסערן ערד־חלק. אין פֿרילינג 1942 האָט שוין די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע אָפּגעגעבן גרעסערע ערד־חלקים פּאַר אייגענע מענטשן, פּאַר די מקורבים פֿונעם יודענעלטעסטן. עס האָט געהייסן — „אָפּגעבן ערד אויף קאָמערציעלע יסודות". ווי אויסטערליש עס זאָל נישט קלינגען — אין געטאָ האָט זיך געשאַפֿן אַ גרופּע פֿון „פֿאַרמעגלעכע ערד־באַזיצער", וואָס האָבן געדונגען מענטשן, הונגעריקע, וועלכע האָבן פּאַר אַ טעלער זופּ און אַ שטיקל ברויט — באַאַרבעט דעם באָדן. אָרעמע געטאָ־איינוווינער האָבן געמוזט שווער זיך ראַנגלען, כדי אַרויסצובאַקומען אַן ערד־חלק פֿון „לאַנדווירטשאַפֿטלעכן רעפֿעראַט".

וועגן דער פֿאַרטיילונג פֿון די ערד־חלקים צום באַאַרבעטן, האָט B.K.C. אַזוי געשריבן:

* וועגן אָנהויב פֿון ערד־אַרבעט אין געטאָ, זע „געשיכטע" 1־טער באַנד, ז"ז 430—432.

„ווו זענען די, וואָס האָבן אין דעם יאָר (1942) צוגעכאַפּט צענדליקער טויזנטער קוו. מעטער. אויך זיי האָבן נישט קיין שום געמיינזאַמעס מיט ערד־אַרבעט. אמת, זיי ווילן נישט באַאַרבעטן דעם באָדן, צו דעם ווילן זיי האָבן די „פּאַריער". די היי־יעריקע פּאָליטיק פון פאַרטיילן באָדן איז געווען אַן אומגערעכטע און לאָזט זיך פיל ווינטשן".[241]

לויט רומקאָווסקיס פאַראָרדנונג איז געוואָרן די ערד אָפּגעגעבן אין „אַרענדע" און געטיילט אויף „אָרטיקע" און „אַלגעמיינע": „אָרטיקע" ערד־חלקים זענען געווען די ליידיקע שטיקלעך באָדן אַרום די הייזער, ביז 100 קוו. מעטער, וואָס זענען, אויפן סמך פון בקשות, אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל די שכנים פון הויז. די „קאָמערציעלע" ערד־באַזיצער האָבן באַקומען אין פאַכט גרויסע ערד־שטחים. זייערע נעמען ווערן איבערגעגעך נישט דערמאָנט. די „גרויס־גרונטבאַזיצער" האָבן די פרוכט פון דער געפּאַכטעטער ערד געדאַרפט אָפּגעבן אין די כללישע געטאָ־קראָמען, באַצייכנט מיט „R". זיי האָבן באַקומען אַ צענפּראָצענטיקע פּראָוויזיע פונעם פאַרקויף. די פּרייזן פאַר גרינס זענען פעסט־געשטעלט געוואָרן דורך אַ פאַרשטענדיקונג צווישן „לאַנדווירטשאַפטלעכן רעפּע־ראַט" און די פּאַכטער פון „גרויסן" ערד־באַזיץ. זיי האָבן געהאַט רעכט אויף אַ פאַרדינסט נאָכן אַראָפּרעכענען אַלע אויסגאַבן.

עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדע פּרייזן פאַר פרישע גרינצייג.

| פּראָדוקט | וואָג | פּרייז |
|---|---|---|
| שפּינאַק | 1 קילאָ | 3 מאַרק |
| שטשיפּיאָרעק | 1 „ | 70 פענינג |
| רעטעכלעך | 10 שטיק | 50 „ |
| סאַלאַט | 1 קעפּל | 50 „ |

דאָס גרינצייג האָט געדאַרפט דורך די פאַרקויפער געבראַכט ווערן פריש און ווי געהעריק פאַרפּאַקט. עס איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון 5 פּערזאָן אויף אָפּצוהיטן דאָס דורכפירן די באַשלוסן.

עס איז געווען אַ „שטרענגע" וואָרנונג פונעם יודענעלטעסטען — נישט צו פאַרקויפן קיין גרינצייג אויפן שוואַרצן מאַרק. די „קאָמערציעלע ערד־באַזיצער" האָבן זיך ווייניק גערעכנט מיט דער פאַראָרדנונג און פאַרקויפט זייערע ערד־פּראָדוקטן דאָרט, ווו מ'האָט געצאָלט טייערע פּרייזן.[242]

בעת די „קאָמערציעלע גרונטבאַזיצער" האָבן אויף זייערע ערד־שטחים אויסגענוצט פרעמדע אַרבעטער פאַר אַ ביליקן פּרייז, האָבן די אייגנטימער פון קליינע ערד־חלקים זייער שווער געאַרבעט אויף אַרויסבאַקומען ס'ביסל שפּייז פון דער האַרטער ערד. די אַרבעט אין 'גערטנדל" איז געמאַכט געוואָרן נאָכן לאַנגן, שווערן אַרבעטס־טאָג אין די רעסאָרטן. עס איז ביי דעם געווען באַשעפטיקט די

גאַנצע משפחה. אויף טייל ערטער האָט מען געמוזט אַרויסרייסן די שטיינער פון ברוק, כדי אַרויסצובאַקומען עטוואָס פּרוכטבאַרן באָדן. ווען די ערד האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פּרוכט, האָט מען נאָך געמוזט היטן אין די נעכט, מ׳זאָל נישט צעגנבענען דאָס גרינצייג, די „קאָמערציעלע״ האָבן אויף זייערע פעלדער געהאַלטן באַצאָלטע נאַכט־וועכטער.

די געטאָ־איינוווינער און דער לאַנדווירטשאַפטלעכער רעפעראַט האָבן די ערד־אַרבעט גענומען זייער ערנסט. געווען אין געטאָ עטלעכע אינטעליגענטן, אַמאָליקע טעריטאָריאַליסטן, ווי: זילבערבאַגן, אינזש. גליקסמאַן, ווי אויך אַ געוו. גרונדבאַזיצער פון פּויזנער געגנט — הילאַרי דאָמב. זיי זענען געווען די הויפּט־טוער אין דער לאַנדווירטשאַפלעכער אָפּטיילונג און האָבן געבילדעט אַ מין באַראַטונגס־שטעל פאַר היימישער גערטנעריי, געהאַלטן פאַרלעזונגען אויף דער טעמע און אַרויסגעגעבן 3 נומערן פון „אינפאָרמאַטאָר פאַר קליינגערטנער״ *. עס זענען אויך פאַרזעצט געוואָרן קאַרטאָפל, אָבער אין אויגוסט בעת די גרויסע היצן האָבן זיך אויף די פעלדער באַוויזן ווערים — קאַרטאָפל־פרעסער („לישקעס״). די אייגנטימער פון די ערד־חלקים האָבן נישט געהאַט קעגן זיי קיין עצה און געווען געצוואונגען באַצייטנס אַראָפּצונעמען די קאַרטאָפל, איידער זיי זענען זיך פונאַנדערגעוואַקסן. [243]

אין געטאָ זענען אויך געווען עטלעכע פּרוכט־ביימער, וועלכע זענען באַמערקט געוואָרן דורך דעם „לאַנדווירטשאַפטלעכן רעפעראַט״. אויף די ביימער זענען דערקלערט געוואָרן ווי דאָס „אייגנטום״ פונעם יודענעלטסטען״, ד. ה. פון דער געטאָ־אָנפירונג. דורך רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג נומ. 386״ איז צווויסן געטאָ געוואָרן דער באַפעלקערונג, אַז „עס ווערן פאַרפאַכטעט פּרוכט־ביימער. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וועט אָפּשאַצן זייער ווערט״. עס איז טאַקע באַלד געשאַפן געוואָרן אַזאַ קאָמיסיע פון געוועזענע „סאַדאָווניקעס״. די שאַצונג איז געגאַנגען אויף דעם אופן, ווי אַמאָל ביים דינגען די סעדער ביי פּריצים, נעמלעך: דער מומחה האָט אויפן בליק געזאָגט זיין מבינות וויפל קילאָ פּרוכט אַזאַ בוים קאָן אַרויסגעבן. עס איז באַשטימט געוואָרן 4 מאַרק פאַר אַ קילאָ. רעכט צו פאַכטן די ביימער האָבן געהאַט קודם כל די שכנים פון דעם בוים, דאַן די אייגנטימער פון די ערד־חלקים. [244]

## ה. רומקאָווסקיס „פינאַנץ־שפּעקולאַציע״ מיטן פאַרקויף פון פּאַפּיראָסן

דאָס באַקומען שפּייז דורך באַאַרבעטן די ערד האָט עטוואָס פאַרקלענערט דעם הונגער, אָבער האָט נישט געלייזט דעם פינאַנץ־קריזיס אין געטאָ. די קאַסע פונעם יודענעלטעסטען איז ווייטער געבליבן לידיק. דאָס געלט, וואָס מ׳האָט

* די אויסגאַבע האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן אין אַרכיוו.

אויסגעצאָלט אַרבעטס־לוין פאַר 70 טויזנט באַשעפטיקטע איז נישט צוריקגעקומען אין קאַסע אין אַזאַ סכום, וואָס איז נויטיק געווען פאַר דער־געטאָ־אַנפירונג, ווייל די רומקאָווסקי־שפּייז־קראָמען האָבן באַקומען זייער ווייניק צוגעטיילטע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן אויף טאַלאָנען. דער געלט־אומלויף אין געטאָ האָט זיך אַזוי אַרום פאַרגרעסערט פון 1,200,000 אויף 5½ מיליאָן „רומקעס".

כדי צו פאַרשטאַרקן דעם געלט־צופלוס אין דער געטאָ־קאַסע, זענען אויף אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין געהעכערט געוואָרן די פּרייזן אויף שפּייז־צוטיילונגען, פאַר די אויסדערווײילטע, וועלכע האָבן באַקומען צוגאָב־טאַלאָנען: טאַלאָן "B„ ביירעט — אויף 100 פּראָצענט, אויף אַלע אַנדערע שפּייז־צוטיילונגען האָט די העכערונג פון די פּרייזן באַטראָפן פון 20—60 פּראָצ. די דאָזיקע פאַרטייערונג פון שפּייז האָט נישט אַרויסגערופן קיין עפנטלעכע פּראָטעסטן, ווייל מ'האָט זיך גלייכגילטיק באַצויגן צום געטאָ־געלט (רומקעס), פאַר וועלכע מ'האָט סיי ווי גאָרנישט געקאָנט קויפן, אַ חוץ די שפּייז־צוטיילונג.[245]

אַ צווייט מיטל, זייער אַ דראַסטיש, וואָס האָט געגרענעצט מיט ספּעקולאַציע, האָט רומקאָווסקי אַנגעווענדעט, כדי אַריינצובאַקומען געלט אין קאַסע, נעמלעך: אַן עפנטלעכער פאַרקויף פון פּאַפּיראָסן. די צוגעטיילטע נאָרמע, וואָס מ'האָט באַקומען אויפן שפּייז־טאַלאָן, איז באַשטאַנען פון עטלעכע שטיק אויף 10 טעג. צו 8 פּעניג אַ פּאַפּיראָס. אויפן שוואַרצן מאַרק האָבן פּאַפּיראָסן געהערט צום טייערסטן אַרטיקל, וואָס נאָר די געטאָ־פּני, רויכערער, האָבן זיך געקאָנט דערלויבן צו קויפן.

מיטאַמאָל, אין דער צייט פון גרעסטן הונגער, פרילינג 1942, איז אָנגעקומען אין געטאָ אַ גרויסער טראַנספּאָרט יוגאָסלאַווישע פּאַפּיראָסן מיטן נאָמען „דראַוואַ". אויפן באַפעל פון רומקאָווסקין האָט מען די פּאַפּיראָסן אַרויסגעלאָזט אין איינצל־פאַרקויף — אַ געטאָ־מאַרק אַ שטיק, בעת אויפן „שוואַרצן מאַרק" זענען זיי פאַרקויפט געוואָרן צו 3,50—4 ג"מ אַ פּאַפּיראָס. דער אויפטו פונעם יודענעל־טעסטן, זיכער מיט דער צושטימונג פון ביבאָוון און זיין העכערער מאַכט, האָט אַריינגעבראַכט אַן „אויפלעבונג" אינעם „געטאָ־מסחר". ביי די פאַרקויפסשטעלן פון פּאַפּיראָסן האָבן זיך געבילדעט לאַנגע רייען פון רויכערערס, וואָס האָבן געהאַט געטאָ־געלט. שפּעקולאַנטן האָבן אויפגעקויפט גרעסערע סכומים פּאַפּיראָסן, וועלכע זענען אַ טאָג שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן אויפן „שוואַרצן מאַרק" צו צוויי „רומקעס" אַ שטיק. אַזוי אַרום זענען פאַרקויפט געוואָרן 300,000 פּאַפּיראָסן און די רומקאָווסקי־קאַסע האָט באַקומען אַ קליינעם געלט־צופלוס.

אַ חודש שפּעטער האָט זיך די פּאַפּיראָסן־שפּעקולאַציע אויסגעברייטערט. עס איז ווידער אָנגעקומען 2,500,000 שטיק און 200 קילאָ טאַבאַק, וואָס זאָל האָבן געליפערט געוואָרן פון אַ כאָרוואַטישן מאָנאָפּאָל. פון דעם טראַנספּאָרט זענען ווידער פאַרקויפט געוואָרן 120,000 פּאַפּיראָסן, אָבער שוין פאַר אַ ביליקערן פּרייז, נעמלעך: 20 פּאַפּיראָסן, אַ העפטל פּליסלעך און צוויי פּעקלעך טאַבאַק — 7,50

ג"מ. ערשט אין חודש אויגוסט 1942, נאָענט פון דער דייטשער אויסראָטונגס־אַקציע פון קינדער, קראַנקע און זקנים, איז דער פּאַפּיראָסן־פאַרקויף אין דער פאָרם אָפּגעשטעלט געוואָרן.[246]

דאָס אַריינברענגען אין געטאָ אַזאַ גרויסן טראַנספּאָרט פּאַפּיראָסן און טאַבאַק אין דער צייט פון שטאַרקן הונגער, בעת דער גרעסטער טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז געווען אָנגעשטעקט מיט טובערקולאָז, ווען אין ערשטן האַלבן יאָר 1942 זענען 17,5 פּראָצ. פון דער באַפעלקערונג געשטאָרבן אויף לונגענטובערקולאָז — באַווייזט קלאָר די כוונות פון דער דייטשער מאַכט. אַלץ איז געפירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון אומברענגען די געטאָ־באַפעלקערונג.[247] הונגער און קראַנקהייטן האָבן אויך געדאַרט פאַראַליזירן יעדן ווידערשטאַנדס־כוח, כדי אין דער צייט, ווען דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר בראַדפיש וועט האַלטן פאַר פּאַסיק — צו קאָנען אַוועקפירן די געפייניקטע קיין כעלמנאָ אונטערן אויסרייד פון אַרויסשיקן אויף אַרבעט, ווו „עס גייט פיל בעסער".

*

פון זיין פּאַפּיראָסן־אַקציע איז דער יודענעלטעסטער געווען זייער צופרידן. דער סכום געלט־מיטלען אין דער געטאָ־קאַסע האָט זיך פאַרגרעסערט, אָבער עס איז נאָך אַלץ געווען אַ דוחק אין דער געטאָ־וואַלוטע, באַזונדערס האָט געפעלט „קליינגעלט", וואָס האָט קורסירט אין געטאָ אין מעטאַלענע מטבעות. ווי שוין דערמאָנט, האָבן די אַרויסגעשיקטע מיטגענומען דאָס קליינגעלט, ווי אַ „האַרטע מטבע", וואָס איז „אומעטום גילטיק". אַנשטאָט קליינגעלט האָבן אין געטאָ אָנגעהויבן קורסירן „באָנעס", אַרויסגעגעבן פון דער פלייש־אָפּטיילונג און פון אַנדערע פאַרקויפס־שטעלן אויף צו געבן אַ רעשט.

אין דער פראַגע פון פאַרגרעסערן דעם סכום פון קליינגעלט אין געטאָ איז געפירט געוואָרן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן רומקאָווסקי און ביבאָוו. דעם 19־טן מאַי 1942 האָט ביבאָוו אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין באַשטעטיקט דאָס אויסקלאַפּן מאָנעטן פאַר קליינגעלט. אין אַ צווייטן בריוו פון 24־טן יוני האָט ביבאָוו אָנגעגעבן די פאָרם, ווי אַזוי די מאָנעטן דאַרפן אויסזען. אין דער מעטאַל־אָפּטיילונג אין געטאָ איז קאָנסטרואירט געוואָרן אַ ספּעציעלע מאַשין, וואָס האָט אויסגעשטאַמפּט 10 פעניג־מטבעות. די מטבע האָט געהאַט פון איין זייט די ציפער „10" אַרומגעראַמט מיט — „דער עלטעסטער דער יודען אין ליטצמאַנשטאַדט". אויף דער אַנדערער זייט — אַ מגן דוד.

אין חודש יולי 1942 איז פּלוצלונג געקומען אַ פאַראָרדנונג אָפּצושטעלן די אַרבעט פון שטאַמסן קליינגעלט, ווייל די מטבעות זענען ענלעך צו די ריכטיקע דייטשע. אין די פאַראַנענע דאָקומענטן איז נישט אָנגעגעבן אויף וואָס פאַר אַ סכום זענען געווען די אויסגעפערטיקטע 10 פעניג שטיק און צי מ'האָט זיי פאַרניכטעט.[248]

.15

# די צוגרייטונגען פון דער דייטשער מאַכט צו דער אויסראַטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים

## א. גרייזערס באַזוך אין לאָדזשער געטאָ

אין דער זעלבער צייט, ווען די געטאָ־איינוווינער האָבן געפירט דעם האַרטנעקיקן געראַנגל פאַר לעבן און עקזיסטענץ, קעגן דעם אויסראָטונגס־הונגער, וואָס די דייטשע מאַכט האָט אָנגעוואָרפן אויף די יידן אין דעם אָפּגעשלאָסענעם שטח, זענען אין שטרענגסטער געהיימניש, דורך די פירער פון דריטן רייך, געגרייט געוואָרן ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס פונעם לאָדזשער געטאָ. פאַרטרעטער פון דער דייטשער מאַכט זענען געקומען אין געטאָ מיט „פאַרשידענע צוועקן". אָבער דער איינציקער ציל איז געווען — „זאָנדירן דעם באָדן", באַקענען זיך מיט די שטימונגען פון די געפּייניקטע יידן, צי עס דראָט נישט מצד זיי קיין סכנה פאַר דער דייטשער מאַכט. מ'איז אויך געקומען, כדי צו פאַרזיכערן זיך אַ געהעריקן אָנטייל אין אָנגערויבטע יידישע פאַרמעגנס, אין מלבושים, ווערטזאַכן, וואָס זענען געבליבן נאָך די אויסגעמאָרדעטע אין כעלמנאָ.

דעם 30־טן מאַי 1942 האָט דער שטאָט־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַדט, אין באַגלייטונג פון אַ גרעסערע צאָל מונדירטע און ציווילע דייטשן — באַזוכט דאָס געטאָ. די הויכגעשטעלטע געסט זענען געווען אין די רעסאָרטן, צוגעקוקט זיך ווי מ'אַרבעט און אַוועק אָן וועלכע עס איז באַמערקונגען.[249] דעם 4־טן יוני 1942 איז דאָס געטאָ איבעראַשט געוואָרן פון אַ באַזוך פון הויכגעשטעלטע דייטשע רעגי־רונגס־לייט: דער רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער מיטן רייכסשאַץ־מיניסטער שוואַרץ און אַ גרעסערע סוויטע. אין B.K.C. איז אַזוי באַשריבן דער דאָזיקער באַזוך:

„אין שייכות מיטן אָנקומען פון אַ דייטשער דעלעגאַציע, האָט דאָס געטאָ באַקומען אַ יומטובדיקן אויסזען: די טראָטואַרן זענען צוגערוימט, די רינשטאָקן — אויסגעוווייסט און די מיטגאַס — פאַרקערט. 10 אַ זייגער זענען אָנגעקומען 10 פּאַסאַזשיר־אויטאָס. אין איינעם פון זיי איז געזעסן דער גאולייטער גרייזער און רייכסשאַץ־מיניסטער שוואַרץ. אין אַ צווייטן אויטאָ — דער שטאָט־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַדט. די אויטאָס זענען געפאָרן אין פאָלגנדיקן סדר: אין דער ערשטער מאַשין איז געזעסן — אַ. יאַקובאָוויטש, דער יידישער אָנפירער פון צענטראַל־ביורא פון די רעסאָרטן, ער האָט געפירט דעם צוג. ווייטער זענען געפאָרן

די אויטאָס מיט די הויכגעשטעלטע געסט און זייערע באַגלייטער. צום סוף — רומקאָווסקי אויף זיין דאָראָזשקע אין באַגלייטונג פון לעאָן ראָזענבלאַט, דעם קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי. די געסט האָבן באַזוכט פאָלגענדע רעסאָרטן: לעדער־און זאָטלער, טישלעריי, דעם ניי אָרגאַניזירטן שניידער־רעסאָרט און די טעקסטיל־פאַבריק. די פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער פּראָדוקציע אין די פאַבריקן און כסדר געמאַכט „פאָטאָ־גראַפישע אויפנאַמעס".

צו דער דאָזיקער באַשרייבונג פונעם באַזוך פונעם אַלמעכטיקן גאולייטער האָט די .B.K.C צוגעגעבן אַזאַ פּירוש:

„דער עולם אין געטאָ איז אָפּטימיסטיש. מ'האָט געזען צופרידנהייט ביי די הויכגעשטעלטע געסט. — וואָס וויל דען דער בירגער פון געטאָ? — מ'זאָל אים לאָזן צורו, נישט אָפּרייסן אים פון זיין משפחה, מ'זאָל אים דערלויבן צו בלייבן ביי אָט די שווערע באַדינגונגען און אָנערקענען זיין אַרבעט, פאַר וועלכער ער זאָל באַקומען באַשפּייזונג. פון הונדערט טויזנט געטאָ־איינוווינער אַרבעטן 70 טויזנט. אַן אַרבעט זענען געבליבן זקנים און קינדער, און דאָך לעבט מען מיט שרעק פאַר אַן עווענטועלער דעפּאָרטאַציע פון די נישט אַרבעטנדיקע, אַ צערייסונג פון די משפחות". [250]

בעת דעם באַזוך פון די געסט איז אין געטאָ געוואָרן אָפּגעשטעלט יעדע באַוועגונג. די גאַסן זענען געווען אָפּגעליידיקט. קינדער, זקנים און שוואַכע מענטשן, נישט באַשעפטיקטע, האָט מען אויסבאַהאַלטן אין די שטובן. דאָס געטאָ האָט געמוזט אויסזען ווי אַן אַרבעטס־לאַגער. די גאַסן — ליידיק פון מענטשן. אין יענעם טאָג ביז פאַרנאַכט האָט מען נישט אַרויסגעגעבן קיין באַשפּייזונג. די קיכן פאַר קינדער און די דערנערונגס־פּונקטן פאַר דערוואַקסענע זענען געווען געשלאָסן. ווען די הויכגעשטעלטע געסט האָבן באַזוכט די רעסאָרטן, איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָבוס מיט מונדירטע דייטשן, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַלוטער פּלאַץ — ווייזט אויס צו זיין גרייט אויף יעדן פאַל.

„די גרייזער־כמאַרע איז אַדורך גליקלעך. רומקאָווסקי איז געלאָפן איבערן געטאָ אין זייער אַ פריילעכער שטימונג, אפשר צוליב דעם האָט מען אין אָוונט אַרויסגעגעבן אַ באַשפּייזונג־נאָרמע אין אַזאַ צוזאַמענשטעל: 2 דעקאָ ווייסן צוקער, 10 דעקאָ מאַרגאַרין, 10 דעקאָ קאַווע־ערזאַץ און אַ פּראָשעק פּרוכטזופּ. דאָס איז געווען אַ צוגאָב־באַשפּייזונג, וואָס ווערט געגעבן נאָר אין אויסנאַמס־פאַלן". — האָט ד. שעראַקאָוויאַק פאַרנאָטירט אין זיין טאָגבוך. [251]

פינף טעג נאָך גרייזערס באַזוך איז ווידער געקומען אַ דייטשע קאָמיסיע, וואָס האָט עטלעכע מאָל באַזוכט די רעסאָרטן. די שפּיטעלער, די געטאָ־אינסטיטוציעס, אַפילו פּריוואַטע שטובן און כסדר געמאַכט פילם־אויפנאַמעס. אין איינעם פון די שפּיטעלער האָבן די דייטשן פילמירט אַ ברית מילה.

די באַזוכן פון די הויכגעשטעלטע געסט און שפּעטער פון די קאָמיסיעס האָט מען אין געטאָ קאָמענטירט צום גוטן. רומקאָווסקי האָט עפּעס מער געוווּסט וועגן די כוונות פון די באַזוכן אין געטאָ פון די פּאַרטרעטער פונעם דריטן רייך. ער האָט באַלד נאָכדעם אַרויסגעגעבן אַ ריי באַפעלן און פאַראָרדנונגען וועגן אופן פון פאַרהאַלטן זיך אין געטאָ: אַ באַפעל צו כאַפּן יידן מיט בערד, וואָס באַווייזן זיך אויף די גאַסן. די געכאַפּטע זענען באַלד אָפּגעפירט געוואָרן צו די פריזירערס, וועלכע האָבן מיט געוואַלד אָפּגעשניטן און אָפּראַזירט די בערד ביי די פרומע יידן; אַרבעטער האָבן געמוזט קומען אין די רעסאָרטן אָפּגעשוירן און אָפּראַזירט די בערד. אַ פאַראָרדנונג האָט אויך באַשטימט צו שליסן די ספּעציעלע לאָקאַלן, ווו די יוגנטלעכע, מייסטנס קינדער, אויך יונגערע פון 10 יאָר, האָבן באַקומען זופּ־באַשפּייזונג. די יוגנטלעכע זענען אַהין געבראַכט געוואָרן גרופּנווייז, אונטער דער אָנפירונג פון געוועזענע לערער, וועלכע האָבן אויך געהאַלטן לעקציעס פאַר די יונגע אַרבעטער.[252]

מיט די מיטלען האָט רומקאָווסקי געמיינט צו ראַטעווען זיינע יידן פון געטאָ, ווען זיי וועלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן פון די דייטשן מיט באַזונדערן יידישן אויסזען און מיט אַן איבערפלוס פון קינדער. דער יודענעלטעסטער האָט נאָך אַלץ נישט באַגריפן, אַז די דייטשן גרייטן אויך פאַרן לאָדזשער געטאָ אַ טאָטאַלע יידן־אויסראָטונג, פּונקט ווי זיי האָבן זי דורכגעפירט אין די קלענערע שטעטלעך פונעם לאָדזשער ראַיאָן. רומקאָווסקי האָט ווייטער געגלויבט, אַז מיט די דעפּאָרטאַציעס פון די יידן, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן פון די ליקווידירטע געטאָס, וועט ער אָפּראַטעווען זיינע לאָדזשער יידן פון אַרויסשיקן, אָבער די באַפעלסגעבערס פונעם יודענעלטעסטען האָבן אַנדערש געטראַכט און אַנדערש פּלאַנירט.

## ב. אַרויסשיקונגען פון לאָדזשער געטאָ אין די אַרבעטס־לאַגערן

די דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער געטאָ זענען געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: אין אַרבעטס־לאַגערן און אין פאַרניכטונגס־לאַגערן. ביידע מינים לאַגערן האָבן געהאַט דעם זעלבן ציל — פיזישע אויסראָטונג. אין אַרבעטס־לאַגער איז דאָס פאָרגעקומען בהדרגה. עס האָט געדויערט אַ געוויסע צייט ביז די שווערע אַרבעט, הונגער, שרעקלעכע עינויים און קראַנקהייטן האָבן געמאַכט אַ סוף צום טרויעריקן לעבן.*

וועגן די אַרויסגעשיקטע פון לאָדזשער געטאָ אין די אַרבעטס־לאַגערן איז

---

* וועגן די אַרויסשיקונגען פון לאָדזשער געטאָ אין אַרבעטס־לאַגערן, זע אויך א. וו. יאַסני „געשיכטע", ערשטער באַנד, ז"ז 383—384.

געפירט געוואָרן אַ ספּעציעלע סטאַטיסטיק דורך צוויי אינסטאַנצן: דורך דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג און דורך דעם „אַרבעטס־אַמט פון יודענעלטעסטען", וועלכער האָט געדאַרפט צושטעלן באַריכטן פון דער באַפעלקערונג־עווידענץ אין געטאָ. די באַריכטן פון אַרבעטס־אַמט פיגורירן אויך אין דער רשימה א. ג. „טראַנספּאָרט־ליסטן", זיי זענען פאַרזען מיט אָרדנונגס־נומערן, ווי: „40־סטער טראַנספּאָרט", „50־סטער טראַנספּאָרט" אאז"וו. אויף די רשימות פיגורירן אויך די אַרויסגעשיקטע, וואָס זענען פאַר פאַרשידענע חטאים געזעסן אין געטאָ־תפיסה. ביז סוף יאָר 1941 זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די אַרבעטס־לאַגערן 5,179 פערזאָן.

אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר 1942 זענען צוזאַמען מיט די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין כעלמנאָער טויטן־לאַגער אויך געגאַנגען טראַנספּאָרטן אין די אַרבעטס־לאַגערן. פון ערשטן יאַנואַר ביזן 30־טן יוני 1942 זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאָדזשער געטאָ אין די פּויזנער לאַגערן — 1,338 פּערזאָן.[253]

אויפן פאַרלאַנג פון דער דייטשער מאַכט האָט רומקאָווסקי, דורך „באַקאַנט־מאַכונגען", גערופן די געטאָ־איינוווינער צו פאַרשרייבן זיך פרייוויליק אין די פּויזנער אַרבעטס לאַגערן צו בויען די „רייכסאויטאָבאַהן" (אויטאָסטראַדע פּויזן־פראַנקפורט). די צאָל פון פרייוויליקע פאַרערס איז געווען זייער קליין. עס האָט נישט געהאָלפן די „פּריווילעגיע" פאַר פרייוויליקע מיטצונעמען אַ האַנט־באַגאַזש און וואָס די געכאַפּטע דורך דער פּאָליציי, זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין געטאָ־תפיסה און אויף צוואַנגס־אופן אַרויסגעשיקט געוואָרן — מ'האָט זיך נישט צוגעשטעלט. די פּראָפּאַגאַנדע פאַר פאָרן און דער אַלץ שטייגנדער הונגער האָט דאָך געווירקט. די פּויזנער אַרבעטס־לאַגערן האָבן פאַקטיש עקזיסטירט און מ'האָט זיך פאַרשרייבן צו פאָרן אויף אַרבעט. עס האָט אויך געווירקט דער פאַקט, וואָס די משפחות פון די אַרויסגעשיקטע, וועלכע זענען געבליבן אין געטאָ, האָבן באַקומען געלט־אונטערשטיצונגען פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע אויפן חשבון פון זייערע אַנגעהעריקע, וועלכע אַרבעטן אין די לאַגערן. יעדע משפחה — 12 רייכסמאַרק וועכנטלעך, אויסגעצאָלט אין געטאָ־געלט.[254] פאַרשטענדלעך, אַז די אויסצאָלונגען האָט רומקאָווסקי געגעבן אין הסכם מיט דער דייטשער מאַכט. זי האָט ווי געהעריק אויסגענוצט די „באַווייזן", אַז מ'פאָרט טאַקע אויף אַרבעט אין די פּויזנער לאַגערן, כדי צו פאַרמאַסקירן דאָס אַרויסשיקן טויזנטער געטאָ־איינוווינער קיין כעלמנאָ צום טויט.

די צאָל אַרויסגעשיקטע קיין כעלמנאָ אין די דערמאָנטע זומער־חדשים, נאָך די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס, איז ווייט, ווייט אַריבערגעשטיגן די צאָל פון אַפּטראַנספּאָרטירטע אין די אַרבעטס־לאַגערן. קיין גענויע ציפערן וועגן דער צאָל אַרויסגעשיקטע אויף אַרבעט אין יענער צייט זענען נישט פאַראַן. עס איז דאָ בלויז די אויבנגעבראַכטע ציפערן פון 1,338 פערזאָן, וואָס זענען פון געטאָ אַרויסגעפירט געוואָרן אויף אַרבעט אין די חדשים יאַנואַר—יוני 1942. אָבער בלויז אין חודש מאַי

פון יענעם יאָר זענען אַ חוץ די 10,950 מערבדיקע אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ 1390 יידן פון די פריש אַריינגעבראַכטע פון פּאַביאַניץ און בזשעזשין. דאָס רוב יידן פון די ליקווידירטע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ ליצמאַנשטאַדט, זענען בכלל נישט פאַררעגיסטרירט געוואָרן אין דער עווידענץ. אויף רומקאָווסקיס פאַראָרדנונג זענען זיי באַטראַכט געוואָרן ווי „פרעמדע", פאַר וועמען דאָס לאָדזשער געטאָ איז אַ טראַנזיט־אָרט און עטלעכע טוג נאָך זייער אָנקומען זענען זיי אַרויסגעשיקט געוואָרן.

צווישן די 1,500 יידן, געבראַכטע פון אָזאָרקאָוו, אין חודש מאַי האָט געהערשט אַ טיפוס־עפּידעמיע. זיי זענען געוואָרן איזאָלירט און הגם עס ווערט נישט דערמאָנט אין .B.K.C וואָס מיט זיי איז געוואָרן, איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז מ'האָט זיי אַרויסגעשיקט קיין כעלמנאָ.[255] דעם 11־טן יוני זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ 210 יידן פון בעלכאַטאָוו און זעלאָוו. זיי זענען באַלד געוואָרן באַשטימט צום אַרויסשיקן. די דייטשע מאַכט האָט געפאָדערט מ'זאָל פאַרגרעסערן דעם טראַנספּאָרט מיט נאָך 70 פּערזאָן, האָט די געטאָ־פּאָליצײַ דורך אַן אָבלאַווע אין די גאַסן צונויפגעטריבן נאָך 70 מענטשן, וועלכע זענען צוזאַמען מיט די בעלכאַטאָווער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ.[256]

אַזוי זענען אין די זומער־חדשים 1942, ביז דער „שפּערע", געגאַנגען די טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ: זייער אַ קליינע צאָל פון זיי אין די פּויזנער לאַגערן, וועלכע זענען שוין געווען איבערפולט מיט די גולים פון די ליקווידירטע געטאָס אין וואַרטעגאַו און דאָס רוב איז אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין כעלמנאָ.

*

אויך די פּויזנער אַרבעטס־לאַגערן זענען געווען איינגעשטעלט אויף אויסראָטונג און פאַרניכטונג פון די שקלאַפן, וואָס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט. דער באַוווסטער היסטאָריקער י. טרונק האָט אין זיין אַרבעט אַ. נ. „יידישע אַרבעטס־לאַגערן אין וואַרטעלאַנד" זייער טרעפלעך באַצייכנט דעם מצב פון די צונויפגעטריבענע יידן אין יענע לאַגערן: „אַרבעט איז דאָ פאַקטיש דער טייטש — פּיין, לוין — ביטערער חוזק, דערנערונג — מוראַדיקער הונגער". צו דעם זענען צוגעקומען תלינישע שטראָפן, קלעפּ פון די אויפזעער ביז צום טויט, עפּידעמישע קראַנקהייטן, וואָס האָבן געבראַכט צו מאַסנווייזן אַרויסשיקן אין די טויט־לאַגערן און שטערבלעכקייט אויף די ערטער אין די אַרבעטס־לאַגערן גופא. די צאָל פון טויט־פאַלן האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין קיין שום רשימה פון באַפעלקערונגס־באַוועגונג.

אין דער צווייטער העלפט פונעם יאָר 1942 האָבן אויפן שטח פון וואַרטעגאַו זיך געפונען 160 לאַגערן. אהין זיינען געגאַנגען טראַנספּאָרטן מיט סעלעקציאָנירטע אַרבעטס־פעיקע יידן פון לאָדזש און פון די שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן. בלויז

אין דער שטאָט פויזן זענען געווען 12 לאַגערן, אין וועלכע עס האָבן געאַרבעט 13,500 יידן, דערונטער 3 פרויען־לאַגערן מיט 1,500 באַשעפטיקטע. לויט דער סטאַטיסטישער אויפשטעלונג פון ישעיה טרונק, באַאַרבעט אויפן סמך פון דער צאָל אַרבעטסטעג, פאַר וועלכע עס איז געצאָלט געוואָרן דער „יודענלייהגעביהר", זענען „אין די חדשים פעברואַר—אויגוסט 1942 דורכגעגאַנגען די אַרבעטסלאַגערן אויפן שטח פון וואַרטעלאַנד אַרום 30,000 יידן. שפּעטער, אין דער צווייטער העלפט 1942, האָט די צאָל יידן אין די באַזונדערע לאַגערן גיך זיך פאַרקלענערט".

די שקלאַפן־אַרבעט ביי שרעקלעכסטע באַדינגונגען פון הונגער און שמוץ האָט געמערט די קראַנקהייטן און שטערבלעכקייטן צווישן די לאַגער־אסורים. פון 12 טויזנט אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פויזנער שטאָטישע לאַגערן אין יולי 1942, איז ביז סעפּטעמבער פון יענעם יאָר פאַרבליבן נאָר — 3,495.

אַ דייטשער דאָקומענט פון יענעם פּעריאָד דערציילט וועגן דער פאַרטיליקונג פון די יידישע אַרבעטס־כוחות אין די לאַגערן פון וואַרטעגאַו. אין אַ בריוו פון האַנס ביבאָוו, דער אָנפירער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" צו דעם רעגירונגס־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַדט זאָגט זיך: „אויף אַ דערשרעקנדן אופן ווירקט דאָס איבערלאָסטן די יידן מיט אַרבעט, וואָס עס ברענגט צום פאַרלירן די כוחות און די פאַרמערונג פון קראַנקייטן. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, וואָס פון 1000 יידן זענען איצט געבליבן צו 200—300 מאַן אין די לאַגערן, ווייל זיי זענען נישט מער געווען בכוח ווי געהעריק צו אַרבעטן". [257]

דער געבראַכטער ציטאַט פון דעם בריוו פון ביבאָוון צום לאָדזשער רעגירונגס־פּרעזידענט איז ווי אַלע דייטשע דאָקומענטן וועגן יידן־אויסראָטונג, פערפיד פאַרמאַסקירט. ביבאָוו האָט אין זיין בריוו נישט דערמאָנט, וואָס עס איז געוואָרן מיט די יידן, וועלכע „ניכט מעהר אימשטאַנדע וואַרען די אַרבייטסלייסטונג צו פאָללבריגנען". ביבאָוו, וואָס האָט אָפטמאָל באַזוכט דעם טויטן־לאַגער כעלמנאָ, האָט גאַנץ גוט געוווסט, וואָס מיט די קראַנקע און ענטקרעפטעטע יידן אין די לאַגערן איז געוואָרן: זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער געשטאַפּאָ צום אָפּשיקן אין די טויט־לאַגערן צום פאַרגאַזעוון. אין דעם איז דער דיקטאַטאָר פון לאָדזשער געטאָ דערווייל נישט געווען פאַראינטערעסירט: פאַר די לעבעדיקע יידן, קראַנקע צי געזונטע, וואָס זענען געווען אין די אַרבעטס־לאַגערן פון וואַרטעגאַו — האָט ביבאָווס געטאָ־פאַרוואַלטונג באַקומען אַ געוויסן אָפּצאָל, וואָס ווערט אין די דייטשע דאָקומענטן באַצייכנט מיט „Judenleihgebühr" („יודענלייהגעביהר"), ד. ה. אַן אָפּצאָל פאַר אויסבאָרגן יידן צו דער אַרבעט. [258]

פאַקטיש האָבן די אַרבעטס־לאַגערן אין פויזנער געגנט, וווהין עס זענען געשיקט געוואָרן דאָס רוב יידן פון לאָדזשער געטאָ און פון די געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן געהאָט די זעלבע באַלעבאַטים פון טויט־לאַגער כעלמנאָ, נעמלעך: די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" פון ליצמאַנשטאַדט, מיט ביבאָוון בראש, וואָס האָט

צוגעשטעלט יידישע אַרבעטס־כוחות פון לאָדזש און ראַיאָן; די דייטשע שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַדט און דער הויפט־באַלעבאָס — די רייכס־שטאַטהאַלטעריי אין פויזן מיט אַרטור גרייזער בראש. פון דאָרט זענען געגאַנגען פאַרבינדונגס־ליניעס מיט די רעגירונגס־קרייזן אין בערלין מיט אַלע אירע עקספּאָזיטורן: ווירטשאַפטלעכע, פינאַנסיעלע און אויך געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפישע אַנשטאַלטן, וועמענס טעטיקייט איז געווען אויסגעשטעלט אויף באַקומען מלבושים, וועש און בעטגעוואַנט פון די פאַרפייניקטע און אויסגעהרגעטע יידן (זע ווייטערדיקע קאַפּיטלען). אַ באַדייטנדע צאָל דייטשע אינדוסטריעלער האָבן אויף אַן אַכזריותדיקן אופן געצויגן קאָלאָסאַלע רווחים פון דער אויסנוצונג פון די סעלעקציאָנירטע אַרבעטספעיקע יידן, וועלכע זענען פון די ליקווידירטע געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן און פון ליטצמאַנשטאַדט־געטאָ, געשיקט געוואָרן אין די פויזנער אַרבעטס־לאַגערן.

די אַלע דערמאָנטע שותפים צו די אויסראָטונגס־ און פאַרניכטונגס־לאַגערן אין וואַרטעגאַו האָבן צווישן זיך געפירט געשעפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ און מחלוקת איבער דער רווחים־פאַרטיילונג פון דער אויסנוצונג פון יידישער אַרבעטס־קראַפט און איבער דער חלוקה פון די אָנגערויבטע פאַרמעגנס פון פאַרפייניקטע און אויסגעהרגעטע יידן.[259]

ערשט נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאַרטרעטער פוז אַלע דערמאָנטע שותפים: — געטאָ־פאַרוואַלטונג, שטאָט־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַדט, רייכסשטאַטהאַלטער פון וואַרטעגאַו, פאַרטרעטער פון די רעגירונגס־פּרעזידענטן פון אַלע דריי רעגענציעס, אין וועלכע וואַרטעגאַו איז געווען אַדמיניסטראַטיוו איינגעטיילט, פאָרשטייער פון די הויפט־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהאַט זייערע עסקים אין די לאַגערן — איז דערגאַנגען צו אַ פאַרשטענדיקונג, וואָס האָט באַקומען איר אויסדרוק אין גרייזערס אַ פאַראָרדנונג.

אין אָט דער פאַראָרדנונג זענען די יידן, געטריבענע דורך די דייטשן דורך הונגער און טעראָר אין די אַרבעטס־לאַגערן, געוואָרן אָפיציעל אָנערקענט ווי „אויסגעבאָרגטע" צו דער אַרבעט. פאַר יעדן אויסגעבאָרגטן ייד האָבן די אונטערנעמער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַבריקן און ווארשטאַטן אין די וואַרטעגאַו־לאַגערן, געדאַרפט אָפּצאָלן דער לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג דעם „יודענלייהגעביהר" אין דער הויך פון 0,70 רייכסמאַרק טעגלעך. די אַרבעטסגעבער זענען געוואָרן באַפרייט פון צאָלן אַ באַשטימטן אַרבעטס־לוין די יידן אין די לאַגערן. ווערטלעך זאָגט זיך אין גרייזערס פאַראָרדנונג „Die Jüdische Arbeitskräfte erhalten keinen Lohn". זיי דאַרפן פאַרפלעגט ווערן לויט די אויסגאַבן פון 1 רייכסמאַרק אויף אַ פערזאָן טעגלעך.[260]

דער „יודענלייהגעביהר" האָט דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אַריינגעבראַכט אַ באַדייטענדע הכנסה. אין אַ באַריכט ווערט אָנגעגעבן, אַז פון

ערשטן יולי ביז דעם 31־טן דעצעמבער 1942 איז פון „יודענלייהגעביהר" איינגע־פלאָסן — 1,110,224,66 רייכסמאַרק, וואָס איז אַרייַנגעטראָגן געוואָרן אויף דער זאָנדער־קאָנטאָ נומ' 12,300 און האָט געהערט צו דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". פון דער דאָזיקער קאָנטאָ האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אויך געצאָלט די „געפאַהרענצולאַגע" פאַר די באַשעפטיקטע ביי דער „זאָנדעראַקציאָן" אין כעלמנאָ. ד. ה. פאַר באַטייליקן זיך אין דער אויסמאָרדונג פון די יידן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין טויטן־לאַגער.

דער „יודענלייהגעביהר", וואָס די דייטשע אונטערנעמער האָבן געדאַרפט אַרייַנטראָגן אין דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" ווי אַן אָפּצאָל פאַר די אויסגעבאָרגטע יידן, האָט פאַרגיכערט זייער אומקום. צוליב הונגער אין די לאַגערן, פייניקונגען און שווערע אַרבעט, האָט זיך געמערט די צאָל פון קראַנקייטס־פאַלן. כדי צו באַפרייען זיך פון צאָלן דעם „יודענלייהגעביהר", האָבן די אונטערנעמער געדאַרפט די קראַנקע יידן צוריקשיקן אין געטאָ אָדער איבערגעבן דער געשטאַפּאָ אויף „זאָנדערבעהאַנדלונג". אין אַ ספּעציעלן פאָרמולאַר, וואָס די אונטערנעמער האָבן געדאַרפט אויספילן וועגן זייערע קראַנקע יידן־שקלאַפן אין די לאַגערן, זענען געווען צוויי רובריקן. נעמלעך: „וועגן קראַנקהייט דער געשטאַפּאָ איבערוויזן וואָרדען"; „אַן דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַדט צוריקגעשיקט וואָרדען". אין ביידע פאַלן האָט עס באַדייט — טויט פון די צוריקגעשיקטע אין די גאַז־קאַמערן. אויך די קראַנקע און שוואַכע, וואָס זענען פון די לאַגערן אָפּגעשיקט געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַט, זענען געשטעלט געוואָרן אין רשות פון געשטאַפּאָ. מ'האָט זיי געהאַלטן איזאָלירט אין תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס און ביי דעם ערשטן טראַנספּאָרט זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ. [261]

די פאַרפייניקונג פון די לאָדזשער יידן אין די פויזנער לאַגערן איז אויך דורכגעפירט געוואָרן דורך שרעקלעכע שטראָפן פאַר דעם מינדסטן עובר זיין אויפן לאַגער־רעגולאַמין. די דאָרטיקע מאַכט האָט די קרבנות פאַרשמיסן צום טויט, אויפגעהאָנגען און דערהרגעט מיט טרוקענע קלעפּ.

פון יאַנואַר ביז דעם 31־טן יולי 1942 זענען אין די דערמאָנטע לאַגערן אויפגעהאָנגען געוואָרן 35 לאָדזשער יידן, מיינסטנס יונגע מענטשן, צווישן זיי אויך אַ ייִנגל פון 13 יאָר. [262]

אַזוי אַרום האָט די דייטשע מאַכט מיט אַלע אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן דורכגעפירט די ליקווידאַציע פון יידן אין לאָדזשער ראַיאָן און פון לאָדזשער געטאָ. אין געטאָ גופא איז געוואַקסן די שטערבלעכקייט. די טראַנספּאָרטן פון די רעשטלעך פון די ליקווידירטע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן זענען כסדר געגאַנגען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט און פון דאָרט קיין כעלמנאָ און אַ קלענער טייל אין די פויזנער לאַגערן.

## ג. דער לעצטער גרויסער טראַנספּאָרט יידן פון לאָדזשער ראַיאָן אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט

דער לעצטער גרויסער טראַנספּאָרט יידן פון לאָדזשער ראַיאָן, וואָס די דייטשע מאַכט האָט אַריינגעטריבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט איז געווען פון זדונסקאָ וואָלאָ.[263]

אין זדונסקאָ וואָלאָ, אַ טעקסטיל־שטעטל נאָענט פון לאָדזש, זענען די יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע דורכגעגאַנגען דעם זעלבן פּיין־וועג ווי אין אַלע שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן. נאָך די ערשטע פאַרפאָלגונגען, גזירות, דערשיסונגען און גרושים, רויב פונעם יידישן פאַרמעגן, צוואַנגס־אַרבעט פאַרבונדן מיט פּייניקונגען, זענען די 10,000 יידן אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. דער יודענעלטעסטער איז דאָרט געווען ד״ר יעקב לעמבערג, וואָס האָט אין זיין טעטיקייט אַרויסגעוויזן אַ שטאָלצע האַלטונג לגבי דער דייטשער מאַכט.

אויפן מוסטער פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס פאַר יוגנטלעכע אין מאַרישין, אין לאָדזשער געטאָ, האָט ד״ר לעמבערג אויך אין זדונסקאָ וואָלאָ געשאַפן אַזאַ קאָלאָניע פאַר ערד־אַרבעט, אויף וועלכער עס האָבן געוווינט 50 יוגנטלעכע אין עלטער פון 17—21 יאָר, געטיילט אין 3 גרופּן מיט גרופּן־פירער (ראש הקבוצה). דאָס רוב פון די יוגנטלעכע האָבן פאַר דער מלחמה געהערט צו ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אויך אויף דער קאָלאָניע אין זדונסקאָ וואָלאָ געפירט אַ ציוניסטישע אויפקלערונגס־ און קולטור־טעטיקייט, פאַרבונדן מיט ספּאָרט, סקויטינג און פייערונג צום אָנדענק פון ציוניסטישע פערזענלעכקייטן. די דאָזיקע קאָלאָניע אין זדונסקאָ וואָלאָ, וואָס האָט פאַקטיש געפירט לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעט אויף אַ ברייטן פאַרנעם, איז ליקווידירט געוואָרן צוזאַמען מיטן געטאָ.

אין ס׳רוב פאַלן פון רדיפות אויף די געטאָ־איינוווינער, האָט ד״ר לעמבערג אינטערוועניר בײַ דעם דאָרטיקן בירגערמייסטער און אויפגעקלערט, אַז געשלאָגענע מענטשן זענען נישט פעיק צו דער אַרבעט.[264] צו דער גרעסטער טראַגעדיע זענען די דאָרטיקע יידן דערגאַנגען פאַר פּורים 1942, אין דער צייט, ווען פון לאָדזשער געטאָ זענען געגאַנגען די גרויסע דעפּאָרטאַציעס קיין כעלמנאָ. די דעמאָלטיקע איבערלעבונגען פון די יידן אין זדונסקאָ וואָלאָ, האָט ד. לעמבערג, דער זון פון ד״ר יעקב לעמבערג אַזוי געשילדערט אין זיין גבית עדות:

„פּורים 1941 * זענען צו מיין פאָטער געקומען די לאָדזשער געשטאַפּאָ־לייט

---

* עס דאַרף זיין 1942. אַזוי איז אויך אָנגעגעבן אין די פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט א. נ. „חורבן לאָדזש״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן באַלד נאָך דער מלחמה. די גבית־עדות פון דב לעמבערג זענען אויפגענומען געוואָרן אין „יד ושם״ אין יאָר 1958, 16 יאָר נאָך די געשעענישן.

— פוקס און ריכטער מיט אַ פאָדערונג אויפצושטעלן אַ רשימה פון 10 יידן, וועלכע מ'דאַרף אויפהענגען אין פורים. מיין פאָטער האָט געפרעגט: „וואָס פאַר אַן אָפיציעלע באַשולדיקונג איז פאַראַן אויף די יידן?"

— „ווייל זיי זענען יידן" — איז געווען דער ענטפער. דערויף האָט מיין פאָטער געזאָגט:

— אין אַזאַ פאַל זענען פאַראַן מער יידן, איז מעגלעך, אַז איך זאָל אַלע אויפשרייבן אויף דער רשימה?

„דער דייטש האָט פאַרשטאַנען דעם חוזק און געשלאָגן מיין פאָטער מיט דער רוט, דאַביי געשריגן: „4 יידן האָב איך שוין — דו, דיין פרוי און דיינע קינדער".

— „דאָס ענדערט נישט מיין באַשלוס" — האָט דער פאָטער אָפגעענטפערט".

דער דאָזיקער פיינלעכער שמועס איז פאָרגעקומען אין יודענראַט. ווען ד"ר לעמבערג איז אַריין אין שטוב, האָט ער באַקומען אַ האַרץ-אַטאַק.

„אין אַ שעה אַרום איז געקומען צו אונדז דער קאָמיסאַר פון דער קרימינאַל-פאָליציי, וועמענס אַלטע קראַנקע מוטער איז אָפגעראַטעוועט געוואָרן פון טויט דורך מיין פאָטער, ער האָט איר דערטיילט מעדיצינישע הילף. דער דייטש האָט אויסגעשריגן: „מיט ווונדער האָט זיך מיר איינגעגעבן אייך אָפצוראָטעווען. איך האָב געגעבן ריכטערן אַ רשימה פון 10 שמוגלערס". [265]

די 10 יידן זענען דורך דער א. ד.-פאָליציי ביינאַכט אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטן און אָפגעפירט געוואָרן אין תפיסה. עס האָבן נישט געהאָלפן אינטערווענצן ביי דער דייטשער מאַכט. די דאָזיקע שרעקלעכע געשעעניש אינעם געפייניקטן לעבן פון די זדונסקאַ וואָלער יידן האָט י. טאַבאַקסבלאַט אַזוי באַשריבן אין זיינע זכרונות:

„עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז הענגען וועלן מוזן יידן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די יידישע „אָרדנונגס-דינסט" מוז אויספירן די עקזעקוציע. די א.ד.-פאָליציאַנטן האָבן פראָטעסטירט און דער קאָמיסאַר האָט באַשלאָסן, אַז דורך אַ גורל זאָלן אויסגעטיילט ווערן די וואָס מוזן די עקזעקוציע אויספירן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעם גורל אונטערליגן נאָר אַליינשטייענדיקע פערזאָנען, ווייל די חתונה געהאַטע האָבן געטענהט: מילא, מיך, אַז מ'וועט צווינגען הענגען אַ יידן, וועל איך זיך קאָנען ווי עס איז פאַרטיידיקן, דאַקעגן וויל איך נישט, מען זאָל מיינס אַ קינד נאָכטייטלען, אַז זיין פאָטער איז אַ תלין". [266]

אין פורים-טאָג 1942 האָט די דייטשע מאַכט „באַפרייט" די יידן פון זדונסקאַ וואָלאַ פון גיין צו דער אַרבעט און אַלעמען אַרויסגעטריבן אויפן עקזעקוציע-פלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט דייטשער פאָליציי („שופא"). אויך דאָס געטאָ איז אין דעם טאָג געווען שטאַרק באַוואַכט. דייטשע פאַטרולן אין פולן אוניפאָרם מיט העלמען און באַגנעטן אויף די ביקסן, האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן. עס

האָבן יאָמערלעך געוויינט די משפּחה־אָנגעהעריקע פון די קרבנות. צו דעם דאָזיקן עפנטלעכן מאָרד זענען געקומען די דייטשן ווי צו אַ יום טוב אין אוניפאָרמען, די חשובע באַלעבאַטים פון דעם שטעטל — יום טובדיק אויסגעפּוצט. ווען מ'האָט אַרויסגעפירט די קרבנות אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ, האָט זיך צווישן די טויזנטער יידן דערהערט אַ שלוכצן און שטיל געוויין. זשאַנדאַרן האָבן באַרואיקט: „צו הויזע וועט איר וויינען". „ד"ר לעמבערג, שוואַרץ ווי אַ ברענד איז געלאָפן אין אַ וואַנזיניקן צושטאַנד צו די פאַרשטייער פון דער מאַכט" — — — עס איז געפאַלן די קאָמאַנדאָ פון אַ דייטש אויסצופירן די עקזעקוציע — — —די קדושים האָבן אין איין קול אויסגעשריגן „שמע ישראל" און פאַרענדיקט זייער לעבן".

די געהאָנגענע האָט די דייטשע מאַכט געהאַלטן אויף דער תליה ביז 5 אַ זייגער פאַרנאַכט. „עס זענען אויפגעמאַכט געוואָרן די טויערן פון געטאָ און די דייטשע און פּוילישע באַפעלקערונג איז געקומען אָנקוקן די „פאַרברעכער". אין שטאָט זענען געוואָרן אויסגעהאָנגען פּלאַקאַטן מיט די נעמען פון די פאַר־פייניקטע". 267

אין זיינע זכרונות האָט י. טאַבאַקסבלאַט באַשריבן אַ צווייטע עקזעקוציע פון 10 יידן, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אין זדונסקאַ וואָלאַ אין פרילינג 1942. אַזעלכע עקזעקוציעס איבער אומשולדיקע יידן האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט דורכגעפירט אין די יידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן. דאָרט ווו די מאַכט האָט מורא געהאַט פאַר אַ ווידערשטאַנד, האָט זי פאַרשטאַרקט דעם טעראָר דורך תליות, וואָס איז אויך געווען דער אָנהויב פון ליקווידאַציע פון געטאָ. 268 אין זדונסקאַ וואָלאַ האָט די דייטשע מאַכט געהאַט צו טון מיט דעם יודענעלטעסטען ד"ר לעמבערג, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך געהאַלטן מוטיק אין אָנבליק פון די דייטשע גזירות. דאָס אויפהענגען עפנטלעך די יידן, האָט געדאַרפט ברעכן דעם דאָזיקן מוט און צוגרייטן די ליקווידאַציע פון געטאָ.

באַלד נאָך די עקזעקוציעס האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע פּראָצעדור, וואָס אין לאָדזשער געטאָ נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין יאַנואַר—אַפּריל 1942, נעמלעך: עס איז געקומען קיין זדונסקאַ וואָלאַ אין געטאָ אַ דייטשע דאָקטוירים־קאָמיסיע און געמאַכט „מעדיצינישע אונטערזוכונגען" ביי די יידן, פאַרבונדן מיט אָפּשטעמפּלען די ברוסט מיט לאַטיינישע אותיות. קינדער ביז 10 יאָר און קראַנקע האָט מען נישט געשטעמפּלט. גלייך נאָכדעם האָט דער יודענראַט אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט דורכגעפירט אַ ציילונג פון דער באַפעלקערונג, דאַן איז געקומען אַ פאָדערונג פון אַרויסגעבן 30 געזונטע מענער, וועלכע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן נאָך פאַר דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. דעם 25־טן אויגוסט 1942, אין מיטן נאַכט, איז די יידישע באַפעלקערונג אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די וווינונגען. אַלע האָבן זיך געמוזט זאַמלען אויפן מאַרק. פרימאָרגנס האָבן

באַוואָפנטע דייטשן פון דער פאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָ געיאָגט די 10 טויזנט יידן אויפן בית עולם. דאָרט האָבן די באַוואָפנטע דייטשן געשלאָגן מכת רצח די קרבנות און געשאָסן אויף זיי. עס זענען געווען פיל הרוגים אויפן אָרט. קליינע קינדער זענען געוואָרן אַרויסגעריסן פון די מוטערס הענט און געוואָרפן איבערן בית עולם־פּלויט.

י. טאַבאַקסבלאַט האָט אָנגעגעבן אין זיינע זכרונות, אַז עס זענען געווען „עטלעכע הונדערט טויטע און שטערבלעך פאַרווונדעטע. קיין הילף צו די פאַרווונדעטע האָט מען נישט געקאָנט געבן און זיי זענען אַלע אויסגעשטאָרבן. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען געצוווּנגען אַ טייל יידן צו באַגראָבן די מתים". צוויי טעג זענען די אומגליקלעכע געהאַלטן געוואָרן אָן עסן און טרינקען. אויפן דריטן טאָג איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע. דער ווייטגרעסטער רוב איז אויף לאַסט־אויטאָס אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַן „אומבאַקאַנטער ריכטונג" און אַ קלענערער טייל איז געטריבן געוואָרן צו דער באַן־סטאַציע. [269] דאָרט האָט זיך באַוויזן ביבאָוו מיט ריכטערן. זיי האָבן געזוכט דעם ד"ר לעמבערג, וועלכער האָט זיך נישט אויסבאַהאַלטן. ביבאָוו האָט געכאַפּט דעם שטאָלצן און קעמפערישן יודענעלטעסטען, אים אַוועקגעפירט אויף אַן אומבאַקאַנטן אָרט און דאָרט דערשאָסן.

נאָך דעם איז ביבאָוו צוריקגעקומען און געזאָגט צו די יידן, אַז זיי ווערן געשיקט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וווּ רומקאָווסקי היט די אָרדנונג. דער דייטש האָט אַפּעלירט צו די געפייניקטע, זיי זאָלן זיין געהאָרכזאַם דער מאַכט. נאָכן אָפּנעמען געלט, זאַכן און מלבושים ביי די געפייניקטע, זענען זיי, געפּאַקטע אין פאַרפלאָמבירטע משא־וואַגאָנען צו 100—120 נפשות אין אַ וואַגאָן ווי אָפּגעקלי־בענע „אַרבעטספעציקע יידן" פון זדונסקאָ וואָלאַ, אין אַ צאָל פון 1200—1300 — אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.

27 זענען אויפן וועג דערשטיקט געוואָרן. פון די 50 יוגנטלעכע פון דער קאָלאָניע, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אויך אויף זייער וועג קיין לאָדזש, זענען נאָר 48 אָנגעקומען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. איינער פון זיי איז מיטגעגאַנגען מיט זיין מוטער אויף דעם אומבאַקאַנטען וועג און איינער איז דערשטיקט געוואָרן אין וואַגאָן.

פון זדונסקאָ וואָלאַ קיין לאָדזש מיט דער באַן איז מען געוויינלעך געפאָרן אַ שעה צייט, אָבער די קרבנות האָט מען געפירט 17 שעה, אָן וואַסער, מיט דער ספּעציעלער כוונה, זיי זאָלן דערשטיקט ווערן אין די פאַרפלאָמבירטע וואַגאָנען. [270]

*

אין יענעם חודש אויגוסט 1942 האָט די דייטשע מאַכט דורכגעפירט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון אַרום 10 געטאָס אין די קלענערע שטעטלעך אין

לאָדזשער ראַיאָן. דער גרעסטער רוב פון זייער באַפעלקערונג איז געשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ. די סעלעקציאָנירטע אַרבעטספעיקע יידן אין אַ צאָל פון 6470 נפשות, אַריינגערעכנט אויך די דערמאָנטע צאָל יידן פון זד. וואָלאַ, זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. [271]

די ליקווידאַציע פון די געטאָס און פון די דאָרטיקע יידן אינעם שטח פון וואַרטעגאַו, האָט די דייטשע מאַכט פאַרענדיקט. עס איז געקומען די ריי אויף דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ.

.16

# געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט אין די חדשים פון פרילינג און זומער 1942

די דעפּאָרטאַציעס פון די 55 טויזנט ייִדן אין די חדשים יאַנואַר—מאַי 1942, די שווערע איבערלעבונגען אין פרילינג און זומער פון יענעם גרויליקן יאָר, וואָס האָבן פון גרונט אויס צעטרייסלט די אַזוי אויך קלאָגדיקע עקזיסטענץ פון הונדערט טויזנט קעפּיקן ייִדישן קיבוץ, פאַרשפּאַרט און אָפּגעשלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט — האָבן נישט באַוויזן אָפּצוטעמפּן דעם ווילן צו גייסטיק־שעפערישער און געזעלשאַפטלעכער קולטור־טעטיקייט. די געטאָ־אינטעליגענץ: דאָקטוירים, לערער, שרייבער, קינסטלער־פּלאַסטיקער, קולטור־טוער, ערלעכע עסקנים האָבן זיך נישט איינגעבראָכן, נאָר אַלץ געטון, כדי צו ראַטעווען דעם געפּייניקטן קיבוץ פון אונטערגאַנג און פאַרניכטונג.

## א. די זאָרג פאַר קינדער און יוגנט

דאָס הויפּט־פּראָבלעם, וואָס איז נאָך דער דעפּאָרטאַציע (יאַנואַר—מאַי 1942) געשטאַנען פאַר די אָנפירער פונעם געטאָ און אויך פאַרן יודענעלטעסטער, איז געווען: די זאָרג פאַר די קינדער און יוגנט — די קינדער, וועלכע האָבן, זינט אָקטאָבער 1941 נישט געהאַט קיין שולן און די יוגנטלעכע, וואָס זיינען אַרויס פון די שולן און נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט. אין דער פּראַגע שול־דערציונג זענען אויך שטאַרק געווען פאַראינטערעסירט די לערער, וואָס האָבן געבילדעט אין געטאָ אַ גאַנץ באַדייטענדע שיכט (איבער 600 פּ׳).

נאָך אין יאַנואַר 1942, ווען עס איז שוין געווען קלאָר, אַז קיין שולוועזן וועט אין געטאָ נישט זיין, האָבן לערער זיך באַמיט אויפצושטעלן אין מאַרישין עטלעכע שולן פון אַ פּרימיטיוו דאָרפישן כאַראַקטער, זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן פון דער דייטשער מאַכט. ביי אַ געוויינלעכן לאַנגן טיש, אַרומגע־שטעלט מיט בענק, זענען געזעסן די קינדער. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען דער טאַוול, אַזוי, אַז מ׳זאָל אים נישט צופיל אַרויסזען. אויף דעם אופן האָט מען געלערנט מיט די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין מאַרישין. אַזאַ לערנען אין געהיים איז אויך געפירט געוואָרן אין אַנדערע ערטער אין געטאָ.

עלטערן האָבן אָפּגעשפּאַרט פון זייערע הונגער־שפּייז־צוטיילונגען און געהאַלטן לערער פאַר קינדער. באַזונדערס האָבן די פרומע יידן אין געטאָ געזאָרגט דערפאַר, אַז זייערע קינדער זאָלן נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון יידישקייט. זיי האָבן געהאַלטן מלמדים, וואָס האָבן געלערנט אין געהיים.[272]

די שול־קאָמיסיע, אָנגעפירט פון: לעוו, קאַרא, און דעם פּעדאַגאָג אליהו טאַבאַקסבלאַט, האָט פּאַקטיש שוין נישט געהאַט קיין שולוועזן און בעיקר זיך באַשעפטיקט מיט „פאַרזאָרגן קינדער ביז 10 יאָר און אויך עלטערע, וועלכע געפינען זיך אויף קאָלאָניעס און אין יתומים־הייזער". אויף אַ זיצונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 23־טן מאַי 1942, ביי דער באַטייליקונג פון רומקאָווסקי, פרל. וואלקאָוו, די אָנפירערין פון רעפעראַט פאַר סאָציאַלער הילף, איז געוואָרן באַשלאָסן: „אין אויסנאָמספאַלן דאַרפן קראַנקע קינדער באַקומען אַ ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונג, קינדער אין אַנשטאַלטן — בעסערע באַשפּייזונג". די קאָמיסיע האָט באַקומען ברייטע פולמאַכטן אין ענינים פון דערציונג און אין אַנגאַזשירן אַ צאָל לערער.[272א]

די מיטגלידער פון דער שול־קאָמיסיע האָבן דעמאָלט נאָך נישט געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג וועגן דער אויסראָטונגס־סכנה, וואָס שוועבט איבער די קינדער ביז 10 יאָר, און אַז אין דריי חדשים אַרום וועט די דייטשע מאַכט קומען מיט דער פאָדערונג אַרויסצוגעבן די קינדער פונעם געטאָ. מיט דעם גאַנצן ערנסט פון ערלעכע געזעלשאַפטלעכע טוער, האָט די קאָמיסיע זיך פאַרנומען מיט זאָרגן פאַר די קינדער, באַזונדערס פאַר יענע קינדער, וועמענס עלטערן זענען צוגענומען געוואָרן בעת דער דעפּאָרטאַציע. רומקאָווסקי, וועלכער האָט געפירט דעם פאָרזיץ פון דער דערמאָנטער באַראַטונג, האָט מסתמא געוווסט וועגן דער ליקווידאַציע פון די נישט אַרבעטספּעיקע אין געטאָ, וואָס עס גרייטן די דייטשן, אָבער דער יודענעלטעסטער האָט נאָך אַלץ געגלויבט, אַז ער וועט מיט זיין חכמה אָפּראַטעווען די קינדער, און ער האָט זיך באַטייליקט אין באַאַרבעטן אַ פּראָיעקט ווי אַזוי זיי צו פאַרזאָרגן.

גאָר אַנדערש איז געשטאַנען די פראַגע וועגן די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט־לעכע. פאַר זיי האָט מען געדאַרפט געפינען אַרבעטס־ערטער אין די רעסאָרטן. די אַרבעט איז דאָך, לויט דער איינשטעלונג פונעם יודענעלטעסטען, געווען דאָס „איינציקע שוץ־מיטל קעגן דער סכנה פון ווערן אַרויסגעשיקט פון געטאָ". אויך פאַר די גרויסע דעפּאָרטאַציעס זענען פיל יוגנטלעכע געווען באַשעפטיקט אין די רעסאָרטן. לויט דער סטאַטיסטישער אויפשטעלונג פון העלענאַ סמאָלענקאַ אין איר מאַגיסטער־אַרבעט וועגן שולוועזן אין לאָדזשער געטאָ, זענען אין דער צייט פון 1־טן יוני ביזן 11־טן חודש 1941 אָנגעגומען געוואָרן 2007 יוגנטלעכע אין די רעסאָרטן. זיי האָבן זיך געטיילט לויט עלטער און געשלעכט.

| עלטער | יינגלעך | מיידלעך |
| --- | --- | --- |
| 14 יאָר | 181 | 104 |
| 15 " | 438 | 198 |
| 16 " | 215 | 142 |
| 17 " | 152 | 96 |
| 18 " | 93 | 101 |
| 19 " | 72 | 52 |
| 20 " | 29 | 52 |
| עלטערע | 34 | 34 |
| | 1214 | 793 |

אין די ווייטערדיקע חדשים — דעצעמבער 1941, יאַנואַר 1942 — זענען 1315 יוגנטלעכע אַריינגעבראַכט געוואָרן אין די רעסאָרטן: 409 יינגלעך — אין די מעטאַל־פאַבריקן און 159 — אין די וועש־נייעררייען, די רעשט אין אַנדערע אונטערנעמונגען.[273] אין דעם זעלבן פעריאָד (דאַטע — נישט פעסטגעשטעלט) איז די שול־אָפטיילונג, וואָס האָט אָפיציעל פיגורירט אין דער געטאָ־אַדמיניס־טראַציע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע פאַר יוגנטלעכע", וואָס האָט געדאַרפט זיך פאַרנעמען מיט צוטיילן יוגנטלעכע צו אַרבעט אין די רעסאָרטן.

לויט אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין האָט יעדער רעסאָרט געמוזט באַשעפטיקן 10 פּראָצענט יוגנטלעכע. די קאָמיסיע האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ ריי אינסטיטוציעס, באַזונדערס מיט דער אָפטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף, ביי וועלכער ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער „רעפעראַט פון אויפזיכט איבער קינדער". דער „רעפעראַט" האָט זיך פאַרנומען מיט אָרעמע קינדער. זיי זענען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט טאַלאָנען אויף שפּייז־צוטיילונגען, באַקליידונג און שיך.

נאָך די ערשטע דעפּאָרטאַציעס אין יאָר 1942, האָט די „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע" (געוו. שול־אָפטיילונג) דורכגעפירט אַן אַקציע פון אַדאָפּטירן קינדער דורך בעסער סיטואירטע משפחות; קינדער, וועמענס עלטערן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פונעם געטאָ. „דאָס איז געטאָן געוואָרן כדי אויסצומיידן אַ גרעסערע אויפזאַמלונג פון קינדער אויף איין אָרט אין יתומים־הייזער", זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אין די אויגן פון דער דייטשער מאַכט. פאַר משפחות, וואָס האָבן אַדאָפּטירט קינדער, איז פון צייט צו צייט צוגעטיילט געוואָרן ספּעציעלע טאַלאָנען אויף שפּייז, אַחוץ די טאַלאָנען, וואָס די יתומים האָבן באַקומען פאַר זייער באַשפּייזונג. אין גרעסטן רוב פלעגן אַדאָפּטירט ווערן מיידלעך, וואָס האָבן געקאָנט זיין אַ הילף אין דער שטוב, בעת די דערוואַקסענע זענען אַוועק צו דער אַרבעט.[273א]

די „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע" האָט אויך דורכגעפירט אַן אַנקעטע צווישן די עלטערע קינדער (איבער 10 יאָר), וואָס האָבן געוואָלט אַנקומען אין די פאַבריקן, מיט פאָלגנדע פראַגן: פערסאָנאַליען, אַדרעס, עלטער און בילדונג, צו וואָס פאַר אַ פאַך האָט דער געפרעגטער אַ נייגונג, פריערדיקע און איצטיקע באַשעפטיקונג. פאָרנעמען פון די עלטערן, וויפל פערזאָנען זענען פאַראַן אין דער משפחה און וויפל קינדער ביז 14 יאָר, די פריערדיקע און איצטיקע באַשעפטיקונג פון די עלטערן און ווו אַרבעטן זיי, צי באַקומט ווער פון דער משפחה אונטערשטיצונג, וואָס פאַרא קראַנקהייטן איז דורכגעגאַנגען דער געפרעגטער.

עס איז אין קיין שום דאָקומענט נישט אָנגעגעבן ווער עס האָט געגעבן די פאַראָרדענונג דורכצופירן אַזאַ אַנקעטע, אָבער סיי די פיל פראַגן, ווי אויך דער פאַקט, וואָס די אַנקעטע, וועלכע האָט געדאַרפט זיין פאַרן אינערלעכן באַדאַרף אין געטאָ, האָט געמוזט אויסגעפילט ווערן אין דייטש, באַווייזט, אַז דער פרעגבויגן איז איינגעשטעלט געוואָרן אויף דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע האָט געדאַרפט האָבן די אינפאָרמאַציעס פאַר די ווייטערדיקע צוגרייטונגען פון די דעפּאָרטאַציעס. די „קאָמיסיע פאַר איבערשיכטונג" האָט פאַרשטענדלעך נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן די דאָזיקע כוונות פון דער דייטשער מאַכט און דורכגעפירט די אַנקעטע בלויז צו דעם צוועק פון אַריינברענגען אין די פאַבריקן די יוגנטלעכע און געבן זיי פּאַסיקע באַשעפטיקונג. די דאָזיקע זאָרג פאַר דער יוגנט פון געטאָ האָט געגעבן די געהעריקע רעזולטאַטן. [274]

אין 15־טן מאַי 1942, ווען דער לעצטער טראַנספּאָרט פון די מערבדיקע איז פון געטאָ אָפּגעגאַנגען אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, האָט B.K.C. מיט אַ פריידיקן טאָן באַריכטעט:

„2000 יוגנטלעכע זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אַרבעטס־רעסאָרטן, בעיקר אין מעטאַל־רעסאָרט. די יוגענטלעכע, וואָס זענען דאָרט באַשעפטיקט אונטער דער אויפזיכט פון די מייסטער און געזעלן, ווערן צוגעטיילט צו פאַרשידענערליי אַרבעטן און אָפט איבערגעוועקסלט פון איין אָרט אויף אַ צווייטן. די אַרבעטס־צייט איז 6—7 שעה. אין דער נעגל־פאַבריק איז די אַרבעטס־צייט געוואָרן פאַרקירצט אויף 4 שעה. די יוגנטלעכע אַרבעטן אין 4 שיכטן פון 6 פרי ביז 11 אָוונט, אַ האַלבע שעה איבעררייס אויף צו באַקומען די זופּ. עלטערע פון 17 יאָר זענען באַשעפטיקט די זעלבע שעהן, וואָס דערוואַקסענע אַרבעטער. 95 פּראָצענט פּראָדוקציע פון מעטאַל רעסאָרט גייען פאַרן אויסערלעכן געברויך מחוצן געטאָ. די אויפזיכט איבער די יוגנטלעכע האָבן לערערס, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער שול־אָפּטיילונג: איין לערער אויף 100—200 יינגלעך. די לערער האָבן אויך די אויפגאַבע צו זאָרגן דערפאַר, אַז די יוגנטלעכע זאָל נישט געשען קיין עוולה און צו קוואַליפיצירן זייערע פעיקייטן אויך אויף אַנדערע געביטן. די לערער

דאַרפֿן אָננעמען אָנקלאַגעס פֿון די יונגע אַרבעטער. עס ווערן אויך פּראָיעקטירט דערגענצונגס־קורסן, שמועסן אדג״ל.

דער פּרעזעס (רומקאָווסקי) האָט פּאַראָרדנט, אַז די יוגנטלעכע זאָלן צוויי מאָל אין טאָג געבאָדן ווערן. כדי אָפּצוהיטן די סאַניטאַרע כללים, ווען אין דער אַרבעטן פֿון די רעסאָרטן ווערן אַריינגעצויגן פעלטשערס, דענטיסטן און פריזירערס, וועלכע האָבן ביז דער צייט געאַרבעט פּריוואַט״.[275]

צי אַלץ, וואָס B.K.C. האָט באַשריבן איז פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן — לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן.

## ב. רעווי־פאָרשטעלונגען און קולטור־טעטיקייט

בעת די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין ווינטער 1942, האָט זיך אין געטאָ אָפּגעשטעלט יעדע קולטור־טעטיקייט. עס איז קיינער נישט געווען זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג. דער הונגער האָט געפּייניקט. די ווינטערדיקע קעלט האָט געהאַלטן די מענטשן איינגעשלאָסן אין זייערע ענגע וווינונגען. עס איז בכלל געווען אַ סכנה צו באַווייזן זיך אין גאַס, ווו עס האָבן געלויערט פּאָליציאַנטן צו כאַפּן צום אַרויסשיקן. מ׳איז אַרויס פֿון די שטובן נאָר צו דער אַרבעט וואָס האָט אויסגעזען ווי דאָס איינציקע רעטונגס־ברעט אין יאָמערטאַל פֿון אומקום. ווי נאָר עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט די אַרויסשיקונגען און די פרילינגס־זון האָט דערוואַרעמט און באַליכטיקט די חושכדיקע געטאָ־גאַסן, האָט ווידער אויפגעלעבט די ליטעראַרישע און קולטור־טעטיקייט.

דעם 29־טן מאַי 1942 איז אין קולטור־הויז אויף קראַוויעצקאַ גאַס פֿאָרגעקומען אַ קאָנצערט פֿונעם אָרקעסטער, דיריגירט פֿון טעאָדאָר רידער. סאָלאָ איז אויפגעטרעטן די פידל־קינסטלערין בראָניסלאַוואַ ראָטשטאַט.[276] די קאָנצערטן זענען געווען באַשטימט פֿאַר ספּעציעלע מוזיק־ליבהאָבער, די מוזיק האָט אַ ביסל געהויבן די שטימונג, געשטאַרקט דאָס געמיט. אַנדערש איז געווען מיט די רעווי־פאָרשטעלונגען, וואָס זענען אויך נאָך די פּיינלעכע דעפּאָרטאַציע־איבערלעבונגען געווען פֿאָלקס־פֿאַרווײַלונגען, וועלכע האָבן מיט הומאָר און פּאַראָדיעס אַרייַנגעברענגט אַ הייטערע שטימונג אין געטאָ. שוין דעם 9־טן יוני פֿון דערמאָנטן יאָר איז אין קולטור־הויז אויסגעפירט געוואָרן אַ פֿאָרשטעלונג מיט אַ צוגעקליבענעם פּראָגראַם פֿון 15 נומערן, דערונטער: אַ „קוואַרטעט״, יידישע פֿאָלקס־טענץ, דזשאַז, פֿאָלקס־מוזיק — אָריגינעלע שאַפֿונגען פֿונעם קאָמפּאָזיטאָר בייגעלמאַן און הומאָריסטישע סקעטשן, פּאַראָדיעס פֿון יידישע פֿאָלקס־לידער, וואָס האָבן אין אַ לייכטן טאָן געחוזקט פֿון די געטאָ־פּני און אַפֿילו פֿון רומקאָווסקי. ער איז ווייזט אויס צופֿרידן געווען, וואָס מען „באַזינגט״ אים אין אַ פּאַראָדיע און מ׳פֿאַרגלייכט אים מיט ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער אין „דודעלע״: „מקווה דו, טלית דו, ציצית דו,

קיכן דו, שפּיטעלער דו" אאז"וו. אָדער די פּאַראָדיע אויף דעם ליד „דער רבי אלימלך", וואָס איז פּאַראָדירט געוואָרן אויף דעם אופן: „אונדזער מלך האָט געהייסן זיין לוסטיק און פריילעך".[277]

דער שעפער פון די הומאָרעסקעס, פּאַראָדיעס און סקעטשן איז געווען דער הומאָריסט שמעון יאַנאָווסקי, באַקאַנט נאָך פון פאַר דער מלחמה, ווען ער האָט געשריבן הומאָרעסקעס און קופּלעטן פאַר די יידישע רעווי־טעאַטערן — „אַראַראַט", „די יידישע באַנדע". יאַנאָווסקיס הומאָריסטישע שאַפונגען זענען אין די 30־ער יאָרן דערשינען אין צוויי אויסגאַבעס. אין אָנהויב מלחמה האָט ער דורך אַ צופאַל פאַרלאָרן אַ פוס.

אין געטאָ איז יאַנאָווסקי געווען — לויט דער באַצייכענונג פון דעם שרייבער ירחמיאל בריקס — „דער פריילעכמאַכער". בייטאָג איז דער „פריילעכמאַכער" געווען באַשעפטיקט אַלס פאָרטיער אין שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן אויף ווועסאָלע גאַס. נאָך דער דאָזיקער אַרבעט צווישן קראַנקע, האָט דער הומאָריסט געשריבן זיינע סקעטשן און פּאַראָדיעס פריילעך צו מאַכן דאָס געטאָ. מער ערנסטע סצענישע זאַכן האָט פאַר דעם רעווי־טעאַטער געשאַפן דער שרייבער א. יאָאַכימאָוויטש, (לעבט אין אַמעריקע).

די אַרטיסטן פון רעווי־טעאַטער * אין געטאָ האָבן אויך אויסגעפירט אינסצע־ניזאַציעס און רעציטאַציעס פון די ווערק פון שלום עליכם, מאַנגער, לוצקי, משה נאַדיר אאנ"ד.[277א]

אין משך פון די זומער־חדשים 1942, בעת דער גרויסער צעטומלעניש, ווען די דייטשע מאַכט האָט כסדר אַריינגעבראַכט אין געטאָ די סעלעקציאָנירטע פון די פאַרטיליקטע קהילות אין לאָדזשער ראַיאָן — האָט אויך דאָס רעווי־טעאַטער כסדר געגעבן זיינע פריילעכע פאָרשטעלונגען. דעם 18־טן יולי 1942 איז געגעבן געוואָרן די צוואַנציקסטע רעווי־פאָרשטעלונג. ביז יענער צייט זענען די פאָרשטעלונגען באַזוכט געוואָרן דורך 10 טויזנט מענטשן.[278] אין דער זעלבער צייט, ווען די דייטשע מאַכט האָט שוין געהאַט צוגעגרייט דעם פּלאַן פון אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים, האָבן די געטאָ־יידן זיך שטאַרק, שטאַרק פאַרנומען מיט קולטור־טעטיקייט.

רומקאָווסקיס פאַרטרויאונגס־מענטש, אַדוו. נעפטאַלין, וועלכער איז, אָפּשאַצנדיק לויט זיינע מעשים, געווען אַן אינטעליגענט מיט ליבשאַפט צו קולטור און ליטעראַטור, האָט נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס, אָרגאַניזירט אַן „עקספּעדיציע" איבער די אָפּגעליידיקטע וווינונגען פון די אַרויסגעשיקטע מערבדיקע, כדי דאָרט צוזאַמענצונעמען די איבערגעבליבענע ביכער און קולטור־חפצים. פון די אויפגע־

---

* גענויער וועגן רעווי־טעאַטער אין לאָדזשער געטאָ — זע א. וו. יאַסני „געשיכטע", ז"ז 346—352.

זאַמלטע ביכער האָט נעפּטאַלין אָרגאַניזירט אַ „וואַנדער־ביבליאָטעק" פאַר די יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די רעסאָרטן. אַ טייל ביכער זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אין דער היים פאַר יוגנט און 150 בענדער — אין אויסבעסערונגס־הויז פאַר יוגנטלעכע, וואָס איז אין יענער צייט געשאַפן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון אַ ספּעציאַליסטין אין דעם געביט, אַ יידישע פרוי פון דייטשלאַנד.[279]

אויך דער ברייטער עולם אין געטאָ האָט אין יענעם פּעריאָד אויסער־געוויינלעך זיך פאַראינטערעסירט מיט ליטעראַטור. אין לייענען ביכער האָבן די געפּייניקטע געזוכט צו פאַרגעסן זיך פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר 1942. ביי זאָנענבערגס ליי־ביבליאָטעק, וואָס ווערט דערמאָנט אין ערשטן באַנד איז געווען אַ גרויסער געדראַנג פון מענטשן. מ'איז געשטאַנען אין לאַנגע רייען פּונקט ווי נאָך ברויט. זאָנענבערג מיט זיינע מיטאַרבע־טער האָבן די ביכער אַרויסגעגעבן ערשט שפּעט נאָכמיטאָג, ווייל זיי האָבן געאַרבעט אין די רעסאָרטן. לייען־אָפּצאָל איז געווען 3 מאַרק אַ חודש און ערבות — אַ באַשטימטע סומע געלט אָדער אַ ווערטפול בוך".[279א]

## ג. ליטעראַרישע שאַפונגען אין געטאָ, וואָס שפּיגלען אָפּ די שטימונגען פון די געפּייניקטע

אין יענעם פּעריאָד פון פאַלקס־אומגליק, ביי יענע שרעקלעכע לעבנס־באַדינגונגען, אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1942, האָבן די שרייבער אין געטאָ — דיכטער, פּראָזאַיקער און פּובליציסטן — געפילט די גרויסע אחריות, וואָס די גרויליקע צייט האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט און אין הונגער און קעלט געשאַפן זייערע ווערק, וואָס שפּיגלען אָפּ די פאָלקס־טראַגעדיע. די שרייבער, וואָס האָבן נישט געדינט דעם יודענעלטעסטען אָדער זיינע מקורבים, נישט באַזונגען אים, נישט געחנפעט זיך צום געשטאַפּאָ־אַגענט דוד גערטלער און זיין „זאָנדער" — האָבן געלעבט אין דעם זעלבן שווערן דחקות־מצב, ווי די פשוטע געטאָ־מענטשן. ווי שרייבער, זענען זיי אָפּטמאָל אויסגעשטאַנען בזיונות ביי דער אַרבעט, וואָס מ'האָט זיי צוגעטיילט. דאָס באַווייזט אַ דאָקומענט, וואָס איז נאָך דער מלחמה אָפּגעפונען געוואָרן אויף די חורבות פון לאָדזשער געטאָ, נעמלעך: די בריוו פון דיכטער ש. שאַיעוויטש צו רומקאָווסקיס הויף־זשורנאַליסט — ש. ראָזענשטיין.

אין איין בריוו האָט דער דיכטער מיט פאַרביטערונג געשריבן וועגן זיין שווערן מצב. ער האָט באַקומען אַרבעט אַלס אויפזעער „איבער הונגעריקע נפשות" — אַ שומר אין גרינצייג־קראַם און דאָרט איז ער געוואָרן באַליידיקט און געשלאָגן ביז בלוט דורך הונגעריקע פאַרביטערטע אָפּנעמער פון שפּייז. מיט גאַליקן סאַרקאַזם האָט שאַיעוויטש דערציילט אין זיין בריוו:

„ביים איבערנעמען מיין אַמט בין איך תחילת אויסגעשטאַנען בזיונות מצד די קאָנסומענטן און דערצו נאָך רדיפות מצדן לייטער פון מיין פונקט. ער, אַ געוווינטער פון יענע צייטן, אַז אַ „וואָזשני" זאָל כורעים ומשתחוים זיין, האָט מיך גאָרנישט געקאָנטליידן. דערצו האָט אים ווער אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז כ'בין אַ יידישער שרייבער, און מער האָט נישט געפעלט, אַז ער זאָל אָפּשפּטן און אָפּלאַכן. אַ שפּאָרע צייט האָט געדויערט ביז ס'איז מיר געלונגען מיטן גוטן און מיטן בייזן צו געווינען אַ געהעריקע באַציאונג".

ביי דער דאָזיקער באַשעפטיקונג, פון פרימאָרגן ביז די שפּעטע אָוונט־שעהן, — „פון כלחוך השור ביז כמעט אשמורה ראשונה" — האָט שאַיעוויטש מיט זיין פרוי און טעכטערל געהונגערט. דאָס קינד האָט געקרענקט און ער האָט נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן אַ מעדיצין. זיין פאָטער און מוטער זיינען אויסגעגאַנגען אין איין חודש און דער זון האָט זיי נישט געקאָנט ראַטעווען. צום סוף פון זיין בריוו רעדט שאַיעוויטש צום געוויסן פון ראָזענשטיין:

„איך וויל גלייבן, אַז איר וועט טון פאַר מיר, וואָס ס'וועט זיין אין אייער יכולת און מיך אָפּראַטעווען פון מאַטעריעלן לחץ און פון דער אַזוי מאָראַלישער פוסטקייט אין וואָס מיין געמיט זינקט". [280]

ביי אַזאַ געפּייניקט לעבן האָט שאַיעוויטש געשריבן זיינע לידער און פּאָעמעס, פון וועלכע נאָר צוויי זענען אָפּגעפונען געוואָרן צוזאַמען מיט די געבראַכטע בריוו.

די צוויי פּאָעמעס — „לך לך" און „פרילינג תש"ב" געהערן צו די הויך־קינסטלערישע ווערק אין דער מאַרטיראָלאָגיע־ליטעראַטור, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין די היטלערישע געטאָס גופא.

אַ חוץ זייער קינסטלערישן ווערט זענען די פּאָעמעס אויך היסטאָרישע דאָקומענטן, וואָס שפּיגלען אָפּ אַלע געפילן און שטימונגען פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ, בעת די דייטשע מאַכט האָט דורכגעפירט די ערשטע גרויסע מאַסן־אויסראָטונג פון די דאָרטיקע איינוווינער, נעמלעך: פּחד פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ, די צוגעבונדנקייט צום אייגענעם ענגען ווינקל און צו דער משפּחה. די פּיין צוליב נישט־וויסן, וואָס עס געשעט אויף דעם אומבאַקאַנטן וועג, אויף וועלכן מ'ווערט געטריבן, ביי גלייכצייטיקער זיכערקייט פון אומקום און די בענקשאַפט פונעם באַוווסטזיניקן ייד פון לאָדזשער געטאָ צו דער גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס זאָל פאַר דער געפּייניקטער עדה זיין אַ וועג־וויַיזער אין דער חושכדיקער נאַכט פונעם לאַנגן מעסער.

די ערשטע פּאָעמע א. נ. „לך לך..." איז געשריבן אין דער פאָרם פון אַ שמועס צווישן דעם דיכטער און זיין טעכטערל בלימעלע. דער פאָטער גרייט צו

זיין קינד צו דער דעפּאָרטאַציע און שילדערט אַזוי די טראַגעדיע פון די יידן, וואָס מוזן פאַרלאָזן דאָס געטאָ:

„און אַצינד בלימעלע קינד־לעב
הער אויף.. נו, הער שוין אויף צו שטיפן...
נישט קיין פּאַסיקע צייט איצט דערויף —
מען קאָן אונדז יעדע מינוט רופן...

צו פאַרלאָזן די אָרעמע היים —
אַן עלנט שיפל אויפן אינדזל פון זאַמד —
און שליידערן אונדז אין מיטן
נאַקעט צעבושעוועטן ים.

אַט דרויסן שלעפן זיך שוין פאַרביי
די ערשטע גרופּן אויפן וואַנדער —
פרויען, מענער, זקנים, אויף דוקנס:
משאות שווערע, אויף הענט — קינדער.

זייערע פאַרבאַבלטער פּנימער
זענען פון שאַנד און פראָסט שיכור רויט,
זייערע שריט — פאַרחלשט וואַקלענדיק,
מיט בליקן — פאַרמשפּטע צום טויט.

נאָר אויף דעם חורבן איז נישטאָ
ירמיה, וואָס זאָל קלאָגן איכה,
ער גייט נישט מיט, מיט זיי אין גלות
צום טרייסט ווי ביי די בבל טייכן.

און שטעל נישט קינד־לעבן אויף מיר אויס
דיינע אויגן מיט הידושדיק געפרעג;
„פאַרוואָס גייען בלויז אָרעמעלייט
און די זאַטע ווו צום ווייטן וועג ?"

ווייס, קינד, — „עולם־וועלט, עולם־אייביק" —
ס'ווערטל פון חכם אַ באַוווּסטן —
כ'האָב דאָך דיר שוין דערציילט די מעשה —
די מעשה מיט די קאָנטאָניסטן.

...אָרעמע קינדער געכאַפּט און פון
טאַטע־מאַמע אָוועקגעריסן.
טאַ וואָס זשע קינד וווּנדערסטו זיך,
אַז יענע צייט לאָזט די געטאָ גריסן...

און מיר מ'זן נעמען אין האַנט
דעם אַלטן וואַנדער־שטעקן און גיין
און נישט וויסן ווו ס'וועט אַהינקומען
אונדזער אָרעם און קראַנק געביין.

צי מיר וועלן קומען ערגעץ
און דערגיין אויף אַן אָפּרו־אָרט
און מענטשן וועלן אויסשטרעקן
הענט, פריינטלעכע מיט אַ גוט וואָרט,

צי ווי פייגל קראַנקע, וואָס בלייבן
ליגן טויט אין פעלד, ערגעץ אין אַ טאָל
וועלן מיר אויסגיין אין מיטן וועג —
נישט קומען צו קבר ישראל". [281]

אין דער צווייטער פּאָעמע א. נ. „פרילינג תש"ב" האָט דער דיכטער מיט דערהויבענעם צער און סאַרקאַזם געשריבן וועגן זיין אייגענער שוואַכקייט און גלייכגילטיקן צוקוקן זיך צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. דער דיכטער פרעגט:

נאָר פאַרוואָס אַ צווייגל, אַ קזשאַק
קנאַקט און פּלאַצט ווען מען טרעט דערויף
און דו אָרעם פאַרשאָלטן האַרץ מיינס
פּלאַצסט נישט פאַר ווייטיק,
ווען דיינע ברידער ווערן ווי די הינט געטריבן ?!
מיינסט אַוודאי — דער נע נד וועט דיך מיידן...
זונהדיק טעמפּ האַרץ :
פאַרוואָס צערינסטו נישט ? —
פאַרוואָס גייסטו נישט אָראָפּ פון זינען
און צעטאַנצט זיך אין מיטן גאַס
און מאַכסט קאָזשעלקעס — מיטן קאָפּ אָראָפּ,

מיט די פּיס אַרויף צום הימל,
מיט די פויסטן געביילט אויף דיין ברוסט,
מיט די פויסטן געביילט צו אים אויבן
און האַקסט די קאָפּ אָן וואַנט
און בייסט זיך אָפּ אַ שטיק האַנט
און זינגסט אַ יום־טובדיקן זמר,
נאָר פון די אויגן גיסן זיך טרערן
פולע עמערס, פולע עמערס —
די אָרעם, פאַרשאָלטן האַרץ
פאַרוואָס פּלאַצסטו נישט פאַר ווײ ?!

אין אַ ווייטערדיקן סטראָף ברענגט שאַיעוויטש צום אויסדרוק די טיפע בענקשאַפט נאָך דעם גרויסן מנהיג, נאָך דער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געפעלט אין לאָדזשער געטאָ. דער דיכטער האָט געפרעגט:

נאָר ווו איז דער גרויסער געטאָ־ייד,
ווו איז דון יצחק אַברבנאַל,
וואָס זאָל פאַר אונדז זיין אַן עמוד ענן,
ווי ער איז עס געווען אַמאָל אין שפּאַניע.
איך האָב נישט קיין כוח דערצו
און די פריינט אויך נישט
טאָ וואָס וועט זיין ?
וואָס וועט זיין מיט די טויזנטער
אָרעמע געטאָ־יידן.
ווער וועט זיי טרייסטן אין זייער גרויסן בראָך,
ווער וועט זיי לינדערן די יסורים
אויף זייער אומהיימלעכן און אומבאַקאַנטן וועג,
ווער וועט היילן די קראַנקע,
ווער וועט פאַרבינדן די ווונדן,
ווער וועט אויפהייבן דעם געפאַלענעם,
ווער וועט אונטערלענען ס'האַרץ דעם פאַרשמאַכטן,
ווער וועט אָנטרינקען דעם דורשטיקן,
ווער וועט באַגראָבן דעם טויטן
און איינשטילן דאָס געוויין פון קינד.
געוואָלט און ווײ — ווו איז דער גרויסער געטאָ־ייד,
ווו נעמט מען דעם יצחק אַברבנאַל ?!

נאָר וואָס קאָן אונדז אַזעלכער היינט העלפֿן —
אין געטאָ וואָלט ער אַליין געגאַנגען
מיט אַ געבויגענעם קראַנקען רוקן
און געהאַלטן פֿאַר אַ קינדער־שפּיל
דעם גאַנצן גירוש ספרד זיינעם
מיט אַלע ביטערע גזירות ביז היינט... [281א]

## ד. יוסף זעליקאָוויטשעס רעפּאָרטאַזשן פונעם לעבן אין געטאָ

די 30 שרייבער, וועלכע האָבן געלעבט אין לאָדזשער געטאָ.* האָבן — יעדער אויף זיין אופן, אין זיין סטיל —געשילדערט די פיינלעכע איבערלעבונגען און דעם געראַנגל פון די יידן, אין הערמעטיש אָפּגעשלאָסענעם וווין־שטח; יעדער פון די שרייבער האָט געשאַפן מיט דעם גלויבן, אַז דאָס בייזע רוצחישע רשעות וועט אָפּגעמעקט ווערן און מענטשן, באַפרייטע, וועלן דאָס געשריבענע לייענען. מיט דעם גלויבן זענען אין געטאָ געשאַפן געוואָרן לידער און פּאָעמעס, סאַטירישע לידער, רעפּאָרטאַזשן, עסייען, אָפּהאַנדלונגען און טאָגביכער. מ׳האָט געשריבן אין 3 שפּראַכן: יידיש, פּויליש און דייטש (די געבראַכטע פון מערב׳), ס׳רוב אין יידיש. נאָר אַ קליינער טייל פון דעם געשרי־בענעם האָט זיך אויפגעהאַלטן אין די אַרכיוון אָדער איז אָפּגעפונען געוואָרן נאָך דער מלחמה אויף די חורבות פון געטאָ. צווישן די אָפּגעפונענע חיבורים זענען פאַראַן די רעפּאָרטאַזש־באַשרייבונגען פון יוסף זעליקאָוויטש, וואָס זענען ווי עס ווייזט אויס געמאַכט געוואָרן אויף דער „הייסער מינוט” נאָך יעדער אויפטרייסלענדער געשעעניש אין געטאָ.[282]

יוסף זעליקאָוויטש האָט נאָך אין די 30־ער יאָרן זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע רעפּאָרטאַזשן פון אָרעמען יידישן לעבן אין לאָדזשער באַלוט, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער דאָרטיקער ציַיטונג „נייער פאָלקסבלאַט”[282א] אין געטאָ האָט ער ממשיך געווען זיין שרייבערישע אַרבעט, אין זעלבן סטיל ביי גאָר אַנדערע באַדינגונגען. נאָר אַ קליינער טייל פון זיינע רעפּאָרטאַזשן איז געלונגען אָפּצוגעפינען. נישט אַלע חיבורים זענען פון זעלבן ליטעראַרישן ווערט. ווייזט אויס, אַז אַ טייל פון זיי זענען געשריבן געוואָרן אויף באַשטעלונג פונעם „אַרכיוו פונעם יודענעלטעסטען”, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פאַראייביקן זיינע אויפטוען אין אויפשטעלן די אַרבעטס־פּאָזיציעס — די רעסאָרטן און די פאַרקויפס־שטעלן. אָבער אויך אין אַזעלכע רעפּאָרטאַזשן האָט זעליקאָוויטש נישט געקאַרגט קיין שאַרפע קריטיק קעגן דער אומאָרדנונג ביים אַרויסגעבן די שפּייז־

* די נעמען פון די שרייבער, זייער טעטיקייט — זע א. וואָלף יאַסני „געשיכטע”, ערשטער באַנד, ז״ז 222, 346—355.

צוטיילונגען. דער שרייבער האָט געגעבן אַן אַלזייטיק בילד פון פּראָטעקציע־סיסטעם, וואָס איז געוואָרן ברייט אויסגענוצט דורך די וועלכע האָבן, אַזוי צו זאָגן „אַ ברייטע קאָנטשאַפט" מיטן פּערסאָנאַל פון די פּאַרטייל־פּונקטן. אַזאַ איינער איז פּאַרזען מיט צוויי, אָדער גאָר מעדרערע לעגיטימאַציעס, וואָס ער גיט זיי אַריין „הינטן אַרום, כדי מען זאָל נישט פון דער קאָסע אויס ברויכן פורש בשמו זיין..." — האָט געשריבן זעליקאָוויטש אין זיין רעפּאָרטאַזש „וועגן דער אומאָרדנונג ביים פּאַרטיילן ירקות". [283]

אין זיין רעפּאָרטאַזש „וועגן דער פּאַרטיילונג פון האָלץ", געשריבן אין שווערן ווינטער 1941, האָט זעליקאָוויטש געשילדערט:

„אומגעווייינלעכע זאַכן זענען אויף אָט דעם דאָזיקן פּלאַץ (פון האָלץ־פּאַרטיילונג) פּאָרגעקומען: אַ גאַנצער שטאַב מיט אָנגעשטעלטע האָבן דאָרט געאַרבעט. כסדר האָט מען דאָרט געזעגט און קליין געמאַכט דאָס בוי־האָלץ, וואָס איז אָנגעקומען גאַנצערהייט פון די פאַרנומענע געביידעס און דאַך... אַ חוץ דעם פּאָליציאַנט (א.ד.) „סטראזשאַק" און אַנדערע ענלעך־מונדירטע, אָדער גוט פּראָטעזשירטע — האָט קיינער קיין שטיקל צעזעגט און צעקליינערט האָלץ נישט געקענט באַקומען".

נאָכן באַשרייבן דעם כאַאָס און ווילדן געראַנגל פון די מענטשן ביים באַקומען האָלץ, האָט זעליקאָוויטש פאַרענדיקט זיין רעפּאָרטאַזש מיט פאָלגנדן שאַרפן פּראָטעסט קעגן באַעוולען דעם אָרעמען שוואַכן געטאָ־מענטש:

„50 פּראָצענט פונעם האָלץ ווערט צעשלעפּט און צעגנבעט, דערצו ווערן נאָך מענטשן פאַרוואַנדלט אין חיות און וואַנדאַלן. צי וואָלט צוליב דעם אַליין נישט כדאי געווען... איינצופירן אַ שטיקל סדר אין דעם כאַאָס און אַ שטיקל אָרגאַניזאַציע, כדי כאָטש צוליב דעם אַליין — צו דערמעגלעכן דעם שוואַכן, גרויען, ערלעכן מענטשן, וואָס קאָן נישט שלאָגן, קאָן נישט גנבענען און קאָן קיין בנינים נישט צעלייגן, אַז ער זאָל באַקומען זיינע עטלעכע קילאָגראַם האָלץ, וואָס זאָל אים דערמעגלעכן נישט געפרוירן צו ווערן? [284]

י. זעליקאָוויטשס רעפּאָרטאַזשן ברענגען אויך אַרויס דעם לעבנסשטייגער פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ: זייער פייניקן זיך ביי דער אַרבעט, הונגעריקע, אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן, דער שרעקלעכער מצב, די ענגע וווינונגען, דעם גורל פון ספרים, תשמישי קדושה, וואָס זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס. אויך די טעמע — פאַרברעכן און שטראָף אין געטאָ — האָט באַקומען אַ ברייטע באַלייכטונג אין די דאָזיקע חיבורים.

אין אַלע זיינע באַשרייבונגען, וואָס פאַרנעמען הונדערטער זייטן, האָט י. זעליקאָוויטש געברענגט צום אויסדרוק זיין ליבשאַפט און מיטגעפיל צו די געפּייניקטע יידן אין לאָדזשער געטאָ. ער האָט נישט פאַרשוויגן זייערעליידן, נאָר זיי

ארויסגעבראַכט אין שאַרפסטן ליכט. ער האָט נישט געשאָנעוועט די אויבערשטע 10 טויזנט אין געטאָ, וואָס האָבן אויסגענוצט זייער מאַכט, וועלכע זיי האָבן באַקומען פון די דייטשן כדי צו לעבן בריוח, (פאַר יענע פאַרהעלטענישן) אויפן חשבון פון געפּייניקטן און פאַרהונגערטן געטאָ־פאָלק. זעליקאָוויטשעס רעפּאָרטאַזש וועגן „פאַרברעכן און שטראָף אין געטאָ", איז אַ שרעקלעכער באַשולדיגונגס־אַקט קעגן די געטאָ־פּני, קעגן „שנעל־געריכט", וואָס רומקאָווסקי האָט אויפגעשטעלט. צוויי ציטאַטן פון יענעם חיבור גיבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג פון יוסף זעליקאָוויטשעס שרייבן וועגן געטאָ:

„ווען פון איין זייט האָבן מענטשן זיך געגאָרעט אין די מיסטן ווי חזירים בכדי פון דאָרט אַרויסצוזוכן פאַרשידענע פּסולתן און אָפּפאַלן און אויפן אָרט דאָס דאָזיקע אויפצועסן, האָבן פון דער צווייטער זייט אַנדערע, וואָס האָבן די מעגלעכקייט געהאַט, געגנבעט, געגזלט, געפּרעסן און געזויפט — — פּראָטעקטאָרן האָבן גענומען שוחד פאַר אויסאַרבעטן גוטע פּאָסטנס פאַר לא יוצלחס און לײדיקגייערס, בעת אַזויפיל בוצלעכע און געזונטע הענט, בעת אַזויפיל גוטע און קלוגע קעפּ, האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון מיט זיך און זענען געשטאָרבן פאַר הונגער... און די דאָזיקע פּראָטעקטאָרן זענען געווען „שיינע יידן" און זענען דורכן שנעלגעריכט נישט געמשפּט געוואָרן". [285]

עס איז דעריבער פאַלש די מיינונג, אַז „זעליקאָוויטש האָט פּונקט, ווי אַ ריי פלאַסטיקער" אין לאָדזשער געטאָ, געשריבן אויף רומקאָווסקיס באַשטעלונגען. אַפילו אין די שבחים אויפן חשבון פון „פּרעזעס", וואָס מ'טרעפט אין זעליקאָוויטשעס רעפּאָרטאַזשן, פילט זיך אויך אַ געוויסע איראָניע. ווי למשל: דער רעפּאָרטאַזש וועגן פאַרטיילונג פון האָלץ הייבט זיך אָן מיט — „דער פּרעזעס האָט אין זיין גרויסצוגיקייט אויסגעשריבן אויף יאַנואַר אַ באַהייצונגס־צוטייל פון 6 קילאָגראַם קוילן און 15 קילאָגראַם האָלץ אויף אַ קאָפּ". ווייטער קומט די באַשרייבונג, וואָס עס איז אַרויסגעקומען פון דער „גרויסצוגיקייט". פון איר האָבן געגאָסן דער „פּאָליציאַנט, סטראַזשאַק, מונדירטע אָדער פּראָטעזשירטע". [286]

די בעסטע שאַפונג פון יוסף זעליקאָוויטש איז זיין קינסטלערישער רעפּאָר־טאַזש א.ב. „סעפּטעמבער 1942, אין יענע קאָשמאַרנע טעג". אַ בילדערישע שילדערונג אין פאָרם פון כראָניק פון דער דייטשער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים, וועגן וועלכע עס וועט געשריבן ווערן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

*

בכלל פאַרנעמען רעפּאָרטאַזשן, טאָג־ביכער און באַשרייבונגען זייער אַ וואָגיק אָרט אין דער איבערגעבליבענער אָדער אָפּגעפונענער ליטעראַטור, געשריבן אין לאָדזשער געטאָ. נישט ביי אַלע רעפּאָרטאַזשן זענען אָנגעגעבן די מחברים.

אַזוי איז נישט באַקאַנט, ווער עס האָט געשריבן די רעפּאָרטאַזשן פאַר B.K.C. (אין פּויליש), וואָס שילדערן בולט און פּינקטלעך: די גרויסע דעפּאָרטאַציעס אין די חדשים יאַנואַר—מאַי 1942, דאָס ברענגען די ציגיינער, זייער געטאָ אין געטאָ און זייער טויט, דאָס עפנטלעכע אויפהענגען, די באַשרייבונג פון הערצבערגס אַרעסט, דאָס אַריינטרייבן אין געטאָ פון בזשעזשינער און פּאַביאַניצער גולים, בכלל דעם גאַנצן שלל פון שילדערונגען, מיט וועלכע עס זענען פול די ערשטע צוויי בענדער 1941/42 פון „Biuletyn Kroniki Codziennej"[287].

פון די דאָקומענטן איז נאָר באַקאַנט ווער עס האָט דעמלס געאַרבעט אין אַרכיוו, ווו עס איז געשריבן געוואָרן דער „Biuletyn"*. אין דעם זעלבן פּעריאָד זענען אויך געשריבן געוואָרן די טאָגביכער פון האָרוויץ־קלעמענטינאָווסקי, דוד שעראַקאָוויאַק. די טאָג־נאָטיצן און פאַרצייכענונגען פון שמואל ראָזענשטיין — רומקאָווסקיס הויף־זשורנאַליסט, און די פאַרצייכנונגען פון קונסטמאָלער לייזעראָוויטש. דאָס ווערטפולע אָפּגעפונענע טאָגבוך פון יעקב הילער, שילדערט דאָס לעצטע יאָר פון געטאָ — 1944.

### ה. די העברעאישע צייטשריפט, געשאַפן און אַרויסגעגעבן פונעם אָרטאָדאָקסישן שרייבער — אַלטער שנור

זייער גרויס איז די צאָל פון סאַטירישע לידער, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין געטאָ. אין אַרכיוו האָבן זיך אויפגעהאַלטן די לידער פון ישראל בער איצינגער, אונטער דעם פּען־נאָמען אַלטער שנור, איז ער נאָך פאַר דער מלחמה געווען באַקאַנט ווי אַ שרייבער און רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט פון „פּועלי אגודת ישראל אין לאָדזש".

אַלטער שנור—איצינגער האָט געשטאַמט פון גאַליצישן ריישע, איז אויסגע־וואַקסן אין אַ פרום חסידישער משפּחה און סביבה, געענדיקט אַן אָרטאָדאָקסישן לערער־סעמינאַר און שפּעטער צוזאַמען מיט זיין פרוי געווען לערער אין דער לאָדזשער בית יעקב־שול. אין געטאָ איז ער אַריין מיט זיין פרוי און צוויי קינדער און געהאַט אַ שווער פיינלעך לעבן, פונקט ווי שאַיעוויטש געווען אויסגעשטעלט אויף באַליידיקונגען ביי זיין אַרבעט, וואָס ער האָט באַקומען; דער באַוווסטער שרייבער ירחמיאל בריקס, וואָס האָט איבערגעלעבט דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט אין דער ביאָגראַפישער אויפשטעלונג פון אַלטער שנורס לעבן, אַזוי דערציילט:

„אַלטער שנור האָט געאַרבעט (אין געטאָ) אַלס פּאַרטיער אין דער פאַרבעריי, ווו די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן די וועש און מלבושים פון די אויסגעקוילעטע

---

* גענויער וועגן געטאָ־אַרכיוו און „ביולעטין", זע א. וואָלף יאַסני „געשיכטע", ערשטער באַנד, ז"ז 354—355.

יידן אויף איבערצופאַרבן. זיין אַרבעט איז געווען: איינצושרייבן די אַלע, וואָס זענען אַריין און אַרויס און זיי רעווידירן צי זיי טראָגן נישט עפּעס אַוועק, ווי אויך עפענען און צומאַכן דאָס טויער פון פאַבריק. שנור האָט געהאַט איבער זיך אַ „קעראָווניק" (אַ דירעקטאָר) אַ רשע, וואָס האָט אים אָנגעטאָן גרויסע צרות. געהייסן האָט ער שפּילקע, אַ געוועזענער טעקסטיל־פאַבריקאַנט — — — שפּילקע איז געשטאַנען אַלטער שנורן הינטער די פּלייצעס, בעת ער האָט רעווידירט — אָן אַרבעט, וואָס איז פאַר אים געווען ערגער ווי דער טויט. ער האָט געהונגערט און געמוזט האַלטן אין איין לויפן אויפעפענען און צומאַכן דאָס טויער". [288]

לויט די אינפאָרמאַציעס פון יעקב צבי יאָסקאָוויטש, אַ חבר פון אַלטער שנור פון פאַר דער מלחמה און אויך אין לאָדזשער געטאָ, האָט שנור אַליין געשאַפן אין געטאָ אַ ליטעראַרישע אינסטיטוציע. ער האָט, נעמלעך, אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט אין העברעיש, געשריבן מיט דער האַנט א. נ. „המספר" („דער דער־ציילער"). נאָר 1 עקזעמפּליאַר פון דער צייטשריפט מיט דער איבערשריפט — „המספר, שנה שלישית" און אַ ליטעראַרישער צוגאָב א. נ. „מן המצר", איז אָפּגעפונען געוואָרן נאָך דער מלחמה אין אַ חרוב הויז אין געטו. לאָדזשער געטאָ. פון דער פּובליקאַציע דערוויסט מען זיך, אַז „המספר" איז דערגאַנגען ביז 120 נומערן.

„מן המצר", דער ליטעראַרישער צוגאָב צום נומ. 120 פון „המספר" (10 זייטן) האָט אינדערמיט פון פאָדערבלאַט אַ מגן דוד מיט אַ ליד אין העברעיש אין מגן דוד, וואָס לייענט זיך:

„מגן־דוד

היום אותותיך צהב
על ערפי סובלי רעב
ותלה אתה מאחור ולפנים
לאות קלון — זה שתי השנים.
עוד ימים יגיעו, ימי הגאולה
והשבת על מקומך כבתחילה
לא׳ת מגן על בתי־הכנסות, (הכנסיות ?)
ועל מקומות שראוי בם להיות.
ודגל יהודה בך יתנוסס ברמה,
תהי זכר לצרות, לעני וצמה,
וגם סמל החרות, הגאולה, הדרור,
סמל השירה — עת האור". [289]

ביי דעם ליד און מגן דוד, איז אויפן פאָדערבלאַט צוגעשריבן: „שבועון 1, №, 10 עמודים, הוספה ספרותית „להמספר", מספר 120, יום ג׳ י"ג תמוז תש"א,

8 יולי 1941, נדרים ע״ז בעזרת השם יתברך״. דאַן קומט דער אינהאַלט פון די אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, וואָס זענען פאַראַן אין דעם נומ. 1 „מן המצר״.

פון דעם דאָזיקן ליטעראַרישן צווייוואָכנבלאַט זענען אַפּגעפונען געוואָרן 3 נומערן: 1 און 2, ביידע פון חודש יולי 1941 און אַ טאָפּלנומער — 3—4, האָט די דאַטע פון חודש אָב, התש״א, ד. ה. מיט א חודש שפּעטער פון זעלבן יאָר. אַלע 3 נומערן „מן המצר״ אַנטהאַלטן אינטערעסאַנטע באַשרייבונגען פונעם לעבן אין לאָדזשער געטאָ. אין ערשטן פּעריאָד, אַרעסט פון יודענראַט, פאַרפאַלגונגען פון דער דייטשער מאַכט, באַשרייבונגען פון פרומען לעבנסשטייגער אין געטאָ: דאַוונען און לערנען אדג״ל. אין ליטעראַרישן טייל קומען: „שירי הגיטו — מדור מיוחד לאסוף את השירים העממיים בתוככי גיתו״ * (געטאָ־לידער, אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פאַר אויפזאַמלען די פאָלקס־לידער אין געטאָ). געשריבן אין יידיש, אַלעס אַנדערע איז אין דער צייטשריפט אין העברעיש. עס ווערן דאָרט אויך געבראַכט נעקראָלאָגן און הומאָר. [290]

ווי עס איז צו זען האָט די געטאָ־צייטשריפט, לויט יאָסקאָוויטש — אויפגע־שטעלט און געשריבן דורך אַלטער שנור־איצינגער—געהאַט אַ פרום אָרטאָדאָקסישע טענדענץ, וואָס איז טאַקע לויט דעם גייסט און כאַראַקטער פון אַלטער שנור. די לידער וואָס ווערן געבראַכט אין דער דערמאָנטער אויסגאַבע, באַצייכנט ווי „געטאָ־פאָלקס־שירים״, געהאַלטן אין שאַרף סאַטירישן נוסח — זענען פון קיינעם נישט אונטערגעשריבן.

פראָפ. ב. מאַרק ז״ל, אין זיין בוך א.ב. „אומגעקומענע שרייבערס אין געטאָס און אין לאַגערן״, דערמאָנט עטלעכע לידער פון אַלטער שנור, וואָס זענען פאַראַן אין „מן המצר״ ווי: „מגן דוד״, „די ראַציע״, „כ׳בין אַ פּאָליציאַנט״, „געטאָ געטאָניו״, „פּופּצן מאַרק״. אין דעם בוך ווערט אָבער נישט אָנגעגעבן, אַז עס איז געווען אין געטאָ אַ ליטעראַרישע צייטשריפט „מן המצר״ און דאָרט זענען די לידער געווען פאַרעפנטלעכט. וועגן מחבר פון די לידער האָט ב. מאַרק געשריבן:

„אַלטער שנור האָט אין געטאָ אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע ליטעראַרישע טעטיקייט. ער האָט אָרגאַניזירט אַן אומלעגאַלע ליטעראַרישע צייטשריפט א. ב. „געטאָ־שריפטן״. מיר געפינען דאָרט לידער געחתמעטע דורך א. שנור און לידער אונטערגעשריבענע מיט אַנדערע נעמען, למשל: מאַריזאָוויטש, מ. גרינוואַלד, א. ב. פרידמאַן, אברהם מייזלס, סאַדענקעוויטש, פּרוי ברייטבאַרד, ש. מערקער, רויזע וויינטרויב, נחום טשעכאַנאָווסקי און מיט ראשי תיבות ר.א. דאָס זענען ס׳רוב סאַטירישע לידער און משלים געווענדעט מיט זייער שאַרף קעגן די מושלים פון געטאָ, באַשרייבונגען פון דער פּיין־אַרבעט אין רעסאָרטן, אין פּערזן־געשריבענע כראָניק פון טרויעריקן געטאָ־לעבן. די אָנגעגעבענע נעמען אין דער צייטשריפט

* אַזוי איז אין אָריגינאַל — „הגיטו״, דעם צווייטן מאָל — „גיתו״.

זענען וואָרשיינלעך אינגאַנצן אָדער ס׳רוב פסעוודאָנימען פון אַלטער שנור אַליין. וועדליק עס גיט איבער אַן עד ראיה — האָט אַלטער שנור אָנגעשריבן נאָך אַנדערע לידער און אויך אַ פּאָעמע, אָבער מ׳האָט זיי ליידער נישט געפונען״ [291]

אַלטער שנור האָט גרופּירט אַרום זיך בחורים און מיידלעך, וועלכע זענען געקומען שבת פאַרנאַכט אין זיין ענגער וווינונג. דאָרט האָט דער עקזאַלטירטער שרייבער געזאָגט פאַר זיי „תורה״ און „נאַיוו געפּרעדיקט: מ׳טאָר נישט פאַרגיסן קיין בלוט. אַפילו אין די דייטשן זאָל מען נישט נקמה נעמען דורך בלוט פאַרגיסן, נאָר דורך צוריקצאָלן זיי מיט גוטס פאַר שלעכטס, דאָס וועט זיי ווייטאָן וועלן זיי זיך שעמען״ — אַזוי האָט געשריבן ירחמיאל בריקס אין אַ ביאָגראַפישן עסיי וועגן זיין געטאָ־חבר אַלטער שנור. [292]

אַ חוץ די דערמאָנטע שרייבער, וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן אין אַשוויענטשים, האָבן אין געטאָ געלעבט די דיכטער און פּראָזאַיקער: ישעיהו שפּיגל, רבקה קוויאַטקאָווסקי, ירחמיאל בריקס, חוה ראָזענפאַרב. זיי האָבן דערלעבט די באַפרייאונג און זייערע ווערק, געשאַפן אין געטאָ, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך דער מלחמה, גיבן אין בילד און אין שילדערונג, פּסיכאָלאָגיש פאַרטיפטע איבערלעבונגען אין געטאָ. אויף אַ באַזונדערס הויכער קינסטלערישער מדריגה זענען די געטאָ־נאָוועלן פון ישעיהו שפּיגל.

### ז. די געהיימע צוזאַמענקונפטן פון שרייבער און קינסטלער

די שרייבער און קינסטלער אין לאָדזשער געטאָ, האָבן נאָך די ערשטע גרויסע דעפּאָרטאַציעס, אין פרילינג 1942, דערפילט, אַז עס זענען נויטיק אָפטע שרייבערישע צוזאַמענקונפטן, וווּ מ׳זאָל לייענען און באַהאַנדלען דאָס געשאַפענע. אַזאַ אָרט פאַר צוזאַמענקונפטן האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטעלט ביי דער עלטערער דיכטערין מרים אולינאָווער. אָבער אין מאַי 1942 איז דאָס געהיימע צוזאַמענקומען זיך ביי דער דיכטערין אין וווינונג געוואָרן סטאַבילער און אָנגענומען אַן אָרגאַניזירטע פאָרם. [293]

געבוירן אין לאָדזש, אין יאָר 1890, איז מרים אולינאָווער, אין באַשריבענעם פּעריאָד, געווען די עלטסטע דיכטערין מיט שעפערישן סטאַזש און פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע. זי האָט אָנגעהויבן שרייבן און פאַרעפנטלעכן לידער און פּאָעמעס נאָך אין יאָר 1916, אין יאָר 1922 האָט אולינאָווער פאַרעפנטלעכט איר לידער־בוך „מיין באָבעס אוצר״, וואָס האָט אַרויסגערוקט די דיכטערין אין אויבנאָן פון דער יידישער פּאָעזיע. אָבער אַ חוץ דיכטערין איז זי אויך געווען אַ גוטע האַרציקע יידישע פרוי, רעליגיעז געשטימט, מיט פאַרשטענדעניש פאַר מענטשן. וואָס זענען פריי פון פרומקייט־עול. מיט צאַרטער מוטער־ליבע האָט זי

אויפגענומען מענטשן, באַזונדערס שעפערישע מענטשן, וואָס זענען איר געווען נאָענט. [294]

אָט די אייגנשאַפטן האָבן די באַשיידענע רעליגיעזע פרוי און דיכטערין געשטעלט אין צענטער פון דער שרייבער־גרופּע אין לאָדזשער געטאָ. נאָך דער פאַרוויסטונג, וואָס די גרויסע דעפּאָרטאַציעס האָבן געבראַכט אין די הערצער פון די שעפערישע מענטשן, זענען די צוזאַמענקונפטן אין דער וווינונג פון מרים אולינאָווער געווען אַ דערהויבונג און שטאַרקונג פון געמיט.

אין אַן עסיי א. ב. „אין געטאָ מיט מרים אולינאָווער" האָט י. שפּיגל אַזוי באַשריבן די ליטעראַרישע צוזאַמענקונפטן:

„אין פאַרצוימטן געטאָ האָט גענומען רחבותדיק שטראַלן איר נשמה־ליכטיקייט. אין געטאָ־פינצטערניש האָט די שרייבער־גרופּע זיך געקלאַמערט אַרום איר, צו אירע טונקעלע חדרים, — — — אויב עס איז געווען עפּעס דערהויבנס אין געטאָ — איז עס פאַר די פאַרבליבענע פּען־מענטשן געווען די שטוב־אַטמאָספערע פון מרים אולינאָווער. מ'קאָן נישט רעדן וועגן אַ ליטעראַרישן צענטער אין יענע תהום־באַדינגונגען, דער צענטער פון יעדן איז געווען זיין ביז שגעון געשאַפענע האַרץ־וואַכזאַמקייט, ווו ס'האָבן גענעסטיקט אַזעלכע גרוילן, וואָס שטייגן איבער די שוואַרצע דמיונות פון דאַנטע און עלען פאָ. פונדעסטוועגן האָט די קליינע שרייבער־גרופּע נישט געלאָזט אויסגיין דעם יצירה־פונק, וואָס ס'האָט אים אַזוי אויפגעבלאָזן און געוואַרעמט מיט איר רחמימדיקן בליק די דיכטערין פון „מיין באָבעס אוצר". [295]

ביי מרים אולינאָווער האָבן זיך געזאַמלט אַלע שרייבער, וואָס האָבן געשאַפן אין ידיש. דאָרט האָבן פאָרגעלייענט זייערע ווערק — די שוין דערמאָנטע: שאַיעוויטש, אַלטער שנור און די לענגעבליבענע — י. שפּיגל און י. בריקס, וואָס האָבן געהערט צו די שעפערישסטע שרייבער אין געטאָ. עס האָבן געלייענט זייערע ערשטע לידער די יונגע — ריווע קוויאַטקאָווסקאַ, חוה ראָזענפאַרב אאנ"ד, וועמענס שעפערישקייט איז ערשט אויפגעגאַנגען אין געטאָ.

אַ חוץ דער גרופּע שרייבער, וואָס האָט זיך געזאַמלט ביי מרים אולינאָווער, זענען אויך געווען יוגנטלעכע, וואָס האָבן אָנגעהויבן שרייבן לידער און פּראָזע אין דער פּוילישער שפּראַך. פּראָפ. ב. מאַרק, אין זיין שוין דערמאָנטן בוך „אומגעקומענע שרייבער אין די געטאָס און לאַגערן", גיט אַן פאָלגנדע נעמען פון די יוגענטלעכע דיכטער, וואָס האָבן געשריבן אין פּויליש: ר. גליקסמאַן („ר. ג."), („ל. א".) ל. אש, מ. פאָגעלמאַן („מ. פ."), פ. ציגעלבערג, ל. דודעלטשיק (ל.ד.) זייערע 65 לידער אין פּויליש זענען אויפגעזאַמלט „אין אַ דיקן ברוליאָן", וואָס איז אָפּגעפונען געוואָרן דורך מיטאַרבעטער פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. „די שטאַרקסטע אין דער זאַמלונג זענען די סאַטירישע מאָטיוון, טיפע

פאַראַכטונג און גרענעצלאָזע שנאה צו די געצייגן פונעם שונא, צו די יודענראַטיש פּאָליציייאישע עלעמענטן".

די נעמען פון די יונגטלעכע שרייבער אין פּויליש, וואָס ווערן אָנגעגעבן אין אָפּגעפונענעם ברוליאָן פיגורירן נישט אין קיין שום זכרונות פון די לעבנ־געבליבענע שרייבער. עס באַקומט זיך אַזוי אַרום דער איינדרוק, אַז צווישן די ביידע גרופּן שרייבער (יידישע און פּוילישע) איז נישט געווען קיין שום קאָנטאַקט. ב. מאַרק באַצייכנט די גרופּע פּויליש־שרייבער ווי אַ לינקע „קעמפעריש־געשטימטע יוגנט". [296]

צוזאַמען מיט די שרייבער זענען אין דערמאָנטן פּעריאָד געווען אין געטאָ 13 מאָלער און גראַפיקער, צווישן זיי 8 פון די געבראַכטע פון מערב־איראָפּע. וואָס זענען נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן בעת די דעפּאָרטאַציעס. דער רוב פון זיי איז געווען באַשעפטיקט אין סטאַטיסטישן אַמט אין געטאָ. דאָרט האָבן זיי געמאַכט קינסטלעריש אויסגעפירטע סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען, דיאַגראַמען פון דער פּראָדוקציע אין די רעסאָרטן, מאָלערישע אַלבאָמען, מעטאַלאָפּלאַסטישע קריצונגען, באַגריסונגען מיט קינסטלערישן־געפאָרמטע אותיות, אויסגעפירט אויף פּאָרמעט דורכן סופר אברהם קבצן, פאַרן לויב פון „נשיא פון געטאָ" (רומקאָווסקי). די דאָזיקע אַרבעטן זענען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן באַשטעלט געוואָרן דורך די אָנפירער פון די רעסאָרטן, פּאָליציי־קאָמיסאַרן און בכלל פון די מקורבים פונעם יודענעלטעסטען. [297] עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן צי די מענטשן האָבן טאַקע ערנסט גענומען זייערע אַלע באַגריסונגען און לויבגעזאַנגען פאַר רומקאָווסקין, אָדער עס איז געווען אַן אויסדרוק פון חניפה פאַר דעם אַלמעכטיקן „פּרעזעס" פון געטאָ.

עטלעכע קינסטלער־פּלאַסטיקער האָבן אינדיווידועל זיך אויסגעלעבט אין זייער קונסט, אַזעלכער איז געווען יצחק ברוינער. ער האָט געזוכט עפּעס נייע קונסט־פאָרמען, וואָס זאָלן ברענגען צום אויסדרוק די אויסטערלישע איבער־לעבונגען אין דעם עמק הבכא. וועגן ברוינערס שאַפונגען אין געטאָ האָט דער דיכטער ישעיהו שפּיגל געשריבן אין זיין אָפּהאַנדלונג:

„ברוינער האָט שוין אין יאָר 1943 געשאַפן עפּעס אַן אויסטערלישע קונסט־ריכטונג אין זיין מאָלעריי און קופּער־שטיכן. זיינע ריזיקע האָלץ־שניצערייען אין וואַרשטאַט אויף פּיוונע 21, די הילצערנע פיגורן, די יידן־קעפּ, די איינגעבויגענע פּלייצעס מיט די געלע לאַטעס, האָבן געטראָגן דאָס אייגנאַרטיקע פון די אַלטע עגיפּטישע געמעלן און פיגורן. „מיר לעבן אין מצרים" — פלעגט מיר דער קינסטלער זאָגן — און זיינע ווונדערלעכע לייוונטן, די האָלצשניטן און קופּערשטיכן, האָבן טאַקע געאָטעמט מיטן אַלטן מצרים און איבערגעגעבן אין פולער טיפקייט די געטאָ־קנעכטשאַפט פון די יידן אין 20־טן יאָרהונדערט".

יעדע געשעעניש אין געטאָ איז געווען אַ טעמע פאַר ברוינערס לייוונטן.



**אַ שיידל צו אַ מיניאַטור־מגילה, מיט קינסטלערישע גראַווירונגען, אויסגעאַרבעט פון אַן אומבאַקאַנטן קינסטלער אין דערמאָנטן סטאַ־טיסטישן אַמט.**

**דאָס שיידל, ווי עס איז צו זען פון דער אינשריפט, איז ווי אַ מתנה געגעבן געוואָרן רומקאָווס־קין פון זיינע נאָענטסטע מיט־אַרבעטער און יועצים.**

**דער טעקסט אין יידיש: „אַן אייביקער אָנדענק זיין קעניגלע־כער מאַיעסטעט, דעם פרעזידענט מרדכי חיים רומקאָווסקי, צו זיין געבוירנטאָג".**

**ווייטער קומען די נעמען פון די מתנה־געבער און צום סוף: „ליצ־מאַנשטאַדט, געטאָ, יום הפורים, שנת תש"א.**

דאָס שיידל איז דורך יעקב קאַפּלאַן (אַמעריקע) איבערגעשיקט געוואָרן אין „יד ושם" ת"א.

אַזוי האָט ער געמאָלען אַ בילד „גירוש לאָדזש", וואָס האָט צוליב לעגאַלע טעמים געהאַט די צושריפט „גאַנג קיין וואַרשע". אין געטאָ האָט יעדער געמוזט זיין צוגעשריבן צו אַ באַשטימטן אַרבעטס־פּלאַץ. ברוינער האָט „אָפיציעל" געאַרבעט ביי דער סאָרטירונגס־אָפּטיילונג פון פעדערן פון בעטגעוואַנט. זיין „אַרבעטס־אָרט" איז געווען די „קירך פון דער הייליקער מאַריאַ", ווו די דייטשע מאַכט האָט איינגעלאַגערט וואַגאָנעסווייז פעדערן פון בעטגעוואַנט, אָנגעזאַמלטע אין די געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן נאָכן אויסמאָרדן זייערע איינוווינער. ביי זיין אַרבעט האָט ברוינער געמאָלן אַ בילד: „אַ לאַגער פון יידיש בעטגעוואַנט". אויף דעם בילד זעט מען: אויף דעם פּאָן פון דער קירך־געוועלבונג די אָנגעוואָרפענע פּעק בעטגעוואַנט און די יידישע פרויען, וואָס זענען דאָרט באַשעפטיקט ביי דער סאָרטירונג. [298]

אַ קינסטלער פון אַזאַ פאַרנעם ווי ברוינער איז געווען ישראל לייזעראָוויטש — די טראַגישסטע געשטאַלט צווישן די קינסטלער פון לאָדזשער געטאָ. זיין הויקערדיק אויסזען האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ מרה שחורה. ער איז אַריינגעפאַלן אין מיסטישע שטימונגען און פאָרויסגעזען דעם טראַגישן סוף פון לאָדזשער געטאָ. בעת אַ פאַרווייַלונג אין אַן אָפּרו־קאָלאָניע אין מאַרישין, ווען דער עולם האָט זיך צעטאַנצט, האָט לייזעראָוויטש אויסגערופן: „עס איז דאָך משוגעת, מתים טאַנצן אויף זייערע קברים. דאָס איז נישט נאָרמאַל, מיר זענען דאָך האַלבע מתים, ווי אַזוי קאָנען מענטשן טאַנצן אין אַזאַ צייט?"

י. לייזעראָוויטש האָט אין געטאָ געמאָלן בילדער פון אַ ברייטן פאַרנעם, און בילדער, וואָס האָבן אַפּאָטעאָזירט רומקאָווסקין, עס איז שווער פעסטצושטעלן, צי ער האָט טאַקע געזען אַ דערלייזונג אין רומקאָווסקיס טעטיקייט, אָדער צוליב פּערזענלעכן נוצן זיך געחנפהט צום יודענעלטעסטען. אין די זכרונות פון שרייבער, וואָס האָבן געלעבט אין געטאָ אין איין צייט מיט לייזעראָוויטשן, זענען נישט פאַראַן קיין שום אויסדרוקן לגנאי דעם דאָזיקן מאָלער. אַלע שילדערן אים ווי אַ פיינפילנדן און צאַרטן מענטש. לייזעראָוויטש האָט אויך געשאַפן לידער און נאָטיצן פון אַ מיסטעריעזן אינהאַלט, וואָס עס האָט אים דערנענטערט צו די שרייבער. אויך זיין אַטעליע איז געווען אַ זאַמלונגס־אָרט פאַר אַ גרופּע פען־מענטשן. [299] צווישן די קינסטלער־פּלאַסטיקער, וואָס האָבן געמאָלן אין לאָדזש זענען אויך געווען: שרה גליקסמאַן, היינט פּייטלאָוויטש און י. שיליס. בעתן שרייבן די שורות לעבן זיי אין ישראל.

### ז. מעדיצינישע אַנשטאַלטן אין געטאָ ערב דער דייטשער אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים

אין די זומער־חדשים 1942, ערב דער דייטשער אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים, איז דער מצב פון געזונטהייט־שוץ אין לאָדזשער געטאָ געווען

אויף דער העכסטער מדרגה פון זיין אַנטוויקלונג. אין געטאָ זענען געווען 6 שפּיטעלער מיט 1550 בעטן, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאָלאָסאַלע שטייגערונג פון שפּיטאָל־וועזן, אין פאַרגלייך צום איינציקן שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקע 36 מיט 300 בעטן, וואָס דאָס געטאָ האָט פאַרמאָגט אין די ערשטע חדשים פון זיין אַנטשטיין. דאָס שפּיטאָל פאַר לונגען־קראַנקע אויף וועסאָלע גאַס, וואָס האָט מתחילת געהאַט נאָר 150 בעטן, איז אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט אויס־געבויט געוואָרן אויף אַ דריישטאָקיקן בנין פאַר לונגען־קראַנקע, וואָס האָט אין זומער 1942 געהאַט 400 בעטן. אין יענעם יאָר איז אויך געווען אין געטאָ די גרעסטע צאָל פון שווינדזוכט־קראַנקע און די שטערבלעכקייט האָט דערגרייכט ביז 2,4 פּראָצענט, ד. ה. איבער 2,400 נפשות אין דערמאָנטן יאָר.[300]

די דייטשע מאַכט האָט באַקומען גענויע באַריכטן פון דער צאָל קראַנקע אין געטאָ. יעדער פאַל, פאַרזען מיט אַ לויף־נומער. אויף דער מינדעסטער אומאָרדנונג אין דער טרויעריקער סטאַטיסטיק, האָט דער געטאָ־דיקטאַטאָר האַנס ביבאָוו תיכף רעאַגירט. ווי שוין דערמאָנט, האָט ער אין אַ בריוו צו רומקאָווסקין אַנגעפרעגט זיך פאַרוואָס עס פעלט דער לויף־נומער ביי די געשטאָרבענע מערב־יידן. „צוליב פעלן פון אַזאַ נומער, ווייסט מען נישט וויפל עס איז אָפּגעגאַנגען" — האָט ביבאָוו געשריבן אין זיין בריוו.[301] די דייטשע מאַכט, וואָס האָט דעם הונגער אין געטאָ דערפירט ביז דער העכסטער מדריגה און דערמיט פאַרשטענדלעך צוגע־גרייט דעם באָדן פאַר דער קאָלאָסאַלער שטייגערונג פון כלערליי קראַנקייטן — האָט געגעבן איר הסכמה צום פונאַנדערבוי פון שפּיטאָל־וועזן, אָבער דאַביי נישט באַזאָרגט אין געטאָ קיין מעדיקאַמענטן פאַר די שפּיטעלער און אַפּטייקן. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די דייטשע הילף ביים בויען די שפּיטעלער האָט געהאַט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, דעם איינציקל ציל: קאָנצענטרירן די קראַנקע אין די הייל־אַנשטאַלטן, האָבן אַ רשימה פון די טויזנטער קראַנקע, וואָס זענען דורכגעגאַנגען די שפּיטעלער און אַמבולאַטאָריעס, כדי צו קאָנען זיי אַרויספירן אין דער פּאַסיקער צייט, קיין כעלמנאָ.

וועגן די דאָזיקע פאַרברעכערישע כוונות פון דער דייטשער מאַכט האָבן די דאָקטוירים און די באַפעלקערונג אין געטאָ אַפילו נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן. מיט אַלע מיטלען האָבן די דערשלאָגענע און געפּייניקטע יידן מיט זייער אינטעליגענץ געפירט אַזַ עקשנותדיקן קאַמף קעגן דעם געפערלעכן אויסראָטונגס־שונא — קראַנקייטן. דאָס שפּיטאָל־וועזן, וואָס איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן ביז דער דערמאָנטער צאָל, האָט געהאַט אַלע מעדיצינישע אָפּטיילונגען: אינערלעכע קראַנקייטן, כירורגיע, אוראָלאָגיע, פרויען־קראַנקייטן, אַנשטעקנדע קראַנקייטן ווי אויך אַ קינדער שפּיטאָל, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ געוועזענעם שול־בנין אויף לאַגעווניצקע גאַס.

די צאָל פון קראַנקן־שוועסטער, וואָס זענען אַריין אין געטאָ איז געווען

זייער קליין צו קאָנען באַדינען די שפּיטעלער, אַמבולאַטאָריעס און די קראַנקע, וואָס זענען געלעגן אין די שטובן, האָט אין יאָר 1942 די געזונטהייטס־אָפּטיילונג געעפנט אַ שוועסטער־שול, וואָס האָט אויסגעבילדעט שוועסטערס און פלעגערס צו באַדינען די קראַנקע. עס זענען אויך געווען טעטיק: אַ דענטיסטן־אַמבולאַטאָריע, וווּ מ׳האָט בחינם געהיילט די ציין פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַן אָפּטיילונג פאַר קראַנקע אויף טראַכאָמע, אַ סטאַציע פאַר צוקער־קראַנקע, וווּ זיי האָבן באַקומען אינסאַלין־איינשפּריצונגען, אַ „טראָפּן־מילך" — סטאַציע פאַר זויגלינגען. אַלע דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטער זענען געווען עטאַטירטע באַאַמטע אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע.

נאָך די אַרבעטס־שעהן אין די שפּיטעלער און אַמבולאַטאָריעס האָבן דאָקטוירים געקאָנט אָננעמען קראַנקע פּריוואַט.[302] פאַרשטענדלעך, אַז געהעריק באַצאָלן פאַר וויזיטן און טאָקע מיט שפּייז־מיטלען האָבן געקאָנט נאָר גוט־סיטואירטע באַאַמטע. אָבער עס איז אין קיין שום דאָקומענט נישט פאַרנאָטירט קיין פאַל, ווו אַ דאָקטער זאָל אין לאָדזשער געטאָ האָבן אָפּגעזאָגט צו געבן מעדיצינישע הילף אָרעמע קראַנקע. פאַרקערט, עס זענען פאַראַן באַשרייבונגען וועגן דאָקטוירים, וואָס זענען אַוועק צו קראַנקע אויף יעדן רוף אַפילו, אינמיטן נאַכט (דאָקטוירים איז דערלויבט געווען צו גיין אין געטאָ אויך באַנאַכט), באַזונדערס צו קראַנקע קינדער און זיי אָפּגעראַטעוועט אין שווערע פאַלן.[303]

צוליב דער גרויסער צאָל קראַנקע, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין שפּיטאָל־היילונגג האָט אַ ספּעציעלע דאָקטוירים־קאָמיסיע ביים געזונטהייטס־אַמט קוואַלי־פיצירט די פּערזאָנען, וואָס מוזן אומבאַדינגט אָנקומען אין אַ הייל־אַנשטאַלט. פאַרשטענדלעך, אַז ווי נאָר דער קראַנקער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, איז ער געשיקט געוואָרן אַהיים. עס איז נישט פאַראַן קיין גענויע סטאַטיסטישע אויפשטעלונג פון דער צאָל קראַנקע, וואָס האָבן אין יאָר 1942 זיך געהיילט אין די שפּיטעלער. בלויז דורך דעם שפּיטאָל פאַר אַנשטעקנדע קראַנקייטן זענען אין דערמאָנטן יאָר דורכגעגאַנגען 7,301 פּאַציענטן.[304]

אַ חוץ די שפּיטעלער זענען אין באַשריבענעם פּעריאָד געווען טעטיק אין געטאָ 2 גיכע הילף־סטאַציעס — מיט דאָקטוירים, וואָס האָבן געהאַט אין זייער רשות דראָזשקעס און זענען אין נויטיקע פאַלן געפאָרן צו קראַנקע אין משך פון גאַנצן מעת לעת. די 6 אַפּטייקן, וואָס האָבן זיך געפונען אין יענעם באַלוטער שטח ווו עס איז שפּעטער געוואָרן אַ געטאָ — האָבן איינגעהאַלטן זייער רעזערוו מעדיצין־מאַטעריאַלן, וואָס האָט זיך אויסגעלייזדיקט אין די יאָרן 1940—1941. די דייטשע מאַכט האָט כמעט נישט צוגעשטעלט קיין נייע מעדיצינען אָדער געהעריקע מאַטעריאַלן צו מאַכן מעדיקאַמענטן, איז מיט אייגענע מיטלען אין געטאָ אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַנאַליטיש־פאַרמאַצעווטישע לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָט אין יאָר 1942 פּראָדוצירט גלוקאָזע פון קאַרטאָפל־שיילעכץ, און די פּרעפּאַראַטן:

פערום אקסידאַטום, קאַלציום כלאַראַטום און אַנדערע מעדיצינען, ווי אויך שפּירט און עטער צו הייל־צוועקן — זענען געשאַפן געוואָרן דורך פאַרשידענע כעמישע אויפשטעלונגען. [305]

עס זענען נישט פאַראַן קיין פרטים וועגן דער אָרגאַניזירונג פון דער לאַבאָראַטאָריע אין געטאָ. אין די דאָקומענטן זענען נאָר פאַראַן אייניקע נעמען פון כעמיקער, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דעם וויסנשאַפטלעכן פאָרשונגס־אַנשטאַלט. געוועזן אין געטאָ אַ געלערנטע כעמיקערין, פרוי מגר. מ. שמיגעל. זי האָט אָנגעפירט מיט דער לאַבאַראַטאָריע. פון די אַריינגעבראַכטע יידן פון מערב־אייראָפּע זענען נאָך די דעפּאָרטאַציעס נאָך געבליבן אין געטאָ: דער באַרימטער ראַק־פאָרשער ד״ר ווילהעלם גאַספּאַרי און דער געלערנטער כעמיקער פון פראַנקפורט, פּראָפ. עדמונד שפּער. ער איז געווען דער דערפינדער פון דעם פּרעפּעראַט עוקאַדאַל, וואָס איז אַ פאַרפולקאָמונג פון מאָרפין.ביידע געלערנטע יידן פון דייטשלאַנד זענען געווען טעטיק אין דער געטאָ־לאַבאָראַטאָריע און געשטאָרבן מיט אַ נאַרמאַלן טויט.

פרוי מגר. מ. שמיגעל האָט נאָך פאַר דער מלחמה געאַרבעט איבער אַ נייעם כעמישן פּרעפּאַראַט. זי איז געווען באַשעפטיקט אין לאָדזש אין דער דייטשער פירמע סקאוט און באָונע. וועגן איר דערפינדונג אין געביט פון כעמיע־פאָרשונג דערוווּסט מען זיך פון אַ בריו־וועקסל צווישן ביבאָוו און רומקאָווסקי. אונטער דער דאַטע פון 12־טן מערץ 1942, האָט דער געטאָ־דיקטאַטאָר געשריבן צום יודענעלטעסטן, אַז ביזן שליסן דאָס געטאָ איז ביי דער פירמע סקאַוט און באָונע געווען באַשעפטיקט די פריילין שמיגעל. זי האָט דאָרט געאַרבעט ביים צונויפשטעלן אַ פּרעפּאַראַט פון „פּיפּעראַזין". צוליבן אַריינגיין אין געטאָ האָט זי איר דערפינדונג נישט פאַרטיק געמאַכט. די פירמע באַמיט זיך די פאָרשונגען צו דערפירן ביזן סוף, כדי אַרויסצובאַקומען אַ פּאַטענט אויף דער דערפינדונג. צוליב דעם איז נייטיק, אַז פרל. שמיגעל זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. מיט דער דערלויבעניש פון פּאָליציי־פּרעזידענט האָט אַ פאַרטרעטער פון דער פירמע זיך געטראָפן אויף דער געטאָ־וואך מיט דער דערפינדערין און עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, זי זאָל ווייטער פירן איר אַרבעט. צום סוף פון זיין בריוו האָט ביבאָוו פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, אַז ער זאָל אָנפרעגן ביי דער פריילין, „וועלכע כעמיקאַלן זענען איר נויטיק, כדי צו פאַרענדיקן די אַרבעט איבער דעם „פּרעפּאַראַט". [306]

פרוי מאַריאַ שמיגל פיגורירט אויך אויף אַנדערע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער טעטיקייט פון דער כעמיש־אַנאַליטישער לאַבאָראַטאָריע אין געטאָ. דאָרט זענען אויך געמאַכט געוואָרן פאָרשונגען איבער דער קוואַליטעט פון דער שפּייז, וואָס די „דערנעהרונגס—אונד ווירטשאַפטשטעלע אין ליטצמאַנשטאַדט" האָט אַריינגעשיקט אין געטאָ. זייער אָפט האָט די „דערנעהרונגסשטעללע" אַריינגעשיקט פאַרדאָרבענע שפּייז. אין חודש יולי, 1942, בעת דעם שטאַרקסטן

הונגער, האָבן די דערמאָנטע פאַרזאָרגער אַריינגעשיקט אין געטאָ אַ טראַנספּאָרט פלייש. די אונטערזוכונג אין דער כעמישער לאַבאָראַטאָריע האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס פלייש אַנטהאַלט סם. מען האָט דעריבער באַשלאָסן די פאַרסמטע שפּייז נישט אַרויסצוגעבן דער באַפעלקערונג. רומקאָווסקי האָט וועגן דעם מיטגעטיילט דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". עס איז אַראָפּגעקומען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע מיטן שטאָטישן וועטערינאַר בראש און עס איז באַשטעטיקט געוואָרן די דעציזיע פון דער געטאָ־לאַבאָראַטאָריע.

אַזאַ פאַל האָט זיך אויך איבערגעחזרט דעם 9־טן נאָוועמבער 1942. דעמלט האָט פרוי שמיגעל, די לייטערין פון דער לאַבאָראַטאָריע געמאָלדן רומקאָווסקין, אַז דער טראַנספּאָרט מעל, 8,600 ק"ג, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין געטאָ דעם 31־טן אָקטאָבער איז פאַרדאָרבן און קאָן נישט באַנוצט ווערן צום עסן פאַר פערזאָנען, וועלכע האָבן אַן עמפּינדלעכן מאָגן.

די לאַבאָראַטאָריע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט פּראָדוצירן וואַש־זייף. עס זענען געמאַכט געוואָרן כעמישע עקספּערימענטן מיט היימישע מאַטעריאַלן, צו רייניקן וועש און זאַכן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין דער וועשעריי־אונטערנעמונג אין געטאָ.[307] די דאָזיקע וועשעריי איז אין מאַי אָדער יוני 1942 אָרגאַניזירט געוואָרן ווי אַ רעסאָרט אין געטאָ און געדאַרפט וואַשן די פאַרבלוטיקטע און שמוציקע וועש און מלבושים, וועלכע די דייטשע מאַכט האָט אויפגעזאַמלט נאָכן דערשיסן צענדליקער טויזנטער יידן און פאַרפייניקן הונדערטער טויזנטער אין כעלמנאָער טויטן־לאַגער.

*

אַלע באַמיאונגען אין דער כעמיש־אַנאַליטישער געטאָ־לאַבאָראַטאָריע אויס־צואַרבעטן מעדיקאַמענטן, האָבן פאַרשטענדלעך נישט געקאָנט געבן די געהעריקע מעדיצינען אין אַזאַ סכום, אין וועלכען די קאָלאָסאַלע צאָל קראַנקע האָט זיך גענויטיקט. אַחוץ די עפּידעמישע קראַנקייטן, ווי שווינדזוכט אין אַלע אירע פאָרמען און טיפוס, וואָס האָט כסדר דעצימירט די באַפעלקערונג, איז אויך געוועזן זייער גרויס די שטערבלעכקייט צוליב דער שלעכטער דערנערונג, וועלכע האָט געבראַכט צום פעלן פון די נויטיקסטע וויטאַמינען און צום פאַרלירן פון די כוחות. עס האָבן זיך געמערקט די הונגער־קראַנקהייטן ווי: געשווילעכץ, שקאָרבוט, אויסשעפּונג פון די כוחות, אַנטקאַלכונג פון די ביינער, סקראָפול ביי קינדער, פעלאַגרע, הויט־קראַנקייט אאנ"ד. אין די זומער־חדשים 1942, ווען די דייטשע מאַכט האָט דעם הונ־גער אין געטאָ דערפירט צו דער העכסטער מדרגה, האָט אויך די שטאַרביקייט אויף די דערמאָנטע קראַנקייטן זיך קאָלאָסאַל געהויבן און דערגרייכט צו 3,4 פּראָצ. צוליב פאַרלירן די כוחות און „אַוויטאַמינאָזע", און 4,5 פּראָצענט מחמת קראַנקייטן אין בלוט־צירקולאַציע און אָפּשוואַכונג פון די האַרץ־מוסקולן. אין די יאָרן 1940—1941

האָט די שטאַרביקייט באַטראָפן נאָר פון 1—1,4 פּראָצ. (אַוויטאַמינאָזע און פאַרלירן די כוחות) און 1,3—2,2 פּראָצענט קראַנקייטן פון בלוט־צירקולאַציע און אָפּשוואַכונג פון די האַרץ־מוסקולן.[308]

די שטאַרביקייט אין די 6 חדשים איז אַזוי שטאַרק געוואַקסן, ווייל אין געטאָ זענען שוין נישט געווען די נויטיקע מעדיצינען צום באַקעמפן אָדער אָפּצושוואַכן די ווירקונג פון אָט די קראַנקייטן. עס זענען דעריבער געמאַכט געוואָרן אויסערגעוויינלעכע באַמיונגען אַריינצובאַקומען די מעדיקאַמענטן אין אָפּגעשלאָסענעם געטאָ. מיט גרויס מסירת נפש האָט מען געשמוגלט אָדער פאַר גרויסע סכומים געקויפט ביי דייטשן מעדיקאַמענטן ווי „וויגאַנטאָל" — קעגן פאַרווייכערונג פון די ביינער, „וויטאַמין D", גלוקאָזע אאַנ"ד אַזעלכע נויטיקע מעדיקאַמענטן. ווי ביי אַלע טייערע פּראָדוקטן איז אַ גרויסער טייל פון די פּרעפּעראַטן אַוועק אויפן שוואַרצן מאַרק און די גוט־סיטואירטע האָבן געצאָלט הויכע פּרייזן פאַר זיי, אָבער לויט די זכרונות פון ד"ר י. קינרוס זענען אין געטאָ געווען אידעאַליסטן, וואָס האָבן געשמוגלט מעדיקאַמענטן נאָר פאַר די באַדערפענישן פון דאָקטוירים און שפּיטעלער. אויך אין דעם פאַל האָט זיך אַרויסגעוויזן די משפּחה־טריישאַפט: געזונטערע מענטשן האָבן פאַרקויפט טיילן פון זייערע שפּייז־פּאַרציעס, כדי פאַר דעם געלט צו קאָנען דערגרייכן אַ מעדיצין פאַר אַ קראַנקן אין שטוב.

אַ פאָטער, ליגנדיק אין שפּיטאָל, אַ שווער קראַנקער, איז געוויר געוואָרן, אַז זיין זון אינדערהיים איז קראַנק געוואָרן, אָבער מ'האָט אים צוליב מאַנגל אין פּלאַץ נישט געקאָנט נעמען אין שפּיטאָל. דער פאָטער האָט אַזוי לאַנג פאַרמאַטערט די דאָקטוירים, אַז טראָץ זייער ווידערשטאַנד, האָבן זיי געמוזט מסכים זיין אויסצושרייבן דעם פאָטער פון שפּיטאָל און אויף זיין אָרט אַריינעמען דעם זון.*

די געזונטהייטס־אָפּטיילונג, די דאָקטוירים, די וויסנשאַפטלער אין דער לאַבאָראַטאָריע האָבן געמאַכט די ווייטגייענדסטע אָנשטרענגונגען צו באַקעמפן די קראַנקייטן. עס האָט זייער זעלטן ווער פון די געטאָ־איינוווינער געקאָנט געבן זיין בלוט אויף טראַנספוזיעס. האָט מען אויסגעפונען, אַז מ'קאָן אויך באַנוצן דאָס בלוט פון שעפסן. עס איז אָבער געווען שטרענג פאַרבאָטן, אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף, צו האָדעווען אין געטאָ שטוב־חיות, האָט מען מיט מסירות נפש געהיים געהאָדעוועט שעפסן און אין געהיים באַזאָרגט פאַר זיי שפּייז, כדי אַרויסצובאַקומען פון יעדן שעפּסל 250 גר. בלוט אויף טראַנספוזיע. אַ לאַבאָראַטאָרישע פאָרשונג האָט אויך פעסטגעשטעלט, אַז הייוון וואָס מ'נוצט צו געבעקס איז אַ מיטל קעגן „אַוויטאָמינאָזע", האָט מען אין די קראָמען אַרויסגעגעבן הייוון נאָר אויף אַן אָנווייזונג פון אַ דאָקטאָר.[309]

---

* געווען אויך טרויעריקע פאַלן, ווען משפּחות האָבן נישט געמאָלדן וועגן אַ טויט־פאַל און אויפגעהאַלטן דעם מת אין שטוב, כדי צו קאָנען אָפּנעמען פּראָדוקטן אויף זיין שפּייז־קאַרטע. ד"ר מאַזור אין דנ"ל נומ. 31 (56).

.17

# די דייטשע צוגרייטונגען צו דער אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים

## א. די פּערפּידיע פון דער אויסראָטונגס-מאַכט

אין דער זעלבער צייט, ווען די יידן אין געטאָ, זייער אינטעליגענץ, האָט געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן דער אויסראָטונג דורך קראַנקייטן, האָט די דייטשע מאַכט געגרייט די אויסמאָרדונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים און די ליקווידאַציע פון די געטאָ־שפּיטעלער. די דאָזיקע צוגרייטונגען האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך פאַרן פאַרענדיקן דעם ערשטן עטאַפּ פון די גרויסע דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער יידן קיין כעלמנאָ. שוין דעמלס, אין חודש אַפּריל, אָנהויב מאַי 1942 איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן די אַקציע פון סטעמפּלען די נישט־באַשעפּ־טיקטע געטאָ־איינוווינער דורך דייטשע דאָקטוירים. דאָס איז געווען די סעלעקציע, וואָס די דייטשע מאַכט האָט דורכגעפירט איבער די יידן אין געטאָ און צוגעגרייט די קראַנקע, זקנים און קינדער ביז 10 יאָר, וואָס דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן.

נאָך דעם סטעמפּלען זענען געקומען די שרעקלעכע זומער־חדשים פון: אַריינטרייבן יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך אין געטאָ, אַרויסשיקן אויף אַרבעט קיין פּויזן און אַלע געשעענישן, וואָס זענען באַשריבן אין די פריקע קאַפּיטלען. דער עיקר־ציל פון דער דייטשער מאַכט אין יענע חדשים איז געווען: די ליקווי־דאַציע פון די געטאָס אין די שטעטלעך פון וואַרטעגאו. די נאָך פאַרבליבענע תושבים פון לאָדזשער געטאָ זענען דערווייל איבערגעלאָזט געוואָרן צו ווערן דעצימירט דורך הונגער און קראַנקייטן און סאָציאַל צעטרייסלט — דורך צובאַקומען נייע שיכטן פון הונגעריקע און פאַרצווייפלטע יידן, געבראַכטע פון דער פּראָווינץ.

כדי די ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציע פון לאָדזשער געטאָ זאָל גיין ווי געהעריק און דורכגעפירט ווערן לויט דעם אויסדרוק אין די געשטאַפּאָ־באַריכטן — „רייבונגסלאָז", זענען אין געטאָ גופא געמאַכט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט אַלע טעכנישע צוגרייטונגען צו די ווייטערדיקע אַרויסשיקונגען: אין חודש יולי 1942 איז די באַן־סטאַציע אין ראַדעגאַסט, נאָך מער אויסגעברייטערט געוואָרן. מ'האָט דאָרט אויפגעשטעלט נייע־באַראַקן אויף אַ פלאַך פון 900 קוו"מ, מכלומרשט פאַר סחורות־טראַנספּאָרט. B.K.C. האָט אָפן געשריבן: „מעגלעך, אַז די באַראַקן וועלן אויסגענוצט ווערן פאַר קאָנצענטראַציעס פון דעפּאָרטירטע". אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט האָבן די באַראַקן געדאַרפט פאַרענדיקט

ווערן אין לויפנדן חודש. דאָס געטאָ איז געוואָרן נאָך מער איזאָלירט דורך איינלייגן די הייזער, וואָס האָבן געגרענעצט מיט דעם יידישן וווין־שטח. ב. פּראַשקער, רומקאָווסקיס נאָענטער מיטאַרבעטער, האָט באַקומען די אויפזיכט איבער דעם בוי פון די באַראַקן.[310]

וואָס נעענטער עס איז געוואָרן צו דער „שפּערע" * אַלץ מער האָט מען אין געטאָ אויסגעברייטערט און פאַרלענגערט די טראַמוויי־ליניע. דעם 15־טן יולי 1942, 6 וואָכן פאַר דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים איז געקומען ספּעציעל אין געטאָ דער דירעקטאָר פון די שטאָטישע טראַמווייען, ה' שייט און עס זענען דעם געטאָ צוגעטיילט געוואָרן: נאָך 2 מאָטאָר־וואַגאָנען, 7 לאַרעס און 2 גרויסע 6־טאָניקע לאַרעס וואַגאָנעטקעס מיט צוטשעפּענישן איבערצופירן משאות, אַ „קני" צו אַ וועקסל־ליניע, צו איינמאָנטירן ביי די גאַסן־ווינקלען: מאַרישינער— בזשעזשינער, כדי צו קאָנען באַנוצןביידע טראַמוויי־ליניעס אויף אומוועקסלונג אין ביידע ריכטונגען — קיין מאַרישין, ווו עס האָט זיך געפונען די באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט און צוריק אין געטאָ־צענטער. צום באַנוצן זיך מיט די וואַגאָנעס זענען אויסגעבילדעט געוואָרן 50 מאָטאָר־פירער, 6 קאָנדוקטאָרן און 6 מעכאַניקער. דאָס אויסברייטערן די טראַמוויי־ליניעס און צוגרייטן די מאָטאָר־פירער איז געמאַכט געוואָרן אין גרויס איילעניש, פּונקט אַזוי ווי דער בוי פון די באַראַקן.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען שוין אויף די געטאָ־־טראַמווייען איבערגעפירט געוואָרן 3000 פּערזאָן טעגלעך מיט 1000 מער, ווי אין אָנהויב חודש יולי. דאָס האָט די דייטשע מאַכט אויסגעפּרוווט אין דער פּראַקטיק, ווי עס וועט אויסזען דאָס גיכע אַריבערפירן „פּאַסאַזשירן" קיין מאַרישין, ווען עס וועט נויטיק זיין פאַר דער דעפּאָרטאַציע פון קראַנקע, קינדער און זקנים. באַלד איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פּאַסאַזשירן־פאַרקער אויף די טראַמווייען און 15 טעג פאַר דער אויסראָטונג, דעם 15־טן אויגוסט 1942, איז ווידער אויסגעברייטערט געוואָרן די טראַמוויי־קאָמוניקאַציע קיין ראַדעגאַסט דורך אַ נייעם קני־וועקסל צו פאָרן אין ביידע ריכטונגען. די טראַמוויי־ליניעס האָבן זיך שוין געצויגן אויף 7 קילאָמעטער. די אַרבעט פון פאַרלענגערן זיי איז דורכגעפירט געוואָרן פון געטאָ־אַרבעטער אונטער דער אָנפירונג פון בונים קאַפּעלמאַן.[311]

## ב. זומער־אורלויבן און בעסערע באַשפּייזונג פאַר אַרבעטער

אין דעם חודש יולי פון דערמאָנטן יאָר, האָט רומקאָווסקי מיטגעטיילט אין אַ „באַקאַנטמאַכונג", אַז עס ווערן אין מאַרישין צוגעגרייט „היילעד" אויף

---

* ביי דעם שארית הפליטה פון לאָדזשער געטאָ איז אַזוי געבליבן די באַצייכענונג פאַר די טעג, ווען די דייטשן האָבן דורכגעפירט די אויסראָטונגס־אַקציע פון קראַנקע, קינדער און זקנים — זע ווייטער.

אורלויבן פאַר אַרבעטער אין די רעסאָרטן. יעדער אַרבעטער וועט קאָנען זיך אָפּרוען 7 טעג און באַקומען בעסער עסן. עס וועלן איינגעשטעלט ווערן טורנוסן צו 50 פּערזאָן יעדע 7 טעג. כדי ווי געהעריק צו אָרגאַניזירן די אורלויבן, האָט דער יודענעלטעסטער אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג מיט די אָנפירער פון די רעסאָרטן. דאָרט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאָלגנדער סדר פאַר דעם זומער־אָפּרו: יעדע אָנפירונג פון דער רעסאָרט־אָפּטיילונג דאַרף צושטעלן רשימות פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן רעכט אויף אורלויבן. אַזאַ רעכט באַקומען אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט פון ערשטן יולי 1941. קיין שום אַרבעטס־אָרט קאָן נישט שיקן מער ווי 10 פּראָצענט פון די באַשעפטיקטע אין רעסאָרט; עס דאַרפן אויפגעשטעלט ווערן באַזונדערע רשימות פון פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך פאַרדינט צו באַקומען אַן אָפּרו־אָרט אין מאַרישין. פאַרשטענדלעך, אַז די „פאַרדינסטפולע" ד. ה. אַזעלכע, וועלכע האָבן באַקומען די אָנערקענונג פון רומקאָווסקין, זענען געווען די ערשטע אויף דעם זומער־אָפּרו אין מאַרישין. די באַשפּייזונג איז באַשטאַנען פון: אַ האַלבן קילאָ ברויט אַ טאָג און 3 זופּן. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרוויילונגס־אָוונטן מיט טענץ. אין דער צייט איז דער ברויט צוטייל אין געטאָ געווען — 250 גר. טעגלעך אויף אַ פּערזאָן. די אָפּרו־הייזער אין מאַרישין האָבן באַקומען דעם נאָמען „די היים". 312

מיטאַמאָל האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עס זענען נישט פאַראַן אַזוי פיל ערטער אין מאַרישין פאַר די באַרעכטיקטע אויף אורלויבן, איז אין אַ צירקולאַר מיטגעטיילט געוואָרן, אַז די באַשטימטע אויף זומער־אָפּרו אין מאַרישין קאָנען זייער אורלויב פאַרבייטן אויף אַ ספּעציעלער צוגאָב־באַשפּייזונג. דעם 4־טן אויגוסט, פאַר דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים, האָט רומקאָווסקי פאַראָרדנט, אַז אָנשטאָט די באַשטימטע 7 טעג אורלויב, זאָל געגעבן ווערן אַ טאַלאָן, וואָס באַרעכטיקט אויף פאָלגנדע צוגאָב־שפּייזן: 25 דעקאָ צוקער, 25 דעקאָ מעל, 10 דעקאָ פּוטער, 10 דעקאָ קאַשע, 25 דעקאָ קאַרטאָפל, 1,5 קילאָ גרינצייג און 30 דעקא פלייש, 15 פּאַפּיראָסן פאַר רויכערערס. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט זיך פאַרנומען מיט פעסטשטעלן — ווער עס איז באַרעכטיקט צו באַקומען אַזעלכע שפּייז־טאַלאָנען. זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן צו 1000 פּערזאָן—25 פּראָצ. באַאַמטע און 75 פּראָצ. רעסאָרט־אַרבעטער. דער דאָזיקער פאַרבייט האָט מעגלעך געמאַכט, אַז די הויכע באַאַמטע אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, זאָלן קאָנען ברייט געניסן פון די „היימען" אין מאַרישין. 313

אין דער זעלבער צייט, ווען איין שיכט־אַרבעטער איז פּריווילעגירט געוואָרן מיט ספּעציעלער באַשפּייזונג, איז דער דוחק אין געטאָ דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז עס איז אָפּגענומען געוואָרן די באַזונדערע שפּייז־צוטיילונג פאַר קראַנקע אין שפּיטאָל פאַר שווינדזיכטיקע. אויף דער פאַראָרדענונג פון רומקאָווסקי איז אויך פאַרקלענערט געוואָרן דער שפּייז־צוטייל פאַר אַרעסטירטע.



פערסאָנאַל פון איינע פון די רעסאָרט־קיכן. אין דער לעצטער ריי אונטן, צווייטער לינקס
איז — פנחס לעווין, אַן אָפּגעראַטעוועטער. בעתן שרייבן דאָס בוך לעבט לעווין אין ישראל.

דעם 29־טן יולי 1942, האָט דוד שעראַקאָוויאַק פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך: „עס זעט אויס, אַז די דייטשן שיקן נישט צו קיין שפּייז פאַר קינדער ביז 10 יאָר און פאַר זקנים. מ׳רעדט וועגן דעם, אַז די דייטשן ווילן נישט געבן קיין עסן פאַר נישט אַרבעטנדיקע. אין געטאָ איז אַ שרעקלעכער הונגער. מ׳באַקומט נישט קיין שום צוטיילונג אַ חוץ פון די אַרבעטער־קיכן״.

די פאַרהאַסטע קיכן, וועלכע זענען געשלאָסן געוואָרן אין יוני 1942, זענען אויף אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין ווידער געעפנט געוואָרן דעם 14־טן יולי. אַלץ האָט זיך צוריקגעקערט צום פריערדיקן שטייגער. סוף חודש יולי זענען שוין געווען טעטיק 40 קיכן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר 75 טויזנט אַרבעטער. עס איז צוריק געוואָרן באַשעפטיקט דער אַלטער פּערסאָנאַל פון 15 הונדערט פערזאָן. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די צוגאָב־באַשפּייזונג פאַר אַרבעטער—ברויט, ווורשט און קאַווע, וואָס זיי האָבן באַקומען אַנשטאָט זופּן.[314]

## ג. די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן און זייער טעטיקייט אין געטאָ אין די פרילינג און זומער־חדשים 1942

ווי דערמאָנט איז „דער דערפאַרענער אָנפירער פון מאַסן־אויסראָטונג פון יידן״ — ד״ר בראַדפיש, געקומען אין געטאָ אין אַפּריל 1942. ער האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט און זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט דער אָפּטיילונג „4 B 2״, וואָס האָט געהאַט צו זאָגן איבער „יידן־אָנגעלעגנ־הייטן״, אָנווייזונגען האָט ער באַקומען דירעקט פון בערלינער „רייכסזיכערהייטס־האופּטאַמט״ (רזה״א). בראש פון דער אָפּטיילונג איז געשטאַנען גינטער פוקס.[315]

אין קיין שום דאָקומענטן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די געטאָ־אַרכיוון און געהאַט אַ שייכות מיט די גרויסע דעפּאָרטאַציעס: יאַנואַר — מאַי 1942 און מיט די שפּעטערדיקע געשעענישן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אין די ווייטערדיקע חדשים פון יענעם יאָר — ווערן נישט דערמאָנט די נעמען פון די אָנפירער פון געשטאַפּאָ, און אויך נישט זייערע אָפּטיילונגען. עס זענען נישט פאַראַנען קיין געשטאַפּאָ־פאַראָרדנונגען וועגן די דעפּאָרטאַציעס. רומקאָווסקי האָט נאָר אין זיינע רעדעס איבערגעגעבן, אַז די מאַכט פאָדערט אַרויסצושיקן פון געטאָ — 10,000, 20,000 אאז״ו, ווייל די מענטשן אַרבעטן נישט. עס האָט געהייסן, אַז זיי ווערן אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט און רומקאָווסקי איז דער איינציקער בעל דעה איבער די דאָזיקע דעפּאָרטאַציעס: ער שיקט אַרויס פון געטאָ וועמען ער וויל.

נאָכן אַרויסשיקן די 55,000 יידן און נאָך די ליקווידאַציעס פון די געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן און אַריינטרייבן גרופּן אַרבעטספעיקע אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט — האָט זיך דער מצב אינגאַנצן געענדערט. פון די גבית עדות און פאַרעפנטלעכטע

זכרונות פון מענטשן. וואָס האָבן איבערגעלעבט די אויסראָטונג, ווי אויך פון אַ דייטשן דאָקומענט, איז קלאָר, אַז די געשטאַפּאָ־אַגענטן דוד גערטלער, מ. קליגער און זייער „זאָנדער", האָבן דער דייטשער מאַכט צוגעשטעלט באַריכטן פון די שטימונגען צווישן דער געטאָ־באַפעלקערונג נאָך די גרויסע דעפּאָרטאַציעס.[316]

דאָס אויפשטעלן אין געטאָ, לאַגערן פון אַנגערויבטע זאַכן פון די יידן, דערשטיקטע אין גאַז־אויטאָס אין כעלמנאָ, די גרויסע וועשעריי־אונטערנעמונג, וואָס האָט געריייניקט אין די הונדערטער פאַרבלוטיקטע מלבושים: קאַפּאָטעס, אַנצוגער, וועש, דאָס צעטרענען און איבעראַרבעטן זאַכן אין די ספּעציעלע געטאָ־וואַרשטאַטן, זאַכן, אין וועלכע מען האָט געפונען דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס פון אַרויסגעשיקטע יידן פון לאָדזשער געטאָ — האָט ביים רוב געטאָ־איינוווינער געעפנט די אויגן אויף דעם, וואָס די דייטשע מאַכט טוט מיט די אַרויסגעשיקטע יידן.

אונטער דער דאַטע פון 30־טן אַפּריל 1942 האָט B.K.C. געשריבן: „עס זענען אָנגעקומען ניי־מאַשינען. לויט די געפונענע צעטלען אין זיי, זאָלן די מאַשינען שטאַמען פון קאָלער און קוטנער קרייזן — — — די אַרבעטער אויפן באַלוטער מאַרק (פאַרבינדונגס־פּונקט צווישן געטאָ און שטאָט) האָבן געזען אָנקומען אַ לאַסט־מאַשין, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן צו נעמען בענזין. די מאַשין איז געווען איבערגעלאָדן מיט רוקזעק און פּעקלעך, וועלכע שטאַמען פון די אַרויסגעשיקטע פון געטאָ. דער אויטאָ איז געפאָרן פון קוטנאָ קיין פּאַביאַניץ".

אונטער דער דאַטע פון 23־סטן מאַי 1942: „אין ישוב דאָמבראָווע, 3 קילאָמעטער פון פּאַביאַניץ, אין אַ פאַרלאָזטער פאַבריק, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן מאַגאַזינען. דאָרט אַהין ברענגט מען מלבושים, וועש, בעטגעוואַנט, שיך, טעפּ. יעדן טאָג קומען לאַסט־אויטאָס און ברענגען גאַנצע פּעק פון רוקזעק. צום סאָרטירן די זאַכן שיקט מען אַהין די פּאַביאַניצער און בזשעזשינער פון לאָדזשער געטאָ. זיי האָבן אין די מלבושים געפונען „רומקעס" [געטאָ־געלט], וואָס שטאַמט פון די אומגליקלעכע, פון די אַרויסגעשיקטע — — — אין געטאָ זענען אַריינגעקומען נייע באַשטעלונגען, אין דער ערשטער ריי — פאַר דער כעמישער וועשעריי. עס זענען אָנגעקומען 300 וואַגאָנען מיט שמוציקע וועש".[317] אָט די באַשרייבונגען אין „ביולעטין" זענען אָן שום ספק באַוווסט געוואָרן דער געטאָ־באַפעלקערונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן באַגרייפן, וואָס עס ווערט מיט די אַרויסגעשיקטע.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזשער געטאָ מיט אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן — געשטאַפּאָ און ס״ס — האָט געמוזט אָנווענדן נייע סטראַטעגישע מיטלען, כדי אויסצומיידן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד קעגן די באַפאָרשטייענדע דעפּאָרטאַציעס, בעת דער ליקווידאַציע פון „צענטראַלן געטאָ" אין וואַרטעגאַו. צוליב אָט דער נייער סטראַטעגיע זענען די געשטאַפּאָ־קאָמיסאָרן — ד״ר בראַדפיש און גינטער פוקס געבליבן אין הינטערגרונט. עס איז אָן שום ספק, אַז

רומקאָווסקי האָט אָפּגעהאַלטן מיט זיי באַראַטונגען און באַקומען פון זיי אָנווייזונגען ווי אַזוי צו באַרואיקן דאָס געטאָ: צו פּריווילעגירן אַ טייל אַרבעטער דורך געבן אורלויבן אין די מארישינער „היימען", דורך טיילן צוגאָב־טאַלאָנען צוגאָב־באַשפּייזונג פאַר מער פלייסיקע אַרבעטער אין די רעסאָרטן. דורך דעם איז דערגרייכט געוואָרן די צעטיילונג פון די געפּייניקטע. צו דעם איז צוגעקומען די פאַרזיכערונגען פון רומקאָווסקין, אַז עס גייט כסדר צום בעסערן. דאָס לאָדזשער געטאָ מיינט מען נישט. די דייטשע מאַכט בעסערט כסדר אויס די לעבנסבאַדינגונגען אין געטאָ. אָט האָט מען טראַמוויי־קאָמוניקאַציע. דאָס שפּיטאָלוועזן אַנטוויקלט זיך, מ'מאַכט פאַרוויילונגען — „דאָס געטאָ באַרואיקט זיך".[318]

צו שאַפן אַזאַ באַרואיקנדע שטימונג אין געטאָ, נאָך די גרויסע אומגליקן, האָבן פיל מיטגעהאָלפן די געשטאַפּאָ־אַגענטן פון יידישער אָפּשטאַמונג, גערטלערס זאָנדער־פּאָליציי, זיי האָבן צעטרומייטערט אין געטאָ די אַלע ישועות פאַר יידן פון דער דייטשער מאַכט. דער געזונטסטער עלעמענט אין געטאָ, די אַרבעטנדיקע אין די רעסאָרטן, האָבן געקענט טראַכטן: אונדז מיינט מען נישט. שטרענג געהיים האָט די דייטשע מאַכט געגרייט, דעם צווייטן עטאַפּ פון דעם מאַסן־אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „שפּערע". רומקאָווסקי האָט געוווּסט, אַז די דייטשע מאַכט גרייט זיך אַרויסשיקן פונעם געטאָ — קראַנקע, קינדער און זקנים, וועגן וואָס ער האָט דערמאָנט אין זיינע רעדעס און צוגעזאָגט צו ראַטעווען, וואָס עס וועט זיך לאָזן. עס איז אויך אָנצונעמען, אַז דער יודנעלטעסטער האָט זיך באַמיט אָפּצוּווענדן די גזירה דורך אָפּשטופּן זי אויף אַ ווייטערן טערמין.

דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס, אויס מורא פאַר אַ ווידערשטאַנד האָט גענומען פאָרזיכטיק אונטערהאַנדלען מיט רומקאָווסקין וועגן „אַריבערפירן" די שפּיטעלער אין ספּעציעלע אויסגעבויטע באַראַקן, כדי אין די אָפּגעליידיקטע בנינים אויפצושטעלן נייע אַרבעטס־רעסאָרטן. דער כיטרער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר האָט זייער גוט געקענט רומקאָווסקיס גלויבן אין די אַרבעטס־רעסאָרטן ווי אַ מיטל אויפצוהאַלטן דאָס געטאָ. האָט טאַקע גינטער פוקס, מסתמא, געטענהט צום יודנעלטעסטען: „וואָס טויגן דיר די קראַנקע יידן. מ'וועט די שפּיטעלער איבערטראָגן אין באַראַקן און עס וועלן צוקומען נייע אַרבעטס־ערטער". אויף דער פראַגע פון רומקאָווסקין: „ווו וועט מען אויפשטעלן די באַראַקן, האָט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר ציניש געענטפערט: „אין מאַרישין אויפן יידישן בית עולם".[319] עס איז אויך געווען נאָענט צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער גאַנג צו דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער און זייערע קראַנקע.

דעם 14־טן יוני 1942 האָט אַ דייטשע קאָמיסיע מיט ביבאָוון און געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס, אין דער אָנוועזנהייט פון רומקאָווסקין,

דורכגעפירט אַן אינספּעקציע אין שפּיטאָל פאַר לונגען־קראַנקע אויף וועסאָלאַ גאַס. די אינספּעקטאָרן האָבן אָנגעוויזן דעם יודענעלטעסטען, אַז עס איז נויטיק צו באַפרייען דעם בנין, כדי דאָרט איינצואָרדענען אַן אַרבעטס־רעסאָרט. אויף רומקאָווסקיס מעלדונג, אַז דאָס שפּיטאָל איז נויטיק פאַר קראַנקע, האָט ער באַקומען אַן ענטפער: „אין מאַרישין זענען פאַראַן גענוג הייזער און עס איז סיי ווי נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו ראַטעווען די קראַנקע״.[319א]

באַלד נאָך דער אינספּעקציע איז דאָס געטאָ געוואָרן אומרואיק: מ׳האָט אָנגעהויבן שמועסן וועגן נייע דעפּאָרטאַציעס. דאָסמאָל פון קינדער אין עלטער ביז 10 יאָר. די אומרואיקייט איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווען דער אַרבעטס־אַמט האָט אויפגעהערט פאַרשרייבן אויף אַרבעט קיין פויזן. די קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף האָט גענומען שטרענגער קאָנטראָלירן די פּערזאָנען, וואָס באַקומען אונטערשטיצונג. מ׳האָט שוין אויך געוווּסט אין געטאָ, אַז די דײַטשע מאַכט וויל ליקווידירן דאָס שפּיטאָל פאַר שווינדזוכט־קראַנקע אויף וועסאָלאַ גאַס און דערפאַר באַקומען די קראַנקע ווייניק שפּייז. ווייזט אויס, אַז רומקאָווסקי האָט באַקומען פון דער געשטאַפּאָ די געהעריקע אָנווייזונגען ווי אַזוי צוצוגרייטן די געטאָ־באַפעלקערונג צו דער אויסראָטונג, עס זאָל נישט באַגעגנט ווערן קיין ווידערשטאַנד. קודם כל האָט רומקאָווסקי זיך באַמיט צו געווינען דאָס פּערסאָנאַל פון די שפּיטעלער, וועלכע האָבן בעת די שטרייקן אין יאָר 1941 אַרויסגעוויזן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנדס־כוח.

דעם 30־טן יוני איז אין שפּיטאָל נומער 1 אויף לאַגעווניצקע 34—36 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטאַרבעטער פון דער געזונט־הייטס־אָפּטיילונג — סאַניטאַרן, באַדינער, פלעגער. עס איז אויך געווען אָנוועזנד רומקאָווסקי. ער האָט צוגעזאָגט אויסצובעסערן די באַשפּייזונג פאַרן שפּיטאָל־פּערסאָנאַל און פאַרקלענערן זייער אַרבעטס־צייט אויף 8 שעה אין מעת לעת.

מיט עטלעכע טעג פריער איז רומקאָווסקיס פאַרטרויאונגס־מענטש ברוך פּראָשקער געקומען אויף אַ זיצונג אין ראַבינאַט און מיטגעטיילט אין נאָמען פונעם יודענעלטעסטען, אַז די געטאָ־פאַרוואַלטונג וויל צונעמען דעם גאַנצן שטח אויף וועסאָלאַ גאַס, וווּ עס געפינט זיך דער אַלטער בית עולם און די צוויי שפּיטעלער פאַר שווינדזוכט־קראַנקע און פאַר גייסטיק־קראַנקע. די מצבות פון דעם אַלטן בית עלמין וועלן באַנוצט ווערן צו בוי־צוועקן, די שפּיטעלער וועלן ליקווידירט ווערן און אויף דעם גאַנצן שטח וועט אויסגעברייטערט ווערן דער רעסאָרט פון האָלץ־גאַלאַנטעריע־אויסאַרבעטונגען.

דער ראַבינאַט האָט באַהאַנדלט דעם ענין און באַשלאָסן זיך ווענדן צו רומקאָווסקין, ער זאָל אָפּראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.[320]

וואָס ווייטער אַלץ צודרינגלעכער איז דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס געוואָרן צו רומקאָווסקין וועגן ליקווידירן די שפּיטעלער. די דײַטשע מאַכט

האָט געוואָלט, אַז אָט דער גרויזאַמער רוצחישער אַקט פון מאַסן־אויסראָטונג פון קראַנקע זאָל דורכגעפירט ווערן דורך דעם יודענעלטעסטען מיט זיין פּאָליציי. דעם 18־טן יולי זענען ווידער געקומען צו רומקאָווסקין פאַרטרעטער פון דער מאַכט און געפאָדערט פון אים, ער זאָל מסכים זיין צו ליקווידירן די שפּיטעלער און פאַרבייטן זיי מיט באַראַקן אין מאַרישין. אַזאַ באַראַק האָט שוין דער יודענעלטעסטער געהאַט געקויפט און באַצאָלט פאַר אים עטלעכע הונדערט טויזנט מאַרק. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט רומקאָווסקי, אונטער פאַרשידענע אויסריידן, אָפּגערוקט די גזירה פון ליקווידירן די שפּיטעלער מיט אייגענע מיטלען און אויפצושטעלן שפּיטאָל־באַראַקן אויפן בית עולם.

צוליבן דוחק אין דאָקומענטן איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן, וואָס פאַר פאַרהאַנדלונגען עס האָבן זיך אויף דעם עטאַפּ געפירט צווישן רזה"א און דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אין ליטצמאַנשטאַדט וועגן דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. אַז אַזעלכע פאַרהאַנדלונגען זענען געווען, ווערט קלאָר פון אָפּטע באַזוכן פון די דייטשע קאָמיסיעס און פון די פאַראָרדנונגען, וואָס זענען נאָכדעם געקומען. אין דעם זעלבן פעריאָד, ווען דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס האָט פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין צו ליקווידירן די שפּיטעלער, זענען אין סוף חודש יולי געקומען עטלעכע דייטשע קאָמיסיעס, צווישן זיי מונדירטע מיליטער־לייט, וואָס האָבן דורכקאָנטראָלירט דאָס געטאָ, באַזוכט די רעסאָרטן און אינטערעסירט זיך מיט אַלעם וואָס די יידן טוען. באַלד דערנאָך איז געקומען אַ פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין — „אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט" אָפּצושטעלן אַלע פאַרלעזונגען, שמועסן און לעקציעס, וואָס קומען פאָר פאַר יוגנטלעכע אין מאַרישין.

כדי צו „איבערצייגן" דעם יודענעלטעסטען, אַז די דייטשע מאַכט מיינט טאַקע „ערנסט" מיט דעם בויען שפּיטאָל־באַראַקן, האָט די מאַכט אָנגעהויבן אַזאַ בוי־אַרבעט אויף קראַוויעצקע גאַס. דער שטח איז געוואָרן אָפּגעצוימט. צו דער בוי־אַרבעט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אינמיטן חודש אויגוסט, זענען אויך געבראַכט געוואָרן פּאַלאַקן פון דער שטאָט. עס איז געווען 2 וואָכן פאַר דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער און אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים.[321]

.18

# די לעצטע געשעענישן אין געטאָ ערב דער „שפּערע“

## א. ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די געטאָס אין לאָדזשער ראַיאָן

אין חודש אויגוסט 1942 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין וואַרטעגאַו, אונטער דער אָנפירונג פונעם רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער, פאַרענדיקט די ליקווידאַציע פון די געטאָס און פון די יידן אינעם לאַנדקרייז וואַרטעגאו. פון די 400,000 יידן, וואָס האָבן ביז דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 געלעבט אין יענע פּוילישע מערב־געביטן, זענען פאַרבליבן אין טייל ערטער קליינע רעשטלעך „איינקאָשאַרירטע“ אין לאַגערן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפרוימען דאָס איבערגעבליבענע יידן־גוטס אין די וווינונגען אין די געוועזענע געטאָס, מיט אָפּקלייבן פון דאָרט די מער ווערטפולע זאַכן, וואָס זענען פון די דייטשע אַמטן מאַגאַזינירט געוואָרן אויפן אָרט אָדער אָפּגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ צום איבעראַרבעטן אויף ווינטער־הילף, פאַר דער דייטשער באַפעלקערונג אין דריטן רייך. דאָס איינציקע געטאָ, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין וואַרטעגאַו מיט א באַפעלקערונג פון איבער הונדערט טויזנט נפשות, איז געווען אין לאָדזש־ליטצמאַנשטאָדט.

פון די שטעט און שטעטלעך אין לאָדזשער ראַיאָן: וולאָצלאַוועק, קאַליש, שעראַדז, וואַרטאַ, לאַסק, זדונסקאַ וואָלאַ, פּאַביאַניץ, בעלכאַטאָוו, זגערזש, זעלאָוו, אָזאָרקאָוו, סטריקאָוו, בזשעזשין און אַנדערע קלענערע ישובים, וואָס האָבן ביז דעם ערשטן סעפּטעמבער 1931 געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג פון אַרום 100,000 נפשות. זענען נאָר 15,473 פּערזאָן אַריינגעטריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. אַרום 80 טויזנט יידן פון די דערמאָנטע שטעטלעך זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין כעלמנאָ און אַ קליינע צאָל האָט זיך נאָך געפּייניקט ביי דער שקלאַפן־אַרבעט אין די פּויזנער לאַגערן.

די באַפעלקערונגס־באַוועגונג אין לאָדזשער געטאָ אין חודש אויגוסט 1942, איז געווען פאָלגנדע:

| חודש | באַפעלק. מצב אָנהויב חודש | גע־בורטן | שטערב־לעכקייט | צוגעפאָרן | אַרויס־געפאָרן | באַפעל־קערונגס־צוזוואקס | באַפעלק. מצב סוף חודש |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אויגוסט | 100,785 | 42 | 1,735 | 6,470 | 75 | 4,702 | 105,487 |

לויט דער אויפשטעלונג זענען אין חודש אויגוסט 1942 אַריינגעטריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ פון ליקווידירטע יידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן אַ צאָל פון 6,470 נפשות, אַרום 4000 פון זיי — פון זדונסקאָ וואָלאָ. די פּאָזיציע — „אַרויסגעפאָרן" באַטייט — אַרויסגעשיקטע. מיט די אַריינגעטריבענע אין געטאָ האָט די באַפעלקערונגס־צאָל זיך פאַרגרעסערט נאָר מיט 4702 נפשות — 4.6 פּראָצ. ווייל 1735 זענען געשטאָרבן אין דערמאָנטן חודש.[322]

✶

אין אָנהויב פון יענעם חודש, ווען דאָס לאָדזשער געטאָ איז ווידער געשטאַנען פאַר דעציזדירנדע געשעענישן, איז דאָס לעבן פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג געגאַנגען מיט דעם איינגעשטעלטן סדר: 70,000 אַרבעטס־מענטשן זענען יעדן פרימאָרגן געגאַנגען צו זייער באַשעפטיקונג אין די וואַרשטאַטן, פאַבריקן און ביוראָען, איבער 20,000 נישט־באַשעפטיקטע — קינדער אונטער 10 יאָר, קראַנקע און זקנים זענען געבליבן אין די שטובן און זיך נישט געטאָרט באַווייזן אין גאַס, ווייל מ'האָט אין געטאָ שוין געוווסט, אַז זייער גורל וויגט זיך אויף דער וואָגשאָל פון די דייטשע דעפּאָרטאַציע־באַשטימונגען.

דער יודענעלטעסטער האָט אין דעם חודש זיך נישט געוויזן אין דער עפנטלעכקייט. ער איז אַפילו נישט געקומען אויף דער פייערונג פון 2 יאָר עקזיסטענץ פון דער אינטעליגענטן־קיך, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך זיין שוועגערין העלענאַ רומקאָווסקאָ. פונעם פאַרזאַמלטן עולם אויף דער שמחה איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע צום „פּרעזעס" (רומקאָווסקי).[323]

דער הונגער אין געטאָ איז כסדר געשטיגן. עס זענען אַריינגעקומען זייער ווייניק פּראָדוקטן. ברויט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון פינף טעג. לויט דער דאַטע, ווען מ'האָט געדאַרפט באַקומען דעם צוטייל. מיט פאַרשפּעטיקונג זענען אויך געגעבן געוואָרן די באַשפּייזונגס־צוטיילונגען פאַר אַרבעטער אין די רעסאָרטן. די באַקומענע פּראָדוקטן זענען געווען ערגער ווי ביז יענער צייט. אָנשטאָט קונסט־האָניק האָט מען געגעבן אַ מין קלעפּיקן סיראָפּ, אויף די גרינצייג־טאַלאָנען — שלעכטע פּיעטרושקע. קיין פוטער האָט מען אינגאַנצן נישט באַקומען. אויפן שוואַרצן מאַרק האָט מען געקענט קויפן שפּייז, אָבער פאַר גאָר הויכע פּרייזן, נעמלעך: אַ קילאָ ברויט — 160 מ', אַ קילאָ צוקער — 170 מ', פוטער — 300 מ', קרויט און מייערן צו 12 מאַרק אַ קילאָ. אוגערקעס, יונגע ציבעלעס און קאַרשן זענען פאַרקויפט געוואָרן צו לעגענדאַרע פּרייזן, — אַזוי האָט אויסגעזען דער באַשפּייזונגס־מצב אין אָנהויב חודש אויגוסט 1942.

אויף דעם ווייטער שטייגענדיקן הונגער, האָט רומקאָווסקי רעאַגירט, ווי



הונגעריקע געטאָ־איינוווינער גראָבן אויס פון דער ערד קאַרטאָפל־אָפּפאַל, אַרויסגעוואָרפענע
פון די קיכן.

שטענדיק, מיט זוכן שולדיקע. אויף זיין פאַראָרדנונג איז אויפגעלייזט געוואָרן די העכסטע קאָנטראָל־קאַמער („ניק"). אויף איר אָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ הויפּטראַט צו קאָנטראָלירן די גאַנצע ווירטשאַפט אין געטאָ. בראש פון דעם ראַט האָט רומקאָווסקי אַוועקגעשטעלט זיין ברודער יוזעף, וועלכער איז ווייטער געבליבן אויך אויף דעם אַמט פון אָנפירער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג.[324]

מיט די ברויט־בעקערייען איז געשען דאָס אייגענע ווי מיט די קיכן אין דער צייט, ווען מ'האָט נישט צוגעפירט קיין קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן און קאַרטאָפל. מיט אַמאָל איז אַנטדעקט געוואָרן מיסברויכן אין די בעקערייען. ערשט מיט אַ חודש צוריק, אין יולי, האָט רומקאָווסקי לויט דעם סיסטעם פון פּריווילעגירן געוויסע משפּחות, איינגעפירט אַ „רעפאָרם", נעמלעך: אַריינזעצן מענטשן אין די ברויט־בעקערייען, זיי זאָלן דאָרט „קומען צו זיך". אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די סאַמע שפּיצן פון דער געטאָ־אָנפירונג, ווי: אדוו. נעפטאַלין, אהרן יאַקובאָוויטש און סער, האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפשטעלן די רשימה פון די פּריווילעגירטע: 30 פאַרטרויאונגס־מענער און 80 אַרבעטער, מייסטנס יונגע

מענטשן, וואָס זענען פריער געווען באַשעפטיקט אויף אַמטן, וועלכע זענען אויפגעלעזט געוואָרן, זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין די בעקערייען.

די פריווילעגיע פון זיין באַשעפטיקט אין די בעקערייען איז געווען פאַרגעזען אויף 3 חדשים. סך הכל עטלעכע טעג איז דאָס ביי־אָראַנזשירטע פערסאָנאַל געווען אין די בעקערייען. מיטאַמאָל זענען 4 פון זיי געשלאָסן געוואָרן צוליב פעלן פון מעל און באַלד זענען אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט, צוזאַמען מיט דעם אָרגאַניזאַטאָר פון די ערשטע ברויט־בעקערייען — לייזעראָוויטש. עס האָט געהייסן, אַז די פריווילעגירטע האָבן צופיל אויסגענוצט רומקאָווסקיס טובות, זיי האָבן צופיל געגעסן ברויט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער פערסאָנאַל פון ביוראָליסטן, רעווידענטן און בעקערס. אָבער די הונגעריקע אין געטאָ האָבן ווייטער באַקומען ווייניקער ברויט. „דאָס בייטן דעם פערסאָנאַל אין די בעקערייען האָט פאַרקלע־נערט די פּראָדוקציע און געבראַכט צום פאַרשפּעטיקן מיט אַרויסגעבן דעם ברויט צוטייל". 325

## ב. די געשפּאַנטקייט אין געטאָ אין אָנבליק פון נייע דעפּאָרטאַציע־סכנות

אין יענעם חודש אויגוסט 1942, ערב דער אויסראָטונג פון קראָנקע, קינדער און זקנים, זענען אין געטאָ פאָרגעקומען געשעענישן, וואָס באַווייזן די געשפּאַנטקייט פון דער געפּייניקטער באַפעלקערונג אין אָנבליק פון די נייע דעפּאָרטאַציע־סכנות. די דאָזיקע געשפּאַנטקייט, פאַרבונדן מיט אַן אונטערדריקטן ווידערשטאַנדס־ווילן פון דער געטאָ־ באַפעלקערונג, האָט אויך באַקומען איר אויסדרוק אין די געהיימע „לאָגער־באַריכטן" פון דער געשטאַפּאָ אין ליצמאַנ־שטאַדט. רומקאָווסקי האָט זיך באַמיט צו „באַרואיקן" מיט נייע פאַראָרדנונגען. ס'איז געקומען אַ באַפעל פון דעם יודענעלטעסטען צו קאָנפיסקירן די אַרבעטס־כלים ביי די שוסטערס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט זייער מלאכה ביי זיך אין שטוב. עס זענען ביי זיי דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס און „אַ גרעסערע צאָל פון די דאָזיקע היים־אַרבעטער זענען געוואָרן אַרעסטירט פאַר שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער מאַכט". די שוסטער, וואָס האָבן אויך געאַרבעט אין רעסאָרט, האָבן פאַרשטרייקט. עס איז נישט פאַרדאָקומענטירט געוואָרן מיט וואָס דער סכסוך האָט זיך פאַרענדיקט.

אין דער זעלבער צייט האָט די געשטאַפּאָ געבראַכט אין דער געטאָ־תפיסה 16 יידישע יוגנטלעכע אין עלטער פון 15 יאָר און ווייטער. זיי זענען פריער געווען אַרעסטירט אין די אויספאָרשונגס־אַמטן פון פאַביאַניץ, לוטאָמירסק און סטריקאָוו. די יוגנטלעכע זענען געבליבן אין געטאָ־תפיסה אין רשות פון דער

דייטשער מאַכט. אויך אין דעם פאַל פעלט די באַשרייבונג, וואָס מיט זיי איז געוואָרן. אַ חוץ די יוגנטלעכע זענען נאָך 39 פּערזאָן געזעסן אין תפיסה אין רשות פון געשטאַפּאָ. עס זיינען פאָרגעקומען וייטערע דערשיסונגען ביים געטאָ־צוים.

אויף יענער זייט פון די דראָטן איז געוואָרן דערשאָסן: יידל זיסמאַן און דער לערער איגנאַצי סמאָלענסקי, וואָס האָט געוואָלט אַריינבאַקומען זיך אין געטאָ. [326]

מען האָט געכאַפּט די מערדערין, די 65 יעריקע מינדל גערטנער, וואָס האָט דערהרגעט די פרוי חנה ראָזענבלאַט און צוגערויבט איר צווייוואָכיקע שפּייז־צוטיילונג פאַר צוויי פּערזאָן, אַ ברויט און 50 מאַרק.ביידע פרויען זענען געווען שכנטעס אויך פאַר דער מלחמה. זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט צווישן זיך קיין געמיינזאַמעס. די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז פרוי מינדל גערטנער איז אַריין צו איר שכנטע און געפאָדערט פון איר דאָס ברויט. צווישן די פרויען האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג און מינדל האָט מיט אַ האַק דערהרגעט די שכנטע.

נאָכן מאָרד איז מינדל אַריינגעפאַלן אין משוגעת. עס האָט איר געפּייניקט דאָס געוויסן. לסוף האָט זי זיך מודה געווען אין פאַרברעכן. ביי איר אין וווינונג האָט מען געפונען די פאַרברענטע שפּייז־טאָרבע, וואָס האָט געהערט צו דער דערמאָרדעטער. מינדלס מאַן האָט געוווּסט פון מאָרד און נישט געמאָלדן דער פּאָליציי. אויך ער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער א. ד.־פּאָליציי, וואָס האָט געפירט די אויספאָרשונג. די מערדערין איז לסוף אָנערקענט געוואָרן פאַר גייסטיק קראַנק און אונטער דער אויפזיכט פון דייטשער פּאָליציי אָפּגעפירט געוואָרן אין משוגעים־הויז אויף וועסאָלאַ גאַס.* איר מאַן איז געשטאָרבן אין דער קרימינאַל פּאָליציי (קריפּאָ), ד. ה. ער איז דאָרט פאַרפּייניקט געוואָרן. [327]

פון לאָדזשער געטאָ זענען אין יענע טעג אַרויסגעפאָרן יעדן פרימאָרגן 50 יידישע פּאָליציאַנטן קיין פּאַביאַניץ. זיי זענען געשיקט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט אויף צו סדרן די איבערגעבליבענע זאַכן פון די פּאַביאַניצער יידן, וואָס זענען פון דאָרט געוואָרן פאַרטריבן און אומגעבראַכט.

עס זענען ווייטער געבראַכט געוואָרן יידן פון די קליינע שטעטלעך. דייטשן האָבן די יידן געכאַפּט ביי דער אַרבעט און געשיקט גלייך אין לאָדזשער געטאָ, אָן וועלכן עס איז באַגאַזש. פון אויספאָרשונגס־אַמט אין ליטצמאַנשטאָדט זענען געבראַכט געוואָרן 3 מענער — זיי איז דערלויבט געוואָרן פריי זיך צו

---

* אין סוף חודש יולי 1941 האָט די דייטשע מאַכט ליקווידירט דאָס משוגעים־הויז אויף וועסאָלאַ־גאַס דורך אַרויספירן פון דאָרט 57 גייסטיק־קראַנקע יידן. (געשיכטע״, ערשטער באַנד, ז׳ 438), אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט די יידישע געטאָ־אָנפירונג אויך נאָך דער דערמאָנטער דאַטע דאָרט איינגעאָרדנט משוגעים.

באַוועגן אין געטאָ, ווי אויך 4 יוגנטלעכע, וועלכע זאָלן שטאַמען פון יידן: אורשולא 19 יאָר, דאָראַ — 14 יאָר, צוויי שוועסטער באַטשקאָ, וואָס שטאַמען פון קאַליש און אַן איין יעריק קינד — גערדאַ. די יוגנטלעכע זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער יוגנט־היים אויף דער יידישער גאַס 19. בעת די דאָזיקע געשעענישן זיינען ביי די געטאָ־פּני פאָרגעקומען שמחות: ביי איינעם פון רומקאָווסקיס נאָענסטע מיטאַרבעטער איז געבוירן געוואָרן אַ זון. ביי דער ברית־מילה־שמחה זענען די געסט אויפגענומען געוואָרן מיט בראַנפן, אמתער טיי, טשאַסטעס און צוקערלעך. עס איז געווען אַנוועזנד רומקאָווסקי. ווען ער איז אַריין אין אַ גוטער שטימונג, האָט ער געוואָלט מיט עפּעס אויסצייכנען די 3 ציוניסטישע טוער: שיפער, חיים ווידאָווסקי און אַבערבאָום און זיי באַשטימט אַלס קאָמיסאַרן אין בעקערייען. אַלע דריי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּריווילעגיע.

✶

דער „Biuletyn Kroniki Codziennej", וואָס האָט געבראַכט די אַלע אויבן באַשריבענע געשעענישן אין חודש אויגוסט 1942, האָט דאָס לעבן אין די לעצטע טעג פון יענעם חודש, וועלכער האָט אָפּגעשלאָסן אַ תקופה אין געטאָ ליטצמאַנ־שטאַדט, אַזוי געשילדערט:

„28־טער אויגוסט: דער הונגער שטאַרקט זיך מיט יעדן טאָג. די רו אין געטאָ ווערט געשטערט. מיר זענען פאַר דער נייער „ראַציע" (שפּייז־צוטייל) און מ'הערט נישט און מ'זעט נישט, אָבער דאָס איז נאָך נישט דער עיקר. די ניי אַריינגעזעצטע אין געטאָ ברענגען עפּעס משונהדיקע דערציילונגען, וואָס רופן אַרויס אומרו. — — — אין געטאָ ווערן געבראַכט מיט וואַגאָנעטקעס און טראַמווייען די איבערגעבליבענע זאַכן פון די אַרויסגעשיקטע יידן פון די שטעטלעך. באַזונדערס גרויס איז די צאָל פון בעטגעוואַנט. מ'דערציילט פאַרשידן פון די לעצטע איבערלעבונגען פון די געקומענע. דורך אַלץ שלאָגט דורך דער גרויסער ווייטיק. עס זענען געבראַכט געוואָרן פון די שטעטלעך נישט אַלע מיטגלידער פון די משפחות, די פאַמיליעס זענען געוואָרן צעטיילט, אַ טייל איז געקומען אין לאָדזשער געטאָ און אַנדערע האָבן געמוזט אויסקלייבן אַן אַנדערן טרויעריקן וועג. עס איז שווער צו געפינען עפּעס אַ זין אין דעם. ווידער האָט באַהערשט דעם געטאָ אַ נישט אויפגעקלערטע אומזיכערקייט. צי קאָן מען ביי אַזעלכע באַדינגונגען איבערנעמען זיך מיט דעם, וואָס מ'באַקומט נישט דעם שפּייז־צוטייל. מ'ווייסט, אַז די אַפּראָוויזאַציע־לאַגערן זענען ליידיק. איבערן געטאָ באַוועגן זיך בלאַסע שאָטנס מיט געשווילסט אויף די הענט און פּנים, דעפּאַר־מירטע, צעבראָכענע מענטשן־געשטאַלטן, וואָס האָבן איין חלום — אויסדויערן,

אויסהאַלטן, דערוואַרטן זיך אַ בעסערן מאָרגן, אָן אויפטרייסלונגען, אַפילו אויף די קאָסטן פון אַן ערגערער און קלענערער „ראַציע".

„30־טער אויגוסט: „דאָס געטאָ איז ווייטער אומרואיק. מ'רעדט וועגן נייע דעפּאָרטאַציעס". 328

די געבראַכטע באַשרייבונג אין .B.K.C, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין געטאָ האָט באַקומען א באַשטעטיקונג דורך דעם דייטשן לאַנד־געריכט אין האַנאָווער, וואָס האָט אין נאָוועמבער 1963, געמשפּט די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן גינטער פוקס און בראַדפּיש. אין פּסק דין איבער זיי ווערט געמאַכט אַזאַ אויספיר:

„אין גאַנג פון דער צייט זענען צו יחידים געטאָ־איינוווינער דורכגעדרונגען די ידיעות, אַז די יידן ווערן געברענגט אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער און ווערן דאָרט דערמאָרדעט" — — — „די מלבושים און שיך, וואָס זענען פון כעלמנאָ געבראַכט געוואָרן צוריק אין געטאָ, זענען דורך די איינוווינער דערקענט געוואָרן ווי זאַכן פון די אַרויסגעשיקטע. אויף באַהאַלטענע ערטער אין די מלבושים האָט מען געפונען בריוו פון די אַרויסגעשיקטע, אין וועלכע זיי האָבן אָנגעדייטעט וואָס עס קומט פאָר אין קולמהאָף (כעלמנאָ). אויך אַ 16 יעריק יינגל, וואָס איז אין יוני 1942 אַנטלאָפן פון דער אומגעגנט פון קולמהאָף און איז געקומען אין לאָדזשער געטאָ, האָט דערציילט וועגן דעם וואָס דאָרט קומט פאָר. אין יולי 1942, ווען מען האָט פון דער געגנט פון טורעק געבראַכט אין לאָדזשער געטאָ יונגע יידן, האָבן זיי דערציילט וועגן פאַרניכטונגס־לאַגער".

## ג. דער אכזריותדיקער טעראָר פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן

אָט די אַלע ידיעות צוזאַמען מיט דעם חשד, אַז עס גרייט זיך אַ נייע דעפּאָרטאַציע, האָבן אין די זומער־חדשים 1942 ביי די געטאָ־איינוווינער געשטייגערט דעם אומרו, די נישט זיכערקייט אַפילו מיט אַזאַ געפּייניקט לעבן. עס איז געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז עס האָט אָנגעהויבן רייף ווערן דער ווילן צו אַקטיוון ווידערשטאַנד. די פאַרטיליקער האָבן געמוזט אָנווענדן דעם ווילדסטן טעראָר, כדי צו דערשטיקן דעם אויפוואַכנדן ווידערשטאַנדס־ווילן. וועגן דעם דערציילן די געשטאַפּאָ־באַריכטן פון יענער צייט.

אין „לאַגער־באַריכט" פון געשטאַפּאָ פון 9־טן יוני 1942 אונטער דער באַצייכנונג „יודענטום", ווערט מיטגעטיילט: „ביז דער צייט זענען אַרום 95 יידן געוואָרן עפּנטלעך אויפגעהאַנגען. די דאָזיקע אָנווענדונגען זענען געקומען צוליב דעם, ווייל די יידן איז באַקאַנט געוואָרן דאָס היגע שאַרפע דורכגרייפן און אין אַלגעמיין נישט געוואָלט זיך רואיק צופּאַסן צו אַלע פאַראָרדנונגען.

ווערטלעך אין אָריגינאַל:

„So wurden bisher insgesamt 95 Juden öfentlich gehängt. Diese Massnahmen hatten zur Folge, dass der Jude das hiesige scharfe Durchgreifen erkante und sich nunmehr im Grossen und Ganzen allen Anordnungen ruhig fügte."

גאָר בולט רעדט זיך וועגן דעם אין אַ צווייטן „לאַגער־באַריכט" פון 15־טן אויגוסט 1942, אויך אונטער דער באַצייכנונג „יודענטום":

„ביי די געטאָ־איינוווינער קומט כסדר, קלאָרער און באַשטימטער צום אויסדרוק דער באַוווסטזיין, אַז די יידן אין אייראָפּע וועלן דעם קריג נישט איבערלעבן. צוליב דעם זענען די עוואַקואירונגען, עס קומט אַפילו נישט פון די אַרויסגעשיקטע קיין שום ידיעות. עס דאַרף נישט פאַרזען ווערן, אַז עס זענען טעטיק אַגיטאַטאָרן („געריכטעמאַכער" — אין אָריגינאַל) און אַ דויערנדע און שטייגענדע באַאומרואיקונג פון דער יודענשאַפט וועלן שטערן די דיסציפּלין. און די אָרדנונג אין געטאָ און באַזונדערס דאָס ווערבירן צו דער אַרבעט".

„צוליב דעם דאַזיקן מצב און ווייל די יידן פאַרלאָזן זייער וווין־געביט און וואַנדערן אין דעם ראַיאָן — זאָגט זיך ווייטער אין באַריכט — זענען „אַלס אָפּשרעקונגס־מיטל, אויף דער פאַראָרדנונג פון רזה"א, אין חודש יולי, 13 יידן עפנטלעך אומגעבראַכט געוואָרן. און נעמלעך: 9 אין וואַרטאַ, 2 אין לאַסק און 2 אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט". [329]

דער טעראָר פון געשטאַפּאָ — דאָס עפענטלעכע אויפהענגען 95 יידן, און אַנדערע עקזעקוציעס און דערשיסונגען האָבן נישט באַרואיקט די יידן, זיי זאָלן זיך לאָזן גוטוויליק אַרויספירן פון לאָדזשער געטאָ. דאָס ווערט באַשטע־טיקט אין דערמאָנטן פּסק דין פון האַנאָווער געריכט. דאָרט איז פאַראַן אַזאַ באַשרייבונג פון די דעפּאָרטאַציעס פון לאָדזשער געטאָ אין יאָר 1942:

„דער אויסוואַל פון די פּערזאָנען, וואָס דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן און דער צוזאַמענשטעל פון די טראַנספּאָרטן האָט ביז מאַי 1942 דורכגעפירט די יידישע פאַרוואַלטונג [רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע] אונטער דער אויפזיכט פון גינטער פוקס. פון אָנהויב האָט קיינער פון די געטאָ־איינוווינער נישט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט די יידן, וועלכע ווערן טראַנספּאָרטירט און דעריבער איז נאָך געווען אַ גרויסע צאָל פרייוויליקע צום פאָרן און זעלטן ווער האָט זיך קעגנגע־שטעלט דעם אַרויסשיקן פון געטאָ".

„סוף אויגוסט 1942 האָט די איבערוויגנדע מערהייט פון די געטאָ־איינ־ווינער שוין מער נישט געהאַט די איבערצייגונג אַז דאָס אַרויסשיקן פון געטאָ, באַדייט — איבערפירן אויף אַ נייעם אַרבעטס־פּלאַץ, נאָר דאָס איז פאַרניכטונג. צוליב דעם האָבן די אינסטאַנצן פון דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג (רומ־

קאָווסקי־אַדמיניסטראַציע) נישט געקאָנט אויספירן דעם באַפעל וועגן באַנייטע טראַנספּאָרטן פונעם געטאָ". [330]

✶

די נערוון־געשפּאַנטקייט און דער ווידערשטאַנדס־ווילן פון די לאָדזשער געטאָ־איינוווינער, אין אויגוסט 1942, לאָזט זיך אין פיל פאַלן פאַרגלייכן מיט אַן ענלעכן מצב, וואָס עס איז געווען אין וואַרשעווער געטאָ אין די האַרבסט־חדשים 1942, נאָך דער גרויסער דעפּאָרטאַציע פון 320 טויזנט יידן. אַזאַ אַנאַלאָגיע באַקומט זיך, ווען מען פאַרגלייכט די אויבן ציטירטע באַשרייבונגען פון B.K.C. מיט רינגלבלומס נאָטיצן פון יענער צייט. פאַרשטענדלעך, אַז רינגעלבלום ווי דער אונטערערדישער היסטאָריקער האָט געקאָנט „פרייער" שרייבן ווי B.K.C., וואָס איז געווען אונטער דער אויפזיכט פונעם יודענעלטעסטן: רינגעלבלום האָט געקענט אָפן שטעלן די פראַגע: „פאַרוואָס האָבן מיר נישט געשטעלט קיין ווידער־שטאַנד"? [331] וואָס עס איז נישט מעגלעך געווען פאַר די שרייבער אינעם „ביולע־טין" פונעם יודענעלטעסטען. ביי די געפייניקטע יידן אין לאָדזשער געטאָ איז אַביסל אַנדערש געשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי שטעלט מען אַ ווידערשטאַנד?

דער גרויסער און טיפער אונטערשייד צווישן די צוויי געפייניקטע מחנות געטאָ־יידן איז בעיקר באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אַרבעטער־פּאַרטייען אין לאָד־זשער־געטאָ האָבן נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן קיין שום קאָנטאַקט מיט די אונטערערדישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס פון יענער זייט געטאָ, בעת אָרגאַניזאַ־ציעס אין געטאָ וואַרשע האָבן באַקומען אַזאַ קאָנטאַקט.

## ד. די אונטערערדישע פּוילישע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין ליטצמאַנשטאַדט און איר באַציאונג צום געטאָ

פאַר די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזשער געטאָ איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט דער אומלעגאַלער באַוועגונג אין ליטצ־מאַנשטאַדט צוליב פאָלגנדע צוויי סיבות:

א. די שטרענגע אָפּגעשלאָסנקייט פונעם געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וואָס די דייטשע מאַכט האָט באַזונדערס פאַרשטאַרקט, ערב דער אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים דורך איינלייגן צענדליקער הייזער, וועלכע האָבן נאָך פאַרבונדן דאָס געטאָ מיט דער שטאָט און ב. דער אומווילן פון דער אונטערערדישער קאָמו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע פון יענער זייט געטאָ צו פאַרבינדן זיך מיט די יידן אין אָפּגעשלאָסענעם שטאָט־טייל פון לאָדזש.

נאָך אין יאָר 1941, זענען שוין אין לאָדזש (אין שטאָט) געווען טעטיק אונטערערדישע פּוילישע קאָמוניסטישע קעמערלעך, וועלכע זענען געווען צווישן זיך אָרגאַניזאַציאָנעל פאַרבונדן. עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען דער אַרעסט פון אַ

פינף־פערזאָניקער אָנפירונג פון אַ קרייז, אָבער די אונטערערדישע פוילישע קאָמו־
ניסטישע טוער האָבן ווייטער געבויט זייערע אָרגאַניזאַציעס. אין פעברואַר 1942
האָט די אָרגאַניזאַציע אויפגעלעבט און אין די ווייטערדיקע חדשים אַרויסגעגעבן
דעם ערשטן נומער פון אַ העקטאָגראַפירטער צייטונג א.נ. „Front Walki za
Naszą i Waszą Wolność".[332]

דער דאָזיקער טיטל פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער צייטשריפט —
„קאַמפס־פראָנט פאַר אונדזער און אייער פרייהייט" — האָט נישט באַדייט קיין
ווענדונג צו די יידן פון יענער זייט דראָט־פאַרצוימונגען, ווייל דער ערשטער נומער,
וואָס האָט באַהאַנדלט אַלע פּראָבלעמען, וועלכע זענען געשטאַנען פאַר דער אומ־
לעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג אין יענער צייט, האָט אַפילו מיט קיין שורה נישט
באַרירט דעם מצב פון די 160 טויזנט יידן, וואָס ווערן געפּייניקט אין אָפּגעשלאָסענעם
געטאָ. און דערשינען איז דאָך די צייטשריפט אין די חדשים, ווען די דייטשע מאַכט
האָט צענדליקער טויזנטער יידן געפירט פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער
כעלמנאָ. עס איז נישט מעגלעך אָנצונעמען, אַז די אונטערערדישע קאָמוניסטישע
טוער פון לאָדזש און ראַיאָן האָבן פון דעם נישט געוווּסט. עס איז אין דעם פאַל
געווען אַ רעצידיוו פון דער באַציאונג צו יידן אין לאָדזש, וואָס האָט זיך איינגע־
שטעלט אין די יאָרן פאַר דער מלחמה — דער פחד פאַר צופיל איינשטעלן זיך פאַר
יידן, וואָס איז געקומען צוליבן דעמלסדיקן דרוק פון די אַנטיסעמיטישע פוילישע
מאַסן.

דער אומווילן פון די פוילישע קאָמוניסטן איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט
די געטאָ־יידן ווערט אויף אַ דראַמאַטישן אופן באַשריבן אין די זכרונות פון מיכאל
כענטשינסקי (מאָניעק). אַ יידיש־קאָמוניסטישער טוער אין לאָדזשער געטאָ. ער
האָט זיך געטראָפן מיט זשולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ־קרענגעל, די אידעאַלע און איני־
טעליגענטע אָנפירערין פון דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע
אין געטאָ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען — די „פאַריינס לינקע" „Lewica
Związkowa" אַ פאַרמלחמדיקע באַצייכנונג פאַר די קאָמוניסטישע גרופּן אין די
פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. כענטשינסקי איז געקומען צו זשולאַן אין דער וווינונג.

„אין דער זעלבער צייט איז צו זשולאַ געקומען אַן אַרבעטער פון דער
עלעקטרי־אָדער גאַז־אַנשטאַלט. איך געדענק, אַז ער איז געווען אַ ברונעט אָדער
אַ טונקל־שאַטינער פון מיטעלן וווּקס אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט זיך באַגריסט
מיט זשולאַן ווי מיט אַ באַקאַנטער און איר איבערגעגעבן אַ בריוו — — — זשולאַ
האָט זיך זייער דענערווירט ביים לייענען דעם בריוו. איך האָב געהאַט דעם
איינדרוק, אַז אָט וועט זי זיך צעוויינען. זי האָט אָן אויפהער גערייכערט פּאַפּיראָסן.
פון דעם שמועס מיט דעם אומבאַקאַנטן איז אַרויסגעקומען, אַז דער מחבר פון דעם
בריוו האָט געענטפערט אויף זשולאַס אַ בריוו. — ער זעט נישט די באַדערפעניש,
עס זאָל אין דער צוקונפט אָנגעהאַלטן ווערן אַ קאָנטאַקט צווישן דעם געטאָ און

דער אָרגאַניזאַציע, װעלכער דער בריװ־שרײַבער רעפּרעזענטירט. איך געדענק װי זשולאַ האָט געזאָגט: „נו פֿאַרפֿאַלן, מיר װעלן זײַן אױסגעשטעלט אױף זיך אַלײן, אױב איר האַלט אַזױ, װעלן מיר זיך צופּאַסן, אָבער איך פֿאַרשטײ נישט פֿאַרװאָס אַזױ".

דער חבר, װאָס האָט געבראַנגט דעם בריװ, האָט זיך זײער פֿאַרענטפֿערט, אַז ער איז בלויז אַ שליח און װעט זשולאַס באַמערקונגען איבערגעבן. לאַנג נאָך זײַן אַרױסגײן האָט זשולאַ אױפֿן קול קאָמענטירט דעם אינהאַלט פֿון דעם בריװ און אים איבערגעלעזן צװײ אָדער דרײַ מאָל".[333]

פּרוּװן פֿון אײנשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט אױסערלעכע אומלעגאַלע נישט־ײדישע אָרגאַניזאַציעס זענען געמאַכט געװאָרן פֿון אַלע אַרבעטער־פּאַרטײען אין געטאָ און פֿון זײערע סימפּאַטיקער, מענטשן פֿון פֿרײַע פּראָפֿעסיעס, אָבער ביז דער ליקװידאַציע איז נישט געלונגען אײנצושטעלן װעלכן עס איז פֿאַרבינדונג מיט אַנטי־נאַצישע פֿאַקטאָרן פֿון יענער זײַט דראָט־פֿאַרצױמונג. די אונטערערדישע באַװעגונגען אין לאָדזשער געטאָ זענען געװען האָפֿנונגס־לאָז אױסגעשטעלט אױף זיך אַלײן.

דער געדאַנק פֿון שטעלן אַן אַקטיװן װידערשטאַנד דער אַקופּאַציע־מאַכט האָט כסדר געװאָרטעװעט אין די „קעמערלעך" פֿון די פּאַרטײען: קאָמוניסטן, בונד, לינקע פּועלי ציון און חלוצישע גרופּירונגען, באַזונדערס בײַ דער יוגנט. די „פֿינפֿטלעך" האָבן אַפֿילו געמאַכט איבונגען מיט מכלומרשט „געװער". זשולאַ פּאַצאַנאָװסקאַ האָט די יוגנטלעכע פֿון די קאָמוניסטישע קרײַזלעך געלערנט די סטראַטעגיע פֿון אױפֿשטאַנד, װי אַזױ מ'דאַרף זיך אױפֿפֿירן בײַ גאַסן־קאַמפֿן צו װעלכער מ'דאַרף זיך גרײטן. אָבער יעדער פֿון די פּאַרטײ־פֿירער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אָן אַ פֿאַרבינדונג מיט אַנטי־פֿאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס פֿון מחוצן געטאָ און אָן אַ מעגלעכקײט צו באַקומען געװער — קאָן יעדער אַרױסטריט קעגן דער דײַטשער אָקופּאַציע־מאַכט זיך נאָר ענדיקן מיט אַ שרעקלעכער בלוט־פֿאַרגיסונג און ליקװי־דאַציע פֿונעם געטאָ, פֿאַר װעלכן יעדער האָט ממש געציטערט בײַם בלויזן געדאַנק, אַז דאָס קאָן געשען.[334]

די דיכטערין חוה ראָזענפֿאַרב־מאָרגענטאַלער, װאָס האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ, האָט אַזױ כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקן מצב:

„ס'האָט אין געטאָ נישט געקאָנט זײַן קײן רײד װעגן העלדנמוט און מאַר־טירערטום, װי איך װאַרשע. נישט װײַל די לאָדזשער ײדן זענען געװען פּחדנים, נאָר װײַל מ'האָט געלעבט אין פֿאַרבלענדעניש, צעריסן צװישן האָפֿענונג און פֿאַרצװײפֿלונג און עס איז נישט געװען קײן אײן מאָמענט, װעלכער זאָל אָנװײַזן דערױף, אַז עס איז שױן דער סוף, אַז קײן אױסװעג איז נישטאָ, דאָס געטאָ האָט געגעבן קרבנות, האָפֿנדיק, אַז אַ טײל װעט איבערלעבן — — — האָט מען געטאָן אַלץ אַבי דורכצוהאַלטן".

אין אַן ענלעכן נוסח האָט געשריבן ד״ר ל. שיקער אין זיינע זכרונות:
„צי זענען מיר נאָך די אַלע געשעעענישן געווען אַזוי לייכטזיניק?
אויף דער דאָזיקער פראַגע קאָן געבן אַ תשובה נאָר איינער, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דאָס געטאָ. קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די דייטשן. יעדער האָט געוווּסט, אַז די דייטשן ווילן אונדז אויסראָטן, אָבער די היטלעריסטן האָבן געקענט אַזוי אינסצעניזירן יעדע אַקציע, זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ קאָלאָסאַלע קענטעניש פון דער יידישער פסיכיק, אַז פאַר יעדן נאָרמאַל דענקענדן מענטש האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק — אין לאָדזשער געטאָ קאָן מען איבערהאַלטן״.[335]

הגם דער אָפּזאָץ אין ד״ר שיקערס זכרונות איז נוגע די ערשטע חדשים אין לאָדזשער געטאָ, איז אָבער קלאָר פון די אויבנגעבראַכטע באַשרייבונגען, אַז אַט די געשילדערטע שטימונג אין געטאָ, האָט אָנגעהאַלטן אויך נאָך די ערשטע דעפּאָרטאַציעס. די אילוזיע פון איבערלעבן איז צערונען געוואָרן אין די זומער־חדשים 1942, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן ריידן אין געטאָ וועגן אַרויספירן קראַנקע, קינדער און זקנים, איז טאַקע געוואַקסן די געשפּאַנטע אומרואיקייט.

## ה. די ווייטערדיקע פּאַרמאַסקירונג פון דער קומענדיקער אויסראָטונגס־אַקציע

די געשטאַפּאָ האָט דורך אירע אַגענטן אין געטאָ — דוד גערטלער און זיינע „זאָנדער״ — באַקומען באַריכטן וועגן די שטימונגען און וואָס עס טוט זיך אָפּ אין יידנפערטל.[336] דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס האָט דעריבער, ווי שוין דערמאָנט, זייער פּאָרזיכטיק אונטערהאַנדלט מיט רומקאָווסקין, ער זאָל מיט זיין מאַכט ליקווידירן די שפּיטעלער. 2 חדשים זענען געפירט געוואָרן די אונטערהאַנדלונגען. און משך פון דער צייט זענען כסדר געקומען נייע איבעררעשונגען פּאַרן געטאָ, וואָס האָבן געדאַרפט פּאַרמאַסקירן די קומענדיקע אויסראָטונג.

אין חודש אויגוסט 1942, האָבן די געטאָ־איינוווינער אונטער דער אָנפירונג פון דייטשע אינסטרוקטאָרן געמאַכט שוץ־איבונגען קעגן לופט־אָנגריפן, מיט „אַלאַרמען״, כדי „צוצוגרייטן די געטאָ־באַפעלקערונג, ווי אַזוי צו שיצן זיך קעגן אָנגריפן פון פיינטלעכע עראָפּלאַנען״. אין קולטור־הויז אויף קראַוויעצקאַ 3 איז דעם 16־טן אויגוסט פּאָרגעקומען אַ ספּעציעלע פּאַרזאַמלונג פון „לופטשוץ־וואַכט״, ווו מ׳האָט די געטאָ־איינוווינער געלערנט ווי אַזוי אויסצוהיטן זיך פון אָפּבריאונגען בעת באָמבע־אויפרייסן, לעשן שריפות אדג״ל. דאָס נישט באַטייליקן זיך אין דער אויפקלערונגס־פּאַרזאַמלונגען האָט געדראָט מיט אַרעסט פון 24 שעה.[337] אין דעם זעלבן פּעריאָד ווערט דורך דעם רומקאָווסקי־אַפּאַראַט ווייטער דורכגעפירט דאָס קאָרומפּירן די אַקטיווערע טיילן פון דער געטאָ־באַפעלקערונג דורך

געבן העכערע פּאָסטנס, באַשטימטע שפּייז־צוטיילונגען. דעם 12־טן יולי 1942 האָט שעראַקאָוויאַק פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך:

„איך ווער וואָס ווייטער אַלץ מער נערוועז. ווי אויף צו להכעיס טרעף איך כסדר מענטשן, וועלכע געניסן פון פאַרשידענע מינים טאַלאָנען: צוטיילונגען, פּריוואַטע טאַלאָנען, אורלויבן, פּענסיאָנען אין מאַרישין אאז"ו, אאז"וו. די מענטשן דערציילן מיר גוטמוטיק וועגן זייערע „גליקן". הגם דער גרעסטער טייל פון זיי פאַרהוילן דעם אמת, קאָן מען דאָך קומען צום פּשוטסטן אויספיר, אַז אַרום 20,000 מענטשן אין געטאָ עסט אויף אַזוי פיל, וואָס וואָלט גענוג געווען אַרויסצוגעבן אַ טאָפּלט־גרויסע פּאָרציע פאַר דעם אַנדערן טייל פון דער באַפעלקערונג".

שוין אין סאַמע סוף חודש אויגוסט 1942 האָט רומקאָווסקי געמאָלדן וועגן אַ נייער „היים", וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין מארישין, אין וועלכער נאָך הונדערטער אַרבעטער וועלן קאָנען באַקומען אָפּרו. אין דער זעלבער צייט האָט די קאָמיסיע פאַר די „אַריינגעבראַכטע" גענומען שטאַרק זאָרגן פאַר זיי. עס איז פאַר די אַרויסגעטריבענע פון די שטעטלעך צוגעטיילט געוואָרן: וווינונגען, מעבל, בעטגעוואַנט, וועש און מלבושים, רעשטלעך פון די צוגערויבטע זאַכן פון די פאַרפּייניקטע יידן, וואָס זענען איינמאַגאַזינירט געוואָרן אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט. עס איז געוואָרן לעבעדיק אין געטאָ. די גולים פון זדונסקאַ וואָלאַ און פון אַנדערע שטעטלעך האָבן גענומען זיך „איינאָרדנען".[338] עס איז מיט זיי געפּראַוועט געוואָרן די זעלבע קאָמעדיע, ווי מיט די מערב־יידן, ערב זייער דעפּאָרטאַציע.

אָט אַזוי איז אויך פאַר דער אויסראָטונג פון די קראַנקע, קינדער און זקנים די געטאָ־באַפעלקערונג צעטיילט געוואָרן אויף פּריווילעגירטע גרופּן, וואָס האָבן געקאָנט טראַכטן: „מיך וועט עס נישט טרעפן". דער אָרעמסטער און אַממיינסטן פאַרהונגערטער שיכט אין געטאָ איז געווען אַזוי צעבראָכן און דערשלאָגן, אַז עס איז שוין נישט געווען קיין כוח, ענערגיע און ווילן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער אויסראָטונג.

אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פאַר יענעם דעצידירנדן חודש איז אויך דער פאַקט, וואָס בעת .B.K.C, באַשטימטע נאָר פאַר אַ קליינעם לייענער קרייז פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, האָט באַריכטעט וועגן דעם אומרו צוליב די באַפאָר־שטייענדע דעפּאָרטאַציעס, זענען אַנדערע באַשרייבונגען פון יענער צייט שטאַרק אָפּטימיסטיש באַפאַרבט וועגן דער צוקונפט פון די געטאָ־איינוווינער. דאָס זענען געווען ווערסיעס, וועלכע מ'האָט דערציילט און וועגן זיי געשמועסט. אָן שום ספק האָבן דאָ געווירקט די געשטאַפּאָ־אַגענטן אין געטאָ, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו באַרואיקן די געפּייניקטע און דערשראָקענע יידן, דורך אָפּלייקענען די „קלאַנגען" וועגן אַ נייער דעפּאָרטאַציע און צו פאַרשפּרייטן די אילוזיע, אַז מ'קאָן איבערלעבן.

אַזוי איז סוף חודש יולי אין געטאָ פאַרשפּרייט געוואָרן אַ ווערסיע, אַז „די קינדער, וועלכע מ'האָט צוגענומען ביי עלטערן, אַרויסגעשיקטע פון די געטאָס אין

לאָדזשער ראַיאָן — געפינען זיך אין אַ „יודענקינדערלאַגער" אין פּויזן, די עלטערע מענטשן — אין פאַרשידענע לאַגערן אין פּויזנער געגנט". עס איז אַפילו אָנגעגעבן געוואָרן דער אַדרעס פון „יודענקינדערלאַגער" — „פּויזן, רודאָלף שטראַסע נומ. 5". צו דער דאָזיקער ווערסיע, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין B.K.C. מיט דעם אָנהויב — „מ'דערציילט", האָט דער שרייבער צוגעגעבן: „עס איז נישט באַוווּסט, צי די דאָזיקע ידיעות קומען נישט מיט קיין אַנדערן ווענ. אין יעדנפאַל קאָן מען אָננעמען, אַז זיי האָבן נישט קיין שום גרונט". [339]

אויך אין דער הינזיכט האָט גערטלערס זאָנדער־פּאָליציי אויסגעפירט די זעלבע ראָל אין לאָדזשער געטאָ, וואָס גאַנצווייכס געשטאַפּאָ־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ אין די חדשים פאַרן אויפשטאַנד. אָט דיביידע געשטאַפּאָ־אָרגאַניזאַציעס אין די געטאָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע — דורך באַרואיקן די פאַרצווייפלטע באַפעלקערונג, אָפּצוטעמפּן דעם אויפשטאַנדס־ווילן, אָפּצולייקענען אַלע ידיעות וועגן די נייע אויסראָטונגען, וואָס עס גרייט די דייטשע מאַכט. [340] דער קלאַפּ פון די פאַרטיליקונגס־סעקטאָרן האָט געדאַרפט קומען אומגעריכט. די דייטשע פאַרמאַסקירונג פון דער אויסראָטונג איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין טאָג פאַר דער אַכזריותדיקער ליקווידאַציע פון די קראַנקע אין די שפּיטעלער, זענען אין געטאָ אַריינגעשיקט געוואָרן גרויסע סכומים שפּייז. דעם 31־טן אויגוסט 1942 האָט שעראַקאָוויאַק געשריבן אין זיין טאָגבוך:

„דער לעצטער טאָג פון דריטן מלחמה־יאָר. דאַכט זיך, אַז קיין שום מלחמה־יאָרטאָג וועל איך שוין נישט אָפּמערקן, ווייל — אָדער איך אָדער די מלחמה.

קיין שום נייעס איז נישטאָ. קאַרטאָפל קומען ווייטער אָן אין זייער גרויסע סכומים. עס זענען אויך געקומען אוגערקעס און מעל. די היצן זענען שוין דאַכט זיך צום סוף, ווייל אָוונט־צייט ווערט קילער.

אפשר וועט דער קומענדיקער חודש אונדז ברענגען עפּעס מער קאָנקרעטעס, וואָס זאָל אָנזאָגן האָפנונג, אפשר...". [341]

.19

# די דייטשע אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים

### א. דער רוצחישער איִבערפאַל אויף די שפּיטעלער און דער ווידערשטאַנד פון די קראַנקע

זייער רייך זענען די קוועלן, וועלכע דערציילן וועגן דער אויסראָטונג פון קראַנקע, קינדער און זקנים, וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט דורכגעפירט אין לאָדזשער געטאָ, אין די טעג פון 1־טן ביזן 12־טן סעפּטעמבער 1942. פון אַלע פאַראַנענע קוועלן, סיי דייטשע, סיי יידישע, איז קלאָר, אַז די דאָזיקע מאַסן־רציחה איז נישט אָנגעהויבן געוואָרן דורך רומקאָווסקין און זיין אַדמיניסטראַציע־אָנפירונג, ווי בעת די ערשטע דעפּאָרטאַציעס. דער יודענעלטעסטער האָט נישט אָנגעזאָגט דורך רעדעס, אַז ער וועט אַרויסשיקן ווער ער וועט וועלן: „די פאַרברעכער, די גנבים" אאז"ו — דער דייטשער איבערפאַל אויף די שפּיטעלער איז דאָס מאָל געקומען אומסגעריכט.

דעם 31־סטן אויגוסט 1942 האָט מען דער געטאָ־באַפעלקערונג אַרויסגעגעבן די „ראַציע", דעם שפּייז־צוטייל אויף דער ערשטער דעקאַדע פון חודש סעפּטעמבער, וואָס עס האָט צוביסלעך באַרואיקט די געמיטער. עס האָט זיך עפּעס נישט געגלויבט, אַז אָט אָט וועט זיך אָנהויבן דאָס אומגליק. עס איז פולשטענדיק געלונגען דער קאָמופלאַזש פון דער דייטשער מאַכט אין פאַרהוילן איר אויסראָטונגס־אַקציע. דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס האָט שוין דעמלס געהאַט די פאַראָרדנונג פון רזה"א אין בערלין, וואַרשיינלעך פון אייכמאַנס יידן־אויסראָטונגס־שטאַב, 4 B IV, וועגן דורכפירן די אויסראָטונג פון די קינדער, קראַנקע און זקנים אין לאָדזשער געטאָ. נאָך מיט עטלעכע טעג פריער איז אַזאַ פאַראָרדנונג אַרויסגעשיקט געוואָרן צו דער געשטאַפּאָ פון ליטצמאַנשטאַדט. אין פּסק דין פון לאַנדגעריכט אין האַנאָווער איז געוואָרן פעסטגעשטעלט:

„דאָס מאָל האָט זיך געהאַנדלט וועגן 20,000 געטאָ־איינוווינער, וועלכע דאַרפן געבראַכט ווערן אין כעלמנאָ. אין דער ערשטער ריי קראַנקע, זקנים, אַרבעטס־אומפעיקע ווי אויך קינדער ביזן 10 יאָריקן עלטער. דער באַפעל איז פון רזה"א באַצייכנט געוואָרן אַלס „געהיימע רייכסזאַכע" — אַזוי האָט זיך געשריבן אין דעם בריוו פון דעם אָנפירער פון דער שטאַטספּאָליציישטעללע ליטצמאַנשטאַדט צום ד"ר בראַדפיש. ער האָט דעם באַפעל איבערגעגעבן זיין פאַרטרעטער וועיגאַנד אָדער פוקס". געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס האָט באַקומען אַ פאַראָרדנונג אָפּצוקלויבן און דורכפירן דעם פערזענלעכן צונופשטעל פון יידן, וואָס דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן פון געטאָ

און אויך די דורכפירונג פון דער אַקציע. אים צו הילף זענען געשטאַנען די באַאַמטע פון רעפעראַט („4 B 2") באַזונדערס קריזאַן, שטראַמבערג און ריכטער. ביבאָוו האָט צוגעשטעלט פון 8—10 פערזאָן.[342]

אין דער נאַכט פונעם 31־טן אויגוסט האָט די דייטשע מאַכט געפאָדערט פון דער אָנפירונג פון דער אָרדנונגס־דינסט מ׳זאָל צושטעלן 50 פּאָליציסטן, וואָס דאַרפן קומען 5 פרי, דעם 1־טן סעפּטעמבער אויפן באַלוטער מאַרק. אין דערמאָנטן טאָג, 5 פרי, זענען אויפן באַלוטער מאַרק געקומען משא־אויטאָס מיט אַ גרויסע צאָל מונדירטע און נישט־מונדירטע דייטשן, ווי אויך „סאַניטאַרן". לויט דעם „שטראָפּור־טייל" פון האַנאָווער לאַנדגעריכט זענען „פון דער געטאָ־פּאָליציי גענומען געוואָרן פון 30—40 פערזאָן, וועלכע האָבן געדאַרפט דורכפירן די אַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון געשטאַפּאָ. ווער פון די פּאָליציאַנטן עס האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצו־אַרבעטן, איז ער אַליין אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט דעם טראַנספּאָרט".

דער געטאָ־פּאָליציי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אָפּצושליסן די גאַסן אויף די ערטער, ווו עס שטייען די אויטאָס מיט דייטשן. זיי זענען צוגעפאָרן צו די שפּיטעלער אויף וועסאָלאַ גאַס (שווינדזיכטיקע און גייסטיק קראַנקע) און די מונדירטע און נישט מונדירטע דייטשן מיט דער הילף פון די 50 פּאָליציי־לייט האָבן אָנגעהויבן די אויסראָטונגס־אַקציע. די שפּיטעלער אויף וועסאָלא גאַס זענען געוואָרן אַרומגערינגלט פון געשטאַפּאַ־לייט, אַזוי גערופענע „ראַל־קאָמאַנדע" און פּאָליציי. די קראַנקע, וואָס האָבן קיין שום זאַך נישט דערוואַרט און זענען רואיק געשלאָפן אויף זייערע בעטלעך, זענען פּלוצלונג געוואָרן געכאַפּט דורך ברוטאַלע הענט, וועלכע האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט און געוואָרפן אויף אויטאָס. ביים אַרויסרייסן די קראַנקע האָבן זיך אָפּגעשפּילט גיהנום־סצענעס: „די מענטשן האָבן געוווּסט, אַז זיי גייען צום טויט און געקעמפט אַפילו מיט די דייטשן, וועלכע האָבן מיט כוח געוואָרפן די קראַנקע אויף די אויטאָס און וועגענער", וואָס זענען שפּעטער אָנגעקומען.

באַלד האָט מען זיך אין געטאָ דערוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין די שפּי־טעלער. אין פּחד איז מען געגאַנגען אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן אָבער מ׳האָט נישט געאַרבעט. „דערווייל זענען ווייטער אָנגעקומען קאַרטאָפל. די רעסאָרט־אַרבעטער איז געוואָרן אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונג, באַזונדערס די פערזאָנען מיט אַ שלעכט אויסזען".[243] נאָכן אַרויספירן די קראַנקע פון די צוויי שפּיטעלער אויף וועסאָלאַ גאַס, איז די דייטשע אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ אַוועק צו די אַנדערע הייל־אַנשטאַלטן אין געטאָ.

בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה איבער אַלע שפּיטעלער און די קראַנקע האָבן גענומען פאַרטיידיקן זייער לעבן דורך אַנטלויפן פון די הייל־אַנשטאַלטן. דאָס איז פאַרשטענדלעך פאָרגעקומען ביי דער מיטהילף פון די קרובים פון די קראַנקע, פון דרייסטערע יידן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט ביי די שפּיטעלער

און ביי דער מסירת נפשדיקער מיטהילף פון די דאָקטוירים און שוועסטער. דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט מוראדיקע סצענעס: קראַנקע זענען פון די אָפּעראַציע־טישן אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן.

אַ פרוי מיט אַ נישט־נאָרמאַלער שוואַנגערשאַפט איז מיט אַ געעפנטער געבערמוטער אַנטלאָפן פון שפּיטאָל. אין 24 שעה אַרום, נאָכדעם ווי די געפאַר איז אַריבער, האָט מען זי אָפּערירט און געראַטעוועט. אַ צווייטע פרוי איז נאָך אַ שווערער מאָגן־אָפּעראַציע אַרויסגעשפּרונגען פון צווייטן שטאָק און עס איז איר געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. די פרוי לעבט היינט. די קראַנקע שרה זילבערבערג, אַ חברטע פון בונד, איז אַרויסגעשפּרונגען פון 1־טן שטאָק און געלאָפן צו אירע חברים. דאָרט האָט מען זי אויסבאַהאַלטן און געהיילט אין געהיים. אַזעלכע פאַלן זענען געווען אַ סך.

פון שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש גאַס, וואָס האָט זיך געפונען אין דער סאַמע געטאָ־געדיכטעניש און זיך געגרענעצט מיט דעם גרויסן הייל־אַנשטאַלט אויף לאַגעווניצקאַ 34/36, זענען די קראַנקע אַנטלאָפן איידער די דייטשן האָבן אַרומגע־רינגלט דעם הייל־אַנשטאַלט. דאָס איז פאָרגעקומען ביי דער מיטהילף פון אָרטיקן דאָקטאָר געלבאָרט און פון שפּיטאָל־פּערסאָנאַל.[344] די דייטשן, וואָס האָבן געטראָפן אַן אָפּגעליידיקט שפּיטאָל, האָבן דעם דאָקטער געוואָלט דערשיסן, אָבער ער האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז ער איז געווען איינער אַליין צווישן 200 קראַנקע. דער דאָקטער האָט נאָך דער טראַגעדיע געלעבט אַ קורצע צייט און איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט. פון קינדער־שפּיטאָל האָט זיך איינגעגעבן די קראַנקן־שוועסטער אַרויסצופירן די קראַנקע דורך אַ הינטער־טיר און אויף גיך צו פאַרבעטן די בעטלעך.

פרוי אסתר אַבראַמאָוויטש־פישער, וואָס איז ווי אַ קראַנקע געלעגן אין שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש־גאַס, האָט פאָלגנדעס דערציילט אין איר גבית־עדות

„בעת דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער האָב איך זיך געפונען אין שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש גאַס, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דעם גרויסן הייל־אַנשטאַלט אויף לאַגעווניצקע 36/34. דעם ערשטן סעפּטעמבער 1942 פאַרטאָג האָבן מיר דערהערט אַ פאַרדעכטיקן רעש אין קאָרידאָר. ווער עס האָט געקענט אַראָפּ פון בעט איז אַרויס זען, וואָס עס טוט זיך. די קראַנקן־שוועסטער האָבן געהאַט אַ באַפעל נישט אַרויסצולאָזן אונדז אין קאָרידאָר. זיי האָבן באַרואיקט. דער פחד איז געווען גרויס.

מיר האָבן זיך געוואָרפן צו די פענסטער. איך בין אַריין אין אַנדערן צימער און דורכן פענצטער דערזען אַ מענגע מענטשן שטייען אויף דער גאַס. דער דאָקטער סער (לעבט היינט אין ישראל), מיין קרוב, האָט געוואָלט אַריין אין שפּיטאָל, מ׳האָט אים נישט אַריינגעלאָזט, פּאָליציי האָט געהיטן. איך האָב דערזען מיין מאַמע. זי האָט געשריגן צו מיר: „ראַטעווע זיך, איך קאָן דיר גאָרנישט העלפן"! אויף מיין ברודער צבי איז דאָרט געשטאַנען און געשריגן צו מיר, איך

זאָל אַראָפּ אין „קיל־שטיבל״ (מתים־צימער). דאָס צימער איז אָבער געווען פעסט פאַרמאַכט.

ד״ר קוויאַט * האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די דאָקטוירים־מיץ און אָנגעטאָן אַ מאַנטל אויף דעם ווייסן כאַלאַט און געזאָגט: „קומט נאָך מיר. איך האָב דעם שליסל צו דעם מתים־שטיבל״. דאָרט איז געווען אַ פאַרגלאָזטע טיר צו דער גאַס, וואָס איז געווען פאַרשלאָסן. מיין ברודער האָט געגעבן אַ זעץ און אַרויסגעקלאַפּט דאָס גלאָז, וואָס האָט זיך צעבראָזגעט אויף שטיקלעך. איך מיט נאָך קראַנקע זענען אַרויס. איך בין אַוועק אַהיים זיך באַהאַלטן״.[345]

אויך פון שפּיטאָל אויף דרעווונאָווסקאַ גאַס זענען פיל קראַנקע אַנטלאָפן. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלד. די אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ אונטער דער אָנפירונג פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס האָט זיך געיאָגט נאָך די קראַנקע און צו זיי געשאָסן. וויפל עס האָבן אַזוי אַרום פאַרענדיקט דאָס לעבן — איז נישט באַקאַנט. די געטאָ־פּאָליציי האָט צוזאַמענגענומען די מתים און זיי אָפּגעפירט אויפן יידישן בית עולם. פוקס איז געווען ביי די שפּיטעלער אויף די גאַסן דרעווונאָוו־סקאַ, לאַגעווניצקאַ, מיצקעוויטש אאנ״ד. ער האָט געוואָרפן אויף די וועגענער און אויטאָס קראַנקע און שוואַנגערע פרויען. מיטן רעוואָלווער אין האַנט האָט ער אונטערגעטריבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן: „שנעלער! שנעלער!״ ווער פון די פּאָליצ־יאַנטן עס האָט נישט אויסגעפירט דעם באַפעל איז גלייך אַריינגעטריבן געוואָרן אין אויטאָ. די קינדער זענען דורך די פענצטער געוואָרפן געוואָרן אויף די אויטאָס.

אַנאַ היימאַן, אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקע 36, האָט דערציילט אין איר גבית־עדות:

„אין דער נאַכט אויפן ערשטן סעפּטעמבער 1942 האָב איך געהאַט נאַכט־דיזשור אין שפּיטאָל. גאַנץ פרי איז צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט פאַרשוינען, אָנגעטאָן אין ציוויל־קליידונג, אין קאָמבינעזאָנען. זיי זענען אַריין אין שפּיטאָל, אָנגעהויבן אַרויספירן די קראַנקע, געוואָרפן אין אויטאָ, געלייגט איין קראַנקן אויפן צווייטן. דאָס קרעכצן און וויינען פון די קראַנקע האָט געריסן דאָס האַרץ״.

ד״ר ל. שיקער, איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון געזונטהייטס־דינסט אין געטאָ, האָט געשריבן אין זיינע זכרונות:

„דער אופן ווי די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט די קראַנקע, האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום ספק בנוגע דעם גורל פון די אומגליקלעכע. מ׳האָט געוואָרפן פון די טרעפּ, מ׳האָט אַראָפּגענומען פון די אָפּעראַציע־טישן, מ׳האָט געשלאָגן און אין די לאַסט־אויטאָס געלייגט די קראַנקע איינעם אויפן אַנדערן. קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין מ׳פירט זיי, אָבער פאַר יעדן איז געווען קלאָר,

---

* אסתר אַבראַמאָוויטש־פישער האָט נישט געקענט פעסטשטעלן, צי עס איז דער ריכטיקער נאָמען פונעם דאָקטער.

אַז מ׳פירט זיי צום טויט״. די עדות, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן אין אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים און אין פּראָצעס פון פוקס־בראַדפיש אין האַנאָווער האָבן אין זייערע דערקלערונגען פעסטגעשטעלט, אַז די רוצחים, באַזונדער די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן פוקס און שטראַמבערג, האָבן די קראַנקע קינדער פון שפּיטאָל געוואָרפן פון די שטאָקן אויף די צוגעגרייטע וועגענער.[346]

צווישן די קראַנקע, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט אין די שפּיטעלער און תיכף אַרויסגעפירט קיין כעלמנאָ, האָט זיך אויך געפונען די איידעלע און אידעאַלע פרוי זשולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ און אינזש. לאַפּפּ — איינער פון די אינטעליגענטן, וואָס זענען געווען אין שאַרפער אָפּאָזיציע צו רומקאָווסקין. די פריינט פון זשולאַ פּאַצאַנאָווסקאַ האָבן זי געוואָלט אָפּראַטעווען, זי איז דאָך געווען די פּאַקטישע אָנפירערין פון די קאָמוניסטישע גרופּן אין געטאָ. אָבער זי האָט נישט געוואָלט זיך ראַטעווען און דערקלערט, אַז זי גייט מיט אַלע אומגליקלעכע.[347] אָן שום ספק האָט דאָ געווירקט איר דערדריקנדע שטימונג. זי האָט געזען דעם אומקום פון געטאָ און נישט געקאָנט אָרגאַניזירן קיין ווידערשטאַנד צוליבן אָפּזאָג פון אירע פּוילישע חברים מחוצן געטאָ איינצושטעלן אַ קאָמפּס־קאָנטאַקט מיט זייערע יידישע חברים.

## ב. דאָס געיעג נאָך די אַנטלאָפענע און אויסבאַהאַלטענע קראַנקע

אין משך פון עטלעכע שעה האָט די „ראַל־קאָמאַנדאָ״ אונטער דער אָנפירונג פון די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן — גינטער פוקס און שטראַמבערג, אויסגעליידיקט די געטאָ־שפּיטעלער. די קראַנקע זענען אויף אויטאָס, וועגענער און מיטן געטאָ־טראַמוויי אָפּגעפירט געוואָרן גלייך אויף דער סטאַציע ראַדעגאַסט און פון דאָרט מיט דער באַן קיין כעלמנאָ. לויט די זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט זענען: פון די 6 שפּיטעלער און 2 פּרעווענטאַריעס, אַרויסגעפירט געוואָרן 374 דערוואַקסענע און 320 קינדער — — — פון 1 קינדער־פּרעווענטאַריע אין מאַרישין, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די לייכט־קראַנקע, האָט די אָנפירונג געעפנט טיר און טויער און געלאָזט די קינדער אהיים צו די עלטערן. פון שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש גאַס האָבן אַלע קראַנקע באַוויזן צו אַנטלויפן אין אַ צאָל פון 130 מענטשן״. י. נירענבערג גיט אָן אין זיין „געשיכטע פון לאָדזשער געטאָ״, אַז עס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון די שפּיטעלער 3000 קראַנקע.[348] ביידנס אָנגעגעבענע ציפערן זענען נישט פּינקטלעך. פון פריער געבראַכטע אויטענטישע דאָקומענטן איז קלאָר, אַז די געטאָ־שפּיטעלער האָבן געהאַט נאָר 1500 בעטן.

אַלע קראַנקן־הייזער אין געטאָ זענען טאַקע אויסגעליידיקט געוואָרן און לויט די נאָמענטלעכע רשימות אין די שפּיטעלער האָט די אויסראָטונגס־קאָמאַנדע זיך תיכף געכאַפּט, אַז אַ גרויסע צאָל איז אַנטלאָפן. די געטאָ־פּאָליציי האָט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן די קראַנקע אין די שפּיטעלער. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך

געלאָזט איבער די הייזער פון די משפחות פון די קראַנקע און גענומען זיי אַרויס־שלעפּן מיט כיטרע אויסריידן אָדער מיט כוח. אסתר אַבראַמאָוויטש־פּישער, וואָס איז אַנטלאָפן פון שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש גאַס, האָט דערציילט אין איר גבית עדות:

„אין דעם זעלבן טאָג (1־טן סעפּטעמבער) נאָכמיטאָג איז געקומען אַ פּאַליציאַנט צו אונדז אין שטוב און ער האָט געפאָדערט: איך זאָל מיטגיין מיט אים. מיין מאַמע האָט געפרעגט: „צו וואָס?" איז געקומען דער ענטפער: „נאָר עפּעס אויפצוקלערן אין די עווידענץ־פּאַפּירן". די מאַמע איז מיטגעגאַנגען און אויפן וועג האָבן מיר דערזען, אַז דער פּאָליציאַנט פירט מיך צוריק אין שפּיטאָל, ווו עס איז שוין געווען אַ זאַמלפּונקט פאַר די געכאַפּטע קראַנקע, באַשטימטע צום אַרויסשיקן. די מוטער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם צוריקברענגען מיך אויף דעם געפערלעכן אָרט פון וואַנען איך בין אַנטלאָפן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַנגלעניש צווישן דער אַלטער אויסגעהונגערטער פרוי און פּאָליציאַנט. וועלכער האָט אָפּגעשטויסן מיין מוטער. זי האָט געשריגן: „גיט מיר אָפּ מיין קינד" [אסתר איז דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר]. מיט כוח בין איך געוואָרן אַריינגעשטופּט אין שפּי־טאָל־בנין". דאָרט זענען געזעסן פּאָליציאַנטן און געפירט אַ רשימה פון די געכאַפּטע. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען זיי געשלעפּט. אַ סך פון זיי זענען געווען רעזיגנירט און גלייכגילטיק צו זייער גורל, ווייל „מ'קאָן גאָרנישט אויפטאָן". אינדערפרי האָבן פּאָליציאַנטן גענומען אַרויספירן אויף וועגעלעך די שווער־קראַנקע. אסתר אבראַ־מאָוויטש־פּישער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס אַ פּאָליציאַנט איז אַוועק פון פענסטער כדי אונטערצושטופּן אַ וועגעלע און איז אַרויסגעשפּרונגען פון ערשטן שטאָק. דער שפּרונג איז איר געלונגען. זי איז אַריין אין מתים־שטיבל. ביי דער אויסגעהאַקטער שויב־טיר איז געשטאַנען אַ שומר. אַן עלטערער מענטש, נישט קיין פּאָליציאַנט. ער האָט זיך געלאָזט איבערריידן, הגם, ווי ער האָט פאַרזיכערט, ער קאָן באַצאָלן מיטן קאָפּ פאַר אַזאַ טאַט. די אַנטלויפנדע האָט דעם שומר צוגעזאָגט אַ פּאָרציע ברויט, וואָס ער וועט באַקומען פון אירע קרובים און ער האָט זיך געמאַכט נישט זעעןּ ווי דאָס מיידל אַנטלויפט. זי איז אַוועק צו אירע קרובים. דאָרט האָט מען זי אָפּגעשמינקט, געפאַרבט, אָנגעטאָן מלבושים פון אַ דערוואַקסענער דאַמע און איז געוואָרן אויסבאַהאַלטן. [349]

די גרויזאַמקייט פון דער געטאָ־פּאָליציי ביים כאַפּן די קראַנקע איז שאַרף געשטעמפּלט געוואָרן דורך דוד שעראַקאָוויאַק. אין זיין טאָגבוך אונטער דער דאַטע פון 2־טן סעפּטעמבער 1942 האָט ער געשריבן:

„די שפּיטאָל־טראַגעדיע האָט זיך נישט געענדיקט מיט דעם נעכטיקן אַרויספירן קראַנקע פון געטאָ. נאָכן דערוויסן זיך וועגן אַנטלויפן פון די שפּיטעלער פון אַ טייל קראַנקע, האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל אויפן סמך פון דער קראַנקן־רשימה צושטעלן אַלע אַנטלאָפענע פון די שפּיטעלער, האָט מען אָנגעהויבן רעווידירן די וווינונגען פון די משפחות פון די קראַנקע, כדי צו כאַפּן די אַנטלאָפענע.

די פּאָליציי האָט דאַן זיך דערלויבט אַ רציחה, וואָס איז דאַכט זיך ביז איצט נישט אויסגעפירט געוואָרן אין געטאָ. די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט די פולע צאָל פון די קראַנקע, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אין די שפּיטאָל־רשימות. צוליב פאַרשידענע באַפעלן פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען, האָט די פּאָליציי געוואָלט אָפּשפּאָרן זייערע קרובים (אויך אַנטלאָפענע) — האָט מען זיך געכאַפּט צו אַזאַ מיטל: מ'איז געגאַנגען איבער די וווינונגען פון פאַרשידענע קראַנקע, וואָס זענען שוין געווען אַרויסגעפירט, און ווי קיינמאָל גאָרנישט, געפרעגט: „ווו געפינען זיך די קראַנקע?" ווען די אומגליקלעכע קרובים האָבן געענטפערט, אַז וואַרשיינלעך האָט מען זיי אַרויס־געפירט, ווייל קיינער איז נישט אַהיימגעקומען, האָט די פּאָליציי גענומען ערובניקעס ביז מ'וועט צושטעלן די מכלומרשטע אַנטלאָפענע. ווען די דייטשן האָבן צוגעשיקט אויטאָס נאָך די רעשט קראַנקע האָט מען אַרויסגעפירט אויך די ערובניקעס, כדי עס זאָל אויסגעפילט ווערן די באַשטימטע צאָל, ווייל עס האָבן געפעלט די פּראָ־טעזשירטע".[350]

די דאָזיקע גרויליקע געשעענישן האָבן צווישן די געטאָ־איינוווינער אַרויס־גערופן אַ שרעקלעכע מהומה. די שוואַרצסטע פּאַראויסזעאונגען זענען געגאַנגען פון מויל צו מויל.

„קאַרטאָפל קומען ווייטער אָן. טראָץ די פאַרשידענע „פּלאָטקעס" ווערט דערוויל נישט געגעבן קיין שום צוגאָב־באַשפּייזונג. אַלץ איז געבליבן אין איבעררייס, אַלץ איז אין דערוואַרטונג" — האָט געשריבן שראַקאָוויאַק און ווייטער איבערגעחזרט אונטער דער דאַטע פון דריטן סעפּטעמבער: „קאַרטאָפל קומען ווייטער אָן אין געטאָ. פון מאָרגן אָן וועט מען שוין אַרויסגעבן צו 8 קילאָ אויף אַ פּערזאָן".[351]

## ג. די אַמטן פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען

טויזנטער געטאָ־משפּחות, האָבן זיך שוין צו די 8 קילאָ קאַרטאָפל נישט דערוואַרט. און דעם זעלבן טאָג, דעם 3־טן סעפּטעמבער, האָט מען שוין אין געטאָ געוווסט, אַז די דייטשע מאַכט פאַרלאַנגט מ'זאָל אַרויסגעבן די קינדער ביז 10 יאָריקן עלטער. אויף צומאָרגנס, דעם 4־טן סעפּטעמבער איז די איוב־בשורה אויסגעברייי־טערט געוואָרן: די דייטשן פאַרלאַנגען נישט בלויז קינדער, נאָר אויך עלטערע פון 65 יאָר אָן, אַלע שוואַכע, געשוואָלענע און קאַליקעס, נישט פעיקע צו דער אַרבעט.

די פּאַניק צווישן די געטאָ־איינוווינער איז געוואַקסן מיט דער מינוט. מ'האָט פאַרלאָזט די אַרבעטס־רעסאָרטן. די טויזנטער, וואָס האָבן ביז איצט נישט געאַרבעט און נישט געווען צוגעשריבן צו אַ פאַבריק אָדער וואַרשטאַט, זענען געלאָפן פאַר־צווייפלט צום „אַרבייטסאיינזאַץ" (אַרבעט־אַמט), כדי צו ווערן רעגיסטרירט ווי

אַ באַשעפטיקטער. די באַאַמטע האָבן נישט געקענט זיך קעגנשטעלן די בקשות פון די אומגליקלעכע, וואָס האָבן געוואָלט זיך ראַטעווען פון אַרויסגעשיקט ווערן און אַרויסגעגעבן אַרבעטס־באַשייניקונגען. אויך דער אַמט פון דער שול־אָפּטיילונג, וואָס האָט אָפיציעל עקזיסטירט ווי אַן „איבערשרײַבונגס־קאָמיסיע" פאַר יוגענט־לעכע, האָט באַלד אינדערפרי גענומען רעגיסטרירן „צו דער אַרבעט" קינדער יונגערע פון 10 יאָר. [352]

אין מעלדונגס־אַמט האָט זיך געטאָן חושך: טויזנטער געטאָ־איינוווינער זענען געקומען איבערשרייבן די יאָרן פון זייערע קינדער און פון די זקנים. דער יידיש־טשעכישער פובליציסט אָסקאַר זינגער, וואָס איז געבליבן אין געטאָ פון טשעכישן טראַנספּאָרט און האָט רעדאַגירט די „טאַגעסכראָניק" (B.K.C. אין דייטש), האָט אַזוי באַשריבן די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין מעלדונגס־אַמט:

„די באַאַמטע האָבן זיך באַמיט צו באַהערשן די סיטואַציע, מ'האָט געאַרבעט אָן איבעררייס בייטאָג און ביינאַכט, דער אָנדראַנג פון די מענטשן צו די פּעצנטערלעך איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. מ'האָט געשריגן, געוויינט, אַריינגעפּאַלן אין היסטעריע. יעדע סעקונדע האָט געקאָנט ברענגען דעם אורטייל. שעהן זענען אַוועק אין קאַמף מיט צעברויזטע ליידנשאַפטן. יעדער האָט געזוכט אַ פּראָטעקטאָר, כדי צו קענען צוקומען צו דעם טישל, וואָס קאָן ראַטעווען: נייע דאָקומענטן, אַלטע פאַרגעלטע בלעטלעך, אָפּגעפונענע מעטריקעס, פּאַספּאָרטן, לעגיטימאַציעס, אמתע און פאַלשע — האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז דאָס קינד איז עלטער און דער זקן איז יונגער. עס איז געווען אַ טיטאַנישע אַרבעט צו אָריענטירן זיך אין דעם כאָאָס". [353]

אַזוי האָבן ערלעכע מענטשן, באַאַמטע פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, באַמיט זיך אַרויסצורייסן די קרבנות פון די נעגל פון די דייטשע פאַרטיליקער.

צוליבן פעלן פון ידיעות אין די דאָקומענטן און אין זכרונות איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן, וואָס רומקאָווסקי האָט געטראַכט, געפילט און געטאָן אין די דאָזיקע 3 טעג — פון דעם 1־טן סעפּטעמבער אָן — ווען די דייטשע מאַכט האָט אויסגעפירט דעם איבערפאַל אויף די קראַנקע אין שפּיטעלער — ביז דעם פערטן סעפּטעמבער, ווען דער יודענעלטעסטער האָט געהאַלטן זיין „היסטאָרישע" רעדע אויפן פייערלעשער־פּלאַץ. עס איז אָבער באַוווּסט, אַז אין דעם טאָג, ווען רומקאָווסקי האָט געדאַרפט האַלטן זיין רעדע, זענען אין געטאָ אָנגעקומען געשטאַפּאָ־לייט. זיי האָבן מכלומרשט זיך נישט אינטערעסירט מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין די דערמאָנטע אמטן אויף פּלאַץ קאָשטשעלנע נומ' 4. אָבער אין דעם זעלבן טאָג, פאַרמיטאָג, זענען געשלאָסן געוואָרן: דער אַרבעטס־אַמט, די שול־איבערשרייבונגס־אָפּטיילונג, כדי נישט צו קאָנען זיך רעגיסטרירן אויף אַרבעט און דאָס מעלדונגס־ביוראָ — צו מאַכן אומעגלעך דאָס דורכפירן ענדערונגען אין פאַרשריבענעם עלטער פון די קינדער און זקנים. די רשימה פון קינדער, פאַרעגיסטרירטע אויף אַרבעט

אין דער איבערשיכטונגס־קאָמיסיע פאַר יוגנטלעכע — איז דערקלערט געוואָרן פאַר אומגילטיק. קיין שום באַזונדערע פאַראָרדנונגען וועגן שליסן די דערמאָנטע אָמטן זענען נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן.[354]

פון דער צייט אָן, ווען מ. ח. רומקאָווסקי האָט פון דער דייטשער מאַכט באַקומען דעם אַמט פונעם יודענעלטעסטען ביז די דערמאָנטע סעפּטעמבער טעג 1942, זענען אַלע פאַראָרדנונגען און באַקאַנטמאַכונגען פון רומקאָווסקין, זיינע „געשפּרעכן" מיט ביבאָוון און מיט דייטשע „בעהערדען" — דערגאַנגען צו דער עפנטלעכקייט. אָבער, וואָס רומקאָווסקי האָט געטאָן אין די 3 טעג, ווען די דייטשע מאַכט האָט געפירט די אויסראָטונגס־אַקציע פון די קראַנקע אין די שפּיטעלער — איז געבליבן לחלוטין אומבאַקאַנט. עס איז דעריבער אָנצונעמען, אַז אין די 3 טעג איז אין געטאָ געווען די צווייטע „מאַכט" נאָך רומקאָווסקין — די זאָנדער־פּאָליציי אונטער דער אָנפירונג פון דוד גערטלער. דער דאָזיקער געשטאַפּאָ־פאַרטרויאונגס־מאַן (V. M.) האָט זיינע פאַראָרדנונגען אַרויסגעגעבן מינדלעך, אין געהיים.

## ד. רומקאָווסקיס רעדע וועגן אַרויסגעבן די קינדער, קראַנקע און זקנים צו די דייטשן

די פאַרזאַמלונג אויפן הויף פון די געטאָ־פייערלעשער איז גערופן געוואָרן דורך ספּעציעלע „באַקאַנטמאַכונגען", אונטערגעשריבן פון „ח. רומקאָווסקי, דער עלטעסטער דער יודען".

אין זיין גבית־עדות האָט משה גאָלבאַס אזוי געשילדערט די שטימונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג בעתן גיין אויף דער דאָזיקער „היסטאָרישער" פאַרזאַמלונג.

„נאָך פאַר דער פאַרזאַמלונג האָט מען שוין פיל גערעדט וועגן דעם, אַז די דייטשן פאַרלאַנגען מען זאָל זיי אָפּגעבן די יידישע קינדער. אַ שוידער האָט אַלעמען אַרומגענומען. צו וואָס דאַרפן די דייטשן אונדזערע קינדער, צי טאַקע אויף אויסצומאָרדן? מיט קלאַפּעדיקע הערצער, דערשלאָגענע און צעשראָקענע איז מען געגאַנגען אויף דער פאַרזאַמלונג. עס זענען געקומען אייניקע טויזנט מענטשן, יונג און אַלט. מוטערס האָבן נישט געטרויט איבערצולאָזן זייערע קינדער אין דער היים און זיי מיטגענומען מיט זיך. דער פירער פון די שניידער־רעסאָרטן, דוד וואַרשאַווסקי, האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג און איבערגעגעבן דעם באַפעל פון דער דייטשער מאַכט אָפּצוגעבן די קינדער, וועלכע וועלן שוין ווי געהעריק באַזאָרגט ווערן. דער רעדנער האָט אַפּעלירט צו אַלעמען, אַז מען דאַרף זיין גרייט אויף דעם קרבן, כדי אָפּצוראַטעווען דעם כלל־ישראל". אַן ענלעכע רעדע האָט געהאַלטן אין פּויליש אַדוואָקאַט יאַקובסאָן. דער יודענעלטעסטער, רומקאָווסקי, האָט גערעדט מיט אַ „צעבראָכן הארץ", אַז ער איז געווען דער טאַטע פון טויזנטער יתומים. „איך האָב ליב דאָס קינד פּונקט ווי איר—האָט ער היסטעריש אויסגעשריגן — אָבער דאָך

האָלט איך, אַז מ'דאַרף אָוועקגעבן די קינדער פאַר אַ קרבן, כדי צו ראַטעווען דעם כלל, ווייל די דייטשן וועלן אַליין נעמען, וועט ערגער זיין". צווישן עולם איז אַנטשטאַנען אַ גוואַלדיקער טומל. ביי אַ טייל מוטערס האָבן זיך די טרערן געגאָסן פון די אויגן. דערשראָקענע קינדער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען וועגן וואָס ס'גייט, האָבן זיך געטוליעט צו זייערע עלטערן. עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: מיר וועלן נישט אָוועקגעבן אונדזערע קינדער! מיר וועלן שטאַרבן מיט זיי צוזאַמען!

רומקאָווסקי האָט געמאַכט אַ מינע, ווי ס'וועדט אים נישט גוט, געבעטן „האַרץ־טראָפּנס" און פאַרענדיקט זיין רעדע מיט זיינע שטענדיקע פראַזן:

„מיין חוב איז אָפּצוהיטן די רעשט יידן. איך רעד נישט צו היצקעפּ, איך רעד צו אייער פאַרשטאַנד און געוויסן. איך האָב אַלץ געטאָן און וויל ווייטער אַלץ טאָן, כדי נישט לאָזן אַריינצופירן געווער אין די גאַסן און בלוט זאָל זיך גיסן. די גזירה האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשרייען, האָט זיך נישט געלאָזט — — — איך דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן כדי צו פאַרלאַנגען, דאָס וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך. שטעלט זיך אָבער אַוועק אין מיין לאַגע און דענקט לאָגיש און איר אַליין וועט קומען צו דער מסקנה, אַז אַנדערש האַנדלען קאָן מען נישט. אַט די ציפער פון דעם טייל, וואָס קאָן געראַטעוועט ווערן, איז אַ סך גרעסער פון דעם טייל, וואָס מוז אָפּגעגעבן ווערן".[355]

די דאָזיקע גרויזאַמע און שרעקלעכע רעדע פון רומקאָווסקי האָבן די טויזנטער פאַרזאַמלטע אויפן פייערלעשער פּלאַץ אויפגענומען מיט אַן אויסער־געוויינלעכן טומל און רעש. ד"ר אָסקאַר זינגער האָט אין זיין רעפּאָרטאַזש אַזוי געשילדערט דעם אַרויסטריט פון רומקאָווסקין:

„דער רעפּרעזענטאַנט פון געטאָ רעדט. די שטים זיינע זאָגט זיך אָפּ צו זיין געהאָרכזאַם. די ווערטער שטיקן אים אין האַלדז. זיין פּערזאָן — דאָס איז אויך אַ בילד פון אומגליק. איינס האָבן אַלע פאַרשטאַנען: 20 טויזנט יידן מוזן פאַרלאָזן דאָס געטאָ — זקנים איבער 65, קינדער אונטער 10 יאָר".[356]

## .20

# ווידערשטאַנד אין געטאָ קעגן דער דייטשער אויסראָטונג פֿון קינדער און זקנים

### א. רומקאָווסקי־פּאַראָרדענונג וועגן אַלגעמיינער „געהשפּעררע"

נאָך רומקאָווסקיס רעדע זענען די „זאָנדער"־און א. ד.־אַפּאַראַטן מיט זייערע 1200 פּאָליציאַנטן, געבראַכט געוואָרן אין באַוועגונג. די אויסגעליידיקטע געטאָ־שפּיטעלער זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין זאַמלפּונקטן. ווען עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט האָבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן זיך געלאָזט איבער די הייזער אַרויסצוכאַפּן די קינדער, יונגערע פֿון 10 יאָר. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט דאָס געיעג. די עלטערן, וואָס האָבן זיך נישט געריכט אויף דעם איבערפֿאַל, זענען געווען שוצלאָז. זיי האָבן געקענט בלויז אויסבאַהאַלטן די קינדער, ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט, אַז די פּאָליציי קומט אָן. מ׳האָט אויך אַריבערגעפֿירט קינדער פֿון אייך הויז אין צווייטן, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען די „סעלעקציע". אויף צומאָרגנס, דעם 5־טן סעפּטעמבער, האָט זיך באַוויזן רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג", אין דייטש, נומער 391, וואָס האָט פֿאַראָרדנט אַן אַלגעמיינע „געהשפּעררע" ("עוצר"), וואָס הייבט זיך אָן שבת דעם 5־טן סעפּטעמבער 1942, 5 אַ זייגער פֿאַרנאַכט און דויערט ביז צום אָפּרוף. באַפֿרייט פֿון דער „געהשפּעררע" זענען געוואָרן: פֿייערלעשער, די טראַנספּאָרט־אָפּטיילונג, אַרויספֿירער פֿון טינוף, מיל־אַרבעטער, אָפּנעמער פֿון סחורה־טראַנספּאָרטן אויפֿן באַלוטער־מאַרק און אין ראַדעגאַסט, דאָקטוירים און אַפּטייק־פּערסאָנאַל. זיי אַלע, וואָס האָבן זיך געקענט באַוועגן פֿריי אין געטאָ בעת דעם „עוצר", האָבן באַקומען „פּאַסירשיינען" פֿון דער קאָמענדאַנטור פֿון דער א. ד.־פּאָליציי. אין דער באַקאַנטמאַכונג האָט זיך ווייטער געזאָגט:

„די הויזוועכטער זענען פֿאַרפֿליכטעט אַכטונג צו געבן, אַז קיין פֿרעמדע פּערזאָנען זאָלן זיך נישט געפֿינען אין די הייזער, נאָר די שטענדיקע באַווינער. די, וואָס וועלן געטראָפֿן ווערן אויף די גאַסן אָן פּאַסירשיינען, וועלן ווערן עוואַקויִרט. די פֿאַרוואַלטער פֿון די הייזער מוזן זיין גרייט מיט די הויזביכער. יעדער הויז־איינוווינער מוז האַלטן ביי זיך זיין אַרבעטסקאַרט"

אונטערגעשריבן — „ח. רומקאָווסקי
דער עלטעסטער דער יודען פֿון ליטצמאַנשטאַדט". [357]

Bekanntmachung Nr 391.

Betr.:

**Allgemeine Gehsperre im Getto.**

Ab Sonnabend,
den **5.** September 1942 **um 17 Uhr,**
ist im Getto bis auf Widerruf eine

# ALLGEMEINE GEHSPERRE.

**Ausgenommen hiervon sind:**

Feuerwehrleute, die Transportabteilung, Fäkalien- und Müllarbeiter, Warenannahme am Baluter Ring und Radegast, Aerzte und Apothekerpersonal.

Die Passierscheine müssen beim Ordnungsdienstvorstand – Hamburgerstrasse 1 – beantragt werden.

**Alle Hauswächter**
**sind verpflichtet darauf zu achten,** dass keine fremden Personen in die für sie zuständigen Häuser gelangen, sondern sich nur die Einwohner des Hauses dortselbst aufhalten.

**Diejenigen, die ohne Passierscheine auf der Strasse angetroffen werden, werden evakuiert.**

**Die Hausverwalter**
müssen in ihrem Häuserblock mit den Hausbüchern zur Verfügung stehen.

**Jeder Hauseinwohner hat seine Arbeitskarte bei sich zu halten.**

CH. RUMKOWSKI

רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג" וועגן דער „געהשפּערע"

אין פרימאָרגן פון 5־טן סעפטעמבער 1942, איז די „אַקציע" פון צונעמען פון די הייזער צום אַרויסשיקן — קינדער, קראַנקע און זקנים — שוין געווען ווי געהעריק אָרגאַניזירט. ווידער האָט זיך איינגעגעבן דער דייטשער מאַכט צו צעטיילן די געטאָ־איינוווינער אויף פריווילעגירטע און פאַרמשפטע, וואָס דאַרפן זיין די קרבנות. פריווילעגירט זענען געוואָרן די העכערע באַאַמטע אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע: אַלע פּאָליציי־סעקטאָרן איינגעשלאָסן — „זאָנדער, געשטאַפּאָ־און קריפּאָ־אַגענטן; די לייטערס פון די רעסאָרטן, די „בייראַט"־מיטגלידער — זיי זענען באַפרייט געוואָרן פון דער „אַקציע". זייערע קינדער, קראַנקע און זקנים האָבן באַקומען „אייזערנע בריוו", וואָס האָבן געשיצט פון דעפּאָרטאַציע און זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין ספּעציעלע לאָקאַלן. דוד גערטלער און אויך אַנדערע פּאָליציי־קאָמיסאַרן האָבן נאָך געהאַט די פּריווילעגיע פון אויספּועלן ביי דער געשטאַפּאָ אַרויסצונעמען פון דער דעפּאָרטאַציע ווענען זיי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק.[358]

## ב. דער קאַמף פון די געטאָ־איינוווינער קעגן דער א. ד.־און „זאָנדער"־פּאָליציי

דאָס אַרויסנעמען פון די הייזער די באַשטימטע צום אַרויסשיקן איז צוגע־גאַנגען אויף פאָלגנדיקן אופן: וועגענער, געשפּאַנטע אין פערד, באַגלייט מיט זאָנדער־און א. ד.־פּאָליציי, פייערלעשער, סאַניטאַרן און צוויי דאָקטוירים, וואָס האָבן מכלומרשט געדאַרפט קוואַליפיצירן די קראַנקע, זענען צוגעפאָרן צו אַ הויז, וואָס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן פון אַלע זייטן. באַלד האָבן זיך פון אַזאַ הויז דערהערט שרעקלעכע געשרייען, ראַנגלעניש, געוויינען פון מוטערס. די עלטערן פון די קינדער זענען אַרויס אויפן גאַס מיט דראָענדע פויסטן און האַרצרייסנדע געשרייען.

די אַרויסגעכאַפּטע קרבנות זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין די אויסגעליי־דיקטע שפּיטעלער, באַזונדערס אין גרויסן שפּיטאָל, לאַגעווניצקע 36, וואָס האָט געקענט אַריינגעמען אַ סך מענטשן. אין אָוונט נאָך פינף אַ זייגער, ווען די גאַסן זענען, לויט דער פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין געוואָרן אָפּגעליידיקט פון מענטשן, זענען די געשרייען, ליאַרמען, דראָאונגען און ראַנגלענישן אין די הייזער געוואָרן נאָך שטאַרקער. דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט אויף צומאָרגנס דעם 6־טן סעפּטעמבער, ווען די „געהשפּעררע" איז שוין געווען אין פולער קראַפט. עס איז געפירט געוואָרן אַ האַרטנעקיגער קאַמף קעגן די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן גע־פּרוּווט פאַרכאַפּן די קרבנות, בעיקר איז געגאַנגען דער קאַמף קעגן צונעמען די קינדער. די מוטערס האָבן זיך געווערט מיט מעסערס און העק. זיי האָבן געשריגן

צו די פּאָליציאַנטן: „גיט אָפּ אייערע אייגענע נחתן צום טויט, מיר וועלן אונדזערע נישט געבן". [359]

די באַשרייבונגען פון דער „שפּערע", געמאַכטע אין געטאָ־גופא בעת די געשעענישן האָבן געגעבן אַזעלכע שילדערונגען:

„די שטאָט איז אויסגעשטאָרבן, די גאַסן ווערן אויף טייל ערטער באַלעבט דורך די פּאָליציאַנטן, פייערלעשער, אַ דורכגייענדיקן דאָקטאָר אָדער אַפּטייקער. אַן אומהיימלעכע שטילקייט, אַ שטילקייט טיפער ווי אויפן בית עולם אין מאָ־רישין. דער געטאָ־שטח, פאַרבונדן מיט בריקן, דורכגאַנגס־טויערן איז הערמע־טיש פאַרמאַכט. די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן איר טעגלעכע אַרבעט אויף יענער זייט פון ביידע בריקן, אַ בלאָק נאָך אַ בלאָק ווערט אַרומגערינגלט. די דורכגאַנגן זענען פאַרמאַכט. עס קומט פאָר אַ דורכקוק פון די הייזער".

די ברידער מאיר און וואָלף קאַרמיאל אין זייערע זכרונות א.נ. „די גרויסע שפּערע" האָבן באַשריבן דעם ווידערשטאַנד פון די מאַמעס קעגן דער קינדער־אויסראָטונג:

„אויף רייטער גאַס איז צוגעפאָרן אַ גרויסער ראָלוואָגן. די א.ד.־פּאָלי־ציאַנטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די עיפּושדיקע הילצערנע שטיבלעך און באַלד האָבן זיי פון וואַרעמע בעטלעך גענומען שלעפּן פאַרשלאָפענע, איינגעקאָרטשעטע פּיצלעך. מאַמעס האָבן די נאַכט אויפגעריסן מיט זייע־ע געשרייען: „רוצחים, לאָזט אָפּ מיין קינד"; „רומקאָווסקיס פּרעסערס — אין דער ערד אַריין". אַרום דעם ראָלוואָגן האָבן זיך געקנוילט מאַמעס און טאַטעס. דער פורמאַן צוזאַמען מיט די פּאָליציאַנטן האָבן געפּרוווט אָפּטרייבן די עלטערן, אָפּרייסן די צענדליקער הענט פון דער פּלאַטפאָרמע, מאַכן אַ וועג פאַרן פערד דורכן המון".

„דאָס פערד האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. דעם פורמאַן איז געלונגען אויף אַ ווײַלע אָפּצוטרייבן דעם עולם וואָס אַרום דעם געשפּאַן. די פּאָליציאַנטן האָבן מיט הילצערנע שטעקנס גענומען שלאָגן דעם המון, געפּרוווט אים צעטרייבן, כדי דער וואָגן זאָל קענען פאָרן ווייטער. מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך אַריינגע־טשעפּעט אין די פּאָליציאַנטן, געריסן פון זיי די מלבושים, מיט פויסטן געזעצט אין זייערע פּנימער, מיט ציין און נעגל זיך איינגעביסן אין פּאָליצייאישע אָרעמס, וואָס האָבן געבילדעט אַ קייט אַרום דעם וואָגן. אַ גרופּע פרויען איז געלונגען דורכצוררייסן דעם געפלעכט פון די פּאָליצייאישע הענט. דער המון איז צוגע־שפּרונגען צום וואָגן, אַראָפּגעכאַפּט קינדער — און אָפּגעליידיקט אַ האַלבע פּלאַט־פאָרמע. דער פורמאַן האָט אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד, אַריינגעשניטן זיך אין דער מאַסע און אַנטלאָפן מיט די רעשט קינדער". [360]

עס זענען אויך געווען פאַלן, ווו פורמאַנעס, וואָס האָבן געפירט די געכאַפּטע צום זאַמלפּונקט, האָבן זיך געמאַכט נישט־זען, ווען די קרבנות זענען אַראָפּ־געשפּרונגען פון די וועגענער. אַזוי האָבן אויך געהאַנדלט געוויסע קאָנדוקטאָרן



קינדער ווערן געפירט צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט און פון דאָרט קיין כעלמנאָ

און מאַשיניסטן פון די געטאָ־טראַמווייען, וואָס האָבן געפירט די געכאַפּטע קיין ראַדעגאַסט. דאָס האָט געקאָנט געשען נאָר דעמלט, ווען די פּאָליציאַנטן האָבן נישט באַגלייט די וועגענער.[361]

פון די דאָזיקע באַשרייבונגען ווערט קלאָר, אַז נאָך דעם איבערפאַל אויף די שפּיטעלער האָט רומקאָווסקי געפּרוווט דורכפירן די דעפּאָרטאַציע מיט אייגענע כוחות, ד.ה. מיט דער הילף פון דער געטאָ־פּאָליציי. אָבער דער ענערגישער ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער, האָט צונישט געמאַכט דעם פאַרברעכערישן פּלאַן פון רומקאָווסקין. ביי דער „אַקציע" איז געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס דערמאָנט ווידער דאָס וואַרשעווער געטאָ ערב דעם אויפשטאַנד. פאַרשטענדלעך, נישט אין אַזאַ פאַרנעם ווי אין וואַרשע בעת די יאַנואַר־טעג 1943, ווען די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז געווען דער פאַקטישער בעל דעה איבערן אָפּגעשלאָסענעם יידן־שטח. אָבער אַ געוויסע ענלעכקייט איז דאָך פאַראַן: אין וואַרשע האָט דער יודענעלטעסטער ליכטנבוים געזאָגט די דייטשן: די מאַכט אין געטאָ איז שוין מער נישט אין מיין האַנט. דאָ הערשט אַן אַנדערע רעגירונג.[362] אין לאָדזש האָט דער יודענעלטעסטער געמאָלדן דער דייטשער מאַכט, אַז ער איז

נישט אימשטאַנד דורכצופירן די אַקציע. אַזוי האָט פעסטגעשטעלט דער פסק־דין אין פּראָצעס קעגן די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן גינטער פוקס און ד״ר אָטאָ בראַדפיש. אין "Strafurteil„ איז פאַראַן אַזאַ אָפּזאַץ: „רומקאָווסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט צוזאַמענצושטעלן די רשימות פון די באַשטימטע צום אַרויסשיקן בעת דער סעפּ־טעמבער־אַקציע, ווייל יידן האָבן שוין געוווסט, וואָס מ׳טוט מיט זיי אין כעלמנאָ. האָבן זיי זיך קעגנגעשטעלט דער דעפּאָרטאַציע״.[363]

## ג. דער שרעקלעכער טעראָר פון די דייטשע פּאַרטיליקער בעת דער „שפּערע״ און דער ווידערשטאַנד פון די יידן

צוליב דעם ענערגישן ווידערשטאַנד קעגן דער דעפּאָרטאַציע, איז די דייטשע מאַכט געווען געצוווּנגען אַריינצופירן אין געטאָ אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג — אָפּיצירן פון עס.עס. באַוואָפנט מיט ביקסן און אויטאָמאַטישע רעוואָלווערן, וואָס האָבן דורך דערשיסן די ווידערשפּעניקע, אַנגעוואָרפן אַן אימה אויף די יידן. דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם ווילדן טעראָר — האָט אין האַנאָווער לאַנד־געריכט דערקלערט: אין פּחד פאַרן ווידער־שטאַנד פון יידן, האָט ער געמוזט עטלעכע פון זיי דערשיסן.[364] די באַוואָפנטע דייטשן האָבן געשיקט פאָרויס די א.ד. פּאָליציי, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן די גאַסן. די געטאָ איינוווינער זענען זיך צעלאָפן און פאַרמאַכט זיך אין די שטובן. דאַן זענען געקומען די דייטשן און צוזאַמען מיט די געטאָ־פּאָליציאַנטן אַריין אין הויף און דער ווילדער אויסגעשריי: „יודען הערא‌וס״ איז באַגלייט געוואָרן מיט ביקסן־שאָסן.

פיל זענען דערשאָסן געוואָרן אין זייערע וווינונגען, איידער זיי האָבן באַוויזן אַראָפּצוגיין אויפן הויף. עס זענען געפאַלן מוטערס מיט קינדער אויף די הענט.

נאָך אַזאַ התחלה האָבן שוין די אומגליקלעכע, צעשראָקענע און טעראָרי־זירטע געטאָ־איינוווינער פאַרלאָזן די וווינונגען. מ׳האָט זיך אויסגעשטעלט אויף די הייף. קראַנקע האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון געזונטע, זקנים האָבן זיך באַמיט אויסצוזען יונג, אָבער עס זענען געווען פאַלן, ווען יונגע מענטשן זענען אין אָנבליק פון טויט אויפן אָרט גראָ געוואָרן.

עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעכע סצענעס. געוויין פון קינדער, האַרצרייסנדע געשרייען פון עלטערן, וואָס זענען פאַרשטומט געוואָרן דורך די אָפּגעגעבענע שאָסן פון די באַוואָפנטע דייטשן.[365] ווען די „זאָנדער״־און א.ד.־פּאָליציאַנטן האָבן זיך געפעדערט און געקומען אַליין, האָט זיך זיי נישט איינגע־געבן דורכצופירן די „אַקציע״. דאַן האָבן זיי געדראָט: „אָט קומט דער פוקס״. זיי האָבן טאַקע גערופן צו הילף די באַוואָפנטע דייטשן. יעקב ראָזענבוים האָט דערציילט אין זיין גבית עדות, אַז אויף דעם הויף וווּ ער האָט געוווינט, זגערזשער

43/45, האָט שוין די זאָנדער־פּאָליציי נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן ביים אַרויסרייסן די קינדער פון די מוטערס הענט. די געוואַלדן זענען געגאַנגען עד לב השמים. דעמאָלט איז דער ראש פון דער „זאָנדער", דוד גערטלער, וועלכער האָט דאָרט אָנגעפירט מיט דער „אַקציע", אַוועק און באַלד צוריקגעקומען מיטן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס. דער דייטש איז צוזאַמען מיט גערטלערן אַריין אין הויף און גענומען שיסן און אַזוי אַרום פאַרלייכטערט פאַר די פּאָליציאַנטן די קינדער־כאַפּעריי.[366]

טראָץ דעם דאָזיקן שרעקלעכן טעראָר פון די דייטשע באַוואָפנטע אָפּטיילונגען, האָט ווייטער אָנגעהאַלטן דער ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער קעגן דער דעפּאָרטאַציע, בעיקר איז ער געקומען צום אויסדרוק אין אויסבאַהאַלטן די קינדער, קראַנקע און זקנים. געווען פיל פאַלן ווי מוטערס האָבן אַראָפּגעכאַפּט זייערע קינדער פון די וואָגענער און געוואָרן דערשאָסן צוזאַמען מיט די קינדער.

דער לאַרם און דער ווילדער געשריי, מיט וועלכע די דייטשע רוצחים־באַנדעס האָבן באַגלייט זייער גאַנג איבער די באַלוטער געטאָ־הייף, איז געווען אַ וואָרענונג פאַר די גאַסן וווּהין די „ראָל־קאָמאַנדאָ" האָט נישט דערגרייכט. דורך די הייף, וואָס האָבן זיך געגרענעצט איינער מיטן אַנדערן, האָט מען זיך איבערגעגעבן: „זיי קומען אָן"; „זיי זענען שוין אויף לימאַנאָווסקאַ גאַס"; „צוויי יידן האָט מען דערשאָסן"; „זיי קומען אָן פון דער זגערזשער גאַס; „אַ פרוי האָט מען געקוילעט אין אַ קעלער אויף פּאָלנע גאַס" „אַ דייטשער ייד האָט זיך געוואָרפן אויף די רוצחים מיט דעם אויסגעשריי: גייט אַליין קיין אָשווענטשים. די באַוואָפנטע עס־לייט האָבן דעם ייד צעהאַקט מיט די ביקסן". אין אַ גבית עדות ווערט איבערגעגעבן, אַז אויך פּאָליציאַנטן און פייערלעשער, וואָס האָבן געקאָנט זיך פריי באַוועגן אין די גאַסן, האָבן געוואָרנט די נאָך נישט דערגרייכטע ערטער וועגן אָנקומען פון דער „ראָל־קאָמאַנדאָ".

די דאָזיקע וואָרענישן האָבן געגעבן צייט אויסצובאַהאַלטן די קינדער אין קעלערס, אויף בוידעמער, אין קאַסטנס מיט וועש, אין די פאַבריקן, וועלכע זענען בעת דער „שפּערע" געווען געשלאָסן. די באַוואָפנטע דייטשן, וואָס האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין אין די שטובן, האָבן אַהין געשיקט די א.ד. — און „זאָנדער"־פּאָליציאַנטן. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט די מי געגעבן אָפּצוגעפינען די באַהאַלטענע. געווען פאַלן ווי פּאָליציאַנטן האָבן זיך קעגנזייטיק „געטאָן טובות" ביים ראַטעווען אייגענע משפחות אויף דעם אופן: „איך וועל נישט אָפּזוכן דיינע נאָענטע אין מיין ראַיאָן און דו זאָלסט ראַטעווען מיין משפחה אין יענעם ראַיאָן, ווו דו ביסט באַטייליקט אין דער אַקציע".[367] אָבער אַזעלכע פאַלן זענען געווען געציילטע. מערסטנטייל האָבן די געטאָ־איינוווינער אַליין אויסבאַהאַלטן און געשיצט זייערע משפחות. מאיר און וואָלף קאַרמיאל, וואָס

זענען געווען אָנפירער פונעם גאַרבער־רעסאָרט האָבן אין זייערע זכרונות אַזוי געשילדערט דאָס אויסבאַהאַלטן זייערע נאָענטע:

„אין די דאָזיקע שוידערלעכע טעג, וועלכע זענען פאַרבליבן אין דער געשיכטע פון די לאָדזשער יידן ווי די טעג פון דער „גרויסער שפּערע" — האָבן מיר אויסבאַהאַלטן אונדזער מאַמע, ברודער, זיין טאָכטער, ווי אויך די נאָענטע פון די שכנים. מיר האָבן זיי באַהאַלטן אין בוידעמל פון דער גאַרבעריי אויף רייטערס גאַס. צו דעם אָרט האָט מען געקאָנט צוקומען נאָר מיט אַ לייטער, וועלכע מ'האָט געדאַרפט צושטעלן צו אַ פאַרשטעלטער עפענונג אין באַלקאָן פון דער גאַרבעריי. די גאַנצע צייט, וואָס די „שפּערע" האָט געדויערט, זענען אונדזערע נאָענטע דאָרט געזעסן, ריכטיקער — געלעגן. שפּייז האָט מען דערלאַנגט דורך אַן עמער צוגעבונדן צו אַ שטריק, וואָס איז געוואָרן אַרויפגעצויגן — — — עס זענען אָנגעקומען די דייטשן. זייערע הייזעריקע אויסטערלישע געשרייען האָבן אַלע אַרויסגעיאָגט אויפן גאַס: „יודען ראַוס. יודען ראַוס!" — האָבן זיי געררעוועט.

אַ דייטשער אָפיציר מיט אַ רויטער לענטע אויפן אָרעם און שוואַרצן האָקנקרייץ אין דער מיט — איז אַריין אינעם בנין. געגומען לויפן איבער די זאַלן, אַרויסגעלאָפן און געשריגן: ווער עס איז פאַרבליבן ווערט דערשאָסן, זוכן! צוויי עס. עס. לייט האָבן מיט ווילדע קולות זיך געלאָזט איבער די ליידיקע זאַלן. זיי האָבן געריסן די פעסער מיט לעדער, צעשלאָגן די הילצערנע „באַראַבאַנען", וואָס האָבן געדינט צו ווייקן די פעל, אַרויס צוריק אויפן גאַס מיט אייזערנע שטאַנגען אין די הענט און ווייטער געשריגן: „ווען יעמאַנד האָט זיך פערשטעקט, שלאַגען וויר אייך אַלע טאָדט". די גאַנצע ריי איז געבליבן ווי פאַרשטיינערט, קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן, הגם, כמעט אַלע האָבן געוווּסט פון די באַהאַלטענע יידן". ווייטער איז שוין געקומען דער באַפעל: „לינקס רעכטס, לינקס רעכטס". 368

אַ צווייטע באַשרייבונג אין די זעלבע זכרונות ברענגט אַ בילד פון דעם אַלגעמיינעם אויסזען פון געטאָ בעת דער „שפּערע" און ווי אַזוי עס האָבן זיך געפילט די יידן פאַרשפּאַרטע אין זייערע וווינונגען:

„די יידן, וואָס האָבן געוווינט אין הויז נעבן דער גאַרבעריי פלעגן זיך זאַמלען אין קליינע גרופּעס אויפן הויף און איבערגעבן זיך ידיעות. מענטשן פון איין הויז האָבן זיך געפילט זייער נאָענט איינער צום צווייטן. מען האָט פאַרגעסן אין הונגער. מ'איז אַרומגעגאַנגען מיט תפילות אויף די ליפּן. אין יענע טעג האָבן זיך באַקומען „גוטע בשורות" פונעם פראָנט. די וואָס האָבן אין געהיים געהערט ראַדיאָ — האָבן נישט פאַרפעלט צו שפּייזן די הערצער מיט דערמונטערנדע ידיעות פון דער נאָענטער דייטשער מפּלה. די דייטשן האָבן געקוילעט מענטשן אין געטאָ, און די לעבנגעבליבענע זענען נישט געוואָרן מיד פון שושקען זיך מכוח די נייעסן פון געהיימען ראַדיאָ. קיינער האָט נישט געאַרבעט. די מיסט־קאַסטנס זענען געווען איבערפולט. די גריבער מיט אומריינקייטן האָבן פאַרפעסטעט

די לופט. דער טויט האָט געלויערט פון יעדן ווינקל און די יידן האָבן טיף געגלויבט, אַז זיי וועלן גובר זיין״.[369]

## ד. דער העלדישער אומקום פון מוטערס ביים פאַרטיידיקן די קינדער

פון די ביז איצט אָפּגעפונענע מאַטעריאַלן איז נישט מעגלעך צו מאַכן קיין פּינקטלעכע סטאַטיסטישע אויפשטעלונג פון דער צאָל יידן, דערשאָסענע און פאַרוווּנדעטע, צוליבן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער דעפּאָרטאַציע בעת דער „שפּערע״. לויט ווי עס האָט געשריבן אָסקאַר זינגער אין זיין רעפּאָרטאַזש, זענען דעמאָלס געוועזן 70 דערהרגטע.[369א]

אין די עדות־דערקלערונגען אויף די פּראָצעסן: אין האַנאָווער לאַנדגע־ריכט — קעגן גינטער פוקס און ד״ר אָטאָ בראַדפיש, אין וואַרשע — פון געשטאַפּאָ־באַאַמטן אַלפרעד שטראָמבערג * און אין דייטשלאַנד — קעגן דעם מיטגליד פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג היינריך שווינדט — זענען געוואָרן איבערגעגעבן פאַל־גנדע פאַקטן פון דערשיסונגען בעת שטעלן אַ ווידערשטאַנד:

אַ פרוי, וואָס איז געוווינט באַהאַלטן אין אַ קעלער אויף פראַנצישקאַנער גאַס 107, איז אָפּגעפונען געוואָרן דורך די פאַרטיליקער. זי האָט נישט באַלד אויסגע־פירט דעם באַפעל אַרויסצוגיין פון באַהעלטעניש און געוואָרן דערשאָסן. אין אַן אַנדער אָרט האָבן געשטאַפּאָ־לייט אָפּגעפונען אַ באַהאַלטענע פרוי. זי איז געווען אין די נאַכטוועש. זי האָט געבעטן, מ׳זאָל איר דערלויבן זיך אָנצוטאָן. מ׳האָט איר נישט דערלויבט, און אין דעם מצב געטריבן די פרוי אויפן טראַמוויי, וואָס האָט געפירט די געכאַפּטע צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. די פרוי איז אַראָפּגע־שפּרונגען פון טראַמוויי ווען ער איז געווען אין גאַנג און געוואָרן דערשאָסן.

פאַלאַ אייזנמאַן האָט איר קינד אַראָפּגעכאַפּט פונעם וואָגן, וועלכער האָט געפירט די קרבנות אויף די זאַמלפונקטן. די מאַמע מיטן קינד האָבן גענומען אַנט־לויפן. דער מיטגליד פון ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ — היינריך שווינדט, וואָס האָט געפירט דעם קינדער־טראַנספּאָרט, האָט ביידע געכאַפּט, באַפוילן קניען און דערשאָסן די מוטער מיט איר קינד. אויף דעם אופן האָט ער אויך דערשאָסן דאָס מיידל גאָלדרייך, וואָס האָט געפרווּט אַנטלויפן. פייגע לעווקאָוויטש האָט בעת דער „שפּערע״ אַראָפּגעכאַפּט פון וואָגן איר קינד. שווינדט האָט זי געפרעגט

* אַלפרעד שטראָמבערג האָט געהערט צו דער געשטאַפּאָ אין לאָדזש און מיט־געאַרבעט מיט גינטער פוקס אין דער אָפּטיילונג „4 B 2“ — יודען־אַנגעלעגענהייטען. — בעת דער „שפּערע״ האָט ער דערשאָסן אַ סך יידן. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט אין פוילן און געוואָרן אויפגעהאָנגען.

פאַרוואָס זי טוט אַזאַ זאַך. די פרוי האָט אָפּגעענטפערט, אַז עס איז איר איינציק קינד. דער רוצח האָט דערשאָסן דאָס קינד, דערנאָך די מאַמע.

אַן ענלעכער פאַל איז געשען בעת אַ פרוי איז אַרויסגעלאָפן פון אַ הויף מיט אַ קינד אויף דער האַנט. שווינדט האָט זי פאַרהאַלטן און פאַרלאַנגט זי זאָל אָפּגעבן דאָס קינד. די מוטער האָט זיך נישט געלאָזט אַרויסרייסן דאָס קליינע. שווינדט האָט דערשאָסן די פרוי און דאָס קינד אַרויסגעכאַפּט פון די הענט פון דער טויטער מאַמען און אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן * [370]

אַלע דערשיסונגען אין לאָדזשער געטאָ בעת דער „שפּערע", זענען געקומען אין רעזולטאַט פון ווידערשטאַנד און סאַבאָטאַזש מצד דער באַפעלקערונג — אַזוי האָט גינטער פוקס דערקלערט אין האַנאָווער לאַנדגעריכט.

די עדות האָבן דערציילט: דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס האָט דערשאָסן: די סעקרעטאַרין פון שפּיטאָל אויף דרעוונאָווסקאַ גאַס 75 און איר מאַן, וואָרשיינלעך צוליב פאַרדאַכט, אַז זיי העלפן די געכאַפּטע צו אַנטלויפן. דער היילאַנשטאַלט האָט, נאָכן אַרויסנעמען די קראַנקע, געדינט ווי אַ זאַמל־פּונקט פאַר די באַשטימטע צום אַרויסשיקן; ווייטערע דערשיסונגען: די פרוי דאָבזשינסקאַ מיט איר 6 יאָריקן קינד און אַן אומבאַקאַנטן מאַנספּערשוין. 4 קינדער, 2 פרויען און 3 מענער, האָט פוקס געבראַכט אויפן בית עולם און זיי דאָרט דערשאָסן; אויף וואַלבאַרסקאַ גאַס — 2 פרויען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן. 3 מענער האָט ער דערשאָסן ביי דער געטאָ־תפיסה, וואָס איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר די געכאַפּטע. דאָרט האָט פוקס אויך דערשאָסן 4 מיידלעך. די עקזעקוציעס זענען פאָרגעקומען אין דער אַנוועזנהייט פון קאָמענדאַנט פון דער זאָנדער פּאָליציי — דוד גערטלער.

אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס איז אַ ייד אַרויסגעשפּרונגען פון אַ שטאָק און געוואָרן דערשאָסן, דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען: מיט אַ צווייטן ייד, וואָס האָט געוואָלט אַראָפּנעמען פון וואָגן זיין שוועסטער; אַ מאַמע, וועלכע איז נאָכגעלאָפן דעם וואָגן און געפּרוווט אַראָפּכאַפּן איר קינד. ביי דער קרייצונג פון די גאַסן פראַנציזשקאַנער־בזשעזשינער איז אַ מוטער נאָכגעלאָפן אַ וואָגן, וואָס האָט געפירט קינדער און געוואָלט אַראָפּכאַפּן איר 5 יעריק מיידעלע. פוקס האָט זיך אויף איר געוואָרפן. די פרוי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און זיך געראַנגלט מיטן רוצח, ער האָט זי אָפּגעשטויסן פון זיך און דערשאָסן. אַזעלכע פאַלן פון דערשיסן מוטערס, וואָס האָבן אַראָפּגעכאַפּט די קינדער פון די וועגעבער, זענען געווען זייער פיל

---

* היינריך שווינדט, מיטגליד פון לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג און שטעלפאַרטרעטער פון האַנס ביבאָוו, איז געמשפּט געוואָרן אין מערב־בערלין, באַשולדיקט אין שיסן יידן אין לאָדזשער געטאָ. ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין תפיסה, איידער עס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק־דין.

בעת דער „שפּערע״. אָפטמאָל זענען די מוטערס דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע קינדער.[371]

פרוי וויינבערג, אַן עדות אין פּראָצעס פוקס־בראַדפיש, האָט דערציילט: ווען מ׳האָט ביי איר צוגענומען די צוויי קינדער בעת דער שפּערע, איז זי נאָכגעלאָפן דעם וואָגן און געשריגן: נעמט מיך מיט מיט מיינע קינדער. פוקס האָט זי אַוועקגעטריבן מיט דעם זאָג: „זי איז נאָך יונג און קאָן נאָך אַרבעטן״. די פרוי האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. פוקס האָט אויף איר געשאָסן און זי פאַרווונדעט אין פוס.

מיט די אַרויסגעשיקטע קינדער זענען אויך מיטגעגאַנגען אַ סך מוטערס, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זייער קליינוואַרג. צווישן זיי איז אויך געווען פרוי צביה ראָנטשקאָווסקאַ־יאַסני, זי איז מיטגעגאַנגען מיט איר דריי־יעריק טעכטערל מרים. די דייטשן האָבן זיי צוגענומען און אָפּגעשיקט אין כעלמנאָ.[372]

פאַרשטענדלעך, אַז נישט אַלע פאַלן פון קאַמף פון די מוטערס קעגן די כאַפּערס פון קינדער — קעגן דייטשער געשטאַפּאָ, עס. עס., זאַנדער — און א.ד. פּאָליציי — זענען געוואָרן גענוי פאַרשריבן. די קעמפּנדיקע פרויען און מענער זענען דאָך כמעט אַלע דערשאָסן געוואָרן. געציילטע פון יענע גרויליקע סעפּ־טעמבער־טעג זענען געבליבן לעבן.

פון די זכרונות, גבית עדות, עדות־דערקלערונגען בעת די דערמאָנטע פּראָצעסן, באַקומט זיך אַ פאַרשטעלונג פון אַ ברייטן, סטיכישן, נישט אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד־קאַמף, וואָס די געטאָ־באַפעלקערונג האָט כמעט אויף אַלע גאַסן געפירט קעגן דער רוצחים־פאַרכאַפּונג פון די קינדער, קראַנקע און זקנים. נישט אַלע האָבן אויסגעפירט דעם באַפעל פון פאַרלאָזן די וווינונג. מ׳איז אַרויסגע־שפּרונגען פון הויכע שטאָקן און געלאָזט זיך לויפן. עס איז פאַרגעקומען אַ האַרט־נעקיקער געראַנגל מיט די באַוואָפנטע געשטאַפּאָ־און עס. עס. לייט. מ׳איז אַנטלאָפן פון די וועגענער און טראַמווייען, וואָס האָבן געפירט שוין צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט, מ׳איז אַנטלאָפן פון די זאַמל־פונקטן. די אַלע וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט אַרויספירן בעת דער שפּערע, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

געווען אויך דערשיסונגען פון גאַנצע גרופּן. דאָרט איז מסתמא פאָרגעקומען אַ שטאַרקערער קאַמף קעגן די פאַרטיליקער. אין אַ ריי דערקלערונגען פון עדות אויף די פּראָצעסן ווערט דערמאָנט דאָס שיסן אויף אַ גרופּע ביי דער ציגל־ברענעריי אין מאַרישין אויפן סאַמע ראַנד פון געטאָ. וואַרשיינלעך האָט אַ גרעסערע גרופּע מענטשן געפּרוּווט זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אָדער אַרויסבאַקומען זיך אויף יענער זייט געטאָ. אהין זענען אָנגעקומען: ביבאָוו, זיין געהילף היינריך שווינדט, גינטער פוקס, מיט נאָך 6 געשטאַפּאָ־באַאַמטע. זיי האָבן געשאָסן צו די יידן. 7 זענען געהרגעט געוואָרן. די רעשט זענען געכאַפּט געוואָרן צום אַרויסשיקן. אַזעלכע

ענלעכע מאַסן־מאָרדן זענען אויסגעפירט געוואָרן ביי די זאַמלפּונקטן, געוואַזענע שפּיטעלער, דרעוונאָוווסקאַ 76, ווו עס זענען דערשאָסן געוואָרן 11 יידן און לאַגעווניצקע 34/36 — דערשאָסן 2 יידן.[373]

עס פעלן גענויע פּרטים וועגן אומברענגען 18 יידן אויפן באַזאַר („גאָש־טשינגי דוואָר"). דאָרט האָט די דייטשע מאַכט אויסגעפירט עקזעקוציעס איבער יידן דורך הענגען. אַזעלכע עקזעקוציעס, ווי באַקאַנט פון פריערדיקע באַשריי־בונגען, האָבן די דייטשן דורכגעפירט מיט פּאַראַד. מ'האָט געצוואונגען די געטאָ־באַפעלקערונג צו זיין אָנוועזנד ביים הענגען. ספּעציעלע פּלאַקאַטן האָבן געמאָלדן וועגן דער אויסגעפירטער שטראָף, וועגן פאַרברעכן פון יעדן דעליקווענט. עס איז דעריבער נישט אָנצונעמען די ווערסיע, וואָס ווערט געבראַכט אין גבית עדות און אין זכרונות, אַז בעת דער „שפּערע" האָט די דייטשע מאַכט אויפגעהאָנגען 18 יידן אויפן באַזאַר אויף אַ שטילן און געהיימנישפולן אופן, און אַפילו וועגן דעם נישט געמאָלדן דער עפנטלעכקייט. וואַרשיינלעך איז דאָרט פאָרגעקומען אַ קאַמף, וואָס אַנטלאָפענע פון דער דעפּאָרטאַציע האָבן געפירט קעגן די פּאַרטיליקער. אַזאַ מיינונג האָט אויך אַרויסגעבראַכט ד"ר א. ס. (אָסקאַר זינגער) אין סוף פון זיין דערמאָנטן רעפּאָרטאַזש. האָט ער געשריבן:

„די אָנפירעריןּ פון מתים־רעגיסטער האָט אין די אַקטן אַריינגעלייגט אַ רשימה מיט 18 נעמען. דער עלטער פון די 18 פאַרשטאָרבענע — נישט באַקאַנט. דער אַדרעס פון אַלע — דערזעלבער — „באַזאַר" מאַרק־פּלאַץ. וואַרשיינלעך איז דעם 7־טן סעפּטעמבער דאָרט געווען אַ צוזאַמענשטויס. לויט די נעמען זענען אַלע פון פּאַביאַניץ. ווען די דעפּאָרטאַציע איז געווען אין גאַנג, האָט מען זיי אָפיציעל געבראַכט אויפן מאַרק־פּלאַץ. תליות האָט פאַר זיי צוגעגרייט דער טישלער־רעסאָרט".

אין קיין שום אָפיציעלן דייטשן דאָקומענט און אויך נישט אין קיין געטאָ־דאָקומענט איז פאַרנאָטירט דער פאַקט פון הענגען 18 יידן. עס איז דעריבער ריכטיקער די מיינונג, אַז דאָרט איז געווען אַ צוזאַמענשטויס פון אַנטלאָפענע פון דער דעפּאָרטאַציע מיט געשטאַפּאָ און עס. עס.

צו דער מתים־רשימה אין דער עווידענץ־אָפּטיילונג אין געטאָ זענען אויף אַ באַזונדערן צעטל פאַרנאָטירט געווען פאָלגנדע נעמען פון די 18 הרוגים אויפן באַזאַר־פּלאַץ: מאָריץ טאַדעוש בייגעל, נתן פרידמאַן, קאַפּל מיעדזינסקי, דוד טענענבוים, דוד הערש זאַבאָצקי, יענקל זאַבאָצקי, אברהם שליווקאַ, טאָביאַש בראַט, מענדל ברוידע, איזאַק שטול, דוד שליווקאַ, אברהם זאַבאָצקי, ישראל קאַזיוואַדאַ, יענקל ליבערמאַן, קאַפּל יאַנטעק, מענדל ראָזענבערג, איזאַק מאַרקע־וויטש, אַלטער, דוד וואַלקאָוויטש.[374]

בעת דער „שפּערע" זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די שפּייז־צוטיילונגען הונגעריקע זענען אַריין אויפן גרינס־מאַרק („יונה־פּילצערס" פּלאַץ, רוג לאַגעוו־

ביצקע און בזשעזשינער) און גענומען כאַפּן קאַרטאָפל. עס זענען געקומען ביבאָוו, שווינדט, פוקס מיט געשטאַפּאָ־לייט, זיי האָבן געשאָסן צו די אומבאַוואָפנטע הונגעריקע מענטשן און 8 פון זיי דערהרגעט.[375]

## ה. דער אומקום פון רבנים און כלי־קודש בעת דער „שפּערע"

די 8 „שפּערע"־טעג, פון 4־טן — 12־טן סעפּטעמבער זענען אויסגעפאַלן גראָד אין די סליחות־טעג פונעם סוף יאָר תש"ב און אין ראש השנה. די דייטשע מאַכט האָט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן פרומע און נישט־פרומע יידן, צווישן רבנים און סתם יידן. אויך מ. ח. רומקאָווסקי, וואָס האָט מיט אַ געוויסן דרך ארץ זיך באַצויגן צו די רבנים און כלי קודש אין געטאָ און זיי צוגעטיילט ספּעציעלע שפּייז־טאַלאָנען, האָט בעת דער „שפּערע" גאָרנישט געטאָן אויף צו ראַטעווען די רבנים פון דער אויסראָטונג. י. ל. גערשט, אַ רעליגיעזער שרייבער, וואָס האָט געלעבט אין געטאָ און געשטאָרבן אין ישראל, אַלס הרב גערשט, האָט אין זיין ספר „מן המצר" אַזוי באַשריבן זיינע איבערלעבונגען בעת דער „שפּערע":

„אין ערשטן טאָג ראש השנה (1942) בין איך געזעסן באַהאַלטן אין מיין קליינעם צימער אויף באַזאָרגע גאָס און געטראַכט, וואָס קומט פאַר אַרום אונדז. — — — עס איז געווען 2 נאָכמיטאָג. פּלוצלונג — טראַך, טראַך. די הילכן פון די שאָסן זענען אויפגעגאַנגען און געשפּאָלטן די לופט אַרום מיין הויז. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען די עס.עס.־לייט שיסן אין אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום לאַגער פון גרינצייג מיט דער האָפענונג צו באַקומען פון דאָרט עפּעס פון ירקות אויפצוהאַלטן דאָס נפש. דאָס אָרט איז באַלד פול געוואָרן מיט בלוט און הרוגים. אָבער די רוצחים האָבן זיך מיט דעם נישט באַגנוגנט, נאָר באַפוילן צו זייערע מיטהעלפער פון צווישן די פאַרברעכער [געמיינט די „זאָנדער" און א. ד.־פּאָליציי] אַרויסצוטרייבן אַלע מענטשן פון די שטובן — — — אין איין רגע איז געוואָרן אויסגעפירט דער דאָזיקער באַפעל — — איך האָב באַשלאָסן בשום אופן נישט אַראָפּצוגיין. איך מיט מיין פרוי האָבן פאַרשלאָסן די טיר. מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין ווינקל און די יום־כיפּורדיקע ווידוי געזאָגט אין ראש השנה — — — די מלאכי חבלה האָבן מיט שטורעם געקלאַפּט אין טיר און כמעט זי צעבראָכן. איך האָב זיך נישט גערירט פון אָרט און געווען, כמעט, גרייט אויפצונעמען די מלאכי חבלה מיט אַן אייזן, אויב זיי וועלן אויפברעכן די טיר. עטלעכע מאָל האָבן זיי געזעצט אין טיר, און ווייל זיי האָבן נישט געהערט פון דאָרט קיין שום באַוועגונג — זענען זיי געווען זיכער, אַז קיינער איז דאָרט נישט פאַראַנען און זענען אַוועק".

— — — פּאַמעלעך, פּאַמעלעך זענען שטיל געוואָרן די קולות. די רוצחים

האָבן פאַרלאָזט די „קאַמף־פּאָזיציע" — — — איך בין אַרויס פון מיין צימער. אויף די טרעפּ זענען געזעסן יידן, וואָס האָבן געציטערט פון פּחד ווי אַ בלאַט אין ווינט. זיי זענען פון די נאָענטסטע געסלעך אַנטלאָפן אין אונדזער הויז, ווו עס איז שוין געווען די „אַקציע". טייל פון זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט סידורים און מחזורים און אין דער שטיל געזאָגט די ראש השנהדיקע תפילות.

— — — די ערשטע, וואָס זענען געכאַפּט און אומגעבראַכט געוואָרן זענען געווען די מיטגלידער פון רבנים־ראַט. נאָר געציילטע פון זיי זענען דורך אַ נס ניצול געוואָרן, דורך אויסבאַהאַלטן זיך אין פאַרבאָרגענע לעכער: הרב ר׳ שמואל דוד לאַסקי, הרב ר׳ מענדל ראָזמוטער און הרב ר׳ אברהם סילמאַן".

אויך די דריי רבנים האָבן נישט איבערגעלעבט דאָס געטאָ. וועגן הרב פישל ראַבינאָוויטש איז באַוווּסט, אַז ער איז אויסגעפונען געוואָרן אין זיין באַהעל־טעניש און דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס האָט דעם רב דערשאָסן.[376]

אלימלך הכהן שוואַרץ האָט אין זיינע פאַרעפנטלעכטע זכרונות אָנגעגעבן, אַז בעת דער „שפּערע" אין לאָדזשער געטאָ זענען אומגעבראַכט געוואָרן 40 רבנים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש מיט דער האָפענונג זיך צו ראַטעווען ביי רומקאָווסקין. צווישן זיי איז אויך געווען דער שוואָגער פון א. ה. שוואַרץ: „דער זייער באַגאַבטער און יונגער תלמיד־חכם, דער לוטאָמירסקער רב, הרב ירחמיאל וואָלבראָמסקי".

„די צוגעקומענע רבנים האָבן געלעבט אין געטאָ ווי פּשוטע און געוויינ־לעכע אַרבעטער. דער יודענראַט האָט זיי אָבער צוגעטיילט מער בכבודיקע אַרבעט, ווי: אויפזעער פון אַ ריי געטאָ־בנינים, און האָט זיי אויך געגעבן עפּעס מער צו עסן, ווי די געוויינלעכע שפּייז־פּאָרציעס. ביינאַכט, נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג האָבן די רבנים זיך פאַרנומען מיט לערנען תורה און מיט אַריינברענגען חיזוק צווישן דעם פאַרצווייפלטן עלעמענט. אין פאַרשידענע ערטער אין געטאָ האָבן זיי געזאָגט שעורים וועגן אמונה און בטחון און געטרייסט דעם צעבראָכענעם יידישן כלל. אין יענעם טאָג, דעם צווייטן טאָג ראש השנה תש"ג, האָט מען אויס־געזוכט אָט אַלע רבנים, עטלעכע רביס, אויך אַ טייל מורה הוראות פון לאָדזשער ראַבינאַט גופא, און זיי צוזאַמענגעבראַכט אין בנין פון יודענראַט אין לאָדזשער געטאָ. דאָרט האָט כלומרשט געזאָלט זיין אַ מיטינג... אָבער גלייך ווי זיי זענען זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון די געשטאַפּאָ און מיט מערדערלעכע קלעפּ האָט מען זיי גענומען טרייבן אין די אויטאָס און גלייך זיי אַוועקגעפירט".[377]

## ו. די דעפּאָרטאַציע פון די יתומים־קינדער פון מאַרישין

ווען אין די אָפּגעשלאָסענע גאַסן און געסלעך, אין צענטער פון געטאָ, האָט די דייטשע מאַכט געפירט די אויסראָטונגס־אַקציע פון די קינדער, קראַנקע

און זקנים, איז אין דעם אויסדערוויילטן שיינעם געטאָ־טייל מאַרישין געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. דאָרט האָבן געהאַט זייערע ווילעס די מעכטיקע פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע — דער געשטאַפּאָ־אַגענט דוד גערטלער, דער אָנפירער פון אַרבעטס־אַמט אַרעק יאַקובאָוויטש אאנד. אין מאַרישין זענען געווען די אָפּרו־היימען פאַר באַאורלויבטע, וועמענס חשובדיקייט איז אַנערקענט געוואָרן דורך רומקאָווסקין און דאָרט זענען אויך געווען קאָלאָניעס פאַר יתומים־קינדער. די יתומים־אַנשטאַלטן זענען אויף רומקאָווסקיס באַפעל אַריבערגעפירט געוואָרן אין מאַרישין און איינגעאָרדנט געוואָרן אין ספּעציעלע בנינים. דערביי איז אויך געווען דער מיין, אַז די קינדער זאָלן זיך נישט צופיל וואַרפן אין די אויגן פון די דייטשן. עלטערע קינדער פון די אַנשטאַלטן זענען געווען באַשעפטיקט אין די דאָרטיקע רעסאָרטן און יונגערע זענען אויפגעהאַלטן געוואָרן אין דערציונגס־הייזער אונטער דער אויפזיכט פון לערער און לערערינס. ווען אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אַז די דייטשן וועלן צונעמען די קינדער, האָבן קרובים זיך באַמיט אַרויסצוכאַפּן פון מאַרישין די יתומים־קינדער (האַלב־יתומים). מיט דעם גלויבן, אַז אין צענטער געטאָ וועלן זיי זיין זיכערער.

לויט די זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט, זענען בעת דער „שפּערע" געווען 1000 קינדער אין די דערציונגס־הייזער אין מאַרישין. אַרטיסט שמאַי ראָזענבלום, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט אַלס דערציער, האָט אין זיינע פאַרעפנטלעכטע זכרונות אָנגעגעבן אַ ציפער פון 2000—3000 קינדער. זיי האָבן געוווינט אין 50 הייזלעך אונטער דער אויפזיכט פון 86 דערציערינס און דערציער.[378]

ביי די יתומים־הייזער איז אויך געווען אַ קינדער־שפּיטאָל. די קראַנקע קינדער זענען דורך דער דייטשער מאַכט צוגענומען געוואָרן אין ערשטן סעפּטעמבער, בעת דער ליקווידאַציע פון די געטאָ־הייל־אַנשטאַלטן. עטלעכע פון זיי זענען אַנטלאָפן. די דערציער פון די יתומים־הייזער האָבן געמיינט, אַז דערמיט וועט מאַרישין שוין אָפּקומען. אָבער ווען עס זענען דערהאַלטן געוואָרן די איוב־בשורות וועגן דער „שפּערע" און די קינדער־כאַפּעריי, וואָס די דייטשן פירן דורך סיסטעמאַטיש אין געטאָ, האָבן די דערציערס מיט געשפּאַנטער שרעק דערוואַרט דעם אָנקומענדיקן טאָג.

דערווייל איז אין מאַרישין געווען רואיק. אַהין האָט מען אויך געבראַכט קינדער פון עלטערן פון א. ד. — און זאָנדער־פּאָליציאַנטן, פון דער אַזוי גערופענער „ווייסער גוואַרדיע", וואָס האָבן צוגעהאָלפן דער דייטשער מאַכט אין דער דעפּאָרטאַציע־אַקציע און דערפאַר באַקומען די פאַרזיכערונג, אַז זייערע קינדער וועלן נישט אַרויסגעשיקט ווערן. דער גאַנצער שטח פון מאַרישין איז געווען אָפּגעטיילט דורך אַ ספּעציעלער באַוואַכונג פון א. ד.־לייט און „זאָנדער", וועלכע האָבן געהיטן, אַז די געיאַגטע און געפּלאָגטע פון געטאָ־צענטער זאָלן זיך נישט אַריבערכאַפּן אין דעם גליקלעכן וווין־פּערטל. פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע

אַלע „פּריווילעגיעס" פֿאַר מאַרישין, בעת דער אויסראָטונגס־אַקציע, האָבן ביי די דערציִער און דערציִערינס געשטאַרקט די אילוזיע, אַז די יתומים־קינדער וועלן אפשר אויסמיידן דאָס אומגליק.

אויפן 6־טן טאָג פון דער „שפּערע" איז צו דער פּאַרוואַלטערין פון די קינדער־הייזער, פּרוי ליטמאַנאָוויטש, אָנגעקומען אַ טעלעפאָנישער באַפעל פון רומקאָווסקין: „מאָרגן פרי זאָלן די קינדער זיין אָנגעטאָן שיין, ריין און צוזאַמען מיט די דערציִער, וועלכע מוזן ביי זיך האָבן די נאָמענטלעכע רשימות פון די יתומים, דאַרפן זיי אַרויסמאַרשירן אויפן פּלאַץ „זאַגאיניקאָוואַ" און ביבאָוו אַליין וועט דורכפירן אַ קאָנטראָל. די לייטערין פון דער קינדער־קאָלאָניע האָט צוזאַמענגערופן דעם פּערסאָנאַל און מיטגעטיילט וועגן רומקאָווסקיס פאַראָרדנונג. די דערציִער און דערציִערינס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און באַשלאָסן מאָרגן אַרויסגיין אויפן פּלאַץ צוזאַמען מיט די קינדער.

אין זיין גבית עדות האָט שמאַי ראָזענבלום אַזוי געשילדערט דאָס אַרויספירן די יתומים־קינדער:

„אויף צומאָרגנס נאָכמיטאָג האָבן אַלע דערציִער מיט די קינדער אַרויסמאַרשירט אויפן באַשטימטן אָרט. די שטימונג איז געווען אַ גוטע און מאַרשירנדיק האָט מען געזונגען העברעאישע און יידישע לידער. אויפן אָרט האָט מען אונטער העברעאישע קאָמאַנדאָ־באַפעלן אויסגעשטעלט זיך אין פאָרם פון אַ חית (ח) און געוואַרט. אַן ערך 150 מעטער פון די קינדער־רייען זיינען געווען די „זומער־אַפּאַרטאַמענטן" פון דוד גערטלער און אַרעק יאַקובאָוויטש, דעם אַרבעטס־שעף פון געטאָ. עטלעכע מינוט פאַר 3 אַזייגער האָט זיך געעפנט די טיר פון דוד גערטלערס ווילע און ער, צוזאַמען מיט יאַקובאָוויטשן און רעווירקאָמיסאַר (א.ד.־פּאָליציי) אייזמאַן זיינען אַרויסגעקומען אויפן פּלאַץ. די קינדער האָבן זיי באַגריסט מיט אַ האַרציקן „שלום!"

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון אַן אויטאָ און אַ שיינע לימוזין איז אָנגעפאַרן אויפן פּלאַץ. פון דעם לימוזין איז אַרויסגעשטיגן האַנס ביבאָוו, ער האָט זיך באַגריסט מיט דוד גערטלער און אַרעק יאַקובאָוויטש. אַלע דריי האָבן צווישן זיך גערעדט אַ לענגערע צייט. דאַן זיינען אַלע דריי מיט ביבאָוון בראש אַרומגעגאַנגען רונד־אַרום די קינדער, צוגעגאַנגען צו דער לייטערין, וועלכע האָט גלייך געמאָלדן ביבאָוון די צאָל קינדער און לערער, וואָס געפינען זיך אויפן פּלאַץ און אויסגערעכנט אַלע רעסאָרטן, ביי וועלכע די קינדער זיינען באַשעפטיקט.

ביבאָוו, אויסהערנדיק דעם ראַפּאָרט פון דער לייטערין, האָט באַפוילן, אַז אַלע דערציִער זאָלן זיך דערווייטערן אַ 200 מעטער פון די קינדער און זיך דאָרט אויסשטעלן צו 5 אין אַ ריי. ווען די לערער האָבן דאָס געטאָן און שוין געשטאַנען אויף די ערטער, איז פּלוצים, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, אויסגעוואַקסן די א.ד.־פּאָליציי און „זאָנדער־קאָמאַנדאָ". זיי האָבן אַרומגערינגלט די לערער און

באַפוילן זיי מאַרשירן. מען האָט אַלע לערער אַריינגעפירט אין אַ הויז אויף דער יאַנשערא־גאַס נומ. 1, זיי דאָרט פאַרמאַכט און דאָס הויז שטרענג באַוואַכט. מיר האָבן נאָך געהערט דאָס געוויין פון די קינדער, וועלכע האָבן אינסטינקטיוו דערפילט די גרויסע סכנה, אין וועלכער זיי געפינען זיך.

3 שעה שפּעטער האָט די פּאָליציי באַפרייט די לערער. ווען מיר זענען אַרויס אויפן פּלאַץ, זיינען די קינדער שוין מער ניט געווען. מיר זיינען אַריין צו אייזמאַנען, דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר, און געפרעגט, ווו די קינדער געפינען זיך, האָט ער אונדז געזאָגט, אַז די קינדער געפינען זיך אין אַ הויז אויף אָקאָפּאָווע־גאַס (אין מאַרישין) אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט און אַז קיינער האָט ניט קיין רעכט אַהין צוצוקומען. דאָס איינציקע, וואָס ער דערלויבט די לערער, איז צו ברענגען קאָלדרעס, די ברויט־צוטיילונג פון טאָג פאַר די קינדער און דאָס איבערגעבן דער פּאָליציי". [379]

די יתומים־קינדער זענען געבליבן שוצלאָז, אָן וועלכן עס איז כוח פון דערוואַקסענע, וואָס זאָל זיי העלפן אין שווערן מצב. געיאָגט פון די א. ד. — און „זאָנדער"־פּאָליציי — האָבן די עלטערע און דרייסטערע פון די קינדער זיך קעגנגעשטעלט דעם אַרויספירן פון יתומים־הויז. זיי האָבן אין זייער ווידערשטאַנד באַנוצט די זעלבע מיטלען, וואָס די דערוואַקסענע אין צענטער געטאָ: אַנטלויפן, זיך אויסבאַהאַלטן, געשפּרונגען איבערן פּאַרקן, דורכגעגנבעט זיך דעם פּאָליציי־רינג. איינע פון די דערציערינס האָט אַזוי באַשריבן דאָס אַרויספירן די יתומים־קינדער:

„די וועגענער זענען פאַרפאָרן אויפן פּלאַץ. עס איז אויסגעבראָכן נאָך אַ גרעסערע מהומה, געשרייען, אויסרופן פון נעמען, איינשטיל־קולות, געוויינען און אַ וואַיערײַ — אַלץ האָט דערפירט צו משוגעת. די פּאָליציי האָט מיט כוח געכאַפּט די קינדער און זיי ארויפגעזועצט אויפן וואָגן. מ'האָט פאַרלאָדן צוויי וועגענער און געהייסן די פורמאַנעס פאָרן, וואָרן די קינדער זענען געשפּרונגען צוריק אויפן פּלאַץ, נישט געקוקט אויף קיין שום געפאַר. איין ייִנגל האָט זיך דערביי אויסגעהאַקט עטלעכע ציין: אינגאַנצן אַ פאַרבלוטיקטער איז ער געלאָפן צום מויער און פאַרשווונדן אויף יענער זייט. — — — פלייסיקע פּאָליציאַנטן האָבן פון פאַרשידענע שטיבלעך פון דער קאָלאָניע אַרויסגעשלעפּט פּיצלעך קינדער, וואָס האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן און זיי געשלעפּט צו די וועגענער. די קינדער האָבן זיך געאַמפּערט און געריסן, אָבער די ברוטאַלע פּאָליצייאישע הענט זענען געווען שטאַרקער".

שפּעט ביינאַכט זענען די קינדער, באַגלייט פון א. ד. — און זאָנדער־פּאָליציי אָפּגעפירט געוואָרן אויף דעם זאַמלפּונקט אין געוועזענעם שפּיטאָל אויף דרעוונאָווסקאַ גאַס. אויף צומאָרגנס האָט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס מיט זיינע מיטאַרבעטער, באַוואָפנטע דייטשן פון דער „ראָל־קאָמאַנדאָ" און עס.

**אַרויסגעפירט די יתומים־קינדער קיין כעלמנאָ, ווו זיי זענען פאַרפייניקט געוואָרן.** [380]

## ז. געשטאַפּאָ־באַריכטן וועגן דער אויסראָטונג פון קראַנקע און אַרבעטסאומפעאיקע און וועגן ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער

אין דעם טאָג פון 12־טן סעפּטעמבער 1942 האָבן אויף די געטאָ־מויערן זיך באַוויזן 2 באַקאַנטמאַכונגען אין דייטש, וועלכע האָבן געמאָלדן דער באַפעל־קערונג, אַז די „געהשפּעררע" איז פאַרענדיקט. דער „עלטעסטער דער יודען אין ליטצמאַנשטאַדט געטאָ", מ. ח. רומקאָווסקי האָט אין „באַקאַנטמאַכונג נומער 392" מיטגעטיילט, אַז מיט „זאָפּאָרטיקער ווירקונג" ווערט אָפּגעשאַפט די „אַלגעמיינע צעהשפּעררע" און דער געטאָ־דיקטאַטאָר האַנס ביבאָוו האָט געשעפטלעך געמאָלדן:

„ווידערעפּפנונג אַללער פאַבריקן אונד ווערקשטעטטע". „נאָכדעם ווי די דעפּאָרטאַציע איז מיטן נעכטיקן טאָג געווואָרן געענדיקט, ווערן פון מאָנטיק אָן דעם 14־טן סעפּטעמבער 1942 אַלע אַרבעטס־וואַרשטאַטן פון געטאָ געלאָזט ווערן אין פולן גאַנג. יעדער לייטער, אַרבעטער און אָנגעשטעלטער איז פאַרפליכטעט פּינקטלעך זיך צו שטעלן צו דער אַרבעט, אויב ער איז פאַראינטערעסירט זיך צו באַשיצן פון מעגלעכע, גרעסטע אומאַנגענעמלעכקייטן. פון די אַנערקענטע אַרבעטס־כוחות ווערט פון איצט אָן פאַרלאַנגט מיט דעם גרעסטן פלייס צו דערפילן זייערע אויפגאַבן און זיך באַמיען, אַז די, דורך דער רוהעפּאַוזע אַרויסגערופענע הינטער־שטעליקייט, זאָל ווי אַמגיכסטן דעריאָגט ווערן. איך וועל לאָזן שטרענג קאָנטראָ־לירן, צי מיין פאַראָרדנונג איז פולשטענדיק דורכגעפירט געוואָרן".

געטאָ־פאַרוואַלטונג
געצ. — ביבאָוו" [381]

אָט מיט אַזאַ ציניזם האָט דער דייטשער מאַסן־מערדער גערעדט צו זיינע קרבנות.

מיט דעם זעלבן ציניזם האָט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס דעם ערשטן אָקטאָבער 1942 באַריכטעט צו זיין אָפּטיילונג 4 B II וועגן דער אָפּגעטוענער אויסראָטונגס־אַרבעט. פון דעם באַריכט דערוויסט מען זיך אויך ווי שטאַרק עס איז געווען דער ווידערשטאַנד פון דער לאָדזשער געטאָ־באַפעלקערונג קעגן דער דייטשער אויסראָטונג. דאָרט זאָגט זיך:

„נאָכדעם, ווי אין חודש אויגוסט איז דער לאַנד־קרייז (וואַרטעגאו) דורך דער עוואַקואירונג פריי געוואָרן פון יידן, איז אין חודש סעפּטעמבער פאָרגעקומען די אַרויסשיקונג פון 15,900 קראַנקע און אַרבעטסאומפעיקע יידן פון געטאָ ליטצמאַנ־שטאַדט. אומגעפער 4000 מענטשן זענען ווייניקער אַרויסגעשיקט געוואָרן, ווי עס

# WIEDERERÖFFNUNG

## aller Fabriken und Werkstätten ab Montag, d. 14.IX. 1942.

Nachdem die Aussiedlung mit dem gestrigen Tage beendet ist, werden **ab Montag, den 14.IX. 1942** sämtliche Arbeitsstätten des Gettos wieder voll in Betrieb genommen.

**Jeder Leiter, Arbeiter und Angestellte ist verpflichtet, pünktlich seinen Arbeitsplatz einzunehmen, wenn ihm daran gelegen ist, sich vor denkbar grössten Unannehmlichkeiten zu schützen. Es wird von den nunmehr anerkannten Arbeitskräften verlangt, dass sie mit grösstem Fleiss ihre Aufgaben erfüllen und sich befleissigen, die durch die Ruhepause hervorgerufenen Rückstände schnellstens aufzuholen.**

**Ich werde strenge Kontrolle durchführen lassen, ob diese meine Anordnung restlos befolgt ist.**

**Getto-Verwaltung**
**gez. BIEBOW**

Litzmannstadt, d. 12. September 1942.

ביבאָווס צינישע מעלדונג וועגן ווידער עפענען די פאַבריקן און וואַרשטאַטן נאָכן דורכפירן די אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים.

איז געווען פאַרגעזען. די ווייטערדיקע אַרויסשיקונגען זענען דערווייל אָפּגעשטעלט געוואָרן. די פאַרקלענערטע צאָל פון דעפּאָרטירטע אין קולמהאָף [כעלמנאָ] דאַרף מען צושרייבן צו דעם אויסבאַהאַלטן זיך און אַנטלויפן פון אַ סך יידן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צום אַרויסשיקן". [382]

פאַראַן נאָך אַ צווייטער באַריכט צו דער דייטשער מאַכט, וואָס איז אַ בולטער באַווייז פון דעם האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד, וועלכן יידן אין לאָדזש און אין ראַיאָן האָבן געשטעלט דער דייטשער אויסראָטונג. דאָס איז אַן איבערזיכט איבערן חודש סעפּטעמבער 1942, וועלכן די לאָדזשער קרימינאַל־פּאָליציי האָט אין ערשטן אָקטאָבער צוגעשיקט צו דעם אינספּעקטאָר פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און זיכערהייטס־דינסט אין פּויזן. דאָרט ווערט געמאָלדן, אַז 35 יידן זענען געוואָרן אויפגעהאַנגען אין דערמאָנטן באַריכטס־חודש. אַ טייל פון די דאָזיקע יידן איז אַנטלאָפן פון דער „עוואַקואירונג" און שפּעטער פאַרהאַלטן געוואָרן, „בעת אַן אַנדער טייל האָט אויסגעפירט אַרבעטס־סאַבאָטאַזשן און האָבן פאַרלאָזן דאָס געטאָ און דעם אַרבעטס־פּלאַץ". די איבערזיכט ברענגט אויך נעמען פון פאָלגענדע פּערזאָנען, אַרעסטירטע אין חודש סעפּטעמבער:

הוגאָ שניידער, אַ זון פון אַ געמישט פּאָרפּאָלק, אַן אָפּשטאַמיקער פון מערב־אייראָפּע, באַשולדיקט אין חתונה האָבן מיט אַן אַריערין; טאַדעוש ביעלעק, געבוירן אין לאָדזש, האָט אויסבאַהאַלטן זיין יידישע אָפּשטאַמונג, שמחה זאַוואַדסקי — אַנטלאָפן פון אַרבעטס־אַמט; שלמה פישער פון פּאַביאַניץ — אַנטלאָפן פון לאָדזשער געטאָ; משה קעמפּינסקי און יעקב באַבראָווסקי — פאַר אַרומוואַנדערן אין די דערפער און בעטלען; און די צוויי פרויען: יענטע סאַמדאָווסקי און מרים יאַקובאָוויטש — פאַר אַנטלויפן פון דער דעפּאָרטאַציע. אין דער דערמאָנטער באַריכטס־צייט זענען אין דער געטאָ־תפיסה געזעסן 190 „פאַרברעכער" און נאָר 150 פון זיי זענען געווען באַשולדיקט אין גניבות. [383]

דער ווידערשטאַנד פון די לאָדזשער יידן בעת דער „שפּערע" האָט באַאומרואיקט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט און אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. זיי האָבן געמוזט אָנקומען צום ספּעציעלן שפּיאָנאַזש־דינסט אין געטאָ, כדי צו באַקומען באַריכטן פון דער „שטימונג דער געטאָבעוואָהנער". דער דאָזיקער דאָקומענט האָט די איבערשריפט: „ליטצמאַנשטאַדט דעם 24־טן נאָוועמבער 42, געטאָקאָמיסאַריאַט, לאַגערבאַריכט־מיטיילונג צו דעם אינספּעקטאָר פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און זיכערהייטס־דינסט". ווייטער קומט:

„דער גוט אויסגעבילדעטער נאַכריכטן־דינסט פון יידן אין געטאָ האָט אין אָנהויב פון דער באַריכטסצייט געברענגט די ידיעות וועגן די געפּליסטערטע איובֿ־בשורות [וואָס גייען אַרום אין געטאָ], אַז די מאַכט האָט בדעה אַרויסצונעמען אַלע, וואָס געפינען זיך אין די געטאָ־שפּיטעלער, ווי אויך אַ גרעסערע צאָל קינדער און



Durch Vermittlung des V-Mannes G e r l e r und des Juden K l i e g e r wurden in dessen ehemaliger Wohnung (Keller) Buschlinie 1o5,

3 Blechschachteln, enthaltend Bruch=gold, Golddollar, Rubel und nicht mehr verwertbare Dollarscheine

gefunden. Die Aktion wurde im Beisein von Herrn Amtsleiter Biebow und Herrn Meyer durchgeführt.

Litzmannstadt, den 5. 9. 1942.

דער „נאַכריכטן־דינסט״ פון גערטלער און קליגער צו דער געשטאַפּאָ. די דאַטע פון דער מסירה וועגן יידיש פאַרמעגן איז פון 5.9.1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די „שפּערע״.

דערוואַקסענע, וואָס וועלן אין אַ באַשטימטן טאָג אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאָראיבערגייענדיקע פּאַניק־שטימונג״.

דער באַריכט דערמאָנט די רעדע פונעם יודנעלטעסטען, וואָס האָט קלאָר געמאַכט אין וואָס עס גייט — „21,000 פּערזאָן, קינדער ביז 10 יאָר און אַרבעטס־אומפעיקע, קראַנקע ביז 65 יאָר, דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ״. מיט צינישן חוזק ווערט דערציילט אין באַריכט ווי די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך באַמיט אויסצומיידן די דעפּאָרטאַציע: „קראַנקע זענען אַרויס פון די בעטן און געוואָרן געזונט, קינדער אונטער 10 יאָר זענען געוואָרן אַזוי צוגעגרייט, אַז עס איז שווער געווען צו דערקענען זייער עלטער. דאָס אייגענע איז אויך געשען מיט זקנים. פּרויען האָבן אויף די פּנימער אַרויפגעלייגט אַ דיקע שיכט פון שמינקע און פודער כדי אויסצוזען יונג״.

וועגן איבערפאַל אויף די שפּיטעלער זאָגט זיך אין באַריכט:

„דעם 1/9, 42, אין די מאָרגן־שעהן, איז שלאַגאַרטיק דורכגעפירט געוואָרן דאָס אַרויסנעמען די קראַנקע פון די שפּיטעלער. אויף אַן אומדערקלערלעכן אופן

האָבן איבער 200 קראַנקע זיך צופאַר דערוווּסט, וואָס עס דאַרף פּאַרקומען און עס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן אין די מלבושים פון דעם אַנשטאַלט. די אָרדנונגס־דינסט [פּאָליציי] האָט געמוזט צוריקברענגען די קראַנקע. אין די שפּיטעלער האָבן זיך דעמאָלט געפונען 1500 פּערזאָן פון ביידע געשלעכטער". [384]

אויף די דעפּאָרטאַציע פון די קראַנקע (מחוץ די שפּיטעלער) זקנים און קינדער אונטער 10 יאָר זענען לויט דעם באַריכט דורכגעפירט געוואָרן „שלאַגאַרטיק" דורך „אויסזידלונגסבעהערדען" ביי דער מיטווירקונג פון דער אָרדנונגס־דינסט. די דאַטע ווען די געשטאַפּאָ האָט אָנגעהויבן איר אויסראָטונגס־אַרבעט איז אָנגעגעבן — דעם 7/9, 42, וואָס עס איז אין איינקלאַנג מיט די גבית עדות און זכרונות, ד. ה. אַ טאָג נאָכדעם ווי די געטאָ־איינוווינער האָבן אָפּגעשטויסן דעם אָנגריף פון דער א. ד. — און „זאָנדער"־פּאָליציי, דעמלס האָט די געשטאַפּאָ־מאַכט זיך גענומען צו דער בלוטיקער אויסראָטונגס־אַרבעט:

„עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פּאַר נויטווענדיק נאָכאַמאָל דורכצוקעמען די הייזער־בלאָקן, ווייל גאַנצע משפחות און אויך איינצלנע פּערזאָנען, אין אַ גרויסער צאָל, זענען אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן. די דעפּאָרטאַציע איז געגאַנגען פּאַר־העלטנישמעסיק רייבונגסלאָז. ווו אָבער עס האָט זיך באַוויזן אַ ווידערשטאַנד, איז ער געוואָרן געלעזט מיט די מיטלען, וואָס זענען געשטאַנען צום געבאָט. די פּאַניק און די שרעק־שטימונג, וואָס האָט מתחילת באַהערשט די יידן, האָט זיך שפּעטער פּאַרוואַנדלט אין אַ שטילער רעזיגנאַציע און אין אונטערגעבן זיך דעם גורל. דער ייד הייבט ווידער אָן צו פּאַרגעסן און פּאַסט זיך צו צו דעם אומפּאַרמיידלעכן, ווייל ער איז אַ רעאַל־דענקענדער מענטש, וועלכער נעמט אויף וואָס עס איז פּראַקטיש אָמבעסטן. דער ייד איז אויך צופיל פּחדן, כדי עפּעס וואָס דאַקעגן צו אונטערנעמען" — זאָגט זיך אין דעם ציטירטן באַריכט. [385]

דער געבראַכטער „לאַגער־באַריכט", מאַשינשריפט אין דייטש, וואָרשיינלעך אַ קאָפּיע פון אַזאַ דאָקומענט. איז אַ באַשטעטיקונג פון פאַקטן פון ווידערשטאַנד פון די לאָדזשער יידן קעגן דער דעפּאָרטאַציע פון קראַנקע, קינדער און זקנים; פאַקטן, וועלכע ווערן באַשריבן אין די זכרונות און גבית עדות. לויט דעם סטיל און אופן פון אָנגעבן די געשעענישן אין געטאָ אין דער ערשטער דעקאַדע פון סעפּטעמ. 1942, ווי אויך דאָס באַרואיקן דעם דייטשן זיכערהייטס־דינסט, אַז די יידן זענען נישט פעיק צו שטעלן קיין ווידערשטאַנד — ווערט קלאָר, אַז דער באַריכט איז אינגאַנצן געשטיצט אויף „דער גוט דורכגעבילדעטער נאָכריכטענדינסט דער יודען אין געטאָ". דער דאָזיקער „נאָכריכטענדינסט" ווי עס ווערט באַשטעטיקט אין זכרונות און אין גבית עדות, האָט געפירט דער אָפיציעלער געשטאַפּאָ־אַגענט דוד גערטלער מיט זיין זאָנדער־קאָמאַנדאָ. [386]

אַ געוויסע אַנאַלאָגיע צו דער דאָזיקער געשטאַפּאָ־טעטיקייט איז פּאַראַן אין וואַרשעווער געטאָ נאָך דער גרויסער דעפּאָרטאַציע (22־טן יולי — 13־טן

סעפּטעמבער 1942), בעת דעם רייף ווערן פון אויפשטאַנד־געדאַנק. די אַנאַלאָגיע איז נוגע נאָר דער אויסשפּיר־טעטיקייט פון דער „זאָנדער" אין לאָדזשער געטאָ און דער גרופּע געשטאַפּאָ־אַגענטן פון יידישער אָפּשטאַמונג אין וואַרשעווער געטאָ. ביידע געשטאַפּאָ־קערפּערשאַפטן, וועמענס אָנהענגער האָבן זיך רעקרוטירט פונעם אָפּפאַל פון דער יידישער געזעלשאַפט, אָרגאַניזירט דורך דער דייטשער מאַכט — האָבן אין די דעצידירנדע מאָמענטן פאַר די געטאָס אין וואַרשע און אין לאָדזש געהאַט די זעלבע אויפגאַבן, נעמלעך: אינפאָרמירן דעם דייטשן זיכערהייטס־דינסט וועגן דער שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג, עווענטועל אָפּגעבן מסירות וועגן צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, און ווידערשטאַנד־פּרוּוון אין לאָדזשער געטאָ און ווען נויטיק — מיטהעלפן דער דייטשער מאַכט אין איר דעפּאָרטאַציע־טעטיקייט. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ האָט אין אַ וואָרנונג צו דער יידישער באַפעלקערונג געשטעמפּלט אָט די פאַרעטער. [387]

## ח. טעטיקייט פון דער זאָנדער־פּאָליציי בעת דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער און אין די „שפּערע"־טעג

בעת דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער און אין די „שפּערע"־טעג האָט דוד גערטלער אָנגעפירט מיט דער א.ד.־פּאָליציי און „זאָנדער"־פּאָליציי, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן צו כאַפּן די קראַנקע, קינדער און זקנים. אַזאַ באַשטעטיקונג האָט גערטלער אַליין געגעבן אין זיין עדות־דערקלערונג אין שטראָמבערג־פּראָצעס, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן אין דער „יורידישער אָפּטיילונג ביים צ.ק. פון באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע". גערטלער האָט דערציילט:

„,,אין געטאָ לאָדזש בין איך געווען שעף פון דער יידישער פּאָליציי פון 1/9 1940 ביז דעם 3/12, 1940. פון יענער דאַטע אָן ביז דעם 15־טן יולי 1941 בין איך געווען אַרעסטירט אין לאָדזש, אין דער תפיסה אין ראַדאָגאָשטש און אויף דער קאָפּערניקאַ גאַס (געווען דאָרט אַ תפיסה). פון דעם 15־טן יולי 1941 ביז דעם 12־טן יולי 1943 בין איך ווייטער געווען שעף פון דער יידישער פּאָליציי. דעם 12/7 1943 האָט מען מיך געשיקט קיין האַהענזאַלץ און קיין אָשוויענטשים".

„בעת דער שפּערע", ווען די גאַסן און די הייזער זענען געווען אָפּגעשפּאַרט און קיינער האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן, האָב איך ווי דער פּאָליציי־שעף געקאָנט זיך פריי באַוועגן בעת דער אַקציע וואָס האָט געדויערט 8 טעג — — — איך בין געווען אויף דעם זאַמלפּונקט פון די יידן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צום אַרויסשיקן". דאָרט האָט גערטלער געזען ווי שטראָמבערג האָט געשאָסן יידן אאז"וו. [388]

די דאָזיקע עדות־דערקלערונג, פאַרזען מיט דער אונטערשריפט דוד גערטלער,

מאַכט קלאָר די ראָל פון דער „זאָנדער״־פּאָליציי און איר אָנפירער אין יענעם פּעריאָד, אין די סעפּטעמבער־טעג 1942 און אין די ווייטערדיקע חדשים, וואָס זענען געווען דעצידירענד פאַר דער עקזיסטענץ פונעם לאָדזשער געטאָ.

אין קיין שום געטאָ־דאָקומענט, סיי פון דייטשע קוועלן, סיי פון רומקאָווסקי־אַרכיוו ווערט נישט דערמאָנט גערטלער אַלס „פּאָליציי־שעף״ אין געטאָ, ווי ער האָט איבערגעגעבן אין זיין עדות־דערקלערונג, אָבער אין די געשטאַפּאָ און קריפּאָ־באַריכטן, ווערט גערטלער באַצייכנט מיט „Unser V.-Mann" (אונדזער פאַר־טרויאוינגס־מאַן). * ווי דער פאַרטרויאונגסמאַן פון געשטאַפּאָ האָט גערטלער אָנגע־פירט מיט דער „זאָנדער״־פּאָליציי, וועלכע איז געשטאַנען צום דינסט פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, ווי אַזעלכער האָט ער זיך געקאָנט פריי באַוועגן בעת דער „שפּערע״. ער האָט געדאַרפט דינען דער געשטאַפּאָ מיט אינפאָרמאַציעס און זאָרגן דערפאַר, אַז די „זאָנדער״־פּאָליציי זאָל געטריי דערפילן אירע אויפגאַבן און מיטהעלפן דער דייטשער מאַכט אין דורכפירן די דעפּאָרטאַציעס פון קראַנקע, קינדער און זקנים.

אַ ריי גבית עדות באַשטעטיקן טאַקע, אַז דער געשטאַפּאָ אַגענט מיט זיין זאָנדער־פּאָליציי און פּאָליציאַנטן פון א. ד. זענען געווען אויף אַלע אויסראָטונגס־פונקטן: ביי די שפּיטעלער און ביים אַרויספירן די יתומים־קינדער פון מאַרישין. ** גערטלער האָט באַגלייט די דעפּאָרטירטע צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. וועגן זיין ראָל ביים ליקווידירן די שפּיטעלער האָט דערציילט אין זיין גבית־עדות — מענדל טראַן, וואָס איז בעת דער ליקווידאַציע פון די קראַנקע געווען אין שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקע גאַס.

דוד גערטלער, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען נאָענט באַפריינדעט מיט מענדל טראַן, האָט זיין פריינט געטאָן אַ טובה און אים אַרויסגענומען פון די קראַנקע. וועגן דעם האָט טראַן דערציילט אין זיין גבית עדות:

„מיך האָט מען פלוצלונג גערופן צום דיזשורנעם דאָקטאָר. אין 10 מינוט אַרום איז אַריינקומען גערטלער מיט זיינע אַדיוטאַנטן. ער האָט געהייסן איך זאָל זיך אָנטאָן. שפּעטער מיך אַרויסגעפירט און אַריינגעזעצט אין זיין אויטאָ. אין דעם אויטאָ האָבן זיך געוואָלט אַריינרייסן נאָך קראַנקע, כדי צו ראַטעווען זיך פון טויט. גערטלער האָט גערופן זיינע „זאָנדער״־פּאָליציאַנטן. מ'האָט אַלעמען צעטריבן און געמאַכט אַ דורכגאַנג, כדי מיר זאָלן קאָנען אַרויספאָרן״. [389]

טראַנס גבית עדות איז אויך אַ באַווייז, אַז די ערשטע 50 פּאָליציאַנטן, וואָס זענען געקומען צו הילף דער „ראָל־קאָמאַנדאָ״ בעת דעם „שלאַגאַרטיקן״ איבערפאַל

---

* אַזאַ איז אויך געווען גערטלערס שטעלפאַרטרעטער מרדכי קליגער.

** אין אַ פריערדיקן פּרק איז שוין דערמאָנט געוואָרן גערטלערס באַטייליקונג אין אַרויספירן די קינדער פון מאַרישין.

אויף די שפּיטעלער — זענען באַשטאַנען פון די „זאָנדער", אונטער דער אָנפירונג פון גערטלער. ער האָט באַגלייט דעם געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס ביי אַלע באַזונדערע אַקציעס פון אַרויספירן יידן אין די סעפּטעמבער־טעג. ער האָט געציילט די יידן, ווען מען האָט פון ראַדעגאָסט אַרויסגעפירט 851 פּערזאָן בעת דער שפּערע. וואָלף בער פּאַטשערקאָווסקי, אַן עדות אין פּראָצעס פוקס־בראַדפיש, האָט אין זיין דערקלערונג איבערגעגעבן, אַז די דערשאָסענע מיידלעך, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פּאָריקן קאַפּיטל, האָט ער, ווי אַ פורמאַן, געפירט אויפן בית עולם. פון היינטיקן איז נאָכגעפאָרן פוקס און דוד גערטלער. ער איז אויך אָנוועזנד געווען בעת גינטער פוקס האָט אויפן בית עולם דערשאָסן יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער דעפּאָרטאַציע.[390]

די דאָזיקע מיטאַרבעט מיטן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס האָט ווייזט אויס געבראַכט גערטלערן צו דעם, אַז ער זאָל בעת דעם פּראָצעס אין האַנאָווער אַרויסטרעטן ווי אַ פּאַרטיידיקונגס־עדות פון גינטער פוקס. גערטלער האָט אין געריכט דערקלערט, אַז מ'האָט פאַר געלט געקענט אויסקויפן יידן ביים געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר און גערטלער זאָל אים האָבן באַצאָלט אַ האַלבן מיליאָן מאַרק. דער „עדות" האָט אָבער נישט אָנגעגעבן ביי וועמען ער האָט גענומען געלט צו דעם צוועק און די נעמען פון די יידן, וואָס זענען דורך דעם אויסקויף געראַטעוועט געוואָרן. דער עצם פאַקט אַליין ווערט נישט דערמאָנט אין קיין שום דאָקומענט, זכרונות אָדער גבית־עדות.[391]

בעת דער אויסראָטונגס־אַקציע אין די סעפּטעמבער־טעג זענען אויך געווען פאַלן ווי א. ד.־פּאָליציאַנטן און פייערלעשער האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען מענטשן פון די הענט פון די געשטאַפּאָ־רוצחים און דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. 2 פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געהיטן אַ קוילן־לאַגער ביים שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקע גאַס און געוואָלט ראַטעווען אַ פרוי פון דעפּאָרטאַציע דורך אַרויסלאָזן זי דורך אַ הינטער־טיר, זענען דערשאָסן געוואָרן דורכן געשטאַפּאָ־מיטאַרבעטער א. שטראָמבערג. געווען איינצלנע פאַלן, ווען פּאָליציאַנטן זענען געצוווּנגען געוואָרן „אַרויפצוקריכן אויפן וואָגן" פאַר נישט דערפילן די פליכטן, וואָס די געשטאַפּאָ האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, און זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט די דעפּאָרטירטע. דער געטאָ־פייערלעשער יעקב קעניג האָט אין זיין עדות־דערקלערונג אין פּראָצעס פוקס־בראַדפיש איבערגעגעבן, אַז אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס האָט ער געוואָלט ראַטעווען אַ קינד מיטן נאָמען יעקב צבי אָפּמאַן. דאָס האָט דערזען גינטער פוקס. ער האָט דעם פייערלעשער מערדערלעך געשלאָגן און געוואָלט אים דערשיסן. ער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורכן קאָמענדאַנט פון די געטאָ־פייערלעשער לעמל קאופמאַן, וועלכער האָט זיין חבר באַפוילן „אַרויפצוקריכן אויפן וואָגן" צו די באַשטימטע צום אַרויסשיקן און שפּעטער אים אַראָפּגענומען.[392]

בכלל האָבן די אָנפירער פון רומקאָווסקיס געטאָ־אַדמיניסטראַציע, ווי אויך

פון דער א.ד.־ און זאַנדער־פּאָליציי געהאַט די פּריווילעגיע פון אָפּגעבן בקשות צו דער געשטאַפּאָ אָדער צו ביבאָוו וועגן באַפרייען זייערע נאָענטע פון אַרויסשיקן פון געטאָ. אין אַרכיוו פון ייה״א אין דער טעקע „אויסזידלונג״ האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַזעלכע בקשות, וואָס זענען גענומען געוואָרן אין אַכט. דאָס זענען געווען ווענדונגען וועגן באַפרייען פון אַרויסשיקן געמאַכט דורך: רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע, יאַקוּ־באָוויטשעס אַרבעטס־אַמט, „אָרדנונג־דינסט״, געשטאַפּאָ און דוד גערטלער. זייערע רעקאָמענדאַציעס האָבן אויסגעפועלט, אַז מ׳זאָל די אָנגעגעבענע פּערזאָנען נישט אַרויסשיקן. די ווענדונגען טראָגן אַלע די דאַטעס פון 6־טן סעפּטעמבער 1942. צווישן די באַפרייטע פון דער דעפּאָרטאַציע האָט זיך אויך געפונען דער לאָדזשער יידישער געלערנטער אָריענטאַליסט, פּראָפ. א.ש. קאַמיענעצקי, מחבר, פון די אויסבעסערונגען און הוספות צו דער העברעישער איבערזעצונג פון גרעצס „געשיכ־טע פון יידן״ („דברי ימי היהודים״) ער איז דעמלס שוין געווען אין טיפן עלטער. אין געטאָ האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון שול־אינספּעקטאָר. נאָך דער ליקווידאַציע פון די שולן איז ער געווען באַשעפטיקט אין אַרכיוו. רומקאָווסקי האָט אים געראַ־טעוועט פון דער דעפּאָרטאַציע, קאַמיענעצקי איז געשטאָרבן אין געטאָ. [393]

## ט. די פּאַרטייען אין געטאָ בעת די דעפּאָרטאַציעס אין די סעפּטעמבער־טעג

אין די זומער־חדשים 1942, ווען די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט האָט געגרייט דעם צווייטן עטאַפּ פון מאַסן־אויסראָטונג פון לאָדזשער געטאָ, האָבן די פּאַרטייען ממשיך געווען זייער טעטיקייט. זי האָט זיך בעיקר אויסגעדריקט אין העלפן אייגענע חברים און סימפּאַטיקער און אין פּאַרפעסטיקן זיך קאָנספּיראַטיוו־אָרגאַניזאַציאָנעל. בונד, לינקע פּועלי ציון, די ציוניסטיש־חלוצישע גרופּירונגען, פּאַראייניקט אין „חזית בני דור המדבר״ און קאָמוניסטן—האָבן אין יענעם פּעריאָד, צוליב שוין דערמאָנטע סיבות, נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט צו שטעלן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד די פּאַרפאָלגונגען און דערשיסונגען. אָבער יעדע פון די דערמאָנטע פּאַרטייען האָבן געהאָפט, אַז עס וועט קומען אַזאַ מאָמענט, ווען עס וועלן זיך שאַפן מעגלעכקייטן פאַר אַזאַ קאַמף. צו דעם צוועק זענען איינגעשטעלט געוואָרן פאַרקאָנספּירירטע פינפעלעך. מ׳האָט זיך באַמיט צו פאַרפעסטיקן די אָרגאַניזאַציעס און צו שטאַרקן זיי צאָלמעסיק דורך איינשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די גולים פון די שטעטלעך, וואָס זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. עס זענען אַפילו איינגעשטעלט געוואָרן אַ מין „לאַנדסמאַנשאַפטן״. איינער פון די אָנפירער פון בונד אין לאָדזשער געטאָ, י. נירנבערג, דערציילט אין זיינע זכרונות:

„מען האָט אויסגעבילדעט גרופּן לויט די שטעט און צוקאָאָפּטירט צום אַקטיוו

צו איין פאַרשטייער פון די שטעטלעך: בזשעזשין — אברהם אפּאַטאָווסקי, זדונסקאַ וואָליאַ — מאיר דייטש, בעלכאַטאָוו — יששכר פּזשיבילסקי. די חברים זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין אַלע קעמערלעך פון אונדזער באַוועגונג אין די ראַיאָן־פאַבריקס־קעמערלעך, אין „צוּקונפט" און „סקיף". די פּאַרטיי־גרופּן האָבן געציילט: זד. וואָליאַ — 26 חברים, בזשעזשין — 15, בעלכאַטאָוו — 18. פון אַלע אַנדערע שטעטלעך זענען געווען אַ 30 בונדיסטן".[394]

אין זיין גבית עדות האָט דב לעמבערג דערציילט וועגן זיין אָנקומען פון זד. וואָליאַ אין לאָדזשער געטאָ. ער האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער יוגנט־גרופּע, וואָס האָט זיך אין זיין שטעטל פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט און האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם „חזית בני דור המדבר". עס איז פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג פון די חלוצישע יוגנט־גרופּירונגען און „עס איז אַנטשטאַנען די גרעסטע און וויכטיקסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען — „חזית הנוער הציוני", וועלכער האָט געציילט אַרום 800 מיטגלידער".

אין אַ קאָלעקטיווער גבית־עדות, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן אין ישראל איז געוואָרן איבערגעגעבן, אַז די חברים פונעם „חזית" זענען געטיילט געוואָרן אין גרופּן. עס איז דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע פון ווידערשטאַנד. געווען אַ מיינונג, אַז אין פאַל פון אַ סכנה, דאַרף מען זיין גרייט זיך צו וואַרפן אויף די דייטשן מיט די בלויזע הענט, פאַרטיידיקן זיך מיט שטיינער. דערויף איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז יעדער ווידערשטאַנד וועט ברענגען בלויז צו אַ בלוט־באָד.[395]

אַן ענלעכער מצב ווי אין די דערמאָנטע פּאַרטייען איז געווען אויך אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. די קאָמוניסטיש טוערין הינדע בעאַטיס (באַרבאַראַ), וואָס איז אין געטאָ געווען אַ געוויסע צייט די סעקרעטאַרין פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע א. נ. „פּאַראיינס לינקע" („לעוויצאַ זוויאָנזקאָוואַ"), האָט אין אירע זכרונות אַזוי געשריבן: „אַלע האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון דער גרויליקייט און אפשר צוליב דעם האָבן מיר נישט אונטערגענומען קיין שום באַדייטענדע אַקציע קעגן דעם דעפּאָרטירן מענטשן פון געטאָ. אמת, קיין שום אַקציע פון דעם מין וואָלט נישט געהאַט קיין דערפאָלג, אָבער עס בלייבט אַ פאַקט, אַז מיר זענען בכלל נישט געווען איינגעשטעלט דערויף. בעיקר צוליב דעם, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט".[396]

ביי אַזאַ פּסיכישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן מצב פון די פּאַרטיי־מענטשן און זייערע פירער איז אומגעריכט געקומען — דער איבערפאַל אויף די שפּיטעלער, רומקאָווסקיס רעדע, די שפּערע מיט אַלע גרויל־מעשים. אין יענע שרעקלעכע טעג זענען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס זיך צעפאַלן אויף יחידים. יעדער פּאַרטיי חבר האָט פונקט ווי אַלע איינוווינער פון געטאָ, געזוכט צו ראַטעווען זיינע משפּחה־אָנגע־

הערזקע. דער קאַמף קעגן די דייטשע פּאַרטיזאַנער איז געפירט געוואָרן סטיכיש. עס איז נישט פאַראַן אין די אַרכיוון קיין שום אויפרוף פון די פּאַרטייען אין יענע גרויל־טעג, וואָס זאָל רופן צו מעשים. לעבנגעבליבענע אָנפירער פון די פּאַרטייען אין געטאָ האָבן אין זייערע זכרונות און גבית עדות איבערגעגעבן, אַז מ׳האָט גערופן די באַפעלקערונג נישט צו לאָזן זיך אַרויספירן (י. נירנבערג). וואַרשיינלעך זענען געווען אַזעלכע מינדלעכע ווענדונגען צו פּאַרטיי־מיטגלידער, אַ פּאַקט איז טאַקע, אַז די געשטאַפּאָ מיט דער ראַל־קאָמאַנדע ביי דער מיטהילף פון דער א. ד. — זאָנדער־פּאָליציי, „ווייסע גוואַרדיע״ און פייערלעשער — האָט זיך נישט איינגע־געבן אַרויסצופירן פון געטאָ אַזאַ צאָל יידן ווי עס האָט פאַרלאַנגט די דייטשע מאַכט. 4000 מענטשן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון דער דעפּאָרטאַציע. וויפיל פון זיי האָבן אויסגעמיטן די שפּעטערדיקע דעפּאָרטאַציעס און געבליבן לעבן — איז נישט פעסטגעשטעלט.

## 21.

# דער מצב אין געטא נאָך דער „שפּערע"

### א. רומקאָווסקיס באַרויִקונגס־רעדע און זיין רוף צו שיצן די איבערגעבליבענע קינדער

די בלוטיקע דעפּאָרטאַציע אין די סעפּטעמבער־טעג 1942, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אָן וועלכער עס איז פאַראָרדענונג פון דער צענטראַלער דייטשער אויסראָטונגס־מאַכט. עס איז אויך נישט דערקלערט געוואָרן מצד דער געשטאַפּאָ, אַז „מער וועלן נישט פאָרקומען קיין דעפּאָרטאַציעס", ווי עס איז געווען דער פאַל ביים סוף פון דער ערשטער גרויסער אויסראָטונגס־אַקציע, וואָס איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין מאַי 1942. (זע ז' 132) ביבאָווס מעלדונג, — אַז די „רוהעפּאוזע" איז פאַרענדיקט און זיין אויפפאָדערונג זיך צוריקקערן צו דער אַרבעט איז דערפילט געוואָרן. אין קיין שום דאָקומענטן ווערט נ״שט דערמאָנט, אַז די אַרבעט אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן זאָלן האָבן געשטערט געוואָרן נאָך דער „שפּערע".

די טעראָריזירטע, דערשלאָגענע, פּסיכיש־דערדריקטע געטאָ־באַפעלקערונג האָט זיך צוריקגעקערט אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלע אין געטאָ האָבן זיך באַרויִקט און עס הייבט זיך צוריק אָן דער „נאָרמאַלער סדר" ווי ער איז געווען פאַר די בלוטיקע טעג. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן די שפּייז־צוטיילונגען, וועלכע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן צוליב דער „שפּערע". [397] רומקאָווסקי, וואָס האָט אין יענע טעג זיך נישט באַוויזן אין געטאָ, האָט, משמעות, באַקומען אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט זיינע ייִדן און זיי באַרויִקן.

דעם 7־טן אָקטאָבער איז שוין ווידער טעטיק געווען דאָס „קאָנצערט־הויז" אויף קראַוויעצקע 3. אויף אַ קאָנצערט, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען פאַר די פּני פון געטאָ, האָט זיך באַוויזן רומקאָווסקי. ער האָט ווידער גערעדט קעגן די „פּאַניק־מאַכער" און צוגעזאָגט ווייטערע קאָנצערטן פאַר דער באַפעלקערונג. אין דער רעדע איז געווען צו באַמערקן זייער אַ וויכטיקן פּרט, נעמלעך : דער יודענעלטעסטער האָט געדאַנקט די פּערזאָנען, וואָס האָבן גענומען אין שוץ די איבערגעבליבענע קינדער און האָט אַנטוויקלט אַ פּלאַן ווי אַזוי זיי ווייטער צו באַשיצן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז עס איז זייער געפערלעך, וואָס די קינדער לויפן אַרום אין די גאַסן. „אין יעדן הויז אָדער אין צוויי הייזער מוזן איינגעשטעלט ווערן פּלעצער, ווו קינדער זאָלן זיך געפינען". מ'וועט שאַפן אַ ספּעציעלן פרויען אָרדנונג־דינסט, „פרויען פּאָליציי", וואָס

וועט האָבן די אויפזיכט איבער די קינדער. די פרויען־פּאָליציי וועט אויך אָראָפּנעמען די קינדער פון די גאַסן און באַשטראָפן זייערע עלטערן. יוגענטלעכע פון 11 יאָר אָן דאַרפן גיין אַרבעטן אין די פאַבריקן״ — האָט רומקאָווסקי געזאָגט אין זיין רעדע. [398]

פאַראַן נאָך אַ פּרט אין דער דאָזיקער רעדע, וואָס פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט: וועגן אָפּגעראַטעוועטע קראַנקע.

נאָך דער „שפּערע״ האָבן די געטאָ־איינוווינער אויסבאַהאַלטן זייערע קראַנקע. אויך טיפוס־קראַנקע. ווען מ׳איז געקומען צו אַ דאָקטער, זענען די ערשטע פראַגן געווען: צי ער פירט אַ רעגיסטראַציע פון די פּאַציענטן, צי ער וועט מעלדן דער מאַכט וועגן דער קראַנקייט? עס ווייזט אויס, אַז געטאָ־דאָקטוירים האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף און אויסגעמיטן צו מעלדן דער מאַכט.

אין זיין רעדע דעם 7־טן אָקטאָבער האָט דער יודענעלטעסטער באַרואיקט, אַז מ׳וועט שוין מער נישט אַרויסשיקן קיין קראַנקע און אָנגעוויזן אויף דער סכנה, וואָס עס דראָט צוליבן האַלטן אין דער שטוב די טיפוס־קראַנקע. ער האָט געדראָט די דאָקטוירים, אַז זיי וועלן באַזייטיקט ווערן פון זייער אַרבעט און פאַרלירן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן מעדיצין און וועלן אויך באַקומען אַ ספּעציעלע שטראָף פאַר נישט אָנמעלדן די קראַנקע. „יעדער קראַנקער מוז געבראַכט ווערן אין שפּיטאָל״ *. רומקאָווסקי האָט צוגעזאָגט די אַרבעטער אין די רעסאָרטן צו פאַרדינען אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן קאָנען אויסהאַלטן זייערע משפחות, לערגיינגלעך מוזן באַ־קומען 50 פּראָצ. פונעם פאַרדינסט פון דערוואַקסענע און פאַרענדיקט די רעדע מיט דעם אָנזאָג: „איך וועל קאָנטראָלירן, אַז די אַרבעט אין די רעסאָרטן זאָל פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן, איך וועל אַלץ טאָן צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די, וואָס אַרבעטן. זיי וועלן באַקומען בחינם מעדיצינישע הילף. אויב אַ דאָקטער וועט נישט קומען אין דעם טאָג, ווען מ׳האָט אים גערופן, דאַרף וועגן דעם תיכף געמאָלדן ווערן אויפן באַלוטער מאַרק״ (רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע). [399]

מיט דער דאָזיקער רעדע האָט רומקאָווסקי געוואָלט באַרואיקן די געפּייניקטע געטאָ־באַפעלקערונג, וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם „שפּערע״־גיהנום.

## ב. דוד גערטלער קאָנטראַ רומקאָווסקין

די איבערוויגענדע מערהייט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג האָט שוין נאָך דער „שפּערע״ געוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן שוואַכע אויסזיכטן איבערצולעבן די מלחמה־יאָרן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. מ׳האָט שוין פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם, אַז דער „פּרעזעס״ איז בכוח צו ראַטעווען דאָס געטאָ פון אונטערגאַנג.

---

* נאָך דער ליקווידאַציע פון די שפּיטעלער איז באַגייט געוואָרן די טעטיקייט פון שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש־גאַס פאַר אָנשטעקנדע קראַנקהייטן. (ד״ר סר אין „המאבק״, ז׳ 33).

רומקאָווסקי, וואָס האָט געגעבן זיין צושטימונג צו דער דעפּאָרטאַציע פון די קינדער, איז געוואָרן פאַרהאַסט ביים רוב פון דער באַפעלקערונג. די דייטשע מאַכט האָט אָן שום ספק געוווּסט דורך אירע אינפאָרמאַטאָרן וועגן אָט דער שטימונג אין געטאָ און אַזוי ווי די דייטשן זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן די רו פון דער באַפעלקערונג, וועלכע מ׳האָט דערווייל נישט געקאָנט אויף אַמאָל פאַרטיליקן, איז געווען נויטיק פאַר דער אויסראָטונגס־סטראַטעגיע אַרויסצורוקן אַן אַנדערן „רעטער״ פונעם געטאָ. רומקאָווסקי האָט געמוזט, ווייניקסטנס אויף אַ קורצע צייט, אַוועק אין הינטערגרונט, און דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון געשטאַפּאָ, דוד גערטלער, איז אַרויס אויף דער אויבערפלאַך ווי דער „באַלעבאָס״ איבערן געטאָ.

די דייטשע מאַכט האָט אָבער נישט געקאָנט ענטגילטיק באַזייטיקן איר יודענעלטעסטן. ער האָט דאָך געהאַלטן אין זיינע הענט אַלע בינדונגס־שנורן פון דער געטאָ־אינדוסטריע, אין וועלכער דייטשן — ציווילע און מיליטערישע, דער באַאַמטן אַפּאַראַט — זענען געווען פאַראינטערעסירט. דוד גערטלער האָט דעריבער נישט געקאָנט פאַרבייטן דעם יודענעלטעסטן און איז דורך דער געשטאַפּאָ אַרויסגערוקט געוואָרן נאָר ווי אַ פּערזאָן, וואָס קאָן „ראַטעווען״ די יידן און דורך זיינע אויפטוען פאַרקלענערן דעם הונגער.

שוין בעת דער „שפּערע״ האָט דוד גערטלער זיך אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון געטאָ, ווי עס באַווייזן די פאַקטן, געבראַכטע אין פאָריקן קאַפּיטל .דער פאַר־טרויאונגס־מאַן פון געשטאַפּאָ האָט דעמלס פאַרנומען דאָס אָרט פונעם יודענעל־טעסטן. אין זיין עדות־דערקלערונג בעתן פּראָצעס קעגן פוקס־בראַדפיש, האָט גערטלער געזאָגט, אַז ער האָט דעמלס בעת דער „שפּערע״ פאַרטרעטן די יידישע געטאָ־פאַרוואַלטונג.[400] אין דער אמתן, ווי שוין דערמאָנט, האָט ער אינערגעץ נישט פיגורירט מיט אַן אָפיציעלן באַאַמטן־טיטל. אויך נאָך דער „שפּערע״ האָט די דייטשע מאַכט אים נישט צוגעטיילט קיין אָפיציעלן אַמט. מ׳האָט אים נאָר געלאָזט „פאַרכאַפּן״ געוויסע מאַכט־פונקציעס ביי דער אַפּראָוויזאַציע, ער זאָל קאָנען טאָן „טובות״ דער געטאָ־באַפעלקערונג און אויך פאַרזאָרגן ווי געהעריק זיינע „זאָנדער״־פּאָליציאַנטן. דאָס האָט, וואַרשיינלעך, אויך געדאַרפט זיין אַ באַלוינונג פאַר דער טיכטיקער אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט פאַר דער דייטשער מאַכט בעת דער „שפּערע״־דעפּאָרטאַציע. אויך אין דעם פאַל קאָן מען געפינען אַן אַנאַלאָגיע צו דעם „13־טל״ און שפּעטערדיקע געשטאַפּאָ־גרופּן פון יידישער אָפּשטאַמונג אין וואַרשעווער געטאָ.

אויפן סמך פון די פאַראַנענע דאָקומענטן לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט, איר פאַרטרעטונג דורך ביבאָוו געטאָ־פאַרוואַלטונג, האָבן נישט אַרויסגעגעבן קיין שום פאַראָרדענונג וועגן דעם, אַז די אָנפירונג מיט דער אַפּראָוויזאַציע אין געטאָ ווערט איבערגעגעבן דער זאָנדער־פּאָליציי מיט גערטלערן בראש. אַזאַ פאַראָרדנונג איז נישט פאַראַנען אין די אַרכיוון

פון יענער צייט. עס זענען אָבער דאָ באַשרייבונגען אין B.K.C. ווי אַזוי גערטלער האָט פאַרכאַפּט אָפּראָוויזאַציע־אַמטן און זיי באַזעצט מיט זיינע מענטשן. דאָס איז געשען דעם 19־טן אָקטאָבער 1942. אין יענעם טאָג האָט אין געטאָ געדאַרפט קומען אַן אינספּעקציע פון לופט־פאַרטיידיקונג און צוליב דעם האָט מען נישט אַרויסגעגעבן קיין שפּייז־צוטיילונגען „כדי עס זאָלן זיך נישט בילדן קיין רייען מיט עלטערע מענטשן און קינדער" — האָט געשריבן B.K.C. און צוגעגעבן:

„דער פּרעזעס ליגט קראַנק און האַלט אָפּ באַראַטונגען זיצנדיק אין בעט".[401]

ווייטער קומען פאָלגענדע באַשרייבונגען:

„די זאָנדער־קאָמאַנדאָ האָט איבערגענומען די קאָנטראָל איבער די בעקע־רייען. יעדע פינף שעה בייטן זיך די וואַכן און דאָס פּערסאָנאַל און אינטערעסאַנטן ווערן קאָנטראָלירט. (באַזוכט אין די מלבושים, צי זיי טראָגן נישט אַרויס קיין ברויט). אויף אַזאַ אופן ווערן אויך קאָנטראָלירט די קליענטן, וואָס קומען אויפן פּלאַץ, ווו עס ווערט אַרויסגעגעבן גרינצייג און קאַרטאָפל. אַ קרבן פון דער קאָנטראָל איז געפאַלן דער קאָמיסאַר פון פּלאַץ — טאַראַנטשיק, אַ וואַכמייסטער פון דער פּאָליציי (א. ד.) ער האָט אַנשטאָט 78 קילאָ קאַרטאָפל, אַרויסגעגעבן 180 (פאַר די קיכן). צו דער פלייש־אָפּטיילונג זענען געקומען די קאָנטראָלערן פונעם ווירטשאַפטלעכן ראַט. ווען זיי זענען צוגעטרעטן אויסצופירן זייערע פונקציעס, האָט גערטלער זיי געשיקט אַהיים. די רעווידענטן האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט און אויף צומאָרגנס שוין מער נישט געקומען. אין דעם דאָזיקן גאַנצן ענין דאַרף מען זען דאָס אָפּרעכענען זיך פון די זיך באַקעמפנדע לאַגערן".[402]

אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, ווי עס איז באַשריבן אין ערשטן באַנד, איז טאַקע געווען אַן אָפּאָזיציע קעגן דער רומקאָווסקי־מאַכט מיט הורוויטץ־קלעמענ־טינאָווסקי בראש, אָבער נישט דער „לאַגער" האָט נאָך דער „שפּערע" זיך געריסן צו דער מאַכט. לויט די פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון י. טאַבאַקסבלאַט און יאקוב פּאָזנאַנסקי, האָט זיך געבילדעט נאָך דער „שפּערע" אַ מין „טריומוויראַט" פון די צוויי געשטאַפּאָ־אַגענטן: דוד גערטלער, זיין פאַרטרעטער אין דער „זאָנדער" — מרדכי קליגער, צוזאַמען מיטן לייטער פון די אַרבעטס־רעסאָרטן, אהרן יאַקו־באָוויטש. „די קליקע" — לויט דער באַצייכענונג פון י. טאַבאַקסבלאַט, — האָט געוואָלט „פאַרכאַפּן די מאַכט אין געטאָ" אָדער ווערן א שותף צו רומקאָווסקיס טעטיקייט. קיין אָפיציעלע דאָקומענטן זענען וועגן דעם נישט פאַראַנען. י. טאַבאַקסבלאַט, דער אַקטיווער טוער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין געטאָ, מיטבאַטייליקט אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט פון דער נאָענט געקאָנט אָבסערווירן דעם געראַנגל צווישן גערטלער און רומקאָווסקי, האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן די חדשים נאָך דער „שפּערע", ווען „די קליקע האָט געזיגט":

„די לאַגע האָט זיך אָבער אַבסאָלוט אויף אַ מינדסט נישט פאַרבעסערט.

עס האָבן זיך געביטן די מענטשן אָבער נישט דער סיסטעם. אַנשטאָט די פריערדיקע באַאַמטע זענען באַשטימט געוואָרן נייע, אייגענע, היימישע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין אַ זייער קורצער צייט באַרייכערט אויף קהלס חשבון, פירנדיק אַ רויב־ווירטשאַפט, וואָס האָט נישט אירס גלייכן. צענדליקער טויזנטער קילאָ פּראָדוקטן זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן אנשי שלומינו אָן שום קאָנטראָל, אַפילו אָן שום מינדעסטער בושה, בפרהסיה, פאַר אַלעמען אין די אויגן. אַנשטאָט וואָס פריער דער פּרעזעס, האָט איצט דער נייער „מלך" געטיילט אויף רעכטס און אויף לינקס טאַלאָנען און אַזוי אַרום געזעטיקט דעם אַפּעטיט פון גוטס־טאָן דעם עולם. דער פּרעזעס האָט ווייטער געטיילט פאַר זיינע גוטע פריינט און גערטלער פאַר זיינע. פאַר דער באַפעלקערונג בכלל איז קיין שום ענדערונג נישט געווען: די זעלבע ראַציעס וואָס פריער און דער זעלביקער הונגער". [403]

פאַקטיש האָט זיך נאָך דער „שפּערע" עטוואָס געענדערט אין דער באַשפּייזונג, אָבער דאָס האָט נישט געהאַט קיין שייכות מיט גערטלערס באַזעצן די אַפּראָוויזאַציע־אַמטן, נאָר מיט דער אויסראָטונגס־סטראַטעגיע פון דער דייטשער מאַכט. דער ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער בעת דער „שפּערע", וואָס האָט געצוווּנגען דער געשטאַפּאָ „דערוויייל" אָפּצושטעלן די אַרויסשיקונגען, האָט אויך געצוווּנגען די דייטשע מאַכט צו ענדערן די באַציאונג צום געטאָ, וועמענס עקזיסטענץ איז פאַרלענגערט געוואָרן נאָך אויף אַ געוויסע צייט.

אין געטאָ זענען דעמלס אַריינגעקומען גרעסערע טראַנספּאָרטן פון קאַרטאָפל. גערטלער, וואָס האָט באַקומען די דעה איבער דער אַפּראָוויזאַציע, האָט פאַראָרדנט, מ'זאָל די קאַרטאָפל נישט מאַגאַזינירן, נאָר תיכף צעטיילן. זיינע זאָגנדער־פּאַליציאַנטן האָבן די גערטלער־„ישועה" צעטרומייטערט איבערן געטאָ און זיין נאָמען אַלס „רעטער" איז געוואַקסן. [404]

פאַרשטענדלעך, אַז דער פאַרטרויאונגס־מאַן האָט אַלץ געטאָן אין הסכם מיט זיינע דייטשע באַפעלסגעבער. דאָס ווערט קלאָר פון עם „לאַגערבאַריכט אַן דען אינספּעקטאָר דער זיכערהייטספּאָליציי אונד דער ס.ד."., וואָס דער „געטאָ־קאָמיסאַריאַט" האָט צוגעשיקט דעם 26־טן אָקטאָבער 1942. אין דעם „לאַגער־בעריכט" ווערט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דעם מאַגאַזינירן אָדער תיכף פאַרטיילן די קאַרטאָפל, וואָס זענען אָנגעקומען אין געטאָ. אונטער פונקט A מיט דער איבערשריפט — „שטימונג דער געטאָבעוואָהנער" זאָגט זיך:

„די שטימונג פון די געטאָ־איינוווינער האָט זיך, אויב עס האַנדלט זיך וועגן דער דערנערונגס־פראַגע, באַדייטנד געבעסערט. דער צופיר פון שפּייז איז באַפרידיקט. צולים די דערפאַרונגען, האָבן די פאַרטיילונגס־שטעלן [פון שפּייז] אַרויסגעגעבן די קאָנסומענטן, אויף אַ צייט־אָפּשניט פון 6 חדשים, קאַרטאָפל

און אַנדערע ערדפּרוכטן, וועלכע קאָנען לייכט פאַרדאַרבן ווערן. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל אין געטאָ פעלן לאַגער־ערטער, ווו ערד־פּרוכטן זאָלן קאָנען אויפ־געהאַלטן ווערן און זיין געשיצט פון פאַרדאַרבונג. דער אופן פון פאַרטיילן די ערדפּרוכטן האָט פון איין זייט דערגרייכט זיין צוועק. פון דער אַנדערער זייט דאַקעגן איז נישט פאַראַן קיין גענוגענדע קאָנטראָל איבער דעם פאַרברויך פון דער שפּייז. אַזוי, אַז דער רעזערוו וועט פריער ווי עס איז פאַרגעזען, פאַרצערט ווערן און שפּעטער וועט זיך פילן אַ שטאַרקער דוחק אין ערדפּרוכטן". [405]

פון דעם דאָזיקן „לאַגערבאַריכט" ווערט קלאָר, אַז גערטלערס אויפטו פון נישט מאַגאַזינירן נאָר פאַרטיילן די קאַרטאָפל, וואָס האָבן געדאַרפט בילדן אַ רעזערוו אויף 6 חדשים, איז באַהאַנדלט געוואָרן אין געשטאַפּאָ. די פאַרטיילונג איז נישט געשטערט געוואָרן, ווייל די זיכערהייטס־פּאָליציי אין ליטצמאַנשטאַדט איז קודם כל געווען פאַראינטערעסירט אין באַרואיקן די געטאָ־באַפעלקערונג, נאָך דער שפּערע־אויסראָטונג, און אין פּחד פאַר אַן אויפברויז, וואָס וואָלט געשטערט די ווייטערדיקע יידן־פאַרטיליקונגס־פּלענער פון דער דייטשער מאַכט. אין אַ ווייטער־דיקן אָפּזאַץ פון דעם „לאַגערבעריכט" זאָגט זיך:

„די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך ווידער באַרואיקט נאָך דער לעצטנס פאַרגעקומענער דעפּאָרטאַציע פון אַלטע, שוואַכע יידן און קינדער אונטער 10 יאָר. אָבער ווי פריער איז ביי די יידן פאַראַן אַ געוויסע באַומרואיקונג איבער דעם, וואָס עס זענען נישטאָ קיין שום ידיעות פון די אַרויסגעשיקטע".

דער געשטאַפּאָ־באַריכט באַשטעטיקט אויך, אַז אין פיל פאַלן האָט זיך איינגעגעבן די יידן אויסצובאַהאַלטן זייערע קליינע קינדער און צו באַשיצן זיי קעגן דער דעפּאָרטאַציע. [406]

## ג. רומקאָווסקיס נצחון איבער גערטלערן

דער „קליקע", אָדער גערטלערן אַליין, האָט זיך נישט איינגעגעבן אַראָפּצו־זעצן רומקאָווסקין און אַפילו נישט צו פאַרקלענערן זיין אָנזען ביי דער דייטשער מאַכט. באַלד נאָך דער „שפּערע" האָט ביבאָוו ווייטער איינגעשטעלט זיין קאָרעס־פּאָנדענץ מיטן יודענעלטעסטען. אין אַ בריוו פון מיטן סעפּטעמבער 1942 האָט דער געטאָ־דיקטאַטאָר פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, ער זאָל געבן פאָרשלאָגן, ווי אַזוי אַריבערצופירן פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין צענטער פון געטאָ, „ווייל צוליב דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל איינוווינער, איז דאָס דערמאָנטע געביט (געטאָ־שטח) פיל צו גרויס און מוז לויט אָנווייזונגען פון אַלע מאַסגעביקע שטעלן אומבאַדינגט ווערן פאַרקלענערט — — — דאָס איז איצט אַן אומבאַדינגטע אויפ־גאַבע, וועלכע מוז אין אוממיטלבאַרע שייכות מיט דער עוואַקואַציע, תיכף דורכגעפירט ווערן".

אין אַ צווייטן בריוו פון זעלבן חודש האָט ביבאָוו פאַרלאַנגט פונעם יודענעלטעסטען ער זאָל צושטעלן אַלע מאַטעריאַלן וועגן די געטאָ־איינוווינער, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אין די לאַגערן. „אַלע עקזעמפּלאַרן פון קאָרעספּאָנדענץ און אָפּרעכענונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיטן שיקן יידן אין די לאַגערן דאַרפן זיין פאַרזען מיט דעם געהעריקן סטעמפּל פונעם יודענעלטעסטען און זיין צייכן".

די דאָזיקע ווענדונג פונעם געטאָ־דיקטאַטאָר צום יודענעלטעסטען האָט געהאַט אַ שייכות מיט איינמאָנען דורך דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" דעם אָפּצאָל פאַר שיקן יידן אויף אַרבעט („יודענלייהגעביהר") אין די לאַגערן. בעת דער דעפּאָרטאַציע אין די סעפּטעמבער־טעג איז, וואַרשיינלעך, געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט דער אָפּצאָל פאַר די יידן־שקלאַפן און נאָך דער בלוטיקער אויסראָטונג האָט דער פּראַקטישער סוחר פון ברעמען זיך צוריקגענומען צו זיינע עסקים.

דער דריטער בריוו פון ביבאָוון צו רומקאָווסקין, מיט דער דאַטע פון 7־טן אָקטאָבער 1942, איז אַ שטרענגע וואָרענונג, אַז דער יודענעלטעסטער זאָל זיך נישט אַליין מעכטיקן און פאַרעפנטלעכן באַקאַנטמאַכונגען מיט זיין נאָמען. „באַקאַנטמאַכונגען פאַרן געטאָ מוזן ערשט באַטראַכט ווערן דורך דער געטאָ־פאַרוואַלטונג" און באַקומען ביבאָווס אונטערשריפט און ער האָט צו אַנטשיידן צי אויך דער יודענעלטעסטער דאַרף זיך אונטערשרייבן. צום סוף פון בריוו באַטאָנט ביבאָוו, אַז דער באַשלוס וועגן די באַקאַנטמאַכונגען איז אין הסכם מיט דער מיינונג פון געשטאַפּאָ. 407

*

נאָך דער „שפּערע" איז דער יודענעלטעסטער אויך ווייטער געבליבן דער געטרייער אויספירער פון די באַפעלן פון די דייטשן. זיי האָבן אויך געוווסט, אַז קיין אַנדערער קאָן אים נישט פאַרטרעטן. אין הסכם מיט זיין איינשטעלונג האָט רומקאָווסקי נאָך אַלץ געגלויבט, אַז ער קאָן נאָך טאָן צו פאַרבעסערן דעם מצב, אַ באַוויז האָט ער געהאַט אין דעם, וואָס די דייטשע מאַכט האָט נישט דעפּאָרטירט קיין אַרבעטנדיקע און עס זענען אין אָקטאָבער חודש אָנגעקומען נייע באַשטעלונגען פאַר דעם היטן־רעסאָרט.

אין הסכם מיט דעם אָנזאָג אין דער רעדע פון 7־טן אָקטאָבער, האָט אויף דער פאַראָרדנונג פון רומקאָווסקין, דעם ערשטן נאָוועמבער 1942, אָנגעהויבן איר טעטיקייט די „פרויען־פּאָליציי" („פאד" „פרויען אָרדנונגס־דינסט"), אונטער דער אָנפירונג פון קאַרל באָנדי פון „טשעכישן טראַנספּאָרט", מיט דער אויפגאַבע צו האָבן די אויפזיכט איבער די קינדער, וואָס בלייבן הפקר, ווען די עלטערן גייען אַוועק צו דער אַרבעט. די פרויען־פּאָליציי, וואָס האָט אויך געדאַרפט נישט דערלאָזן, אַז קינדער זאָלן זיך פאַרנעמען מיט גאַסן־האַנדל, האָט זיך רעקרוטירט

פון אַבסאָלוועטנטינס פון דער געטאָ־גימנאַזיע אין אַ צאָל פון 70 מיידלעך. זיי האָבן אויך געהאָלפן די א. ד. פּאָליציי אין איר טעטיקייט.[408]

עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן וויפל קינדער אונטער 10־יעריקן עלטער זענען געוואָרן אָפּגעראַטעוועט פון דער „שפּערע"־אויסראָטונג. זייער צאָל האָט געדאַרפט זיין אַ באַדייטנדע, אויב מ'האָט געמוזט שאַפן אַ ספּעציעלע פּאָליציי־אָפּטיילונג, וואָס זאָל זיך מיט זיי פאַרנעמען, ווייל קינדער, עלטערע פון 10 יאָר, האָבן שוין געאַרבעט אין רעסאָרטן. עלטערן פון אָפּגעראַטעוועטע ייִנגערע קינדער האָבן געמאַכט באַמיונגען זיי איבערצושרייבן אין די מעלד־ביכער מיט אַ העכערן עלטער. מ'האָט געפעלשט געבורט־שיינען. פיל האָט אין דעם געהאָלפן די געוועזענע שול־אָפּטיילונג, וואָס האָט אין יענעם פעריאָד געפירט אַ טעטיקייט אַלס „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע", וועלכע האָט געדאַרפט די קינדער אַריינברענגען אין די פאַבריקן, וואַרשטאַטן און ביוראָען. „אין אַ געוויסער נאָכט האָט די געווו. שול־אָפּטיילונג אין געהיים איבערגעאַרבעט די דאָקומענטן פון די מינדעריעריקע קינדער און 7—8 יעריקע האָבן מיט אַמאָל באַקומען „קפיצת הדרך", אַריבערגע־שפּרונגען צו 2—3 יאָר און געוואָרן „פּוליעריק", ד.ה. אַריבער צען יאָר און באַקומען סמיכה אויף פולבאַרעכטיקטע אַרבעטער. אַזוי אַרום זענען נאָך 823 קינדער אַריבער פון שולבאַנק אין די אַרבעטס־שאָפּן און געוואָרן „פּראָדוקציע־מאַכער".[409]

ביי אַזאַ מצב איז דאָס געטאָ אַריין אין די פריערדיקע קאַרבן. די דייטשע מאַכט, באַזונדערס האַנס ביבאָוו מיט זיין „געטאָ־פאַרוואַלטונג"־אַפּאַראַט, זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן די רו אין יידישן וווין־שטח אין ליצמאַנ־שטאַדט, האָבן זיי זיך באַמיט צו זיין „פריינטלעך" צו די געטאָ־איינוווינער. ביבאָוו אין באַגלייטונג פון אהרן יאַקובאָוויטש, דעם אָנפירער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען, מיט זיין סעקרעטאַרין פריילין שיפלינגער, האָבן באַזוכט די רעסאָרטן. די אַרבעטער האָבן באַקומען ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונגען. אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן דייטשע אָפיצירן. אין זייער אָנוועזנהייט איז פאָרגעקומען אַ גענעראַל־פּרווו פון לופטשוץ־פאַרטיידיקונג. אין דעם גראַנגל צווישן ד. גערטלער און דעם יודענעלטעסטען איז איינגעטרעטן אַ געוויסע באַרואיקונג: רומקאָווסקי האָט נישט געשטערט די געשטאַפּאָ־אַגענטן גערטלער און מ. קליגער מיט זייער „זאָנדער" צו געוועלטיקן אין געוויסע אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונגען, ווו מען האָט געקאָנט טאָן „גוט־ברודערישע טובות" אייגענע מענטשן, און ער, דער יודענעל־טעסטער, איז ווייטער געבליבן דער „ראש" פון געטאָ. צו אַזאַ אויספיר קומען אין זייערע זכרונות טאַבאַקסבלאַט און י. פּאָזנאַנסקי.[410]

טראָץ דער איינגעשטעלטער רו אין געטאָ האָט די דייטשע מאַכט ווייטער אָנגעווענדעט דעם רוצחישן טעראָר. דער ווידערשטאַנד איז נישט געוואָרן ענד־גילטיק דערשטיקט. אין חודש אָקטאָבער 1942 האָט די קרימינאַל־פּאָליציי פון

ליטצמאַנשטאַדט ווידער באַריכטעט די זיכערהייטס־אָרגאַנען אין פּויזן וועגן 22 אַרעסטירטע יידן, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן צו „זאָנדערבעהאַנדלונג", וואָס האָט באַדייט אין דער געשטאַפּאָ־שפּראַך — דערשאָסן אָדער דעפּאָרטירט אין די גאַז־קאַמערן.[411]

נאָך דער „שפּערע" איז דערווייל געווען אָפּגעשטעלט די ווייטערע פֿאַר־טיליקונג פון די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. דאָס יאָר 1942 איז געווען דאָס גרויליקסטע פון לאָדזשער געטאָ. אַ חוץ די פּייניקונגען, וואָס די דייטשע מאַכט האָט געבראַכט אויף די איינוווינער, זענען אין יענעם יאָר אומגעקומען איבער 91,000 נפשות. 45,6 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

דער בילאַנס פון דעם יאָר שטעלט זיך פאָר: אין יאַנואַר 1942 איז געווען אין געטאָ 162,245 נפשות, געבורטן אין דעם יאָר — 448, שטערבלעכקייט — 18,046, אַריינגעקומען אין געטאָ — 15,529, פאַרלאָזן דאָס געטאָ — 73,035 (געשיקט אין כעלמנאָ). די ציפער איז שוין אין זיך כולל די 15,859 קינדער, קראַנקע און זקנים, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט בעת דער „„שפּערע". געבליבן אין סוף יאָר — 87,141 נפשות.[412]

די ציפער 15.529 פון דער רובריק „אַריינגעקומען אין געטאָ" שטעלט מיט זיך פאָר דעם בילאַנס פון די פאַרטיליקטע יידישע קהילות אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש: בזשעזשין, טורעק, זגערזש, זדונסקאַ וואָלאַ, פּאַביאַניץ, בעלכאַטאָוו, אָזאַרקאָוו א. אַנד. דאָס רוב יידישע איינוווינער פון די שטעטלעך זענען געוואָרן אויסגעמאָרדעט און דער רעשט יידן, מייַנסטנס בעל־מלאכות, זענען געבראַכט געוואָרן אין לאַדזשער געטאָ און פון דאָרט געשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ.

.22

# דייטשן פאַרענדיקן די ערשטע גרויסע ייִדן־אויסראָטונג־אַקציע אין לאָדזש און אומגעגנט

## א. באַלוינונג פאַר די באַטייליקטע אין מאָרדן און אין פאַרגאַזן ייִדן

ווי עס באַווייזן די איבערגעבליבענע דאָקומענטן פון די געשטאַפּאָ־ביוראָען אין ליטצמאַנשטאַדט (קאָרעספּאָנדענץ מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, באַריכטן, ווענדונגען, באַשטימונגען, אדג״ל), האָבן אַלע באַטייליקטע אין דער ייִדן־אויסראָטונגס־אַקציע אין לאָדזשער געטאָ, אין דער אומגעגנט און אין כעלמנאָ — באַקומען אַחוץ דעם נאָרמאַלן געהאַלט אויך ספּעציעלע באַלוינונגען פאַר זייער אַרבעט. די באַלוינטע זענען געווען: געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן און נידריקערע באַאַמטע, עס. עס.־לייט, מיטגלידער פון ביבאָווס געטאָ־פאַרוואַלטונג, ציווילע דייטשן און פּאָלאַקן, וואָס האָבן, ווי שאָפערן און פורמאַנעס, געפירט די ייִדן קיין כעלמנאָ אָדער געבראַכט פון דאָרט די מלבושים פון די פאַרפייניקטע. די דאָזיקע פאַרגיטיקונגען פאַר מאַסן־מאָרד־טעטיקייט האָט אין די דייטשע דאָקומענטן די באַצייכענונג — „צוזאַצגעפאַהרענצולאַגע" אָדער „זאָנדערצולאַגן". די רוצחים האָבן אויך באַקומען באַזונדערע צוטיילונגען פון שאַרפע געטראַנקען („ספּיריטואָזען") פון לאַנדסדער־נערונגס־אַמט אין פּויזן, פּאַפּיראָסן פון דאָרטיקן לאַנדווירטשאַפטס־אַמט און „וואַשמיטלען" פון שטאָטישן געזונדטהייטס־אַמט אין לאָדזש, באַשטעטיקט צום אַרויסגעבן דורכן שטאָט־מעדיצינאַלראָט.

אין אַלע ווענדונגען צו די דערמאָנטע אַמטן, ווי אויך צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, ווערט באַטאָנט, אַז עס האַנדלט זיך „פיר ביי איינער זאָנדעראַקציאָן בעשעפטיקטע". אין דער ווענדונג צו דעם לאַנדווירטשאַפטסאַמט אין פּויזן וועגן אַ זאָנדערצוטייל פון פּאַפּיראָסן, רעדט זיך קלאָר:

„אין גאַנג פון ענטיידישן דעם וואַרטעגאו, האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אין צוזאַמענאַרבעט מיט דער געהיימער שטאַטספּאָליציי באַקומען די אויפגאַבע דורכצופירן אַ זאָנדעראַקציאָן. פאַר איר דערלעדיגונג, וואָס דאַרף דויערן ביז סוף אָקטאָבער 1942, זענען אָנגעשטעלט 25 לייט פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, זיי זענען דורכשניטלעך באַשעפטיקט פון 14—16 שעה טעגלעך — — — דערפאַר בעט איך פאַר דעם דויער פון דער זאָנדער אַקציאָן צוצושיקן פאַר די באַטייליקטע אַ זאָנדערצוטיילונג פון 5000 פּאַפּיראָסן חודשלעך".

אונטערגעשריבן — „ביבאָוו". [413]

אין בריוו פון געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט צו דעם דאָרטיקן אָבער־בירגערמייסטער און צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" איז געוואָרן איבערגעשיקט אַ רשימה פון פּוילישע אַרבעטער, וואָס זענען פון 24־טן ביזן 30־טן יאַנואַר 1942 געווען באַשעפטיקט ביים „אײַנלאַגערן די געפּעק דער עוואַקואירטע יודען". די געשטאַפּאָ בעט, מ'זאָל די פּוילישע אַרבעטער אויסצאָלן זייער לוין.

אין אַ צווייטן דאָקומענט — אַ ווענדונג פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" צו דער געשטאַפּאָ פון 25־סטן פעברואַר 1942, וואָס פאַרופט זיך אויף אַ טעלעפאָנישן שמועס „צווישן הערן רעגירונגסראַט וועיגאַנד מיט דעם אָנפירער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" — הערן האַנס ביבאָוו", ווערט פאַרלאַנגט אויסצאָלן „געפּאַהרענצולאַגע" אין דער הויך פון 4,800 ר"מ — 5 באַאַמטע פון געשטאַפּאָ, צווישן זיי אויך דעם קאָמיסאַר פוקס, וואָס מ'איז זיי געבליבן שולדיק נאָך פונעם ערשטן נאָוועמבער 1940. די ווענדונג ווייזט אויך אָן די קוועלע, פון וואַנען דאָס געלט דאַרף גענומען ווערן. נעמלעך — פון קאָנפיסקירטע „יודענווערטען".[414]

ווי עס איז צו זען פון דעם לעצטן דאָקומענט, איז די „געפּאַהרענצולאַגע" פאַר די רוצחים געצאָלט געוואָרן זינט אַנטשטיין פון געטאָ. וואָס מער די אויסראָטונג האָט זיך אויסגעברייטערט, אַלץ גרעסער זענען געוואָרן די אויסצאָלונגען פון דער „געפּאַהרענצולאַגע".

אין חודש יוני 1942, ווען די דייטשע מאַכט האָט געהאַט פאַרענדיקט דעם ערשטן עטאַפּ פון דער גרויסער אויסראָטונגס־אַקציע אין לאָדזשער געטאָ און אין וואַרטעגאו, האָבן זיך געמערט די ווענדונגען וועגן אויסצאָלן „די געפּאַהרענ־צולאַגע פיר די ביי דער זאָנדעראַקציאָן אײַנגעזעצטען". די ווענדונגען און קאָרעס־פּאָנדענץ אין דעם ענין, פאַרזען מיט דער צושריפט — „שטרענג פערטראַוליך" זענען באַהאַנדלט געוואָרן דורך אַלע אינסטאַנצן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאָדזש. שטרענג פאַרטרוילעך האָט ביבאָוו געפירט די קאָרעספּאָנדענץ וועגן אַזעלכע אויסצאָלונגען מיט אַ ריי ציווילע אינסטאַנצן ווי: מיטן אָבער־בירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט, אַמט פאַר פערסאָנאַלע ענינים, בוכהאַלטעריע, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען אַ פרוי פינק, מיט געשטאַפּאָ אאנ"ד.

ווי אין אַ נאָרמאַלער לוין־ליסטע, האָבן די דייטשע באַאַמטע גענוי פאַרשריבן די צאָל אַרבעטס־טעג פון די רוצחים, וועלכע האָבן אין חודש יולי 1942 דערגרייכט ביז 491 טעג, פאַר וועלכע עס איז אויסגעצאָלט געוואָרן צוזאַמען — 5,118,56 ר"מ. בעת דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים איז געשטיגן די צאָל פון די „אָנגעשטעלטע און אַרבייטער, באַשעפטיקטע ביי די זאָנדעראַקציאָנען" און עס זענען פאַרגרעסערט געוואָרן די אויסגעצאָלטע סומען פאַר דער „געפּאַהרענ־צולאַגע". דעם 15־טן אָקטאָבער 1942 זענען פאַר 1216 אַרבעטסטעג געוואָרן אויסגעצאָלט 9,728 ר"מ. די „אַרבייטער און אָנגעשטעלטע" זענען געווען באַשעפּ־טיקט פון 1־טן יולי ביזן 15־טן סעפּטעמבער 1942. די סומען אויף אויסצאָלונגען,



3

— 157

An die
Geheime Staatspolizei
z. Hd. Herrn Regierungsrat
W e y g a n d
L i t z m a n n s t a d t

027/1/B/R 23. 2. 1942.

Betr.: Gefahrenzulage für die im Getto tätigen Stapo-Beamten.

Bezug: Telefonat vom 19. 2. 1942 zwischen Herrn Regierungsrat Weygand und dem Leiter der Gettoverwaltung, Herrn Biebow.

Die im Getto tätigen Beamten der Kriminalpolizei beziehen seit November 1940 Gefahrenzulage, und zwar pro Kopf und Tag RM 2.- = RM 60.- im Monat. Die gleiche Sondervergütung wird auch an die Angestellten der Gettoverwaltung gezahlt, die unmittelbar mit Juden in Berührung kommen. Die Vergütung stützt sich im wesentlichen auf die höheren Ausgaben für Waschmittel, gesteigerten Verbrauch an Textilien, jedoch besonders ist die Gefahr von Infektionskrankheiten eingeschlossen. Zum Zuge kommt demnach eine Nachzahlung ab 1. 11. 1940 für fünf Beamte der Stapo, und zwar:

Herrn Kommissar Fuchs,
" Richter,
" Stromberg,
" Kryszon,
" Karell.

Dies ergibt eine Gesamtsumme von RM 4 800.-, also pro Person RM 960.-.

Wie ich höre, scheidet Herr Karell ab 1. 3. 1942 aus der Abteilung von Herrn Kommissar Fuchs aus, an seine Stelle tritt Herr Schmidt.

- 2 -

ווענדונג צו געשטאַפּאָ וועגן אויסצאָלן די „געפאַהרענצולאַגען" פאַר די באַאַמטע, וואָס קומען אוממיטלבאַר אין באַרירונג מיט יידן. אין לעצטן זאַץ פון דער ווענדונג זאָגט זיך: „די געלדער ווערן גענומען פון קאָנפיסקירטען יודענווערטען".

Die Gesamtsumme von RM 3oo.- im Monat ändert sich ab
1. 3. 1942 auf RM 36o.-, da Herr Walden sicherlich durch die
Großevakuierung aus dem Getto in beträchtlichem Maße für
den Außendienst eingespannt werden dürfte. Die Gelder werden aufgebracht aus beschlagnahmten Judenwerten und auch
entsprechend in meiner Dienststelle verbucht.

Der Empfang vorstehenden
Betrages wird bescheinigt.
L. stadt 25. 2. 42

אין דער הויף פון 6 רייכסמאַרק טעגלעך, זענען גענומען געוואָרן פון דער „באַנק־קאָנטאָ 12,300". דאָס איז געווען די קאָנטאָ פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אויף וועלכער דייטשע אונטערנעמער, וואָס האָבן אין די לאַגערן באַשעפטיקט יידן פון לאָדזש און אומגעגנט, האָבן געצאָלט דעם „יודענלייהגעביהר". פון די דאָזיקע הכנסות, פון ידישער שקלאַפן־אַרבעט, האָט מען געצאָלט די רוצחים און תליינים, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין אויסמאָרדן יידן.

די לוין־ליסטעס מיט אויסצאָלונגען פאַר דער באַטייליקונג „אין דער זאָנדעראַקציאָן" זענען אויך געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1943 און ווייטער ,כמעט ביזן סוף יאָר. דעמלט האָט די דייטשע מאַכט געפירט די יידן־אויסראָטונג בעיקר אין די לאַגערן, וועלכע האָבן פאַרענדיקט די אַרבעטן, באַשטעלטע דורך דייטשע פירמעס און די געפייניקטע יידן זענען אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן.[415]

## ב. געראַנגל צווישן די דייטשע מאַכט־סעקטאָרן אַרום דער חלוקה פונעם פאַרמעגן פון די אויסגעמאָרדעטע יידן

אין אָנהויב פון דער ערשטער גרויסער אויסראָטונגס־אַקציע פון לאָדזשער יידן, נאָך אין מערץ 1942, האָט דער רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן נאָך די אויסגעמאָרדעטע הונדערטער טויזנטער יידן אין וואַרטעגאו — זאָל נישט בלייבן „הפקר". לויט זיין פאַראָרדנונג פון 23־סטן מערץ האָט דאָס פאַרמעגן פון די דעפּאָרטירטע יידן — „געלט, דעוויזן, סחורות, הויז־חפצים" געדאַרפט אַריבערגעפירט ווערן אין דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אין ליטצמאַנשטאַדט, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפן גרייזערן. ער האָט דעריבער געקאָנט אומגעשטערט טיילן זיך מיט ביבאָוון מיט דעם אָנגערויבטן ידישן פאַרמעגן, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין די מאַגאַזינען פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס האָט באַוויגן גרייזערן, ער זאָל שפּעטער, אין 1943/44, זיך איינשטעלן ביי הימלערן נישט צו פאַרוואַנדלען דאָס לאָדזשער געטאָ אין אַן אַרבעטס־לאַגער, נאָר עס זאָל בלייבן ווי אַ געטאָ, אונטער דער אָנפירונג פון גרייזערס און ביבאָווס פאַרוואַלטונג.

אויפן סמך פון גרייזערס פאַראָרדנונג פון מערץ 1942, האָט ביבאָוו זיך געוואָנדן מיט אַ צירקולאַר צו די מוניציפּאַליטעטן און מאַכט־אָרגאַנען אין וואַר־טעגאו, אַז זיי מוזן תיכף נאָך דער דעפּאָרטאַציע פון די יידן, פאַרזיכערן זייערע פאַרמעגנס, וועלכע דאַרפן איבערגעגעבן ווערן דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". ביבאָוו האָט איינגעשטעלט פאָלגנדיקן סדר, ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך טיילן מיט דעם יידן־פאַרמעגן: „ דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" דאַרפן איבערגעגעבן ווערן — אַלערליי מאַשינען און וואַרשטאַטן־איינריכטונגען, דייטשע מאַרקן, אויסלענדישע וואַלוטע, גאָלדענע און זילבערנע מטבעות, איידלשטיינער, טעקסטילן, לעדער און רוישטאָפן;

מעבל, בעטן, כלערליי וווינונגס־איינריכטונגען און שפּייז — דאַרפן פאַרקויפט ווערן דורך אַ ליציטאַציע און דער ריינער ריווח מוז איבערגעשיקט ווערן אין דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". [416]

אין זיין צירקולאַר האָט ביבאָוו פאַרבאָטן די אָרטיקע מאַכט אין די שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן צו נעמען ביי די אַרויסגעשיקטע ייִדן אַן אָפּצאָל פאַר „רייזע־הוצאות" (דעפּאָרטירן אין כעלמנאָ), אָדער איינמאָנען חובות, וואָס עס קומט פון זיי, ווייל דאָס געלט, וואָס ייִדן האָבן מיט זיך „געהער אויסשליסלעך דעם אָנפירער פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ — לאַנגע.* די חובות־פּרעטענזיעס, וואָס מ'האָט צו די אַרויסגעשיקטע ייִדן, דאַרפן געווענדעט ווערן צו דער געטאָ־פאַר־וואַלטונג, וועלכע וועט נאָכפאָרשן די ענינים און זיי רעגולירן". [417]

ביבאָווס צירקולאַר וועגן פאַרזיכערן פאַר דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" די פאַרמעגנס נאָך די אַרויסגעשיקטע ייִדן, האָט ווייניק וואָס געווירקט אויף די דייטשע מאַכט־האָבער — ציווילע, פּאָליציייאישע און מיליטערישע. יעדער פון זיי האָט זיך באַמיט אַריינצוכאַפּן וואָס מער. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק באַגנבעט, פאַרקלאָגט זיך אין געריכטן. די פּראָצעסן זענען פאַרווישט געוואָרן.

אַזאַ פּראָצעס, פאַרפירט דורך דער ליטצמאַנשטאַדטער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" קעגן דעם בירגערמייסטער פון וויעלון איז פאָרגעקומען אין קאַלישער „זאָנדער־געריכט". דער בירגערמייסטער איז אָנגעקלאָגט געוואָרן, אַז „ער האָט נישט געהאַנדלט געוויסנהאַפט ביים פאַרקויפן יודענאייגענטום". די זאַכן (עס ווערן דערמאָנט פעלצן) זענען צו ביליקע פּרייזן פאַרקויפט געוואָרן צו אייגענע מענטשן. דערויף האָט דער בירגערמייסטער געענטפערט, אַז זיין פאַרטרעטער, ה' ווינקעל האָט געהאַנדלט לויטן בעסטן וויסן און געוויסן: „די פעלצן פון ייִדן זענען פאַרטיילט געוואָרן ווי מתנות פאַר דייטשן, וואָס זענען אַוועק אין ווערמאַכט. דעריבער דאַרף מען דעם ענין באַהאַנדלען פון ריין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט און צו נעמען אין אַכט, אַז דאָס גאַנצע פאַרברעכן האָט שוין אין קליינעם שטעטל גענוג שטויב אויפגעווירבלט".

דער בירגערמייסטער פון וויעלון האָט געבעטן די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" צו נעמען די „איינגעלייזטע סומע" געלט און נישט פאַרלאַנגען אָפּצוגעבן די פּאַפּיראָסן, וואָס זענען אָפּגענומען געוואָרן ביי ייִדן, „ווייל — האָט געשריבן דער בירגערמייסטער — מיט די פּאַפּיראָסן וויל איך פאַרשאַפן מיינע מיטאַרבעטער אַ קליינע פרייד. זיי וועלן האָבן אַ געלעגנהייט מיטצוגעבן פּאַפּיראָסן־פּאַקונגען פאַר די קאַמעראַדן אויפן פראָנט, וואָס שרייבן: שיקט אונדז עפּעס צום רויכערן".

* לאַנגע איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ" אין כעלמנאָ, וואָס האָט דורכגעפירט די אויסראָטונג. זיין אויפגאַבע איז געווען אויפצוזאַמלען ווערט־זאַכן און געלט, וואָס זענען געפונען געוואָרן ביי די פאַרפייניקטע ייִדן.

דער סכסוך צווישן דער לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג און וויעלונער ביר־גערמייסטער איז פאַרענדיקט געוואָרן מיטן אורטייל פון „זאָנדערגעריכט" אין קאַליש, וואָס האָט אין זיין פסק דין פעסטגעשטעלט: „ה׳ ווינקעל, דער שטעל־פאַרטרעטער פון וויעלונער בירגערמייסטער האָט אומבאַרעכטיקט פאַרקויפט זאַכן וואָס שטאַמען פון יידן. לויט דער באַשטימונג פונעם רייכסשטאַטהאַלטער, האָט נאָר די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" דאָס רעכט אויף יידיש פאַרמעגן". [418]

*

נאָך דער ליקווידאַציע פון פּאַביאַניצער געטאָ איז דאָרט געבליבן אַ יודענ־לאַגער אונטער דער אויפזיכט פון זייפערט — ביבאָווס פאַרטרויאונגס־מענטש. ער האָט געדאַרפט אויפזאַמלען דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן פון די יידן, געשיקטע אין כעלמנאָ און צושטעלן עס דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". די פּאַביאַניצער דייטשן, באַזונדערס די דאָרטיקע באַאַמטע, האָבן אַליין געוואָלט געניסן פון יידנגוטס און נישט טיילן זיך מיט זייפערטן, האָט ער אין אַ בריוו צו ריבבע, ביבאָווס שטעלפאַר־טרעטער, זיך געקלאָגט, אַז מ׳שטערט אים, זייפערטן, אַרויסצופירן דאָס יידישע פאַרמעגן און דערביי איבערגעגעבן פאָלגנדעס: אַ ייד האָט מיטגעטיילט, אַז די יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין דער שיך־פאַבריק פון קאַרל קלאָזע, האָבן דאָרט באַהאַלטן ווערטזאַכן און געלט. זייפערט האָט רעווידירט דאָס אָרט און אָפּגענומען די באַהאַלטענע זאַכן. עס האָבן נאָר דאָרט געפעלט 3000 רייכסמאַרק וואָס קלאָזע האָט צוגענומען. ביבאָווס שטעלפאַרטרעטער האָט געדראָט מיט אַרעסטירן דעם דייטשן אייגנטימער פון דער שיך־פאַבריק און יענער האָט, לסוף, צוגעזאָגט אָפּצוגעבן דאָס געלט.

זייפערט האָט אויך באַשולדיקט זיינע „קאַמעראַדען — קעהלער און אוגוסט — אַז זיי שטערן אין אויפזאַמלען דאָס פאַרמעגן פון יידן. קעהלער, וואַרשיינלעך אַ פאַרטרעטער פון דער פּאַביאַניצער שטאָטפאַרוואַלטונג, האָט נישט צוגעלאָזט זייפערטס מענטשן צום „אויסליידיקן די יידישע וווינונגען, ווו עס איז פאַראַן אַ סך שפּייז און עס פעלט שוין אַ גרויסער טייל פון האַנטווערק־מכשירים, מיט וועלכע די יידן האָבן געאַרבעט" — האָט זייפערט געשריבן אין זיין אָנקלאָג. [419]

אין אַ בריוו פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" צו דער געשטאַפּאָ ווערט אָנגעוויזן, אַז פון אַ טראַנספּאָרט לעדער און שוכוואַרג זענען אַוועקגעקומען — 350 פּאָר שטיוול מיט הויכע כאָלעוועס, אַ גרויסע צאָל לעדער און שיך. די רעשט אין דעם טראַנספּאָרט איז צעפּוילט. דער בריוו קלערט אויף, אַז דאָס לעדער איז נישט פון פּוילישן באַזיץ, נאָר האָט געהערט צו די יידן, וואָס זענען „עוואַקואירט" געוואָרן און דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן נאָך די יידן, דאַרף, לויט דער פאַר־אָרדנונג, פון רייכסשטאַטהאַלטער, געהערן צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", „וועלכע טראָגט אויס אַלע קאָסטן פון דעפּאָרטירן די יידן און די פינאַנסירונג פון די

זאַנדערקאָמאַנדאָס[420], וואָס האָבן אויסגעפירט די פאַרניכטונג פון די יידן אין כעלמנאָ.

טראָץ דעם, וואָס די דייטשע שותפים צום רויב פונעם פאַרמעגן פון אויס־געמאָרדעטע יידן האָבן זיך קעגנזייטיק באַגנבעט און אָפּגענאַרט, איז דאָך זייערע „פירער" געלונגען אַריינצוברענגען אַ געוויסן סדר און „געזעצלעכקייט" אין דער פאַרטיילונג פונעם יידישן פאַרמעגן. גאָלדענע און זילבערנע חפצים, צירונג און מאַשינען, בעיקר שניידער־מאַשינען, זענען טיילווייז געשיקט געוואָרן צו דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", שטוב־חפצים זענען אויפן אָרט פאַרקויפט געוואָרן דער דייטשער באַפעלקערונג פאַר נישטיקע פרייזן: מאַטראַצן־בעטן — 1,50 מ"ק, אַ קישן — 50 פעניק, אַ קויש גענוצטע וועש — 10 מ"ק. אין דער אָפּרעכענונג איבער דער אויפלעזונג פון געטאָ אין פּיאַנטעק (לאָדזשער ראַיאָן), אויפגעשטעלט דורך דעם דייטשן ראַיאָן־קאָמיסאַר, פיגורירן 30 דייטשע נעמען פון פּערזאָנען, וואָס האָבן אָפּגעקויפט דאָס איבערגעבליבענע יידישע פאַרמעגן פאַר דער סומע פון 5,442 ר"מ. אין די אָפּגעקויפטע זאַכן איז פאַראַן פון אַ קלאַוויר ביז אַן עמער צום וואַשן זיך. דער קרייז־קאָמיסאַר האָט אַראָפּגערעכנט פון דער סומע 889 ר"מ אויסגאַבן אויף פאָלגנדע צוועקן: וואַשן די יידישע וועש, דעזינפעקציע, וואַנצן־דעזינפעקציע, מאַגאַזינירונג און איבערפירן די זאַכן. נאָכן אַראָפּרעכענען די אויסגאַבן איז די רעשט געלט איבערגעשיקט געוואָרן אויף דער קאָנטאָ פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אין ליטצמאַנשטאַדט.

## ג. פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן אין דייטשלאַנד געוועזן הויפּט־אָפּנעמער פון זאַכן פון די אויסגעמאָרדעטע יידן

די הויפּט־אָפּנעמער פונעם פאַרמעגן פון די אויסגעמאָרדעטע יידן זענען געוועזן: די פירער און די מיטגלידער פון דער „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער דויטשער אַרבייטספּאַרטיי", פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן אין דייטשלאַנד, די דייטשע באַאַמטע אין דער אָקופּאַציע־אַדמיניסטראַציע און דייטשע איבערוואַנדערער פון די באַלטישע לענדער אין לאָדזשער ראַיאָן.[421]

מיט דעם פאַרענדיקן די אויסראָטונגס־אַקציע פון די איבער 300,000 יידן אין וואַרטעגאַו, האָט די דייטשע מאַכט אויפגעשטעלט מאַגאַזינען און לאַגערן, אין וועלכע עס איז אָפּגעלייגט געוואָרן די איבערגעבליבענע שטוב־זאַכן, מלבושים און וועש פון די אויסגעמאָרדעטע און אין כעלמנאָ פאַרגאַזטע יידן. די הויפּטלאַגערן און מאַגאַזינען זענען געוועזן אין פּאַביאַניץ. אין לאָדזשער געטאָ איז געוועזן די גרויסע וועשערייַ, וואָס האָט גערייניקט די פאַרבלוטיקטע און פאַרשמוצטע מלבושים. אין דאָרטיקע ספּעציעלע שניידער־וואַרשטאַטן זענען אויך מלבושים איבערגעאַרבעט געוואָרן. אַלע מאַגאַזינען, וועשערייַ און רעפּעראַציע־וואַרשטאַטן האָבן געהערט

צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ אונטער דער אָנפירונג פון האַנס ביבאָוו. צו אים און צו דעם אָבערבירגעמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט זענען געשיקט געוואָרן אַלע ווענדונגען וועגן „פּאַרקויפן״ אָדער געבן זאַכן פון יידנגוטס. אויף דעם באָדן איז געפירט געוואָרן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן די דייטשע אָקופּאַציע־אַמטן אין לאָדזשער ראַיאָן און דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״.

אין אַ בריוו־וועקסל פון חודש יולי 1942 ווערט געבראַכט די אָפּרעכנונג, וואָס דער אַמט פאַר פאָלקס־אונטערשטיצונג ביי דער נ.ס.ד.א.פּ. האָט צוגעשיקט צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַדט. אין דער דאָזיקער אָפּרעכנונג קלאָגט זיך דער אַמט, אַז ער קאָן נישט אָפּנעמען אַ טייל פון די מאַטראַצן־בעטן, ווייל זיי זענען נאָך פאַרוואַנצט. נאָר 4 קוישן גענוצטע וועש קאָנען דערהאַלטן ווערן. דאָס דייטשע מיליטערישע רעזערוו־שפּיטאָל אין שעראַדז האָט פאַרלאַנגט מ׳זאָל צושיקן 200 קאָמפּלעטן בעטוועש און 200 פּראָטע־האַנטעכער.[422]

דעם 12־טן אויגוסט 1942, האָט דער אַמט פאַר סאָציאַלער הילף ביי דער נ.ס.ד. א. פּ.־אָנפירונג אין פּויזן זיך געוואָנדן צו דעם אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט און צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ וועגן צושטעלן 3000 אַנצעגער און 1000 פרויען־קליידער, ווי אויך לייב־און בעט־וועש. די זאַכן — זאָגט זיך אין דער ווענדונג — זענען נויטיק פאַר די משפּחות פון דייטשע איבערוואַנדערער. אין שייכות מיט דער „טראַנזאַקציע״ האָט זיך איינגעשטעלט אַ פּילזאַגנדע גע־שעפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ און אָפּרעכנונג צווישן דער אָנפירונג פון דער נ.ס.ד.א.פּ. אין פּויזן מיט דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, יודענעלטעסטען פון געטאָ ליטצמאַנ־שטאַדט און דייטשע געזעלשאַפטן פאַר סאָציאַלער הילף.

נאָכדעם ווי ביבאָוו האָט דערהאַלטן די ווענדונג פון דער פּויזנער אָנפירונג פון דער נ.ס.ד.א.פּ., האָט ער איבערגעגעבן ליכטערהאַנדן — מיטגליד פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, ער זאָל ענטפערן קיין פּויזן, אַז עס מוז אַביסל דויערן מיט צושטעלן די 3000 אַנצעגער און 1000 פרויען־קליידער, וועלכע זענען אין דער אַרבעט. ליכטערהאַנד האָט אויך געדאַרפט קאָנטראָלירן צי דער „עלטעסטער דער יודען״ האָט באַקומען דעם סכום מלבושים, וואָס דאַרפן איבערגעאַרבעט און גערייניקט ווערן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. וואַרשיינלעך, נאָך בעת דער „שפּערע״ האָט רומקאָווסקי באַקומען אָט די באַשטעלונג, ווייל שוין 10 טעג נאָך דער „שפּערע״, דעם 23־טן סעפּטעמבער 1942, האָט דער יודענעלטעסטער שוין געהאַט צוגעגרייט די באַשטעלטע אַנצעגער און פרויען־קליידער.

לויט דעם אויסגעשטעלטן „ליפערשיין״ זענען די אַנצעגער און קליידער פון פאַרפּייניקטע יידישע מענער און פרויען געפּאַקט געוואָרן אין באַלנס — אויף דעם אופן — „500 האָזען, 500 וועסטען, 500 רעקע״, פאַרזען מיט אָרדנונגס־נומערן, זענען די 17 „באַלנס״, ווי „טייללליפערונג״, אַריינגעטראָגן געוואָרן אין לאַגערבוך פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אונטערן לויף־נומער 162, דעם 23־טן

סעפטעמבער 1942. דעם זעלבן טאָג איז אַוועק אַ צווייטער טראַנספּאָרט מיט 500 אַרבעטס־אַנצעגער, 500 פרויען־קליידער, ווייטער באַזונדערע געפעק פון „האַזען און וועסטען"[423].

דעם 7־טן אָקטאָבער 1942 האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אַרויסגעשיקט קיין פויזן פאָלגנדן בריוו:

„צו דער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער דויטשער אַרבעטספּאַרטיי, גאַו־לייטונג וואַרטעלאַנד,

פויזן.

ווילמערשטראַסע 48/49.

Ei/Bi 027/15/Mey/L 7.10.42

בעטריפפט יודענקליידונג.

אַ טייל־ליפערונג פון 1,500 אַנצעגער, פאַרפּאַקט אין 51 באַלנס, קאָן תיכף אָפּגענומען ווערן אין אונדזער לאַגער אויף דער הערמאַן גערינג גאַס נומער 99 [אין לאָדזש], נאָך דעם, ווי דער אַמט פאַר קאָנטראָלירן פרייזן, וועט אַרויסטראָגן זיין מיינונג, וועט דער פרייז פאַר אַ שטיק זיין 5 ר"מ. ביי דער גאַנצער אָפּליפערונג פון דער באַשטעלונג וועט צוגעשטעלט ווערן אַ רעכנונג".

אונטערשריפט: נישט לעזבאַר.

דעם 28־טן נאָוועמבער 1942 איז אַזאַ רעכענונג אָפּגעשיקט געוואָרן אין פויזן. דער חשבון האָט די איבערשריפט —

„דער אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט געטאָ־פאַרוואַלטונג".

„צו דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער דויטשער אַרבייטספּאַרטיי, גאַו וואַרטהעלאַנד, אַמט פאַר פאָלקסווילטעטיקייט" אאז"וו.

דער „רעכנונג, נומ. 05100" איז אויף דעם

ליפערשיין נומ' 7898

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 3000 | שט. אַנצעגער | א 5 | — | 15000 | ר"מ |
| 1000 | שט. קליידער | א 2 | — | 2000 | ר"מ |

ליפערשיין נומ' 7909

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 5000 | ק"ג וועש | א 4 | — | 20,000 | ר"מ". |

צום סוף פון דעם דאָזיקן חשבון ווערט געשעפטלעך צוגעגעבן:

„רעקלאַמאַציעס קענען גענומען ווערן אין אַכט נאָר אין משך פון 8 טעג נאָכן דערהאַלטן די סחורה".[424]

רעקלאַמאַציעס אויף דער אָפּגעשיקטער „סחורה" זענען טאַקע אָנגעקומען צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אין ליטצמאַנשטאַדט, אָבער נישט אין משך פון 8

טעג נאָכן דערהאַלטן די סחורה, נאָר ערשט אינמיטן יאַנואַר 1943, רעקלאַמירט האָט „די ווינטערהילפסווערק דעס דויטשען פאָלקעס״.

אין אַ לאַנגן בריוו „צום הערן אָבערבירגערמייסטער פון דער שטאָט ליטצמאַנשטאַדט, און צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ — קלאָגט זיך דער „גאַובע־אויפטראַגטער״ פאַר דעם „ווינטערהילפסווערק פון דעם דייטשן פאָלק״ אויף דעם, וואָס „דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 1,500 אַנצעגער אַנטשפּרעכט נישט אין קיין שום פאַל די וועבשטאָפן, געזעענע אין כעלמנאָ, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג״. ווייטער ווערן אין דעם בריוו געבראַכט פאָלגנדע טענות: עס זענען נישט געשיקט געוואָרן קיין „קאָמפּלעטע אַנצעגער״, נאָר „צוזאַמענגעשטעלטע איינצלשטיקער״. „ אַ גרויסער טייל פון די באַקליידונגס־שטיק זענען שטאַרק באַפלעקט און טיילווייז אויך באַדעקט מיט שמוץ און בלוט־פלעקן״. „פון 200 מלבושים, וואָס זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין קרייזאַמט פון פויזן, זענען פון 51 נישט באַזייטיקט געוואָרן די „יודענשטערנע״ (מגן דוד). אין דעם קרייזלאַגער אַרבעטן צום גרעסטן טייל פוילישע אַרבעטער, איז פאַראַן אַ סכנה, אַז די איבערוואַנדערער, וואָס דאַרפן געניסן פון דעם ווינטערהילפס־ווערק, וועלן זיך דערוויסן פון וואַנען די זאַכן קומען״ — זאָגט זיך אין דעם בריוו פון דער אָנפירונג פון „ווינטערהילפס־ווערק פון דייטשן פאָלק״ און עס ווערט געפאָדערט פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג צוריקצונעמען דעם גאַנצן טראַנספּאָרט פון די 1,500 אַנצעגער און 1,000 פרויענקליידער, כדי זיי צו רייניקן און קאָמ־פּלעטירן. [425]

די קאָרעספּאָנדענץ וועגן די פאַרבלוטיקטע אַנצעגער פון די דערמאָרדעטע יידן, וואָס האָט זיך געפירט צווישן — „ווינטער־הילף פון דייטשן פאָלק״, „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ און אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט, האָט אָנגעהאַלטן ביז מיטן אַפּריל 1943. די „ווינטערהילף״ האָט נישט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון דער באַשטעלונג און געפאָדערט פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג דורכצופירן אַ נייע רייניקונג און צו באַזייטיקן די בלוטפלעקן פון די אַנצעגער. דערויף האָבן די אָנפירער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג געענטפערט:

„די פאַראַנענע פלעקן לאָזן זיך נישט באַזייטיקן, ווייל זיי זענען נישט קיין בלוט נאָר ראָסט־פלעקן, אַנטשטאַנענע צוליב דעם לאַנגן ליגן אין פייכט־קייט אין כעלמנאָ״. לסוף האָט די „ווינטערהילף״ פון דייטשן פאָלק״ מסכים געווען אָנצונעמען די אַנצעגער מיט די בלוט־פלעקן און די פרויען־קליידער, אָבער נאָר מיט דעם באַדינג, אַז „די פאַרהאַנדענען יודענשטערנע זאָלן רעסטלאָז ענט־פערנט ווערדען״. [426]

אַזוי אַרום האָבן די דייטשן פון דריטן רייך מיט זייערע פירער, אָבערביר־גערמייסטערס און פילאַנטראָפּן פאַרענדיקט דעם מסחר מיט די פאַרבלוטיקטע מלבושים פון די הונדערטער טויזנטער יידן, דערשאָסענע, דערשטיקטע אין די

גאַז־אויטאָס פון כעלמנאָ. אַ חוץ דעם הויפּט־מסחר האָט ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אויך געפירט אַ דעטייל־האַנדל מיט ווערטזאַכן פון „יידנגוטס". אַמטס־קאָמיסאַרן, באַאַמטע אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, דייטשע פּאָליציאַנטן — האָבן זיך געוואַנדן צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג וועגן פאַרקויפן זיי מלבושים און ווערטזאַכן. אַן אויפגעשטעלטע רשימה פון זאַכן, וואָס דאַרפן פאַרקויפט ווערן די פּאָליציי־רעזערוויסטן אין פּאַביאַניץ הייבט זיך אָן מיט האַנט־זייגערלעך פאַר מענער און פרויען און ענדיקט זיך מיט שוכוואַרג פאַר דאַמען, הערן, יינגלעך און מיידלעך.

דער דאָזיקער בלוטיקער מסחר האָט אַרומגענומען ברייטע שיכטן פון דער דייטשער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע מערב־געביטן פון פּוילן און אין דריטן רייך. די דערמאָנטע טראַנזאַקציעס האָבן געמוזט דורכגיין אַ ריי דייטשע אַמטן — בוכהאַלטעריעס, באַנק־געשעפטן, אָנפירער און מיטגלידער פון צדקה־געזעלשאַפטן און דאַן דער ברייטער עולם, וואָס האָט גענאָסן פון דער „ווינטערהילף פון דייטשן פאָלק". דער „סחורה"־לאַגער אין כעלמנאָ איז דורך ליכטערהאַנד — איינער פון די אָנפירער פון ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג" — אָפּגעשאַצט געוואָרן אויף „370 וואַגאָנען קליידונגס־שטיקער, צו וועמענס אַרויספיר עס זענען נויטיק געווען 900 לאַסט־אויטאָס מיט צוטשעפּענישן".[427]

א חוץ אין כעלמנאָ, זענען לאַגערן מיט איבערגעבליבענע זאַכן פון אויסגעמאָרדעטע יידן געווען: אין לאָדזשער געטאָ, אין פּאַביאַניץ, זדונסקאַ וואָלאַ און אַנ"ד ערטער. אין די מלבושים־לאַגערן האָבן געאַרבעט נאָר יידן, וועלכע מ'האָט ספּעציעל איבערגעלאָזט, ווייל פאָלאַקן האָט די דייטשע מאַכט מורא געהאַט צו באַשעפטיקן, זיי זאָלן נישט אַרויסברענגען צו דער עפנטלעכקייט די „געהיימע רייכסזאַכע", פון וואַנען עס שטאַמען די מלבושים־לאַגערן. דער שרעקלעכער סוד האָט אָבער שוין נישט געקאָנט בלייבן פאַרבאָרגן. וועגן דער פאַרניכטונג פון יידן אין כעלמנאָ האָבן גערעדט צווישן זיך די „קאַמעראַדען" פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, די באַאַמטע און די באַפעלקערונג אין לאָדזש. וויליאַם קאָפּפע, גענעראַל פון „וואַפן־עס. עס." און אָנפירער פון דער פּאָליציי אין וואַרטעגאו האָט גערעדט מיט דעם לאָדזשער פּאָליציי־פּרעזידענט — ד"ר אַלבערט וועגן „די זאַכן" וואָס קומען פאָר אין כעלמנאָ. ד"ר אַלבערט האָט באַפוילן קאָפּפע צו שווייגן. דערויף האָט דער גענעראַל פון „וואַפן עס. עס." געענטפערט: „די שפּאַטצען אין די נעסטן פייפן שוין וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין כעלמנאָ".[428]

## ד. דייטשע מאַכט פייערלעך פאַרענדיקט די יידן־אויסראָטונג־טעטיקייט אין כעלמנאָ

מיט דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים אין לאָדזשער געטאָ, האָט די דייטשע מאַכט דערווייל אָפּגעשלאָסן די יידן־פאַרטיליקונגס־אַקציע אין די

מערב־געביטן פון פוילן, וועלכע האָבן דורך די אָקופּאַנטן באַקומען דעם נאָמען וואַרטעגאו. פון די 400,000 יידן, וועלכע האָבן באַוווינט די שטעט און שטעטלעך אויף יענעם שטח, וואָס האָט אַרומגענומען 43,905 קוו. קילאָמעטער, זענען געבליבן נאָר קליינע רעשטלעך אין לאַגערן, און „קאַשאַרירטע" אין די גרעסערע שטאָטישע ישובים אויף אויפצוראַמען די געוועזענע געטאָס, אויסגעליידיקטע פון יידן. אין די הארבסט־חדשים: אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער, זענען אויך די לעצטע יידן פון די לאַגערן אין די שטעטלעך ליקווידירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט. אַ טייל זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די ערטער. דער גרעסטער רוב איז אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין כעלמנאָ און גאָר אַ קליינע צאָל אַרבעטס־פעיקע זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.

די באַפעלקערונגס־באַוועגונג אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט האָט אין די האַרבסט־חדשים 1942 אַזוי אויסגעזען:

| חודש | באַפעלקערונגס־צאָל | געבורטן | שטאַרב־לעכקייט | אַריינ־געבראַכט | אַרויס־געשיקט | מצב סוף חודש |
|---|---|---|---|---|---|---|
| סעפּט. | 105,487 | 32 | 1073 | 285 | 15,859 | 88,972 |
| אָקטאָב. | 88,972 | 21 | 783 | 65 | 22 | 88,253 |
| נאָוו. | 88,253 | 11 | 689 | 81 | 94 | 87,562 |
| דעצ. | 87,562 | 12 | 496 | 64 | 1 | 87,171 |

די אַריינגעבראַכטע אין געטאָ זענען געווען די דערמאָנטע רעשטלעך פון די ליקווידירטע יידישע ישובים אין לאָדזשער ראַיאָן. סוף יאָר 1942 זענען אין לאָדזשער געטאָ געווען איבער 87 טויזנט נפשות, פון זיי האָבן געאַרבעט אין 96 אונטערנעמונגען — 78,946 פערזאָן: 87,08 פּראָצענט פון דער געטאָ־באַפעל־קערונג.[429] די 87 טויזנט יידן האָט די דייטשע מאַכט דערווייל געלאָזט לעבן, אָבער דער גזר דין אויף זיי איז שוין געווען צוגעגרייט אין אייכמאַנס־אָפּטיילונג 4 B IV אין „רייכסזיכערהייטסהאופּטאַמט" אין בערלין. עס איז געגאַנגען נאָר אין באַזייטיקן די שוועריקייטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויפט צוליב דעם ברייטן פאַרנעם פון דער יידן־אויסראָטונגס־אַקציע, וואָס די דייטשע מאַכט האָט געפירט, נישט בלויז אין פוילן, נאָר אויך אין די אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן — ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע און צענטראַל־רוסלאַנד ווי אויך אין די פאַרנומענע לענדער פון מערב־אייראָפּע.

די פאַרטיליקונג פון הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטס־כוחות, די אויסראָטונג פון איבער 300,000 יידן פון וואַרשעווער געטאָ — האָט אויך געטראָפן דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט. דעם 15־טן אָקטאָבער 1942, האָט דער וואַר־

שעווער גובערנאַטאָר פישער, שטרענג געהיים, באַריכטעט צו דער רעגירונג פון גענעראַל־גוווערנעמענט וועגן דער „עוואַקואַציע פון יידן פון וואַרשעווער דיס־טריקט", אין משך פון באַריכטס־פעריאָד, אויגוסט—סעפּטעמבער 1942:

„אַ חוץ קליינע איבערגעבליבענע טיילן... איז דאָס געטאָ אין תוך ליידיק... ס'איז אין דער רגע נאָך נישט מעגלעך צו זאָגן, וואָס וועלן זיין די עקאָנאָמישע רעזולטאַטן פון דעם, וואָס די באַפעלקערונג פון וואַרשע איז געמינערט געוואָרן אויף פיר הונדערט טויזנט מענטשן [?]. די אָנגעצויגענע באַשפּייז־סיטואַציע [וועט] ווערן גרינגער — — — פון דער אַנדערער זייט פעלן איצט אויס אַ הונדערט טויזנט אַרבעטער... ווייטער טאָר מען נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז אַ סך אונטער־נעמונגען האָבן געליטן קאַלאָסאַלע היזקות — — — די דאָזיקע עקאָנאָמישע פאַרלוסטן מוז מען אָבער מקבל באהבה זיין, וואָרום די פאַרטיליקונג פון די יידן פאָדערט זיך אומבאַדינגט צוליב פּאָליטישע טעמים". [430]

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געשטאַרקט די באַוואָפנטע ווידער־שטאַנדס־באַוועגונג קעגן די דייטשע פאַרטיליקער געפירט פון רוסן און יידן. דורך די פּאַרטיזאַנער־מחנות אין די וועלדער. ביי אַזאַ מצב איז די דייטשע מאַכט געווען געצוווּנגען צו פאַרפאַמעלעכן איר יידן־אויסראָטונגס־טעמפּאָ. אין פּחד פאַר'ן ווידערשטאַנד פון די יידן, וואָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין לאָדזשער געטאָ בעת דער „שפּערע" — האָבן די אויסראָטונגס־סעקטאָרן געמוזט אָנווענדן די ווייטגייענדסטע פּערפידיע און פאַרזיכטס־מיטלען ביים דורכפירן די ווייטער־דיקע פאַרטיליקונג. צוליב דער דאָזיקער סיבה איז אויך צייטווייליק אָפּגעשטעלט געוואָרן די יידן־אויסראָטונג אין לאָדזש.

✶

כעלמנאָ, ווי אַ פאַרניכטונגס־לאַגער פאַר די 400,000 יידן פון וואַרטעגאו, האָט פאַרענדיקט די פאַרטיליקונגס־אַרבעט פון יענעם ראַיאָן. דער לאַגער איז שוין מער נישט געווען נויטיק, ווייל עס זענען שוין אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט מער מאָדערנע, טעכניש־בעסער איינגעאָרדנטע טויט־קאָמ־בינאַטן: אָשוויענטשים, מיידאַנעק, טרעבלינקע אאנ"ד. אין אָנהויב יאָר 1943 זענען שוין ווייניקער אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט יידן קיין כעלמנאָ.

אין פעברואַר 1943 איז באַטהמאַנס „זאָנדערקאָמאַנדאָ" צוגעטרעטן צו ליקווידירן דעם טויטן־לאַגער. דער שלאָס, דער אַזוי גערופענער פּאַלאַץ, איז אויפגעריסן געוואָרן. די מאַסן־קברים אין וואַלד זענען געוואָרן אויסגעגלייכט מיט דער ערד. דעם פינפטן מערץ 1943 איז פאַר דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ", וואָס האָט אין משך פון אַ יאָר מיט 2 חדשים (סוף דעצעמבער 1941 — אָנהויב מערץ

1943) פאַרפייניקט איבער 300,000 יידן * — איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „„קאָמעראַד־שאַפּט־אָוונט". די פייערלעכקייט איז פאָרגעקומען אין שטעטל קאָלאָ, אין דעם גאַסטהויז „ריגע". עס האָבן זיך באַטייליקט: שעף פון דער זאַנדערקאָמאַנדאָ אין כעלמנאָ, עס. עס.־האַופּטשטורמפירער — האַנס באָטהמאַן און די ספּעציעל געקומענע חשובֿע געסט: רייכסשטאַטהאַלטער פון וואַרטעגאַו, אָבערגרופּפּענפירער — אַרטור גרייזער, דער רעגירונגסראַט פון עס. עס. שטורמבאַננפיהרער, שעף פון געשטאַפּאָ אין לאָדזש און פּאַקטישער אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע אויסראָטונגס־אַקציעס ביז דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט — ד"ר אָטאָ בראַדפיש און די הויפּט־רוצחים, וואָס האָבן דורכגעפירט די מאַסן פאַרטיליקונג פון יידן.

עס איז געוואָרן באַריכטעט פון דער אָפּגעטאַנענער אַרבעט. גרייזער האָט געדאַנקט דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ פאַר איר טעטיקייט, וואָס איז געווען אַ „שווערער איינזאַץ". ער האָט צוגעזאָגט אַ באַזונדערן אורלויב יעדן באַטייליקטן אין דער אויסראָטונגס־אַרבעט און די יעניקע, וואָס האָבן נישט קיין היים, האָט גרייזער פאָרגעלייגט צו פאַרברענגען אין זיינע גיטער.[431]

דער רייכסשטאַטהאַלטער פון וואַרטעגאַו האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די „זאָנדערקאָמאַנדאָ" זאָל נישט בלייבן אָן אַרבעט. עס איז אַוועק אַ קאָרעספּאָנדענץ, מיט דער איבערשריפט „געהיים", צווישן אַרטור גרייזער, היינריך הימלער און קאַלטענברונער, דעם דעמלסדיקן שעף פון „הויפּטרייכסזיכערהייטס־אַמט", וועגן געפינען אַ פּאַסיקן אַרבעטס־פּלאַץ פאַר דער „זאָנדערקאָמאַנדאָ" פון כעלמנאָ, וואָס האָט שוין געהאַט דערפאַרונג אין מאַסן־אויסראָטונג. אויפן פאָרשלאַג פון אַרטור גרייזער זענען „די 85 מענער מיט עס. עס.־האַופּטשטורמפירער באָהטמאַן בראש, ווי אַן איינהייט, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין יוגאָסלאַוויע (קראָאַציע), וווּ טיטאָס פּאַרטיזאַנער האָבן געקעמפט קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און אָרטיקע פאַשיסטן. דאָרט האָט זיך די כעלמנאָער „זאָנדערקאָמאַנדאָ" אָנגעשלאָסן אין דער „פּרייוויליקער עס. עס.־דיוויזיע „פּרינץ אויגען"".

אין דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ איז אויך פאַראַן אַ בריוו, וואָס

---

* קיין גענויע סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל אומגעבראַכטע יידן אין כעלמנאָ איז נישט פאַראַנען. מ'דאַרף אָננעמען די צאָל אַרום 300,000 יידן. לויט די אָנגעגעבענע ציפערן פון די געשיכטע־פאָרשער פון דער אויסראָטונג: וואַשאַק, דאַנוטא דאָמבראָווסקאַ, י. טרונק און א"ד, האָבן אויפן שטח פונעם אַזוי גערופענעם וואַרטעגאו ביז דער מלחמה געלעבט 400,000 יידן. פון זיי זענען אין אָנהויב יאָר 1943 געווען נאָך אין לאָדזשער געטאָ 87,000 יידן. ד. ה. אַז ביז יענער צייט האָבן די דייטשן אומגעבראַכט 317,000 יידן. אָבער נישט אַלע זענען אומגעקומען אין כעלמנאָ. זייער פיל זענען דערשאָסן געוואָרן אויף די ערטער אָדער אויסגעשטאָרבן, אַזוי, אַז מ'דאַרף אָננעמען די ציפער פון 300,000 יידן, פאַרפייניקטע אין כעלמנאָער טויטן־לאַגער.

גרייזער האָט געשריבן צו הימלערן צו פאַרפליכטן „די 85 מענער", זיי זאָלן נישט לאָזן פאַלן קיין וואָרט וועגן זייער אַרבעט אין כעלמנאָ. „איבער דער צייט פון זייער „זאָנדערקאָמאַנדאָ", זאָלן זיי מאַכן אַ שטריך און וועגן דעם אַפילו נישט אָנדייטן". ד״ר אַדאָלף בראַנדט, דער אָנפירער פון הימלערס שטאַב, האָט וועגן דעם ענין אויך געשריבן צו קאַלטענברונערן און אָנגעוויזן, אַז די „זאָנדערקאָמאַנדאָ" דאַרף צוזאַמענגענומען ווערן און מ'זאָל איר פאַרפליכטן צו שווייגן וועגן דער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן אין כעלמנאָ.[432]

.23

# דאָס יאָר 1943 אין לאָדזשער געטאָ

### א. די ווירקונג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

דאָס יאָר 1943 האָט זיך אָנגעהויבן מיט די פאַרביסענע מלחמה־שלאַכטן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי ביי סטאַלינגראַד, וואָס האָט זיך דעם 31־טן יאַנואַר 1944 פאַרענדיקט מיט דער גרויסער מפלה פון דער דייטשער 6־טער אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פון פאַולוס. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער צוריקגאַנג פון די דייטשע מיליטערישע כוחות.[433] אין דער זעלבער צייט האָבן די פּאַרטיזאַנער־מחנות אין די וועלדער, אין רוקן פון די דייטשע פּאַרטיליקער, אויסגעברייטערט די קאַמפּס־טעטיקייט. יידן פון געטאָס און לאַגערן זענען פון דער אויסראָטונג געלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער, אַליין געשאַפן אַזעלכע אָפּטיילונגען און מיט געווער געקעמפט קעגן דייטשן מיליטער.[433א]

אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך געגרייט דער יידישער אויפשטאַנד, וואָס האָט שוין אין יאַנואַר געוויזן דער דייטשער מיליטערישער און עס.־עס.־מאַכט, אַז יידן קאָנען אויך שיסן. דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון די יידן האָט שרעקלעך דערצאָרנט די דייטשע מאַכט און אין הסכם מיט די באַפעלן פון היטלערן און הימלערן זענען די אָקופּאַנטן צוגעטראָטן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון די לעצטע הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס האָבן נאָך געלעבט אין געטאָס און לאַגערן אין צענטראַל־פּוילן („גענעראַל־גווערנעמענט").

אין די מערב־שטחים פון פּוילן, אין אַזוי גערופענעם וואַרטעגאַו, איז פאַר דער דייטשער מאַכט שוין מער נישט געווען קיין יידן־פּראָבלעם. אין גאַנצן שטח פון וואַרטעגאַו זענען געבליבן נאָר 87,000 יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וועלכע זענען געווען פאַריגלט און אָפּגעטיילט פון דער אויסערלעכער וועלט. די דייטשע מאַכט איז געווען זיכער, אַז ווען עס וועט קומען דער פּאַסיקער מאָמענט, וועלן די יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אַרויסגעפירט ווערן אָן שום שטערונגען. דערווייל האָט די דייטשע מאַכט זיך געניטיקט אין אַן „אָטעם־פּויזע" נאָך די דעפּאָרטאַציעס פון קראַנקע, קינדער און זקנים, וואָס האָט געבראַכט צו אַ סטיכישן ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער. כדי צו קאָנען דורכפירן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, האָבן די פּאַרטיליקער געמוזט צוטראַכטן נייע פערפידע מיטלען צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס־כוונות. איינע פון די מיטלען איז אויך געווען דאָס צושטעלן מער באַשפּייזונג פאַרן געטאָ, וואָס די דייטשע מאַכט

האָט פּראַקטיצירט נאָך אַ דעפּאָרטאַציע, אויב עס איז נאָך געבליבן יידן צום אַרויסשיקן, אין פאַרגרעסערן די צאָל פון שפּייז־פּראָדוקטן, האָט די באַפעלקערונג געזען באַוויזן, אַז עס גייט צום בעסערן.

דורך די זאָנדער־פּאָליציאַנטן איז אין געטאָ פאַרשפּרייט געוואָרן די ווערסיע, אַז דאָס אַלץ האָט מען צו פאַרדאַנקען גערטלערן. און ווירקלעך האָט ער דורך דער געשטאַפּאָ באַקומען ברייטע מעגלעכקייט פון „טאָן טובות" די געפּייניקטע געטאָ־יידן. דורך גערטלערן האָבן זיינע פריינט געקאָנט באַקומען מעדיקאַמענטן, וואָס זענען לחלוטין נישט געווען אין געטאָ. עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן די ווערסיע, אַז גערטלערס זאָנדער־פּאָליציי האָט קאָנפיסקירט מעדיקאַמענטן ביי שמוגלערס און פאַרקויפט זיי ביליק דער געטאָ־באַפעלקערונג.[434] די דאָזיקע „טובות" פון געשטאַפּאָ־אַגענט און זיין „זאָנדער" האָבן אַן אַנאַלאָגיע אין ענלעכע מעשים פון די געשטאַפּאָ־אַגענטן פון 13־טל אין וואַרשעווער געטאָ.[435]

מיט אַזעלכע מיטלען האָט זיך דער אָקופּאַציע־מאַכט איינגעגעבן צו באַרו־איקן די אומגליקלעכע איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ און אָפּצווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די אָנקומענדע סכנות.

די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ וואָלט וואַרשיינלעך זייער גיך געקומען, ווייל אַזוי איז געווען דער פאַרלאַג פון אַרטור גרייזער — „אָפּרייניקן זיין שטאַט־האַלטעריי, וואַרטעגאַו, פון יידן". אָבער די געשעענישן אין „גענעראַל גוווערנע־מענט", דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ דעם 18־טן יאַנואַר 1943, וואָס האָט געגעבן דעם אָנהויב צום שפּעטערדיקן אַפּריל־אויפ־שטאַנד,[436] די ווייטערדיקע באַוואָפנטע קאַמפן פון די יידן קעגן די דייטשן אין ווילנע, ביאַליסטאָק און אין אַ ריי שטעטלעך — האָט פאַרלענגערט דאָס לעבן פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ אויף נאָך אַ יאָר מיט עטלעכע חדשים.

אזוי איז די לאָגיק פון יעדער מלחמה־סטראַטעגיע: די העלדישקייט פון איין קאַמף־גרופּע ראַטעוועט אָפּטמאָל דאָס לעבן פון אַנדערע באַדראָטע אָפּטיי־לונגען. דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, ווי אַ פאַראייַנצלטע דערשיינונג איז נישט געווען בכוח אָפּצוראַטעווען די לאָדזשער יידן פון פולשטענדיקער אויס־ראָטונג, עס האָט אָבער געצוווּנגען דעם שונא זיך צו רעכענען מיט דער יידישער ווידערשטאַנדס־קראַפט און אָפּצוהאַלטן זיך דערווייל פון ווייטערדיקע אַנגריפן אויפן לאָדזשער געטאָ. וואָס איז נאָך דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד באַ־זונדערס בולט געקומען צום אויסדרוק.

אויבנאויף קאָן זיך דאַכטן, אַז צום פאַרלענגערטן לעבן פון לאָדזשער געטאָ האָבן געווירקט ספּעציעל ווירטשאַפטלעכע מאָטיוון: געטאָ ליטצמאַנשטאָדט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעזערוואַר פון אַרבעט־קרעפטן, באַשעפטיקטע אין פאַרשידענע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, וועמענס פּראָדוקציע איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע. אַזאַ מיינונג קאָן מען באַקומען, ווען

מ׳באַטראַכט די דייטשע טעטיקייט אין לאָדזשער געטאָ, ווי אַן אָפּגעריסענע פאַר־איינצלטע דערשיינונג, ווי עס ווערט געטאָן דורך געוויסע היסטאָריקער. אַ טיפערער אַנאַליז פון די פאַקטן און דאָקומענטן וועגן דער באַציונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט צו יידן, וואַרפט אַינגאַנצן אָפּ די דאָזיקע איינשטעלונג צום פאַרלענגערטן לעבן, וואָס די דייטשן האָבן געגעבן די לאָדזשער יידן.

פון אַלע ביז איצט פאַרעפנטלעכטע מאַטעריאַלן איז פולשטענדיק קלאָר, אַז דער דייטשער אויסראָטונגס־שגעון האָט כמעט נישט גענומען אין אַכט דעם ווירטשאַפטלעכן ווערט פון יידן. די דייטשן אין דער היטלער־צייט. האָבן אויסגע־מאָרדעט מאַסן יידן, ווען זייער ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג איז פאַר אַ „נאָרמאַלער״ מלחמה־פירונג געווען זייער גרויס און יידישע אַרבעט־כוחות געשיקט אין די גאַז־קאַמערן, ווען דער מאַנגל אין אַרבעט־הענט אין דייטשלאַנד איז געווען אויסער־געוויינלעך.

די סיבה פון דעם דאָזיקן מאָרד־משוגעת קעגן יידן וואַרט נאָך אויף זיין היסטאָרישער און פסיכאָ־פּאַטאַלאָגישער באַגרינדונג. דערווייל מוז מען פעסטשטעלן אַז די דייטשע יידן־מאָרד־פּאָליטיק איז געגאַנגען קעגן אַלע כללים פון לאָגיק און עקאָנאָמיק. דאָס אויסראָטן די יידן איז פאַרן דריטן רייך געווען אַ פּאָליטישער ענין, וועלכער איז געשטאַנען העכער איבער אַלע ווירטשאַפטלעכע מאָמענטן. צו אַזאַ אויספיר איז אויך געקומען דער מחבר פון דער פאָרשונגס־אַרבעט וועגן דער דייטשער ווירטשאַפט אין פוילן בעת דער מלחמה — וו. יאַסטשעמבאָווסקי.

אין זיין בוך „גאָספּאָדאַרקאַ ניעמיעצקאַ וו׳ פּאָלסצע 1939—1944״ האָט יאַסטזשעמבאָווסקי געשריבן: „יעדע ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט, ספּעציעל פּלאַ־נירונג, איז אין היטלער־דייטשלאַנד געווען אונטערגעוואָרפן פּאָליטישע צילן, און דאָס נישט בלויז אין פרינציפּעלע קאָנצעפּציעס, נאָר אין אַלע ענינים ביז לאָקאַלע פּראָבלעמען איינשליסלעך. אונטערן קוק־ווינקל פון דער פּאָליטיק, האָט זיך געדאַרפט אויסבילדן די ווירטשאַפטלעכע סטרוק־טור און די אַנטוויקלונגס־ריכט־ליניעס פון גאַנצע לענדער, שטעט און אַפילו דערפער. ווירטשאַפטלעכע צילן זענען אָפּגערוקט געוואָרן אויף אַ צווייטן פּלאַן. מ׳האָט זיי נישט אָנערקענט פאַר קיין ציל אַן און פאַר זיך, נאָר פאַר אַ מיטל צו רעאַליזירן פּאָליטישע צילן״.[437]

אויב די דייטשן האָבן געהאַט אַזאַ צוגאַנג צו ווירטשאַפטלעכע פראַגן, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות מיט פעלקער און לענדער, וואָס האָבן געדאַרפט להבא שפּילן אַ געוויסע עקאָנאָמישע ראָל אין באַנייטן נאָכמלחמהדיקן היטלערישן אייראָפּע, האָבן יידן, די פון פאָרויס פאַרמשפּטע צום טויט, זיכער נישט געקאָנט זיין קיין אויסנאַמען. די יידן זענען טאַקע נישט געווען קיין יוצא מן הכלל. אין די פּאָליטישע צילן פון היטלער־דייטשלאַנד איז געלעגן די אויסראָטונג פון יידן, האָט

מען זיך דעריבער מיט יידישע אַרבעט־כוחות און זייער ווירטשאַפטלעכן ווערט כמעט נישט גערעכנט.

אויך אַנדערע דאָקומענטן באַשטעטיקן די דאָזיקע טעזע, אַז ביי דער יידן־אויסראָטונג האָט די דייטשע מאַכט זיך לחלוטין נישט גערעכנט מיט דער ווירט־שאַפטלעכער באַדייטונג פון די יידישע אַרבעטס־כוחות. דאָס האָבן די דייטשן באַוויזן מיט זייער אַכזריותדיקער יידן־אויסראָטונג אויף די אָקופּירטע סאָוויעטישע שטחים. עס איז אַפילו אויף דעם באַדן דערגאַנגען צו אַ שטרייט צווישן די דייטשע פּאַרטיליקער און ווירטשאַפטלער, וואָס האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין אַ בריוו־אויסטויש צווישן די פאַרשידענע „פּירערס" פון די אָקופּירטע מזרח־געביטן. די אָנפירער פון די קריגס־ווירטשאַפטלעכע איינריכטונגען האָבן געפאָדערט נישט אויסצומאָרדן אַלע יידן, איבערלאָזן אַ טייל פון זיי, ווייניקסטנס אויף אַ קורצער צייט, וועלכע זענען נויטיק פאַר עקאָנאָמישע צוועקן. אויף דעם איז געקומען אַ תשובה פון ראָזענבערגס מיניסטעריום אין בערלין, מיט דער צושריפט: „געהיימער רייך־ענין".

„ענין: יידן־פראַגע.

צו אייער בריוו פון 15־טן נאָוועמבער 1941.

אין דער פראַגע איז וויזט אויס דורך דער צייט געשאַפן געוואָרן קלאָרקייט אין מינדלעכע קאָנפערענצן: ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן דאַרף מען פּרינציפּיעל נישט נעמען אין אַכט ביים רעגולירן דאָס פּראָבלעם. ווייטער בעט מען, אַז אויב ס'וועלן זיך שטעלן פראַגעס, זאָל מען דאָס רעגולירן מיט עס. עס. און פּאָליציי־פירער".

אויך אין די באַריכטן פון געבעלסעס אַגענטור איז פאַראַן פאָלגנדער פּאסוס:

„די עיקרדיקע פראַגע, צי ביים באַזייטיקן יידן זאָלן פּאָליטישע מאָטיוון מכריע זיין לגבי מאָטיוון פון מלחמה־עקאָנאָמיק, איז משמעות אין העכסטן אָמט באַשלאָסן געוואָרן לטובת דעם פּאָליטישן שטאַנדפּונקט [ד"ה אויסראָטן די יידן]. מען מוז שלום מאַכן מיט דער פאַרקלענערונג פון עקאָנאָמישער אויפטואיקייט פון דער געגנט, וואָס ווערט אָנגערירט [פון דער אַקציע] און וואָלט וועלן זאָגן פאָרויס, אַז אין גאַליציע וועלן זיך די ווירקונגען מסתמא לאָזן שטאַרק פילן". [438] די געבראַכטע אָנווייזונג איז געגעבן געוואָרן אין סוף אויגוסט 1942.

פון די דאָזיקע אַלע ציטירטע מאַטעריאַלן ווערט קלאָר, אַז קיין שום ווירט־שאַפטלעכע מאָמענטן האָבן נישט דעצידירט ביי דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין דער פראַגע פון אויסראָטן די יידן. דאָס באַשטעטיקט אויך יאַסטזשעמבאָווסקי. אין דעם דערמאָנטן בוך שילדערט ער די יידן־אויסראָטונג אין פּוילן בזה האופן:

„אַ ספּעציעלע באַדייטונג האָט געהאַט דאָס אויסמאָרדן אויף אַן אָרגאַני־זירטן אופן אַרום צוויי מיליאָן [?] פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס האָט

נישט געהאַט פאַר קיין ציל צו באַשטראָפן די מענטשן פאַר אַ טעטיקייט, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ פאַרברעכן. דאָס האָט אויך נישט געדאַרפט דינען, ווי אַ מיטל צו טעראָריזירן די, וואָס זענען געבליבן לעבן. דאָס זענען אויך נישט געווען קיין עקסצעסן, ווייל די אַקציע האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים [געמיינט די דעפּאָרטאַציע פון וואַרשעווער געטאָ — יולי—סעפּטעמבער] און איז אויסגעפירט געוואָרן מיט גאַנץ קאַלטער באַרעכנטקייט אין די ראַמען פון אַ פּלאַן, וואָס איז פון פריער באַאַרבעט געוואָרן און מיט דער הילף פון ספּעציעל צוגעגרייטע טעכ־נישע מיטלען. קיין ווירטשאַפטלעכע סיבות האָבן אין דעם פאַל נישט געווירקט".[439]

דאָס פאַרלענגערטע לעבן פון די יידן אין לאָדזשער געטאָ ביז סוף אויגוסט 1944 און דאָס „גוטע יאָר" 1943, איז בכן, געקומען אין רעזולטאַט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און פון די שפּעטערדיקע באַוואָפנטע ווידערשטאַנדן פון די יידן אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע, וואָס עס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די דייטשע פאַרטיליקער. זיי האָבן מורא געהאַט זיך צוצורירן צו דעם דעמלט גרעסטן געטאָ אין פּוילן — געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אין וועלכן עס האָבן געלעבט 87 טויזנט יידן.

דאָס הויפּט־פּראָבלעם פאַר דער דייטשער יידן־אויסראָטונג איז אין יאָר 1943 געווען: די גרויסע מאַסע יידן, וואָס האָט נאָך געלעבט צעשפּרייט אין די קלענערע געטאָס, אין אַרבעט־לאַגערן, אויסבאַהאַלטן אין דערפער און אין די וועלדער אין פּוילן און אין אַלע אָקופּירטע לענדער אין אייראָפּע, און באַזונדערס אין די ווינטער חדשים אין יענעם יאָר—די 40 טויזנט יידן אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָבן זיך געגרייט צום אויפשטאַנד.

## ב. יידן־אויסראָטונג אין „גענעראַל־גוווערנעמענט" און דאָס רואיקע לעבן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט

נאָך אין חודש יוני 1942, ווען אין וואַרטעגאַו האָט די דייטשע מאַכט נאָך נשט געהאַט פאַרענדיקט די יידן־אויסראָטונגס־אַקציע, איז אין קראָקע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון די דייטשע פּאָליציי־אָרגאַנען, פון מוניציפּאַליטעטן, וואָס האָבן באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער פאַרברייטערונג און דער ענדגילטיקער דורכפירונג פון דער יידן־פאַרניכטונגס־אַקציע אין גענעראַל גוווערנעמענט. עס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן באַריכטן פון דער יידן־אויסראָטונג אין לובלינער דיסטריקט, אין גאַליציע, וואַרשעווער דיסטריקט, ראַדאָם און אאַנ״ד. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די הויפּט־שוועריקייט אין דער „יודענאַקציאָן" איז דאָס פעלן פון צוגן צום אָפּטראַנספּאָרטירן די אַרויסגעפירטע פון די געטאָס. וועגן די ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן, ליקווידאַציע פון אונטערנעמונגען אדג״ל, וואָס

ווערן פאַראורזאַכט דורך די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס פון יידן, איז אויף דער קראָקעווער קאָנפערענץ נישט דערמאָנט געוואָרן.

דעם 19־טן יולי, 1942 האָט הימלער געשיקט אַ באַפעל צו קריגערן — גענעראַל פון וואַפן עס. עס. און פירער פון דער פּאָליציי אין גענעראַל־גובערנע־מענט, ער זאָל פעסטשטעלן אַן ענדגילטיקן טערמין פאַר דער פולשטענדיקער דעפּאָרטאַציע פון יידן פון ג. ג. לויט הימלערס פּראָיעקט האָט די דעפּאָרטאַציע געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן דעם 31־טן דעצעמבער 1942. נאָך דער דאָזיקער דאַטע האָבן יידן זיך מער נישט געדאַרפט געפינען אין די שטעט און שטעטלעך פון גענעראַל־גובערנעמענט. אין דעם דאָזיקן באַפעל פון הימלערן זענען שוין דערמאָנט געוואָרן ווירטשאַפטלעכע ענינים, אָבער נאָר בשייכות מיט דער ליקווידאַציע פון די אונטערנעמונגען, „וואָס באַשעפטיקן יידישע אַרבעטס־כוחות" און מוזן ביז דער דערמאָנטער דאַטע געשלאָסן ווערן. אין איין באַפעל האָט הימלער באַטאָנט, אַז די פאַרניכטונג פון יידן („דיעזע מאַסנאַהמען") איז נויטיק „אין אינטערעס פון דער זיכערקייט און זויבערקייט פון דייטשן רייך אין זיינע אינטערעסן־געביטן. יעדע דורכברעכונג פון אַזאַ רעגולירונג באַדייט אַ געפאַר פאַר דער רו און אָרדנונג אין די דייטשע אינטערעסן־געביטן (אָקופּירטע שטחים) און שאַפט אַ פונקט פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג".[440]

נאָך די דאָזיקע באַפעלן פון רייכספירער פון עס.עס., שעף פון דער דייטשער פּאָליציי און אינערן־מיניסטער און נאָכן אָפּשאַפן די „באַן־שפּערע" איז געקומען די גרויסע דעפּאָרטאַציע פון וואַרשעווער געטאָ אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון 22־סטן יולי ביז דעם 12־טן סעפּטעמבער 1942, ד. ה. אין דעם זעלבן טאָג, ווען עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אַרויספירן פון קראַנקע, קינדער און זקנים פון לאָדזשער געטאָ.[441]

דער דאָזיקער אָפּשטעל פון דער יידן־אויסראָטונג אין וואַרשע און אין לאָדזש אין איין טאָג, איז וואַרשיינלעך געקומען לויט אַ באַפעל פון דער אָנפירונג פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, כדי אַריינצוברענגען אַ ביסל אָרדנונג אין דעם כאַאָס, וואָס האָט זיך געשאַפן ביי דער פאַרטיליקונג פון איבער אַ מיליאָן יידן פון די צוויי גרויסע שטעט: וואַרשע, לאָדזש און זייערע ראַיאָנען, דורכגעפירט אין משך פון די פרילינג־און זומער־חדשים 1942. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט מיט אַלע אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן דעמלט שוין שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וואָס האָבן זיך פּאַקטיש שוין אָנגעהויבן אין פּוילן, פון די אַנטלאָפענע פון די געטאָאָס. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס דעם 28־סטן אָקטאָבער 1942 האָט דער גענעראַל פון וואַפן עס. עס. און פּאָליציי־שעף אין גענעראַל־גובערנעמענט — קריגער, אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדנונג וועגן אויפסניי אויפשטעלן עטלעכע געטאָאָס אין די ראַיאָנען פון וואַרשע און לובלין, „ווו עס וועלן זיך קאָנען איינאָרדנען די יידן אין ווייניבאַצירקן אונטער

פאַרוואַלטונג פון יודענראַטן". אַזאַ ענלעכע פאַראָרדנונג האָט קריגער אַרויסגע־געבן דעם 10־טן נאָוועמבער 1942 פאַר די דיסטריקטן: ראַדאָם, קראָקע און גאַליציע, מיט דער אויסרעכענונג פון אַ ריי ערטער, ווו יידן קאָנען זיך זאַמלען און אויפשטעלן אויפסניי געטאָס.[442]

געשטאַפּאָ־אַגענטן האָבן צווישן די געפייניקטע און אויסגעהונגערטע יידן, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די דערפער און וועלדער, פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די דייטשן בילדן „יודענשטעטע", ווו יידן וועלן קאָנען איבערלעבן די מלחמה. דער דאָזיקער כיטרער קאָמופלאַזש האָט זיך איינגעגעבן דער דייטשער מאַכט: יידן זענען געגאַנגען אין די נייע געטאָס. די קאָמוניקאַציע־שוועריקייט, דאָס פעלן פון צוגן, האָבן דערוייל געשטערט די ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס פון די יידן אין די טויטן־לאַגערן, פון וואָס היינריך הימלער איז געווען זייער שטאַרק באַאומרואיקט.

אין אַ בריוו פון 20־טן יאַנואַר 1943, געשריבן צום שטאַטס־סעקרעטאַר פון רייכספּאַרקער־מיניסטעריום — גאַנצמילער, בעט הימלער צו העלפן אים באַקומען צוגן אויף אַרויסצופירן די יידן פון גענעראַל־גוווערנעמענט, ביאַליסטאָק און פון די רוסישע געגנטן. „עס איז אומבאַדינגט נויטיק דער אָפּטראַנספּאָרט פון דער גאַנצער באַנדעןהעלפער און באַנדעןפערדעכטיקע *. צו זיי געהערן אויך אין דער ערשטער ליניע די יידן" — האָט הימלער געשריבן און געבעטן ביי זיין „קאַמעראַד": „דאָ דאַרף איך אייער הילף און אייער אונטערשטיצונג, כדי איך זאָל די זאַכן ראַש דערלעדיקן, מוז איך באַקומען מער טראַנספּאָרט־צוגן. איך ווייס גוט, ווי אָנגעשפּאַנט עס איז דער מצב אין באַנוועזן און וועלכע פאָדערונגען עס ווערן אייך כסדר געשטעלט, אָבער נישט געקוקט דערויף מוז איך צו אייך ווענדן מיין בקשה: העלפט מיר און פאַרשאַפט מיר צוגן".

אונטערשריפט —
הימלער.[443]

די אַלע געבראַכטע פאַקטן באַווייזן קלאָר, הלמאַי די דייטשע מאַכט האָט דעם 12־טן סעפּטעמבער 1942 אָפּגעשטעלט דאָס אַרויספירן די יידן פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ, הגם עס איז נאָך נישט געווען אויסגעפילט די באַשטימטע „קוואָטע" פון 20 טויזנט פערזאָן. עס איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג אויפן גאַנצן שטח פון דייטשן אויסראָטונגס־געביט.

צוליב די אויבן אָנגעוויזענע סיבות, האָט די דייטשע מאַכט געמוזט

---

* לויט אַ „ווונטש" פון רייכספירער פון עס. עס. און פּאָליציי (הימלער), אויסגע־דריקט דעם 30טן יולי 1942, האָט מען אין אָפיציעלע באַפעלן, באַריכטן אדג"ל נישט געדאַרפט באַנוצן דעם אויסדרוק פּאַרטיזאַנער, נאָר „רויבערבאַנדעס" "Faschismus„ — ז' 347, זאַמלונג פון דאָקומענטן אין דייטש — ייה"א.

אַנווענדן די וויטגייענדסטע פּערפידיע, כדי צו באַרואיקן די געפּלאָגטע און פאַרפּאָלגטע יידן. צו דעם צוועק האָט געדינט דאָס איינאָרדנען ,,יודענשטעטע", ,,נייע געטאָס" מיט ,,זעלבסטפערוואַלטונגען", ווו יידן וועלן קאָנען דורכלעבן די מלחמה. און אין גרעסטן געטאָ אין יענער צייט, געטאָ ליטצמאַנשטאָדט, זענען דורך דער דייטשער מאַכט איינגעשטעלט געוואָרן מער דערטרעגלעכע לעבנס־באַדינגונגען. די געשטאַפּאָ האָט אַרויסגערוקט אַ נייעם ,,מושל" אין געטאָ מיט אַ מחנה קלענערע ,,מושלים" — דוד גערטלער, מ. קליגער מיט זייער זאַנדער־פּאָליציי. זיי זענען געוואָרן די ,,בעלי־טובות", וואָס האָבן אַ ,,גוט אויג" אין די הויכע פענצטער און וועלן ברענגען ישועות פאַר די 87,000 געפּייניקטע יידן.[444]

*

וואָס מער די דייטשע מאַכט איז געוואָרן באַדראָט פון די צוגרייטונגען צום וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און פון די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן אויפן מזרח, אַלץ רואיקער איז געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. פון מיטן דעצעמבער 1942 און ווייטער זענען אין די אַפּראָוויזאַציע־פּונקטן נאָרמאַל אַרויסגעגעבן געוואָרן די שפּייז־צוטיילונגען, צום ערשט אויף 10 טעג דערנאָך אויף 2 וואָכן פאַרויס. אויף דער לעצטער דעקאַדע פון דעצעמבער איז געגעבן געוואָרן: אַ האַלבע קילאָ ראָזעווע מעל, 15 דעקא אַרבעס, 10 דעקא בוימל, 20 דעקא מאַרמעלאַדע, 20 דעקא זאַלץ, אַ האַלב שטיקל זייף, 1 דעקא סאָדע, 2 דעקא עסיק־זויער, 1 דעקא פּאַפּריקע און 35 דעקא צוקער (געשיטן), אַ העלפט וויסן און אַ העלפט געלן. דער שפּייז־צוטייל האָט געקאָסט 4,50 געטאָ־מאַרק. פאַר אַרבעטער אין די רעסאָרטן איז געווען אַ ספּעציעלער צוגאָב: 4 קילאָ קאַרטאָפל, 1 קילאָ זיסע בוראַקעס, 20 דעקא פלייש, 15 דעקא וווּרשט, פאַרן פּרייז פון 4.30 ג"מ. אויך די וויטערדיקע שפּייז־צוטיילונגען זענען געווען אין אַן ענלעכן צוזאַמענשטעל. אין יאַנואַר איז שוין געגעבן געוואָרן 20 דעקאָ פלייש אויף אַ פּערזאָן, ווי אויך אַ קלענערן צוטייל פון האָלץ און קוילן צו באַהייצן די שטובן.[445]

די שטימונג ביי די געטאָ־איינוווינער איז געווען אַ געדריקטע און רעזיג־נירטע. מ'האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם טראַגישן גורל. אויב נאָך פריערדיקע דעפּאָרטאַציעס האָט מען געהאָפט אויף עפּעס אַ בריוול פון די אַרויסגעשיקטע און די געשטאַפּאָ־אַגענטן האָבן נאָך געקאָנט פאַרשפּרייטן פאַרשידענע קלאַנגען וועגן גוטן לעבן אין לאַגערן, האָט נאָך דער ,,שפּערע" געהערשט אין געטאָ אַ פּיינלעך שווייגן איבער די דעפּאָרטירטע. עלטערן האָבן באַוויינט זייערע אַרויסגעשיקטע קינדער און ווייטער געגאַנגען אַרבעטן אין די רעסאָרטן, צו דער צייט אָפּגענומען די שפּייז־צוטיילונגען און געפּרוּווט זיך איינריידן: אפשר איז דאָס שוין די לעצטע דעפּאָרטאַציע, ווייל כמעט אַלע אין געטאָ, אַפילו קינדער אונטער צען יאָר, אַרבעטן דאָך און לויט רומקאָווסקיס פאַרזיכערונג, וועט מען דאָך קיין אַרבעטנדיקע נישט

אַרויסשיקן. דער דייטשער מאַכט איז ווידער געלונגען צו פאַרמאַסקירן די אויס־ראָטונגס־כוונות.

אין דער זעלבער צייט, ווען די אָקופּאַנטן האָבן איבער גאַנץ פּוילן דורכ־געפירט די ליקווידאַציע פון די קלענערע געטאָס און די יידן אָפּטראַנספּאָרטירט אין טרעבלינקע, מיידאַנעק און אָשוויענטשים, אין דערזעלבער צייט ווען הימלער האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל תיכף אַרויספירן די לעצטע 40 טויזנט יידן פון וואַרשעווער געטאָ — האָט די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט אַרויסגעוויזן אַ מילדע באַציאונג צו די 87 טויזנט יידן אין דאָרטיקן געטאָ.

אין די באַשריבענע חדשים האָבן אויסגעבראָכן שרפות אין די דייטשע אונטערנעמונגען אין געטאָ. איינע פון זיי—אין האַלץ־גאַלאַנטעריע־רעסאָרט. די יידן האָבן מיט גרויס פחד דערוואַרט נייע בלוטיקע אָפּרעכנונגען. אָבער עס איז אַדורך שטיל. מ'האָט אַרעסטירט עטלעכע מענטשן, נאָך אַן אויספאָרשונג זענען זיי באַפרייט געוואָרן, צעשלאָגענע, צעהרגעטע. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די דייטשע מאַכט אין געטאָ, האָט נישט בדעה צו צעבלאָזן די שרפות, וואָס זענען פאַקטיש אַרויסגערופן געוואָרן דורך צופאַלן.[446] אין קיים שום זכרונות אָדער גבית עדות ווערט נישט דערמאָנט, אַז עמעצער זאָל אין יענער צייט האָבן דורכגע־פירט סאַבאָטאַזש־אַקטן.

אָט די איינגעשטעלטע רו אין געטאָ איז נאָך געשטאַרקט געוואָרן דורך די „באַרואיקער". זיי האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין די צוויי טעג חגא — „גאָטס געבורט", וועט מען נישט אַרבעטן. אויף ניי־יאָר 1943 וועלן געטיילט ווערן ספּע־ציעלע שפּייז־צוגאָבן. קיין איבערייס אין דער אַרבעט איז נישט געווען, אָבער ניי־יאָר־מתנות האָט מען געטיילט. טראָץ דעם, וואָס גערטלער מיט זיין „זאָנדער" האָבן פאַרכאַפּט געוויסע אַפּראָוויזאַציע־פּונקטן, איז רומקאָווסקי ווייטער געבליבן דער „פאַקטישער מושל" אין געטאָ. פאַרשטייער פון די רעסאָרטן זענען געקומען צום יודנעלטעסטען מיט ניי־יאָר־ווונטשן. אויף זיין באַפעל זענען אין די רעסאָרטן צעטיילט געוואָרן אַן אָפּצאָל 12,500 צוגאָב־פּאָרציעס, וואָס זענען באַשטאַנען פון ½ קילאָ צוקער און אַ סכום מעל. עס איז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז אויך די אַרבעטער אין די אַנדערע רעסאָרטן וועלן באַקומען צוגאָב־באַשפּייזונג, וואָס עס איז טאַקע געגעבן געוואָרן אין אַ שפּעטערדיקן טערמין.[447]

## ג. די אויסראָטונג פון די לעצטע לאָדזשער יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן

אין דער זעלבער צייט ווען אין לאָדזשער געטאָ האָט זיך איינגעשטעלט אַ רעזיגנירטע רואיקייט און די דייטשע מאַכט האָט ליקווידירט די קלענערע געטאָס אין צענטראַל־פּוילן און געגרייט זיך צו דער ענדגילטיקער פאַרטיליקונג פונעם וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז פאַקטיש שוין געווען אין מצב פון אויפשטאַנד — איז אין די לאַגערן פון וואַרטעגאַו דורכגעפירט געוואָרן די ענדגילטיקע אויסראָ־טונג פון די לעצטע לאָדזשער יידן.[448]

נישט געקוקט דערויף, וואָס אין די לאַגערן האָבן די ייִדן אויסגעפירט, געצוווּנגענערהייט, זייער וויכטיקע אַרבעטן פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט, האָט די געשטאַפּאָ און עס. עס., אין יאָר 1943, גאַנץ אָפּט געמאַכט אַ „רוים" און אַרויסגעפירט הונדערטער, הונדערטער ייִדן אין די גאַז־קאַמערן. קראַנקע זענען נישט געוואָרן געהיילט, נאָר „איבערגעגעבן" דער געשטאַפּאָ. וועגן דעם האָבן די דייטשע פאַבריקאַנטן און אינדוסטריעלער באַריכטעט דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג": „דער געשטאַפּאָ איבערוויזען". די „אַסטדויטשע כעמישע ווער־קע", וואָס האָט געהאַט אירע אונטערנעמונגען אין אַ „יודענלאַגער" אין פּויזנער קאַנט, האָט אין אַ באַריכט מיטגעטיילט: „צוליב קראַנקייט זענען די ייִדן איבער־געגעבן געוואָרן דער געשטאַפּאָ".

וואָס ווייטער אין די חדשים 1943, זענען אַלץ מער אָנגעקומען אַזעלכע באַריכטן פון די לאַגערן צו דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג". די דייטשע פירמעס, וואָס האָבן אין די לאַגערן באַשעפטיקט ייִדן, האָבן דורך אַזעלכע באַריכטן באַפרייט זיך פון צאָלן דעם „יודענלייהגעביהר". דורך דעם זעלבן אופן פון איבערגעבן די ייִדישע אַרבעטס־כוחות דער געשטאַפּאָ, ד. ה. אין די גאַז־קאַמערן, זענען אין יאָר 1943 ליקווידירט געוואָרן אַ ריי לאַגערן. אין וועלכע עס זענען געווען באַשעפטיקט לאָדזשער ייִדן. עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן ווי גרויס איז געווען זייער צאָל, אָבער פון די פריערדיקע קאַפּיטלען איז באַקאַנט, אַז אין משך פון די פרילינג־ און זומער־חדשים 1942, זענען כסדר געגאַנגען טראַנספּאָרטן פון לאָדזשער געטאָ אין די פּויזנער לאַגערן. אָט די אַרויסגעשיקטע, פּונקט ווי די טראַנספּאָרטירטע אין די אַרבעטס־לאַגערן אין די יאָרן 1940/41, האָבן זיך מער נישט צוריקגעקערט אין געטאָ.[449] עס זענען געווען געציילטע פאַלן, ווען גרופּן אָדער יחידים זענען פון די לאַגערן צוריקגעשיקט געוואָרן אין ליטצמאַנשטאַדט אָבער נאָר „צו דער דיספּאָזיציע פון דער געשטאַפּאָ". די צוריקגעבראַכטע זענען נאָך אַן „אָפּרו" אין דער געטאָ־תפיסה געפירט געוואָרן אין אַן אויסראָטונגס־לאַגער.

אַזאַ פאַל איז אויך געווען סוף מערץ 1943. פון די פּויזנער לאַגערן האָט מען געבראַכט אין דער געטאָ־תפיסה אויף טשאַרנעצקי־גאַס 835 קראַנקע, צעפּיי־ניקטע ייִדן. זיי זענען געווען אין רשות פון געשטאַפּאָ, וועלכע האָט פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין, אַז מען זאָל די צאָל פאַרגרעסערן ביז 1000 און זיי אַרויסשיקן „אויף אַרבעט מחוצן געטאָ". עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש אויף מענטשן. אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַ מהומה, מ'האָט גערעדט וועגן נייע דעפּאָרטאַציעס. געענדיקט האָט עס זיך מיט 950 פּערזאָן, וועלכע זענען דעם 31־טן מערץ אָדער דעם ערשטן אַפּריל 1943 דעפּאָרטירט געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט זענען אין געטאָ ווייטער ווערבירט געוואָרן אַרבע־טער אין די פּויזנער לאַגערן, וואָס האָבן לויט רומקאָווסקיס אויפפאָדערונג זיך

געדאַרפט שטעלן פרייוויליק און ווערן פריווילעגירט פאַרן אַרויספאָרן, דורך בעסערער באַשפּייזונג. עס איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז די משפחות פון די אַרויס־געשיקטע וועלן באַקומען אונטערשטיצונג און דאָך האָט קיינער זיך נישט גע־מאָלדן פרייוויליק. אין די חדשים יאַנואַר—מערץ 1943 האָט די א.ד.־פּאָליציי און די „זאָנדער" כסדר געכאַפּט מענטשן, אין די נעכט באַפאַלן וווינונגען, אַרויסגע־נומען פון די בעטן און אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט. אין אַפּריל 1943, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט זיך אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אָפּגעשטעלט דאָס כאַפּן מענטשן צום אַרויסשיקן. 450

אין דער זעלבער צייט זענען כסדר קלענער געוואָרן די צאָל יידן אין די לאַגערן אין וואַרטעגאַו. סוף 1942 זענען לויט טרונקס אויסרעכענונגען נאָך געווען דאָרט אַרום 25,000 יידן. אין מערץ 1943, שוין נאָר 12,000, אַ פאַרקלענערונג אויף 40 פּראָצ. און ביז חודש יולי אין דערמאָנטן יאָר איז ווידער געפאַלן די ציפער אויף 6860. אין סוף יאָר 1943 זענען נאָך געווען אין די לאַגערן 3020 פּערזאָן. זיי זענען אין די ערשטע חדשים 1944 ליקווידירט געוואָרן. 451

אויף אַזאַ אופן האָט די דייטשע מאַכט אין איר יידן־אויסראָטונגס־שגעון פאַרניכטעט אויסגעקליבענע יידישע אַרבעטס־כוחות און אַבסאָלוט זיך נישט גע־רעכנט מיט זייער קאָלאָסאַלן אַרבעטס־ווערט פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט. דער דאָזיקער אויסראָטונגס־פּראָצעס איז פאָרגעקומען אויף אַלע שטחים פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן.

## ד. די „רעפאָרמען" אין אַרבעטס־סיסטעם אין די געטאָ־אונטערנעמונגען

דער פאַקטישער דיקטאַטאָר פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, — אַמטסלייטער האַנס ביבאָוו, וועלכער האָט קאָנטראָלירט די אויסראָטונג פון די הונדערטער טויזנטער יידן אין כעלמנאָ, האָט אָן שום ספק קלאָר געוווּסט וועגן דער ענדגילטיקער יידן־פאַרטיליקונג, וואָס די דייטשע מאַכט פירט דורך אין צענטראַל־פוילן און אין וואַרשע. ער האָט אויך געוווּסט פאַרוואָס „זיין געטאָ" ווערט געשאָנעוועט. האָט ער זיך טאַקע באַמיט מיט אַלע מיטלען צו שטאַרקן די אילוזיע ביי די 87,000 יידן, אַז די אויסראָטונג איז זיי שוין נישט נוגע. אַ חוץ דעם צושטעל פון מער און בעסערע באַשפּייזונגען אין געטאָ, האָט ביבאָוו אויך דורכגעפירט „רעפאָרמען" אין די אונטערנעמונגען (רעסאָרטן). דעם 30־סטן יאַנואַר 1943 איז דורך אַ צירקולאַר געמאָלדן געוואָרן די אונטערנעמונגען, אַז עס ווערט איינגעפירט אַ 10־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, פון 7 פרי ביז 17 און יעדן זונטיק וועט זיין אַ רו־טאָג. די דאָזיקע „רעפאָרם" איז תיכף דורכגעפירט געוואָרן און די אַרבעטער אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָבן באַקומען א פולן רוטאָג אין דער וואָך. עס זענען געשלאָסן געוואָרן

קלענערע וואַרשטאַטן, צווישן זיי דער שניידער־רעסאָרט אויף יאַקובאַ 10, וואָס האָט גענייט און איבערגעאַרבעט מלבושים פאַר די געטאָ־איינוווינער.

ביבאָוו, צוזאַמען מיט רומקאָווסקין האָבן אויך דורכגעפירט אַ מין „איבער־שיכטונג" פון די אַרבעטס־כוחות. אַ טייל באַאַמטע, מענער און פרויען, וואָס זענען געווען טעטיק אין די ביוראָען פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, זענען געוואָרן רעדוצירט און איבערגעשיקט אויף אַרבעט אין די רעסאָרטן. רומקאָווסקי האָט באַוויזן, אַז ער איז באַלעבאָס פון געטאָ און נישט גערטלער. צוזאַמען מיט שעניצקין, איינער פון זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, האָט דער יודענעלטעסטער וויזיטירט די ביוראָען און האָט די יונגע און געזונטע באַאַמטע אַריבערגעפירט אויף פיזישער אַרבעט. עטלעכע טעג שפעטער האָט רומקאָווסקי באַנייט זיינע רעדעס. אין דעם אַזוי גערופענעם פאָלקס־הויז אויף קראַוויעצקע גאַס איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון דעלעגירטע פון די פאַבריקן, וואַרשטאַטן און פון ביוראָען. רומקאָווסקי האָט גערעדט צו די פאַרזאַמלטע וועגן דער „איבערשיכטונג": זי איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט. אויף זיין שטייגער האָט דער יודענעלטעסטער אַלעמען באַרואיקט און אויפגעקלערט, אַז דעם געטאָ דראָט נישט קיין שום סכנה.[452]

די יידן, וואָס האָבן שוין געהאַט די טרויעריקע דערפאַרונג, אַז יעדע ענדערונג ברענגט פיין און אויסראָטונג, האָבן געלעבט אין פחד: „עס גרייט זיך שוין ווייטער". מ'האָט געשמועסט וועגן נייע דעפאָרטאַציעס, אָבער ביבאָווס אָפטע באַזוכן אין די רעסאָרטן, זיין אונטערטרייבן צו דער אַרבעט, אָן באַליידיקונגען, נאָר סתם מיט שרייעדיקע פראָפאַגאַנדע און דראָאונגען, האָט ווידער געבראַכט באַרואיקונג. עס זענען פאַרשפרייט געוואָרן ווערסיעס אין געטאָ, אַז „די מלחמה האַלט זיך ביי פאַרענדיקן, ביבאָוו זעט פאָר היטלערס מפלה און דער דיקטאַטאָר פון געטאָ וויל צוגרייטן אַ באַרעכטיקונג פאַר זיינע מעשים". אויך אין די אָפטע לופטשוץ־אַלאַרמען אין די נעכט האָט מען געזען סמנים, אַז עס „האַלט שוין ביים סוף". פון די געהיימע ראַדיאָ־ידיעות, וואָס זענען פאַרשפרייט געוואָרן אין געטאָ, האָט מען געוווּסט פון דעם צוריקגאַנג פון די דייטשע אַרמייען אויפן סאָוויעטישן פראָנט. מ'האָט אָבער נישט געהאַט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין וואַרשעווער געטאָ. דעם 25־טן אַפריל 1943 האָט ד"ר י. פאָזנאַנסקי פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך:

„עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן אַ רעוואָלט אין וואַרשע: יידן און פאָליאַקן מיט געווער אין האַנט שטעלן זיך אַנטקעגן די דעפאָרטאַציע־אַקציע. מ'האָט אונטערגעצונדן די רעסאָרטן. צום אונטערדריקן דעם בונט האָבן די דייטשן געמוזט באַנוצן מאַשין־געווער, טאַנקען און אַפילו באָמבאַרדיר־עראָפלאַנען. וויפל עס איז אין דעם פאַראַן אמת, וועלן מיר זיך דערוויסן נאָך דער מלחמה".

דאָס איז די איינציקע פאַרצייכנונג וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד,

וואָס מ׳געפינט אין מער באַגלויבטע טאָגביכער, געשריבענע אין לאָדזשער געטאָ גופא. עס ווערט אויך אין ערגעץ נישט דערמאָנט, אַז די אונטערערדישע פּאַרטייען אין לאָדזשער געטאָ, אָדער זייערע פירער, זאָלן האָבן אויף וועלכן עס איז אופן רעאַגירט אויף די געשעענישן אין וואַרשע. מ׳האָט וואַרשיינלעך נישט געגלויבט די קנאַפּע ידיעות, וואָס זענען פון דאָרט דערגאַנגען צו דעם הערמעטיש אָפּגע־שלאָסענעם געטאָ ליטצמאַנשטאַדט.

צו דער באַרואיקונג אין לאָדזשער געטאָ האָט אויך געווירקט דער באַזוך פון אָבערפּאָליציי־פּרעזידענט פון ליטצמאַנשטאַדט. ער האָט פאַר דער געטאָ־אָנפירונג אויסגעדריקט זיין צופרידנהייט מיט דער אָרדענונג און רו, וואָס הערשט אין ,,יודענוואָהנבעצירק״. [453]

## ה. געראַנגל צווישן רומקאָווסקי און גערטלער אויפן באָדן פון באַשפּייזונג־פּראָטעקציע

דאָס אָנקומען פון פרילינג, דער יום־טוב פסח פונעם יאָר 1943, האָט געמאַכט פאַרגעסן אין פאַרגעקומענעם ,,,,שפּערע״־אומגליק. עס האָט זיך גע־שטאַרקט דער גלויבן, אַז די געבליבענע אין געטאָ וועלן איבערלעבן די בלוטיקע הערשאַפט פון די דייטשן. די געטאָ־איינוווינער האָבן ווידער אָנגעהויבן איינאָרדנען זייער לעבן. צום פלאַנטאַציע־אַמט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרטיילן ערד־חלקים צום באַאַרבעטן, זענען אָנגעקומען טויזנטער בקשות. דער אַמט איז צוגע־טרעטן פאַרקויפן און פאַרטיילן צום באַאַרבעטן ערד־חלקים, וואָס געפינען זיך אויף פרייע שטחים אין געטאָ. דער פאַרטיילונגס־אופן איז געווען דער זעלבער ווי אין פאַריקן יאָר, נעמלעך: פאַר ,,גרויס גרונט־באַזיצער״, וואָס האָבן געדאַרפט די באַקומענע פּראָדוקטן פון דער ערד פאַרקויפן צו צוגענגלעכע פרייזן אין די גרינצייג־פּונקטן און פאַר משפחות, וועלכע האָבן באַקומען ערד צו פאַרזעצן זריעות פאַרן אייגענעם געברויך. צו די ,,גרויס גרונט־באַזיצער״ האָבן געהערט די פני פון געטאָ. דעם גרעסטן ערד־חלק האָט, ווי פאַראַיאָרן, באַקומען דוד גערטלער. משפחות, וואָס האָבן באַאַרבעט די ערד פאַרן אייגענעם געברויך, האָבן באַקומען פון 15—50 קוו. מ. דאַביי איז געמאַכט געוואָרן די ,,הנחה״: ,,פאַרטיילן לויט דעם ווערט פונעם פּעטענט״. דרייפערטל פון דער באַאַרבעטער ערד האָבן געדאַרפט פאַרזעצט ווערן מיט קאַרטאָפל.

די פּראָטעקציע און דאָס פּריווילעגירן די געטאָ־פני ביים פאַרטיילן צוגאָב־טאַלאָנען אויף שפּייז, האָט אין דער באַשריבענער צייט זיך נאָך מער אויסגע־ברייטערט. אויב פריער האָט נאָר רומקאָווסקי געהאַט די אויפזיכט איבער דער פאַרטיילונג פון צוגאָב־באַשפּייזונג, האָט נאָך דער ,,שפּערע״ אויך גערטלער באַקומען אַ דעה אין דער אַפּראָוויזאַציע און ער האָט געהאַט זיינע פּראָטעזשירטע.

כדי נישט צו פאַרלירן די סימפּאַטיע ביים עולם, האָט ער נישט געוואָלט אָפּשטיין פון רומקאָווסקין אין פאַרטיילן „מתנות". אַזוי ברענגט פּאָזנאַנסקי אין זיין טאָגבוך אונטער דאַטע פון 18־טן אַפּריל 1943:

„מ'דערציילט, אַז פאַרגאַנגענע וואָך האָט דער פּרעזעס [רומקאָווסקי] געשיקט צו האַלבע קילאָ פלייש צו 50 דאָקטוירים. דער שוין דערמאָנטער ד"ר ווייסקאָפּ, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אָננעמען דעם צוגאָב־טאַלאָן פאַר מעדיקער, האָט אויך נישט געוואָלט געניסן פון רומקאָווסקיס פלייש־מתנה — — — דער נאַטשאַלניק פון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ — גערטלער האָט אויך באַפוילן מ'זאָל 40 דאָקטוירים געבן צו קילאָ פלייש אין קאָנסערוון".

די מתנות פון רומקאָווסקין און גערטלער זענען געטיילט געוואָרן לכבוד פּסח. דאָס איז געווען פּסח 1943, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 19־טן אַפּריל מיט דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע. אין יענעם ערב פּסח האָט רומקאָווסקי, דער „נשיא" פון לאָדזשער געטאָ, אויפגענומען דעלעגאַציעס פון פאַבריקן און אונטערנעמונגען, וואָס זענען געקומען אים ווינטשן לכבוד יום־טוב. אויך זיי האָט רומקאָווסקי צוגעטיילט ספּעציעלע שפּייז־מתנות:

„1 קילאָ פלייש, ½ קילאָ פישלעך, 1 קילאָ מעל, ¼ קילאָ צוקער און ¼ קילאָ מאַרמעלאַדע. הער גערטלער, פאַרשטענדלעך, האָט נישט געקענט צו דעם זיך צוקוקן גלייכגילטיק און וועלנדיק געווינען די סימפּאַטיע פון דער באַפעלקערונג, האָט ער אויך געטיילט שפּייז־טאַלאָנען אַלע, וואָס זענען געקומען צו אים אויף אַן אודיענץ".[454]

די אַלגעמיינע שפּייז־צוטיילונג פאַר די נאָענטסטע 14 טעג, איינשליסלעך פּסח, איז צוליב די מתנות פאַר אויסדערוויילטע — נישט פאַרקלענערט געוואָרן. עס איז נאָך געגעבן געוואָרן אַ צוגאָב פון 20 דעקאַ וווּרשט און אַזוי פיל אויך צוואָרעך. פאַרשטענדלעך, אַז די מתנות, וואָס עס האָבן געטיילט רומקאָווסקי און גערטלער, זענען געגעבן געוואָרן אין הסכם מיט דער דייטשער מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט. וואָס האָט געהאַט אַ גענויע קאָנטראָל איבער דער דערנערונג אין געטאָ.

אויף דעם דאָזיקן באָדן פון פּראָדוקטן־פאַרטיילונג האָט זיך אָפּגעשפּילט דער גראַנגל צווישן דעם יודענעלטעסטען און געשטאַפּאָ־אַגענט. פאַרשטענדלעך, אַז אַלע „טובות" וואָס ער האָט געטאָן, אויך דאָס פאַרקויפן ביליק מעדיקאַמענטן, וועלכע עס איז שווער געווען צו באַקומען אין געטאָ, איז געמאַכט געוואָרן אין הסכם מיט דער געשטאַפּאָ. אָבער וואָס מער די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך באַרואיקט נאָך דער „שפּערע" — באַזונדערס נאָכן דערשטיקן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אַלץ מער איז געפאַלן גערטלערס „שטערן". די געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט, פּונקט ווי אין וואַרשע, האָט, צוליב פאַרשידענע סיבות, נישט געלאָזט אירע יידישע אַגענטן בלייבן טעטיק אויף אַ לאַנגער מעטע. וואַרשיינלעך

איז שוין דעמאָלט אין לאָדזשער געשטאַפּאָ געגרייט געוואָרן דער סוף פון גערטלערס דינסט.

מיט אַמאָל איז אַנטדעקט געוואָרן, אַז די לייט, וואָס גערטלער האָט אַריינגע־זעצט אין די בעקערייען, זיי זאָלן דאָרט „קומען צו זיך", האָבן זיך באַטייליקט אין אַ גרויסער גניבה פון מעל. זיי זענען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה אויף טשאַרנעצקי גאַס. אויך אויף די פּונקטן פון פאַרקויף פון גרינצייג האָט זיך דאָס אייגענע איבערגעחזרט. די גנבים פון גערטלערס „זאָנדערקאָמאַנדאָ" זענען געוואָרן באַזייטיקט און געשיקט אין תפיסה.[455]

## .24

# באַנייטע אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטור־טעטיקייט

### א. דאָס קאָנספּיראַטיווע שולוועזן ביי די רעסאָרטן

אין די פרילינגס־חדשים 1943 האָבן די גזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער באַנייט זייער טעטיקייט. די לערער האָבן זיך פאַרנומען מיט די אָפּגעראַטעוועטע קינדער און מיט די יוגנטלעכע, עלטערע פון 10 יאָר, וואָס האָבן, לויט דער איינשטעלונג פון דער דייטשער מאַכט, דערווייל נאָך געהאַט אַ רעכט צו לעבן אין געטאָ.

ווי עס איז באַשריבן אין אַ פריערדיק קאַפּיטל זענען אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, פאַר דער „שפּערע", געשלאָסן געוואָרן אַלע קלובן פאַר יוגנטלעכע און עס איז פאַרבאָטן געוואָרן איינצואָרדענען פאַר זיי לעקציעס און פאַרלעזונגען. אין די פרילינגס־חדשים 1943, ווען אין גאַנץ פוילן זענען בעסטיאַליש אויסגעראָטן געוואָרן די יידן אין אַלע קלענערע געטאָס און אין די לאַגערן, האָט די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט „געקוקט דורך די פינגער", ווי די אַזוי גערופענע „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע", וואָס איז באַשטאַנען פון לערער, אָרגאַניזירט אַן אויפזיכט איבער די יוגנטלעכע, באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן. געהייסן האָט עס, אַז זיי זענען אין עלטער פון 10—17 יאָר. אין דער אמתן זענען זיי געווען אין עלטער פון 7—17 יאָר. צווישן זיי האָבן זיך געפונען פיל קינדער, וואָס זענען דורך זייערע עלטערן געוואָרן אויסבאַהאַלטן בעת דער „שפּערע". מעטריקעס פון די יונגע קינדער זענען דורך פאַרשידענע מיטלען געוואָרן געפעלשט און די 7 יעריקע זענען דורך דער „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע" אַריינגעבראַכט געוואָרן אין די פאַבריקן ווי עלטערע יוגנטלעכע. צום סוף יאָר 1942, ד. ה. נאָך דער „שפּערע" זענען אין די פאַבריקן און אונטערנעמונגען אין געטאָ געווען באַשעפטיקט 15,847 יוגנטלעכע אין עלטער פון 10—17 יאָר. וויפל עס איז צווישן זיי געווען קינדער אונטער 10 יאָר, איז אין דער סטאַטיסטיק, פאַרשטענדלעך, נישט אויפגעגעבן געוואָרן.

די אויפזיכט איבער די יוגנטלעכע, האָבן געהאַט די לערער, וועלכע האָבן אין די פאַבריקס־רשימות פיגורירט ווי באַשעפטיקטע ביי באַשטימטע אַרבעטן. אָבער זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען אין פאַרנעמען זיך מיט די יונגע אַרבעטער. די לערער זענען געווען די אַפּוטרופּסים איבער די קינדער און געדאַרפט: אָפּהיטן זיי פון נגישות מצד די עלטערע; נישט דערלאָזן דעם מסחר מיט די זופּן; קאָנטראָ־

לירן די פּרעקוועגץ פון די יוגנטלעכע ביי דער אַרבעט; אָפּנעמען די לעגיטימאַציעס ביים פאַרטיילן די מיטאָגן; האָבן די אויפזיכט איבערן פאַרהאַלטן זיך ביי דער אַרבעט, ווי אויך איבער דער באַציאונג פון די אינסטרוקטאָרן צו די יוגנטלעכע.

דער אַפּוטראָפּוס איז אויך געווען אָנוועזנד ביי די אויסצאָלונגען, כדי נישט דערלאָזן, אַז די קינדער זאָלן באַעוולט ווערן. בעת איבעררייסן אין דער אַרבעט, האָבן די אויפזעער־לערער געפירט שמועסן מיט די קינדער, געהאַלטן לעקציעס, אָרגאַניזירט שפּילן, דערציילט קינדער־מעשהלעך, געלערנט די קינדער צייכנען אדג״ל. אויף יעדע 50 קינדער איז געווען איין אַפּוטראָפּוס.

מ׳האָט זיך אויך באַמיט איינצואָרדענען די 7־יעריקע קינדער ביי דער לייכטסטער אַרבעט אין די רעסאָרטן.[456]

די פאַרהעלטנישמעסיקע רואיקייט אין געטאָ אין די ווינטער־חדשים פונעם יאָר 1943, האָט דער „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע״, אָנגעפירט פון לערער אליהו טאַבאַקסבלאַט, צוגעגעבן מוט און דרייסטקייט אויסצוברייטערן די דערציאונגס־טעטיקייט צווישן די יוגנטלעכע. עס זענען, נעמלעך, אָרגאַניזירט געוואָרן געהיימע פאַך און לערן־קורסן ביי די רעסאָרטן. אין דער דאָזיקער פאַרקאָנספּירירטער פאַך־בילדונגס טעטיקייט, פאַרבונדן מיט אַלגעמיינע לימו־דים, זענען געווען אָנגאַזשירט די לערער און די אָנפירער פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן. פאַרשטענדלעך, אַז די אַרבעט איז געפירט געוואָרן מיט דעם וויסן און ביי דער שטילער אונטערשטיצונג פון רומקאָווסקי. עס איז אויך זיכער, אַז די דייטשע מאַכט האָט געוווּסט וועגן די קורסן און געמאַכט זיך נישט זען — אַזוי האָט פאַרלאַנגט איר אויסראָטונגס־סטראַטעגיע אין יענעם פּעריאָד.

די קינדער האָבן געאַרבעט נאָר 5 שעה אין מעת־לעת, געטיילט אין צוויי שיכטן: פון 7—12 פאַרמיטאָג און פון 12—5 נ״מ. אין דער דאָזיקער אַרבעט־צייט זענען געפירט געוואָרן די לימודים. די געהיימע קורסן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן ביי די פאַבריקן (רעסאָרטן). עס זענען אויסגענוצט געוואָרן די קאַמערן און צובויאונגען, וואָס זענען דאָרט געווען. דאָס האָט אויך געשיצט פון אַ „בייז־אויג״. די יוגנטלעכע זענען געקומען צו דער אַרבעט און אַוועק פון דאָרט אין דער זעלבער צייט וואָס אַלע אַרבעטער.

טראָץ דער דאָזיקער קאָנספּיראַציע איז געווען איינגעשטעלט אַ געהעריקער סדר ביים אָרגאַניזירן אַזעלכע קורסן. ווען אין אַן אונטערנעמונג איז געווען אַ גרעסערע צאָל קינדער ביי דער אַרבעט, האָט די פאַבריקס־אָנפירונג זיך געוואָנדן צו דער איבערשיכטונגס־קאָמיסיע, וועגן אָרגאַניזירן פאַך־קורסן: נאָכן באַקומען אַזאַ ווענדונג איז אליהו טאַבאַקסבלאַט, דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, אַוועק אין רעסאָרט און אין פאַרשטענדיקונג מיט די מייסטער— אָרגאַניזירט די פאַך־קורסן. ער האָט אויך צוגעטיילט די לערער, וואָס האָבן געדאַרפט זיין די אַפּוטרופּסים איבער די קינדער אין דער אונטערנעמונג, ווו זיי זענען געווען באַשעפטיקט. עס

איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די צייט, ווי לאַנג די קורסן דאַרפן דויערן און עס איז אָפּגעקליבן געוואָרן דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר זיי. עס איז בעיקר געגאַנגען אין דעם, אַז דאָס צימער, וווּ מ׳לערנט זיך, זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן.

קאָמיסיעס פון דייטשן, מונדירטע און ציווילע, האָבן באַזוכט די רעסאָרטן, געשנאָפּט אין יעדן ווינקל און מ׳האָט געדאַרפט פאַר זיי אויסבאַהאַלטן די קליינע, אויסגעדאַרטע און בלייכע יידעלעך, וואָס האָבן זיך באַמיט אויסצוזען ווי די גרויסע.

ביי די אונטערנעמונגען זענען צו די קורסן צוגעטיילט געוואָרן צוויי צימערן: אַ שטוב, איינגעאָרדנט ווי אַן אַרבעטס־וואַרשטאַט און דערנעבן אַ באַהאַלטן חדר, מיט שול־איינריכטונגען: שול־בענק, אַ טאָפּל אדג״ל. אין אַ קלאַס האָבן זיך געלערנט 40 קינדער.[457] ווען עס האָבן זיך באַוויזן דייטשן, האָט מען באַלד צוויסן געטאָן אין „קלאַס״. די קינדער האָבן גיך פאַרפּאַקט די העפטן און ביכלעך און צוזאַמען מיט דעם טאָפּל אַריינגעוואָרפן אין אַלטוואַרג־מאַגאַזין. און זיך צעשטעלט ביי די וואַרשטאַטן, צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע אַרבעטער. „די לימודים אין אַזאַ „קלאַס״ זענען געפירט געוואָרן ביי כסדרדיקע נערוון־געשפּאַנט־קייט״ האָט געשריבן די לערערין העלענאַ סמאָלענסקאַ אין איר אַרבעט — „דאָס שולוועזן אין לאָדזשער געטאָ״ * סמאָלענסקאַ האָט אַזעלכע קורסן געפירט, אין פּאַפּיר־רעסאָרט, וואָס איז געלייטעט געוואָרן פון מ. בייגעלמאַן.

די שניידער־רעסאָרטן האָבן באַשעפטיקט 2000 קינדער. די ערשטע פאַך־קורסן זענען טאַקע געשאַפן געוואָרן ביי דעם שניידער־רעסאָרט פּראַנצישקאַנער 29. דאָס לערנען זיך פון די קינדער איז געווען פאַרגעזן אויף זייער אַ קורצן טערמין. מ׳האָט געלערנט ממש „בליצאַרטיק״ — פון 2 ביז 6 חדשים. צוגעפּאַסט לויט דעם עלטער און פעיקייט פון די שילער. באַלד נאָכן באַקומען די ערשטע קענטעניש, זענען די קינדער צוגעלאָזט געוואָרן צו די וואַרשטאַטן און מאַשינען, ווו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט פּראַקטיש אַרבעטן. די לערן־שעהן און די דויער־צייט פון יעדן קורס איז געווען פּלאַנמעסיק און פּעדאַגאָגיש פאַרטיילט.[458]

אין זיינע זכרונות א. נ. „דאָס שולוועזן אין לאָדזש אונטער דער דייטשער הערשאַפט״ האָט דער אָנפירער פון דער דערמאָנטער איבערשיכטונגס־קאָמיסיע

---

H. Smoleńska, Szkolnictwo żydowskie w Łodzi w czasie okupacji niemieckiej *
די דאָזיקע אַרבעט, געשטיצט אויף אַרכיוו־דאָקומענטן, האָט ה. סמאָלענסקאַ אָנגעשריבן נאָך דער מלחמה, ווי אַן אוניווערסיטעט־דיסערטאַציע, פאַר וועלכער זי האָט באַקומען פונעם לאָדזשער אוניווערסיטעט דעם טיטל מאַגיסטער. איר אַרבעט איז פאַרזען מיט טאַבעלעס, סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען וועגן די צאָל קינדער אויף די פאַך־קורסן און ענטפערס אויף אַנקעטעס וועגן די פאַכן, אין וועלכע די יוגנטלעכע ווילן זיין באַשעפ־טיקט.

אליהו טאַבאַקסבלאַט * אַזוי באַשריבן די געהיימע פאַך־קורסן, אין יאָר 1943: „מיטן אָנהויב פונעם יאָר 1943 זענען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוּוון אַדורכצר־שמוגלען אונטערן מאַנטל פון פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג, האַנטווערקער־קורסן ביי די רעסאָרטן. צוערשט איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ שול ביי די שניידערס, דאַן ביי די טישלער און מעטאַל־רעסאָרט. דער דראַנג צום לערנען ביי דער יוגנט איז געווען אַזוי גוואַלטיק, אַז צום סוף פון דעם יאָר זענען שוין געווען טעטיק 23 האַנטווערקער־שולן, איינגעאָרדנט כמעט ביי אַלע רעסאָרטן. די דאָזיקע שולן האָבן באַזוכט איבער 7000 קינדער. נאָך 5 שעה אַרבעט, זענען די קינדער אַריבער אין די ספּעציעל פאַר דעם צוועק צוגעגרייטע קלאַסן, ווו זיי האָבן אונטער דער אויפזיכט פון די לערער געלערנט פון 12—18 שעה וועכנטלעך. אין דער שול האָבן די קינדער צוריקבאַקומען, כאָטש אין אַ קאַרגער מאָס, זייער קינדהייט. דאָרט האָט געהערשט פרייילעכקייט, געזאַנג, דאָרט האָבן די קינדער צוביסלעך פאַרגעסן וועגן זייער טרויעריק מזל אין געטאָ". [459]

## ב. שפּראַכן־פראַגע אין דער אָנפירונג פון די געהיימע קורסן

אין די לערן־אַנשטאַלטן — עלעמענטאַר־שולן, גימנאַזיע און ליציי, וואָס זענען געווען טעטיק, כמעט נאָרמאַל, אין ערשטן געטאָ־יאָר, ** איז די אונטעריכטס־שפּראַך געווען יידיש. אַפילו קינדער, וואָס זענען געקומען פון שפּראַכלעך אַסי־מילירטע היימען, (פויליש) האָבן אין דער שול געלערנט יידיש לשון און אַנדערע לימודים לויטן שול־פּראָגראַם אויף דער דאָזיקער שפּראַך. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען אויף די פאַך־קורסן. דאָרט האָט מען באַלד געדאַרפט ריידן צו די שילער אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער זיי פאַרשטייען אַמבעסטן. אמת, איז דער „רואיקער צייט" האָט מען אויסגעברייטערט דאָס לערן־פּראָגראַם פון די קורסן און איינגעשלאָסן: יידיש לשון, אַריטמעטיק, געאָגראַפיע, צייכענען און אויך לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור. אָבער די לימודים, אַ חוץ אַריטמעטיק, זענען געווען אויפן צווייטן פּלאַן, דער עיקר איז געווען לערנען דאָס פאַך.

דער ווייט גרעסטער רוב קינדער, באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן, זענען געקומען פון היימען, ווו מ'האָט גערעדט יידיש, אָבער אין דער שפּראַך האָבן געפעלט

---

* אליהו טאַבאַקסבלאַט איז געווען דער אָנפירער פון דער שול־אָפּטיילונג אין לאָדזשער געטאָ און אין יאָר 1943 — אָנפירער פון דער „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע". ער האָט איבערגעלעבט די דייטשע אויסראָטונג, עולה געווען קיין ישראל און דאָרט גע־שטאָרבן.

** וועגן שולוועזן אין ערשטן געטאָ־יאָר, זע — א. וו. יאַסני „געשיכטע", ערשטער באַנד, ז"ז 268—271.

די טעכנישע אויסדרוקן פאַר מאַטעריאַלן, מאַשינען און אין געוויסע פאַכן, זענען געווען אינסטרוקטאָרן (אינסטרוקטאָרקעס אין שניידעריי), וואָס האָבן גערעדט נאָר פויליש. אַרום דער שפּראַכן־פּראַגע איז געפירט געוואָרן אַ לענגערע דיסקוסיע אין דער איבערשיכטונגס־קאָמיסיע. עס איז לסוף באַשלאָסן געוואָרן — צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען און דאָרט ווו עס איז נויטיק: פירן די לימודים אין פּויליש.[460]

✶

אין אָנהויב יאָר 1943, ווען די געטאָ־איינוווינער האָבן נאָך געוויטיקט נאָך דער פאָרגעקומענער דעפּאָרטאַציע פון קינדער, האָבן עלטערן זיך צוריק־געהאַלטן פון שיקן אויף די פאַך קורסן. מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַן אומגעריכטן דייטשן איבערפאַל, אָבער וואָס מער די דייטשע מאַכט האָט מיט פערפידע מיטלען באַרואיקט דאָס געטאָ, אַלץ שטאַרקער האָט מען אָנגעהויבן גלויבן, אַז די צייט פון אויסראָטונג איז פאָריבער. דעמלס האָבן די קורסן זיך גענומען ברייט אַנטוויקלען, די אָנפירער פון רעסאָרטן האָבן גערנוויליק אויפגענומען און געהאָלפן אָרגאַניזירן די לערנאַנשטאַלטן און עלטערן זענען געווען צופרידן, ווען זייערע קינדער לערנען עפּעס, בעיקר אַ פאַך, וואָס האָט, לויט די פילמאַליקע דערקלערונגען פונעם יודענעלטעסטען, געגעבן דאָס רעכט צו בלייבן אין געטאָ.

די קינדער האָבן זייער שול אַרומגערינגלט מיט ליבע און גערופן פאַרצערטלט אויף פּויליש „שקולקאַ״, אַ שולעכל. די גרעסטע שטראָף פאַר אַ יוגנטלעכן איז געווען דאָס באַזייטיקן פון די קורסן צוליב שלעכטער אויפפירונג. די יונגע שילער האָבן זייער באַציונג צו די פאַכקורסן געברענגט צום אויסדרוק אין לידער, לויבגעזאַנגען פאַר דער שול.

פון יענעם פּעריאָד איז געבליבן אַן אַלבום, וואָס לויט זיין אינהאַלט און די בילדער אין טעקסט, איז ער אַוודאי געמאַכט געוואָרן ווי אַ מתנה פאַר רומקאָווסקין אָדער פאַר אַן אינסטרוקטאָר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער „שקולקאַ״ אין שניידער־רעסאָרט, וואָס ווערט אין זכרונות און אין גבית־עדות פון לעבנגעבליבענע באַצייכנט ווי „גלאַזערס פאַבריק״. עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, ווער עס האָט געשאַפן דעם אַלבום, וואָס איז אַן אַפּאָטעאָז פאַר דער פאַכשול פון שניידעריי, אַרויסגעבראַכט אין פאָרם פון אַ קינדער־מעשהלע. וואַרשיינלעך איז דאָס מעשהלע איבערגעאַרבעט פון אַן ענלעכן פּוילישן טעקסט. צו וועלכן מ׳האָט צוגעגעבן פאַרביקע בילדער וועגן דער „שקולקאַ״, וואָס פירט אַריין די קינדער אין די שניידער־וואַרשטאַטן, זיי ווערן פאָרגעשטעלט ווי אַ גן־עדן. דער טעקסט אין פּויליש, געשריבן אין גוט געבויטע פערזן, הייבט זיך אָן מיט

דעם באַקאַנטן נוסח פון קינדער־מעשהלעך „Bajka o królewiczu i cudownym kraju, gdzie mimo głodu i nieurodzaju 3 pokolenia przeżyły chwili radosne poprzez zimę, jesieni i wiosnę” אין יידיש: „אַ מעשה וועגן אַ פּרינץ און וווּנדערלאַנד, ווו טראָץ הונגער און אומגערעטעניש, האָבן דריי דורות איבער־געלעבט פריילעכע מינוטן, דורך ווינטער, זומער, האַרבסט און פרילינג”. (פרייע איבערזעצונג).




אַריינפּיר אין קינדער־מעשהלע אין אַלבום

דאָס „וווּנדערלאַנד מיט הונגער און אומגערעטעניש” איז אַן אָנדייטונג אויפן געטאָ. אַזאַ אָנדייטונג איז אויך אין דריטן סטראָף פון דעם מעשהלע. עס זענען פאַראַן אַזעלכע שורות: „אונטער דער שווערער לאַסט בייגן זיך די קינדער, צי וועט שוין אייביק אַזוי זיין אויף דער וועלט?” אַ געמאָלן בילד גיט אויף דער פראַגע אַן ענטפער: 3 זינגער־ביי־מאַשינען, צוגעשניטענע וועבשטאָפן אויף אַ בגד און איבער דעם גאַנצן בילד די אויפשריפט: „Szkółka”.

אין ווייטערן טעקסט זענען פאַראַן לויבגעזאַנגען פאַרן „קעניג פון וווּנדערלעכן לאַנד” (געמיינט רומקאָווסקין) און פאַר דעם פּרינץ (דער אינסטרוקטאָר), וואָס האָבן געגעבן די קינדער דאָס „שולעכל” ביי גלאַזערס פאַבריק, „ווו עס איז אָנגעקומען די קעניגין פרייד, און טרויער און זאָרג האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס „שולעכל”. אַלע קינדער לויפן אין דער Szkółka, אַ קליין הייזל, וואָס ווערט,



לויט די בילדער, פאַרוואַנדלט אין אַ שלאָס מיט אַ פאָן, אויף וועלכער עס איז פאַראַן אַ שניידערישע שער.

דאָס קינדער־מעשהלע אין אַלבאָם פאַרענדיקט זיך זייער אָפּטימיסטיש. וואָס איז אַן אויסדרוק פון די שטימונגען אין געטאָ אין יאָר 1943. אין די לעצטע צוויי סטראָפן זענען פאַראַן פאָלגנדע שורות:

„עס אַרבעטן אַלע פאַרן לויב פונעם לאַנד און לאַנגע שעהן פאַרברענגען זיי ביי די מאַשינען, די מלבושים פליען שוין דורך די טירן, פאַסן וועבשטאָפן ליגן גאַנצע הויפנס, פון זיי איז דאָך אָפּהענגיק דער גורל פון גן־עדן. ווער עס וועט זיך ביי די שטערונגען נישט איינברעכן, ווער עס וועט אַרויס מיט אַ גאַנצן אָרעם, ווער עס וועט אַרויס איצט מיט אַן אויפגעהויבענעם שטערן — וועט ווערן רייכלעך באַלוינט. זיי זענען שוין דורכגעגאַנגען דעם גליטשיקן וועג און זענען שוין נאָענט" (צום ציל).[462]

עס ווייזט אויס, אַז דאָס קינדער־מעשהלע, וואָס איז פאַראַן אין אַלבאָם, איז

דורך די לערער דערציילט געוואָרן די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין דער פאַכשול—און איז געווען אַ מין „דערציאונגס־ליטעראַטור". זי האָט אין הסכם מיט רומקאָווסקיס אײַנשטעלונג, געשילדערט די אַרבעט אין געטאָ, ווי דאָס דער־הויבנסטע מיטל צו ראַטעווען די קינדער. בכלל האָט ליטעראַטור פאַרנומען אַ חשוב אָרט אויף די פאַכקורסן. עס זענען דורך די עלטערע שילער אײַנגעשטעלט געוואָרן ליטעראַרישע קרייזלעך, וועלכע האָבן פאַרבעטן שרײַבער צו קומען מיט לעקציעס וועגן ליטעראַטור. מ'האָט צוזאַמען געלייענט די פּוילישע שרײַבער: פּרוס, שענקעוויטש, אָזשעשקאָוואַ און די ווערק פון יידישע שרײַבער: פּרץ, שלום עליכם, מענדעלע, ביאַליק. זייער פּאָפּולער אַלס לעקטאָר פון ליטעראַטור איז דעמלס געווען דער שרײַבער וואָלמאַן. ער איז אויך געווען אַ לערער פון יידיש. די „שקולקאָ'ס" ביי די רעסאָרטן האָבן אים אָפטמאָל פאַרבעטן אויף ליטעראַרישע שמועסן. עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן שול־אַרבעטן אויף ליטעראַרישע טעמעס אין פּויליש און אין יידיש.

## ג. געהיימע עלעמענטאַר־שולן און קינדער־הייזער

אין באַשריבענעם פּעריאָד זענען ביי די געטאָ־פאַבריקן אויך אײַנגע־שטעלט געוואָרן געהיימע עלעמענטאַר־שולן פאַר קינדער אין עלטער פון 7—10 יאָר. די קינדער פון דעם עלטער האָבן אויך געאַרבעט פון 7—12 פ"מ און פון 12—2 געלערנט זיך יידיש לשון און חשבון. די שילער פון אַלע גרופּן האָבן באַקומען אַ צוגאָב־זופּ. פאַרשטענדלעך, אַז די זופּ האָט אַמשטאַרקסטן באַווירקט די עלטערן צו שיקן די קינדער אין די געהיימע שולן און פאַך־קורסן. ביי זייער אויסברייטערונג ביי די פאַבריקן, האָט די „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע", פּאַקטיש שוין אָן אָנפירונג פון אַ שולנעץ, באַשטימט אַ שול־אינספּעקטאָר, אַ באַוווסטע פּע־דאַגאָגין, פרוי ס. דאַווידאָוויטש.[463]

די לימודים סיי אויף די פאַך־קורסן, סיי אין דעם „שולכל" זענען, ווי ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען, פאַרענדיקט געוואָרן מיט עקזאַמענס פון די שילער. שריפטלעכע, מינדלעכע און פּראַקטישע פאַך־קענטעניש, דעמאָנסטרירט ביים וואַר־שטאַט. צו די עקזאַמינירטע לימודים האָבן אויך געהערט: די קענטעניש פון יידיש־לשון און רעכענען. די שריפטלעכע אַרבעטן זענען פריער דורכגעקוקט און אויס־געבעסערט געוואָרן דורך די לערער. ביי די עקזאַמענס זענען געווען אָנוועזנד: פאַרשטייער פון דער „„איבערשיכטונגס־קאָמיסיע", אָפטמאָל אויך אַ פאַרטרעטער פון דער פאַך־קאָנטראָל־קאָמיסיע, דער אָנפירער פון אַרבעטס־רעסאָרט און די לערער. אַ פאַרטרעטער פון דער „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע" האָט קאָנטראָלירט די שריפטלעכע אַרבעט און מינדלעך פאַרהערט די אַבסאָלווענטן. דערנאָך האָבן זיי באַוויזן זייערע פאַך־קענטענישן ביים וואַרשטאַט. וועגן די עקזאַמענס אין די פאַכשולן האָט העלענאַ סמאָלענסקאָ געבראַכט אַזאַ באַשרייבונג:

„אויף די קורסן ביי דעם טישלער־רעסאָרט זענען די עקזאַמענס פאָרגע־קומען דעם 29־סטן אויגוסט 1943. 42 יינגלעך אין עלטער פון 16—17 יאָר, וועמענס קורסן האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 1־טן יאַנואַר, 1943, זענען פריילעך געזעסן אויף די בענק און אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע קענטנישן אין טעאָריע און אין פראַקטיק אין דעם פאַך, וואָס זיי האָבן זיך געלערנט. די אַבסאָלווענטן האָבן געגעבן פּינקטלעכע ענטפערס אויף די געשטעלטע פראַגן פון זייערע לערער, וואָס האָט באַוויזן די אינטעליגענץ און די ליבשאַפט פון די עקזאַמינירטע צו זייער פאַך. די פאַך־עקזאַמענס זענען געווען זייער פּינקטלעכע, ווי אין נאָרמאַלע שולן. מ׳האָט די אַבסאָלווענטן געשטעלט פראַגן וועגן: מאַטעריאַל־קענטניש, סאָרטן האָלץ, וואָס ווערט באַנוצט אין סטאָליער־פאַך, די ראָל פון דיקטן, פאַניר און מעטאַל־באַשלאַג פון מעבל, די באַדייטונג פון לאַם און פּאָליטור ביי דער אַרבעט, וועגן פאַרבן, אַרבעטס־סיסטעם, מאַשינען, אַרבעטס־מכשירים און זייער באַ־נוצונג, טעכנישע צייכנונגען״ אדג״ל. [464]

פאַרשטענדלעך, אַז ביי עקזאַמענס פון פאַך־קורסן ביי אַנדערע רעסאָרטן, זענען די פראַגן, תשובות און אַרבעטן פון די שילער, געווען לחלוטין אַנדערע. ביי די סוף־עקזאַמענס זענען אויך אײַנגעאָרדנט געוואָרן אויסשטעלונגען פון די שילער־אַרבעטן. נאָך די עקזאַמענס האָבן די אַבסאָלווענטן באַקומען די גע־העריקע דיפּלאָמען, אונטערגעשריבן פון דער עקזאַמיניר־קאָמיסיע. די פאַרטרע־טער פון דער „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע״ האָבן געהאַלטן רעדעס, באַטאָנט די וויכטיקייט פון לערנען אַ פאַך, וואָס „איז לטובת דער געזעלשאַפט״. די אינסטרוק־טאָרן, לערער און שילער האָבן זיך קעגנזייטיק באַדאַנקט פאַר יעדנס באַמיונגען, אַז די פאַכקורסן זאָלן געבן די געהעריקע רעזולטאַטן. אויף דעם אופן איז דורכ־געפירט געוואָרן די פייערלעכקייט פון פאַרענדיקן די פאַכשול.

דער אויסערגעוויינלעכער דערפאָלג פון פאַכקורסן, די ליבשאַפט פון די שילער צו זייערע לימודים, האָט אַרויסגערוקט דעם געדאַנק פון ממשיך זיין דאָס לערנען אויף אַ העכערער מדרגה. אַזאַ פּרווו איז געמאַכט געוואָרן אין פּאַפּיר־רעסאָרט. די שילער זענען נאָך די באַשטימטע 6 חדשים לערנען, געבליבן אויף אַ ווייטערן קורס. זיי האָבן אָבער געמוזט איבעררייסן, ווייל מ׳האָט געמוזט מאַכן אָרט פאַר נייע שילער. נישט אַלע קינדער, באַשעפטיקטע אין פּאַפּיר־רעסאָרט האָבן געקאָנט אָנקומען אויף די קורסן, צוליב דוחק אין אָרט. פון 360 קינדער האָבן נאָר 300 געלערנט אין די אַנשטאַלטן ביי דער אונטערנעמונג. די פאַכקורסן און דאָס „שולכל״ איז באַדינט געוואָרן פון אַ ספּעציעלן פּערסאָנאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון לערער, אינסטרוקטאָרן, אַ דאָקטאָר און אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער דעם געזונט־מצב פון די יוגנטלעכע און קינדער, וועלכע האָבן געלערנט און געאַרבעט אין די פאַבריקן. אַחוץ דעם דאָקטאָר, האָבן אַלע אַנדערע, באַשעפטיקטע ביי די קורסן, געמוזט האָבן אַן „אָפיציעלע״ אַרבעט

אין דער געגעבענער פאַבריק. די לערן־טעטיקייט איז געווען אַ צוגאָב־אַרבעט, פאַר וועלכער מ׳האָט באַזונדער באַצאָלט. פאַר אַ לעקציע פון 45 מינוט, וואָס האָט זיך גערעכנט אַ שעה, איז באַצאָלט געוואָרן 3 געטאָ־מאַרק. אַ לערער אָדער אינס־טרוקטאָר מיט העכערער בילדונג האָט באַקומען 5 ג״מ פאַר אַ שעה. דער אָנפירער פון די קורסן האָט נאָך באַקומען אַ צולאַג — 15 ג״מ אַ חודש. די געהאַלטן זענען אויסגעצאָלט געוואָרן דורך דער איבערשיכטונגס־קאָמיסיע. 465

אַחוץ די פאַכקורסן אין דעם „שולכל״, וואָס זענען אין געהיים אָרגאַניזירט געוואָרן ביי די רעסאָרטן, האָט די „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע״ אויך אויפגע־שטעלט „היימען״ פאַר די יינגסטע קינדערלעך. אין יאָר 1943, זענען גאַנצע משפּ־חות אַוועק צו דער אַרבעט, וועלכע מ׳האָט געהאַלטן פאַר דער איינציקער רעטונג פון ווערן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. עס איז דעריבער געוואָרן נויטיק צו שאַפן „היימען״, ווו די באַשעפטיקטע מאַמעס זאָלן קענען איבערלאָזן זייער קליינוואַרג. אַזעלכע פונקטן פאַר קליינינקע קינדערלעך, האָבן שוין נישט געקאָנט איינגע־אָרדנט ווערן ביי די רעסאָרטן, וועלכע זענען אָפט באַזוכט געוואָרן פון דייטשע קאָמיסיעס.

האָבן די שול־טוער, אין פאַרשידענע פונקטן אין געטאָ, אויף אָפּגעלעגענע ערטער, פאַרשטעלט פאַר אַ „בייז־אויג״, געשאַפן אין געהיים אַזעלכע קינדער־שטובן פאַר קליינוואַרג אין עלטער פון 3—8 יאָר. זיי זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך פרעבליסטינס, מיט דערפאַרונג פון זייער פאַרמלחמהדיקער טעטיקייט אויף דעם געביט. מאַמעס, וואָס זענען אַוועק צו דער אַרבעט, האָבן אין די קינדער־היימען איבערגעלאָזט זייער קליינוואַרג אין זיכערע הענט און נאָך דער אַרבעט צוריק־גענומען אין שטוב. 24 אַזעלכע קינדער־היימען זענען געווען טעטיק אין יאָר 1943 און אויך אין די 7 חדשים 1944 ביז די דייטשן האָבן די לעצטע צענדליקער טויזנטער יידן אַרויסגעפירט פון געטאָ אין די אויסראָטונגס־לאַגערן. דורך דעם דערמאָנטן, צייט־אָפּשניט זענען 5000 קינדער געווען אין די „היימען״. מיט די קינדער האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט דער קאָמפּאָזיטאָר דוד בייגעלמאַן. ער האָט קאָמפּאָנירט מוזיק צו די קינדער־לידער, וואָס זענען געזונגען געוואָרן מיט דעם קליינוואַרג.

אויך די פרעבליסטינס פון די קינדער־היימען זענען געווען צוגעשריבן צו די רעסאָרטן, ווי דאָרטיקע אַרבעטערינס. פון דער פאַבריקס־אָנפירונג האָבן זיי באַקומען געהאַלט און שפּייז־צוטיילונג. אַלס אינספּעקטאָרין פון די קינדער־אַנשטאַלטן איז באַשטימט געוואָרן פרוי מאַיעראָוויטש, אַ געוועזענע גימנאַזיאַל־לערערין. 466

אין קיין מקור — אַרכיוו־דאָקומענטן, זכרונות, גבית־עדות — איז נישט פאַראַן די מינדסטע אָנדייטונג, אַז רומקאָווסקי זאָל האָבן זיך אַריינגעמישט אין די ענינים פון דער געהיימער דערציִונג. אָבער עס איז אָן שום ספק, אַז ער

האָט געוווסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אָט דעם שולוועזן. די „איבערשיכטונגס־קאָמיסיע" האָט דאָך נישט געהאַט קיין אייגענע פאָנדן אויף אויסצוהאַלטן געהאַלט די לערער און אינסטרוקטאָרן. זיי זענען דאָך אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די רעסאָרטן. געלט דערויף האָט געקאָנט באַשטימען נאָר דער יודענעלטעסטער. ער האָט משמעות געהאַלטן פאַר נוצלעכער נישט צו מישן זיך אין דער געהיימער דערציונג. געווען נאָך אַן אינסטיטוציע אין געטאָ, וואָס האָט געפירט אַ האַלב לעגאַלע טעטיקייט, כמעט אַן דער אַריינמישונג פון רומקאָווסקין, נעמלעך: דער „„אַרכיוו פונעם יודענעלטעסטן". דאָרט איז געשריבן געוואָרן דער „Biuletyn Kroniki Codziennej".

✶

די קורסן ביי די רעסאָרטן, שוין צוזאַמען מיט דעם „שולכל", האָבן פאַר־שטענדלעך נישט געקאָנט געבן אַזאַ אַלגעמיינע בילדונג, ווי אין אַ נאָרמאַלער צייט און אין יאָר 1943 האָט מען אין לאָדזשער געטאָ שטאַרק געגלויבט, אַז מ'וועט איבערלעבן די דייטשע אויסראָטונג: די מלחמה דערנענטערט זיך צום סוף און מ'דאַרף צוגרייטן די קינדער צום געהעריקן לערנען אין אַ נאָרמאַלער שול. מ'האָט דעריבער גענומען לערער צו פּריוואַטע לעקציעס פאַר קינדער. אַזעלכעס האָבן זיך געקענט דערלויבן נאָר עלטערן פון בעסער סיטואירטן שיכט אין געטאָ, ווייל פאַר פּריוואַטע לעקציעס האָט מען געמוזט צאָלן אין „נאַטור" ד.ה. מיט זופּן אָדער שפּייז, און מ'האָט געצאָלט.

אין באַשריבענעם פּעריאָד זענען אויך געווען זייער פאַרשפּרייט די געהיימע חדרים, ווו מלמדים האָבן געלערנט מיט קינדער פון אלף־בית ביז גמרא. דער־וואַקסענע בחורים און עלטערע פרומע יידן האָבן אויך געלערנט אין געהיים תורה.[467]

## ד. די קולטור־טעטיקייט ביי די רעסאָרטן

אין אָט די „שטילע רואיקע" חדשים, אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר 1943, האָט זיך דאָס כלל־לעבן אין געטאָ בעיקר קאָנצענטרירט אַרום די רעסאָרטן, פאַבריקן און וואַרשטאַטן, וואָס האָבן יעדן פרימאָרגן אַריינגענומען אין זייערע בנינים אַרום 78,000 מענטשן. יענע בנינים זענען פאַר די געטאָ־איינוווינער געווען אַ מין „מקום מקלט" ווו מ'האָט זיך געפילט זיכערער. אויף די געטאָ־גאַסן האָט פאַרפאָלגט דער פּחד פאַר געכאַפּט צו ווערן אויף „אַרבעט" דורך דער א.ד. — און זאָנדער־פּאָליציי. אויך אין די דאָזיקע שטילע חדשים איז אָפטמאָל פאָרגע־קומען אַ כאַפּעניש אויף די גאַסן, ווען מ'האָט געדאַרפט פול מאַכן דעם קאָנטינגענט פון „אַרויסשיקן אויף אַרבעט" אין וועלכן עס איז לאַגער. אין די בנינים פון די

רעסאָרטן איז מען געווען זיכערער צו בלייבן אויפן אָרט. דאָרט זענען אויך געווען די קיכן, דאָס שולוועזן און דאָרט האָט זיך אויך אין די דערמאָנטע חדשים קאָנצענטרירט די קולטור־טעטיקייט.

אין געטאָ גופא זענען נאָך פאַר דער „שפּערע", ווי שוין דערמאָנט, אויף רומקאָווסקיס באַפעל, וועלכן ער האָט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט, געש־לאָסן געוואָרן אַלע עפנטלעכע לאָקאַלן. דאָס „קולטור־הויז" אויף קראַוויעצקי 3 איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַבריק פון געשטעפּטע קאָלדרעס. עס האָבן אויפגעהערט די טעאַטער־פאָרשטעלונגען און קולטור־אימפּרעזעס, אָבער ווי נאָר די געטאָ־איינוווינער האָבן אַ ביסל זיך איינגעשטילט נאָך דער גרויליקער דעפּאָר־טאַציע אין די סעפּטעמבער־טעג, האָט ווידער אויפגעוואַכט דער ווילן צו קולטור־טעטיקייט. אין די רעסאָרטן האָבן אויך געאַרבעט די באַטייליקטע אין פריערדיקן, אַזוי גערופענעם „אַוואַנגאַרד"־טעאַטער, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון מ. פולאַווער, האָבן זיי ביי די פאַבריקן איינגעשטעלט דראַמאַטישע קרייזן, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט פּונקט ווי פריער רעווי־פאָרשטעלונגען.[468]

די ערשטע אימפּרעזע פון דעם מין איז פאָרגעקומען אין דער גרינצייג־אָפּטיילונג, וואָס האָט באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער. אין דעם רעווי־פּראָגראַם, געשטעלט אין חודש אַפּריל, איז אויך געווען אַ סאַטירישער נומער אויפן חשבון פון דער „זאָנדער"־פּאָליציי, ווועמענס שומרים אין אַ בעקעריי זענען געווען פאַרמישט אין אַ גניבה פון מעל. גראָד דער נומער האָט געהאַט אַן אויסער־געוויינלעכן דערפאָלג ביי די צושויער. בעת דער דריטער פאָרשטעלונג איז געקומען דוד גערטלער און שטרענג פאַרבאָטן אויפצופירן דעם סאַטירישן נומער. אויף דעם באַדן איז געקומען צו אַ שטרייט צווישן געשטאַפּאָ־אַגענט און דעם יודענעלטעסטן. ער איז גראָד געווען פאַראינטערעסירט, גערטלערס „זאָנדער" זאָל ווערן עפנטלעך אויסגעלאַכט. אָבער דעם סאַטירישן נומער האָט מען געמוזט באַזייטיקן.[469]

די גרעסטע רעווי־פאָרשטעלונג מיט אַ ברייטן פאַרנעם האָט אין חודש מאַי אָרגאַניזירט דער פּאַפּיר־רעסאָרט, אָנגעפירט פון מ. בייגעלמאַן. די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט באַשעפטיקט אַרום 1000 אַרבעטער. אָבער דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט מער פעיקע יוגנטלעכע, וואָס האָבן אין ערשטן געטאָ־יאָר געלערנט און געענדיקט די שול, וועלכע האָט דעמלט עקזיסטירט. אין מאַי האָט דער פּאַפּיר־רעסאָרט אָפּגעשלאָסן זיין צוויי־יעריקע עקזיסטענץ און די אָנפירונג האָט באַש־לאָסן איינצואָרדענען אַ „פייערונג" אין דעם געדענק־טאָג. עס איז געווען אין פּלאַן צו מאַכן אַ מין „אַקאַדעמיע" מיט רעדעס. אָבער אַזאַ אַרויסטריט האָט רומקאָווסקי פאַרבאָטן. אונטער דער אָנפירונג פון יאַקאָב פּאָזנאַנסקי, דער מחבר פון דעם באַקאַנטן טאָגבוך, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אַנסאַמבל פון 70 פּערזאָן,

וואָס האָט צוגעגרייט אַ כאָר, אַ באַלעט־גרופּע און סקעטשן. אין זיין טאָגבוך האָט י. פּאָזנאַנסקי געגעבן אַזעלכע נאָטיצן וועגן דער אימפּרעזע:

„20־סטער מאַי: אין אונזער רעסאָרט דויערן די צוגרייטונגען צו דער אַרטיסטישער אימפּרעזע. מענטשן הונגערן און פּאַר אַ צוגאָבלעכן טעלער זופּ מאַכן זיי פון זיך קאָמעדיאַנטן און ביי דעם רעכענען זיי אויף דער מעגלעכקייט פון באַקומען מתנות אין דער פאָרם פון אַ צוגאָב־טאַלאָן אויף שפּייז".

„31־סטער מאַי: די אָנפירונג פון רעסאָרט האָט אויסגענוצט די גענעראַל־פּראָבע און פאַרטיילט אַ 550 בילעטן. אַ 200 פּערזאָן זענען סתם אַריינגעגאַנגען — — — דאָס פּראָגראַם האָט, לויט מיין מיינונג נישט געהאַט קיין אַרטיסטישן ווערט, אָבער עס זענען געווען רעווי־נומערן, וועלכע מ'האָט געדאַרפט באַזייטיקן. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּאַראָדיע פון אַ צדיק מיט זיינע חסידים. די נומערן האָבן אויסגעלאַכט די רעליגיעזע געפילן פון אַ באַדייטנדן טייל מענטשן פון אונדזער ראַיאָן. אין נאָרמאַלע צייטן וואָלט אַזאַ בילד אַרויסגערופן אַמהעכסטן אַן אומשעדלעך געלעכטער ביי די צושויער. איצט, ווען מיר זענען פאַרשלאָסן אין די ענגע מויערן, אַרומגערינגלט מיט דראָטן, באַשפּיגן דורך די דייטשן — דאַרף מען נישט אויפפירן אַזאַ נומער".[470]

פּאָזנאַנסקי האָט אויסגעפּועלט, אַז פון רעווי־פּראָגראַם זאָל באַזייטיקט ווערן דער נומער, וואָס חוזקט פון רבין און חסידים.

די אָנפירונג פון רעסאָרט האָט געמאַכט די וויטגייעניקסטע אָנשטרענגונגען, אַז די פּני פון געטאָ, באַזונדערס רומקאָווסקי מיט זיינע מקורבים זאָלן זיין אָנוועזנד אויף דער „פייערלעכער" פאָרשטעלונג. אויף דער צווייטער פאָר־שטעלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם ערשטן יוני, האָט זיך באַוויזן רומקאָווסקי מיט זיין סוויטע. דער כאָר און באַלעט איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם קאָמ־פּאָזיטאָר דוד בייגלמאַן. די פאָרשטעלונג איז זייער געפעלן רומקאָווסקין מיט זיינע באַגלייטער. דער „פּרעזעס" האָט באַלוינט: די קינדער, באַטייליקטע אין באַלעט — אַ קילאָ צוקערלעך, יעדער מיטגליד פון אַרטיסטן אַנסאַמבל — 1 קילאָ פלייש און 2 קילאָ ברויט, די כאָריסטן — אַ קילאָ פלייש און 1 קילאָ ברויט.

די רעוויע איז אויפגעפירט געוואָרן 4 מאָל פאַר אַ גרויסן עולם, וואָס איז געקומען אויך פון אַנדערע רעסאָרטן.

אויך די א.ד.־פּאָליציי האָט אָרגאַניזירט אַ רעווי־פאָרשטעלונג פון אירע מענטשן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן 3־טן יאָרטאָג פון אַנטשטיין פון דעם גוואַלט־אַפּאַראַט. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט מיט זיינע קאָ־מיסאַרן, וואָס האָבן זיך באַטראַכט ווי די „אַריסטאָקראַטיע" פון געטאָ, האָבן די רעווי־פאָרשטעלונגען געגעבן אין פּוליש.[471] דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט אין דער יובילעי־דאַטע אַרויסגעגעבן אַ „טאָגבאַפעל", אין וועלכן ער האָט שטאַרק

געלויבט די טעטיקייט פון דעם „מאַכט"־אַפּאַראַט אין משך פון זיין 3 יאָריקער עקזיסטענץ.

אין דעם ערשטן האַלבן יאָר 1943, האָבן כמעט אַלע רעסאָרטן אָרגאַניזירט רעווי־פאָרשטעלונגען פון אייגענע „שפּילער", אָדער מ'האָט זיי „אויסגעבאָרגט" ביי די אונטערנעמונגען, ווו עס האָבן געאַרבעט אַקטיאָרן. די לידער פון די רעווי־פאָרשטעלונגען האָבן זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ. יאַנאָווסקיס הומאָר און סאַטירע האָט אַריינגעבראַכט הייטערקייט אין דעם אומעטיקן געטאָ־לעבן. משה פּולאָווער, דער געוועזענער אַרטיסט פון „אַראַראַט" און אָרגאַניזאַטאָר פון געטאָ־טעאַטער „אַוואַנגאַרד", האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן יענעם פּעריאָד:

„ווי דער הונגער האָט נישט געשפּרייזט מיט ריזיקע טריט אין געטאָ, האָט מען אין די וואַרשטאַטן געהערט זינגען. בעתן זינגען ביי דער אַרבעט האָט מען אַלץ פאַרגעסן, אַפילו אַז מען געפינט זיך אין געטאָ — — — ווען מען האָט געקאָנט שפּילן טעאַטער אין געטאָ, איז געווען יום־טוב. איר האָט געקאָנט הערן: „היינט גייט מען אין טעאַטער אויפן בוידעם, מאָרגן וועט מען זיין אין טעאַטער אין קעלער". מ'האָט זיך געוויצלט. מ'האָט נישט געקאָנט אָפּשאַצן ווי ערנסט עס איז די לאַגע אין געטאָ".

בכלל האָט אין דעם דאָזיקן „רואיקן" פּעריאָד אין לאָדזשער געטאָ זיך כסדר געשטאַרקט דער גלויבן, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון דער מלחמה און מ'וועט איבערלעבן: „די דייטשן זענען פאַרנומען מיט זיך, זיי ליידן מפּלות אויף די פראָנטן" — דאָס האָט מען זיך דערוווּסט פון די געהיימע ראַדיאָ־הערער, וועלכע האָבן געבראַכט ידיעות — און דעריבער האָבן זיך אָפּגעשטעלט די דע־פּאָרטאַציעס — אַזוי האָט מען גערעדט אין געטאָ. אָט די דאָזיקע פאַרפירערישע זיכערקייט, וואָס האָט איינגעשלעפערט די וואַכזאַמקייט פון די געטאָ־איינוווינער האָט געבראַכט אויך צום פּראַווען די יובילייס פון די רעסאָרטן.

עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז די אָנפירער פון די רעסאָרטן האָבן געוואָלט אונטערציען אַ סך הכל פון דער אָפּגעטוענער פּראָדוקטיווער אַרבעט אין געטאָ ביי יענע שרעקלעכע באַדינגונגען. עס איז דעריבער נישט אָנצונעמען די יובילײ־פייערונגען און די רעווי־פאָרשטעלונגען אין יענעם פּעריאָד, נאָר ווי אַ ווילן פון די אָנפירער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען זיך צו פאַרוויילן און צו באַקומען שפּייז־פּרעמיעס פון רומקאָווסקין.

דער ווילן אונטערצוציען אַ סך הכל פון דער אָפּגעטוענער פּאָזיטיווער אַרבעט אין געטאָ האָט טאַקע באַקומען זיין אויסדרוק אין די אַלבאָמען, וואָס די רעסאָרטן האָבן געשאַפן אין שייכות מיט זייערע יובילייס. אַ חוץ די לויב־געזאַנגען פאַר דעם „פּרעזעס" (רומקאָווסקי) זענען פאַראַן אין די אַלבאָמען פּרעציז אויס־געפירטע סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען, דיאַגראַמעס פון דער פּראָדוקציע פון יעדן

רעסאָרט. די דאָזיקע אויפשטעלונגען בילדן אַ רייכלעכן מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון געטאָ ליטצמאַנשטאָדט.[472]

אויך רומקאָווסקי האָט אין דעם פעריאָד שוין אָנגעהויבן אונטערציען אַ סך־הכל און געפּרוּווט געבן אַ בליק אין דער צוקונפט. אין 1־טן מאַי 1943 האָט דער יודענעלטעסטער געפּראַוועט אַ 3 יעריקן יובילײ פון „זײַן" „געטאָ־מלוכה", ווען ער האָט געהאַלטן פון ערשטן מאַי 1940, ווען אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט איז דאָס געטאָ געוואָרן אָפּגעשלאָסן. די דאָזיקע טרויעריקע דאַטע האָט רומ־קאָווסקי געפייערט מיט אַן אָוונטברויט פאַר זיין ענגערן אַפּאַראַט.

אין זיין טאָגבוך האָט יאַקוב פּאָזנאַנסקי, אונטער דער דאַטע פונעם 10־טן מאַי 1943 אַזוי געשריבן וועגן דער פייערונג

„בעת דעם אָוונטברויט זאָל רומקאָווסקי זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז אין דעם יאָר וועט זיך ענדיקן די מלחמה און צו דעם דאַרף מען אָנהייבן זיך ווי געהעריק צוגרייטן, כדי אין מאָמענט ווען מען וועט עפענען דאָס געטאָ, זאָל נישט קומען צו קיין כאַאָס, באַזונדערס אויף דעם אַפּראָוויזאַציע־אָפּשניט". דאַביי האָט דער יודענעלטעסטער אויך פאַרזיכערט, אַז ער וועט בעסער אָרגאַניזירן די אורלויבן אין די אָפּרו־הייזער אין מאַרישין און וועט פאַרגרעסערן דעם צוטייל פון טאַלאָנען. ער האָט זיך ווייזט אויס אַליין דערשראָקן פאַר זיינע אָפּטימיסטישע רייד און ער האָט גענומען זיך צוריקציען פון דעם וואָס ער האָט געזאָגט. אויף אַ צווייטן אָוונט־ברויט, אין שייכות מיטן 3־טן יאָר יובילײ פון דער עקזיסטענץ פונעם געטאָ, ביי דער באַטייליקונג פון 200 פערזאָן פון די פּני, האָט רומקאָווסקי דערקלערט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט אויף דעם ערשטן צוזאַמענקונפט, איז זיין פּריוואַטע מיינונג.

רומקאָווסקיס רייד זענען באַלד פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן אין געטאָ, וואָס עס האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם אָפּטימיזם. אַזוי האָט דער אָנפירער פון דער שול־אָפּטיילונג („אומשיכטונגס־קאָמיסיע") צוזאַמענגערופן אַ גרופּע לערער און אין שייכות מיט רומקאָווסקיס רעדע, זיך געוואָנדן צו זיי וועגן פאַרטראַכטן זיך איבער די שריט, וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן, בעת דעם איבערגאַנגס־מצב נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה.[473]

דער אָפּטימיזם פון די געטאָ־איינוווינער, וואָס איז דער דייטשער מאַכט אַזוי נויטיק געווען פאַר דער פאַרמאַסקירונג פון אירע ווייטערדיקע יידן־אויסראָ־טונגס־פּלענער, איז זייער ברייט אויסגענוצט געוואָרן דורך די געשטאַפּאָ־אַגענטן אין געטאָ. עס האָבן אָנגעהויבן קורסירן קלאַנגען, אַז די דייטשע מאַכט וועט עפענען דאָס געטאָ. עס וועלן באַזייטיקט ווערן די דראָט־פאַרצוימונגען. „די דייטשן אַליין האָבן באַשלאָסן צו מילדערן זייער קורס צו די באַזיגטע פעלקער". די דאָזיקע ווערסיע איז געוואַקסן אין „געוויסהייטן". מ'האָט שוין אויך גע־שמועסט, אַז „רומקאָווסקי איז קעגן עפענען דאָס געטאָ צוליב דער סכנה, וואָס קאָן אַנטשטיין פאַר די יידן. ווען מ'זאָל באַזייטיקן די דראָט־פאַרצוימונגען וועלן

דייטשן קאָנען גיין אומגעשטערט איבער יידישע הייזער און מאָרדן און רויבן״. אַ חוץ די דאָזיקע „געוויסהייטן״, זענען אויך פאַרשפּרייט געוואָרן אמתע ידיעות וועגן די דייטשע מפּלות אויפן פראָנט, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך די געהיימע ראַדיאָ־הערער. די ידיעות האָבן אָנגעפילט די הערצער פון די געטאָ־איינוווינער „מיט פרייד און אויפמונטערונג״.[474]

די פּראָטעקציע ביי דער צוטייל פון באַשפּייזונג האָט ווייטער אָנגעהאַלטן. דעם העכסטן שפּייז־צוטייל פאַר אַרבעטנדיקע האָבן באַקומען די אָנפירער פון די רעסאָרטן. י. פּאָזנאַנסקי, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער ווירטשאַפטס־אָפּטיילונג אין פּאַפּיר־רעסאָרט האָט אין זיין טאָגבוך אַזוי געשילדערט די שפּייז־פּאַר־טיילונג:

„3 אָנפירערס פונעם רעסאָרט האָבן באַקומען אַ גאַנצע שאַכטל חזיר־פלייש־קאָנסערוון, דער באַראַטער — אַ האַלבע שאַכטל און אַלע אַנדערע באַשעפּ־טיקטע אין רעסאָרט — צו האַלבע פושקעס קאָנסערוון רינדפלייש״.

אויך אין די היימען אין מאַרישין, וווּהין עס זענען געשיקט געוואָרן באַאור־לויבטע פון די רעסאָרטן איז איינגעשטעלט געוואָרן אַן ענלעכער סדר: די „מעכטיקע״ אין געטאָ — גערטלער, קליגער, יאַקובאָוויטש, אדוו. יאַקובסאָן און פאַרשטענדלעך אויך רומקאָווסקי, האָבן געהאַט אייגענע ווילעס. די קלענערע באַאַמטע האָבן באַקומען אַ געהעריקן אָפּרו אין די היימען און דער גרויסער אַרבעטער־עולים האָט באַקומען הבטחות: אַט וועט מען זיי געבן אַן אָפּרו־אָרט. אויך וועגן די „היימען״ אין מאַרישין זענען אין געטאָ פאַרשפּרייט געוואָרן די באַקאַנטע ווערסיעס, נעמלעך: די דייטשע אָנפירונג פון געטאָ — ביבאָוו, שווינדט — נעמט זיך אָן די עוולה פון די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, וואָס „זעען אויס ,בלאַס, ווייל מ׳גיט זיי נישט קיין אָפּרו־ערטער אין די היימען״.[475]

✶

דאָס שפּיטאָלוועזן איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן אין דעם באַשריי־בענעם פעריאָד. נאָכדעם ווי די דייטשע אויסראָטונגס־מאַכט האָט אין סעפּטעמ־בער 1942 ליקווידירט די שפּיטעלער און די קראַנקע געטריבן קיין כעלמנאָ אין די גאַז־אויטאָס — איז אין געטאָ ווייטער געבליבן טעטיק די געזונטהייטס־קאָמיסיע. זי האָט באַלד נאָך דער „שפּערע״ אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר אַנשטעקנדע קראַנקייטן. אין 1943 זענען שוין אין געטאָ ווידער געווען טעטיק 2 שפּיטעלער: אַ קליינער הייל־אַנשטאַלט מיט 80 בעטן און אויף מיצקעוויטש גאַס אַ צענטראַלער שפּיטאָל מיט 120 בעטן און אָפּטיילונגען פאַר כירורגיע און אינערלעכע קראַנקייטן.

די געזונטהייטס־אָפּטיילונג האָט אויך דעמלס איינגעשטעלט אַ סאַניטאַר־אויפזיכט איבער די געטאָ־פאַבריקן. אין יעדן רעסאָרט זענען געווען טעטיק —

אַ דאָקטאָר מיט אַ קראַנקן־שוועסטער. זיי האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף די אַרבעטער אין די אונטערנעמונגען. די דאָקטוירים ביי די פאַבריקן זענען געווען פאַרפליכטעט צו אַן אַרבעטס־טאָג פון 10—12 שעה.

אַ חוץ די דערמאָנטע מעדיצינישע אַנשטאַלטן איז אין די יאָרן 1943—1944, ביז דער ענדגילטיקער אויסראָטונג, געווען טעטיק אין געטאָ 3 אַמבולאַטאָריעס. יעדער דאָקטאָר האָט דורך דער געזונטהייטס־קאָמיסיע באַקומען צוגעטיילט 2000 נפשות צו באַדינען. אַ באַזונדערע סאַניטאַר־אָפּטיילונג, אָנגעפירט פון ד״ר שטי־לערמאַן, האָט זיך פאַרנומען מיט די קראַנקע, וואָס זענען געלעגן אין די שטובן. צו די קראַנקע, וואָס האָבן געבילדעט פון 25—30 פראָצ. פון דער באַפעלקערונג, האָט די סאַניטאַר־קאָמיסיע געשיקט קראַנקן־שוועסטער. זייער צאָל איז אָבער נישט געווען גענוג צו באַדינען אַלע שלאַפע, וואָס זענען געלעגן אין די בעטן. א[475]

# דייטשע מאַכט גרייט דעם ל'עצטן אויסראָטונגס־עטאַפּ פון לאָדזשער געטאָ

## א. הימלערס באַפעלן וועגן דער ענדגילטיקער לעזונג פון דער יידן־פראַגע

נאָך דעם 23־טן מערץ 1943, פאַרן אויפשטאַנד און ליקווידאַציע פונעם וואַרשעווער געטאָ, האָט הימלער באַפוילן דעם דייטשן געלערנטן עקאָנאָמיסט ד״ר ריכאַרד קאָרהער, אינספּעקטאָר פאַר סטאַטיסטיק ביי דער „רייכספאַרוואַלטונג פון עס. עס., ער זאָל באַאַרבעטן אַ רעפעראַט וועגן „דער ענדלעזונג פון דער יידנפּראַגע אין אייראָפּע״. לויט דער אויסרעכענונג פון דעם וויסנשאַפטלער זענען נאָך דעמלט געווען: אין „אַלטערסגעטטאָ טהערעזיענשטאַדט״ — 8,193 יידן, אין גענעראַל־גוווערנעמענט — אין די געטאָס קראָקע, ראַדאָם, לובלין, וואַרשע, לעמבערג — 297,914 און אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט — 87,180 יידן, צווישן זיי 83,133 מיט „אַמאָליקער פּוילישער בירגערשאַפט״. [476]

דעם 10־טן מאַי 1943, ווען צווישן די חורבות פונעם וואַרשעווער געטאָ זענען נאָך געגאַנגען די קאַמפן פון יידן קעגן דער דייטשער באַוואָפנטער מאַכט, האָט הימלער געבעטן ביי די געהעריקע פּאָליציי־אָרגאַנען צו פאַרגרעסערן די צאָל פון פּאָליציי אין גענעראַל־גוווערנעמענט, אויף נאָך 5,850, כדי ווי אַמגיכסטן צו קענען „עוואַקואירן״ די דאָרטיקע 300,000 יידן, וואָס „ווייזן אַרויס אומרו־איקייט״. [477]

עס זענען, לעת עתה, נאָך נישט אָפּגעזוכט געוואָרן די דאָקומענטן, וואָס זאָלן פעסטשטעלן מיט וואָס פאַראַ צאָל איז אויף הימלערס פאַרלאַנג, פאַרגרעסערט געוואָרן די פּאָליציי און מיליטער נאָכן דערשטיקן דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אָבער פון די אויבן געבראַכטע דאָקומענטן ווערט קלאָר, אַז קודם כל איז הימלערן געגאַנגען אין ליקווידירן די 300 טויזנט יידן פון גענעראַל־גוווערנעמענט. דער באַוואָפנטער קאַמף פון די וואַרשעווער יידן האָט געדראָט זיך אַריבערצוטראָגן אויך אין אַנדערע גרעסערע געטאָ־קאָנצענטראַציעס אין יענעם געביט. אַזוי איז טאַקע שפּעטער געשען אין טשענסטאָכאָוו, אין גאַליציען דיסטריקט, אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע.

די גרעסטע געטאָ־קאָנצענטראַציע איז דעמלס געווען אין ליטצמאַנשטאַדט. פאַר דעם געטאָ האָט די דייטשע מאַכט מורא געהאַט און באַמיט זיך ווייך אומ־

צוגיין מיט דער לאָדזשער געטאָ־איינוווינער, וועלכע זענען געווען הערמעטיש אָפּגעשלאָסן, פאַראייניזאַמט אין זייער גוראַנגל קעגן פילפאַך באַוואָפנטן שונא און פון ערגעץ נישט געקאָנט באַקומען קיין געווער.

*

לויט גלאבאצניקס אויסראָטונגס־פּלאַן * האָט די דייטשע מאַכט אין פרילינג 1943 דורכגעפירט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון די געטאָס אין גענעראַל־גוווערנעמענט. עס זענען ליקווידירט געוואָרן: דאָס געטאָ אין טשענסטאָכאָוו, ווו אַ יידישע קאַמפס־גרופּע האָט זיך געגרייט צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, די געטאָס אין: פּיעטריקאָוו, קעלץ, ראַדאָם, הרוביעשאָוו, לוקאָוו און אַ ריי געטאָס אין גאַליציע, ווו יידן האָבן מיט געווער געקעמפט קעגן די פּאַרטיליקער.

אין אַ באַריכט, פון גענעראַל קאַצמאַן — אָנפירער פון עס. עס. און פּאָליציי אין ראַיאָן פון גאַליציע, וואָס איז דעם 30־טן יוני 1943 צוגעשיקט געוואָרן דעם גענעראַל פון וואַפן־עס. עס. ווילהעלם קריגער, זאָגט זיך: „צוליב דעם, וואָס עס האָלטן אין איין אָנקומען אַלאַרמירנדע ידיעות וועגן דער שטייגנדער באַוואָפענונג פון די יידן, זענען אין די לעצטע טעג פון יוני 1943, גלייכצייטיק אין אַלע טיילן פון גאַליצישן דיסטריקט, אָנגענומען געוואָרן די שאַרפסטע מיטלען צו פאַרניכטן דעם יידישן באנדיטיזם — — — וואָס קלענער די צאָל יידן, וועלכע זענען געבליבן אין דיסטריקט, אַלץ מער פאַרביסן איז זייער ווידערשטאַנד. אין קאַמף באַנוצן זיי זיך מיט פאַרשידנאַרטיק געווער, צווישן אַנדערע פון איטאַל־יענישער אָפּשטאַמונג”.[478]

נאָך דער דאָזיקער אויסראָטונג פון הונדערטער טויזנטער יידן און פאַר־ניכטונג פון אַ גרויסער צאָל אַרבעטס־כוחות, איז די דייטשע מאַכט צוגעטרעטן צום ליקווידירן די לעצטע גרויסע געטאָ־קאָנצענטראַציעס — לאָדזש, ביאַליסטאָק און ווילנע.

---

* וועגן גלאָבאָצקינס אויסראָטונגס־פּלאַן צו קאָנצענטרירן אין לאַגערן די לעבנ־געבליבענע יידן און צו פאַרטיליקן זיי נאָכן אויסנוצן ביי שווערער אַרבעט — זע אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

## ב. געמיינזאַמער אויסראָטונגס־פּלאַן פאַר די געטאָס פון לאָדזש און ביאַליסטאָק

די געטאָס פון לאָדזש און ביאַליסטאָק* האָבן אין יענעם פעריאָד, 1943, געהאַט צווישן זיך עפּעס געמיינזאַמעס. ביידע געטאָס, הגם צאָלמעסיק פאַרשידן, האָבן געהאַט אַ געוויסע באַדייטונג פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט און איבער ביידע האָט געהאָנגען דער פאַרניכטונגס־גזר. אויך די יודענעלטעסטע פון די דערמאָנטע געטאָס — רומקאָווסקי (לאָדזש), באַראַש (ביאַליסטאָק) האָבן אין זייער טעטיקייט געהאַט פיל געמיינזאַמעס. אין פרילינג 1943, נאָך דער ליקווי־דאַציע פונעם וואַרשעווער געטאָ און די מאַסן־אויסראָטונג פון די יידן אין גע־נעראַל־גווּוערנעמענט, האָט די דייטשע מאַכט זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט די דערמאָנטע צוויי געטאָס.

אין יענעם פעריאָד, איז אין דער דייטשער אויסראָטונגס־אַקציע אַריינגע־טרעטן אַ נייער פאַקטאָר, נעמלעך: די „אָסט־אינדוסטריע״ (אָסטי״) — איינע פון די דייטשע טייוולאָנישע דערפינדונגען, ווי אַזוי אויסצונוצן די יידישע אַרבעטס־קראַפט ביז דעם איבערפירן די יידן אין די גאַז־קאַמערן.

צו דעם צוועק זענען דורך דעם מאָנסטער־רוצח אָדילל גלאָבאצניק אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אין אָנהויב יאָר 1943 די אַזוי גערופענע „לובלינער לאַגערן״. זיי האָבן געהערט צו אַן אָפיציעלער דייטשער האַנדלס־געזעלשאַפט מיט באַגרענעצטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט — א. ג. אָסט אינדוסטריע״ פאַרקירצט „אָסטי״ („מזרח־אינדוסטריע״). די „געזעלשאַפט איז אין מערץ 1943 אָפיציעל רעגיסטרירט געוואָרן אין דער קאַנצעלאַריע פון רעיענט — ד״ר וו. שניידער אין בערלין און באַשטע־טיקט געוואָרן דורך אַ רעיענטאַלן אַקט א. ג. 169/43 דער גרינדונגס־קאַפּיטאַל איז באַשטימט געוואָרן אויף 100,000 רייכסמאַרק. די סומע האָבן איינגעצאָלט: מיניס־טעריאַל־דירעקטאָר אָסוואַלד פּאהל — 75,000 ר״מ און דער דיפּלאָמירטער אינ־זשינער — געאָרג לערער — 25,000 ר״מ. ווי ביי יעדער האַנדלס־געזעלשאַפט, האָט אויך די „אָסטי״ אויסגעוויילט אַן אויפזיכטס־ראַט פון גאָר וויכטיקע מענער פון דער עס. עס.־הערארכיע — דערפאַרענע אָנפירער פון יידנאויסראָטונג: הימ־לערס נאָענטסטער מיטאַרבעטער, דער שוין דערמאָנטער ווילהעלם קריגער; דער נאַטשאַלניק פון עס. עס. און פּאָליציי אין וואַרשע, איינער פון די ליקווידאַטאָרן

---

* די פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אין ביאַליסטאָק אַ געטאָ, האָט די דייטשע מאַכט אַרויסגעגעבן דעם 20־סטן יולי 1941 — אַ חודש נאָכדעם, ווי די דייטשע אַרמייען זענען באַפאַלן ראַטנפאַרבאַנד. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דעם 1־טן אויגוסט 1941. (ב. מאַרק, „אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ״, ז״ז 65, 67).

פונעם וואַרשעווער געטאָ — סאַמערן פראַנקענעג און גענעראַל פון וואַפען עס.עס. — אָסוואַלד פּאָהל.[479]

די „אָסטי" האָט געבילדעט אַ מין קאָנצערן פון לאַגערן מיט אינדוסטריע־אונטערנעמונגען אין לובלינער ראַיאָן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין אין ענגן קאָנטאַקט מיט מיידאַנעק, כדי די יידן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די אָסט־אינדוסטריע־לאַגערן, זאָלן זיין די נאָענטסטע קאַנדידאַטן פאַר די מיידאַניקער גאַז־קאַמערן. „אָסט־אינדוסטריע" איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון עס.עס.־סעקטאָר „ריינהאַרדט־איינזאַץ"*, וועמענס הויפּט־ציל איז געווען די יידן־אויסראָטונג. בראש פון דער „אָסטי" איז געשטאַנען אדיל גלאָבאָצניק, דער ליקווידאַטאָר פון גאַנצער ריי געטאָס און יידן־לאַגערן.

אין די „אָסטי"־פאַבריקן זענען געווען באַשעפטיקט ביי שרעקלעכער שקלאַפן־אַרבעט צענדליקער טויזנטער יידן. די יידן, וואָס האָבן צוליב הונגער און אויסנוצונג פאַרלוירן די כוחות, זענען גלייך איבערגעפירט געוואָרן אין מיידאַנעק צום פאַרגאַזעווען, אָדער זענען אויסגעשאָסן געוואָרן אויף די ערטער. בכלל האָט דאָס לעבן פון די דאָזיקע געפייניקטע יידן געדאַרפט אַזוי לאַנג דויערן ביז זייערע אַרבעטס־ערטער וועלן פאַרנומען ווערן דורך פּאָליאַקן. אָט אין די „לובלינער" פייניקונגס־ און אויסראָטונגס־לאַגערן, האָבן די ערשטע געדאַרפט געבראַכט ווערן די יידן פון וואַרשעווער געטאָ (קיין פּאָניאַטאָוו), וואָס עס איז געשטערט געוואָרן דורך דעם אַפּריל־אויפשטאַנד.

אין פרילינג 1943 האָט אדיל גלאָבאָצניק געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט הימלערן וועגן איבערנעמען אין זיינע „אָסטי"־לאַגערן, די פאַבריקן און וואַר־שטאַטן פון די געטאָס פון ביאַליסטאָק און פון לאָדזש, וואָס עס וואָלט דעמלט דערפירט צו זייער ליקווידאַציע.[480]

---

* „ריינהאַרט־איינזאַץ" — אַ גוט אָרגאַניזירטע און באַוואָפנטע רוצחים־באַנדע פון עס.עס., וואָס האָט מיט אַלע מיטלען דורכגעפירט די אויסמאָרדונג פון צענדליקער טויזנטער יידן און געטראָגן דעם נאָמען „ריינהאַרדט־איינזאַץ" צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פונעם הויפּט־פּלאַנירער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער יידן־אויסראָטונג. ריינהאַרד היידריך איז צעשמעטערט געוואָרן דורך אַ באָמבע פון טשעכישע פּאַטריאָטן.

**26.**

# צעמענטירונג פון די אונטערערדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פון די חלוצים

## א. די צוגרייטונגען צו קעמפן קעגן די דייטשן

אין דעם „רואיקן" יאָר 1943, ביי דער בעסערער אַפּראָוויזאַציע, ווען געררט־לערס מענטשן האָבן „געטיילט" קאַרטאָפל, האָט דער ווייט גרעסטער טייל געטאָ־איינוווינער ווייטער געהונגערט. קראַנקייטן: אָפּענע לונגען־שווינדזוכט, מוח־אַנטצינדונגען, דעזענטעריע, הונגער־געשווילסט — האָט דעצימירט די „באַפעל־קלערונג". די שטערבלעכקייט איז דראָענדיק געוואַקסן. אין חודש יוני 1943, ווען הימלערס שטאַב האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט גלאָבאָצניקס „אָסטי" וועגן איבערנעמען אין זיינע לאַגערן די פאַבריקס־איינריכטונגען און מאַשינען פון לאָדזשער געטאָ צוזאַמען מיט די אַרבעטספעיקע יידן — האָט די דייטשע מאַכט פון ליטצמאַנשטאַדט שוין געגרייט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ. ווי ביי פריערדיקע אַזעלכע פאָרברייטונגען איז קודם כל פאַרקלענערט געוואָרן דער צופיר פון שפייז. דער הונגער און די קראַנקהייטן האָט זיך נאָך מער גע־שטאַרקט. „די צאָל פון מתים איז דערגאַנגען ביז 60 אַ טאָג. דאָס געטאָ האָט גע־גוססט" — אַזוי האָט ד"ר ל. שיקער באַשריבן אין זיינע זכרונות יענעם פעריאָד, ווען קיין דעפאָרטאַציעס זענען נישט פאָרגעקומען.[481]

ביי דעם דאָזיקן שרעקלעכן מצב האָט ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג ווייטער אַנגעהאַלטן דער אָפּטימיזם. די פאַרשפרייטער פון ראַדיאָ־ידיעות האָבן געבראַכט גוטע בשורות: דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן. צוזאַמענברוך פון דער פאַשיסטישער הערשאַפט אין איטאַליע. דעם 30־סטן יוני 1943 האָט י. פאָזנאַנסקי געשריבן אין זיין טאָגבוך:

„אָן שום ספק טיילט אונדז אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצע צייט פון סוף פון דער מלחמה. איך שטעל פעסט, אַז דער סוף וועט קומען אומגעריכט, ווען מיר וועלן אים אַמווייניקסטן דערוואַרטן".[482]

דער דאָזיקער אָפּטימיזם האָט געשטאַרקט דעם מוט ביי די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, באַזונדערס ביי די יוגנטלעכע. די פאַרטייען און די חלוצישע־ציוניס־טישע יוגנט — דער פראָנט פון די „קינדער פון מדבר־דור", האָבן גענומען צעמענ־טירן זייערע אָרגאַניזאַציעס. די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז ביזן סוף 1942 באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע גרופן — יוגנטלעכע און דערוואַקסענע — האָט

אין 1943, ווען די יוגנטלעכע זענען אַריינגעשיכטעט געוואָרן אין די געטאָ־פאַבריקן, אַלע איינגעשלאָסן אין דער אַזוי גערופענער „לעוויצאַ זוויאַנזקאָוואַ" (פאַריינס־לינקע"). די מער אַקטיווע יוגנטלעכע זענען געטיילט געוואָרן אין פינפטלעך. די בונדישע אָנפירונג האָט איינגעשטעלט ספּעציעלע קאַמפּס־גרופּן. אין זיינע זכרונות האָט נירנבערג געשריבן:

„מיר האָבן אין יענער צייט [1943] אָנגעהויבן אויפשטעלן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. זי איז געווען איינגעטיילט אין פינפטלעך. די יינגערע חברים און די וואָס האָבן נישט געדינט אין מיליטער, האָבן באַקומען אַ מיליטערישע צוגרייטונג. די באַגייסטערונג און דער ווילן צום קאַמף איז געווען אומגעהויער. די דיסציפּלין אַ מוסטערהאַפטע".

די דערמאָנטע פּאַרטייען האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט און ממילא נישט געקאָנט באַקומען קיין געווער. די מוסטערהאַפטע דיסציפּלינירטע קאַמפּס־גרופּן האָבן זיך נישט געקאָנט פאַרמעסטן קעגן דער אַכזריותדיקער דייטשער באַוואָפנטער מאַכט.[483]

אין יענעם פּעריאָד האָבן די גרופּירונגען פון דער ציוניסטיש־חלוצישער יוגנט דורכגעפירט אַ פאַרייניקונג און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעכע יוגנט־אָרגאַניזאַציע א.ב. „חזית הנוער הציוני" — „פראָנט פון ציוניסטישער יוגנט", וועלכער האָט איינגעשלאָסן די ציוניסטיש־חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „הנוער הציוני" א' און ב' אין דעם „חזית בני דור המדבר". לויט דער גבית־עדות פון דב לעמבערג, האָט דער „פראָנט" געציילט 800 מיטגלידער, אין עלטער פון 12—17 יאָר. 400 קינדער זענען געווען גרופּירט אין „גדודים", יעדער „גדוד" האָט געהאַט 3 „קבוצות". עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ העקטאָגראַפירטער „ביולעטין" * מיט אַרטיקלען און פּאָליטישע ידיעות, וועלכע עס האָט צוגעשטעלט איינער פון די אָנפירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ — חיים ווידאַווסקי, ער האָט געהערט צו די יחידים, געהיימע ראַדיאָ־הערער.[484]

## ב. שטרייקן אין די געטאָ־אונטערנעמונגען

ביי דעם מצב אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט האָט זיך געשטאַרקט די קעמפעריש־קייט און ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער אין די רעסאָרטן קעגן דער שווידערלעכער עקספּלאָאַטאַציע. צו דער אַלטער פאָרם פון שטרייק, דורך איבעררייסן די אַרבעט, איז צוגעקומען אַ נייע — „הונגער־שטרייק" דורך אָפּזאָגן זיך פון נעמען די רעסאָרט־זופּן, וואָס עס האָט באַקומען דעם נאָמען — זופּן־שטרייק". ביי דעם

* קיין איין עקזעמפּלאַר פון דעם „ביולעטין" האָט זיך נישט אָפּגעפונען אין די אַרכיוון פון לאָדזשער געטאָ.

אַלגעמיינעם הונגער, וואָס עס האָט געהערשט אין געטאָ, איז דאָס אָפּזאָגן זיך פון נעמען די הייסע זופּ, געווען אַן אויסדרוק פון אויסערגעוויינלעכער אַנטשלאָסנקייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אויף וועלכן עס איז אופן, קעגן דעם פיינטלעכן מצב אין געטאָ. די „זופּן־שטרייקן", וואָס האָבן אָנגעהאַלטן איבער דעם גאַנצן יאָר 1943 און אויך אין 1944, האָבן שרעקלעך דערצאָרנט רומקאָווסקין. ער איז אַליין געקומען אין די פאַבריקן און געפּרוווט ווירקן מיט גוטן אויף די יוגנטלעכע, זיי זאָלן נעמען די זופּן. ווען די רייד האָבן נישט געווירקט, האָט דער יודענעלטעסטער געפּאַטשט די יינגלעך, אַרויסגעוואָרפן פון פאַבריקס־לאָקאַל, וואָס עס האָט גע־בראַכט צו סימפּאַטיע־שטרייקן פון די דערוואַקסענע אַרבעטער.

אַזעלכע שטרייקן האָבן אויסגעבראָכן זומער 1943: אין שוסטער־רעסאָרט, צוליב אַ פאַראָרדנונג נישט אַרויסצולאָזן פון פאַבריקס־לאָקאַל די אַרבעטער, וועלכע האָבן נישט געמאַכט די נאָרמע. די דעלעגאַציע פון די „פאַריינס־לינקע": ווישינסקי, גאָלדבערג און באַק, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן דורך רומקאָווסקין צו אונטערהאַנדלען וועגן צוטרעטן צו דער אַרבעט, האָט באַקומען פון אים קלעפּ. טיילווייז זענען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער נאָכגעגעבן געוואָרן. די אָר־בעטס־נאָרמע איז געבליבן, עס איז אָבער אָפּגעשאַפט געוואָרן די פאַראָרדענונג נישט אַהיימלאָזן די אַרבעטער, וואָס האָבן נישט געמאַכט די נאָרמע. די באַ־שעפטיקטע אין דער אונטערנעמונג האָבן באַקומען דאָס רעכט צו האָבן די אויפ־זיכט איבער דער קיך, וואָס גרייט צו די מיטאָגן.

עטלעכע טעג האָט געדויערט דער שטרייק אין די וואַרשטאַטן, יאַקובא 6, צו רעמאָנטירן ניי־מאַשינען. די אָנפירער פון דער אונטערנעמונג האָבן געמוזט זיך אָפּזאָגן פון העכערן די נאָרמע פון דער פראָדוקציע. איזשאָ זעליקאָוויטש — איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון שטרייק איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. ענלעכע שטרייקן זענען פאָרגעקומען: אין די מעטאַל־פאַבריקן זגערזשער 56, לאַגעווניצקאַ 63, אין די עלעקטראָ־מעכאַנישע וואַרשטאַטן אויף לימאַנאָווסקי 36. די אַלע שטרייקן זענען אָנגעפירט געוואָרן פון די „פאַריינס לינקע" (קאָמוניסטן), ביי דער אונטערשטיצונג פון די אַנדערע פאַרטייען, וועמענס מיטגלידער, זענען געווען באַשעפטיקט אין די אונטערנעמונגען.

צו הילף די שטרייקנדע זענען געקומען אַרבעטער פון אַנדערע פאַבריקן. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן הילף אין „נאַטור". מ'האָט אַראָפּגעגעבן פון די הונגער־פאַרציעס צו שטיקלעך ברויט, לעפעלעך צוקער, אַ ביסל מעל, אַ פּאָר קאַרטאָפל.[485]

די דאָזיקע הילפס־טעטיקייט צווישן די אַרבעטער אין די געטאָ־אונטערנע־מונגען וואָס איז געפירט געוואָרן נישט בלויז בעת שטרייקן, האָט אין יאָר 1943 זיך אויסגעברייטערט צו אַן אַלגעמיינער אַקציע פון קעגנזייטיקער הילף, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַלע אַרבעטער־פאַרטייען אין געטאָ און פון דער חלוצ־

צישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אין זיין גבית־עדות האָט דב לעמבערג אַזוי געשילדערט די הילפס־טעטיקייט.

„דער סיסטעם פון זעלבסט־הילף צווישן די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע (ציוניסטישע יוגנט) איז געווען פינקטלעך באַאַרבעט. יעדער מיטגליד איז געווען פאַרפליכטעט אַריינצוטראָגן וועכנטלעך פאַר דער זעלבסטהילף: 100 גר. ברויט, 5 גראַם צוקער און צו צוואַנציק גר. פלייש און מאַרגאַרין״.[486]

די דאָזיקע הילפס־אַקציע האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון רומקאָווסקין. מיט זיין הסכמה זענען די אָנפירער פון די רעסאָרטן צוגעטרעטן צו פאַרוואַנדלען די זעלבסט־הילף אין אַ לעגאַלער אינסטיטוציע. לויט דעם פראָיעקט האָט ביי די פאַבריקן געדאַרפט אָרגאַניזירט ווערן הילפס־קאָמיטעטן, צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון די אַרבעטער און פון דער אַדמיניסטראַציע. צו די געזאַמלטע שפייז צווישן די אַרבעטער, לויט דעם אויבנדערמאָנטן סיסטעם, האָט די געטאָ־אָנפירונג באַדאַרפט צוגעבן פראָדוקטן פון דער אַלגעמיינער אַפּראָוויזאַציע. מיט פאַרטיילן די שפייז פאַר נויטבאַדערפטיקע האָבן זיך געזאָלט פאַרנעמען די קאָמיטעטן. די „פאַראייניגס־לינקע״ האָבן באַשלאָסן צו בויקאָטירן די לעגאַלע הילפס־קאָמיטעטן. אויף דעם באָדן איז געקומען צו שאַרפע סכסוכים צווישן דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע און אַרבעטער אין מעטאַל־רעסאָרט.

אין דער גרויסער שמידעריי אויף זגערזשער 56, האָט דער פאַבריקס־לייטער, אינזש. שאַטאַן, אויף אַ פאַרזאַמלונג אַפּעלירט צו די אַרבעטער, זיי זאָלן גרינדן אַזאַ „הילפס־קאַסע״. כענטשינסקי איז אין נאָמען פון די „לינקע״ אַרויסגעטראָטן קעגן. אויף זיין אויפפאָדערונג האָבן די אַרבעטער פאַרלאָזט די פאַבריק. עס איז געקומען צו אַ געשלעג צווישן אַן אַרבעטער מיט אַ מייסטער. עס האָט זיך באַוויזן רומקאָווסקי צוזאַמען מיט „זאָנדער״־פּאָליציי. דער יודענעלטעסטער האָט געליאַרעמט, געדראָט, געשלאָגן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט די דירעקציע באַזייטיקט 20 אַרבעטער, צווישן זיי: כענטשינסקי, ציטרין, ברידער בורמאַן און פליישמאַן. זיי האָבן זיך געדאַרפט מעלדן אין אַרבעטס־אַמט, וואָס עס האָט געדראָט צו ווערן דעפּאָרטירט.

מ׳האָט ביי די באַזייטיקטע צוגענומען די שפייז־קאַרטן. די פאַרפאָלגטע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און זייערע חברים האָבן אָרגאַניזירט אַ באַשפּייזונגס־אונטערשטיצונג. אין צוויי וואָכן אַרום האָבן די באַזייטיקטע באַקומען אַ פאַרזיכערונג, אַז מ׳וועט זיי נישט אַרויסשיקן פון געטאָ. דאַן האָבן זיי זיך געמאָלדן אין אַרבעטס־אַמט און געוואָרן איבערגעפירט אויף אַ גאָר „שווערער אַרבעט״ — — אויפן בית־עולם, ברוקירן די גאַסן אדג״ל, ווי אַ שטראָף פאַר זייער „חוצפה״.[487]

אַזעלכע ראַנגלענישן אויפן באָדן פון איינפירן „באַשפּייזונג הילפס־קאַסעס״ זענען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע פאַבריקן. די פאַרטייאישע אָנפירונגען

פון די אַרבעטער האָבן זיך קעגנגעשטעלט די לעגאַלע קאַסעס אויס מורא, זיי זאָלן נישט אויסגענוצט ווערן פאַר אַ נייעם סיסטעם פון קאָרופּציע און פּראָטעקציע, ווי עס זענען געווען די אָפּרו־„היימען" אין מאַרישין.

אין די זכרונות פון די „פאַראייניגס־לינקע", פאַרעפנטלעכט 20 יאָר נאָכן סוף פון דער מלחמה, אין נומער 54 פון „Biuletyn Żydowskiego Instytutu Hist." ווערט כסדר דערמאָנט, אַז אין די געטאָ־פאַבריקן איז דורך די „לינקע" פאַרשפּרייט געוואָרן דער רוף פון „P. P." וואָס האָט באַדייט אין פויליש — „Pracuj Powoli" (אַרבעט פּאַמעלעך), נישט געאײַלט. עס ווערן אויך דאָרט געבראַכט באַשרייבונגען פון סאַבאָטאַזש־אַקטן אין די פאַבריקן, באַזונדערס אין מעטאַל־רעסאָרט. דורך קאַליע מאַכן מאַשינען. רעמאָנטירן זיי אויף דעם אופן, זיי זאָלן נישט קאָנען פּראָדוצירן.[488] ביי דעם ביז איצטיקן דאָקומענטן־מצב לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן, אויף ווי ווייט די סאַבאָטאַזש־אַקטן און די לאָזונג „P. P." האָבן פאַקטיש געשטערט די אַרבעט אין די פאַבריקן אָדער פאַרקלענערט זייער פּראָדוקציע.

אין קיין שום אַנדערער קוועלע פון געטאָ־אַרכיוו ווערט נישט דערמאָנט וועגן סאַבאָטירן די אַרבעט און אויך נישט, אַז אויף דעם באָדן זאָלן האָבן פאַרגעקומען סכסוכים פון די אַרבעטער מיט דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע, דערפאַר די שטרייקן אין יאָר 1943, זענען פאַרדאָקומענטירט דורך באַשרייבונגען אין דער „Tageschronik" (B.K.C.־אויסגאַבע אין דייטש), די פּראָטעסטן פון די אַרבעטער זענען על פי רוב געווען קעגן באַליידיקן, פאַטשן, וואָס עס האָבן פּראַקטיצירט געוויסע רשעימדיקע פאַבריקס־אָנפירער, און פאַר בעסערער באַשפייזונג, פאַר באַקומען די דערמאָנטע „קאַלאָציעס" אדג"ל.

דער אויבן באַשריבענער שטורמישער שטרייק אין דער מעטאַל־פאַבריק זגערזשער 56, איז פאָרגעקומען אין אַ בנין אויפן סאַמע ראַנד פון געטאָ און האָט זיך געגרענעצט מיט דעם הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די דייטשע „שופּאָ", (שוץ־פּאָליציי). וואָס האָט געהיטן דאָס געטאָ. אָן שום ספק האָט מען דאָרט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר אין יידישן וווין־שטח. אָבער די אויסראָטונגס־סטראַטעגיע פון דער דייטשער מאַכט, האָט, ווי שוין דערמאָנט, געהאַלטן פאַר נויטיק אין יענעם פעריאָד נישט צו מישן זיך אין די אינערלעכע ענינים פון געטאָ. עס האָט געדאַרפט בלייבן די אילוזיע פון געענדערטע באַציאונגען „לטובה" פאַר די געטאָ־איינוווינער.

אַפילו אַזאַ דראַסטישער פאַל, ווי אַ דראָענדע שריפה, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין פאַפּיר־רעסאָרט, צו וועלכער עס זענען געקומען די דייטשע פייערלעשער פון ליטצמאַנשטאַדט און די זשאַנדאַרמעריע, איז אַדורך אָן וועלכער עס איז רעפּרעסיעס מצד דער דייטשער מאַכט. אויפן אָרט פון דער שריפה זענען באַלד אָנגעקומען די סאַמע שפּיצן פון דער יידישער געטאָ־אָנפירונג: רומקאָווסקי, דער קאָמענדאַנט פון א.ד.־פּאָליציי — ראָזענבלאַט, אָנפירער פון די רעסאָרטן —

יאַקובאָוויטש און דוד גערטלער. אָבער קיין שום פאַלגן פון דער שריפה, וועלכע איז איינגעלאָשן געוואָרן — איז נישט געווען. צום לעצטן מאָל האָט דער קאָמענ־דאַנט פון דער זאָנדער־פּאָליציי און געשטאַפּאָ־אַגענט, דוד גערטלער, זיך באַוויזן ווי אַן אָנפירנדע פּערזאָן אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, אין אַ חודש שפּע־טער איז גערטלער געוואָרן דעפּאָרטירט פונעם געטאָ.[489]

## ב. די ליקווידאַציע פון די לעצטע לאַגערן אין לאָדזשער אומגעגנט

וואָס ווייטער פון דער ליקווידאַציע פונעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אַלץ טעטיקער זענען געוואָרן די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן אין ליטצמאַנשטאַדט און געגנומען באַוויזן זייער ריכטיקן פּרצוף: דער הונגער אין געטאָ, האָט זיך כסדר געשטאַרקט. די לעצטע לאַגערן אין לאָדזשער ראַיאָן זענען געוואָרן ליקווי־דירט. פון דעם לאַגער אין אַנדזשעיאָוו, ווו עס האָבן געאַרבעט 4,00 יידן, זענען 15 פּערזאָן געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ. מ׳האָט זיי גלייך אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. דורך אַנדזשעיאָוו — אַ באַן־סטאַציע, 16 קילאָמעטער ווייט פון לאָדזש — זענען יידן, פאָרן חורבן, געפאָרן אויף זומער־וווינונג אין די ווילעס פון „ווישניאָווע גורא״ (קאַרשן באַרג״).* אָט יענע געגנט פון יידישער פרייד! האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ פּייניקונגס־לאַגער פאַר יידן.

אין דער זעלבער צייט האָט די דייטשע מאַכט אויך ליקווידירט דעם לאַגער אין פאַביאַניץ, וואָס האָט עקזיסטירט זינט דער ליקווידאַציע פונעם דאָרטיקן געטאָ אין מאַי 1942. אין לאַגער זענען געווען 180 יידן, צווישן זיי 20 פרויען. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפרוימען די יידישע וווינונגען. דאָס אַלטע מעבל האָט מען צענומען און די טיילן אַרויסגעוואָרפן. אָרטיקע סטאָליאַרעס האָבן די רעשטן אויפגעקליבן. אַלטע מאַטראַצן זענען צעטרענט געוואָרן און די ספּרעזשי־נעס און ים־גראַז, וואָס האָבן נאָך צו עפּעס געטויגט, איז אָפּגעגעבן געוואָרן די דייטשע טאַפּיצירערס. אַלע אַנדערע ווערטפולע זאַכן זענען טיילווייז צעגנבעט געוואָרן דורך דאָרטיקע דייטשע מאַכטהאָבער און די רעשט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער לאָדזשער געטאָ־פאַרוואַלטונג. נאָכן ליקווידירן דעם פאַביאַניצער לאַגער זענען די יידן איבערגעשיקט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ.[490]

✶

די אומרואיקייט אין געטאָ איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. די דייטשע מאַכט האָט, פונקט ווי ערב די פריערדיקע דעפּאָרטאַציעס. אויך איצט גענומען שטאַרק קאָנטראָלירן די אָפּגעשלאָסנקייט פונעם יידישן וווין־שטח. מיט אַמאָל האָבן אויפן ראַנד פון געטאָ, ביי דאָלנע גאַס, זיך באַוויזן דייטשע פּאָליציי און זשאַנדאַרן, זיי האָבן שטרענג דורכגעזוכט די געגנט. אין געטאָ „האָט מען געשמועסט״, אַז זיי האָבן געזוכט „אַריער״, וואָס זאָלן זיך האָבן אַריינגעבאַקומען אין יידישן וווין־

* קיין קאַרשן־באַרג איז דאָרט נישט געווען, נאָר אַ פּרעכטיקער סאָסנע־וואַלד.

שטח. לויט אַן אורטייל פון אַ דייטש געריכט זענען אין חודש יוני געוואָרן אויפ־געהאָנגען אין געטאָ 3 יידן: איינער פון פּאַביאַניץ, דער צווייטער פון זדונסקאַ וואָלאַ און אַן אומבאַקאַנטער. זיי זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אַנטלויפן פון אַ לאַגער. די עקזעקוציע איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע אָפּטיילונגען פון דער א.ד.־פּאָליציי, מיטן קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאָט בראש. אין געטאָ האָט מען געשמועסט, אז ווען די צום טויט פאַרמישפּטע זענען צוגעפירט געוואָרן צו דער תליה, האָבן זיי אויסגעשריגן: „נעמט נקמה פאַר אונדזער אומ־שולדיק בלוט״! [491]

## ג. די אומרואיקייט פון רומקאָווסקי און ביבאָוו

אויך די אָנפירערס פון געטאָ — רומקאָווסקי און ביבאָוו האָבן געוועזן אַרויסווייזן נערוועזיטעט. זיי האָבן וואַרשיינלעך געוווּסט, אַז אין די אַמטן פון הימלער און אייכמאַן פאַרנעמט מען זיך מיט דער פראַגע פון ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. דער סוחר פון ברעמען האָט נישט געוואָלט פאַרלירן זיין געטאָ־געשעפט און גיין אויפן פראָנט און דער יודענעלטעסטער האָט נאָך אַלץ געגלויבט, אַז דורך צופּאַסן זיך צו די דייטשע פאַראָרדנונגען און אויפהאַלטן די רו און אַרבעטס־דיסציפּלין אין הונגערנדיקן געטאָ, וועט ער אָפּראַטעווען אַ טייל פון „זיינע יידן״. האָבן דעריבער די צוויי געטאָ־אָנפירערס זיך באַמיט אָפּצוהיטן און אויפצוהאַלטן די אָרדנונג אין יידישן ווינ־שטח. רומקאָווסקי האָט דעמלס וויזיטירט די אַרבעטס־רעסאָרטן, אַפּראָוויזאַציע־אַמטן. ווען ער האָט באַמערקט, וועלכע עס איז אומפּינקטלעכקייטן, האָט ער געליאַרעמט, באַליידיקט, געגעבן פּעטש און פון די ביוראָען באַזייטיקט באַאַמטע. אויף אַן ענלעכן אופן האָט אויך ביבאָוו „באַזוכט״ די רעסאָרטן און געמאַכט סקאַנדאַלן פאַר נישט אָפּהיטן די אַרבעט, אָבער נישט געשלאָגן.

אויפן באַלוטער מאַרק, אין די ביוראָען פונעם יודענעלטעסטען זענען פּלוצים געקומען פאַרטרעטער פון דער דייטשער מאַכט און באַזייטיקט אַלע פרויען, וואָס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט, פון די ביוראַליסטינס ביז די רוימערינס. אויך רומקאָווסקיס סעקרעטאַרין, פריילין פוקס, איז פאַרטריבן געוואָרן פון איר ביוראָ־טיש. עס זענען באַזייטיקט געוואָרן 60 פרויען.

יאָקאָב פּאָזנאַנסקי, וואָס האָט באַשריבן דעם פאַקט אין זיין טאָגבוך אונטער דער דאַטע פון 10־טן יולי, האָט צוגעגעבן פאָלגנדע כאַראַקטעריסטישע באַמער־קונג:

„מענטשן שעפּטשען צווישן זיך אויפן אויער, אַז עס גייט אין אוממעגלעך מאַכן די דייטשן, וואָס קומען אין דער גמינע [רומקאָווסקיס ביוראָען] אַריינצור־

טרעטן אין פאַרטרויליכקייט מיט די יידישקעס". דער מחבר פונעם טאָגבוך האָט געהאַלטן, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט אָפּהיטן די דייטשן פון „ראַסנשאַנדע". [492]

*

קיין גרעסערע דעפּאָרטאַציעס זענען אין יענעם פּעריאָד נישט פאָרגעקומען, אָבער אָפּטמאָל זענען אויפן באַפעל פון דער דייטשער מאַכט דורכגעפירט געוואָרן אָבלאַוועס אין וווינונגען. מ'האָט אַרויסגענומען די מענטשן, אָפּגעפירט זיי אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה און אין עטלעכע טעג אַרום זיי אַוועקגעשיקט „אויף אַרבעט". אין דער נאַכט פון 18־טן יוני זענען דריי דרוקער־אַרבעטער און צוויי גראַווירער אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטן און מ'האָט זיי אַוועקשיקט קיין לייפּציג. די דעפּאָרטירטע איז דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען מלבושים און צוויי פּאָרלעך וועש.

די דאָזיקע געכאַפּטע פינף פאַכמענער פון דרוק־אַרבעט, זענען פאַקטיש געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד אין אַ דרוקעריי וווּ מ'האָט פאַבריצירט געפעלשטע ענגלישע וואַליוטע. דער פאַקט ווערט באַשטעטיקט אין דער גבית עדות פון לאָדזשער דרוקער־אַרבעטער נחום עדעלסבערג. ער האָט דערציילט:

„אין מאַי 1943 זענען ביינאַכט צו מיר געקומען א. ד.־פּאָליציאַנטן און מיך אַוועקגעפירט צו ראַזענשטיינען אין ביוראָ. * דאָרט האָט מען מיר געמאָלדן אַז איך מוז פאָרן אין דייטשלאַנד אויף אַרבעט ביי גוטע באַדינגונגען. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום בעטן און די דערקלערונג, אַז מיין פרוי איז קראַנק. מ'האָט מיך אָפּגעשיקט אַהיים און געגעבן פריי ביז 4 בייטאָג. דאַן זענען ווידער געקומען פּאָליציאַנטן און מיך אָפּגעפירט אין געשטאַפּאָ. פון דאָרט אין דער שטאָטישער תפיסה אויף שטערלינג־גאַס, וווּ מ'האָט מיך געהאַלטן 3 טעג. נאָך דעם טערמין האָט מען מיר באַפוילן אַראָפּצונעמען די געלע לאַטע מיטן מגן דוד. מיט דער באַן, אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען האָט מען מיך מיט נאָך עטלעכע פאַכמענער פון מיין בראַנזשע, געבראַכט קיין בערלין. דאָרט האָט געוואַרט אַ פאַרמאַכטער אַרעסטאַנטן־אויטאָ, וועלכער האָט אונדז אָפּגעפירט קיין זאַקסנהויזן אין אַ לאַגער. אויף אַרבעט האָט מען אונדז געשיקט אין אַן איזאָלירטן בלאָק. מיר זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין אַן ערשטקלאַסיק־מאָדערן אַיינגעריכטעטער דרוקעריי, וווּ עס האָבן געאַרבעט 34 יידן. זיי האָבן געדרוקט: ענגלישע פונטן, פאָסט־מאַרקן פון בריטאַניע און אַמעריקע און פאַרשידענע דאָקומענטן".

די יידן צוזאַמען מיט עדעלסבערג האָבן דאָרט געאַרבעט ביז אַפּריל 1944.

---

* ביוראָ פון דער געטאָ־דרוקעריי, מיט וועלכער עס האָט פאַרוואַלטעט רומקאָווסקיס הויף־זשורנאַליסט, געוו. רעדאַקטאָר פון דער „געטאָ־צייטונג" — ש. ראָזנשטיין.

שפּעטער האָט מען זיי צעשיקט אין לאַגערן. עדעלסבערג איז באַפרייט געוואָרן, ווען ער איז געווען אין לאַגער עבענזע.

נישט אַלע דעפּאָרטירטע פונעם יאָר 1943 האָבן געהאַט אַזאַ מזל. דעם 15־טן אויגוסט זענען 500 פּערזאָן צוגענומען געוואָרן פון די בעטן בעת אַ נאַכט־אָבלאַווע פון דער א.ד.־פּאָליציי. די אַרעסטירטע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער געטאָ־תפיסה. וועגן זייער סוף זענען נישט פאַראַן קיין שום ידיעות.

די דאָזיקע קליינע איבערפאַלן און דעפּאָרטאַציעס האָבן די געטאָ־איינ־ווינער אויפגענומען מיט פּחד און דערפילט, אַז עס ענדיקט זיך די רואיקע צייט. [493]

## ד. דוד גערטלערס „פאַרשווינדן" פון געטאָ

די סענסאַציאָנעלסטע געשעעניש אין געטאָ אין יאָר 1943, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אויפרודערונג און נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם אומרו ביי זיינע איינוווינער, איז געווען דאָס פּלוצלונגדיקע „פאַרשווינדן" פון דוד גערטלער.

דעם 13־טן יולי 1943 האָט די "Tageschronik„ געשריבן: „גערטלער איז אַוועק פון געטאָ". די ווייטערע טעג ביזן סוף פון חודש יולי האָט די „טאָגעס־כראָניק" זיך פאַרנומען מיט זיין פאַרשווינדן ווערן. עס זענען געבראַכט געוואָרן פאַרשידענע ווערסיעס, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט וועגן דער געשעעניש. נעמלעך:

„מען האָט געזען גערטלערן אַרויספאָרן פון געטאָ צוזאַמען מיט באַאַמטע פון „געשטאַפּאָ", גערטלער זאָל אויף אַן אויפטראַג פון דער דייטשער מאַכט האָבן געפאָרן קיין ווילנע, סאָסנאָוויץ אָדער וואַרשע; גערטלער פלעגט אָפט צוזאַמען מיט באַאַמטע פון געשטאַפּאָ אַוועקפאָרן פון געטאָ אין שטאָט אַריין, פון דאָרט פלעגט ער געבן אינסטרוקציעס זיין ביורא. מ'האָט זיך דעריבער געריכט אויף זיין צוריקקומען.

יאַקאָב פּאָזנאַנסקי האָט אין זיין טאָגבוך געבראַכט פאָלגנדע נאָטיצן וועגן גערטלערס „פאַרשווינדן" ווערן פון געטאָ:

„15/7, 1943: מיט 3 טעג צוריק איז פּלוצים פאַרשוואונדן דוד גערטלער. ער איז, משמעות, אַרויסגעפאָרן אין שטאָט. אין שייכות דערמיט זענען פאַרשפּרייט געוואָרן פאַרשידענע קלאַנגען. טייל זאָגן, אַז ער וועט זיך באַטייליקן אין דער ליקווידאַציע פון סאָסנאָוויצער געטאָ, וועמענס פּרעזעס, מערין, איז געוואָרן אויפ־געהאַנגען * די איינוווינער פון יענעם געטאָ, אין דער צאָל פון 20,000 זאָלן געבראַכט ווערן צו אונדז. אַנדערע ווערסיעס דערציילן, אַז גערטלער איז געוואָרן

---

* וועגן דער טעטיקייט פון משה (מאָניעק) מערין — זע אין ערשטן באַנד פון דער אַרבעט, ז"ז 333—340.

אַרעסטירט צוליב פאַרשידענע מאַכערייקעס". „18/7, 1943: גערטלער איז נאָך נישט צוריקגעקומען. וואָס ווייטער רעדט מען אַלץ העכער, אַז שפּעקולאַציעס און פאַרשידענע נישט דערלויבטע טראַנזאַקציעס, האָבן אים געבראַכט אין תפיסה".

„20/7, 1943: אין געטאָ איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז די מאַכט האָט אַרעסטירט גערטלערס פרוי און זי צוגענומען אין דער שטאָט. ביז איצט האָט זיך נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן וויפיל אין דעם איז פאַראַן אמת. קיינער ווייסט נישט גענוי, וואָס דאָס איז פאַר אַן אַפּערע. אייניקע שטעלן פעסט — בריליאַנטן, אַנדערע מיינען — לעדער. פאַראַן אויך מיינונגען, אַז אַ פרוי איז אין דעם פאַרמישט. וואַרשיינלעך איז אַ מיטגליד פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" פאַרמישט אין דעם ענין".[494]

די אַלע ווערסיעס וועגן גערטלערס „פאַרשווונדן ווערן" פון געטאָ, וואָס זענען שטאַרק ענלעך איןביידע קוועלן („טאַגעסכראָניק", טאָגבוך־פּאָזנאַנסקי), באַווייזן ווידער קלאָר, וואָס פאַראַ ראָל דער געשטאַפּאָ־אַגענט האָט געשפּילט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט. ער האָט זיין טעטיקייט געפירט נישט בלויז אין לאָדזשער געטאָ, נאָר אויך, פּונקט ווי ביבאָוו, אין שטעטלעך פון לאָדזשער ראַיאָן. גערטלער האָט אָפּט פאַרלאָזט דאָס געטאָ, געפאָרן אין אויטאָס צוזאַמען מיט געשטאַפּאָלייט און האָט געהאַט די מעגלעכקייט אָנצופירן מיט זיין „זאָנדער" דירעקט פון געשטאַפּאָ פון ליטצמאַנשטאַדט, ווו גערטלער האָט באַקומען אָנווייזונגען פאַר זיין שעדלעכער און פאַרעטערישער טעטיקייט.

אַן אַנאַלאָגיע צו גערטלערס פאַרשווינדן ווערן, איז פאַראַן אין דער ליקווידאַציע פון אַגענטן פון יידישער אָפּשטאַמונג, וואָס די דייטשע מאַכט האָט דורכגעפירט אין וואַרשעווער געטאָ. פאַרשטענדלעך, אַז אַלץ, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען איז געווען געבונדן מיט לאָקאַלע פאַרהעלטענישן.

אין אַפּריל 1942, ווען די דייטשן האָבן אין וואַרשעווער געטאָ אויסגעמאָרדעט גאַנצע ווייכס כנופיה, איז אים אַליין געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. גאַנצווייך מיט זיין געהילף שטערנפעלד זענען דורך דער דייטשער מאַכט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. „דער וואַרשעווער יודענראַט האָט, אויף דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער זיכערקייט־פּאָליציי, צעקלעפּט אויף די געטאָ־מויערן אַ מעלדונג, אַז ווער עס וועט אויסבאַהאַלטן אָדער נישט אָנגעבן דאָס אָרט פון די אַנטלאָפענע, וועט דערשאָסן ווערן". דאָס דאָזיקע יאָגן זיך נאָך דעם געשטאַפּאָ־אַגענט דאַרף אָן שום ספק צוגעשריבן ווערן דער דייטשער פּערפידיע. די געשטאַפּאָ האָט געוואָלט גאַנצווייכן רעהאַביליטירן אין די אויגן פון די געטאָ־קעמפער, ווייל פלוצים, בעת די צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד האָט זיך גאַנצווייך ווידער באַוויזן און די דייטשע מאַכט האָט אים נישט געשטערט אין זיין טעטיקייט.[495] די דייטשן האָבן זיך דעמלט געגויטיקט אין זיין פאַרעטעריש־פּראָוואָקאַטאָרישער

אַרבעט, כדי אַריינצוברענגען אַ צעמישונג צווישן די יידישע אָרגאַניזירטע קעמ־פער קעגן די פּאַרטיליקער. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון דער פּערפידיע און גענומען זיך אָפּרוימען די געשטאַפּאָ־אַגענטן פון יידישער אָפּשטאַמונג. גאַנצווייך האָט שוין נישט געקאָנט זיין „דינסטפעיק" פאַר דער דייטשער מאַכט און ער איז פאַרשווונדן. אויף זיין אָרט זענען געקומען אַנדערע פאַררעטער און אויסוואורפן. [496]

ענלעכעס איז פאָרגעקומען אין לאָדזשער געטאָ. בעת דער דעפּאָרטאַציע אין די חדשים: יאַנואַר—מאַי 1942, האָט די דייטשע מאַכט ליקווידירט הערצבערגן מיט זיין כנופיה. אויף זיין אָרט האָט זיך אַרויסגערוקט דוד גערטלער מיט זיין „זאָנדער". אין יולי, 1943, ווען אין „רייכסזיכערהייטסהאַופּטאַמט" האָט מען שוין געגרייט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, איז „פאַרשווונדן" דוד גערטלער, וועלכער האָט דעמלס געהאַט אַזאַ מאַכט אין געטאָ, ווי פריער הערצ־בערג און ווי גאַנצווייך בשעתו אין וואַרשע. אין לאָדזשער געטאָ איז צו קיין אויפשטאַנד נישט געקומען. דער דייטשער מאַכט איז דעריבער נישט נויטיק געווען צוריקצוברענגען גערטלערן אין געטאָ. ער איז אָבער נישט אומגעבראַכט געוואָרן ווי הערצבערג, וואָס גערטלער האָט געטאָן פון יולי 1943 ביז סוף מלחמה, פאַר וועלכן פּרייז האָבן אים די דייטשן געלאָזט לעבן ? אויף דער פראַגע איז דערווייל קיין ענטפער נישט פאַראַנען.

עס איז כאַראַקטעריסטיש די ווערסיע, וואָס ווערט געבראַכט אין טאָגבוך פון פּאָזנאַנסקי און ענלעכעס אין „טאַגעסכראָניק", נעמלעך: „גערטלער איז דורך דער דייטשער מאַכט געשיקט געוואָרן קיין סאָסנאָוויץ צו ליקווידירן דאָס דאָרטיקע געטאָ". ווי עס זאָל נישט האָבן געווען, האָט ער זיך דערוואָרט אַ בעסערן סוף ווי גאַנצווייך, וועלכער איז פאַרשווונדן אָן שפורן. דוד גערטלער האָט איבערגע־לעבט די מלחמה און בעתן שרייבן דאָס בוך, פאַרנעמט ער אַ חשובן אָרט אין מערב־דייטשלאַנד.

נאָך גערטלערס פאַרשווונדן ווערן פון געטאָ איז זיין „זאָנדער"־פּאָליציי נישט ליקווידירט געוואָרן. זייער אויפגאַבע איז שוין דעמלס נישט געווען אויס־צושפּיאָנירן באַהאַלטענע יידישע פאַרמעגנס, ווייל אַזעלכע זענען שוין נישט געווען. פאַר דער „זאָנדער" איז געבליבן נאָר די טעטיקייט פון נאָכקוקן, וואָס עס טוט זיך ביי דער באַפעלקערונג אין געטאָ, צי שטאַרקט זיך נישט די ווידער־שטאַנד־באַוועגונג ביז באַוואָפנטן אויפשטאַנד, ווי אין וואַרשע און וועגן דעם באַריכטן דער דייטשער מאַכט. די „זאָנדער" האָט געדאַרפט אויפגעהאַלטן ווערן ווי אַ ספּעציעל געשולטער פאַרטעמפּטער, זאַטער פּאָליציי־עלעמענט, וואָס וועט דער דייטשער מאַכט זיין נויטיק ביי דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון געטאָ.

אויפן אָרט פון גערטלער האָט זיך אַרויסגערוקט זיין ביז דעמלסטיקער

פאַרטרעטער — מרדכי קליגער, אַ מכלומרשטער „אינטעליגענט" מיט מאַכט־אַמביציעס, וואָס האָט אים געבראַכט דערצו צו ווערן דער פאַרטרויאונגס־מאַן פון דער דייטשער מאַכט. אַזאַ אינפאָרמאַציע האָט איבערגעגעבן ביבאָוו, אויף פאַר־זאַמלונגען פון די אָנפירער פון די רעסאָרטן: „קליגער איז אונדזער פאַרטרוי־אונגס־מאַן. ער אינפאָרמירט אונדז וועגן אַלץ, וואָס קומט פאָר אין געטאָ און מיר האָבן צו אים דעם פולסטן צוטרוי". [497] מרדכי קליגער האָט אין יאָר 1944 אָנגע־פירט מיט דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ.

## 27.

# דער גערא נגל צווישן ארטור גרייזער און ס.ס.־אנפירונג איבער די פארמעגנס פון געטא

### א. „אסטי״ געוואַלט איבערנעמען די יידן פון לאָדזשער געטאָ צוזאַמען מיט די פאַבריקס-איינריכטונגען

ווען אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט זענען פאָרגעקומען די אויבן באַשריבענע געשעענישן, האָט מען אין „רייכסזיכערהייטסהאַופטאַמט״ אין בערלין נישט אויפ־געהערט זיך צו פאַרנעמען מיט דער פראַגע, ווי אַזוי „רייבונגסלאָז״ צו ליקווידירן די צוויי גרויסע געטאָס לאָדזשער און ביאַליסטאָקער. צוויי צדדים פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן צווישן זיך געפירט אַ שטילן קאַמף וועגן איבער־נעמען די מאַשינען, פאַבריקן און רוי־שטאָפן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין לאָדזשער געטאָ. נעמלעך: דער שוין דערמאָנטער אָדילל גלאָבאַצניק, וואָס האָט געוואָלט מיט די פאַרמעגנס באַרייכערן די עס.עס.־ווירטשאַפט און דער רייכס־שטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער. ער, ווי דער פאַקטישער באַלעבאָס פון דעם „גאַו־געטאָ״ (צענטראַלער ראַיאָן־געטאָ), וואָס האָט פון דאָרט אַרויסגעצויגן ריזיקע פאַרמעגנס, * האָט דאָס „געשעפט״ נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון האַנט. גרייזער האָט געהאַלטן, אַז געטאָ ליטצמאַנשטאַדט דאַרף בלייבן אין דעם מצב ווי עס איז דעמלט געווען: הונגער און קראַנקייטן וועלן צעברעכן יעדן ווידערשטאַנד־כוח פון די יידן, די סעלעקציעס וועלן כסדר פאַרקלענערן די צאָל, ביז די לעצטע יידן וועלן אַרויסגעפירט ווערן אין די אויסראָטונגס־לאַגערן און מיט דעם געטאָ־פאַרמעגן וועט דיספּאָנירן גרייזער.

דער דאָזיקער רויבעריש־מערדערישער פּלאַן פון רייכסשטאַטהאַלטער פון דייטשן דריטן רייך, קומט צום אויסדרוק אין דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט זיך געפירט צווישן: פּאהל — אָנפירער פון ווירטשאַפטס־הויפּטאַמט פון עס.עס. און הימלער מיט גרייזערן. אָסוואַלד פּאָהל, גענעראַל פון „וואַפן עס.עס״, דירעקטאָר און גרינדער פון דער אויסנוצעריש־מערדערישער „אסטי״־אונטער־נעמונג, האָט דאָס לאָדזשער געטאָ — ד.ה. די פאַבריק־פאַרמעגנס צוזאַמען מיט

---

* האַנס ביבאָוו, אויף זיין פּראָצעס אין לאָדזש, אין יאָר 1946, האָט דערקלערט, אַז גרייזער איז רייך געוואָרן פונעם רויב פון לאָדזשער געטאָ. — אַקטן פון ביבאָוו־פּראָצעס.

די אַרבעטספּעיקע יידן געוואָלט אַריינבאַקומען אין די „אָסטי־לאַגערן אין לובּ־לינער ראַיאָן. אַזעלכע באַמיִונגען האָט אויך געמאַכט אָדילל גלאָבאָצניק, דער אָרגאַניזאַטאָר פון די אָסטי־לאַגערן און פלאַנירער און אָנפירער פון דער אויס־ראָטונג פון צענדליקער טויזנטער יידן אין גענעראַל־גוווערנעמענט. דער דאָזיקער מאַנסטער־רוצח האָט מיט איינמאָל געוואָלט אַריינבאַקומען אין זיינע לאַגערן ביידע געטאָס, פון לאָדזש און פון ביאַליסטאָק, און דאָס יידן־פּראָבלעם וואָלט פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין פּוילן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. [498]

אין חודש יוני 1943 האָט אָדילל גלאָבאָצניק געשריבן אין „רייכס־זיכער־הייטסהאַופּטאַמט וועגן דער נויטיקייט אַרויסצושיקן די יידן פון ביאַליסטאָק און פון לאָדזש אין די אַרבעטס־לאַגערן פון עס.עס. הימלער האָט דעמלס געגעבן זיין צושטימונג אויף דעם פּראָיעקט און וועגן דעם געשריבן צו גרייזערן קיין פּויזן. דער רייכסשטאַטהאַלטער האָט זיך נישט געאיילט דורכצופירן הימלערס אָנווייזונגען. אין אַ שפּעטערדיקן בריוו, וועלכן פּאָהל האָט געשריבן צו הימלערן, האָט זיך דער גענעראַל פון „וואַפן עס.עס. באַקלאָגט: „Der Reichsstatthalter Greiser ist jedoch nicht von Ihrer Entscheidung in kenntnis gesetzt worden". [499] (דער רייכסשטאַטהאַלטער גרייזער איז דאָך נישט געווען באַקאַנט מיט אייער אַנטשיידונג). [499]

דער דאָזיקער אָפּזאָץ פון פּאָהלס בריוו צו הימלערן איז געווען אַ מין דייטשער העפלעכקייט־אויסדרוק, כדי נישט פּוגע צו זיין בכבוד צו זיין אין דעם מעכטיקן רייכסשטאַטהאַלטער פון וואַרטעגאַו, וואָס האָט געהאַט שטאַרק אָנזען ביי די פירער פון דריטן רייך. האָט דאָך גרייזער געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים אויס־ראָטן איבער 300 טויזנט יידן אין זיין הערשונגס־געביט און אין אָרגאַניזירן די אַרבעטס־לאַגערן אין וואַרטעגאַו. הימלער, וואָס האָט געטריי דורכגעפירט היט־לערס באַפעלן פון ענדגילטיקער יידן־אויסראָטונג — וואָלט זיך נישט אָפּגע־שטעלט פאַר גרייזערס פאַרדינסטן און וואָלט דורכגעפירט זיין פּלאַן פון ליקווידירן דאָס לאָדזשער געטאָ נאָך אין זומער 1943. אָבער דאָ איז ווידער געקומען אַ וויכטיקע שטערעניש, וואָס האָט געצווונגען די דייטשע פּאַרטיליקער פּחדנותדיק זיך צוריקציען פון זייער פּלאַן: עס איז געקומען דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד פון די יידן אין ביאַליסטאָקער געטאָ קעגן אַרויספירן זיי אין די לובלינער לאַגערן.

ווי עס איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, האָבן די ביידע געטאָס פון ביאַליסטאָק און פון לאָדזש געזאָלט האָבן דעם זעלבן גורל — ווערן ליקווידירט, וואָס וואָלט געבראַכט צו דער אויסראָטונג פון גרעסטן רוב יידן פון די ביידע שטעט. די אַרבעטספּעיקע יידן וואָלטן געטריבן געוואָרן אין גלאָבאָצניקס לאַגערן. ביידע געטאָס האָבן, מיט זייערע אונטערנעמונגען, ווו עס האָבן געאַרבעט יידן — געהאַט כמעט די זעלבע באַדייטונג פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט. עס איז אָבער פאַר די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן לייכטער געווען צו ליקווידירן דאָס

ביאַליסטאָקער געטאָ פריער פאַרן לאָדזשער צוליב פאָלגנדע סיבות: א. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ האָט דעמלס אין די זומער־חדשים 1943 געהאַט אַ באַפעלקע־רונג נאָר פון אַרום 25 טויזנט יידן, פון זיי האָבן 17 טויזנט געאַרבעט אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן; ב. געטאָ ביאַליסטאָק האָט נישט געהאַט אַזאַ מעכטיקן פּראָטעקטאָר, ווי אַרטור גרייזער, וועלכער איז געווען מאַטעריעל פאַראינטערע־סירט אין אויפהאַלטן דאָס לאָדזשער געטאָ ביז די לעצטע יידן. געווען נאָך אַ וויכטיקע סיבה, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער דייטשער מאַכט, נעמלעך: אין „רייכסזיכערהייטסהאַופּטאַמט" אין בערלין האָט מען מורא געהאַט, אַז ביאַ־ליסטאָקער געטאָ קאָן ווערן אַ ווערביר־פּונקט, וואָס איז פאַקטיש געוואָרן, פאַר די פּאַרטיזאַנער־מחנות, וועלכע האָבן גענומען זיך פאַרשפּרייטן אין יענעם פעריאָד אין די אַרומיקע וועלדער.[500]

צוליב די דאָזיקע סיבות האָט זיך איינגעגעבן גלאָבאָצניקן איבערצוצייגן די אויסראָטונגס־סעקטאָרן אין בערלין, אַז דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ דאַרף מען תיכף ליקווידירן, אין הסכם מיט הימלערס איינשטעלונג, און די דאָרטיקע פאַב־ריקן און וואַרשטאַטן איבערפירן אין די לובלינער לאַגערן פון „אסטי". אדילל גלאָבאָצניק מיט זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זענען געקומען אין ביאַליסטאָק צו ליקווידירן דאָס דאָרטיקע געטאָ. צוהילף די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אויסראָ־טונג, זענען געשיקט געוואָרן גרעסערע באַוואָפנטע אָפּטיילונגען פון עס. עס. „שופּאָ" (שוץ־פּאָליצײ) און געהילף־פּאָליצײ. די ערשטע פּרוּוון פון ליקווידאַציע האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון דער דאָרטיקער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע.* דער נישט גלייכער קאַמף צווישן די שוואַך באַוואָפנטע העלדן, 200 אין צאָל, פון ביאַליסטאָקער געטאָ, קעגן דייטשע מאַשין־געווער, טאַנקן און לייכטער אַרטילעריע — האָט אָנגעהאַלטן דריי טעג.[501]

די דייטשע פאַרטיליקער האָבן באַזיגט די קליינע גרופּע קעמפער. דאָס ביאַליסטאָקער געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. דער דאָזיקער צווייטער געטאָ־אויפשטאַנד אין פּוילן האָט ווידער פאַרלייכטערט דעם גורל פון לאָדזשער יידן. די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן ווידער פּחדנותדיק זיך צוריקגעצויגן פון ליקווידירן געטאָ ליטצמאַנשטאַדט און גענומען אָנווענדן נייע סטראַטעגישע מיטלען ווי אַזוי אויסצוראָטן די 79,648 לאָדזשער יידן, אַן וועלכן עס איז ווידער־שטאַנד מצד די קרבנות.

---

* כדי ווי געהעריק צו באַקענען זיך מיטן פיינלעכן לעבן פון די יידן אין ביאַלי־סטאָקער געטאָ און זייער העלדישן פּאַסיוון און אַקטיוו־באַוואָפנטן ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד, דאַרף מען שטודירן דאָס ווערק פון ב. מאַרק — „דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ". אויסגאַבע פונעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

## ב. אין פּעריאָד פון ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון געטאָ ביאַליסטאָק

אדיל גלאָבאָצניק, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך מיט דער ליקווידאַציע פונעם ביאַליסטאָקער געטאָ, האָט דערווייל אָפּגעשטעלט די באַמיאונגען אַריינצובאַקומען דאָס לאָדזשער געטאָ אין זיינע לובלינער „אָסטי״־לאַגערן. אין „רייכסזיכער־הייטסהויפּטאַמט״ האָט מען ווייטער געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו פאַרענדיקן מיט דעם געטאָ אין ליטצמאַנשטאַדט. ספּעציעלע דייטשע קאָמיסיעס האָבן געמאַכט אָפּטע באַזוכן אין יידישן ווױן־שטח און געפאַרשט די רעסאָרטן. די יידן האָבן פון פריערדיקע דערפאַרונגען שוין געוווּסט, וואָס אַזעלכע באַזוכן באַדייטן. אין אָנהויב חודש אויגוסט 1943 איז שוין אינגאַנצן פאַרשוווּנדן די רואיקייט און עס האָט זיך געשטאַרקט די פּאַניק־שטימונג ביי די געטאָ־איינוווינער. דעם 13־טן אויגוסט האָט י. פּאָזנאַנסקי פאַרנאָטירט אין זיין טאָגבוך:

„אומרו מאָלט זיך אויף די פּנימער פון כמעט יעדן איינוווינער פון מיטל־אַלטערלעכער פאַרמויערונג. מענטשן זענען כסדר דענערווירט און מ׳פאַרשיט זיך קעגנזייטיק מיט פראַגן: וואָס הערט מען? אין יידישן פּערטל גייען אַרום פאַרשידענע קלאַנגען: פון די זייער שלעכטע ביז די אָמייסטן פאַנטאַסטישסטע. עס איז אַ זיכערע זאַך, אַז שפּייז קומט אָן אין געטאָ אין זייער קליינע סכומים. עס קומט נישט קיין גרינצייג. מ׳דערהאַלט נישט אינגאַנצן קיין קאַרטאָפל״.[502]

אין דער זעלבער צייט זענען אין די רעסאָרטן דורכגעפירט געוואָרן „בליץ״־קאָנטראָלעס. די אָנפירער פון די פאַבריקן האָבן געדאַרפט אָנגעבן: „צאָל באַשעפטיקטע, וויפיל אַרבעטן פאַרן מיליטער, פאַר באָמבאַרדירטע דייטשע שטעט און וויפיל פאַר דער מאַכט און ציווילע אינסטיטוציעס. וואָס פאַראַ צוועק האָט די דאָזיקע סטאַטיסטיק״ — האָט מען מיט אומרו זיך געפרעגט.

דער אומרו איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, ווען אין געטאָ האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די א.ד. און זאָנדער־פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אין גרייט־קייטס־צושטאַנד. מ׳האָט זיך געריכט אויף אַבלאַוועס, וואָס זענען פאַקטיש פאָרגעקומען. אין דער זעלבער נאַכט, ווען אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָט מען זיך געגרייט צום אויפשטאַנד — דעם 15־טן אויגוסט 1943 איז די „זאָנדער״ און א.ד.־פּאָליציי באַפאַלן די וווינונגען אין לאָדזשער געטאָ און אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן 500 פּערזאָן, צווישן זיי אויך פרויען. אַלע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה.

אויך די אָנפירער פון געטאָ, רומקאָווסקיס ראַטגעבער און האַנס ביבאָוו אַליין זענען אין יענע טעג געווען שטאַרק דערשראָקן. ביבאָוו מיט דעם יידישן אָנפירער פון אַרבעטס־אַמט — יאַקובאָוויטש, האָבן באַזוכט די איינקויפס־צענטראַלע און אין משך פון עטלעכע שעה קאָנטראָלירט די סחורה־רעזערוון. דער סוחר פון ברעמען האָט צום ערשטן מאָל געכאַפּט אַ בליק אין אַפּראָוויזאַציע־

לאַגער פון דער „זאָנדער״־פּאָליציי און געטראָפן דאָרט אַ גוט איינגעאָרדנטע אַפּטייק, וועלכע איז אויף זיין באַפעל געשלאָסן געוואָרן. ביבאָוו האָט פאַרלאַנגט פון רומקאָווסקין צו פאַרקלענערן זיין סעקרעטאַריאַט, די מענטשן אָפּשיקן אין די פאַבריקן און אויף געציילטע אַמטן זאָלן בלייבן נאָר פרויען. עס זענען אויך ליקווידירט געוואָרן די „היימען״ אין מאַרישין פאַר אורלויב־אָפּרו.[503]

האַנס ביבאָוו, דער דיקטאַטאָר פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וואָס האָט באַגלייט די טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ און אַליין דערשאָסן יידן, איז פּונקט ווי אַרטור גרייזער, געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן דאָס געטאָ, אין דעם מצב ווי עס איז געווען. מיטן פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ לאַגער אָדער אַרײַ־בערפירן עס אין גלאָבאָצניקס „אָסטי״, וואָלט ביבאָוו פאַרלוירן זיין ווירטשאַפט־לעכע פּאָזיציע, וועלכע האָט אים געגעבן ריזיקע פאַרמעגנס. דורך ווערן באַפרייט פון זיין אַמט, וואָלט דער סוחר פון ברעמען אויך געמוזט גיין אויפן פראָנט, האָט ער דעריבער דעמלס זיך באַמיט דערפירן דאָס געטאָ צום העכסטן מצב פון ווירטשאַפטלעכער נוציקייט פאַר דער דייטשער קריגס־ווירטשאַפט און באַרואיקן די יידן, עס זאָל אַלץ קלאַפּן ווי געהעריק. צו דעם צוועק האָט די דייטשע מאַכט ווידער געשאַפן אַזאַ מצב אין יידישן ווירן־שטח, וואָס האָט אויפסניי געשטאַרקט די אילוזיע, אַז מ׳קאָן איבערלעבן.

הגם דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָק איז דורך די דייטשע באַוואָפנטע כוחות דערשטיקט געוואָרן, האָט ער אָבער, פּונקט ווי דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די פאַרטיליקער, וואָס עס האָט געבראַכט צו אַ פאַרלייכטערונג און מער זיכערקייט אין לעבן פון די יידן אין לאָדזש. די דייטשע מאַכט האָט ווידער געדאַרפט האָבן אַן „אָטעם־פּאַוזע״ אויף צוצוגרייטן נייע סטראַטעגישע מיטלען פאַר אויסראָטן די קרוב אַכציק טויזנט לאָדזשער יידן אָן שום ווידערשטאַנד פון זייער זייט.

## ג. ביבאָווס „זאָרג״ פאַר זיינע „אַרבייטער־יודען״

אין חודש סעפּטעמבער 1943 האָט זיך באַדייטנד געבעסערט דער מצב אין לאָדזשער געטאָ. עס האָבן זיך פּלוצים באַוויזן קאַרטאָפל, וואָס מ׳האָט געגעבן צו 3 קילאָ אויף אַ פּערזאָן. אויך אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן זענען אָנגעקומען אין אַ גרעסערן סכום. די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך ווידער באַרואיקט. עס האָט אַפילו נישט אַרויסגערופן קיין באַזונדער אויפמערקזאַמקייט דאָס אַרויסשיקן פון דער געטאָ־תפיסה די אַרעסטירטע פון דעם פאַריקן חודש. צוזאַמען מיט זיי זענען געגאַנגען עטלעכע צענדליק שווינדזוכט־קראַנקע, וועלכע די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגענומען פון שפּיטאָל פאַר אַנשטענדיקע קראַנקייטן. אַזעלכע דעפּאָרטאַציעס צו עטלעכע הונדערט פּערזאָן איז אין געטאָ באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „נאָרמאַלע

דערשיינונג", וועלכע מ׳קאָן נישט אויסמיידן, בפרט, ווען אין די לעצטע חדשים פונעם יאָר 1943 איז כסדר געוואָרן בעסער. אויך ביבאָוו האָט גענומען ווייזן אַ פריינטלעך פּנים צו זיינע „אַרבייטער־יודען". ער האָט נישט געלאַרעמט און געשריגן אויף זיי בעת זיינע באַזוכן אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן און באַמיט זיך אויסצובעסערן די באַשפּייזונג פאַר אַרבעטנדע.[504]

רומקאָווסקי איז געוואָרן ווייכער. בעת זיינע וויזיטאַציעס אין די רעסאָרטן האָט ער געהאַלטן קורצע רעדעס, גערופן צו אַרבעטן פלייסיק און „חלילה וחס נישט פּאָליטיקירן". ער האָט צוגעזאָגט ווייטער אויסצובעסערן די באַשפּייזונג. נאָכדעם ווי עס זענען ליקווידירט געוואָרן די „היימען" אין מאַרישין, האָט רומ־קאָווסקי איינגעפירט זאַטע אוונטברויטן פאַר „פּאָרדינסטפולע מענטשן" צו פאַר־בעסערן זייער געזונט־מצב. די פּריווילעגירטע מאָלצייטן האָבן געדאַרפט פאַרטרעטן די אורלויבן און זענען געווען אויף אַ צייט פון 7—14 טעג. י. פּאָזנאַנסקי, דער מחבר פונעם טאָגבוך, וואָס האָט גענאָסן פון אַזעלכע אוונט־ברויטן, האָט אונטער דער דאַטע פון 7־טן סעפּטעמבער אַזוי באַשריבן אַזאַ „קאָלאַציע":

„איך האָב רעכט אין משך פון 14 טעג צו געניסן פון אַ צוגאָב־דערנערונג, אַרויסגעגעבן אין די שעהן צווישן 17—21, מיט דער פאַרפליכטונג אַלץ אויפצועסן אויפן אָרט. דער אָפיציעלער נאָמען פון דער קיך איז: „Kräftigungs-Mittagsküche". אין געטאָ געפינען זיך צוויי אַזעלכע גאַסטראָנאָמישע ערטער: אויף מלינאַרסקע 22 און אויף זגערזשער 4 — — — די קיכן האָבן אַ גרויסע פּרעקווענץ. מ׳דאַרף זייער לאַנג וואַרטן אין דער ריי ביז מ׳קומט אָן צו אַזאַ באַשפּייזונג. די אָרדנונג איז דאָרטן אַ מוסטערהאַפטע אין פאַרגלייך צו אַנדערע אינסטיטוציעס. — — — דאָס עסן ווי אויך איצטיקע באַדינגונגען קאָן מען דרייסט באַצייכענען —, געשמאַק און רייכלעך: אַ פולער טעלער זופּ, אַ קליי פון קאָרן־פלאָקן מיט אַ באַדייטנדן סכום קאַרטאָפל, דערנאָך — נישט קיין איבעריק גרויסן קאָטלעט פון געפּעקלט פלייש מיט צעריבענע קאַרטאָפל, געזויערט קרויט, כריין און אַ שטיקל פּאָמידאָר". אַזעלכע אוונט־מאָלצייטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר אַרום 1,500 פּערזאָן.[505]

אויך דאָס פּריווילעגירן אין באַשפּייזונג איין טייל געטאָ־איינוווינער אויפן חשבון פון צווייטן, איז דאָרט געזען געוואָרן ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, בפרט נאָך אין דעם פּעריאָד, ווען עס איז כסדר „געוואָרן בעסער". די ראַדיאָ־ידיעות, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין די רעסאָרטן האָבן כסדר געשטאַרקט די אילוזיע, אַז די מלחמה דערנענטערט זיך צום סוף: „די דייטשן באַקומען קלעפּ און ווערן געיאָגט פון אַלע זייטן" — האָט מען געשמועסט אין געטאָ.

מ׳האָט געוווסט וועגן פאַלן פון מוסאָליני אין איטאַליע און די נאָמינאַציע פון מאַרשאַל באַדאָליאָ, וואָס האָט באַדייט אַ ביטערע מפּלה פאַר די דייטשן און

אַ גיכן סוף פון דער מלחמה. „די ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין געטאָ. מענטשן האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן, האָבן זיך קעגנזייטיק געווונטשן ווי אין ראש השנה". אַזוי איז אויך געווען, ווען עס האָבן זיך באַקומען ידיעות, אַז די רוסן רוקן זיך כסדר פאָראויס: „די קאַמפן קומען שוין פאָר ביי די ברעגן פון דניעפּר. די האָפנונגען אויף א גיכן סוף צו די צרות האָבן זיך נאָך מער געשטאַרקט אין די האַרבסט־חדשים 1943. אין ביבאָווס „גוטסקייט" און רומקאָווסקיס צוגעלאָזטקייט האָבן די געטאָ־יידן געזען באַשיימפּערלעך, אַז די צוויי געטאָ־אָנפירער גרייטן זיך צו אַ „רעהאַביליטאַציע" אויף נאָך דער מלחמה, בפרט, ווען רומקאָווסקי האָט דערקלערט בעת אַ וויזיטאַציע אין אַ פאַבריק, אַז ווען מ'וועט אים משפּטן נאָך דער מלחמה, וועט ער קאָנען באַווייזן זיין אומשולד.

די אַפּראָוויזאַציע האָט זיך כסדר געבעסערט. עס איז אָנגעקומען אַזויפיל קאַרטאָפל, אַז מ'האָט זיי גענומען באַהאַלטן אין ערד־באַגרעבענישן („קאָפּצעס"). פּלוצים האָבן אין געטאָ זיך גענומען באַווייזן פּאָסט־קאַרטלעך, געקומענע פון טערעזיענשטאָדט, הגם קיין פּאָסט אין געטאָ ליטצמאַנשטאָדט האָט דעמלס נישט פונקציאָנירט. אין די קאַרטלעך האָט זיך דערציילט וועגן דאָרטיקן רואיקן לעבן פון יידן, געבראַכטע פון פאַרשידענע שטעט פון דריטן רייך קיין טערעזיענשטאָדט.[506]

## ד. ראש־השנה און יום־כיפּור אין יאָר 1943 אין לאָדזשער געטאָ

אין ראש השנה פון יענעם יאָר 1943, האָט דער יודענעלטעסטער, ווי אין די פאַריקע געטאָ־יאָרן, געטיילט מתנות זיינע מקורבים: טאַלאָנען אויף מעל, צוקער, רייז און פלייש־קאָנסערוון. ער האָט אויך „אַמנעסטירט" געוויסע אַרעסטירטע פּאָר קליינע קרימינעלע פאַרברעכנס. עס איז געשענקט געוואָרן אַ העלפט אָדער די גאַנצע תפיסה־שטראָף. די גרעסטע געשעעניש, אין ראש השנה פון דערמאָנטן יאָר, איז אין געטאָ געווען, וואָס די דייטשן האָבן נישט געפאָדערט, ווי אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, אַז די יידן מוזן אומבאַדינגט אַרבעטן אין די ימים נוראים. ווייזט אויס, אַז די רומקאָווסקי־מאַכט האָט געוווּסט וועגן דעם דאָזיקן דייטשן „ליבעראַליזם", וואָס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אין סוף פון 4־טן יאָר דייטשער יידן־אויסראָטונג. שטילערהייט איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז די יידן זאָלן קומען אין ראש השנה צו דער אַרבעט, אָבער נישט אַרבעטן, נאָר שטיין ביי די וואַרשטאַטן.

„זענען מיר געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און זיך אָפּגעגעבן צו טרויעריקע פאַרטראַכטונגען" — האָט י. פּאָזנאַנסקי, וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין פּאַפּיר־רעסאָרטן געשריבן אין זיין טאָגבוך.

אין יום כפור פון יענעם יאָר איז שוין רומקאָווסקי געווען דרייסטער (מס־



ראש השנה, יום כיפור 1943 האָבן יידן אומגעשטערט געדאַוונט אויך אויף דער גאַס. אויפן בילד זען מיר, ווי איינער פון די מתפללים האַלט גרייט זיין קעסעלע, כדי גלייך נאָכן דאַוונען אָפּצונעמען די זופּ.

תמא אין פאַרשטענדיקונג מיט דער דייטשער מאַכט). ער האָט באַפוילן אַלע פאַבריקן און וואַרשטאַטן נישט צו אַרבעטן אין יום כפור. דער רעליגיעז־פרומער י. ל. גערשט האָט אין זיין זכרונות־בוך א. נ. „מן המצר", אַזוי געשריבן וועגן יענעם יום כפור:

„אין יום־כפור תש"ד איז געקומען אַ קליינע פאַרלייכטערונג פאַר די איבערגעבליבענע אין געטאָ. אין דעם דאָזיקן איינציקן טאָג איז די יידן דערלויבט געוואָרן צו זיצן אין זייערע הייזער און די מאַשינען אין די אַרבעטס־הייזער האָבן דעמלס אָפיציעל גערוט". דער יום־כפור טאָג איז אָפּגעאַרבעט געוואָרן אין זונטיק, וואָס איז דעמלס געווען אַן אָפיציעלער רוטאָג.[507] פאַרשטענדלעך, אַז יידן האָבן דעמלס אין די ימים־נוראים מיט האָפנונג און גלויבן אָפּגעריכט די תפילות און געבעטן אויף אַ גיכן סוף פון די דייטשע פאַרטיליקער.

מיט אַזעלכע פערפידע מיטלען האָט די דייטשע מאַכט, אַ באַוואָפנטע מיט אַלע אויסראַטונגס־מכשירים, פּחדנותדיק פאַרמאַסקירט, די אויסמאָרדונג פון די קרוב 80,000 יידן, וואָס איז שוין אין יענע האַרבסט־חדשים (1943) געגרייט

געוואָרן אין „רייכסזיכערהייטסהאַופטאַמט" אין בערלין. מיט אַ יאָר צוריק, אין יום־כפור 1942, וואָס איז אויסגעפאַלן באַלד נאָך דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים, האָט די זעלבע דייטשע מאַכט געצווונגען די יידן צו אַרבעטן אין ראש השנה און אין יום כפור. ספּעציעלע קאָנטראָל־קאָמיסיעס האָבן אין יענע טעג רעווידירט אין געטאָ די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, צי די אַרבעט גייט נאָרמאַל. עס איז דעמלס געווען פאַר די אויפשטאַנדן אין די געטאָס פון וואַרשע און ביאַ־ליסטאָק.

אויך אין די ווייטערדיקע חדשים 1943, האָט די דייטשע פּאַרטיליקער אויף אַזוי ווייט זיך איינגעגעבן צו פאַרמאַסקירן זייערע אויסראָטונגס־פּלענער לגבי די צענדליקער טויזנטער יידן פון לאָדזשער געטאָ, אַז מ'האָט דאָרט בכלל נישט געגלויבט אין יענער צייט, אַז עפּעס אַזעלכעס איז מעגלעך. ווען עס האָבן זיך אַריינ־באַקומען ידיעות וועגן די ליקווידאַציעס פון אַלע געטאָס אין פּוילן האָט ד״ר י. פּאָזנאַנסקי אין זיין טאָגבוך, אונטער דער דאַטע פון 27־טן סעפּטעמבער 1943, אַזוי געשריבן:

„עס „גייען אַרום עקשנותדיקע אויסטראַכטעניש ("„Plotki) וועגן ליקווידאַציע פון געטאָס אין פאַרשידענע פּוילישע שטעט. איך האַלט, אַז מענטשן, ווי געוויינלעך, טרייבן איבער. אויב אַפילו וועלכע עס איז עקסצעסן האָבן געהאַט אַן אָרט אין געוויסע שטאָטישע צענטערן, ווילט זיך נישט גלויבן אין אַ מאַסנ־האַפטער אויסמאָרדונג פון יידן. איך שליס אויס אַזאַ מעגלעכקייט".

אויך וועגן די אונטערהאַנדלונגען צווישן די דייטשע מאַכט־סעקטאָרן וועגן איבערפירן די פאַבריקס־איינריכטונגען, מאַשינען און אַרבעטער פון געטאָ אין לובלינער לאַגערן, האָט מען געוווּסט אין ליטצמאַנשטאַדטער יידישן ווין־שטח. יידן האָבן, ווייזט אויס, „לאָגיש" אויסגערעכנט, אַז אַזאַ „טראַנספּאָרטאַציע" איז אוממעגלעך. אָט וואָס י. פּאָזנאַנסקי האָט געשריבן אין זיין טאָגבוך אונטער דער דאַטע פון 24־סטן נאָוועמבער 1943:

„נעכטן און היינט האָט מען זיך איבערגעגעבן אויפן אויער, אַז אויפן אַדרעס פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" איז געוועגדעט געוואָרן אַ פראַגע: וויפיל וואַגאָנעס דאַרף מען האָבן אויף אַריבערצופירן אַלע יידן צוזאַמען מיט די מאַשינען פון די רעסאָרטן אין אַ געוויסן אָרט אין לובלינער געגנט. עס איז משמעות פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַמווייניגסטנס מוז מען האָבן 6000 וואַגאָנעס. לויט מיין מיינונג צו ווייניק, און דער בלויזער געדאַנק — אַפילו פון דייטשן שטאַנד־פּונקט — איז אַן אַבסורד. די סיטואַציע אין באַנוועזן פון אָקופּאַנט איז נישט די בעסטע. יעדן טאָג קומען נייע פאַרלוסטן אין די טראַנספּאָרט־מיטלען. וואָס פאַר אַ צוועק וואָלט געקענט האָבן דאָס באַנוצן אַזוי פיל וואַגאָנעס פאַר אַריבערפירן

די ייִדן נענטער צום פרא̇נט?" [508] — א̇זוי הא̇בן די געפייניקטע ייִדן אין לא̇דזשער געטא̇ ווידער „לא̇גיש" געטרא̇כט. זיי הא̇בן דא̇ך נישט געקא̇נט וויסן און נישט געקא̇נט אויפנעמען, א̇ז אין רייכסזיכערהייטסהא̇ופטא̇מט ווערט שוין צוגעגרייט דער ענדגילטיקער סוף פון די צענדליקער טויזנטער לא̇דזשער ייִדן, א̇פגעשלא̇־סענע אין דער געטא̇־תּפיסה, בא̇וואַכט דורך בא̇וואָפנטע רוצחישע שומרים.

.28

# נייע, געהיימע צוגרייטונגען צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע

## א. מחלוקת צווישן רומקאָווסקין און ביבאָוון וועגן שפּייז־פאַרטיילונג

וואָס מער די געטאָ־איינוווינער האָבן זיך באַרואיקט און געמאַכט „לאַ־גישע" אויספירן, אַז עס קאָן שוין נישט ווערן ערגער ווי עס איז, אַלץ ענערגישער זענען געוואָרן אין „רייכסזיכערהייטסהאַופּטאַמט" אין בערלין די צוגרייטונגען צו דער ליקווידאַציע פונעם לעצטן געטאָ אין אָקופּירטן פּוילן — געטאָ ליטצ־מאַנשטאַדט. עס האָט גענומען זיך איבערחזרן דער מצב פון די זומער־חדשים 1942, נעמלעך: עס איז פאַרקלענערט געוואָרן דער צופיר פון שפּייז אין געטאָ און ממילא זענען קנאַפּער געוואָרן די שפּייז־פאַרטיילונגען. עס האָט זיך ווידער איינגעשטעלט אַ „שוואַרצער האַנדל", ווו מ'האָט געצאָלט 30 ג' מאַרק פאַר אַ קילאָ בוראַקעס. אין די וויטערדיקע טעג אין חודש נאָוועמבער זענען די פּרייזן אויף פּראָדוקטן ווייטער געשטיגן. די קנאַפּע צוטיילונגען האָבן אַריינגעבראַכט ווייניק געטאָ־מאַרקן אין רומקאָווסקיס קאַסע און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ געלט־קריזיס.

צוליבן דוחק אין קאַרטאָפל, האָט רומקאָווסקי אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג אָפּצושאַפן די צוגאָב־זופּן פאַר אַרבעטער אין די רעסאָרטן. יעדער אַרבעטנדיקער האָט באַקומען נאָר איין זופּ, וואָס האָט געדאַרפט אַנטהאַלטן: 25 דעקאָ קאַרטאָפל און משפחה־מיטגלידער איז צוגעטיילט געוואָרן 2 קילאָ אַ וואָך — האָט געמאָלדן די „באַקאַנטמאַכונג" פונעם יודענעלטעסטען נומ' 401 וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָנהויב נאָוועמבער. אַ צווייטע „באַקאַנטמאַכונג" האָט מיטגעטיילט, אַז „כדי צו פאַרבעסערן די דערנערונג פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסן, ווערן אָפּגע־שאַפט די ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונגען פאַר „פּריווילעגירטע", און וועלן בלייבן נאָר פאַר אַרבעטער, שוואַכע אין געזונט. זיי וועלן באַקומען באַזונדערע טאַלאָנען אויף: צוקער, מאַרמעלאַד, האָבערפלאָקן — צו 10 דעקאָ, און 7 דעקאָ שמאַלץ, 20 דעקאָ פליישׁ, אַלץ צוזאַמען פאַרן פּרייז פון 3 מאַרק.[509]

די דאָזיקע „רעפאָרמען" פון רומקאָווסקין האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ קעגנער־שאַפט פון דעם נייעם אָנפירער פון די „זאָנדער" — מ. קליגער און פון יאַקובאָ־וויטש — דעם אָנפירער פון דער צענטראַלע פון די רעסאָרטן. וואָס האָבן זיך גע־ריסן צו דער מאַכט. זיי האָבן, ווייזט אויס, וועגן דעם געמאָלדן ביבאָוון. ער איז

געקומען אין רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע אויף באַלוטער פּלאַץ און געמאַכט דעם יודענעלטעסטען אַ וויסטן סקאַנדאַל, פאַרבונדן מיט באַליידיקונגען און דראָונגען. די טענות זענען געווען: „ווער האָט דיך באַפולמעכטיקט אָפּצושאַפן די צוגאַב־זופּן פאַר אַרבעטער, צו פאַרקלענערן די באַשפּייזונג־נאָרמע און צו קאַסירן די צוטיילונגען". באַזונדערס האָט ביבאָוו געצאָרנט, הלמאי רומקאָווסקי האָט פאַר־עפנטלעכט, אַז עס איז פאַראַן אַ קליינער רעזערוו פון קאַרטאָפל, וואָס וועט ביי אַזאַ צוטיילונג גענוג זיין נאָר ביז דעצעמבער, דאָס האָט געדאַרפט בלייבן אַ סוד פאַר די געטאָ־איינוווינער.

אין די חדשים פון די צוגרייטונגען צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פו־נעם געטאָ, האָט ביבאָוו געוואָלט זיך באַווייזן ווי אַ באַשיצער פון די אַרבעטער, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ דעמאַגאָגישן קאָמוניקאַט, אין וועלכן עס איז מיט־געטיילט געוואָרן: צוליב רומקאָווסקיס פאַראָרדנונג, וועלכע האָט אָפּגעשאַפט די צוגאַב־זופּן, פאַרקלענערט די באַשפּייזונגס־נאָרמע פאַר אַרבעטענדיקע, וואָס איז נישט אַרויסגערופן דורך אָביעקטיווע סיבות, נאָר דורך דעם ווילן צו פאַרגרע־סערן די צאָל פון די אַזוי גערופענע „אונטערוויטן" — ווערן אַלע שפּייז־טאַלאָנען דערקלערט פאַר אומגילטיק און די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" וועט אָנפירן מיט פאַר־זאָרגן די באַפעלקערונג מיט שפּייז.[510]

דער הונגער אין געטאָ איז נישט קלענער געוואָרן. אין דער באַשפּייזונג האָט זיך גאָרנישט געענדערט. דער דאָזיקער קאַמף, וואָס דער געטאָ־דיקטאַטאָר און מיטבאַטייליקטער אין דער יידן־אויסראָטונג, האָט פאַרפירט קעגן רומקאָוו־סקין, איז נויטיק געווען פאַר דער פאַרמאַסקירונג פון די פאַרברייטונגען צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע.

## ב. די ערשטע צבועקישע רעדע פון האַנס ביבאָוו צו די אַרבעטער אין געטאָ און רומקאָווסקיס ווענדונג צו די אַרבעטער־פאַרטייען

נאָך זיין העפטיקן שטרייט מיט רומקאָווסקין אויפן באָדן פון שפּייז־פאַר־טיילונג, האָט האַנס ביבאָוו געפונען פאַר נויטיק צו טרעפן זיך דירעקט מיט די אַרבעטער אין די רעסאָרטן. דאָס האָט געדאַרפט נאָך מער פאַרשטאַרקן די רו און אַר־בעטס־דיסציפּלין אין געטאָ אין וואָס דער דיקטאַטאָר איז געווען פאַראינטערע־סירט. ער האָט דאָך געוווסט וועגן די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע קומען פאָר אין בערלין צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַן אַרבעטס־לאַגער אָדער גאָר איבערפירן די פאַבריקס־איינריכטונגען אין לובלינער ראַיאָן. דעם 7־טן דעצעמבער 1943 האָבן אַלע רעסאָרטן און אונטערנעמונגען באַקומען אַ טעלעפאָנישע אויפפאָדע־רונג צו שיקן פאַרטרעטער אין זאַל אויף קראַוויעצקי גאַס 3, אין געוו. קולטור־הויז, „כדי אויסצוהערן אַ רעדע פונעם הערן אַמטסלייטער האַנס ביבאָוו". די

דעלעגאַציעס, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין אויפן אָרט 5 נ.מ., זענען צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרן פון איינצלנע אָנפירער פון יעדן רעסאָרט. אויף דער פאַרזאַמ־לונג איז טאַקע געקומען האַנס ביבאָוו מיט די מיטגלידער פון זיין „געטאָ־פאַר־וואַלטונג". ער האָט זיין רעדע אָנגעהויבן מיט דער ווענדונג צום עולם:

„אַרבייטער, אינסטרוקטאָרן אונד לייטער", און באַלד געגומען אַ שטרענ־גערן טאָן און דערקלערט:

„דאָ קענען נישט זיין קיין דיסקוסיעס און אָנפראַגן. איך וויל קודם פעסט־שטעלן די ראָל פון אייניקע פּערזאָן אין געטאָ: רומקאָווסקי, דער עלטעסטער פון די יידן איז דער רעפּרעזענטאַנט פון געטאָ. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מאַכט, אַז די פאַראָרדנונגען זאָלן אויסגעפירט ווערן און אין געטאָ זאָל הערשן רו. גערטלער איז געווען דער אינפאָרמאַטאָר פון די באַהערדען. ער איז איצט נישטאָ. זיין פאַרטרעטער איז קליגער. יאַקובאָוויטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די רעסאָרטן, קליינמאַן — פאַרן טראַנספּאָרט. ברוך פּראַשקער זאָל זאָרגן די גאַסן זאָלן זיין ברוקירט און ריין".

אין ווייטערדיקן טייל פון זיין רעדע האָט דער דייטשער געטאָ־דיקטאַטאָר, גאָרנישט ווי זיין שטייגער, גערעדט אין נוסח פון רומקאָווסקי. ער האָט אַפּעלירט צו די יידן: „אָפּצוהיטן די אָרדנונג, פּינקטלעך אויספירן די אַרבעט, נישט שפּרינ־גען פון די טראַמוויין; דער טראַמוויי איז באַשטימט צו פאַרלייכטערן דאָס אַרי־בערפירן די סחורות, אָבער נישט אַרומצופאָרן איבערן געטאָ. בייטאָג זעט מען פיל מענטשן אין די גאַסן, פאַרוואָס זענען זיי נישט ביי דער אַרבעט? עס קומען אַריין קאָמיסיעס אין געטאָ און עס מאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. איר פירט נישט אויס די פאַראָרדנונגען פון דער מאַכט וועגן גריסן און אַראָפּנעמען די היטן פאַר די דייטשן. איך און מיינע קאָלעגן דאַרפן דאָס נישט, אָבער אויף די געסט, וואָס קומען אין געטאָ, מאַכט עס אַ שלעכטן איינדרוק".

דער באַפעלסגעבער איבערן לעבן און טויט פון די יידן אין געטאָ, וואָס האָט אָפּגעפירט זיינע קרבנות אין די גאַז־אויטאָס פון כעלמנאָ, האָט צום ערשטן מאָל גערעדט צו די געפייניקטע יידן אין אַזאַ טאָן. ער האָט געלערנט ווי זיך אויפ־צופירן, כדי נישט צו ווענדן אויף זיך דעם צאָרן פון די דייטשע קאָמיסיעס, וואָס באַזוכן דאָס געטאָ. ביבאָוו האָט געוווּסט דעם צוועק פון די דאָזיקע באַזוכן. עס ווערט צוגעגרייט די ליקווידאַציע, זיין ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציע איז אין סכנה. האָט ער פאַרלאַנגט פון די אַרבעטער אין די רעסאָרטן: זיי זאָלן נישט עסן ביי דער אַרבעט, אָפּגעבן כבוד די קאָמיסיעס, וואָס קומען אין פאַבריקן, דורך אויפשטעלן זיך, נישט דערלאָזן קינדער זאָלן זיך אַרומדרייען אין די גאַסן און מ׳זאָל אָפּגעבן באַהאַלטענע ווערט־זאַכן.

לסוף האָט ביבאָוו דערקלערט: אים איז געלונגען „אויסצופועלן ביי דער העכערער מאַכט, אַז אַלע אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט מער ווי 56 שעה

אַ וואָך און די „שווער־אַרבעטער", זאָלן באַקומען ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונגען. אויך פאַר נאַכט־אַרבעט וועט זיין אַ ספּעציעלע צוטיילונג. ביבאָוו האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט דער פאַרזיכערונג, אַז ער מיט זיינע פאַרטרעטער מאַכן די שטאַרק־סטע באַמיונגען צו באַקומען באַשטעלונגען פאַר די רעסאָרטן און באַשפּייזונג פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג. [511]

די דאָזיקע רעדע, פּונקט ווי די צווייטע רעדע, וואָס ביבאָוו האָט געהאַלטן, מיט 8 חדשים שפּעטער, ווען מ'האָט די לעצטע צענדליקער טויזנטער יידן גע־טריבן אין די גאַז־קאַמערן פון אַשוויענטשים — האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ מוסטער פון צביעות, פאַלשקייט און פחדנותדיקן דייטשן קאָמופלאַזש ביים פאַר־מאַסקירן די אָנקומענדע אויסראָטונג פון די 79 טויזנט יידן. ביבאָוו האָט דעמלט, אין דעצעמבער 1943 גוט געוווּסט וועגן די אונטערהאַנדלונגען, וואָס קומען פאָר אין בערלינער רזה"א וועגן דער ליקווידאַציע פון געטאָ און דער אויסראָטונג פון די יידן, וואָס האָבן נאָך דאָרט געלעבט. וועגן אָט די אונטערהאַנדלונגען האָבן אָבער נישט געוווּסט די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער. זיי האָבן געבענקט נאָך עפּעס אַ גוט וואָרט.. די צבועקישע רעדע פונעם דייטשן סוחר פון ברעמען, פונעם געטאָ־דיקטאַטאָר און רוצח איז טאַקע וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון די יידן־שקלאַפן. דער דעמלסדיקער אָנפירער פון אונטערערדישן בונד — י. נירנבערג, האָט אין זיינע זכרונות צו ביבאָווס רעדע צוגעגעבן אַזאַ פּירוש: „די רעדע איז געווען אַ גרויס געשעעניש. די שטימונג ביי די יידן האָט זיך געהויבן".

אויך דער יודענעלטעסטער האָט, משמעות, דעמלס געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט „זיין" געטאָ. אין די האַרבסט־חדשים 1943 האָט רומקאָווסקי כמעט נישט געהאַלטן קיין רעדעס, ער האָט נישט גערעדט, נישט צוגעזאָגט קיין בעסע־רונג און גאַנץ ווייניק זיך באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט. אין נאָוועמבער פון יענעם יאָר האָט ער געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו די אָנפירער פון די אומלעגאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען. אויף זיין שטייגער האָט ער געפּרוּווט „מפייס" זיין די מענטשן מיט צושיקן אַ שפּייז־טאַלאָן. אַזאַ טאַלאָן האָט באַקומען די אָנפירערין פון בונד — גאָלדע זילבערבערג. זי האָט די מתנה נישט אָנגענומען און צוריקגעשיקט.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען ביבאָוו האָט זיך געטראָפן מיט די פאַרטרעטער פון די רעסאָרטן, נעמלעך — אָנהויב דעצעמבער 1943, האָט רומקאָווסקי געהאַט אַ באַגעגעניש מיט די אָנפירער פון די אומלעגאַלע פּאַרטייען. ער האָט גערעדט צו זיי אין אַ „וואַרעמען טאָן": „אויב איך האָב געטון פעלערן, בין איך דאָך נאָר אַ מענטש. איר האָט מיר געדאַרפט אָנווייזן אויף די פעלערן" — האָט געזאָגט דער יודענעלטעסטער. די פאַרשטייער פון די פּאַרטייען האָבן, ווי פריער אָפּגעוואָרפן יעדע מיטאַרבעט מיט רומקאָווסקין.

אַ צווייטע באַראַטונג מיט געזעלשאַפטלעכע טוער אין געטאָ, אַ פּריוואַטע און מער אינטימע, האָט רומקאָווסקי אָפּגעהאַלטן אין זיין וווינונג אין מאַרישין.

צו די אָנוועזנדע, 30 מענטשן, האָט דער יודענעלטעסטער גערעדט וועגן די סיבות, וואָס האָבן אים געבראַכט צום אָפּשאַפן די שפּייז־צוטיילונגען פאַר פּריווילעגירטע: ער האָט עס געמוזט טאָן צוליבן קאַטאַסטראָפאַלן מצב פון דער אַפּראָוויזאַציע. די דייטשע מאַכט שטעלט נאָר צו אַ העלפט פון דער צוגעזאָגטער קאַרטאָפל־צוטיילונג. אין דער העלפט זענען פאַראַן 15 פּראָצ. פאַרפוילטע. „צוליב דעם — האָט דערקלערט רומקאָווסקי — האָט ער געמוזט אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן צוגאָב־זופּן פאַר די אַרבעטנדיקע", כדי זיי נישט צו צערייצן מוז ער אויך מבטל מאַכן דעם טאָלאָן „ב" („בייראָט") פאַר פּריווילעגירטע.

קיין גענויע באַריכטן פון די צוויי דערמאָנטע באַראַטונגען האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן אין די אַרכיוו־דאָקומענטן. אָבער די באַשרייבונגען וועגן די צונויפקונפטן, וואָס עס האָט געבערענגט פּאָזנאַנסקי אין זיין טאָגבוך, באַווייזט, אַז דער יודענעלטעסטער, וואָס האָט שטענדיק מיט פאַראַכטונג גערעדט וועגן באַראַטונגען און עצה־געבערס, האָט זיך דערפילט איינזאַם און אוממעכטיק אויף דעם עטאַפּ, ווען די דייטשע מאַכט האָט געגרייט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ. און אפשר איז גערעכט דער מחבר פונעם טאָג־בוך, אַז סיי רומקאָווסקי, סיי ביבאָוו האָבן מיט זייערע דעמלסדיקע מעשים און רעדעס געוואָלט זיך שאַפן אַ „רעהאַביליטאַציע" אויף נאָך דעם קריג.[512]

## ג. אַרטור גרייזערס נצחון אין ענין פון אויפהאַלטן געטאָ ליטצמאַנשטאָדט

אין די חדשים נאָוועמבער, דעצעמבער 1943 איז אין בערלין וויטער באַהאַנדלט געוואָרן די פּראַגע: ווי אַזוי דורכצופירן די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. מיט דעם ענין האָבן זיך פאַרנומען די הויפּט־אָנפירער פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, ווי: דער שעף פונעם רייכסזיכערהייטסהויפּטאַמט, ד"ר ערנסט קאַלטענברונער, וואָס האָט פאַרטרעטן ריינהאַרדט היידריך*, דער שוין דערמאָנטער גענעראַל פון וואַפן־עס. עס. און אָנפירער פון „אסטי" — אָסוואַלד פּאהל, אַדאָלף אייכמאַן און היינריך הימלער.

נאָך אין 21־סטן מאַי, 1943, ווען קאַלטענברונער האָט טעלעגראַפיש מיטגעטיילט אייכמאַנען, אַז אַלע יידן פון „רייך" און פון „פּראָטעקטאָראַט" דאַרפן,

---

* ריינהאַרדט היידריך, דער הויפּט־אָנפירער, אָרגאַניזאַטאָר און פּלאַנירער פון דער יידן־אויסראָטונג, איז אין יוני 1942 אומגעבראַכט געוואָרן אין לידיצע דורך טשעכישע קעמפער קעגן די דייטשן. זיין אַמט האָט שפּעטער פאַרנומען ד"ר ערנסט קאַלטענברונער, וואָס איז אין 1946 דורכן נירנבערגער אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און געוואָרן אויפגעהאָנגען.

ביז סוף חודש יוני 1943, אַרויסגעשיקט ווערן קיין „מזרח" (אָשוויענטשים) און אין טערעזיענשטאָדט — האָט ער אויך געדענקט אין געטאָ ליצמאַנשטאָדט. אין אַ באַזונדערן זאַץ זאָגט זיך דאָרט: „וועגן געטאָ לאָדזש דאַרף מיין רעפערענט אָבערשטורםבאַנפירער, אַדאָלף אייכמאַן — אורטיילן אויפן אָרט".[513] דאָס איז געווען אַן אָנווייזונג צו אייכמאַנען, ער זאָל באַזוכן געטאָ ליטצמאַנשטאָדט. באַ־קענען זיך מיט די דאָרטיקע פאַבריקן און אונטערנעמונגען און אורטיילן אין דעם שטרייט, וואָס האָט זיך שוין דעמלט געפירט צווישן „אָסטי" און אַרטור גרייזער וועגן איבערנעמען די פאַרמעגנס פונעם געטאָ.

דעם 3־טן דעצעמבער, 1943, איז אין בערלין געווען אַ צוזאַמענטרעף צווישן הימלער, קאַלטענברונער און אָסוואַלד פאָהל. הימלער האָט דעמלט באַ־פולמעכטיקט אָסוואַלד פאָהל צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאָדט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און נישט איבערצופירן די פאַבריקן און וואַרשטאַטן קיין לובלין, ווי גלאָבאָצניק האָט געהאַט פריער פּראָיעקטירט. ווען פאָהל איז שפּעטער צוגעטרעטן דורכצופירן הימלערס אָנווייזונגען, האָט ער זיך ווידער אָנגעטראָפן אין דער עקשנותדיקער קעגנערשאַפט פון אַלמעכטיקן רייכסשטאַטסהאַלטער פון וואַרטעגאַו — אַרטור גרייזער.[514] דעמלט איז אַדאָלף אייכמאַן, לויט קאַלטענ־ברונערס אָנווייזונג געקומען אין לאָדזש. דעם 14־טן דעצעמבער 1943, האָט אייכמאַן זיך באַוויזן אין ליטצמאַנשטאָדט, צוזאַמען מיט נאָך הויכגעשטעלטע פירער פון דריטן רייך, ווי: מילהאָרן — רעגירונגס־ראַטגעבער פון פּויזן און דער דיפּלאָמירטער בערלינער סוחר האָרן — אַן אָפיציר אין גלאָבאָצניקס שטאַב, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער יידן־אויסראָטונג. ווי אַ דיפּלאָמירטער סוחר, האָט ער פאַרבונדן די אויסראָטונג מיט דער שוידערלעכסטער עקספּלאָאַטאַציע פון די יידן ביז זייער אָפּטראַנספּאָרטירן אין די גאַז־קאַמערן פון מאַידאַנעק. ער איז דעריבער געווען איינער פון די גרינדער און אָנפירער פון דער שוין דערמאָנטער „אָסטאַינדוסטריע — אָסטי".

וויפיל צייט אייכמאַן האָט אָפּגעגעבן אויף צו באַקענען זיך מיטן לאָדזשער געטאָ — ווערט אין די דאָקומענטן נישט דערמאָנט. עס זענען אויך נישט פאַראַן קיין אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון די באַראַטונגען און געשפּרעכן, וואָס אייכמאַן האָט געפירט מיט דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אויך רומקאָווסקי איז דאַן געפאָרשט געוואָרן. אין דעם טאָג, ווען אייכמאַן איז געקומען, האָט אַ געשטאַפּאָ־אָפיציר מיט צוויי ציווילע דייטשן באַזוכט די קאַנצעלאַריע פונעם יודענעלטעסטען אויף באַלוטער־פּלאַץ און אים גענומען אין שטאָט. ער איז צוריקגעקומען אין אָוונט און קיינעם נישט געוואָלט געבן קיין דערקלערונגען.

וועגן דעם דאָזיקן באַזוך פון די אָנפירער פון דער יידן־אויסראָטונג איז באַריכטעט געוואָרן אין דער "Tageschronik„ דאָרט ווערט נישט דערמאָנט אייכמאַנס נאָמען. עס איז נאָר פאַרנאָטירט, אַז קאָמיסיעס פון הויכגעשטעלטע

פערזענלעכקייטן האָבן באַזוכט דאָס געטאָ, די רעסאָרטן, געפירט שמועסן מיט די אַרבעטער, באַקענט זיך מיט דער שטימונג און שטודירט די ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג פון די געטאָ־אונטערנעמונגען.

אויף אייכמאַנס אָנווייזונגען, ווי עס ווערט קלאָר פון אַן אַקטן־נאָטיץ, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרקלענערן דאָס געטאָ דורך אַרויספירן פון דאָרט די פרויען, קינדער און זקנים, ד. ה. שיקן זיי אין די גאַז־קאַמערן און די איבערגעבליבענע אין געטאָ, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, זאָלן בלייבן אַרבעטן אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אונטער דער אויפזיכט פון עס. עס.־לייט, קאַפּאָס, ווי עס האָט זיך פּראַקטיצירט אין אַלע לאַגערן. וועגן זיין באַזוך אין לאָדזשער געטאָ און זיין דעציזיע, האָט אייכמאַן באַריכטעט אין רייכסזיכערהייטהאַופּטאַמט.[515]

נאָך דעם דאָזיקן באַזוך פון אַדאָלף אייכמאַן מיט זיינע באַגלייטער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט וואַרשיינלעך אין סוף דעצעמבער 1943, איז דאָס געטאָ מיט זיינע 79 טויזנט יידן אַריינגעטרעטן אין פעריאָד פון ליקווידאַציע, וועלכע די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט דורכגעפירט מיט גרויס פאָרזיכטיקייט.

*

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן גרייזער, הימלער און אָסוואַלד פּאָהל וועגן דעם אופן פון ליקווידירן דאָס געטאָ איז ווייטער אָנגעגאַנגען. עס איז כאַראַק־טעריסטיש, וואָס אין אָט די בריוו, וועלכע געפינען זיך אין די אַקטן פון די נירנ־בערגער פּראָצעסן קעגן די מלחמה־פאַרברעכער, ווערט נישט דערמאָנט די ווירט־שאַפטלעכע באַדייטונג פון די 79 טויזנט יידן, באַשעפטיקטע אין די געטאָ־פאַבריקן. עס האַנדלט זיך נאָר אין דעם, ווער עס זאָל איבערנעמען דאָס ריזיקע געטאָ־פאַרמעגן — די עס. עס. אָדער עס זאָל בלייבן אונטער גרייזערס אויפזיכט ווי אַ „גאַו־געטאָ" (קרייז־געטאָ), וואָס וועט ביסלעכווייז אָפּגעליידיקט ווערן פון יידן.

אָסוואַלד פּאָהל, דער גענעראַל פון וואַפן עס.עס. האָט נישט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון זיין פאָדערונג צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דעם 9־טן פעברואַר 1944 האָט ער זיך ווידער געוואָנדן מיט אַ בריוו צו הימלערן וועגן ענין לאָדזשער געטאָ. עס איז שוין דאַן געווען נאָך דער וויזיטאַציע פון אייכמאַנען און זיין קאָמיסיע. פּאהל האָט אין זיין בריוו נישט דערמאָנט אייכמאַנס דעציזיע צו פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, נאָר זיך פאַררופן אויף הימלערס אויבענדערמאָנטער פאַראָרדענונג אין זעלבן זינען, פון 3־טן דעצעמבער 1943, געגעבן פּאהלן אין קעגנוואַרט פון קאַלטענברונער. אָבער „דער רייכסשטאַטהאַלטער גרייזער איז נישט באַקאַנט מיט דער דאָזיקער

ענטשיידונג"* — האָט פּאָהל געשריבן און געבעטן הימלערן, אַז ער זאָל זיין „ענטשיידונג" מיטטיילן גרייזערן, כדי, ער, פּאהל, זאָל נאָך אין לויפיקן חודש קאָנען פאַרוואַנדלען דאָס געטאָ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.[516]

דעם 12־טן פעברואַר, 1944, האָט הימלער מיט זיין שטאַב באַזוכט פּויזן. דאָרט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ באַראַטונג מיט גרייזערן און זיינע מיטמענטשן און דער רייכסשטאַטהאַלטער פון וואַרטעלאַנד האָט אויסגעפּועלט, אַז דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַדט זאָל בלייבן אונטער זיין אויפזיכט ווי אַ „גאַו־געטאָ" ביז עס וועט ווערן אָפּגעלײדיקט פון יידן און די פאַרמעגנס וועלן בלייבן ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַדט. וועגן דעם האָט גרייזער געשריבן צו פּאהל אין אַ ספּעציעלן בריוו, דאַטירט דעם 14־טן פעברואַר 1944.

דער אַלמעכטיקער רייכסשטאַטסהאַלטער פון וואַרטעגאַו האָט אַזוי ארום אָפּגעהאַלטן אַ פולן נצחון איבער די פירער פון הויפּטאַמט פון דער עס. עס. ווירטשאַפט**, וואָס האָבן געוואָלט ירשענען די פאַרמעגנס פון לאָדזשער געטאָ.

ווי עס איז צו זען פון ווייטער געבראַכטע דאָקומענטן, איז דער דאָזיקער נצחון נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען גרייזערן. אויב ער האָט געקאָנט איבערציגן די הויפּט־פירער פון דער אויסראָטונג — קאַלטענברונער, הימלער און אייכמאַן — אַז דאָס לאָדזשער געטאָ דאַרף בלייבן ווי עס איז דעמלס געווען, איז נאָר מיט דעם אַרגומענט פון מעגלעכן איבערחזרן זיך אין לאָדזשער געטאָ די געשעע־נישן פון וואַרשע און ביאַליסטאָק. אַז אַזעלכע געהיימע שמועסן זענען פאָרגעקו־מען און נישט פאַרשריבן געוואָרן, באַווייזט גרייזערס פּלאַן, צוגעשיקט צו אָסוואַלד פּאָהל, ווי אַזוי דורכצופירן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע און די אויסראָטונג פון ד יידן אין לאָדזשער געטאָ.[517]

* ווי עס איז צו זען פון גרייזערס בריוו, האָט ער גאַנץ גוט געוווּסט וועגן הימלערס „ענטשיידונג". ער האָט זיך נאָר אַרויסגעדרייט פון געבן אַ קלאָרן ענטפער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט דאָס געטאָ־פאַרמעגן אַרויסלאָזן פון זיינע הענט.

** „Wirtshafts- u. Verwaltungshauptamt" — אָנפירונג פון ווירטשאַפטלעכן סעקטאָר פון עס. עס., וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט בויען און אויפהאַלטן קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויסנוצן ביז צום פאַרפייניקט ווערן די שקלאַפן־אַרבעט פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן.

## .29

# די לעצטע חדשים פונעם לאָדזשער געטאָ

### א. דער טרויעריקער סך־הכל פון דעם „רואיקן" יאָר 1943

אָנהויב יאָר 1943 האָט דאָס לאָדזשער געטאָ געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 87,141 נפשות; אין סוף פון זעלבן יאָר — 79,648 נפ׳: אַ פאַרקלענערונג פון 7,493 נפשות — 8,6 פראָצ. פון הונגער, דערשעפונג, קראַנקייטן, בעיקר שווינדזוכט זענען אין יענעם יאָר געשטאָרבן — 4,573 פערזאָן — 4.7 פראָצ. געבוירן — 216 קינדער, אַרויסגעשיקט פון געטאָ — 4,765 פערזאָן, צווישן זיי זענען געווען: צוריקגעבראַכטע פון די לאַגערן — 1,647 פערזאָן — קראַנקע און נוטה למות, האָט מען זיי, גלייך ביים אָנקומען אַריינגעזעצט אין געטאָ־תפיסה, אין רשות פון געשטאַפּאָ און שפּעטער אַרויסגעפירט אין טויטן־לאַגערן. אַזוי האָט אויסגעזען דער טרויעריקער בילאַנס פון דעם רואיקן יאָר 1943 אין לאָדזשער געטאָ, ווען אין די פאַבריקן און אונטערנעמונגען האָבן געאַרבעט 74131 פערזאָן — 85.1 פראָצ. פון דער געטאָ־באַפעלקערונג.[518]

אין משך פון יענעם יאָר האָט זיך דער געטאָ־באַפעלקערונג פיל מאָל אויסגעדאַכט, אַז די דייטשע מאַכט פאַרקלענערט איר אויסראָטונגס־טעמפּאָ, אָבער אין סוף יאָר 1943, ווען די אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם אופן פון „רייבונגסלאָז" ליקווידירן דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט די געפּייניקטע באַפעלקערונג ווידער אָנגעהויבן פיבערן מיט אומרו און אומזיכערקייט. „קליינע" געשעענישן אין געטאָ האָבן באַוויזן, אַז דער דייטשער אויסראָטונגס־אַפּאַראַט האָט נישט אָפּגעשטעלט זיין טעטיקייט. ערב קריסטלעכן יום־טוב פון „גאָטס־געבורט" האָט די מאַכט ווידער דורכגעפירט אַ שטילע ליקווידאַציע פון די קראַנקע אין געטאָ־שפּיטאָל אויף דוואָרסקע גאַס. די קראַנקע זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן גאַס און אויף זייער אָרט האָט מען געבראַכט קראַנקע קינדער פון "Polenjugendlager„ וועלכע די דייטשע מאַכט האָט מיט אַ צייט צוריק איינגעאָרדנט ביים עק פונעם געטאָ, נישט ווייט פונעם יידישן בית עולם. די קינדער, אין עלטער פון 12—15 יאָר, ס׳רוב קראַנקע אויף פלעקטיפוס, זענען געבראַכט געוואָרן אין געטאָ־שפּיטאָל, כדי יידישע דאָקטוירים זאָלן זיך מיט זיי פאַרנעמען. י. פאָזנאַנסקי האָט אין זיין טאָגבוך געברענגט אַזאַ באַשרייבונג פון די אומגליקלעכע קינדער:

„זיי זענען געווען זייער שמוציק. ווען מ׳האָט זיי אויסגעבאָדן, האָט פאַר

די אויגן פון די דאָקטוירים און פלעגערינס זיך אַנטפּלעקט אַ קאָשמאַר־בילד: די אויסגעמאָגערטע קערפּערס, הויט און ביין, האָבן געהאַט אויף זיך צייכנס פון אוממענטשלעכע קלעפּ און פּייניקונגען, צעבראָכענע גלידער. מיט די קראַנקע פּוילישע קינדער האָבן זיך פאַרנומען די געטאָ־דאָקטוירים: גוטמאַן, לעוו, פּרוי מאַנדעלס, וואָלפסאָן און אַנדערע״.

די דאָזיקע געשעעניש האָט די געטאָ־איינוווינער דערמאָנט אין עפּעס ענלעכס, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַרבסט 1941, ווען די דייטשן האָבן אין געטאָ איינגעאָרדנט אַ „געטאָ פאַר ציגיינער״. יידישע דאָקטוירים זענען דעמלט געצוווּנגען געוואָרן צו היילן די ציגיינער, קראַנקע אויף פלעק־טיפוס. ביים פעלן פון סאַניטאַרע און פאַרהיטונגס־איינריכטונגען, האָבן עטלעכע דאָקטוירים באַצאָלט מיטן לעבן.[519]

✶

האַנס ביבאָוו האָט געהאַלטן זיין צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן אויף דער פאַרזאַמלונג פון פאַבריקס־פאָרשטייער. ער האָט נעמלעך אָפּגעשטעלט אַלע טאַלאָנען פון צוגאָב־באַשפּייזונג און באַשטימט בלויז אַ צוגאָב פאַר „לאַנג־אַרבייטער״, באַשעפטיקטע איבער 55 שעה אַ וואָך און נאַכט אַרבעטער. וועגן דער „שפּייז־רעפאָרם״ האָט ביבאָווס פאַרטרעטער — ריבבע, מיטגעטיילט אויף אַ ספּעציעלער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין רומקאָווסקיס קאַנצע־לאַריע אויף באַלוטער מאַרק. די שפּייז־צוטיילונג פון די באַשטימטע קאַטעגאָריעס אַרבעטער האָט באַטראָפן: 500 גר׳ מעל, 10 דעקאָ פלייש, 2 דעקאָ פעטס, געגעבן אויף 7 טעג. פון דער צוטיילונג האָבן בעיקר גענאָסן די אַרבעטער אין די מעטאַל־און סטאָליאַר־פאַבריקן, וועמענס צאָל האָט באַטראָפן — 9,786 פּערזאָן.

עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ נייער אַרבעטס־סדר, וואָס האָט פיל פאַרגרעסערט די צאָל אַרבעטס־שעהן,* ביי אַן אַכזריותדיקער אַרבעטס־דיס־ציפּלין. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אוועקצוגיין פון דער מאַשין אָדער פאַרשטאָט אַפילו אויף געציילטע מינוטן. יעדער איבעררייס אין דער אַרבעט איז צוזאַמענגערעכנט געוואָרן דורך די קאָמיסאַרן און עס האָט געדראָט צו פאַרלירן דעם ספּעציעלן שפּייז־צוטייל. ביי דעם שרעקלעכן הונגער, וואָס איז דעמלט

---

* פון די פאַרשידענע מקורות באַקומט זיך נישט קיין קלאָרע פאָרשטעלונג, ווי הויך איז דעמלט געווען דער אַרבעטס־טאָג. אין אַ מעמאָראַנדום פון ביבאָוון צום אָבער־בירגערמייסטער וועגן דער „דערנערונג פון יידן״, דאַטירט 19־טן אַפּריל 1943, רעדט זיך וועגן אַ 12־שעהדיקער אַרבעטסצייט (אייזנבאַך דצ״וו, ז׳ 245) פּאָזנאַנסקי, אין זיין טאָגבוך האָט געשריבן, אַז אין סוף 1943 איז די אַרבעטסצייט געהעכערט געוואָרן פון 9 אויף 10 שעה. אַזוי האָט אויך י. נירנבערג פעסטגעשטעלט אין זיינע זכרונות. („אין די יאָרן״, ז׳ 281).

געוווען אין געטאָ האָט מען זיך באַמיט נישט צו פאַרלירן קיין צייט ביי דער אַרבעט. קראַנקערהייט, אַפילו מיט היץ, האָט מען געהאַרעוועט אין די פאַבריקן, וואָס עס האָט דעמלט גוואַלטיק פאַרגרעסערט די שטערבלעכקייט. די קאָמיסאַרן אין די רעסאָרטן געוועזענע „פאַרדינסטפולע" פאָליציאַנטן פון א. ד. און „זאָנדער", באַשטימטע דורך רומקאָווסקין צו היטן די אַרבעטס־דיסציפּלין, האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער אַכזריות אין באַשריבענעם פעריאָד, כדי צו האָבן א גוט אויג ביי ביבאָוון, וואָס האָט דעמלט אָפט באַזוכט די געטאָ־פאַבריקן. [520]

## ב. געראַנגל צווישן די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן איבערן אופן פון ליקווידאַציע פון געטאָ

אין יאַנואַר און פעברואַר, 1944, איז ווייטער געפירט געוואָרן דער געראַנגל צווישן די דייטשע אויסראָטונגס סעקטאָרן וועגן דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. עס זענען כסדר געקומען קאָמיסיעס און אונטערזוכט די פאַבריקן און וואַרשטאַטן. דער יודענעלטעסטער איז ווייטער געפּאַרשט געוואָרן דורך די פאַרטרעטער פון עס. עס. און געשטאַפּאָ. די צווייטע פאַרשונג פון דעם מין האָט אַרויסגערופן אַ מהומה ביי די געטאָ־איינוווינער. מ'האָט דערפילט די נאָענטקייט פון ענדגילטיקן סוף.

דעם 3־טן יאַנואַר 1944 איז אין געטאָ געקומען אַן אויטאָ מיט אַ געשטאַפּאָ־אָפיציר און אַ באַאַמטן פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" און צוגענומען רומקאָווסקין אין שטאָט, ד. ה. אין געשטאַפּאָ. דאָרט האָט ער זיך געזוימט כמעט אַ מעת לעת — פון דעם 3־טן, 6 אַ זייגער אָוונט ביזן 4־טן, 4 נאָכמיטאָג. נאָכן צוריקקומען האָט ער קיינעם נישט געוואָלט געבן קיין שום אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, וואָס מיט אים איז דאָרט פאָרגעקומען. דעם 5־טן יאַנואַר האָט רומקאָווסקי אויפגענומען זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער: אַדוו. נעפטאַלין, מערענלענדער, און די קאָמענדאַנטן פון דער „אָרדנונגס־דינסט"־פּאָליציי לעאָן ראָזענבלאַט און ריינגאָלד. דער יודענעלטעסטער האָט זיי איבערגעגעבן, אַז די געשטאַפּאָ פאַרלאַנגט אַ סטאַטיסטיק וועגן באַפעלקערונג־מצב אין געטאָ. דאָס זאָל זיין אין שייכות מיט דער „פאַרטיילונג פון פּראָדוקטן און ברויט־קאַרטן".

די דאָזיקע דערקלערונג האָט אָבער קיינעם נישט באַרואיקט. אויף צו מאַכן אָ פאָרשלאַג וועגן סטאַטיסטיק האָט מען נישט געדאַרפט אָפּהאַלטן דעם יודענעלטעסטען אַזש 22 שעה. די נערוועזיטעט אין געטאָ איז געוואָרן נאָך שטאַרקער דעמאָלט, ווען די לייטערס פון די רעסאָרטן האָבן באַקומען אַן אויפֿפאָדערונג פון סטאַטיסטישן אַמט אין געטאָ אויפצושטעלן רשימות: וויפל פרויען, מענער, יוגנטלעכע ביז 14 יאָר, יינגלעך און מיידלעך — געפינען זיך ביי דער אַרבעט אין די רעסאָרטן. [521]

די סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען האָבן געדאַרפט צוגעשיקט ווערן צום הויפט־אָנפירער פון „אָסטי" — ה׳ האָרן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אייכמאַנען באַזוכט און געפאָרשט דעם מצב אין געטאָ. ביבאָוו איז דעמלס נישט געווען אין לאָדזש. ער איז געהאַט אַוועק אין בערלין און פּויזן, וואַרשיינלעך, וועגן די שטרייטן איבער דער ליקווידאַציע פון געטאָ. די „געשפּרעכן" וואָס ביבאָוו האָט געפירט מיט גרייזערן און אין „רייכסזיכערהייטסהאַופּטאַמט" אין בערלין, זענען נישט פאַראַנען אין די ביז איצט אָפּגעפונענע דאָקומענטן. עס איז אָנצונעמען, אורטיילנדיק לויט דער ווייטערדיקער טעטיקייט פונעם געטאָ־דיקטאַטאָר, אַז ער האָט אין בערלין באַקומען אָנווייזונגען, ווי אַזוי פּערפּיד זיך אומצוגיין מיט די געטאָ־איינוווינער, זיי זאָלן נישט באַמערקן, אַז עס גייט צו זייער אויסראָטונג — זיי זאָלן נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד.

דעם 7־טן יאַנואַר איז ביבאָוו צוריקגעקומען פון „אורלויב" און גענומען אונטערטרייבן, מ׳זאָל גיכער פאַרטיק מאַכן און צושטעלן די סטאַטיסטישע מאַ־טעריאַלן. דערווייל האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסגעבן קוילן פאַר דער געטאָ־באַפעלקערונג. עס זענען געשלאָסן געוואָרן די גאַז־קיכן. עס איז פאַרבאָטן געוואָרן דער טראַמוויי־פאַרקער פאַר פּריוואַט־פּערזאָנען.[522] דאָס אַלץ זענען געווען פאַר־אָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט.

די דערמאָנטע סטאַטיסטישע אויפשטעלונגען זענען, דורך דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", דעם 10־טן יאַנואַר, 1944, איבערגעשיקט געוואָרן קיין פּויזן און מיט עטלעכע טעג שפּעטער אויך קיין לובלין אין דער אָנפירונג פון „אסטי". אין דעם באַריכט קיין פּויזן זענען שטאַרק געלויבט געוואָרן די געטאָ־פאַבריקן און די אַרבעט פון די יידן, וואָס קאָנען באַזאָרגן די נויטיקע באַקליידונג פאַר 5000 סאָלדאַטן. אין זעלבן חודש יאַנואַר, נאָר מיט 14 טעג שפּעטער, האָט הארן, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אייכמאַן־קאָמיסיע, צוגעשיקט אַ באַריכט צום גענעראַל פון וואַפן עס. עס. — אָסוואַלד פּאהל, דעם אָנפירער פון „אסטי", וואָס האָט געוואָלט אַריינבאַקומען דאָס געטאָ־פאַרמעגן אין זיינע לובלינער עס. עס.־לאַגערן.

האָרן, להיפּוך צו ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג", האָט צו זיין „אסטי" צוגעשיקט אַ זייער פּעסימיסטישן באַריכט וועגן דער פּראָדוקטיוויטעט און אַרבעט־פעיקייט פון די יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, נעמלעך: די פּראָדוקטיוויטעט איז זייער אַ נידריקע,אין פאַרגלייך צו דער „אַרבייטס־לייסטונג" פון די באַשעפ־טיקטע אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס איז דערפאַר, האָט באַריכטעט האָרן, וואָס די אָנפירונג פון דער אַרבעט אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט ליגט אין יידישע הענט. דער אָנפירער פון די „אסטי"־לאַגערן האָט אויך שאַרף אָנגעגריפן די מיינונג פון דער דאָרטיקער מאַכט, ד. ה. פון ביבאָוון און פון גרייזערן, אַז דאָס

געטאָ גיט פאַרדינסטן, האָרן האָט באַשולדיקט די אַרטיקע מאַכט אין אויפשטעלן פאַלשע חשבונות.

אין זיין באַריכט האָט האָרן אָנגעגעבן פאָלגנדע ציפערן: דעם 11־טן יאַנואַר 1944 האָבן אין געטאָ זיך געפונען 80,062 יידן, אין 99 אונטערנעמונגען האָבן געאַרבעט 60.200 פערזאָן. אין די הויפּטאינדוסטריעס זענען געווען באַשעפ־טיקט:

| | | |
|---|---|---|
| מעטאַל | — | 5,317 |
| האָלץ | — | 4,463 |
| לעדער | — | 11,570 |
| טעקסטיל | — | 28,754 |
| און אַנדערע | — | 10,096 |
| | | 60,200 |

וואַרשיינלעך האָט דער באַריכטס־אָפּגעבער צו טעקסטיל־פאַבריקן אויך צוגעגעבן די נאָדל־פאַכן, וועלכע האָבן אין געטאָ געבילדעט די הויפּט־באַשעפטי־גונג. אַ חוץ די דערמאָנטע פאַכן זענען נאָך, לויט האָרנס באַריכט, אַ גרויסע צאָל געווען באַשעפטיקט אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. [523] דער פאַרטרעטער פון עס. עס. האָט אויך נישט גענומען אין חשבון די קלענערע געטאָ־אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געאַרבעט נישט־דירעקט פאַרן מיליטער, ווייל די צאָל פון באַשעפ־טיקטע אין געטאָ איז פאַקטיש געווען גרעסער ווי די אָנגעגעבענע ציפערן אין האָרנס באַריכט.

די דאָזיקע צוויי באַריכטן, וואָס זענען צוגעשטעלט געוואָרן די אָנפירונגען פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, שפּיגלען בולט אָפּ דעם געראַנגל, וואָס האָט זיך געפירט צווישן לובלין און פויזן, צווישן „אָסטי" און גרייזערס „רייכס־שטאַטהאַלטעריי" וועגן איבערנעמען די פאַרמעגנס פון לאָדזשער געטאָ.

צוליב דעם דאָזיקן געראַנגל זענען כסדר געקומען אין געטאָ קאָמיסיעס פוןביידע צדדים, וואָס האָבן געדאַרפט אורטיילן וועגןווירטשאַפטלעכן ווערט פון געטאָ. אין יאַנואַר און ביז דער העלפט פעברואַר 1944 האָבן באַזוכט דאָס געטאָ 11 קאָמיסיעס: צווישן זיי — אַ האַנדלס־קאָמיסיע, אַן עס. עס.־קאָמיסיע פון 2 פערזאָן" — וועגן איר אָנקומען האָט רומקאָווסקי פריער מיטגעטיילט. 6 טעג איז די קאָמיסיע געזעסן אין געטאָ. זי האָט באַזוכט די רעסאָרטן, אָפּגענומען באַריכטן פון דער „פאַך־און קאָנטראָל־קאָמיסיע" און אויפגענומען רשימות פון מאַשינען, האָט קאָנטראָלירט די באַנק פונעם יודענעלטעסטען, וועלכע האָט געפירט איר טעטיקייט זינט אָנטשטיין פונעם געטאָ.

די אויפגאַבע פון דער באַנק איז געווען, ווי שוין דערמאָנט, אָנצופירן מיט אַלע פינאַנס־אָפּעראַציעס פונעם יודענעלטעסטען, ווי אויך „אָפּצוקויפן" ביי געטאָ־

איינוווינער די פוטערס, ווערטפולע חפצים, גאָלד, זילבער, וואָס האָט באַדאַרפט „פאַרקויפט" ווערן דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" פאַר שפּאָט ביליקע פּרייזן. דאָס געלט איז פאַררעכנט געוואָרן אין חשבון פון די שפּייז־פּראָדוקטן, וועלכע זענען צוגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ. די עס.עס.־קאָמיסיע האָט די באַנק ליקווידירט און איר פאַרמעגן איז איבערגעגעבן געוואָרן דער „געטאָ־פאַרוואַל־טונג". לסוף איז פאַר דער קאָמיסיע אויפגעשטעלט געוואָרן אַ רעמאָנענט פון די געטאָ־אונטערנעמונגען ביז 31־טן דעצעמבער 1943 און אַ רשימה פון די מאַשינען.

וועגן דער געהיימניספולער צווייפּערזאָנען־קאָמיסיע האָט י. הילער געש־ריבן אין זיין טאָגבוך: „אין געטאָ ווײַלט אַ קליינע קאָמיסיע. אינגאַנצן צוויי פּערזאָן, וואָס אונדזער גורל פון יאָ־לעבן אָדער נישט־לעבן ליגט אין זייערע הענט".

אין די ווייטערדיקע טעג זענען געקומען אין געטאָ פאָלגנדע קאָמיסיעס: לופט־שוץ־אָפיצירן, וועלכע האָבן באַטראַכט די פריש געמאַכטע באַהעלטענישן קעגן לופט־אַנגריפן, העכערע פונקציאָנאַרן פון פּאַרטיי און מיליטער מיט אַ שטעלפאַרטרעטער פון „גאַולייטער" פון וואַרטעגאַו, פון גרייזערן, עס.עס. אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר בראַדפיש, ביבאָוו און געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר מילער, אַ קאָמיסיע פון העכערער לופט־שוץ־מאַכט, לסוף אַ קאָמיסיע פון העכערע עס.עס.־אָפיצירן פון דער סביבה פון „פירער" אאַנ"ד.[524]

## ג. אָנהייב פון דער ליקווידאַציע פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע

אין רעזולטאַט פון די באַזוכן פון די קאָמיסיעס האָט די „„געטאָ־פאַרוואַל־טונג" אין חודש יאַנואַר 1944 גענומען ליקווידירן אַ ריי אַמטן אין רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע. אַזאַ פאַראָרדענונג איז געווען פון שעף פון רזה"א — קאַלטענ־ברונער, צוגעשיקט צו אייכמאַנען אין דער שוין דערמאָנטער טעלעגראַמע. די פאַראָרדנונג האָט באַשטימט: בעתן אַרויסשיקן יידן אויף „מזרח", * דאַרפן קודם כל „אַרויסגענומען ווערן די באַאַמטע פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס און פון די קהילות, כדי דערמיט זאָלן די דאָזיקע אינסטיטוציעס ווערן פּאַקטיש ליקווי־דירט".[525] דאָס צעברעכן די געטאָ־אינסטיטוציעס מיט דעם אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט, האָט געהאַט די אויפגאַבע, לויט דער דייטשער אויסראָטונגס־סטראַטע־גיע, צוצונעמען די מעגלעכקייט פון אָרגאַניזירטן צוזאַמענריידן זיך. די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" אין ליטצמאַנשטאַדט מיט האַנס ביבאָוו בראש, האָט קאַלטענברו־

---

* קריפּטאָנים אין דער שפּראַך פון די דייטשע פאַרטיליקער אויף צו באַצייכענען דאָס שיקן אין די טויטן־לאַגערן.

נערס פאַראָרדנונג דורכגעפירט מיט דער גענויעסטער פּינקטלעכקייט. אָבער אויך פאַמעלעך, נישט געאיילט, די צעטומלטע יידן זאָלן זיך נישט כאַפּן וואָס עס ווערט פאַר זיי געגרייט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון רומקאָווסקיס באַנק, וואָס עס האָט דורכגעפירט די עס. עס.־קאָמיסיע, האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" ליקווידירט די בוכפירונג אין די באַזונדערע רעסאָרטן און די צענטראַלע בוכאַלטעריע. די ווייטערדיקע ליקווידאַציע האָט שוין ביבאָוו אַליין דורכגעפירט אין אַ שפּעטערדיקן טערמין. נאָך דער גרעסערער דעפּאָרטאַציע אין מערץ 1944.

✶

דערווייל האָט די דייטשע מאַכט נאָך מער פאַרשטאַרקט די אויסהונגערונג פון די געטאָ־איינוווינער. צוליב דעם שוואַכן צופיר פון פּראָדוקטן איז באַדייטנד פאַרקלענערט געוואָרן די צוטיילונג פון שפּייז אויף קאַרטן. פאַר קינדער ביז 14 יאָר, פאַר נישט באַשעפטיקטע אין די אונטערנעמונגען, איז באַשטימט געוואָרן נאָר 60 פּראָצ. פון דער שפּייז־צוטיילונג פאַר דערוואַקסענע, 1 קילאָ ברויט אויף 14 טעג, בעת אַ דערוואַקסענער האָט באַקומען 2 קילאָ. עס איז אויך פאַרקלענערט געוואָרן דאָס געהאַלט פאַר אַרבעטער פון נידעריקערע קאַטעגאָריעס. גלייכצייטיק זענען אָפּגענומען געוואָרן די מיטאָגן און צוגאָב־זופּן פון אַרבעטער, וואָס קומען נישט אין פאַבריק צוליב קראַנקייט. נאָר אין אויסנאַמס־פאַלן האָט די פאַבריקס־לייטונג געהאַט דאָס רעכט צו ענדערן די דאָזיקע פאַראָרדנונג. מיט די מיטלען האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג, פּאַקטיש ביבאָוו, געוואָלט פאַרקלענערן די אויסגאַבן אויפן געטאָ אין דערמיט ביליקער מאַכן די פּראָדוקציע, וואָס איז אַזוי שטאַרק קריטיקירט געוואָרן דורך די אָנפירער פון „אָסטי". [526]

די אַלע גזירות און פאַראָרדנונגען האָבן נאָך שווערער געמאַכט דאָס לעבן אין געטאָ. עס האָט זיך קאַטאַסטראָפאַל געמערט די צאָל פון קראַנקע, בעיקר אויף גריפּע, וואָס האָט געבראַכט צו אַ פאַרגרעסערטער שטערבלעכקייט. די פאַר־העלטנישמעסיקע רואיקייט פון די געטאָ־איינוווינער, וואָס איז געווען אין יאָר 1943, איז אַוועק. די אומזיכערקייט מיטן מאָרגנדיקן טאָג האָט געפּייניקט יעדן באַזונדער. מ'האָט זיך געטרייסלט צווישן האָפנונג און פאַרצווייפלונג. די ידיעות פון די געהיימע ראַדיאָ־הערער האָבן מיטגעטיילט וועגן גרויסע נצחונות פון די רוסן אויף אַלע פראָנטן. די רויטע אַרמיי מאַרשירט שוין אויף דער פּוילישער ערד. אָבער גלייכצייטיק האָט געפּייניקט דער פּחד פאַר די מעשים פון די דייטשן, וואָס קאָנען בעת אנטלויפן אונטערצינדן דאָס געטאָ מיט אירע איינוווינער, באַזונדערס שווער האָט אַלעמען געדריקט דאָס שווייגן פון רומקאָווסקין נאָך זיין צוריקקומען פון געשטאַפּאָ. ענדלעך האָט דער יודענעלטעסטער גענומעןריידן און אויף זיין שטייגער אויפגעקלערט דעם מצב.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די אַדמיניסטראַטיווע לייטער פון רעסאָרטן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 18־טן יאַנואַר, האָט רומקאָווסקי געשילדערט די לאַגע אין געטאָ ווי אַ נישט זיכערע: „דאָס געטאָ איז שוין מער נישט אויטאָנאָם, מיר זענען אַן אַרבעטס־לאַגער. קעלט, הונגער און אַרבעט — דאָס זענען די דריי זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך דאָס געטאָ". און דער אויסוועג פון דעם מצב — „אַרבעטן, וואָס מער אַרבעטן. די דאָקטוירים באַפרייען צופיל קראַנקע", און דעריבער דאַרף מען אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן אין די קיכן זופּן פאַר קראַנקע: „מיין פּרינציפּ איז שטענדיק געווען נאָכצוקומען דער דייטשער מאַכט מיט 10 מינוט פריער, איידער זיי גיבן אַרויס די פאַראָרדענונג" — האָט געזאָגט דער יודענעלטעסטער.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דאָקטוירים, אָפּגעהאַלטן דעם 29־טן יאַנואַר, געפירט פונעם לייטער פון דער געזונדטהייטס־אָפּטיילונג ד"ר מילער, האָט רומ־קאָווסקי געזאָגט:

„די צייטן אין געטאָ האָבן זיך געענדערט וועזנטלעך. מיר שטייען אונטערן באַפעל און באַפעלן מוזן מיר אויספירן — — — מיט יעדן טאָג ווערט שווערער — — — פאַרשטייט די צייט"! און האָט פאַרגעלייגט: די דאָקטוירים זאָלן נישט באַפרייען אַזוי פיל קראַנקע פון אַרבעט — „דורך קראַנקייטן טאָר נישט געשטערט ווערן די פּראָדוקציע". [527]

פון די רעדעס ווערט קלאָר, אַז רומקאָווסקי האָט שוין געוווּסט, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון געטאָ. טריי זיין איינשטעלונג, האָט ער „געפונען" אַן אויסוועג פון דעם מצב: ווייטער נאָכקומען די פאָדערונגען פון דער דייטשער מאַכט, וואָס זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אויסראָטן אָן שום ווידערשטאַנד די קרוב 80 טויזנט יידן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין לאָדזשער געטאָ.

## .30

# אַרטור גרייזערס פּלאַן פון ליקווידירן דאָס געטאָ

### א. פּאַמעלעכדיקע אויסראָטונג פון די יידן

דעם 14־טן פעברואַר 1944 האָט גרייזער אין אַ בריוו מיטגעטיילט דעם שעף פון „עס. עס.־ווירטשאַפטס־און פאַרוואַלטונגסהאַופּטאַמט" — דעם הערן אָסוואַלד פּאָהל, אַז אין שמועסן מיטן רייכספירער פון עס. עס. — היינריך הימלער זענען אויפגעקלערט געוואָרן צוויי פראַגן: „דאָס געטאָ אין ליטצמאַנשטאַדט ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין קיין קאָנצענטראַציע־לאַגער — — — דער באַפעל פון רייכספירער פון עס. עס. פון 11־טן יוני 1943 (וועגן איבערפירן דאָס געטאָ אין די „אָסטי"־לאַגערן) ווערט נישט אויסגעפירט".

ווייטער האָט גרייזער געבערענגט אין זיין בריוו פאָלגנדע פונקטן: א. „דאָס געטאָ ווערט פערסאָנעל אויף דער קלענסטער צאָל צונויפגעדריקט * און האָט אַזויפיל יידן, וויפל עס איז אין די אינטערעסן פון דער קריגס־ווירטשאַפט אומבאַדינגט נויטיק אויפצוהאַלטן. ב. דערמיט בלייבט דאָס געטאָ אַ ראַיאָן־געטאָ פון דעם רייכסגעביט וואַרטעלאַנד; ג. די פאַררינגערונג ווערט דורכגעפירט דורך דער זאָנדערקאָמאַנדאָ פון עס. עס.־האופּטשטורמפירער באָטהמאַן, וועלכער איז שוין פריער געווען טעטיק אין ראַיאָן, (אין כעלמנאָ). דער רייכס־פירער (הימלער) וועט געבן דעם באַפעל, אַז דער עס. עס.־האַופּטשטורמפירער באָטהמאַן מיט זיין זאָנדער־קאָמאַנדאָ זאָל אַרויסגעצויגן ווערן פון זיין טעטיקייט אין קראָאַציע און ווידער געשטעלט ווערן אין דינסט פונעם ראַיאָן וואַרטעלאַנד".

אַ ווייטערדיקער פונקט אין גרייזערס בריוו ברענגט אַרויס מיט דער גאַנצער קלאָרקייט צוליב וואָס עס איז געפירט געוואָרן דער שטרייט צווישן עס. עס. און גרייזער איבער דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ. אין פונקט ד. פון גרייזערס בריוו זאָגט זיך:

„די באַנוצונג און די פאַרוואַרטונג פונעם געטאָ־אינוועטאַר בלייבט אַן

* אין אָריגינאַל: „Das Getto wird personell auf ein Mindestmass verringert" „פערינגערט" — אין ווערטלעכער איבערזעצונג און אין פּאַקטישן אויספיר לויט גרייזערס ווייטערדיקער אויפקלערונג — באַדייט: אַרומנעמען דאָס געטאָ מיט אַ „רינג", וועלכעס ווערט כסדר צונויפגעדריקט, פאַרקלענערט אין אַרומנעם ביז דער ענדגילטיקער אויס־ראָטונג פון די יידן, וואָס זענען פאַראַנען אין דעם „רינג".

ענין פון דעם מלוכה־ראַיאָן וואַרטעלאַנד; ה. נאָכדעם, ווי אַלע יידן וועלן דערווייטערט ווערן פונעם געטאָ און נאָך זיין אויפלעזונג, וועט דער גאַנצער שטח פונעם געטאָ געהערן דער שטאָט ליטצמאַנשטאַדט".

דער גענעראַל פון וואַפן עס. עס. אָסוואַלד פּאהל איז פאַרשטענדלעך נישט געווען צופרידן פון דעם אויסגאַנג פון גרעאַנגל איבערן לאָדזשער געטאָ. ער האָט זיך נאָך געוואָנדן וועגן דעם ענין צו דעם אָנפירער פון הימלערס שטאָב ד"ר רודאָלף בראַנדט. אָבער אָן דערפאָלג.[528] דורך אַ בריוו־אויסטויש צווישן גריי־זערן און הימלערן אין די טעג פון 19־טן — 27 מערץ 1944, איז פאַרשטענדיקט געוואָרן וועגן ברענגען באַטהמאַן און זיין „זאָנדערקאָמאַנדאָ" צום דורכפירן די „פעריגגערונג" פונעם געטאָ. אין אָנהויב פרילינג איז ער צוגעטרעטן צוריק אויפשטעלן דעם כעלמנאָער טויטן־לאַגער מיט גאַז־אויטאָס, כדי דורכצופירן די פאַמעלעכדיקע אויסראָטונג פון די לעצטע קרוב 80 טויזנט יידן פון לאָדזש.

## ב. ד"ר אָטאָ בראַדפיש בראש פון דער אויסראָטונגס־אַקציע

ווי דערמאָנט, איז ד"ר אָטאָ בראַדפיש, ווי אַ דערפאַרענער מאַסן־מערדער און „געהיימניש־טרעגער נומ' 1", איינגעלאַדן געוואָרן דורך גרייזערן, נאָך אין פעברואַר 1942, אויף דורכצופירן די יידן־אויסראָטונג פון לאָדזשער געטאָ. געקומען איז בראַדפיש קיין לאָדזש אין אַפּריל 1942 און איז געשטעלט געוואָרן בראש פון דער געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט. ביז דעם יאָר 1944 האָט ער זיך נישט באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט. זיין נאָמען פיגורירט נישט אויף קיין שום געטאָ־דאָקומענטן. אין יולי 1943 איז בראַדפיש באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמי־סאַרישער בירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט, דערביי איז ער ווייטער געבליבן אָנפירער פון געשטאַפּאָ און פאַקטיש געוואָרן דער דיקטאַטאָר איבער דער שטאָט לאָדזש. זיין נאָענטסטער מיטאַרבעטער איז געווען גינטער פוקס.

אין זומער 1943 האָט גינטער פוקס, אויף בראַדפישס באַפעל, דורכגעפירט די ליקווידאַציע פון די מאַסן־קברים פון די דערשאָסענע יידן אין וואַרטעגאַו. זייערע עצמות זענען פאַרברענט געוואָרן און די גריבער האָט מען פאַרשאָטן. אין חודש פעברואַר 1944, ווען די אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן געגרייט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, האָט זיך בראַדפיש באַוויזן אין יידישן וווינ־שטח. ער האָט דאָרט געפירט די וויכטיקסטע קאָמיסיעס פון עס. עס. פון פונק־ציאָנאַרן פון נסדא"פ און פון מיליטער, וואָס האָבן באַזוכט און געפאָרשט די ווירטשאַפטלעכע איינריכטונגען אין געטאָ.[529]

איינע אַזאַ קאָמיסיע, מיט ד"ר בראַדפיש בראש, האָט באַזוכט די צענט־ראַלע פון דער „זאָנדער"־פאָליצײ און דאָרט אָפּגעהאַלטן אַ שעהדיקע באַראַטונג מיטן „זאָנדער"־קאָמענדאַנט — מרדכי קליגער.

די רעזולטאַטן פון זייערע באַזוכן זענען נישט באַקאַנט. אַ פאַקט איז, אַז קיין שום נייע פאַראָרדנונג וועגן אופן פון פּראָדוצירן, וועגן בעסער אָרגאַניזירן די אַרבעט זענען נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן. קיין נייע באַשטעלונגען זענען נישט אָנגעקומען. די געטאָ־אונטערנעמונגען האָבן ווייטער פּראָדוצירט ווי ביז דעם באַזוך פון די קאָמיסיעס. קיין שום ענדערונגען זענען נישט געמאַכט געוואָרן. פון פעברואַר אָן האָט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר און קאָמיסאַרישער אָבערבירגער־מייסטער אָפּט באַזוכט דאָס געטאָ, געמיטלעך זיך דורכגעשמועסט מיט רומקאָווס־קין און מיט דעם זאָנדער־קאָמענדאַנט און געשטאַפּאָ־פּארטרויאונגס־מאַן מ. קליגער. די אַלע שמועסן פון דעם כיטרען דייטשן רוצח מיט אַקאַדעמישער בילדונג האָבן געהאַט פאַר אַ ציל — פאַרמאַסקירן די קומענדיקע יידן־אויסראָטונג און צעטומלען די מוחות פון די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער. די צעטומלעניש איז טאַקע געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק.



אין די קרייזן פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט מען עפּעס גע־ווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. די „Tageschronik", דער „האַלב־אָפיציעלער" אָרגאַן פונעם יודענעלטעסטען, האָט אין פעברואַר 1944 געבראַכט אַזעלכע ידיעות:

„עס גייען קלאַנגען, אַז דאָס געטאָ זאָל איבערגענומען ווערן פון עס. עס. אין די ראַמען פון דער אַזוי גערופענער „אָסטי־געזעלשאַפט".

מיט 4 טעג שפּעטער ווערט די ידיעה איבערגעחזרט מיט דעם צוגאָב: „דאָס געטאָ זאָל ווערן אַ סעקטאָר פון דער ריסטונגס־אינדוסטריע, פון דער אָסט־אינ־דוסטריע־געזעלשאַפט".

ווייטער האָט די געטאָ־כראָניק נאָטירט:

„דער „אַמטסלייטער" ביבאָוו איז נישטאָ. מ׳נעמט אָן, אַז ער איז אין בערלין, ווו ער אונטערהאַנדלט, אַז דאָס געטאָ זאָל איבערגענומען ווערן דורך דער אָסט־אינדוסטריע־געזעלשאַפט („אָסטי"). לסוף קומט דעם 23.2 די לעצטע ידיעה פון דעם מין: „עס איז שוין זיכער, אַז די פאַרהאַנדלונגען צווישן דער אָסט־אינדוסטריע מיט דעם אָבערבירגערמייסטער, געשטאַפּאָ, גאַולייטער (גריי־זער) אין פּויזן, האָבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַט — דאָס געטאָ בלייבט ביי דער פריערדיקער אָנפירונג, ווי געווען". [530]

אַזוי האָט געשריבן די „„טאָגעסכראָניק", וואָס איז צו דער גאַס נישט דערגאַנגען און אָסקאַר זינגער, אַ געבראַכטער פון טשעכיע, דער רעדאַקטאָר פון געטאָ־„ביולעטין", האָט פאַר אים באַקומען אָפיציעלע ידיעות. די גאַס, ד"ה די געטאָ־איינוווינער גופא זענען דורך געשטאַפּאָ־אַגענטן פון „זאָנדער" געשפּייזט געוואָרן מיט פאַרשידענע צוגעטראַכטע מעשיות, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע

צו פּאַרטומלען די מוחות. אָט וואָס מ׳האָט געשמועסט וועגן די קאָמיסיעס וואָס באַזוכן דאָס געטאָ:

מ׳איז געקומען פון לאַגער אין פּאַניאַטאָוו, כדי צו פּאַרשן, צי מ׳קען די דאָרטיקע יידן איבערפירן אין לאָדזשער געטאָ, אַנדערע מיינען פּאַרקערט, מ׳פאָרשט דעם ווערט פון דער אַרבעט אין לאָדזשער געטאָ און פון דעם איז אָפּהענגיק די ווייטערדיקע עקזיסטענץ; אין רעזולטאַט פון די פּאַרשונגען פון די קאָמיסיעס זענען 3 מיטגלידער פון דער געטאָ־פּאַרוואַלטונג אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט; אין אַמעריקע האָט זיך געשאַפן אַ פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט, וואָס וועט אָפּראַטעווען דאָס אייראָפּעישע יידנטום. אין געטאָ וועלן אַריינגעשיקט ווערן מלבושים און שפּייז. עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז די שטאָט־פּאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַדט האָט פּאַרקויפט דאָס געטאָ פּאַר 35,000,000 מאַרק צו אַ געזעלשאַפט, וואָס וועט עקספּלאָאַטירן די יידישע אַרבעטס־כוחות. אַנדערע מיינען, אַז די טראַנזאַקציע איז נאָך נישט דורכגעפירט געוואָרן, נאָר עס פירן זיך אונטערהאַנדלונגען.[531]

אָט אַזעלכע צוטראַכטענישן האָבן די געשטאַפּאָ־אַגענטן פּאַרשפּרייט צווישן די געטאָ־איינוווינער, כדי צו פּאַרטומלען די מוחות, מ׳זאָל נישט דערזען די אָנקומענדע דייטשע אויסראָטונג, וואָס איז אונטערגעאיילט געוואָרן דורך די אָנפירער פון די אויסראָטונגס־סעקטאָרן. דער דאָזיקער סיסטעם איז דורך דייטשע אַגענטן אָנגעווענדעט געוואָרן כמעט אין אַלע געטאָס, ווען עס האָט זיך געגרייט זייער ליקווידאַציע.

### ג. פּאָדערונג פון דער דייטשער מאַכט אַרויסצושיקן „אויף אַרבעט 1500 מענער, גייסטיק און קערפּערלעך געזונטע"

איידער באָטהמאַן מיט זיין זאָנדערקאָמאַנדאָ האָט ווידער אויפגעשטעלט דעם אויסראָטונגס־לאַגער כעלמנאָ, איז פון אַמט פון רייכסשטאַטהאַלטער אין פּויזן אָנגעקומען אַ פאָדערונג צו ביבאָוון, אַרויסצושיקן פון געטאָ אין גענעראַל־גוווער־נעמענט 1500 מענער, גייסטיק און קערפּערלעך געזונטע. אין דער „אַקטן־נאָטיץ, געמאַכט דורך ביבאָוו איז געשריבן געוואָרן:

„עס זאָלן 1500 קערפּערלעך און גייסטיק געזונטע אַרבעטער אָפּגעשיקט ווערן אויף אַרבעט מחוץ געטאָ, זיי זאָלן פּאַר באַזונדערע צוועקן געלערנט און געשולט ווערן. קיין גרויסע געפּעק דאַרף מען נישט מיטנעמען. די אַרבעטער מוזן באַזאָרגט ווערן מיט שיך און ווינטער־מלבושים. דער טראַנספּאָרט וועט וואַרשיינ־לעך איינגעשטעלט ווערן אין צוויי גרופּן. קיין שום אַרבעטער פון די בעל־מלאכישע אונטערנעמונגען, ווי אויך פיזישע אַרבעטער דאַרפן נישט אַרויסגענומען ווערן, וויל זיי זענען נויטיק פּאַרן געטאָ. ביי דער רעגיסטראַציע דאַרף אָנגעגעבן

ווערן אויב דער פאַרשריבענער האָט עפּעס אַן אויסגעלערנטע ספּעציאַליטעט, וואָס ווערט באַזונדערס באַצייכנט, אַז כדי ביבאָוו זאָל קאָנען פעסטשטעלן, צי אַזאַ פאַכמאַן דאַרף אַרויסגעשיקט ווערן אָדער נישט".

די „טאָגעסכראָניק" וואָס האָט געבערענגט די אַקטן־נאָטיץ, האָט צוגעגעבן: „מען האָט מורא, אַז מיט דער אַקציע וועט דאָס געטאָ פאַרלירן דעם גרעסטן טייל פון דער יונגער אינטעליגענץ".

צו דעם טאָקע האָט די דייטשע מאַכט געצילט אויף דעם עטאַפּ פון יידן־אויסראָטונג אין לאָדזש. דאָס איז נישט געווען סתם קיין בלוט־אָפּצאַפּונג. די דעפּאָרטאַציע האָט געהאַט אויך אַ ציל אַרויסצונעמען פון געטאָ די מענטשן, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אין זיך אַ ביסל כוח און ענערגיע און געקאָנט דינען דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן די דייטשן.

רומקאָווסקי איז גלייך צוגעטראָטן דורכצופירן דעם פאַרלאַנג פון דער דייטשער מאַכט. ער האָט צוזאַמענגערופן זיינע יועצים, וואָס האָבן פאַרנומען אָנפירנדיקע אַמטן אין דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, נעמלעך: בערנהאַרד פוקס, סטאַניסלאַוו יאַקובסאָן, אהרן יאַקובאָוויטש, מרדכי קליגער, ד"ר וויקטאָר מילער, דער ברודער פון יודענעלטעסטן יוזעף רומקאָווסקי, אַדוו. הענריק נעפטאַלין, ברוך פּראַשקער, קאָמענדאַנט זיגמונט ריינגאָלד, קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט, מיעטשיסלאַוו ראָזענבלאַט, עקיבא שעניצקי, ד"ר אָסקאַר זינגער און פּרל. דאָרא פוקס. ד"ר אָסקאַר זינגער, דער רעדאַקטאָר פון דער „טאָגעסכראָניק", האָט זיך אין אַזעלכע באַראַטונגען באַטייליקט ווי אַ „כראָניסט". — אַזוי האָט זיך ד"ר אָסקאַר זינגער אַליין טיטולירט.[532]

צו דער אַסיפה האָט רומקאָווסקי גערעדט:

„עס זענען געקומען שווערע שעהן פאַרן געטאָ". „דעם אויפטראַג" האָט ער דערהאַלטן פון „אַמטסלייטער" ביבאָוו. ס'איז נישט אָנגעגעבן קיין טערמין ביז ווען מ'דאַרף צושטעלן די מענטשן, אָבער ביז דעם 8־טן פעברואַר, 8 אַזייגער אין דער פרי האָט רומקאָווסקי געדאַרפט געבן תשובה, צי ער נעמט זיך אונטער דעם ענין צו דערלעדיקן. „מיר מוזן די מענטשן־צושטעלונג אויספירן, ווייל אויב מיר לייזן נישט דאָס פּראָבלעם, ווייסט איר דאָך, ווי עס זעט אויס אין דער פּראַקטיק" — האָט דערקלערט רומקאָווסקי.

דעם ד"ר מילער, אָנפירער פון דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג, איז איבערגעגעבן געוואָרן אויפצושטעלן אַ קאָמיסיע פון דאָקטוירים, וועלכע זאָלן באַטראַכטן דאָס געזונט פון קאַנדידאַטן צום אַרויספאָרן. אַ צווייטע קאָמיסיע אין די פּערזאָנען פון נעפטאַלין, קאָמיסאַר קאָל, קאָמענדאַנט ריינגאָלד, קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, בערנאַרד פוקס, שעניצקי און קליגער האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט אויפשטעלן די רשימות פון די באַשטימטע צום אַרויסשיקן. דער אופן פון ווערבירן קאַנדידאַטן צום אַרויספאָרן האָט געדאַרפט זיין אַ „פּרייוויליקער". פאַרשטענדלעך,

אַז די דאָזיקע רייד וועגן „פּרייוויליקער ווערבירונג״ פון יידן צו דער אַרבעט, ווען דער אויסמאָרדונג־גזר־דין איז שוין געווען אַרויסגעגעבן — האָט געהערט צו די ציטרע־צבועקישע אָנשטעלן פון די דייטשן צו פאַרמאַסקירן די קומענדיקע אויסראָטונג.

דאָס שטעלן זיך פרייוויליק צום אַרויספאָרן איז געגאַנגען זייער פּאַמעלעך. די פאַרצווייפלטע, אויסגעהונגערטע, פאַרפייניקטע געטאָ־איינוווינער האָבן שוין געהאַט די טרויעריקע דערפאַרונג און געוווּסט, וואָס עס באַדייט אַזאַ אַרויספאָרן אויף אַרבעט. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דאָקטוירים האָט אונטערזוכט דאָס געזונט פון קאַנדידאַטן אויף דעפּאָרטאַציע. קראַנקע זענען נישט געוואָרן אָנגענומען, אָבער דער עולם האָט זיך נישט געשטעלט. רומקאָווסקיס דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע האָט פאַרלוירן דאָס געדולד. אין דער נאַכט אויפן 10־טן פעברואַר זענען אַלע פאַרשריבענע אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטן און אָפּגעפירט געוואָרן אין דער „צענטראַלער תפיסה״. דאָס דאָזיקע איבערכאַפּן די מאָס האָט דעם מצב פון דער רעגיסטראַציע פאַרערגערט. אַ שרעק איז באַפאַלן די געטאָ־איינוווינער. און מ׳האָט זיך אויפגעהערט צו מעלדן צו דער אַרויסשיק־קאָמיסיע. ווו איינער האָט געקאָנט האָט ער זיך באַהאַלטן.[533]

כדי צו שטערן דאָס אויסבאַהאַלטן זיך האָט רומקאָווסקי פאַרעפנטלעכט די באַקאַנטמאַכונג נומ׳ 407, מיט אַזאַ אינהאַלט:

„אַלע געטאָ־איינוווינער ווערט שטרענג פאַרבאָטן, ביז צום אָפּרופן, אויפ־נעמען ביי זיך אין וווינונג פרעמדע פערזאָנען, אַדער פאַמיליען־אַנגעהעריקע און לאָזן זיי איבערנעכטיקן נישט איינגעמאַלדן. „די משפחות, וועלכע וועלן זיך נישט ריכטן לויט דער פאַראָרדנונג און וועלן אויפנעמען ביי זיך פערזאָנען, לאָזן איבער־נעכטיקן אַזעלכע, וועלכע זענען אַנדערשוווּ געמאַלדן, האָבן צו דערוואַרטן די שטרענגסטע שטראָף״.

די שטרענגע שטראָפן פאַר די אויסבאַהאַלטענע און זייערע משפחות זענען געווען באַגלייט מיט אויסערגעוויינלעכע פּריווילעגיעס פאַר די פרייוויליקע צום אַרויספאָרן. אַ חוץ די בעסערע באַשפּייזונג, וואָס זיי האָבן באַקומען, זענען זיי אויך באַקליידט און באַשיכט געוואָרן. אין שניידער־רעסאָרט האָט מען גענייט פאַר זיי ספּעציעלע וואַרעמע מלבושים: פּאַלטנס, וועש און די שוסטער האָבן געמאַכט שטיוול. אין אונטערזוכן די באַשטימטע צום אַרויסשיקן האָבן זיך באַטייליקט 18 דאָקטוירים. זיי זענען געווען טעטיק אַ גאַנצן מעת לעת און די דיזשורנעס האָבן זיך געביטן יעדע צוויי שעה.

די דאָזיקע אַלע מיטלען, ווי אויך די דראָענדע „באַקאַנטמאַכונגען״ פון רומקאָווסקין האָבן נישט געווירקט: מען האָט זיך נישט געשטעלט און זיך אויסבאַהאַלטן. די א.ד.־און זאָנדער־פּאָליציי האָט דעריבער אַרעסטירט די מש־פּחה־מיטגלידער פון די פערזאָנען וואָס האָבן געדאַרפט זיך צושטעלן. דאָס האָט

אַרויסגערופן אַ גוואַלטיקע מהומה. מען האָט אָנגעהויבן באַלאַגערן די דעפּאָר־טאַציע־קאָמיסיע, וועלכע האָט קיינעם נישט געוואָלט אויפנעמען. אויך דער פּרעזעס האָט זיך הערמעטיש פאַרשלאָסן און קיינעם נישט צוגעלאָזט צו זיך. אין ספּעציעלע מודעות, האָט ער געדראָט, אַז מען וועט צונעמען די באַשפּייזונג־קאַרטן פון די קאַנדידאַטן צום אַרויספאָרן און פון זייערע משפּחות, אויב די באַ־שטימטע פּערזאָנען וועלן זיך נישט צושטעלן. עס האָט אָפּילו נישט געווירקט דאָס אַרעסטירן פאַמיליע־מיטגלידער אַלס ערובניקעס. ביזן 11־טן פעברואַר האָבן זיך צוגעשטעלט אין דער צענטראַלער תפיסה נאָר 400 פּערזאָן. די דייטשע מאַכט האָט רואיק זיך צוגעקוקט צו דעם דאָזיקן טראַגישן שפּיל אין געטאָ.

דער יודענעלטעסטער האָט געהאַלטן וואָרט: פון די פאַרשריבענע צום אַרויספאָרן און פון זייערע פאַמיליעס, האָט מען צוגענומען די באַשפּייזונג־קאַרטן, דאָס האָט מען צוויסן געגעבן דורך באַקאַנטמאַכונגען.[534]

אַ חוץ די דאָזיקע רעפּרעסיעס קעגן די געטאָ־איינוווינער, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך צושטעלן צום אַרויסשיקן, האָט רומקאָווסקי, אויפן לעצטן עטאַפּ פון דער דייטשער אויסראָטונג פון לאָדזשער יידן, באַנייט זיינע רעדעס אין דעם נוסח פון די פאָריקע געטאָ־יאָרן. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די לייטער פון די רעסאָרטן האָט ער זיך באַקלאָגט הלמאַי „מ׳שטעלט זיך נישט" און דערביי פאַר־זיכערט, אַז די, וואָס וועלן אָוועקפאָרן, וועט קיין שלעכטס נישט געשען — „מ׳פאָרט אַרבעטן" ; „עס דראָט נישט קיין קיין שום געפאַר".

אין דעם טאָן פון דער רעדע האָט זיך ווידער געלאָזט פילן, אַז דער ידענעלטעסטער ווייסט וועגן דער געפאַר, וואָס שוועבט איבערן געטאָ און וויל עס ראַטעווען מיט זיינע מיטלען פון הכנעה און נאָכגיביקייט צו די דייטשע אויס־ראָטונגס־סעקטאָרן, טראָץ דער טרויעריקער דערפאַרונג פון די דעפּאָרטאַציעס פון אַרום 80,000 יידן פון לאָדזשער געטאָ, וועגן וועלכע עס איז נישט געווען קיין שום ידיעות, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

אין זיין רעדע האָט רומקאָווסקי ווידער געדראָט, געפאָדערט און תחנונים־דיק געבעטן, מ׳זאָל נאָכקומען די דייטשע פאַרלאַנגען. ער האָט געזאָגט צו אָנפירער פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן:

„די פראַגע וועגן אַרויסשיקן די 15 הונדערט פּערזאָן באַשטייט אין דעם: ווער זאָל דאָס טאָן, איך אָדער אַן אַנדערע מאַכט — — — ווען די מענטשן שטעלן זיך נישט, איז דאָ די געפאַר, אַז איך וועל מוזן צושטעלן די נעמען פון די פּערזאָנען, וואָס באַהאַלטן זיך און פון יענע, וואָס העלפן זיי. איך ווייס איצט נישט, וואָס עס קאָן טרעפן מיט אַזעלכע מענטשן — — — איך וואָרן די לייטער פון די פאַבריקן און מאַך זיי אויפמערקזאַם. איך ווייס אַז זיי באַהאַלטן אויס די מענטשן. די מאַכט קאָן דאָך פרעגן: „וואָס הייסט עס, וואָס מ׳שטעלט זיך נישט אויף אייער אויפפאָדערונג. מיר וועלן שוין געפינען די מיטלען, ווי אַזוי די־

באַהאַלטענע אַפּצווזכן. — — — איך מאַך אייך אויפמערקזאַם, אַז דאָס איז אַ געפערלעך שפּיל. איך קאָן דאָך נישט צוליב די 1500 פּערזאָן שטעלן אין געפאַר דאָס גאַנצע געטאָ. געדענקט: מיט יעדן טאָג ענדערט זיך די צייט אין געטאָ. מיר מוזן זיך צופּאַסן צו יעדער געשאַפענער לאַגע. דאָס פּראָבלעם פון טאָג איז: צו פיל מענטשן געפינען זיך אין די גאַסן. — — — אָט דאָס איז דאָס שווערסטע פּראָבלעם. עס קאָנען אומדערוואַרט קומען קאָמיסיעס און טרעפן די מענטשן אויף די גאַסן".

כדי אויסצומיידן די סכנה האָט רומקאָווסקי אין זיין רעדע פאַראָרדנט, אַז די פאַבריקן און וואַרשטאַטן מוזן זיין הערמעטיש פאַרמאַכט אין דער אַרבעטס־צייט פון 7 פרי ביז 5 נאָכמיטאָג. קיינער טאָר נישט אַרויסגיין פון דאָרט. אויך די „היים־אַרבעטער" מוזן זיצן אין זייערע שטובן. אַ צווייטע פאַראָרדענונג: די קראָמען („קאָאָפּעראַטיוון"), וואָס געבן אַרויס שפּייז — ווערן געעפנט ערשט 5 אַזייגער נאָכמיטאָג.

דער יודנעלטעסטער האָט זיין רעדע פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער פראַזע:

„עס איז מיר זייער פיינלעך, אַז איך, אַ 67־יאָריקער מאַן, מוז קענען באַפעלן די דאַמען אין ענינים פון קאָסמעטיק. איך רוף צו די פרויען: אַוועק מיט דער שמינקע, ליפּן־פּאָמאַדע און פודער".

קיינער פון די אַנוועזנדע פאַבריקס־לייטער האָט נישט רעאַגירט אויף דער רעדע פון פּרעזעס, ווייל ער האָט דערקלערט, אַז עס איז אויסגעשלאָסן יעדע דיסקוסיע איבער די ענינים. מען מוז אָנשטרענגען אַלע מיטלען, כדי די דייטשן צוצושטעלן די פאַרלאַנגטע 15 הונדערט יונגע און געזונטע מענער. אויך די דראָאונגען פונעם יודנעלטעסטען האָבן נישט געווירקט. די צאָל צום אַרויסשיקן האָט זיך פאַרגרעסערט נאָר אויף 100 פּערזאָן. דעם 14־טן פעברואַר האָט די א. ד.־און זאָנדער־פּאָליציי גענומען מאַכן אַבלאַוועס אויף די גאַסן, פאַרחתמעט די וווינונגען פון די אויסבאַהאַלטענע און דאָס מעבל, מייסטנס אַלטע גראַטעס, איז געוואָרן אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס [535].

## ד. די „געהשפּעררע" אין פעברואַר 1944

דעם 18־טן פעברואַר 1944 האָבן זיך אויף די גאַסן באַוויזן נייע באַקאַנט־מאַכונגען פון רומקאָווסקין. אויפן מוסטער פון דער אויסראָטונגס־אַקציע פון קינדער, קראַנקע און זקנים אין סעפּטעמבער 1942, האָט דער יודנעלטעסטער אויך ביי דער „פּריוווּיליקער" דעפּאָרטאַציע, אין ווינטער 1944 — פאַראָרדנט אַ „געהשפּעררע" אויף זונטיק, דעם 20־טן פעברואַר. די „באַקאַנטמאַכונג נומער 411" אין דייטש און אויך אין יידיש (אַ לאַנגע צייט דורך ביבאָוון געווען פאַרבאָטן צו דרוקן אין יידיש), האָט אָנגעזאָגט: אַלע אינסטיטוציעס, רעסאָרטן

און די קיכן ווערן געשלאָסן אויף דעם טאָג. בלויז מעדיצינישע אַנשטאַלטן קאָנען אָפן זיין. יעדער, וואָס וועט זיך געפינען אויף דער גאַס, אין אַן אונטערנעמונג, אָדער אינסטיטוציע, ווערט תיכף אַרעסטירט. אין די הייזער מוזן די בוידעמער און קעלערס זיין אָפן. די שליסלען מוזן זיך געפינען ביי די הויז־וועכטער, אָדער ביי אַ באַגלויבטער פערזאָן. יעדער איינוווינער פון געטאָ מוז זיך געפינען נאָר אין זיין וווינונג. אין אַלע הייזער וועלן דורכגעפירט ווערן רעוויזיעס. די „טאָגעסכראָניק", וואָס האָט פאַרעפנטלעכט די „באַקאַנטמאַכונג" האָט צוגעגעבן, אַז דעם קומענדן זונטיק וועט די „שפּערע" דערמאָנען די סעפּטעמבער־טעג 1942, מיט דעם חילוק, וואָס איצט וועט דאָס דורכפירן די א. ד.־פּאָליציי און מ'וועט נישט שיסן אויף די גאַסן.

ערב דער „געהשפּעררע" האָט דער פּרעזעס צוגעשיקט אַ פאַראָרדענונג צו די לייטערס פון די רעסאָרטן, אַז זיי זאָלן אין דער פולער מאָס דורכפירן די פאַראָרדענונגען וועגן אָפּשליסן די פאַבריקן און אונטערנעמונגען. אין דער אייגענער צייט איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג מיט די לייטערס פון די פּאָליציייאישע רעווירן. אויף דער באַראַטונג האָט רומקאָווסקי אַרויסגעגעבן די געהעריקע פאַראָרדענונגען צו „זיין" פּאָליציי, ווי אַזוי אַדורכצופירן די מענטשן־כאַפּעריי. די „טאָגעסכראָניק" האָט פאַרענדיקט דעם טאָג־באַריכט מיט:
„דאָס געיעג אויף מענטשן וועט זיך אָנהויבן, מאָרגן 6 אַ זייגער פרי".

דעם 20־טן פעברואַר האָט דאָס געטאָ ליטצמאַנשטאַדט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פולקאָמער טויטער שטאָט. די גאַסן ליידיק. אויף די הויפן קיין לעבעדיק נפש. פון די שטובן הערט מען נישט קיין באַוועגונג. די געטאָ־פּאָליציי האָט דורכגענישטערט אַלע וווינונגען. 6 אַ זייגער זענען די רעוויזיעס געווען פאַרענדיקט. דער רעזולטאַט — אַ קלאָגעדיקער: מען האָט געכאַפּט 70 פערזאָן פון די, וואָס זענען געווען באַשטימט צום אַרויספאָרן. אַ חוץ דעם האָט מען אַרעסטירט 400 מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט באַשייניקונגען פון דער צענטראַלער תפיסה, אַז זיי טויגן נישט פאַרן טראַנספּאָרט. נאָך דעם טאָג האָט זיך די צאָל אין דער צענטראַלער תפיסה פאַרגרעסערט אויף 1.240 פערזאָן, שוין מיט די קראַנקע און שוואַכע.

די רעוויזיעס זענען אַדורך רואיק. דער הונגער איז געווען שטאַרקער ווי אין די געוויינלעכע טעג, ווייל גראָד אין דעם טאָג איז די באַשפּייזונג אין געטאָ געווען אַמערגסטן. עס זענען נישט אַריינגעקומען קיין שום פּראָדוקטן. די זופּן, וואָס די רעסאָרט־קיכן האָבן אַרויסגעגעבן פאַר זייערע אַרבעטער מיט אַ טאָג פריער, איז באַשטאַנען פון וואַסער מיט אַכט דעקאָ גריץ, אָן קאַרטאָפל. די „אָרדנונגס־דינסט" און די „זאָנדער"־פּאָליציי האָט פאַר אַדורכפירן די „שפּערע" און די רעוויזיעס, באַקומען אַ ספּעציעלע שפּייז־צוטיילונג. באַזונדערס שפּאָרעוודיק איז געווען די באַלוינונג פאַר „אָפּיצירן": 1 ק"ג ברויט, 10 דעקאָ

פּעטער ווורשט, 10 דעקאָ פּעטס, 10 דעקאָ מאַרמעלאַדע און 25 דעקאָ צוקער״ [536].

אין אונטערשיד צו דער „גיי־שפּערע״ פון סעפּטעמבער 1942, האָט די דייטשע מאַכט, אין פעברואַר 1944, זיך נישט אַריינגעמישט אין גאַנג פון דער „אַקציע״: מ׳האָט נישט אונטערגעטריבן גיכער צונויפצושטעלן די געהעריקע צאָל צום אַרויסשיקן. דער געשטאַפּאָ־רוצח גינטער פוקס מיט זיין כנופיה האָבן זיך נישט באַוויזן אין געטאָ, פאַר דער פאַרמאַסקירונג פון דער אויס־ראָטונג, האָט דעמלט, אין יענעם פעריאָד, נאָך דער אויסמאָרדונג פון מיליאָנען יידן אין פוילן, געדאַרפט אָנגיין אין לאָדזש, אַז די דייטשע מאַכט וויל נישט אָנווענדן קיין צוואַנגס־מיטלען צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. אַזוי שטאַרק איז געווען די פּחדנות ביי די דייטשן פאַר די לעצטע 79,000 יידן, אָפּגעשלאָסענע און פאַרריגלטע אין געטאָ.

אָן שום ספק האָבן די אָנפירער פון די אויסראָטונגס־סעקטאָרן געגעבן רומקאָווסקין עצות, ווי אַזוי צו פאַרענדיקן מיט דעם „פרייוויליקן״ אַרויספאָרן. אַזוי האָט דער יודענעלטעסטער געמאָלדן, אַז די דייטשע מאַכט דערלויבט אויך פרויען מיטצופאָרן מיט טראַנספּאָרטן — האָבן אויך די פרויען גענומען זיך אויסבאַהאַלטן. בייטאָג איז מען געלעגן אין באַהעלטענישן און אין די נעכט איז מען אַרויס, געהיימניספול זיך דורכגעגנבעט דורך די געטאָ־געסלעך, כדי צו טרעפן זיך מיט משפחה און באַזאָרגן זיך מיט שפּייז.

אין דער נאַכט פון 23־טן פעברואַר האָט די א. ד.־ און זאָנדער־פּאָליציי ווידער דורכגעפירט רעוויזיעס אין די הייזער און גענומען מענער און פרויען, גאַנצע משפּחות, אַ חוץ קליינע קינדער, ווי אויך די פרויען פון די מענער, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. פאַרשטענדלעך, אַז די אַבלאַוועס האָבן נישט אָנגערירט די פרויען פון די געטאָ־פּני, וואָס האָבן באַקומען ספּעציעלע פונקציעס אין „העלפן״ די באַשטימטע צו דער דעפּאָרטאַציע. אויפן באַפעל פון רומקאָווסקין איז געשאַפן געוואָרן אַ „דאַמען־קאָמיטעט״, וואָס האָט אין דער געטאָ־תּפיסה פאַרטיילט די שפּייז־פּעקלעך די קאַנדידאַטן צום אַרויספאָרן, „ווייל עס איז אוממעגלעך צו געטרויען דער א. ד.־פּאָליציי לעבנסמיטל־פּאַקעטן״.

✶

דער דייטשער מאַכט איז לסוף דערעסן געוואָרן דאָס פּאַמעלעכדיקע ווערבירן פון „פרייוויליקע״ צום אַרויספאָרן. עס האָט זיך אויף אַ „גוטן אופן״ אַריינגעמישט היינריך מילער, די צענטראַלע פיגור אין דער געשטאַפּאָ־אָנפירונג אין בערלין. ער איז דעמלט געווען אין ליטצמאַנשטאַדט בראש פון אַ קאָמיסיע, וועלכע האָט קאָנטראָלירט די געטאָ־ווירטשאַפט. דאָס וייטערדיקע ווערבירן פרייוויליקע צום אַרויספאָרן האָט מילער איבערגעגעבן דעם לייטער פון דער „זאָנדער־פּאָליציי״ און געשטאַפּאָ־אַגענט — מ. קליגער.

די „זאָנדער", וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט ביים כאַפּן קראַנקע, קינדער און זקנים, אין סעפּטעמבער 1942, האָט, לויט די שטרענגע אָנווייזונגען פון איר קאָמענדאַנט, פאַרענדיקט מיטן „פּרייוויליקן" ווערבירן צום אַרויסשיקן. מ. קליגער האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטאָב מיטאַרבעטער פון אייגענע מענטשן פון די „זאָנדער". זיי האָבן גענומען כאַפּן די דורכגייער אויף די גאַסן און אַרויסשלעפּן ביינאַכט פון די בעטן. ביז דעם ערשטן מערץ איז דער קאָנטינגענט פון טראַנספּאָרט שוין געווען איבערגעשטיגן מיט 10 פּערזאָן, ד.ה. אין דער צענטראַלער תפיסה האָבן זיך שוין געפונען 1,510 מענטשן. נישט געקוקט אויף דער פולער צאָל פון באַשטימטן טראַנספּאָרט, האָבן די דייטשן נישט געאײַלט זיך זיי אַרויסצושיקן. אין די קעלערן פון דער צענטראַלער תפיסה, ווו עס איז געווען פּלאַץ נאָר פאַר 400 פּערזאָן, האָבן זיך געשטיקט 1,510 מענטשן. דעם דריטן מערץ האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פּלוצים, אַז מען זאָל זיי צוגעבן צום טראַנספּאָרט נאָך הונדערט פּערזאָן.

אויף צומאָרגנס, 4 פאַרטאָג, איז אָפּגעגאַנגען דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 750 אַרבעטער. מיט זיי זענען אויך מיטגעפאָרן איינציקע פריזיערס און ד"ר לעווי אדעלבארט (געקומען אין לאָדזשער געטאָ מיטן פּראָגער טראַנספּאָרט). דעם דאָקטאָר האָט מען צו דער דעפּאָרטאַציע געבראַכט צו פירן אין „ראַדעגאַסט" אין אַ ספּעציעלן „דינסט־וואָגן", מיט וועלכן עס האָבן זיך באַנוצט נאָר דייטשע באַאַמטע. „מען האָט דעם דאָקטאָר זייער קאָרעקט באַהאַנדלט" — — — להיפוך צו די פריערדיקע טראַנספּאָרטן, איז דאָס אַריינזעצן אין די וואַגאָנען צוגעגאַנגען רואיק. מען האָט נישט געשלאָגן און זיך באַצויגן העפלעך" — — — דעם באַגאַזש, וואָס די דעפּאָרטירטע האָבן מיט זיך גענומען, האָבן באַאַמטע פון אָרדענונגס־דינסט אַריינגעטראָגן אין באַגאַזש־וואַגאָן".

דעם 10־טן מערץ איז אָפּגעפאָרן דער צווייטער טראַנספּאָרט פון 850 אַרבעטער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט די „טאַגעסכראָניק" געשריבן: „ביז היינט ווייסט קיינער נישט דעם ציל פון דער רייזע און וווהין מ'פאָרט"[537].

## ה. דער ווידערשטאַנד פון די געטאָ־איינוווינער קעגן דער ערשטער גרעסערער דעפּאָרטאַציע אין יאָר 1944

אויך אין חודש פעברואַר 1944 האָבן די איינוווינער פון לאָדזשער געטאָ געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד דער דעפּאָרטאַציע. עס זענען נישט געווען אַזעלכע טראַגישע געשעענישן ווי אין סעפּטעמבער 1942. די דייטשע מאַכט, אין פּחד פאַר דער איבערחזרונג פון וואַרשעווער אַפּריל 1943 — האָבן געמאַכט אַ „פּריינטלעכן מענטשלעכן אָנשטעל" ביים אָנהויבן דורכפירן די אויסראָטונג פון די לעצטע 79,000 יידן פון לאָדזשער געטאָ. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק

אין דער ממש „וואָרעמער" באַציאונג צו די אָפּטראַנספּאָרטירטע „1500 מענער, גייסטיק און פיזיש געזונטע". נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער „גוטער באַציאונג" פון די דייטשן און די פייערלעכע פאַרזיכערונג, אַז מ׳פאָרט אויף אַרבעט, האָט קיינער נישט געוואָלט גוטווייליק פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

דער דאָזיקער קאַמף פון די געטאָ־איינוווינער קעגן דעפּאָרטירט ווערן האָט זיך נישט פאַרוואַנדלט אין אַ געמיינזאַם אָרגאַניזירטער אַקציע. די אָנפירונג פון די אונטערערדישע פּאַרטייען האָבן זיך נישט צוזאַמענגערעדט צו אַ געמיינזאַמער טעטיקייט קעגן ווערן ארויסגעשיקט פון געטאָ. יעדע פּאַרטיי האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען אירע חברים: מ׳האָט זיי אויסבאַהאַלטן. געהאָלפן מיט שפּייז, וואָס יעדער פּאַרטיי־חבר, נישט רעגיסטרירט צום אַרויסשיקן, האָט עפּעס אָפּגעגעבן פון זיין הונגער־פּאַרציע [538].

אַ קלאָר בילד פון דעם העפטיקן ווידערשטאַנד קעגן דער דעפּאָרטאַציע אין פעברואַר 1944, האָט געבערענגט די „לאָיאַלע" "Tageschronik„ אין איר רובריק — „קליינער געטאָ־שפּיגעל":

„די טעג פון דער דעפּאָרטאַציע קאָנען פאַרגליכן ווערן מיט די סעפּטעמבער־טעג 1942 („שפּערע"). ווער ס׳האָט אַ ביסל זכרון און פאַנטאַזיע, וועט מוזן אָנערקענען, אַז די טעג האָבן אַ סימבאָלישן כאַראַקטער פאַרן וועזן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט: שרעק, הונגער און פאַרצווייפלונג — דאָס איז דער סימבאָל פון געטאָ".

די דערינערונגען פון די פריערדיקע טראַנספּאָרטן זענען נאָך געלעגן ביי יעדן גוט אין זכרון. דעריבער האָט יעדער באַמיט זיך צו באַהאַלטן. עס האָבן נישט געהאָלפן די פאַרשידענע אַדמיניסטראַטיווע מיטלען: די הויז־זוכונגען, דאָס צונעמען די באַשפּייזונג, די וואָרענונגען און באַקאַנטמאַכונגען. ביי גאַנצע משפּחות זענען אָפּגענומען געוואָרן די דערנערונגס־מיטלען און עס האָט נישט געהאָלפן — די באַשטימטע צום אַרויסשיקן האָבן זיך נישט צוגעשטעלט. אין פאַרלאָזענע באַראַקן, אין לעכער, איןביידעמער, אין פאַרבאָרגענע ערטער אין די רעסאָרטן, אין בודעס פאַר הינט — אומעטום, ווו ס׳האָט נאָר געקאָנט זיך אַריינשפּאַרן אַ מענטשלעכער קערפּער מ׳זאָל אים נישט אַרויסזען, האָט מען זיך באַהאַלטן. מ׳האָט געיאָגט די אַרבעטער ווי די חיות אין וואַלד און דאָס האָט געדויערט 3 וואָכן, 3 לאַנגע און פּיינלעכע וואָכן.

אייניקע האָבן געפונען פאַר זיך אַן עצה: זיי האָבן צוגעשטעלט פאַר זיך אַ פאַרטרעטער. דער פּרייז פאַר אַ פאַרטרעטער איז געווען — 2 לאַבן ברויט און אַ קילאָ צוקער אָדער אַנדערע פּראָדוקטן פון זעלבן ווערט. פאַר 2 לאַבן ברויט און אַ קילאָ צוקער זענען יידן אין פעברואַר 1944 אַוועק אין קנעכטשאַפט אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג, אפשר אויף אומקום — אַזוי שטאַרק איז געווען דער הונגער, אַזוי גרויס דער באַגער אים צו שטילן. ערגער קאָן שוין אין ערגעץ

נישט זיין — טראַכט זיך אַזאַ פּאַרטרעטער און דערוויייל וועל איך איינקע טעג עסן צו דער זעט.

„2 לאַבן ברויט און איין קילאָ צוקער וועגן איצט אַזוי פּיל, ווי אַ מענטשלעך לעבן. דאָס קאָן געשען נאָר אין אַזאַ צייט, ווען שרעק, הונגער און יאָמער האָט נישט קיין שום גרענעצן. די פּסיכיק פון געטאָ־מענטש שטעלט די ווייסנשאַפט פאַר אומבאַקאַנטע פּראָבלעמען"[539]. אַזוי האָט דעמלס געשריבן דער יידיש־טשעכישער עסייאיסט — אָסקאַר זינגער.

*

אין זיין באַריכט צו דער העכערער מאַכט אין פּויזן וועגן דער „איבערפירונג פון 1,500 יידן אין גענעראַל־גוווערנעמענט", האָט האַנס ביבאָוו לחלוטין פאַרשוויגן דעם קאַמף און געראַנגל, וואָס די געטאָ־איינוווינער האָבן געפירט קעגן דער דעפּאָרטאַציע. דער סוחר פון ברעמען איז צוליב די אויבנדערמאָנטע טעמים געווען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן וואָס לענגער די עקזיסטענץ פון געטאָ און דעריבער געמוזט באַווייזן, אַז דאָרט איז רואיק. ער האָט געשריבן אין זיין באַריכט: „דאָס אָפּטראַנספּאָרטירן די 1,500 יידן איז אין צוזאַמענאַרבעט מיט דער געשטאַפּאָ, דורכגעפירט געוואָרן רייבונגסלאָז און אין פולן פאַרנעם".

פון ביבאָווס באַריכט דערוויסט מען זיך אויך, אויף וועמענס באַשטעלונג זענען די 1,500 יידן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ. דאָס איז געשען אויפן פאַרלאַנג פון ווילהעלם קאָפּע, גענעראַל פון וואַפן עס. עס און פון פּאָליציי, וואָס איז דעמלס געווען טעטיק אין קראָקע, אין שטאַב פון פראַנק, דעם דיקטאַטאָר איבער דעם אַזוי גערופענעם גענעראַל־גוווערנעמענט פון באַזעצטע פוילישע געביטן[540]. אין קיין שום דאָקומענט ווערט נישט אָנגעגעבן צו וועלכן צוועק האָט דער גענעראַל פון וואַפן עס. עס. געדאַרפט האָבן די 1,500 יונגע, גייסטיק און קערפּערלעך געזונטע מענער, גראָד פון אויסגעיייענדן און קראַנקהאַפטן לאָדזשער געטאָ. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די דעפּאָרטאַציע אין יענעם פּעריאָד איז פאָרגעקומען אויפן סמך פון אַ שטילער פאַרשטענדיקונג צווישן די אויס־ראָטונגס־סעקטאָרן וועגן צונעמען פון לאָדזשער געטאָ די נאָך פאַראַנענע יונגע און געזונטע כוחות, וואָס זענען נאָך פעיק צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

## .31

# דייטשע פּערפידיע בעת דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ אין 1944

### א. דער קאַמופלאַזש מיט דערהאַלטענע שפּייז־פּעקלעך, אָנגעקומענע אין געטאָ

דער אופן פון ווערבירן „פרייוויליקע”, אָן דער אַריינמישונג פון דער דייטשער מאַכט, צו פאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ, איז נישט געווען דער איינציקער קאַמופלאַזש פון די אויסראָטונגס־סעקטאָרן צו פאַרמאַסקירן זייערע רוצחישע כוונות. דאָס ווערבירן די פרייוויליקע איז געוואָרן באַגלייט מיט אַ ריי „הנחות” פאַר די געטאָ־איינוווינער. אַזוי האָבן פלוצלונג אָנגעהויבן אָנקומען פּאָסט־פּאַקעטן פאַר געטאָ־איינוווינער, וואָס האָבן אַנטהאַלטן: ברויט, קאַרטאָפל, טרוקענע געמיזע, מאַרמעלאַדע, צוקער, וווּרשט, קאַפע און טיי. אויף די שפּייז־פּעקלעך, וואָס זענען געקומען פון די שטעט: ווין, פּראָג, האָלאַנד, רומעניע און פּאָרטוגאַל — זענען נישט געווען אָנגעגעבן די נעמען און פּריוואַטע אַדרעסן פון די אַרויסשיקער. יעדן טאָג זענען אָנגעקומען פון 10—20 אַזעלכע פּעקלעך. די „טאַגעסכראָניק” האָט אין דער רובריק „קליינער געטאָשפּיגל” אַזוי באַשריבן דאָס אָנקומען פון די פּאַקעטן:

„זינט איניקע וואָכן זענען אין געטאָ פאַראַן אַ טוץ גליקלעכע. זייער גליק באַשטייט נישט אין דעם, וואָס זיי האָבן זיך באַפרייט פון שווידערלעכן געטאָ־לעבן. ניין! זיי זענען גליקלעך דערמיט, וואָס זיי באַקומען לעבנסמיטל־פּאַקעטן פון דרויסן ,פון ערגעצוווּ אין דער וועלט. מ׳קאָן די שיקונגען באַטראַכטן ווי וווּנדער. זינט דעצעמבער 1941, מער ווי צוויי יאָר, איז נישט פאַראַנען קיין שום בריוו־וועקסל צווישן געטאָ און דער אויסערלעכער וועלט. קוים האָט עמעצער פון די אַריינגעבראַכטע פון מערב באַקומען אַ פּאָר מאַרק, האָט ער געקאָנט אויף אַ געדרוקטן פאָרמולאַר אויפשרייבן זיין נאָמען, ווי אַ באַשטעטיקונג, אַז ער האָט דערהאַלטן, און פלוצלונג — „ליבעסגאַבן־פּאַקעטן”, אַנדערש קאָן מען נישט אָנרופן די שיקונגען. — — — ווער איז דער אָנגעבער, פרעגט זיך דער גליקלעכער באַקומער, אָבער אויף דער פראַגע איז נישטאָ קיין תשובה. דער נאָמען פון אָנגעבער ווערט נישט אויסגעזאָגט. מ׳קאָן טראַכטן, נאָכפאָרשן, איבערלייגן זיך ווער עס שיקט, אָבער גענוי ווייסט קיינער נישט. לסוף איז יעדער

צופרידן מיט דעם פאַקט, אַז דרויסן טראַכט עמעצער וועגן אים — יעדער, וואָס באַקומט אַ פעקל, דערציילט דאָס מעשהלע צו זיינע אַרומיקע און חלומט פון אַמאָל און לעבט מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט באַלד ווידער זיין אַ גליק־לעכער מענטש".

אַ זייער כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פאַר יענעם פעריאָד, ווען די דייטשע מאַכט האָט געגרייט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ, איז דער פאַקט, וואָס די דערמאָנטע שפּייז־פּאַקעטן זענען נישט אָנגעקומען צום יודענעל־טעסטען, ווי עס איז געווען אין די פריקע יאָרן, נאָר צו דער „זאָנדער־פּאָליציי". פון דאָרט זענען די פעקלעך געשיקט געוואָרן צום אַדרעסאַט [541]. דער קאָמופלאַזש מיט די פּאָסט־פּאַקעטן איז אַזוי אַרום אויסגעברייטערט געוואָרן אויך אויף צו פאַרמאַסקירן די פאַרעטעריש־פאַרברעכערישע דינסט פאַר דער געשטאַפּאָ פון דער זאָנדער־פּאָליציי מיט איר קאָמענדאַנט מ. קליגער. פונקט ווי אין גערטלערס צייט, זענען אין 1944, קליגער מיט זיין „זאָנדער" אַרויסגערוקט געוואָרן ווי די רעטער פון די געטאָ־איינוווינער. גערטלער „האָט זיך באַמיט מ'זאָל באַקומען קאַרטאָפל און קליגער האָט אויסגעפועלט ביי דער געשטאַפּאָ, אַז „די שפּייז־פּאַקעטן זאָלן גאַנצערהייט איבערגעגעבן ווערן די אַדרעסאַטן" — אַזאַ ווערסיע איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין געטאָ.

אָט דער דאָזיקער קאָמופלאַזש האָט געווירקט, אַז מ'זאָל אין געטאָ נישט צו שטאַרק זיך איבערנעמען מיטן אַרויסשיקן די 1,500. מ'איז געווען זיכער, אַז זיי זענען געפאָרן אויף אַרבעט און די דייטשן האָבן שוין אַ מער מענטשלעכע באַציאונג צו די געפייניקטע יידן. פאַר דער אויסערן־פּאָליטיק פון דריטן רייך זענען די קבלות פון אַדרעסאַטן פון לאָדזשער געטאָ נויטיק געווען צום אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט אויף דער דייטשער אויסראָטונג פון די יידן.

## ב. וווייטערדיקע ליקווידאַציע פון די געטאָ־אינסטיטוציעס און באַראַקן־בוי אין ראדעגאסט

באַלד נאָכן אַרויסשיקן די 1,500 „גייסטיק און קערפּערלעך געזונטע מענער", האָבן די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן אין ליטצמאַנשטאַדט גענומען צואיילן די ליקווידאַציע פון געטאָ. אין דער לעצטער דעקאַדע פון חודש מערץ 1944, צווישן 19־טן —27־טן, האָט אַרטור גרייזער זיך דורכגעשריבן מיט הימלערן וועגן אופן פון רענאווירן דעם אויסראָטונגס־לאַגער אין כעלמנאָ און אַהין ברענגען באטהמאנס זאָנדערקאָמאַנדאָ, וועלכע האָט געפירט איר רוצחישע טעטיקייט אין קראָאַציע (יוגאָסלאַוויע). הימלער האָט געגעבן זיין צושטימונג אויף גרייזערס ווענדונג. [542]

דערווייל, ביזן באַנייען דעם אויסראָטונגס־לאַגער און באַזאָרגן אים מיט

די גאַז־אויטאָס, איז ביבאָוו צוגעטרעטן, אין הסכם מיט קאַלטענברונערס פאַר־אָרדענונגען, צו דעם ווייטערדיקן ליקווידירן די געטאָ־אינסטיטוציעס. אָן דער באַגלייטונג פונעם יודענעלטעסטען, ווי עס איז געווען פריער איינגעפירט, איז ביבאָוו געקומען אין די ביוראָען און באַזייטיקט פון אָרט באַאַמטע, רעדוצירט פּערסאָנאַלן, איבערגעוואָרפן מענטשן פון איין רעסאָרט אין צווייטן. ער האָט אויך ליקווידירט איינע פון די וויכטיקסטע געטאָ־אַנשטאַלטן — די „פוקאָ״ („פּאַד־און קאָנטראָל־קאָמיסיע״). יוסף רומקאָווסקי — דער ברודער פון יודענעלטעסטען, איז דורך ביבאָוון באַשטימט געוואָרן צום דורכפירן רעדוקציעס פון די קיך־פּערסאָ־נאַלן. יעדן טאָג האָט יוסף געדאַרפט אָפּגעבן אַ באַריכט זיין דייטשן נאַטשאַלניק, וויפל פערזאָן ער האָט שוין באַזייטיקט פון דער אַרבעט[543].

די אַלע רעדוצירטע און באַזייטיקטע זענען געשיקט געוואָרן אויף בוי קיין ראַדעגאַסט און צום איינלייגן די הייזער, וואָס „ווערן פּאַרלאָזט״ דורך פּאָליאַקן און יידן.

די דאָזיקע דייטשע נאָמענקלאַטור דאַרף מען פאַרשטיין אין דעם זין: די הייזער, וואָס זענען געוואָרן ליידיק, נאָך דעם, ווי מען האָט פּאָליאַקן און יידן דעפּאָרטירט, די ערשטע אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד, און די יידן — אין די גאַז־קאַמערן. וואָס שייך יידישע הייזער, האָבן די פּאַרטיליקער געהאַט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע: אָפּרוימען די בנינים, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף גאַסן, אָפּגעטיילטע פון געטאָ נאָך דער דעפּאָרטאַציע.

נישט אַלע הייזער פון אַזעלכע גאַסן האָט מען איינגעלייגט. מען האָט אָפּגערוימט בנינים, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיטן יידישן וווין־שטח, כדי צו שאַפן אַ ליידיקן פּלאַץ אַרום דעם פאַרקלענערטן געטאָ. אַזוי זענען איינגעלייגט געוואָרן די ערשטע הייזער אויף דרעוונאָווסקע, פּאַדזשעטשנע און סטאַדאָלניאַנע, נאָך דעם ווי מען האָט די גאַסן אָפּגעטיילט פון געטאָ. דער ליקווידאַציע־פּלאַן האָט פאַרגעזען דאָס כסדרדיקע אָפּרייסן פון אַ גאַנצער ריי גאַסן נאָך דעם, ווי מ׳וועט זייערע איינוווינער אַרויספירן. די דאָזיקע אַרבעט האָט די דייטשע מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט אויך דורכגעפירט אין זומער 1942, ווען די אויסראָ־טונגס־סעקטאָרן האָבן נאָך געגרייט די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, וואָס איז דאַן געשטערט געוואָרן דורך די באַוואָפנטע אויפשטאַנדן פון די יידן אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק. אין 1944 איז דאָס איינלייגן די הייזער געפירט געוואָרן אין אַ שנעלערן טעמפּאָ, כדי צוצואיילן די ליקווידאַציע. דעריבער איז נויטיק געווען צוצוגרייטן אַרבעטער־גרופּן. צו דעם צוועק האָט אויך געדאַרפט דינען די באַזונדערע אויפגאַבן פון יוסף רומקאָווסקי, וואָס פיגורירן אין די דאָקומענטן אונטערן טיטל: „אוסקעמממונגס־אַקציאָן אין דען קיכען דער געטאָבעטריבע״.

יוסף רומקאָווסקי האָט צוגעשטעלט ביבאָוון 11 באַריכטן מיט אַ רשימה

פון די קיכן, וואָס זענען געווען טעטיק אין מערץ 1944. לויט אָט דער רשימה זענען ביי די רעסאָרטן געווען 49 קיכן מיט אַ פּערסאָנאַל פון 2,623 פּערזאָן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן 131.750 זופּן טעגלעך. די רעדוקציע פון קיכן־פּערסאָנאַל האָט אַרומגענומען 677 פּערזאָן. פון זיי זענען, לויט דעם באַריכט, נאָר 44 נישט פעיק געווען צו קיין פיזישער אַרבעט. די איבעריקע 633 האָבן געדאַרפט געשיקט ווערן אויף בוי־אַרבעט[544].

אַ חוץ דאָס איינלייגן די הייזער איז אויך געפירט געוואָרן ספּעציעלע בוי־אַרבעט אין „ראַדעגאַסט". מ'האָט דאָרט געבויט פרישע באַראַקן. אין געטאָ האָט מען נישט געוווסט צוליב וואָס און פאַר וועמען. פאַר די צוגעשיקטע מענטשן איז נישט געווען קיין גענוג אַרבעט. דער אינזשיניער אָלשער, וועלכער האָט געפירט די בוי־אַרבעט, האָט דערקלערט, אַז דער איבערפלוס פון מענטשן שטערט אים בלויז אויסצופירן די אָנגעהויבענע בויאונגען. נישט געקוקט אויף דעם, זענען ווייטער אָנגעגאַנגען די רעדוקציעס אין די געטאָ־אינסטיטוציעס. זיי האָבן דערגרייכט אַפילו דעם געטאָ־געריכט. אויך ד"ר אָסקאַר זינגער, דער לייטער פון געטאָ־אַרכיוו און פאַקטישער רעדאַקטאָר פון דער „טאַגעסכראָניק" איז דורך ביבאָוון אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ראדעגאסט". ער האָט דאָרט געדאַרפט פירן די עווידענץ פון די פריש־אָנגעקומענע אַרבעטער.

אַפילו די „אָרדנונגס־דינסט"־פּאָליציי האָט „געגעבן" אירע מענטשן צו דער שוואַרצער אַרבעט. פינף פּאָליציי־לייט, וועלכע האָבן בעת דער לעצטער דעפּאָרטאַציע געהאַט דינסט אין דער געטאָ־תפיסה און זענען נישט געווען גענוג גראָב צו די אַרעסטירטע, זענען אויפן באַפעל פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר מילער, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין „ראדעגאסט".

צוליב די שווערע באַדינגונגען, הונגער, ענגשאַפט און נישט צוגעוווינטקייט צו פיזישער אַרבעט, זענען אַ סך פון די פריש־צוגעקומענע אַרבעטער דאָרט קראַנק געוואָרן[546].

אויך די ביוראָען פון יודענעלטעסטען, וואָס האָבן זינט אָנהויב פון געטאָ זיך געפונען ביים סאַמע סוף פון יידישן וווין־שטח — אויפן באַלוטער מאַרק — זענען פון דאָרט באַזייטיקט געוואָרן. דאָס איז געשען אויף אַ פאַראָרדענונג פון ד"ר אָטאָ בראַדפיש. אין לאָקאַל פון רומקאָווסקיס ביוראָען, איז אויפן באַפעל פון אָנפירער פון געשטאַפּאָ איינגעאָרדנט געוואָרן ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג", וועלכע האָט דעמלס, ביי דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, געדאַרפט זיין זייער נאָענט צום יידישן וווין־שטח. דאָרט איז אויך געבליבן רומקאָווסקיס אַרבעטס־צימער, כדי ער זאָל זיין נאָענט צו דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג"[547].

## ג. דער פֿאַרשטאַרקטער הונגער אין פרילינג 1944

דאָס באַזייטיקן די באַאַמטע פון רומקאָווסקיס אַדמיניסטראַציע־אַפּאַראַט און שיקן זיי אויף שוואַרצער אַרבעט, האָט נישט באַזונדערס שלעכט געווירקט אויף די געטאָ־איינוווינער. קיין גרויס ליבשאַפט האָבן די אַרבעטער אין די פֿאַבריקן נישט געפילט צו די באַאַמטע. האָט מען דעריבער געהאַלטן, אַז עס איז לטובת דעם געטאָ, וואָס אויך זיי ווערן געשיקט אויף „נוצלעכער״ אַרבעט. דער קאָמופלאַזש מיט די שפּייז־פּאַקעטן און ענלעכע טובות פון ביבאָוון פֿאַר די געטאָ־איינוווינער האָט געבראַכט צו אַ געוויסער אַנטשפּאַנונג. בפרט, ווען עס זענען נישט אָנגעזאָגט געוואָרן קיין נייע דעפּאָרטאַציעס. דעם 16־טן מערץ האָט מען אַרויסגעשיקט זעכציק פּערזאָן, אַ רעשטל, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן אין דער צענטראַלער תּפיסה. אין געטאָ איז געוואָרן „רואיקער״. רומקאָווסקי האָט ווייטער חתונה געמאַכט פּאָרלעך, געגעבן חופּה־וקידושין. אין אייניקע בעקערייען האָט מען געבאַקן מצות. גלייכצייטיק איז אָבער געשטיגן דער הונגער מיט יעדן טאָג. די צאָל פּראָדוקטן: בוראַקעס, ריבן און קאַרטאָפל, וואָס דאָס געטאָ האָט געדאַרפט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט, איז געוואָרן כסדר פּאַרקלענערט. די „טאָגעסכראָניק״ האָט נאָטירט, אונטערן רובריק „אַפּראָוויזאַציע״: „אומפּאַרענדערטער הונגער־מצב״. דער הונגער האָט געדאַרפט ברעכן דעם ווידערשטאַנד קעגן אַרויספאָרן.

ווען מען פּאַרגלייכט דעם אַפּראָוויזאַציע־מצב פון געטאָ אין די חדשים דעצעמבער 1943 און מאַי 1944, נעמענדיק בלויז די וויכטיקסטע פּראָדוקטן, מיט וועלכע דאָס געטאָ האָט זיך גענערט, באַקומט מען אַזאַ רעזולטאַט:

| שפּייז | אין קילאָגראַם<br>דעצעמבער 1943 | <br>מאַי 1944 | פּאַרקלענערט<br>אין פּראָצענט |
|---|---|---|---|
| קאַרטאָפל | 2.756.411 | 239.560 | 91,4 |
| ירקות | 2.760.560 | 163.900 | 94,2 |
| קאָרן־מעל | 727.945 | 693.394 | 4,8 |
| צוקער | 134.360 | 40.000 | 70,3 |

ווי עס איז צו זען פון דער דאָזיקער טאַבעלע, האָט זיך כמעט ווי אָפּגעשטעלט דאָס אַריינפירן אין געטאָ די צוויי וויכטיקסטע דערנערונגס־פּראָדוקטן: קאַרטאָפל און ירקות, די הויפּט־שפּייז אין געטאָ האָט אין 1944, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, לחלוטין אויסגעפעלט[548]. **דער דאָזיקער שרעקלעכער הונגער, וועלכן דאָס געטאָ האָט נישט געקענט דורך דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, איז געקומען אין פרילינג פון יאָר 1944, אין אַ פּעריאָד, ווען די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן חנדלען צו דער פּוילישער**

באַפעלקערונג און צוליב דעם פאַרגרעסערטן זייערע אַפּראָוויזאַציע־נאָרמעס. דאָס איז געשען צוליב די גרויסע דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן, און עס האָט אויך געדאַרפט זיין אַ מיטל צו שאַנעווען די מענטשלעכע אַרבעטס־כוחות, אין וועלכע די דייטשן האָבן זיך דעמאָלט שטאַרק גענויטיקט [549]. אָבער דאָס איז נישט געווען נוגע דעם איינציק איבערגעבליבענעם געטאָ, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איין גרויסע אינדוסטריע־אונטערנעמונג מיט איבער 74 טויזנט אַרבעטער. די צענדליקער טויזנטער יידן זענען דורך די דייטשן פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און דער הונגער האָט זיי געדאַרפט צווינגען „פרייוויליק" צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ און גיין אין די גאַז־קאַמערן.

וואָס פאַר אַ פאָרמען עס האָט אָנגענומען דער הונגער אין פרילינג 1944, באַווייזט די פאָלגנדיקע שילדערונג אין דער „טאַגעסכראָניק" אונטער דער איראָנישער איבערשריפט „געטאָ־אוצרות":

„הינטער די טישלער־וואַרשטאַטן אויף צימער־גאַס געפינט זיך אַ גרע־סערער מיסט־גרוב. דאָס גאַנצע מיסט פון געטאָ ווערט אַהין געפירט. עס איז שוין געווען אַ פאַראָרדענונג, מען זאָל דעם העסלעכן מיסט־גרוב פאַרשיטן. די פאַראָרדענונג איז נישט אויסגעפירט געוואָרן. די לעצטע טעג האָבן זיך אין דער געגנט פאַרשפּרייט שרעקלעכע ריחות, אַזוי, אַז מען האָט נישט געקאָנט דורכגיין די גאַס. ס'האָט פשוט אָטעם פאַרפעלט. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווערט דער מיסט־גרוב באַלאַגערט פון יוגנטלעכע, וועלכע זוכן שטיקלעך קאַרטאָפל, ריבן און אַנדערע „אוצרות", וואָס זענען מיטן מיסט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די קיכן. יעדעס שטיקל אָפּפאַל ווערט מיט די הענט אַרויסגענומען, צונויפגעקליבן, געפּאַקט אין זעק אָדער שיסלען".

ביי די הונגער־באַדינגונגען איז ווייטער פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון געטאָ. דעם 4־טן אַפּריל איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו פאַרקלענערן דאָס געטאָ. דער אָפּגעריסענער שטח איז געווען פריער באַוווינט פון 2.000 פערזאָן [550]. אַ טייל פון זיי זענען אויסגעשטאָרבן, אָדער געוואָרן אַרויסגעשיקט נאָך פאַרן אָפּטיילן די הייזער פונעם געטאָ און די רעשט, וואָס האָבן נאָך דאָרט געוווינט, זענען געצוווּנגען געוואָרן אַריינצוציען זיך אין דירות אויף יענער זייט פונעם ניי־אָפּגעצוימטן געטאָ־שטח.

.32

# ווידערשטאַנד און קאַמף אויפֿן ראַנד פֿון אומקום

## א. פּאָליציייאישער טעראָר און קאַטאַסטראָפֿאַלער וווּקס פֿון שטערבלעכקייט

אין אָנהייב מאַי איז געקומען אַ פֿרישע פֿאַראָרדענונג פֿון דער דייטשער מאַכט — אַרויסצושיקן 80 פּערזאָן. אַ טייל האָבן זיך געמאָלדן פֿרייוויליק און די רעשט האָט געכאַפּט די פּאָליציי פֿון די בעטן אַרויס. דער טראַנספּאָרט איז געוואָרן אַרויסגעשיקט אונטער דער אויפֿזיכט פֿון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן. עטלעכע טעג שפּעטער איז ווידער אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון געשטאַפּאָ צוגעשטעלט געוואָרן 50 פּערזאָן צום אַרויסשיקן. דער טעראָר פֿון דער א. ד.־פּאָליציי, ספּעציעל פֿון דער „זאָנדער", האָט זיך אויסערגעוויינלעך געשטאַרקט.

עס איז אויפֿסניי געקומען אַ קאָמיסיע פֿון „אַמט פֿאַר אויסזידלונג און ראַסן" אין דער צאָל פֿון 40 פּערזאָן. אין גרעסטן רוב זענען דאָס געווען אָפֿיצירן פֿון עס. עס. בעת זייער באַזוך איז די גאַסן־באַוועגונג געוואָרן אָפּגעשטעלט. קיינער האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין פֿון דער וווינונג. דעם 20־טן מאַי האָט די „טאַגעסכראָניק" נאָטירט: „דאָס געטאָ אַרבעט מיט ליידיקע מאָגנס. די שטאַר־ביקייט וואַקסט מיט דערשרעקנדיקער גיכקייט". דער דאָזיקער שרעקלעכער מצב ווערט באַשטעטיקט דורך פֿאָלגנדיקער טאַבעלע:

| חודש | געטאָ־איינוווינער | באַשטעטיקטע | שטערבלעכקייט | אַרויסגעשיקטע |
|---|---|---|---|---|
| יאַנואַר 1944 | 79,648 | 74,166 | 267 | 33 |
| פֿעברואַר „ | 79,384 | 74,132 | 274 | 25 |
| מערץ „ | 79,153 | 73,057 | 353 | 1670 |
| אַפּריל „ | 77,208 | 72,589 | 406 | — |
| מאַי „ | 76,860 | 72,130 | 483 | 230 |

אָט אַזוי איז בהדרגה געגאַנגען צו דער ליקווידאַציע פֿון לאָדזשער געטאָ: הונגער, שטערבלעכקייט און דעפּאָרטאַציע האָבן געטאָן זייער פֿאַרניכטונגס־אַרבעט. פֿאַר דער דייטשער מאַכט איז אָבער דער אויסראָטונגס־פּראָצעס פֿון לאָדזשער געטאָ דעמאָלס געווען צו פּאַמעלעך און ווי עס ווייזט אויס, האָט מען אונטערגעטריבן דעם יודענעלטעסטען, ער זאָל עס מאַכן גיכער. אויף די מויערן פֿון געטאָ האָט זיך באַוויזן אַ פֿרישע באַקאַנטמאַכונג פֿון רומקאָווסקין.

„מ׳זאָל זיך פרייוויליק רעגיסטרירן צום אַרויספאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ״. די, וואָס וועלן זיך פרייוויליק פאַרשרייבן, וועלן באַקומען אנצוגן, שיך, וועש אאַז״וו. אויף די מודעה האָט ביבאָוו דערלויבט צו דרוקן אין יידיש[551].

✶

ביי דעם דאָזיקן מצב האָט די שטימונג ביי די געטאָ־איינוווינער זיך געוואַקלט צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג. זייער בולט איז די שטימונג געקומען צום אויסדרוק אין די פשוטע טאָגבוך־פאַרצייכענונגען, געמאַכטע פון בעקער־אַרבעטער יעקב הילער. ער האָט געשריבן:

דעם 17־טן פעברואַר 1944 — „וואָלטן מענטשן נישט געווען האָפערדיק און געגלויבט, אַז עס וועט בעסער ווערן, וואָלט מען זיכער נישט אויסגעהאַלטן און זיך איינגעבראָכן, ווייל אַזאַ הונגער, ווי עס איז היינט, איז נאָך נישט געווען״.

29־טן פעברואַר: ...„דער גרויסער הונגער, וואָס הערשט איצט אין געטאָ, איז שטאַרקער ווי אין די גאַנצע פיר יאָר״ — — —

20־סטן מערץ: ...„אַלע כאַפּט אַרום אַ שרעק: הערט מען אַז דער מזרח גייט [רויטע אַרמיי], פרייט מען זיך, הערט מען אַז ער [היטלער] מאַכט אַ תל פון שטעט, ווען ער פאַרלאָזט זיי, — שטעכט עס אונדז. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, איז ביי אונדז אַ שמחה, ווען מיר הערן: זיי זענען אַרויף אויף דער רומענישער טעריטאָריע ,אַז קאָוועל איז געוומען ,אַז סטאַל[ין] האָט געגעבן אַ באַפעל צו גיין אויף וואַרשע, אַז מען מאַרשירט און אונדזערע [דייטשע אַרמייען] לויפן מיט די הויזן אין די הענט״. — — —

„אַלץ איז גוט, נאָר מיר זאָלן קאָנען זיין עדות פון דעם אַלעם. הונגער — עס שאַדט נישט, עס לוינט זיך צו הונגערן וויסנדיק, אַז מיר וועלן דערלעבן אַ שיינעם מאָרגן אָדער איבערמאָרגן. די גאַסן זענען ליידיק, אַלץ זיצט אין די רעסאָרטן, איבערפולט זענען די הערצער פון דעם הונגעריקן עולם מיט פרייד און שמחה. קומט אויסלייזער וואָס שנעלער, וואָס שנעלער, כדי צו טרעפן אַ פאָר צענדליק טויזנט אויסגעהונגערטע, אויסגעמאָרדעוועטע, אָבער דאָך מיט ווירדע מענטשן — — — די מורא איז ביי אַלעם זייער גרויס, אַז מיר זאָלן אַמאָל האָבן אויסגעהאַלטן 4 און אַ האַלב יאָר און לסוף פאַר דער הילף געמוזט אונטערגיין״[552].

## ב. ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציעס אין די געטאָ־פאַבריקן

די דערהאַלטענע ראַדיאָ־ידיעות וועגן די מפּלות פון די דייטשע אַרמייען אויף די פראָנטן, דאָס אָנקומען פון פרילינג, האָט געהויבן די שטימונג פון די געטאָ־איינוווינער, באַזונדערס ביי די יוגנטלעכע. עס האָט זיך געשטאַרקט

די האָפענונג, אפילו ביי קראַנקע און שוואַכע, אַז מ'וועט איבערלעבן, ווייל די גאולה איז דאָך אַזוי נאָענט. די אָפּטימיסטישע אויסזיכטן האָט געוועקט דעם ווילן צו ראַנגלען זיך, צו קעמפן פאַר דערנענטערן די אויסלייזונג. דער דאָזיקער ווילן האָט אָבער נישט געקאָנט באַקומען קיין ממשותדיקן אויסדרוק צוליב די שוין דערמאָנטע סיבות: פעלן פון געווער און אַ פאַרבינדונג מיט אַנטי־דייטשע קאַמפס־כוחות מחוצן געטאָ. האָט דער דאָזיקער קאַמפס־ווילן באַקומען זיין אויסדרוק אין די דעמאָנסטראַציעס אין ערשטן מאַי 1944 און אין שטרייקן, וואָס האָבן אין די דאָקומענטן און זכרונות די באַצייכענונג — „זופּן־שטרייקן".

ערב דעם ערשטן מאַי 1944 האָט דאָס לאָדזשער געטאָ געלעבט אין פיבערדיקן אומרו. כמעט אין אַלע רעסאָרטן האָט מען גערעדט, אַז מאָרגן וועט עפּעס געשען. און פאַקטיש זענען אין דעמלסדיקן ערשטן־מאַי־טאָג, אין אַ ריי פאַבריקן און וואַרשטאַטן אין געטאָ, פאָרגעקומען איבעררייסן אין דער אַרבעט און דעמאָנסטראַציעס אויף די ערטער. וועגן אָט די אַרויסטרעטונגען האָט יעקב הילער געשריבן אין זיין טאָגבוך:

„אין דער בעקעריי, ווען איך קום אַריין, באַגריסן די אַרבעטער מיט אַ פריילעכן: „גוט יום־טוב", היינט איז דער ערשטער מאַי. דאָס זעלבע קומט פאָר אין די רעסאָרטן. טייל אַרבעטער, האָבן געטראָגן רויטע שלייפלעך אונטער די קלאַפּעס, דעמאָנסטרירנדיק דערמיט דעם היי־יאָריקן ערשטן מאַי.

„אין דער גרעסטער צאָל רעסאָרטן האָט מען היינט סאָלידאַר מאַניפעס־טירט, איבערגעריסן די אַרבעט. אין אַ טייל רעסאָרטן האָט מען אַ האַלבע שעה נישט געאַרבעט, אין אַ טייל צוויי שעה. ס'איז געווען גרופּן, ווו מ'האָט גערעדט וועגן ערשטן מאַי.

„נישט קוקנדיק, וואָס ס'הערשט אַזאַ גרויסער הונגער, האָבן די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין פראָלעטאַרישן יום־טוב נישט פאַרגעסן, פאַרקערט, זיי האָבן נאָך מיטגעצויגן אַזעלכע מענטשן, וואָס זענען פאַרן קריג געווען ווייט פון סאָציאַליסטישן געדאַנק. זאָל לעבן דער ערשטער מאַי! — האָט זיך אין אַלע רעסאָרטן געהערט. נאָר די, וואָס האָבן געוואָלט שטערן, זענען די „קעראָוּוניקעס" (אָנפירער פון די פאַבריקן) און די קאָמיסאָרן, בלויז איינצלנע „קעראָוּוניקעס" זענען אַוועק און נישט געמאַכט זיך זען, וואָס אין רעסאָרט קומט פאָר. די שטימונג ביי אַלע אַרבעטער איז אַן אויסערגעוויינלעך גוטע.

„דער טאָג איז אַ קאַלטער ,נאָר אינען ברענט עפּעס, ווי אַ פייער וואָלט געברענט — דער האַס צו אַלעם, וואָס פייניקט מענטשן, וואָס זענען אין גאָרנישט שולדיק".

...„אין אָוונט, ווען אַלע קומען פון די רעסאָרטן אַהיים, דערציילט יעדער ווי אַזוי מ'האָט אין זיין רעסאָרט געפייערט דעם ערשטן מאַי. אַלע זענען

צופרידן, וואָס ס'האָט זיך איינגעגעבן צו פּייערן קעגן דעם ווילן פון די רעסאָרט־אָנפירער. וועגן דער פּייערונג האָט מען ספּעציעל מיטגעטיילט. אין אַ רעסאָרט איז אַריינגעקומען אַ קליין יינגעלע און געמאָלדן די דערוואַקסענע אַרבעטער: „ס'שטעלט זיך אָפּ די אַרבעט ביז האַלב עלף. קיינער אַרבעט נישט, היינט איז דער ערשטער מאַי". אָפּגעזאָגט די פּאָר ווערטער און שנעל אַרויסגעלאָפן".

זיינע נאָטיצן וועגן די ערשטע מאַי־פּייערונגען, האָט י. העלער פאַרענדיקט מיט פאָלגנדע שורות:

„ווער עס ווייסט ביי וואָס פאַר באַדינגונגען מיר אַרבעטן און ביי וואָס פאַראַ רעזשים מיר געפינען זיך, וועט וויסן אָפּצושאַצן וואָס הייסט אָפּשטעלן אין אַזוי פיל רעסאָרטן אויף אַ האַלבער שעה די אַרבעט" [553].

אין שוסטער רעסאָרט איז 10 אַ זייגער פ. מ. איבערגעריסן געוואָרן די אַרבעט. דער פאַבריקס־דעלעגאַט יאנקל באַק, אַ חבר פון די „פאַראיינס־לינקע", האָט גערעדט צו די אַרבעטער, מ'האָט געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". די אָנפירונג פון די שוסטער־וואַרשטאַטן איז געוואָרן צעטומלט. מ'האָט טעלעפאָנירט צו רומקאָווסקין, מ'האָט געדראָט מיט געשטאַפּאָ. עס איז נישט געקומען צו קיין אינצידענטן, 12 אַזייגער זענען די אַרבעטער צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. „דעם טאָג האָבן די שוסטער זייער מיטאָג־זופּ געגעסן ערשט 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, אַנשטאָט 12 פּרי. דער לייטער פון רעסאָרט האָט כאָטש מיט דעם געוואָלט באַשטראָפן די אַרבעטער". אַזעלכע ערשטע מאַי־שטרייקן זענען פאָרגעקומען: אין דער הויזן־פאַבריק, אין דער שניידעריי, לאַגעווניצקע 34, וווּ עס זענען געווען באַשעפטיקט 200 יוגנטלעכע און אין אַנדערע רעסאָרטן [554].

דער בונד האָט אין יענעם ערשטן מאַי איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן פאַר זיינע מיטגלידער. אין זיינע זכרונות האָט נירנבערג געשריבן: „מ'איז געווען דורכגעדרונגען מיט טיפער איבערצייגונג, אַז אין דעם יאָר קומט שוין דער סוף. היטלערן גייט באַרג אַראָפּ. מ'פאַריאָגט אים פון אַפריקע. די אַליאירטע זענען שוין אין איטאַליע. אין רוסלאַנד ליידן די דייטשן גרויסע מפּלות. מיר פייערן דעם ערשטן מאַי פול מיט האָפענונג אויף אַ גיכער באַפרייאונג".

וועגן די ערשטע־מאַי באַנקעטן: „יעדער ברענגט מיט אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל מאַרמעלאַד. מ'באַקט אַ קוכן פון קאַווע־מישונג מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ. שיין באַפּוצט מיט בלימלעך. ביי ווייסע טישן פראַוועט מיר אונדזער יום־טוב, באַגלייט מיט רעציטאַציעס, געזאַנג פון אונדזערע הייליקע לידער" [555].

## ג. די „זופּן־שטרייקן" אין פרילינג 1944

נאָך דער ערשטער מאַי־פייערונג, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ פרישן מוט אין די רעסאָרטן, האָט זיך אויסגעברייטערט דער „זופּן־שטרייק". די אַרבע־טער האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די זופּן פון די קיכן. דאָס איז געווען אַ מין הונגער־שטרייק, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט אַלע געטאָ־אונטערנעמונגען. די אַקציע איז געפירט געוואָרן פון יוגנטלעכע. פון שניידער־רעסאָרט האָט מען באַזייטיקט אייניקע יוגנטלעכע אַרבעטער, האָבן די יוגנטלעכע אין אַנדערע רעסאָרטן דערקלערט אַ סאָלידאַרן „זופּן־שטרייק". דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען אין דער מעטאַל־אָפּטיילונג. רומקאָווסקי איז אַליין געקומען אין פאַבריק און אויפגעצווונגען זיי צו איבעררייסן דעם שטרייק. 4 יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען די זופּן. זיי זענען דערפאַר באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. צו די אַנדערע האָט רומקאָווסקי געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיך זייער כאַראַקטעריסטיש אויסגעדריקט וועגן זיין פּערזאָן: „קעגן וועמען איז אייער דעמאָנסטראַציע געווענדעט, קעגן מיר? איך בין נאָר אַ משרת ביי דער מאַכט און מוז אַליין בייגן דעם קאָפּ און זיין געהאָרכזאַם". אין דער שניידעריי אויף לאַגעווניצקע גאַס, ווו ס'האָבן געאַרבעט קינדער, איז אויסגעבראָכן אַ זופּן־שטרייק. 3 טעג האָבן די קינדער נישט אָפּגענומען קיין געקעכץ. אַלע אַנדערע רעסאָרטן זענען געקומען צו הילף די שטרייקנדיקע. רומקאָווסקי איז, פאַרשטייט זיך, געווען שטאַרקער. 5 יוגנטלעכע זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. אין מעטאַל־רעסאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט אייזן־רערן. די אַרבעטער האָבן, ווייזט אויס, אָנגעווענדעט די סאַבאָטאַזש־לאָזונג „P. P." („אַרבעט פּאַמעלעך") און נישט געמאַכט די באַשטימטע נאָרמע. דער לייטער פון רעסאָרט, מאַקס פּוטערמאַן, האָט געזאָגט צו די אויסגעהונגערטע אַרבעטער: „מיט בלוט וועט איר שפּייען און איר וועט מוזן אַרבעטן!" ער האָט פאַרלאַנגט 450 שטיק אַ טאָג און די אַרבעטער האָבן געגעבן נאָר 200. עס זענען אָנגעווענדעט געוואָרן רעפּרעסיעס. 5 פּערזאָן זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט[556].

די שטרייקן, אָנגעפירט פון די „פּאַראיינס לינקע" ביי דער אונטער־שטיצונג פון די אַנדערע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן נישט געבראַכט צו קיין אַריינמישן זיך פון דער דייטשער מאַכט, וועלכע האָט דעמאָלט געהאַט איין אויפגאַבע: וואָס גיכער ליקווידירן דאָס געטאָ אויף אַזאַ אופן, אַז די 77,000 יידן זאָלן נישט שטעלן קיין ווידער־שטאַנד. די רויטע אַרמיי האָט געיאָגט די דייטשע זעלנער־באַנדעס און זייערע גענעראַלן און די אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד פון די יידן אין רוקן פון פראָנט. פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט זענען

דעריבער די געשעענישן אין געטאָ געווען קליינינקייטן, וואָס האָבן נישט קיין שום באַדייטונג פאַרן ענדציל.

אָן שום ספק האָט די געשטאַפּאָ געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. אַ חוץ אירע אַגענטן אין „זאָנדער" און דעם הויפּט־אַגענט — מ. קליגער, וואָס האָבן וועגן אַלע געטאָ־געשעענישן באַריכטעט דער דייטשער מאַכט, האָט אויך דער קאָמיסאַרישער שטאָט־פּרעזידענט און אָנפירער פון געשטאַפּאָ, ד"ר אָטאָ בראַדפיש, זייער אָפט באַזוכט דאָס געטאָ אין דעם פּעריאָד. ער — גרייזערס פאַרטרויאונגס־מענטש, „געהיימניש־טרעגער נומער 1" און פּראַקטי־צירטער אָנפירער פון מאַסן־אויסראָטונג — האָט דאָס געדאַרפט דורכפירן די זייער קאָמפּליצירטע אויפגאַבע פון דעפּאָרטירן די יידן פון לאָדזשער געטאָ אָן שום ווידערשטאַנד. האָט בראַדפיש כסדר באַזוכט דעם יידישן וווין־שטח און זאָנדירט דעם באָדן.

נאָך אַ „פאָלקס־ציילונג", וואָס רומקאָווסקי האָט דורכגעפירט אויף דער פאַראָרדענונג פון אַ מיליטערישער קאָמיסיע, איז בראַדפיש געקומען אין געטאָ און אָנגעפרעגט רומקאָווסקין, הלמאי „עס זענען נאָך אין געטאָ פאַראַנען 5,000 פּערזאָנען, וואָס אַרבעטן נישט און ווי עס איז מעגלעך, וואָס נאָך דער קינדער־דעפּאָרטאַציע, זענען נאָך געבליבן 2,000 קינדער". עס איז נישט פאַראַקומענ־טירט וואָס רומקאָווסקי האָט דערויף געענטפערט. עס איז נאָר באַקאַנט, אַז באַלד נאָך בראַדפישס באַזוך, האָט דער יודענטעלטעסטער פאַראָרדנט, מ'זאָל אַריינפירן אין די רעסאָרטן אויף די קינדער, געבוירענע אין יאָר 1935 און יונגערע פון זיי, וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק צווישן עלטערן. מ'האָט זיך געריכט אויף אַ פרישער קינדער־דעפּאָרטאַציע. דער רומקאָווסקי־אַדמיניס־טראַציע האָט זיך איינגעגעבן צו באַרואיקן די עלטערן[557].

צו דער באַרואיקונג האָט אויך געהאָלפן די דייטשע פּערפידיע: צום ערשטן מאָל אין דער פיר־יעריקער עקזיסטענץ פון געטאָ איז דערלויבט געוואָרן נישט צו אַרבעטן אין די ערשטע טעג פּסח, וואָס זענען אויסגעפאַלן אין די זעלבע טעג, וואָס די קריסטלעכע „פּאַסכאַ". „אויף דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט איז אין דעם „גרויסן שבת" * איבערגעריסן געוואָרן די אַרבעט אַרום 12 אַ זייגער בייטאָג. עס איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז קיינער פון די אַרבעטער און באַאַמטע, וואָס זענען באַשעפטיקט איבער 56 שעה אין דער וואָך, וועט נישט פאַרלירן דאָס רעכט אויף צוגאָב־זופּן". אַ גאָר וויכטיקע הנחה פאַרן געטאָ, ערב זיין ליקווידאַציע, איז געווען די דערלויבעניש פון דער דייטשער

* להבדיל פון שבת הגדול — עוואַנגעליש־דייטשע פאַרהייליקונג פון שבת, ערב „תחית המתים" פון ישו, לויט דער קריסטלעכער לעגענדע.

מאַכט אין יענער צייט צוריק איינצושטעלן אַ פּאָסט־פּאַרקער מיט דעם געטאָ, וואָס איז דריטהאַלבן יאָר געווען פאַרבאָטן. די מערב־אייראָפּעאישע יידן, וועלכע זענען דורך אַ צופאַל געבליבן לעבן נאָך דער דעפּאָרטאַציע פון מאַי 1942, האָבן באַלאַגערט די געטאָ־פּאָסט, געשיט מיט בריוו און געוואַרט אויף פּעקלעך. דאָס דייטשע שפּיצל איז געלונגען. אין געטאָ האָט מען ווידער געהאַלטן, אַז עס ווערט בעסער[558]. אָט די בעסערונג איז באַלד געוואָרן צעטרייסלט דורך אַן אויסערגעוויינלעכער געשעעניש.

.33

# אַרעסט און פאַרפייניקונג פון די ראַדיאָ־הערער

## א. די מסירת־נפשדיקע טעטיקייט פון די ראַדיאָ־הערער אין משך פון די 4 געטאָ־יאָרן

אַלע ידיעות פון די מלחמה־פראָנטן, וואָס ווערן געבראַכט אין די טאָגביכער פון דוד שעראַקאָוויאַק, יעקב הילער און יעקב פאָזנאַנסקי — זענען אויפגענומען געוואָרן אין געטאָ דורך אַ גרופּע ראַדיאָ־הערער. זיי האָבן, טראָץ דער דייטשער דראָאונג פון טויט־שטראָף, אין שטרענגסטער געהיימניש קאָנסטרואירט און אויפגעהאַלטן ראַדיאָ־אויפנעם־אַפּאַראַטן און די באַקומענע ידיעות זענען דורך זיי געבראַכט געוואָרן אין די פּאַרטיי־קאָמערלעך און פון דאָרט אין די רעסאָרטן. די דאָזיקע מסירתנפשדיקע טעטיקייט האָבן די ראַדיאָ־הערער געפירט אין משך פון 4 יאָר עקזיסטענץ פון געטאָ. אַ חוץ די ידיעות, וואָס זענען אין געטאָ פאַרשפּרייט געוואָרן דורך די ראַדיאָ־הערער, זענען אויך דאָרט געווען געציילטע ערטער ,וואָס האָבן געבילדעט אַ מין „פּאָליטישע קלובן״. אַהין זענען אויך אַ געהיימנישפולן אופן געבראַכט געוואָרן דייטשע צייטונגען פון דער שטאָט און פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל האָט מען זיי געקענט לייענען, פאַרשטענדלעך, אַז עס זענען געקומען נאָר פאַרטרוילעכע מענטשן. אַזאַ אָרט איז געווען דער פריזיער־אַנשטאַלט פון טאַטאַרקאַ אויף דער האַמבורגער גאַס.

אויפן סמך פון די פאַראַנענע דאָקומענטן לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן, ווי אַזוי איז מעגלעך געווען אין משך פון 4 יאָר אויסצוהיטן דעם סוד פון די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן און פון אַריינגעבראַכטע דייטשע צייטונגען, בעת אין געטאָ זענען געווען טעטיק אַ באַדייטנדע צאָל געשטאַפּאָ־אַגענטן, וואָס האָבן וועגן אַלעם אינפאָרמירט זייערע באַפעלסגעבער. מעגלעך, אַז די געשטאַפּאָ האָט אין דעם לעצטן פעריאָד פאַרלאַנגט פון אירע אַגענטן אויסצוגעפינען די ראַדיאָ־הערער, וועלכע געבן איבער ידיעות וועגן די קאַטאַסטראָפאַלע מפּלות פון די דייטשע אַרמייען, וואָס עס קאָן פאַרשטאַרקן דעם ווידערשטאַנד פון דער געטאָ־באַפעלקערונג קעגן די דעפּאָרטאַציעס. אַ פאַקט איז, אַז ערשט אויפן לעצטן עטאַפּ פון דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ האָט די דייטשע מאַכט באַוויזן צו פאַרניכטן דעם שטאַרקסטן פונקט פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד — עס איז זיי געלונגען צו אַרעסטירן די אָפּנעמער און פאַרשפּרייטער פון ראַדיאָ־ידיעות.

די פּערזאָנען, וואָס האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט, האָבן נישט געבילדעט

קיין אָרגאַניזירט קאָמערל און זייער טעטיקייט איז נישט געוואָרן איינגעשטעלט פון קיין שום אָרגאַניזאַציע. דאָס זענען געווען מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען און אויך אומפּאַרטייאישע. די משפּחה וועקסלער: יעקב — אַ בונדיסט, הענעך — אַ רעליגיעזער ייד, ישעיה און דוד — אומפּאַרטייאישע; חיים נתן ווידאַווסקי איז געווען אַן אַקטיווער אַלגעמיינער ציוניסט, משה טאָפּעל — חזן פון דער פאַרמלחמהדיקער „אהל יעקב"־שול. ווייטער — פּשוטע מענטשן: יצחק לובינסקי, פּאָטער און זון אַלטשילער און יעקב שלמה רעדלעך[559].

אָט די קדושים האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר זייער הייליקער טעטיקייט, וואָס זיי האָבן געפירט אין געטאָ אין משך פון 4 יאָר פון זיין עקזיסטענץ. מיט דער הילף פון אַ קריפּאָ־אַגענט אין געטאָ (מ׳רופט אָן זיין נאָמען סאַנקעוויטש, אָדער סטאַנקעוויטש), איז געלונגען די דייטשן צו אַרעסטירן די ראַדיאָ־הערער. דער אַרעסט, וואָס עס האָט דורכגעפירט די אָפּטיילונג פון דער קרימינאַל־פּאָליציי („קריפּאָ") אין געטאָ, אויף דעם קאַטעגאָרישן פאַרלאַנג פון געשטאַפּאָ, האָט זיך אָנגעהויבן אין דער וווינונג פון אַלטשילער, אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס. ביי אים האָט מען נישט געפונען דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. צוזאַמען מיט אַלטשילערן איז אַרעסטירט געוואָרן זיין 16־יעריקער זון נאָך שרעקלעכע פּייניקונגען ביי דער אויספאָרשונג, האָט דאָס יינגל אָנגעגעבן דאָס אָרט, ווו דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט איז באַהאַלטן און אויך דערמאָנט די נעמען פון אַנדערע ראַדיאָ־הערער: עס איז אַרעסטירט געוואָרן יעקב שלמה רעדלעך.

דער צווייטער פּאָליציייאישער איבערפאַל איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער וווינונג פונעם געוועזענעם חזן — משה טאָפּעל, אויף מלינאַרסקאַ גאַס 9. ער איז געכאַפּט געוואָרן ביים אַפּאַראַט בעתן אויפנעמען ידיעות. ווייטערע אַרעסטן זענען פאָרגעקומען: אין דער וווינונג פון די וועקסלערס אויף דער האַלבגאַסע נומ׳ 6; אין פריזיר־אַנשטאַלט פון טאַטאַרקאָ אויף דער האַמבורגער גאַס, ווו עס זענען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע פּערזאָן, ווי אויך ריכאַרד בער פון ווינער טראַנספּאָרט, אַ געוועזענער רעדאַקטאָר פון אַ דייטשער צייטונג. ביי אים האָט די פּאָליציי געפונען אָפּשריפטן פון פּאָליטישע ידיעות[560].

קלמן וועקסלער, דער זון פון שעיה, האָט אין זיין עדות־דערקלערונג אין פּראַצעס פוקס־בראַדפיש, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַנאָווער, איבערגעגעבן וועגן אַרעסט פון די ראַדיאָ־הערער:

„דעם 7־טן יוני 1944, אויפן צווייטן טאָג פון דער אינוואַזיע אין אייראָפּע, האָבן מיר די ידיעה וועגן דעם, אויפגענומען דורכן געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט, וואָס איז געווען ביי אונדז. איך האָב די ידיעה ווייטער איבערגעגעבן. איך בין פאַרבייגעגאַנגען דעם בנין פון „קריפּאָ" און דערזען ווי מ׳האָט



פאָטאָגראַפיע פון ראַדיאָ־אַפּאַראַט, קאָנסטרואירט אין געהיים אין לאָדזשער געטאָ דורך וויקטאָר רונדבאַקען (לעבט אין אַמעריקע), מיט וועלכן עס האָט זיך באַנוצט די משפּחה וועקסלער. קלמן, דער זון פון ישעיהו וועקסלער, וואָס האָט באַוויזן דעם אַפּאַראַט אַרויס־צונעמען פון שטוב איידער עס איז אָנגעקומען דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר — האָט דורך פאַרשידענע צופאַלן זיך אָפּגעראַטעוועט פון דער אויסראָטונג. עס איז דעם יונגן וועקסלער אויך געלונגען אָפּצוראַטעווען דאָס געהיימע קעסטל מיט דער ראַדיאָ־אַפּאַראַטור און צו ברענגען עס קיין ישראל.

אַריינגעטראָגן אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. איך בין אַהיימגעלאָפן און וועגן דעם מודיע געווען. איך האָב גענומען אונדזער געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אים באַהאַלטן און אַרויס פון שטוב. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז באַלד אָנגעקומען דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס. ער האָט דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע ביי אונדז אין שטוב און גענומען אַלעמען שלאָגן. דאָרט זענען דעמלט געווען: יעקב וועקסלער, העניך וועקסלער, ישעיה וועקסלער און אייזיק לובינסקי. אַלע זענען דורך פוקסן אַרעסטירט געוואָרן. אין דער זעלבער נאַכט איז אויך אַרעסטירט געוואָרן דוד וועקסלער״.[561]

עס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן וויפל פּערזאָנען זענען דעמלט אַרעסטירט געוואָרן. י. נירנבערג גיט אָן אין זיינע זכרונות, אַז עס זענען פאַרהאַלטן געוואָרן 21 מענטשן. לויט דער „טאַגעסכראָניק״ — נאָר 6 פּערזאָן. איינעם פון די ראַדיאָ־הערער, דעם ציוניסטישן טוער חיים ווידאַווסקי, איז געלונגען אַ צייט זיך אויסצובאַהאַלטן. אַלע אַרעסטירטע זענען איבערגעשיקט געוואָרן אין רשות פון דער געשטאַפּאָ אין דער שטאָט.[562] דאָרט זענען די קדושים פאַרפייניקט געוואָרן.

## ב. די טראַגעדיע פון אויסבאַהאַלטענעם חיים ווידאַווסקי

די ידיעות וועגן די אַרעסטן פון די ראַדיאָ־הערער האָבן זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט איבערן געטאָ און צווישן די איינוווינער אַרויסגערופן אומרו און פחד פאַר די ווייטערדיקע פאָלגן פון די דאָזיקע געשעענישן. מ׳האָט זיך געריכט אויף פרישע אַרעסטן, אויספאָרשונגען און אויך שטראָפן, וואָס די דייטשע מאַכט קאָן אַרויפלייגן אויפן געטאָ. אָבער אויף דעם עטאַפּ פון דער אויסראָטונג פון די לאָדזשער יידן, האָבן די פאַרטיליקער געמוזט זיך פאַרהאַלטן „יושרדיק״, באַווייזן, אַז זיי פירן נישט דורך קיין קאָלעקטיווע שטראָפן: דעם געטאָ וועט „גאָרנישט געשען״. עס גייט נאָר אין אויסגעפינען די פאַרברעכער קעגן די דייטשע פאַראָרדענונגען פון אויפהאַלטן ראַדיאָס. עס זענען אַפילו קיין ספּעציעלע אויספאָרשונגען נישט פאַרפירט געוואָרן. אויך רומקאָווסקי האָט נישט רעאַגירט אויף די דאָזיקע געשעענישן. די געטאָ־פּאָליציי האָט נאָר באַקומען אַ שטרענגע פאַראָרדענונג פון דער „קריפּאָ״ און געשטאַפּאָ, אָפּצוזוכן ווידאַווסקין און אים אַ לעבעדיקן צושטעלן צו די דייטשע אויספאָרשונגס־סעקטאָרן.[563]

*

חיים ווידאַווסקי, אַן אידעאַליסטישער ציוניסטישער טוער, נאָך פון פאַר דער מלחמה, איז געווען גוט באַקאַנט דער געטאָ־באַפעלקערונג. באַזונדערס ביי

דער ציוניסטיש־געשטימטער יוגנט, צו וועלכער ער איז געקומען, געהאַלטן פאַרלעזונגען, געשטאַרקט ביי זיי דעם מוט און גלויבן, אַז דאָס שלעכטס וועט זיך ענדיקן און מ׳וועט נאָך קומען קיין ארץ ישראל. אויך רומקאָווסקי האָט זיך באַצויגן מיט דרך ארץ צו חיים ווידאַווסקי און אים געגעבן אַרבעט אין זיין אַדמיניסטראַציע. פונקט ווי ד״ר ווייסקאָפּ און די בונדישע טוערין גאָלדע זילבערבערג, האָט אויך ווידאַווסקי זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע באַשפּייזונג־פּריווי־לעגיעס, וועלכע רומקאָווסקי האָט אים געוואָלט צוטיילן. דער ציוניסטישער אידעאַליסט האָט אויך פאַרלאַנגט פון זיינע חברים, וואָס האָבן פאַרנומען אַמטן אין רומקאָווסקיס געטאָ־אַדמיניסטראַציע, זיי זאָלן זיין באַשיידענער. צו ברוך פּראשקער האָט ווידאַווסקי געזאָגט: „דו טאָרסט נישט אָנטאָן קיין הויכע שטיוול, דו טאָרסט נישט נעמען נאָך אַ דירה אין מאַרישין״ [564].

זיין ראַדיאָ האָט ווידאַווסקי איינגעאָרדנט אין הויז אויף וואָלבאָרסקאַ 36, אויפן בוידעם איבער דער וווינונג פון אַלטשילער. ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרן, איז ווידאַווסקי דאָרט נישט געווען. ער האָט זיך תיכף דערוווּסט וועגן אַרעסט און זיך באַגעגנט מיט זיינס אַ פריינדין, אַ ציוניסטישע טוערין אין געטאָ. אין איר גבית עדות האָט זי איבערגעגעבן פאָלגנדעס וועגן ווידאַווסקיס מחשבות נאָכן אַרעסט פון די ראַדיאָ־הערער:

„דעם 6־טן יוני 1944, איז געקומען צו מיר ווידאַווסקי און געזאָגט דו ווייסט, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָב איך אָפּגעגעבן פאַר דער זאַך. עס דראָט מיר צו ווערן אַרעסטירט, אָבער איך וועל זיך נישט אונטערגעבן. איך האָב באַשלאָסן נישט צו גיין אין קרימינאַל־פּאָליציי („קריפּאָ״) און נישט הערן זייערע אויפפאָדערונגען זיך צוצושטעלן. איך ווייס, אַז די דייטשן וועלן זיך ענדיקן און איך קאָן רואיק שטאַרבן, אָבער פרייוויליק וועל איך נישט גיין צו זיי״ [565].

חיים ווידאַווסקי האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט זיין פריינדין — צוזאַמען צו באַגיין זעלבסטמאָרד. באַלד איז געבוירין געוואָרן אַ צווייטער געדאַנק — זוכן אַ רעטונג. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט פון 6־טן יוני. איבער די פינצטערע געטאָ־געסלעך האָבן א. ד.־פּאָליציאַנטן, צוגעטיילטע צו דער „קריפּאָ״, זיך געיאָגט נאָך ווידאַווסקין. זיין פריינדין האָט אים אויסבאַהאַלטן ביי איר שוועסטער, וואָס האָט געוווינט אין מאַרישין. די פּאָליציאַנטן ריבאָווסקי און נויפעלד האָבן דעם אַרעסטירטן רעדלעך אַרומגעפירט איבערן געטאָ, ער זאָל אָנווייזן ווו מ׳קאָן געפינען ווידאַווסקין. זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף זיין פריינדין און רעדלעך, אַ דערשראָקענער, אַ דערשלאָגענער, האָט זיך צו איר געוואָנדן, זי זאָל אָנווייזן דעם אַדרעס פונעם אויסבאַהאַלטענעם ראַדיאָ־הערער. איינער פון די א. ד.־פּאָליציאַנטן — ליפּעל, האָט געוווּסט ווו דער אָנטרונענער געפינט זיך און האָט אים נישט אויסגעגעבן. דאַקעגן ריבאָווסקי



**דער טראַגיש אומגעקומענער חיים ווידאַווסקי**
(פון דער ראָזענבלום־זאַמלונג אין „יד ושם")

האָט פלייסיק געזוכט און גענומען אויף אַ „קרייץ־פאַרהער" ווידאַווסקיס פריינדין. זי האָט זיך נישט איינגעבראָכן און דערקלערט, אַז אויך זי זוכט אים און איז שטאַרק אומרואיק איבער זיין גורל, ווייל ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער באַגייט זעלבסטמאָרד. וועגן ווייטערדיקן פאַרלויף פון דעם געיעג נאָך ווידאַווסקין האָט די פרוי איבערגעגעבן אין איר גבית עדות:

„איך בין אַריין צו דער שוועסטער און האָב איר געוואָרנט, אויב עס וועט אַריינקומען דער פּאָליציאַנט ריבאָווסקי, זאָל זי גאָרנישט דערציילן וועגן אויסבאַהאַלטענעם. ווידאַווסקי האָט שוין דעמלס געהאַלטןביים אויסטאָן זיך צום שלאָפן. מיט די שטיוול אין האַנט, אַ באָרוועסער, איז ער אַרויס מיט מיר. ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ פאַרלאָזט הויז"[566].

דער פּאָליציאַנט ריבאָווסקי האָט זיך ווייטער געיאָגט נאָך דעם אַנטלאָפענעם, געפּאָרשט זיין פריינדין, איר שוועסטער און פאַרזיכערט, אַז עס וועט אים גאָרנישט געשען: „ער דאַרף זיך נאָר צושטעלן אין ,קריפּאָ'". דאָס געיעג נאָך דעם קרבן האָט אָנגעהאלטן ביז 3 ביינאַכט. פאַרטאָג איז זיין פריינדין אַוועק צו אים אין באַהעלטעניש און אים געטראָפן בעתן פאַרלייגן דעם הויזן־פּאַסעק אויף דעם האַלדז. זיין פריינדין האָט אים ווידער אָפּגעהאַלטן פון זעלבסטמאָרד: אפשר וועט מען דאָך געפינען אַ מיטל צו ראַטעווען אים פון אומקום. זי האָט ווידאַווסקין אַוועקגעפירט צו זיין משפחה מאַנדעלבוים. דאָרט איז ער געוואָרן אויסבאַהאַלטן 3 טעג אין אַ קעלער, פון 6־טן — 9־טן יוני 1944. זיין פריינדין האָט אים געברענגט עסן. אין משך פון די טעג איז ווייטער פאָרגעקומען דאָס געיעג נאָכן באַהאַלטענעם. ווי געוויינלעך ביי שווערע פּאָליצייאישע אויפגאַבן אין געטאָ, איז דאָס כאַפּן ווידאַווסקין איבערגעגעבן געוואָרן דער „זאָנדער"־פּאָליציי[567].

## ג. די דראָאונגען פון א. ד.־פּאָליציי־קאָמענדאַנט לעאָן ראָזענבלאַט

דעם 8־טן יוני 1944 האָט דער קאָמענדאַנט פון דער א. ד.־פּאָליציי — לעאָן ראָזענבלאַט — געדראָט אײנעם פון די פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, אַז ער וועט אַרעסטירן אַלע ציוניסטישע טוער, אויב מ'וועט נישט אָנווייזן דאָס אָרט, ווו ווידאַווסקי באַהאַלט זיך. בעת דער דראָאונג איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס איז געבליבן נישט גענוג אויפגעקלערט אין דאָקומענטן און זכרונות פון געטאָ. עס איז אָבער נויטיק פאַר דער ווייטער־דיקער פאָרשונג פון געשיכטלעכן אמת צו ברענגען די פאַראַנענע באַשרייבונגען וועגן דעם ווייטערדיקן פאַרלויף פון דער ווידאַווסקי־טראַגעדיע.

אין דער צייט ווען דער פאַרפאָלגטער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיין משפחה, האָט זיין פריינדין באַריכטעט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע,

וואָס עס קומט פאָר מיט ווידאַווסקין און נישט אָנגעגעבן דאָס אָרט פון זיין באַהעלטעניש. אין אַ גבית עדות, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון יד ושם איז פאַראַן אַ באַשרייבונג פון אַ זיצונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, וואָס האָט באַהאַנדלט דעם ענין ווידאַווסקי. אין דער גבית עדות איז געשריבן:

„אין דער זעלבער נאַכט [נאָך די דראָאונגען פון קאָמענדאַנט פון דער א. ד.־פּאָליציי] איז אויף דוואָרסקע גאַס נומער 12, אין דער שטוב פון משה קאראָ — געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די יידישע גימנאַזיעס אין לאָדזש — פאָרגעקומען א זיצונג פון ציוניסטישן אַקטיוו, אין דער אָנוועזנהייט פון חיים ווידאַווסקי. עס איז באַהאַנדלט געוואָרן: די געשפּאַנטע לאַגע אין געטאָ צוליב ווידאַווסקיס אַנטלויפן, דער אולטימאַטום פון „קריפּאָ" און דער אופן ווי אַזוי מ'זאָל ווידאַווסקין אַרויסראַטעווען פון די הענט פון „קריפּאָ"[568].

„טייל האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מ'דאַרף ווידאַווסקין אַרויסשמוגלען פון געטאָ, נישט געקוקט אויף די דראָאונגען פון „קריפּאָ". אַנדערע זענען געווען אין דער מיינונג, אַז ער זאָל זיך צושטעלן אין „קריפּאָ". דאַן האָט ווידאַווסקי גענומען דאָס וואָרט און דערקלערט, אַז ער זעט נאָר איין אויסוועג: מ'זאָל אים פאַרשאַפן ציאַנקאַלי און ער וועט באַגיין זעלבסטמאָרד. ער האָט געהאַלטן, אַז פון געטאָ קאָן מען נישט אַרויס, ווייל די דייטשן וועלן זיך שווער נוקם זיין אין דער באַפעלקערונג, גיין אין „קריפּאָ" — ווייסט ער [ווידאַווסקי] וואָס אים דערוואַרט. בעיקר האָט ער מורא, אַז ער וועט אין „קריפּאָ" נישט אויסהאַלטן און אַרויסגעבן אַנדערע נעמען און ממילא איז דער בעסטער אויסוועג — זעלבסטמאָרד[569].

ווידאַווסקיס פריינדין האָט אין איר גבית עדות קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט, אַז דער ציוניסטישער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט, אָדער וועלכע עס איז גרופּע פון קרבנס חברים, זאָל האָבן באַהאַנדלט די פּיינלעכע פראַגע וועגן זיין זעלבסטמאָרד, וואָס ווערט אין איר גבית עדות אַזוי באַשריבן:

„איך האָב מיטגעטיילט ווידאַווסקין, אַז עס איז מעגלעך צו באַקומען ציאַנקאַלי. ווידאַווסקי האָט געוווסט, אַז קיין אַנדערער אויסוועג ווי זעלבסטמאָרד איז נישט פאַראַן. ער האָט וועגן דעם נישט געהאַט קיין צווייפל".

דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ פרוי, האָט די פריינדין פונעם אומגליקלעכן באַקומען ציאַנקאַלי, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך אַן אַרבעטער פון דער מעטאַל־פאַבריק אויף לאַגעווניצקע גאַס. „9 אַ זייגער אָוונט האָב איך איבערגעגעבן ווידאַווסקין דעם סם. ער האָט דעמאָלט אויסגעזען פריש. דאָס פּנים פאַררויטלט. אַ נאַכט פריער איז ער זיך גוט אויסגעשלאָפן אויף אַ בעט ביי זיינע קרובים. 11 אַ זייגער איז שוין ווידאָווסקי נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. ביי זיינע קרובים האָט ער איבערגעלאָזט אַ בריוו צו דער ציוניסטישער

אָרגאַניזאַציע. זיין לעצטער ווונטש: „מיין קערפּער זאָל איבערגעפירט ווערן קיין פּאַלעסטינע״ [570].

✶

דער זעלבסטמאָרד פון דעם קדוש איז אין „טאָגעסכראָניק״ אַזוי באַשריבן:

„אין אַ טויערבויגן פון אַ הויז אויף דער אם באך גאַס (פּאָדזשעטשנאַ, „יידישע גאַס״), האָט ער [ווידאַווסקי], איינגענומען אַ שנעלווירקנדן סם. ער איז אַרויס אויפן גאַס און דאָרט צוזאַמענגעבראָכן. דער פאַרבייגייענדער א.ד.־פּאָליציאַנט האָט געקאָנט בלויז פעסטשטעלן דעם טויט. מ׳האָט געלאָזט ליגן דעם מת ביזן אָנקומען פון קרימינאַל־פּאָליציי. זי האָט פאַראָרדנט דורכצופירן אַ וויוויסעקציע, אָבער שפּעטער זיך אָפּגעזאָגט דערפון, כדי נישט צו פאַרשאַפן קיין עגמת נפש און דער מת איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו דער קבורה. אויף צומאָרגנס איז געווען שבת, ווען מ׳איז נישט מקבר. ערשט אויפן צווייטן טאָג, זונטיק, איז ווידאַווסקי געקומען צו קבר ישראל אויפן יידישן בית עולם אין מאַרישין״ [571].

אין דעם בריוו, וואָס ווידאַווסקי האָט איבערגעלאָזט, איז געווען געשריבן:

„טייערע חברים! איך גיי אַוועק ווייל אַנדערש קאָן איך נישט. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון פון דעם, וואָס איך טו און בין געווען גרייט אויף אַלעם. איך האָב מיר דאָך געגעבן אַ שבועה, אַז זייער האַנט וועט קיינמאָל צו מיר נישט טרעפן. בלייבט וויטער אויף דער וואַך. ווער פון אייך עס וועט איבערלעבן, זאָל ער מיינע ביינער איבערפירן אין ארץ״ [572].

די דאָזיקע געשעענישן האָבן טיף אויפגעטרייסלט דאָס געטאָ. נישט געקוקט דערויף, וואָס די געטאָ־איינוווינער זענען שוין דורכגעגאַנגען אַזוי פיל פּיין און מאַסן־טויט. אָבער מיט אייניקע טעג שפּעטער זענען געקומען אַזעלכע געשעענישן, וואָס האָבן געמאַכט פאַרגעסן אין דעם טראַגישן אומקום פון די ראַדיאָ־הערער.

## .34

# צענטראַליזאַציע פון די דייטשע אויסראָטונגס סעקטאָרן און ציווילער מאַכט אין לאָדזש

### א. דער פחד פאַרן ווידערשטאַנד פון די יידן

גלייך נאָכדעם ווי דער רייכסשטאַטהאַלטער אַרטור גרייזער האָט פון הימלערן באַקומען די פולע רעכט איבערן לאָדזשער געטאָ ביז זיין פולשטענדיקער פאַרניכטונג, האָט די ציווילע און פּאָליציייאישע מאַכט גענומען זיך גרייטן צו דער ליקווידאַציע פון די 79,000 יידן, ווי צו אַ שלאַכט מיט אַ געפערלעכן שונא. נאָך אין חודש יולי 1943, ווען צווישן לובלין, פּויזן און בערלין (פּאהל, גרייזער, הימלער, אייכמאַן) האָבן זיך געפירט די פאַרהאַנדלונגען וועגן אויפן פון ליקווידירן דאָס לאָדזשער געטאָ, איז דער אָנפירער פון געשטאַפּאָ, ד״ר אָטאָ בראַדפיש, באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמיסאַרישער אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאַדט. ער האָט אַזוי אַרום שוין דעמלס געהאַלטן אין זיינע הענט די ציווילע און פּאָליציייאישע מאַכט מיט אַלע אירע אויסראָטונג־סעקטאָרן.

אין פרילינג 1944, ווען די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען זענען שוין צוגעטרעטן צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ „קאָאָרדינירונגס־געשפּרעך״ פון אַלע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. דעם פאָרזיץ האָט געפירט דער פּאָליציי־פּרעזידענט ד״ר אַלבערט. אין שמועס האָט זיך באַטייליקט ד״ר אָטאָ בראַדפיש. קיין גענויער באַריכט פונעם „קאָאָרדינירונגס־געשפּרעך״ האָט זיך נישט אויפגעהאַלטן אין די אַרכיוו־דאָקומענטן. דער שמועס ווערט נאָר דערמאָנט אינעם „שטראַפּורטייל״ אין האַנאָווער פּראָצעס קעגן בראַדפיש־פּוקס. עס איז דעמלס גערעדט געוואָרן וועגן דעם, אַז מען דאַרף זיך רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון אַן אויפשטאַנד פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. „די יידן קאָנען פּרווון זיך אַריינרייסן אין שטאָט״. דער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט פאַראָרדנט, אַז יעדער סימן פון ווידערשטאַנד אָדער „אופרור״ — „דאַרף מיט געווער ליקווידירט ווערן. אויך דעמלס ווען יידן באַהאַלטן זיך, אַנטלויפן אָדער ווילן נישט פאַרלאָזן דאָס הויז, אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט־וואָגן — דאַרפן דערשאָסן ווערן. מ׳מוז אויך שיסן כדי זיי אָפּצושרעקן״ [573].

אין רעזולטאַט פון די דאָזיקע שמועסן איז אויך צענטראַליזירט געוואָרן די אַרבעט פון אַלע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. אין צענטער פון דער „שטאַאַטס־פּאָליציישטעללע״ ליטצמאַנשטאַדט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער „רעפעראַט״

"B 2„, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קירכן, יידן און סעקטן", און זיין „אונטערגרופּע 4 B II — יידן אָנגעלעגנהייטן". ביז פרילינג 1944 האָט מיט 4 B II אָנגעפירט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר — גינטער פוקס. בעת די צוגרייטונגען צו דער ענד־גילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ האָט ד"ר בראדפיש איבערגענומען די אָנפירונג מיט דעם דערמאָנטן יידן־אויסראָטונגס־סעקטאָר [574].

## ב. טויטן־לאַגער כעלמנאָ נאָר פאַר די יידן פון לאָדזשער געטאָ

אין יוני 1944, באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פון די ראַדיאָ־הערער איז, לויט די אָנווייזונגען פון הימלערן, צוריקגעבראַכט געוואָרן די „זאָנדער־קאָמאַנדאָ", אונטער דער אָנפירונג פון באָטהמאַן. ער האָט זיך געמאָלדן צו בראדפיש אין דער שטאַאַטספּאָליציישטעללע ליטצמאַנשטאַדט און צוזאַמען האָבן זיי באַהאַנדלט די פראַגע ווי אַזוי דורכצופירן די „פערינגערונג" („Verringerung") פון יידן אין געטאָ דורך נייע דעפּאָרטאַציעס אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ, וואָס דאַרף רענאָווירט ווערן. דאָס דאָרף כעלמנאָ („קולמהאָף"), וואָס האָט זייט נאָוועמבער 1943 געהערט צום באַצירק פון דער שטאַאַטספּאָליציישטעללע ליטצמאַנשטאַדט — איז טאַקע ווידער געוואָרן „אויפגעלעבט".

אויפן אָרט פון דעם „שלאָס", וואָס איז צעשטערט געוואָרן נאָכן אָפּשטעלן די יידן־אויסראָטונגס־טעטיקייט אין אָנהייב 1943 — האָבן די רוצחים, ביים באַנייען זייער מאָרד־מלאכה, אויפגעשטעלט באַראַקן. אַלץ איז צוריק איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דעם זעלבן אופן ווי אין די יאָר 1941/42. עס זענען געבראַכט געוואָרן גאַז־אויטאָס. דער וואַלד איז ווידער אָפּגעצוימט געוואָרן מיט שטאַכל־דראָט. די „זאָנדער־קאָמאַנדאָ", אין זעלבן צוזאַמענשטעל ווי אין די פאָריקע יאָרן, האָט זיך פאַרטיילט מיט די אַמטן: „דאָקטאָר", דער גוטער דייטש — דער רעדנער, וואָס דאַרף באַרואיקן די אָנגעקומענע קרבנות אדג"ל [575].

ווען אין כעלמנאָ איז שוין אַלץ געווען צוגעגרייט אויפצונעמען נייע טויזנטער קרבנות, איז ד"ר בראדפיש צוגעטרעטן אַרויסצופירן די יידן פון לאָדזשער געטאָ אין ניי אויפגעשטעלטן טויטן־לאַגער. אויף אַ פּחדניש כיטרען אופן מיט דייטש־נאַציִשן קאָמופלאַזש פון פאַרמאַסקירן פעלקער־אויסראָטונג, איז דער מאַסן־רוצח מיט אַקאַדעמישער בילדונג צוגעטרעטן אויסצופירן זיין בעסטיאַלישע מאָרד־מלאכה.

דעם 15־טן יוני 1944 איז אין געטאָ געקומען אַ קאָמיסיע פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן מיטן לייטער ד"ר בראדפיש בראש. דער אָנפירער פון געשטאַפּאָ האָט גערעדט מיט רומקאָווסקין וועגן דעם, אַז מ'דאַרף גרעסערע גרופּן אַרבעטער אויף צו ברענגען אין אָרדענונג די חורבות, וואָס עס האָבן אָנגעמאַכט די באָמבאַרדירונגען. „אַזוי ווי די חורבות האָט געמאַכט ענגלאַנד, מוזן די יידן

אויפרוימען. דערוויייל דאַרף מען אַ גרופּע פון 500 פּערזאָן. שפּעטער וועט מען דאַרפן שיקן צו 3000 פּערזאָן אַ וואָך. גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן די אַלע ענינים וועלן געבן די געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן".

דער יודענעלטעסטער איז גלייך צוגעטרעטן אַדורכצופירן דעם ווילן פון זיינע האַרן און געביטער. ער האָט פאַרעפנטלעכט אין יידיש און דייטש אַ „באַקאַנטמאַכונג" וועגן א פרייוויליקער רעגיסטראַציע אויף אַרבעט מחוצן געטאָ. לויט דער „באַקאַנטמאַכונג" האָבן געקענט פאָרן: מענער און פרויען פאַמיליעס מיט קינדער אין אַרבעטס־פעיקן עלטער. די וואָס פאָרן, באַקומען באַקליידונג, ווי: אַן אַנצוג, שיך, וועש און זאָקן. יעדע פערזאָן קאָן מיטנעמען מיט זיך אַ פּעקל פון 15 קילאָ. פאַר די דאָזיקע אַרבעטער וועט דער פּאָסט־פאַרקער זיין אַ פרייער, אַזוי, אַז זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו שרייבן בריוו. די פאַרפירערישע מודעה האָט אויך געשפּילט אויפן שרעקלעכן הונגער אין געטאָ און געמאָלדן: „די אַלע וואָס וועלן זיך רעגיסטרירן אויף אַרבעט אויסערן געטאָ, וועלן קאָנען תיכף ומיד אָפּנעמען אַלע זייערע שפּייז־פּאָרציעס אָן אַ ריי"[576].

לויט די אָנווייזונגען פון די „הויכע געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן" האָט רומ־קאָווסקיס סעקרעטאַרין פרל. פוקס, געמאַכט אין די אַקטן פאָלגנדע נאָטיץ וועגן דער נייער „אַרויספאָר־אַקציע":

„מאָנטיק, מיטוואָך און פרייטיק, יעדע וואָך, זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן 3 טראַנספּאָרטן צו 1000 פּערזאָן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ. די טראַנספּאָרטן ווערן נומערירט מיט רוימישע ציפערן. יעדער אַרויספאָרער באַקומט אויך אַ נומער, וועלכער איז דער אייגענער, ווי דער נומער פון זיין באַגאַזש. אין באַגאַזש דאַרף זיך געפינען אַ קליין קישעלע מיט אַ קאָלדרע".

אין דער אַקטן־נאָטיץ זענען אויך געגעבן געוואָרן גענויע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו פּאַקן דעם באַגאַזש, כדי ס'זאָל נישט פאַרנעמען פיל אָרט. עסן דאַרף מיטגענומען ווערן אויף 2—3 טעג. צו יעדן טראַנספּאָרט איז צוגעטיילט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט־לייטער, וועלכער דאַרף זיך נעמען צו הילף 10 פּערזאָן. אויף יעדע 1000 פּערזאָן איז געווען באַשטימט אַ דאָקטאָר אָדער פעלדשער און צוויי ביז דריי סאַניטאַרן. די משפחות פון די דאָקטוירים און מעדיצינישן פּערסאָנאַל — האָבן אויך געדאַרפט מיטפאָרן[577].

דאָס אויפשטעלן דעם ערשטן טראַנספּאָרט איז ווידער אָנגעקומען שווער. נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אַגיטאַציע און הונגער, האָבן די מענטשן דאָך נישט געוואָלט פאָרן. לויט די רשימות, וועלכע ס'האָבן אויפגעשטעלט די רעסאָרט־לייטער, זענען אין דער ערשטער ריי געגאַנגען די רעשט איבערגע־בליבענע דייטשע יידן. זיי האָבן געהאַט די אילוזיע, אַז זיי פאָרן צוריק אין „רייך", אין דער „היימאַט" הייסט עס. דאָרט וועלן זיי באַגעגענען דעם שלום,

וואָס דאַרף קומען. זיי האָבן דעריבער זיך פאַרשריבן אין די רשימות אָן שווערוקייטן. די לאָדזשער יידן האָבן, ווי בעת די פריערדיקע דעפּאָרטאַציעס, זיך באַהאַלטן ווו מ׳האָט נאָר געקענט. די דעפּאָרטאַציע־קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט איר זיץ־אָרט אין דער צענטראַלער תפיסה (געטאָ־תפיסה), איז פאַרוואָרפן געוואָרן מיט רעקלאַמאַציעס, מ׳האָט ווידער נישט געוואָלט פאָרן.

עס זענען געלאָזן געוואָרן אין גאַנג אַלע דייטשע פערפידע מיטלען:

ביבאָוו האָט באַשטימט אַ האַלבן מיליאָן מאַרק צו פאַרטיילן פאַר די, וואָס ווילן אָפּפאָרן. די „צענטראַלע איינקויף־שטעלע״, וועלכע האָט פאַר אָפּגעקויפטע זאַכן געצאָלט מיט געטאָ־געלט, האָט, אויף ביבאָווס פאַראָרדענונג, געצאָלט מיט רייכס־מאַרקן פאַר די חפצים, וואָס די „פרייוויליקע״ צום פאָרן וועלן פאַרקויפן. די „טאָגעסכראָניק״ האָט דערביי באַמערקט: „די הנחה ווערט ספּעציעל געמאַכט, כדי מ׳זאָל דאָס געלט באַנוצן אין די דייטשע שטעט, וווהין מ׳פאָרט״.

אויך רומקאָווסקי איז געקומען צוהילף די גולים: ער האָט פאַראָרדנט צו נייען רוקזעק און אַרויסגעבן פאַר מענטשן, וואָס האָבן נישט אין וואָס צו פּאַקן די זאַכן[578]. פאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע טובה פאַר די פרייוויליקע צום אַרויספאָרן, האָט דער יודענעלטעסטער געטון אויף די אָנווייזונגען פון ביבאָוון.

די א. ד.־פּאָליציי, וועלכע איז געווען באַשעפטיקט אין דער געטאָ־תפיסה ביים צוגרייטן די אַרויסשיקונגען, האָט באַקומען אַ ספּעציעלע טעגלעכע פּראָדוקטן־צוטיילונג: 35 דעקאָ ברויט, 3 זופּן, 3 דעקאָ פעטס און 5 דעקאָ ווורשט. באַזונדערס טעטיק איז געווען מ. קליגערס „זאָנדער־פּאָליציי״, וועלכע האָט אין די נעכט געכאַפּט מענטשן פון די בעטן און זיי צוגעשטעלט אין דער צענטראַלער תפיסה. דעם 23־סטן יוני 1944 איז אָפּגעגאַנגען דער ערשטער טראַנספּאָרט פון 562 פערזאָן. ער איז גלייך פון דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט אָפּגעפירט געוואָרן אין ניי־רעמאָנטירטן טויטן־לאַגער — כעלמנאָ.

פאַרן אָפּפאָרן האָט דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז דער טראַנספּאָרט גייט נישט אין „רייך״, נאָר אויף אַנדערע ערטער. עס וועט געזאָרגט ווערן פאַר גוטער באַשפייזונג. צוליבן דוחק אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, ווערט דער טראַנספּאָרט געפירט אין אַ משא־צוג. קיינער דאַרף נישט קיין מורא האָבן. איין ייד, וועלכער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיטן אַרויספאָרן, האָט דער „גוטהאַרציקער״ געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר צוריקגעשיקט אין דער צענטראַלער תפיסה. די אָפּפאָרנדיקע האָבן אויך נישט באַדאַרפט טראָגן דעם באַגאַזש צום צוג. ספּעציעלע ראָלוועגן האָבן געבראַכט זייערע זאַכן. די משפחות זענען נישט געוואָרן צעטיילט. מ׳איז געפאָרן צוזאַמען אין איין וואַגאָן[579].



דעפּאָרטאַציע פון לאָדזשער געטאָ אין פרילינג 1944. די אומגליקלעכע ווייסן נישט,
אַז די דייטשן טרייבן זיי אין ניי רעמאָנטירטן טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

מיט דעם ערשטן טראַנספּאָרט, וואָס איז פון דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט אָפּגעגאַנגען דעם 23־סטן יוני 1944, האָט זיך אָנגעהויבן דער דריטער עטאַפּ פון מאסנווייז אַרויספירן יידן פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ *.
דער צווייטער טראַנספּאָרט קיין כעלמנאָ איז שוין געווען צוגעגרייט און ער איז אָפּגעגאַנגען דעם 26־סטן יוני 1944.

## ד. דער געוויסנס־געראַנגל ביי די אָנפירער פון די רעסאָרטן

וועגן די דערמאָנטע טראַנספּאָרטן, ווי אויך די ווייטערדיקע פון חודש יולי, האָבן זיך אין רומקאָווסקי־אַרכיוו אויפגעהיט די רשימות, וועלכע עס האָבן צוגעשטעלט די לייטער פון די רעסאָרטן. אַזאַ באַפעל איז געווען פון ביבאָוון, וואָס עס האָט דורכגעפירט רומקאָווסקי: די אָנפירער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען זאָלן אויפשטעלן רשימות פון די באַשעפטיקטע, וועלכע מ׳קאָן אַרויסשיקן אָן שאָדן פאַרן גאַנג פון דער פאַבריק אָדער וואַרשטאַט. אויף דעם באָדן איז געקומען צו אַ שטורמישער פאַרזאַמלונג פון די אָנפירער פון געטאָ־אונטערנעמונגען. זיי האָבן, ווייזט אויס, זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער גרויסער אחריות, וועלכע זיי נעמען אויף זיך אין דער דאָזיקער שווערער שעה פאַרן געטאָ מיטן צושטעלן נאָמענטלעכע רשימות פון „איבעריקע" מענטשן, וואָס דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן.
אין דער דיסקוסיע זענען אייניקע אַרויסגעטרעטן קעגן דער ווירטשאַפט אין דער געטאָ־תפיסה, ווו עס איז דער זאַמל־פּונקט פאַר די דעפּאָרטירטע. אַנדערע האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן נישט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דעם, וואָס עס קומט פאָר. געווען דאַקעגן אַ פאָרשלאַג מיטצואַרבעטן מיט דער אַרויסשיק־קאָמיסיע פון דער געטאָ־תפיסה, וועלכער איז, משמעות, נישט אָנגענומען געוואָרן. איינער פון די לייטער האָט פאָרגעלייגט, אַז די רעסאָרט־פירער זאָלן האָבן נאָר די אויפזיכט איבערן אויפשטעלן די רשימות, אָבער נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך. דערויף האָט ער באַקומען די תשובה: „עס איז נישטאָ וואָס צו שפּילן אין באַהעלטעניש, אַז מ׳איז געצוווּנגען צו מאַכן די רשימות, טראָגט מען שוין ממילא די פאַראַנטוואָרטלעכקייט".
לסוף, נאָך אַ העפטיקער דיסקוסיע, איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצווויילן אַ צווישן־רעסאָרט־קאָמיסיע, וועלכע דאַרף קלאַסיפיצירן פערזאָנען צום אַרויס־

* דריי עטאַפּן: 1־טער — 15־טער יאַנואַר 1942 — 15־טער מאַי 1942 2־טער עטאַפּ — 1־טער סעפּטעמבער — 12־טער סעפּטעמבער 1942 ; 3־טער עטאַפּ — 23־טער יוני — 14־טער יולי 1944. אַ חוץ דעם זענען נאָך קלענערע טראַנספּאָרטן געגאַנגען פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ אין משך פון אַ גאַנצן זומער 1942 און טיילווייז 1943.

שיקן. די אויפגעשטעלטע רשימות דאַרפן איבערגעגעבן ווערן דער קאָמיסיע פון דער צענטראַלער תפיסה. ס'זענען אויך אָנגענומען געוואָרן געוויסע אָנווייזונגען, וועמען צו קוואַליפיצירן צום אַרויספאָרן, דהיינו: „ס'ווערן נישט געשיקט עלטערע פון 60 יאָר און יינגערע פון 15 יאָר, עלטערן פון קינדער אונטער 5 יאָר. מינדעריעריקע זאָלן דעמאָלט געשיקט ווערן, ווען די גאַנצע משפחה פאָרט אַרויס"[580].

צווישן די אָנפירער פון די פאַבריקן און וואַרשטאַטן („רעסאָרט־לייטער") זענען אויך געווען יחידים, וועמען עס האָט באַזונדערס געפּייניקט דאָס געוויסן, וואָס זיי מוזן צושטעלן די „איבעריקע" מענטשן צו דער דעפּאָרטאַציע. יאַקאָב פּאָזנאַנסקי האָט אין זיין טאָגבוך פאַרצייכנט אַזאַ פאַל:

„2 פירער פון אונטערנעמונגען האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויפצושטעלן אַ רשימה פון מענטשן צום אַרויסשיקן. זיי האָבן די קאַרטאָטעקע פון די אַרבעטער אַוועקגעטראָגן אויפן באַלוטער מאַרק [רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע], אַז דאָרט זאָל דער יודענראַט מאַכן די סעלעקציע. די ווידערשפּעניקע אָנפירער פון די אונטערנעמונגען זענען געבראַכט געוואָרן אין תפיסה. אונטערן דרוק פון דער פּאָליציי זענען זיי געווען געצוווּנגען מסכים צו זיין אויפצושטעלן די פאַרלאַנגטע רשימות".

געוויסע רעסאָרט־לייטער האָבן צווישן זיך געשלאָסן אָפּמאַכן אויף דעם אופן: „אויב דו וועסט שטרייכן מיין ייד פון דער רשימה, וועל איך שטרייכן דיין ייד, אאז"וו. עס איז אַוועק אַ האַנדל מיט פּאַרטרעטער, ד. ה. דער קאַנדידאַט צום פאָרן האָט געקאָנט שיקן אַ מענטש אויף זיין אָרט. דער פּרייז, וואָס עס האָט פאַרלאַנגט אַ פּאַרטרעטער איז געווען: 3 לעבלעך ברויט, אַ האַלבער קילאָ מאַרגאַרין און אַ קילאָ צוקער.[580א]

*

אין דער פאַרזאַמלונג פון די רעסאָרט־לייטער האָט רומקאָווסקי זיך נישט באַטייליקט, ער איז דעמאָלט געווען אין שפּיטאָל. נאָך פאָרן אָפּגיין פונעם ערשטן טראַנספּאָרט, איז ביבאָוו צוזאַמען מיט זיין מיטאַרבעטער פון דער „געטאָ פאַרוואַלטונג" — טשאַרנולאַ, געקומען שיכור אין ביוראָ פון רומקאָווסקין און דאָרט דורכגעפירט אַ פּאָגראָם: צעשלאָגן רומקאָווסקין ביז בלוט. דער סוחר פון ברעמען איז אויך באַפאַלן די סעקרעטאַרין פונעם יודענעלטעסטען, פּרל. פוקס און דעמאָלירט דאָס ביוראָ פון יאַקובאָוויטש, דעם אָנפירער פון דער צענטראַלע פון די רעסאָרטן, וועלכער איז נישט געווען אויפן אָרט. רומקאָווסקי האָט געמוזט אָנקומען צו שפּיטאָל־היילונג[581].

די אָפּוועזנהייט פונעם יודענעלטעסטען האָט נישט געשטערט דעם גאַנג פון די דעפּאָרטאַציעס. די געזונהייטס־אָפּטיילונג האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג.

עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ רשימה פון דאָקטוירים, וועלכע דאַרפן באַגלייטן די טראַנספּאָרטן. די נאָמענטלעכע רשימות פון די באַשטימטע צום אַרויסשיקן, וואָס זענען א. נ. „טראַנספּאָרט־ליסטן" פאַרבליבן אין רומקאָווסקי־אַרכיוו, זענען אַזוי פערפיד צוזאַמענגעשטעלט, אַז די קרבנות זאָלן טאַקע מיינען — מ'פאָרט אויף אַרבעט.

די ערשטע רשימה איז פאַרזען מיט דער איבערשריפט: „צור אַרבייט אם 23 יוני 1944 אוס ליטצמאַנשטאַדט־געטאָ. עס פיגורירן 587 פערזאָן מיט אַ צוגאָב פון נאָך 50 פערזאָן. אין „טאָגעסכראָניק" איז אָנגעגעבן, אַז דער טראַנספּאָרט האָט געציילט 562 פערזאָן. די צווייטע רשימה פון 26־טן יוני אַנטהאַלט אויך אַ מיטטיילונג צו דעם מעלדונגס־ביוראָ, אין וועלכער עס זאָגט זיך: „די 912 פערזאָן, וועלכע פיגורירן אויף דער נאָמענטלעכער ליסטע, זענען דעם 26־טן ד. ה. אָפּגעפאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ. די רשימה איז געשטעמפּלט פון פאָרשטייער פון דער צענטראַלער תפיסה (אונטערשריפט נישט לעזבאַר). צו דער דריטער רשימה, אונטער דער דאַטע פון 1־טן יולי, איז בייגעלייגט אַ מעלדונג פון דער צענטראַלער תפיסה, אַז די 799 פערזאָן זענען דעם 28־טן יוני 1944 אָפּגעפאָרן אויף אַרבעט מחוצן געטאָ.

די פערטע רשימה טראָגט די איבערשריפט: „צור ארבייט אוס ליטצמאַנ־שטאַדטער געטאָ ד' 30/6 1944 אויסגערייזט". 700 פאַררעגיסטרירט. [582].

✶

דעם ערשטן יולי, צוויי חדשים פאַרן סוף, האָבן זיך אין לאָדזשער געטאָ נאָך געפינען 73,267 יידן. די אַרמייען פון ראַטנפאַרבאַנד און פוילן זענען שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון וואַרשע. פון דער געטאָ־בריק, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן איבער דער זגערזשער גאַס, האָבן די פאַרצווייפלטע, פאַרהונגערטע געטאָ־איינוווינער געזען, ווי איבער דעם פאָרוועג פון דער גאַס גייט אַ שטאַרקע באַוועגונג פון דייטשן מיליטער אין דער ריכטונג פון דער שטאָט, ד. ה. זיי פּאַקן זיך. די דייטשן אַנטלויפן. „די גאולה איז נאָענט און דאָ צווינגט מען צו פאַרלאָזן די שטאָט. וווהין? אָט די פראַגע עקבערט אַלעמענס מוחות. ביי דער גאַנצער אַפּאַטיע ווילט זיך דאָך נישט פאָרן" [583].

אויך די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן זענען אָפּגעגאַנגען „רייבונגסלאָז" אין די באַשטימטע טערמינען. דעם 3־טן יולי איז אַוועק דער פינפטער טראַנס־פּאָרט פון 700 פערזאָן, „באַגלייט" פון ד"ר פריטש היינע פון בערלין, דעם 5־טן אַ טראַנספּאָרט פון 700 מיט ד"ר הוגאָ נאַטאַנזאָן פון פראָג. (מיט אים איז מיטגעפאָרן זיין פרוי און טאָכטער). דעם 10־טן יולי — 700 פערזאָן מיט ד"ר פעליקס פראַסקאָווער פון בערלין — אין דעם טראַנספּאָרט האָבן זיך

געפונען 498 פרויען, דעם 12־טן יולי — 9־טער טראַנספּאָרט: 700 פּערזאָן, דעם 14־טן — 10־טער טראַנספּאָרט — 700 פּערזאָן, מיט ד״ר גרידל פון קעלן[584].

מיט דעם 10־טן טראַנספּאָרט האָט די דייטשע מאַכט פאַרענדיקט אויף דעם עטאַפּ, מיטן אַרויספירן די יידן פון לאָדזשער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. די דאָזיקע מאַסן־אויסראָטונג איז אין „שטראפּורטייל״ פון האַנאָווער פּראָצעס קעגן גינטער פוקס און ד״ר אָטאָ בראַדפיש אַזוי באַשריבן געוואָרן:

„אין דער צייט פון 23־טן יוני 1944 ביזן 14־טן יולי 1944 זענען 7,176 יידן, אין 10 טראַנספּאָרטן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט קיין כעלמנאָ. די טראַנספּאָרטן זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן נישט דורך סעלעקציעס, נאָר דורך פרייוויליקע רעגיסטראַציעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך דער יידישער געטאָ־פאַרוואַלטונג. יעדער טראַנספּאָרט איז פון דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג ביי דער יידישער פאַרוואַלטונג גענוי פאַררעגיס־טרירט געוואָרן. ווייניק מענטשן פון זיי האָבן איבערגעלעבט דעם פאַרניכטונגס־לאַגער. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די ווייניקע האָבן זיך געראַטעוועט דורכן אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט אָדער פון קולמהאָף [כעלמנאָ], ווען זיי זענען צוגעטיילט געוואָרן צו דער דאָרטיקער אַרבעטס־קאָמאַנדע״[585].

✶

די דעפּאָרטאַציע פון די 7176 געטאָ־איינוווינער האָט זיך באַלד אָפּגערופן אויף דער צאָל באַשעפטיקטע אין די אונטערנעמונגען, וואָס עס ווייזן די באַריכטן צו ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג״ מיט דער איבערשריפט:

„אופשטעלונגען דער באַשעפטיקטען אוף גרונד דער באַריכטע דער נאָכשטע־הענדען אַרבייטססשטעללען״.

לויט די באַריכטן, זענען דעם 3־טן יוני 1944 געווען אין געטאָ 142 אַרבעטס־שטעלן מיט 71,711 באַשעפטיקטע און דעם 22־סטן יולי די זעלבע צאָל אַרבעטס־שטעלן מיט 63,356 באַשעפטיקטע[586]. ד. ה. אַ פאַרקלענערונג פון דער צאָל באַשעפטיקטע אויף 11 פּראָצענט.

די צאָל אַרויסגענומענע פון די געטאָ־אונטערנעמונגען איז גרעסער פון דער צאָל פאַקטיש אַרויסגעשיקטע מיט 1179 פּערזאָן. וואָס מען דאַרף צורעכענען אויפן חשבון פון דער שטערבלעכקייט און אַנדערע סיבות.

.35

# מצב אין געטאָ אין פעריאָד פון ענדגילטיקער ליקווידאַציע

א. אָפּאַטיע און האָפענונג אויף באַפרייאונג דורך דער רויטער אַרמיי

באַלד נאָכן אָפּגאַנג פונעם ערשטן טראַנספּאָרט אין באַנייטן כעלמנאָ (23־סטן יוני, 1944), ווען ד״ר אָטאָ בראַדפיש איז שוין געווען זיכער, אַז דורך דעם קאָמופלאַזש פון „פּאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט אָפּצורוימען די חורבות״, האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונג — איז דער געשטאַפּאָ־דיקטאַטאָר פון לאָדזש געוואָרן דרייסטער אין זיין פאָדערונג צו די יידן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ. ער האָט מיטגעטיילט, אַז די באַשטימטע 10,000 פּערזאָן צום אַרויספאָרן זענען צו ווייניק, מ׳דאַרף האָבן 25 טויזנט. די צערודערונג אין געטאָ איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך. עס איז אויסגעקומען, אַז יעדע דריטע פּערזאָן האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דעם יידישן וווין־שטח. די „טאָגעסכראָניק״ האָט געשריבן:

„דאָס געטאָ איז אינגאַנצן אונטערן איינדרוק פון דער בלוט־אָפּצאַפּונג, וועלכע שטייט פאָר. אין אַלגעמיין גלייבט מען, אַז עס איז דער אָנהייב פון פאַמעלעכער ליקווידאַציע פון געטאָ און מ׳האָט מורא, אַז נאָך דער דערליידיקונג פון די פאָרגעזעענע טראַנספּאָרטן, וועט קומען אַ פרישע עוואַקואַציע״. אין די ווייטערע טעג האָט די „טאָגעסכראָניק״ אַזוי געשילדערט די שטימונג אין געטאָ: „עס ווערט ערנסט, אַ שלייער פון ווייטיק הענגט איבערן גאַנצן געטאָ. עס זענען אָנגעזאָגט 25 טראַנספּאָרטן. אַלע ווייסן, אַז עס גייט וועגן אַן ערנסטן ענין. די עקזיסטענץ פון געטאָ איז אין געפאַר. קיינער קאָן נישט באַשטרייטן די ריכטיקייט פון אַזאַ מורא. די יעניקע, וועלכע ווילן באַווייזן, אַז אפילו די דעפּאָרטאַציע וועט נישט אָנרירן די עקזיסטענץ פון געטאָ, געפינען נישט קיין צוהערער.

דאָך, דער יידישער גלויבן אין גערעכטיקייט, וועלכער מוז דאָך אַמאָל זיגן, לאָזט נישט צו דעם אויסערסטן פּעסימיזם. מ׳באַמיט זיך אַליין צו טרייסטן. אַליין זיך אויסרעדן דאָס האַרץ [587].

די טרייסט און די האָפענונג איז געווען אויף דעם גיכן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי. טראָץ דעם אַרעסט און פאַרפייניקונג פון די ראַדיאָ־הערער, זענען אין געטאָ נאָך געבליבן געהיימע אויפנעם־אַפּאַראַטן און מען האָט געוווּסט

פון די דייטשע מפּלות און פונעם מאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין דער ריכטונג פון וואַרשע. נאָך פאַרן אָפּגאַנג פונעם ערשטן טראַנספּאָרט, דעם 21־סטן יוני 1944, אינמיטן טאָג, איז פאָרגעקומען אַ לופט־אָנגריף פון עראָפּלאַנען אויף לאָדזש. די סירענעס האָבן מיט פאַרטויבטע פּייפערייען אַלאַרמירט די באַפעל־קערונג. די יידן אויף די געטאָ־גאַסן האָבן נישט געוואָלט אויספירן די באַפעלן פון דער א. ד.־פּאָליציי, וועלכע האָט געטריבן צו גיין אין די באַהעלטענישן. ערשט אַ דייטשער פּאָליציאַנט האָט, אונטער דער דראָאונג פון שיסן, געצוווּנגען די געטאָ־איינוווינער צו פאַרלאָזן די גאַסן. עס האָבן זיך געהערט אויפרייסן. עס איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן פון וואַנען זיי קומען.

דער דאָזיקער ערשטער אָנגריף פון באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען אויף לאָדזש, ווי אויך דאָס כסדרדיקע פאָרן פון ציווילע דייטשן מיט זייערע באַגאַזשן דורך דעם געטאָ (זגערזשער גאַס), וואָס האָט באַדייט עוואַקואַציע — האָט געשטאַרקט די האָפענונג ביי די געטאָ־איינוווינער, אַז עס קומט דער סוף און ביי אַזאַ מצב וועלן דאָך די דייטשן נישט פירן יידן צום טויט[588]. דאָס „לאָגישע" טראַכטן פון די געטאָ־איינוווינער האָט זיי ווידער אָפּגעהאַלטן פון זען דעם אָנקומענדן טראַגישן סוף. יעדער באַזונדער און גאַנצע משפחות האָבן דעריבער געזען די איינציקע רעטונג אין — נישט שטעלן זיך צו די טראַנספּאָרטן, אויסבאַהאַלטן זיך ביז די דייטשן וועלן אַנטלויפן, דאַן וועט דאָך קומען די באַפרייאונג.

די א. ד.־ און „זאָנדער־פּאָליציי" האָט ווייטער איינגעאָרדנט אָבלאַוועס. מ'האָט געכאַפּט מענטשן פון די גאַסן, ביי די רייען, בעתן וואַרטן אויף זופּ, ביי די רעסאָרטן. די געכאַפּטע, אין די טויזנטער, זענען געוואָרן געטריבן אין דער געטאָ־תּפיסה, צו וועלכער עס זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן נאָך אייניקע דערנעבנדיקע בנינים. אויך דאָס געוועזענע „קולטור־הויז" אויף קראַוויעצקא 3 איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַמלפּונקט פאַר די באַשטימטע צום אַרויספאָרן. אַ חוץ די געכאַפּטע האָבן אויך אַ גרויסע צאָל געטאָ־איינוווינער זיך געמאָלדן פרייוויליק. דאָס זענען געווען מענטשן אַפּאַטישע, רעזיגנירטע יחידים, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן די משפחות, מענער, וואָס האָבן פאַרלוירן יעדע האָפענונג צו קאָנען העלפן זייערע פרויען און קינדער[589].

ביי דעם שרעקלעכן מצב האָבן דייטשע קאָמיסיעס ווייטער באַזוכט דאָס געטאָ.

אויך בראַדפיש מיט ביבאָוון זענען זייער אָפט געקומען אין די געטאָ־קאַנצעלאַריעס און קאָנטראָלירט צי זייערע פאַראָרדענונגען ווערן אויסגעפירט. לויט דער פאַראָרדענונג פון בראַדפישן איז מען צוגעטרעטן פאַרקלענערן דאָס געטאָ. אין איין טאָג האָבן טויזנט איינוווינער געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען. עס זענען צענומען געוואָרן אייניקע הייזער פון די גאַסן סטאָדאָלניאַנע, פּאָדזשעטשנע און דרעוונאָווסקע. אויף סטאָדאָלניאַנע, וואָס איז שוין געווען

מחוצן געטאָ, האָבן געאַרבעט פּאָליאַקן[590]. דאָס איינלייגן די הייזער האָט אויך געדאַרפט נאָך מער איזאָלירן דעם יידישן ווױנשטח פון דער שטאָט.

## ב. די „זאָנדער"-פּאָליציי און איר הילף פאַר די דייטשן בעתן לעצטן אויסראָטונגס-עטאַפּ

פון די ביז איצט פאַראַנענע דאָקומענטן, זכרונות, גבית עדות און אויך טאָגביכער — לאָזט זיך נישט קלאָר פעסטשטעלן די באַציאונגען פון רומקאָווסקין צו דעם דעמלסטיקן מצב אין געטאָ, וואָס האָט אָנגעזאָגט זיין פולשטענדיקע ליקווידאַציע. אין דעם דעציזדירנדיקן מאָמענט האָט דער יודענעלטעסטער זיך ווייניק געוויזן אין דער עפנטלעכקייט. אַ געוויסע צייט איז ער געלעגן אין שפּיטאָל נאָך ביבאָווס קלעפּ. נאָכן געזונט ווערן, ווען רומקאָווסקי האָט ווידער באַנייט זיין טעטיקייט, האָט זיך אין זיינע רייד שוין נישט געהערט יענער זיכערער טאָן, ווי בעת די דעפּאָרטאַציעס אין יאָר 1942. ער האָט נישט געדראָט און נישט צוגעזאָגט, נאָר אַפּעלירט מ'זאָל אויספירן די באַפעלן פון דער מאַכט.

אויף אַ באַראַטונג מיט די לייטער פון די רעסאָרטן, נאָך זיין פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, האָט רומקאָווסקי אין זיין רעדע פעסטגעשטעלט, אַז די לאַגע איז זייער שווער. „די געשטאַפּאָ קאָן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז די באַפעלקערונג פאָלגט נישט דעם באַפעל און שטעלט זיך נישט צום אַרויספאָרן". דאָס איז געווען זיין איינציקער עפנטלעכער אַרויסטריט בעת די דעפּאָרטאַציעס אין די יוני־טעג 1944. דערפאַר אָבער האָט די עקספּאָזיטור פון געשטאַפּאָ אין געטאָ — די „זאָנדער"־פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון מ. קליגער, פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט אין העלפן דער דייטשער מאַכט דורכצופירן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פונעם געטאָ.

די „זאָנדער" האָט ווידער איבערגענומען אַ ריי אַדמיניסטראַציע־פונקציעס, ווי: פאַרבלאָקירן די באַשפּייזונגס־קאַרטן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צו דער דעפּאָרטאַציע, ברויט איז געוואָרן אַרויסגעגעבן אין אַ זייער באַגרענעצטן סכום, כדי צוצונעמען די מעגלעכקייט פון באַשפּייזן די אויסבאַ־האַלטענע. די „זאָנדער"־פּאָליציאַנטן האָבן אין געטאָ פאַרשפּרייט פּאָסט־קאַרטלעך פון די אַרויסגעפאָרענע, וואָס האָבן „געשריבן", אַז זיי געפינען זיך אין מינכען, ברעמען, קעלן און אַנדערע דייטשע שטעט און עס איז זיי גוט. אַ חוץ די פּאָסט־קאַרטלעך האָבן די געשטאַפּאָ־אַגענטן פאַרשפּרייט אין געטאָ פאַרשידענע ווערסיעס וועגן די אַרויסגעשיקטע, מיט דעם ציל צו באַרואיקן די פאַרצווייפלטע באַפעלקערונג. מ'האָט דערציילט: די טראַנספּאָרטן גייען קיין לייפּציק, האַמבורג, מינכען, זגערזש, טשענסטאָכאָוו און קראָקע. די דאָרטיקע שטאָט־פאַרוואַלטונג

פאַרלאַנגט 2,000 יונגע, געזונטע מענטשן מענטשן צו דער אַרבעט. געשטאַפּאָ וויל אַרויסשיקן 4,000 מענטשן אויף „אַבברוך" קיין דייטשלאַנד. זייער כאַראַקטעריסטיש איז די ווערסיע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן אָנפאַל פון ביבאָוון אויף רומקאָווסקין, וואָס עס ווערט געברענגט אין טאָגבוך פון פּאָזנאַנסקין:

„אויפן באַלוטער־מאַרק [רומקאָווסקיס קאַנצעלאַריע] איז געקומען אַ (דייטשע) קאָמיסיע מיט דעם אָבערבירגערמייסטער פון ליטצמאַנשטאָדט [בראַדפיש] און האָבן פאַרלאַנגט נייע קאָנטינגענטן צום אַרויסשיקן אויף אַרבעט. ביבאָוו האָט געענטפערט, אַז אַלע מענטשן זענען אים נויטיק און ער פּראָטעסטירט קעגן טיילווייזע דעפּאָרטאַציעס פון די אַרבעטער פון די געטאָ־אונטערנעמונגען. רומקאָווסקי זאָל זיך דערביי האָבן אָנגערופן, אַז ער קאָן צושטעלן פון 500—600 פערזאָן. אַ טאָג שפּעטער איז ביבאָוו געקומען אויפן באַלוטער מאַרק און צעשלאָגן רומקאָווסקין, ווייל ער האָט מסכים געווען אַרויסצושיקן אַרבעטער פון געטאָ"[591].

פון דער געבראַכטער ווערסיע ווערט קלאָר, אַז עס איז געגאַנגען אין רעהאַביליטירן די דייטשע מאַכט אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג און צו באַווייזן, אַז ביבאָוו, דער אָנפירער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג", אַן אַפּאַראַט פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן — איז גרייט זיך אַנטקעגנצושטעלן דער ליקווידאַציע פון געטאָ, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך הימלערן און נאָר דער יודענעלטעסטער איז שולדיק אין אַרויסשיקן די יידן. עס איז נישט קיין שום ספק, אַז אָט די ווערסיעס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן דורך די „זאָנדער"־פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער געטאָ־באַפעלקערונג.

די אָנפירער פון דער ליקווידאַציע — בראַדפיש און ביבאָוו — האָבן אין יענעם פעריאָד אָפּגעהאַלטן אָפטע פאַרטרויליכע באַראַטונגען מיט מ. קליגער, דעם קאָמענדאַנט פון דער „זאָנדער" און וואַרשיינלעך געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי „רייבונגסלאָז" דורכצופירן די דעפּאָרטאַציע פון געטאָ. אין קיין שום דאָקומענטן פון יענער צייט ווערט נישט דערמאָנט וועגן באַראַטונגען, אָפּגעהאַלטענע מיטן יודענעלטעסטען. פאַרשטענדלעך, אַז רומקאָווסקי, ווי דער אָפיציעלער ראש פון געטאָ, אָנערקענט, ווי אַזעלכער דורך דער דייטשער מאַכט — האָט אויסגעפירט די דעפּאָרטאַציע־באַפעלן און דורך „באַקאַנטמאַכונגען" כסדר גערופן די באַפעלקערונג צו פאַרשרייבן זיך צו דעם אַרויספאָרן אויף אַרבעט.

## ג. געטאָ-באַפעלקערונג אין 1944 נישט געוווּסט וועגן באַנייאונג פון כעלמנאָ

בעת די דעפּאָרטאַציעס אין 1942 זענען טראָץ דער שטרענגען אָפּגעהיטנקייט פון דער „געהיימער רייכסזאַכע", דאָך דערגאַנגען אין געטאָ פּאַרנעפּלטע ידיעות וועגן דער עקזיסטענץ פון כעלמנאָ, וועגן עפּעס אַן אָרט ביים שטעטל קאָלאָ, ווו עס איז פאַראַן אַ „יודענלאַגער". מ'האָט אפילו געשמועסט וועגן דעם, אַז דאָרט ווערן די יידן —אומגעבראַכט, אָבער מ'האָט אין דעם נישט געגלויבט. אין פרילינג 1944 האָט מען אין געטאָ לחלוטין נישט געוווּסט וועגן דער באַנייאונג פון כעלמנאָ, און אפילו נאָך דער מלחמה האָט מען וועגן דעם נישט געהאַט קיין ידיעות.

אין אייזנבאַכס זאַמלונג פון דאָקומענטן און מאַטעריאַלן — „Getto Łódzkie", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1946, האָט דער היסטאָריקער געשריבן, אַז כעלמנאָ האָט דעמלט, אין יאָר 1944 ,שוין נישט עקזיסטירט און די דייטשע מאַכט האָט געשיקט די לאָדזשער יידן קיין אָשוויענטשים [592].

אמת, מ'האָט געשיקט קיין אָשוויענטשים, אָבער דאָס איז געשען ערשט אין חודש אויגוסט 1944, אָבער אָנגעהויבן די אויסראָטונגס־אַקציע אין יענעם פּעריאָד, האָבן די דייטשן אין באַנייטן כעלמנאָ. אין געטאָ איז מען דעמלט געווען פולשטענדיק זיכער, אַז מ'פאָרט טאַקע אויף אַרבעט. די יידן פון דייטשלאַנד זענען גאָר געווען זיכער, אַז זיי פאָרן אין דער „היימאַט". אָבער אַ חוץ זיי, האָט קיינער נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין לאָדזשער „היימאַט", וואָס איז דערווייל אין געטאָ, ווייל עס האָט דאָך אויסגעזעזן, אַז די באַפרייאונג איז דאָך אַזוי נאָענט — אַזוי האָבן דעמלט געטראַכט און צווישן זיך געשמועסט די געפּייניקטע יידן.

די טעטיקייט פונעם טויטן־לאַגער כעלמנאָ אין יאָר 1944 איז אָפיציעל באַקאַנט געוואָרן בעת דעם פּראָצעס קעגן פוקס—בראַדפיש, וואָס איז פאָרגעקומען אין האַנאָווער. אין די געריכטס־אַקטן ווערט אויך פעסטגעשטעלט גענוי דער טערמין, ווי לאַנג דער טויטן־לאַגער האָט געאַרבעט אין 1944 — פון 23־סטן יוני ביזן 15־טן יולי אינעם דערמאָנטן יאָר [593]. עס איז אָבער נישט פאַראַן אין די דאָקומענטן, ווי אַזוי און פאַרוואָס איז אין דער דערמאָנטער דאַטע פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון כעלמנאָ און וואָס איז געשען מיט באטהמאנס זאָנדער־קאָמאַנדאָ.

מיט אַמאָל, בעתן אָפּגאַנג פון צענטן טראַנספּאָרט פון לאָדזשער געטאָ קיין כעלמנאָ, דעם 14־טן יולי, 1944, איז געקומען די פריילעכע בשורה: „די דעפּאָרטאַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן". אין דער דעפּאָרטאַציע איז דעמלט,

פּאַקטיש, פאַרגעקומען אַן איבערייס, וואָס האָט אָנגעהאַלטן 18 טעג: פון 14־טן יולי ביז דעם 2־טן אויגוסט 1944.

עס איז אָנצונעמען: די דייטשע מאַכט האָט איינגעזען, אַז דער אויס־ראַטונגס־טעמפּאָ אין כעלמנאָ איז אַ צו פּאַמעלעכער. ביי דער העפטיקער פּראָפּאַגאַנדע פאַר פאַרלאָזן דאָס געטאָ, ביי אַלע פייערלעכע פאַרזיכערונגען, אַז מ׳פאָרט אויף אַרבעט און מילדע באַציאונגען צו אַרויספאָרנדע — האָט זיך נישט איינגעגעבן צו וועדבירן דעם באַשטימטן קאָנטינגענט צו דער דעפּאָרטאַציע. די צאָל פון אויסבאַהאַלטענע, באַשטימטע צום אַרויספאָרן, האָט דערגרייכט ביז 8,000 פּערזאָן. ביי אַזאַ פּאַמעלעכן טעמפּאָ פון ליקווידאַציע פון געטאָ, בעת די סאָוויעטישע אַרמיי איז שוין געשטאַנען ביי וואַרשע — האָט די דייטשע מאַכט מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט באַוויזן אויסמאָרדן די לעצטע עטלעכע צענדליק טויזנט לאָדזשער יידן און נישט דורכפירן היטלערס פאַראָרדענונג — די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון יידן. עס איז דעריבער אין דער דעפּאָרטאַציע אַריינגעטרעטן „אַן אָטעם־פויזע״ מיט אַן אָנזאָג פון דער דייטשער מאַכט, אַז דאָס „פאָרן אויף אַרבעט״ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, כדי אַרויסצונאַרן די 8,000 יידן פון זייערע באַהעלטענישן *.

אין געטאָ האָט מען נישט געוווּסט פון דער דאָזיקער דייטשער פּערפידיע און פון די ווייטערדיקע אויסראָטונגס־פּלענער. מ׳האָט דעריבער מיט פרייד אויפגענומען די ידיעה, אַז די דעפּאָרטאַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. רומקאָווסקי אַליין איז אויף אַ דראָזשקע געפאָרן איבער די געטאָ־גאַסן און אַלעמען מיטגעטיילט די „פרייילעכע בשורה״. איז טאַקע געוואָרן אַ גרויסע שמחה אין געטאָ. מענטשן זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס, געקושט זיך און געוויינט. פון אומעטום האָט מען געהערט: „מ׳וועט שוין נישט אַרויסשיקן״ [594].

דער יודענעלטעסטער איז געווען אַזוי פריידיק איבעררַאשט פון דער ידיעה וועגן „אָפּשטעלן די דעפּאָרטאַציע״, אַז ער איז אַוועק אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה, ווו עס האָבן זיך געפונען די באַשטימטע צום אַרויסשיקן און זיי אָנגעזאָגט די בשורה: „זיי זענען פריי און קאָנען גיין אין זייערע היימען״. דאַביי האָט רומקאָווסקי, אויף זיין שטייגער, אין אַ רעדע אָנגעוויזן אויף זיינע פאַרדינסטן אין ראַטעווען פון אַרויסשיקן די לעצטע יידן פונעם געטאָ. אים האָט זיך איינגעגעבן איבערצוצייגן די דייטשן וועגן דער נוצלעכקייט פון אויפהאַלטן די אונטערנעמונגען אין געטאָ און אַזוי אַרום איז פאַרקלענערט געוואָרן די

* די דאָזיקע פּערפידיע האָבן די דייטשן אָנגעוואַנדן אין רוב געטאָס: מ׳האָט פּלוצים דערקלערט, אַז די דעפּאָרטאַציע ווערט אָפּגעשטעלט, כדי די אַנטלאָפענע און אויסבאַהאַלטענע זאָלן צוריקקומען און מ׳זאָל זיי קאָנען אַרויספירן אין די אויסראָטונגס־לאַגערן. — נאָכזען אין די יזכור־ביכער פון פאַרפייניקטע קהילות.

צאָל פון די טראַנספּאָרטן. דער יודענעלטעסטער האָט אויך פּאַראָרדנט אַרויסצו־געבן די באַפּרייטע פון געטאָ־תפיסה אַ מין פּאַרגיטיקונג פּאַר זייער אומזיסטע לײַדן ווי באַשטימטע צום אַרויסשיקן: 75 דעקאָ ברויט און 4 זופּן יעדן[595].

דער דייטשער קאָמופלאַזש האָט זיך ווידער איינגעגעבן: מ'איז אַרויס פון די באַהעלטענישן, מ'האָט צוריקגעגעבן די פּאַרבלאָקירטע באַשפּייזונגס־קאַרטן און אפילו אָפּגעגעבן די נישט באַקומענע שפּייז־צוטיילונגען. דאָס לעבן אין געטאָ האָט זיך ווידער „נאָרמאַליזירט". אויפן שוואַרצן מאַרק זענען געפאַלן די פּרייזן אויף פּראָדוקטן, ווייל מ'האָט שוין נישט געדאַרפט קויפן קיין שפּייז פּאַר די באַהאַלטענע. עס איז ווידער גערופן געוואָרן אַ פּאַרזאַמלונג פון די לייטער פון די רעסאָרטן: דאָרט האָט פּאַרזיכערט דער יודענעלטעסטער, אַז די געפאַר איז אַריבער. „אין געטאָ געפינען זיך 68.700 פּערזאָן. מ'דאַרף צוטרעטן ווידער אַרבעטן. טייל רעסאָרטן, ווו עס פעלן מענטשן — ליקווידירן, אין אַנדערע אַריינזעצן יוגנטלעכע" אאַז"וו.

די אומגליקלעכע געטאָ־איינוווינער האָבן דאָסמאָל ערנסט געגלויבט אין די רייד פון יודענעלטעסטען. זיי האָבן דאָך נישט געקענט וויסן, אַז די דייטשע מאַכט גרייט די לעצטע צוואַנגס־דעפּאָרטאַציע.

צוויי טעג נאָך דעם, ווי רומקאָווסקי האָט מיטגעטיילט די „פריילעכע בשורה", האָט ביבאָוו פּאַראָרדנט דעם אדוו. נעפּטאַלין, אַז ביז דעם 19־טן יולי בייטאָג זאָל זיין פּאַרטיק אַ סטאַטיסטישע איבערזיכט וועגן באַפעלקערונגס־מצב אין געטאָ און די צאָל אַרבעטספּעיקע. בערך אין דער זעלבער צייט האָט ביבאָוו באַזוכט מ. קליגערן, זיין פּאַרטרויאונגס־מאַן, דעם אָנפירער פון די „זאָנדער" און דעם פּאַקטישן אָרגאַניזאַטאָר פון מענטשן־כאַפּעריי, און מיט אים אָפּגעהאַלטן אַ פּאַרטרויילעכע באַראַטונג. עס איז פּאַרגעזעצט געוואָרן די ווייטערדיקע ליקווידאַציע פון די געטאָ־אינסטיטוציעס: די אַפּטייקן האָבן באַקומען אַ פּאַראָרדענונג תיכף אויפשטעלן אַ רעמאַנענט[596].

עס זענען דורכגעפירט געוואָרן רעדוקציעס אין געריכט — פון 70 באַאַמטע זענען געבליבן 5, פון שניידער־רעסאָרט האָט מען אַרויסגענומען אַלע יינגערע מענטשן ביז 45 יאָריקן עלטער און זיי געשיקט אין טישלערייען און מעטאַל־פּאַבריקן, אויסצופירן נייטיקע באַשטעלונגען. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט אין רעסאָרט אויף יאַקובאַ 10 און אין דער גראָסטער פּאַבריק. פּריוואַטע דייטשע אונטערנעמער, וואָס האָבן אויסגענוצט די ביליקע יידישע שקלאַפן־אַרבעט און אַריינגעגעבן אין געטאָ די נייטיקע מאַשינען, זענען געקומען אין לאָדזש און גענומען אַרויספירן די איינריכטונגען, פּאַרטיקע סחורות און האַלב־פּאַבריקאַטן. גלייכצייטיק איז ווייטער געפירט געוואָרן די אַרבעט פון איינלייגן הייזער אויף די ערטער, ווו דאָס געטאָ גרענעצט זיך מיט דער שטאָט. אַרום געטאָ פון אַלע זייטן, נאָך די דראָט־פּאַרצוימונגען,

איז געשאַפן געוואָרן אַ ריזיקער ליידיקער שטח, וואָס איז געהיטן געוואָרן פון דייטשע באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן („שופּא”), כדי אוממעגלעך צו מאַכן דאָס אַריבערלויפן פון געטאָ אין שטאָט[597]. דעם 26־סטן יולי זענען 200 יידישע פּאָליציאַנטן גערופן געוואָרן אין „קריפּאָ” און אונטער דער אָנפירונג פון דייטשן אַוועק אויפן יידישן בית־עולם, דאָרט דורכקאָנטראָלירט אַלע וועגן, דורכגענג, מצבות, כדי פעסטצושטעלן, צי עס איז נישט פאַראַן קיין פאַרבינדונג מיט דער שטאָט. אַזוי האָבן די באַוואָפנטע דייטשן געציטערט פאַר דער מעג־לעכקייט פון אַ יידישן ווידערשטאַנד.[597א]

## .36

# די פאַרטייען אין די לעצטע חדשים פונעם געטאָ

### א. די שוועריקייט פון צוזאַמענרעדן זיך צו קאָנקרעטע מעשים און די נישט איינגעגעבענע פרוּוון צו באַקומען געווער

לויט די אָנגעגעבענע ציפערן אין זכרונות און אין גבית עדות, האָבן אין לאָדזשער געטאָ, אין יאָר 1944, די אונטערערדישע פּאָליטישע פאַרטייען דיספּאָנירט מיט באַדייטנדע צאָלן פון מיטגלידערשאַפט. י. נירנבערג האָט אין זיינע זכרונות געשריבן, אַז דער בונד האָט אין יולי 1944 דורכגעפירט אַ ציילונג פון זיינע חברים. זייער צאָל איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף 935 מענטשן. דב לעמבערג, אין גבית עדות וועגן דער טעטיקייט פון דער חלוצישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט אָנגעגעבן: „אין פעריאָד פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט [די אָרגאַניזאַציע] געציילט 1000 מיטגלידער”. לויט די זכרונות פון באַרבאַראַ בעאַטוס, האָט די אָרגאַניזאַציע פון „פאַראייניגטע־לינקע ”(קאָמוניסטן) געציילט 1500 מיטגלידער *. נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער באַדייטנדיקער צאָל (פאַר די פאַרהעלטעניש אין יענער צייט), אָרגאַניזירטע, פּאָליטיש־באַוווסטזיניקע פאַרטיי־מענטשן, האָבן די אָנפירונגען פון די דערמאָנטע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס נישט געקאָנט זיך צוזאַמענרעדן צו געמיינזאַמע מעשים קעגן דער דעפּאָרטאַציע פון געטאָ אויף זיין לעצטן עטאַפּ.

אַ חוץ די מיינונגספאַרשידנהייטן צווישן די פאַרטייען און די כמעט פיינטלעכע אָפּגעטיילטקייט, וואָס האָט געוואָרצלט אין די פאַרמלחמהדיקע באַציאונגען — האָט אין לאָדזשער געטאָ, אין אַנטשיידנעם מאָמענט געפעלט די קאָנקרעטע טאַט, וואָס זאָל דינען ווי אַ באַזע פאַר אַזאַ צוזאַמענרעדן זיך, ווי עס איז געווען אין וואַרשעווער געטאָ ערב דעם אויפשטאַנד. אַזעלכע ממשותדיקע מעשים פאַר צווישנפאַרטייאישער טעטיקייט האָבן געקאָנט זיין — צוגרייטונגען צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, וואָס וואָלט מעגלעך געווען נאָר ביים באַקומען געווער דורך אַ פאַרבינדונג מיט אַ קעמפערישער אַנטי־נאַצי־גרופּירונג פון יענער זייט געטאָ־צוים. אָט די קאָנקרעטע באַזע פאַר געמיינזאַמער קעמפערישער טעטיקייט האָט לחלוטין געפעלט אין לאָדזשער געטאָ. דעריבער

---

* די צאָל מיטגלידער פון דער פאַרטיי „ל. פועלי־ציון” איז נישט פאַרצייכנט אין קיין שום דאָקומענט.

האָט, אין פּעריאָד פון ליקווידאַציע, יעדע דאָרטיקע פּאַרטיי געזוכט אַן אייגענעם אויסוועג פון דעם שרעקלעכן מצב.

יעדע אונטערערדישע פּאַרטיי אין געטאָ האָט אויף איר שטייגער און ביי אירע באַגרענעצטע מיטלען, געזוכט פאַרבינדונגען מיט לינקע פּוילישע גרופּירונגען. דער בונד האָט געוואָלט זיך פאַרבינדן מיט פּ. פּ. ס. חברים פון בונד האָבן צופעליק זיך אָנגעטראָפן אין געטאָ אויף געוועזענע פּעפּעסאָווצעס און אפילו גערעדט מיט זיי, אָבער פון דעם איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די קאָמוניסטישע גרופּירונג, וואָס האָט שוין געהאַט געמאַכט נישט איינגעגעבענע פּרווון פון באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט זייערע פּוילישע חברים מחוצן געטאָ — האָבן בעת דער ליקווידאַציע איינגאַנצן רעזיגנירט פון אויפסניי צו זוכן אַזעלכע פּאַרבינדונגען[598].

עס איז אויך געווען אַ פּרווו פון אינטעליגענטן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו די לינקע ריכטונגען, אויף אייגענער איניציאַטיוו צו באַקומען אַ פּאַר־בינדונג מיט פּאַליאַקן, קעמפּער קעגן די אָקופּאַנטן. אַזאַ איניציאַטיוו איז געקומען פון ד״ר מילער, דעם פּאַרזיצער פון געזונטהייטס־אַמט. ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ הויכן באַאַמטן פון ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג״, וועגן דעם האָט ד״ר ל. שיקער געשריבן אין זיינע זכרונות:

„ווי ס׳האָט באַוויזן דער פּראָצעס קעגן קראַמף, דעם באַאַמטן פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, איז ער דאָס געווען דער, וועלכער האָט דערקלערט דעם יידישן דאָקטאָר מילער, אַז ער, קראַמף, איז אימשטאַנד ,נישט בלויז צו שטעלן אין פאַרבינדונג דאָס געטאָ מיט דער אונטערערדישער פּוילישער אָרגאַניזאַציע, ער קאָן אפילו צושטעלן געווער דעם געטאָ. כדי צו געווינען דעם צוטרוי, האָט קראַמף די גאַנצע צייט זיך דעקלאַרירט ווי אַ קאָמוניסט. עטלעכע מאָל האָט ער פּאַר פּאַרטרוילעכע פּערזאָנען איבערגעגעבן די געהיימע פּאַראָרדענונגען פון די דייטשן. אַנהייב מלחמה האָט ער אַפּילו גראַטעוועט דאָס לעבן פון עטלעכע יידן און זיי דערמעגלעכט צו אַנטלויפן פון לאָדזש. קראַמף האָט דעם געטאָ געגעבן פון פאַרויס צוויסן געטאָן וועגן יעדער דעפּאָרטאַציע, וועגן יעדער אַקציע וואָס גרייט זיך און מיטגעטיילט ריכטיקע ראַדיאָ־ידיעות. לסוף האָט ער דעם ד״ר מילער איבערגעגעבן אין די הענט פון ביבאָוון״*. ער האָט ליקווידירט דעם יידישן דאָקטאָר מיט זיין משפחה[599].

---

* קראַמף: געוועזענער מיטגליד אין דער פאַרמלחמהדיקער פּעפּעסישער אָרגאַני־זאַציע אין לאָדזש. איז בעת דער אָקופּאַציע געוואָרן אַ פאָלקסדויטש און געווען טעטיק אין ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג״. ער האָט זיך אָפּט געוויזן אין געטאָ און יידן האָבן אים גוט געקענט. מ׳האָט אים באַטראַכט ווי אַ פּראָוואָקאַטאָר און אַפּילו אים געגעבן דעם צונאָמען „אַזעף״. נאָך דער באַפרייאונג איז קראַמף געוואָרן אַרעסטירט דורך דער פּוילישער מאַכט, געמשפּט און באַקומען טויט־שטראָף דורך הענגען. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן. — ג״ע פון מאַקס.

דב לעמבערג האָט אין זיין גבית עדות איבערגעגעבן, אַז זומער 1944 האָט ער באַקומען די אויפגאַבע פון זיין חלוציש־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, צו באַמיען זיך איינצושאַפן געווער. בעת זיין אַרבעט אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט, האָט לעמבערג זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ פוילישן באַן־אַרבעטער, וועלכער האָט צוגעזאָגט צו געבן געווער פאַרן געטאָ און לסוף דערקלערט, אַז זיי האָבן אַליין צו ווייניק. געווען אַ פּלאַן ביי די חלוצים צוצוקומען צו אַ דייטשן מאַגאַזין און פון דאָרט אַרויסצוגנבענען געווער, אָבער פון דעם איז אויך גאָרנישט געוואָרן[600].

אַ דריטער פּרווו פון צוגרייטן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד איז געמאַכט געוואָרן דורך ד״ר ווייסקאָפּ. אויף זיין איניציאַטיוו איז אין פעברואַר 1944 פאָרגעקומען אַ געהיימע באַראַטונג אין לאָקאַל פון די פייערלעשער, אויף לוטאָמירסקע גאַס, ביי דער באַטייליקונג פון: די צוויי ברידער ווייסקאָפּ, ד״ר יוזעף ליידער און דעם קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער — קאופמאַן. די באַראַטונג האָט באַשלאָסן: צוגרייטן העק, אייזערנע ברעכשטאַנגען און אין געהעריקן מאָמענט צו באַפאַלן דעם 6־טן (דייטשן) פּאָליציי־רעוויר, וואָס האָט זיך געפונען באַלד נאָך דעם געטאָ־צוים און פון דאָרט אַרויסבאַקומען שיס־געווער. ד״ר ליידער, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער באַראַטונג, האָט אין די זכרונות אַזוי באַשריבן דעם אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד:

„מיר האָבן גערעכנט דערויף, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן עטלעכע צענדליק טויזנטער מענער, פעיקע צו אַן אַקציע — — — נאָכן איבערשניידן די דראָטן, האָט קאופמאַן געדאַרפט מיט דעם אויטאָ פון די פייערלעשער צופאָרן צום 6־טן פּאָליציי־רעוויר, נאָך דעם אויטאָ זאָל גיין אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק מענער און זיי זאָלן מיט דעם „טרוקענעם״ געווער באַפאַלן די וואַך, אָפּנעמען די ביקסן און דאַן אַריינרייסן זיך אין פּאָליציי־רעוויר — — — גלייכצייטיק האָט אַ צווייטע גרופּע געדאַרפט אומשעדלעך מאַכן די [דייטשע] וואַך ביים געטאָ־טויער אויפן באַלוטער מאַרק — — —

„די דאָזיקע אַרויסטריטן האָבן געזאָלט זיין ווי אַ סיגנאַל, וואָס זאָל מיטרייסן מיט זיך דאָס גאַנצע געטאָ״ — — קאופמאַן האָט געזאָגט, אַז ער איז זיכער אין זיינע פייערלעשער״ *.

---

* ווי עס איז באַקאַנט פון די פאַריקע קאַפּיטלען, האָבן די פייערלעשער אונטער דער אָנפירונג פון קאַופמאַן, זיך באַטייליקט אין צעטרייבן די דעמאָנסטראַציעס קעגן רומקאָווסקין. זיי זענען אויך געווען פּריווילעגירט בעת די דעפּאָרטאַציעס און בעת דער אויסראָטונג פון קינדער, קראַנקע און זקנים. מעגלעך, אַז אויף דעם לעצטן עטאַפּ פון דער דייטשער אויסראָטונג האָט קאופמאַן מיט זיינע פייערלעשער זיך אַרומגעזען, אַז עס קומט דער ענדגילטיקער סוף און געגומען טראַכטן וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

„די אויבן באַשריבענע זיצונג פון די 4 פּערזאָן איז געווען די איינציקע. מער זענען מיר זיך נישט צוזאַמענגעקומען. עס זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע צענדליק העק און ברעכשטאַנגען. עס איז אַפילו געווען אַ צוזאָג פון כימאָוויטש, דעם לייטער פון דער מעטאַל־פאַבריק, אַז ער וועט אויסאַרבעטן האַנט־גראַנאַטן, אָבער צו קיין קאָנקרעטע מעשים איז נישט געקומען".

ד"ר ליידער האָט זיינע זכרונות פאַרענדיקט מיט פאָלגנדן זאַץ:

„אין אויגוסט 1944, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע, האָב איך געזוכט די ווייסקאָפּס, אָבער מ'האָט מיך אינפאָרמירט, אַז זיי זענען נישטאָ אין געטאָ"[601].

## ב. די דיסקוסיעס וועגן „אַרויספאָרן אויף אַרבעט" אָדער אויסבאַהאַלטן זיך

נאָכדעם ווי עס האָבן זיך נישט איינגעגעבן די לעצטע פּרוּוון פון באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט אונטערערדישע קעמפער פון מחוצן געטאָ און עס איז צונישט געוואָרן יעדע האָפענונג צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָט זיך צווישן די ריכטונגען און אין די פּאַרטייען גופא, אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע אַרום די פראַגן: לאָזן זיך אַרויספירן „קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט", אָדער בלייבן אין געטאָ דורך אויסבאַהאַלטן זיך ווו מ'קען, כדי צו דערוואַרטן די באַפרייאונג דורך דער רויטער אַרמיי, וואָס שטייט שוין ביי וואַרשע.

פון אַלע זכרונות, גבית עדות און פון הילערס טאָגבוך, וואָס דערציילן וועגן די טראַגישע ראַנגלענישן אין לאָדזשער געטאָ אין לעצטן חודש פון זיין עקזיסטענץ — ווערט קלאָר ווי ווייט עס האָט דעמלט דערגרייכט דער דייטשער קאַמופלאַזש. כמעט קיינער אין געטאָ האָט דעמלט נישט געצווייפלט, אַז די דייטשע מאַכט וויל די יידן „אַרויספירן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד". אין זייער אוממעכטיקייט צו קאָנען עפּעס העלפן דעם כלל, האָבן די אָנפירערס פון די פּאַרטייען זיך איינגעשטעלט פאַר זייערע מיטגלידער, זיי זאָלן נישט ווערן אַרויסגעשיקט. וועגן דעם האָט מען געמאַכט באַמיונגען ביי די רעסאָרט־לייטער, וואָס האָבן געהאַט צו באַשטימען, וועלכע פּערזאָנען פון זייערע אונטער־נעמונגען קאָנען אָפּגעגעבן ווערן אויף דעפּאָרטאַציע, אָן שאָדן פאַר דער פאַבריק אָדער וואַרשטאַט.

פאָרשטייער פון די פּאַרטייען האָבן געדראָט, אַז פאַר אַרויסשיקן זייערע מענטשן, וועט מען זיך אָפּרעכענען נאָך דער באַפרייאונג *. דאָרט ווו

* זע — רעאַליסטישע דערציילונג פון רבקה קוויאַטקאָווסקאַ־פּנחסיק א. נ. „די ליסטע" אין בוך „אין זיכערע הענט". די שרייבערין, וואָס האָט איבערגעלעבט דאָס

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין דראָאונגען, זענען די פּאַרטיי־חברים געוואָרן אויסבאַהאַלטן און געשטיצט מיט באַשפּייזונג. אַזוי ווי עס האָט זיך געמערט די צאָל פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געוואָלט פרייוויליק צושטעלן צום אַרויספאָרן, האָבן די אָנפירער פון די פּאַרטייען, נאָך לאַנגע און שאַרפע דיסקוסיעס צווישן זייערע חברים, באַשלאָסן צו לאָזן פאַר יעדן דעם פרייען אויסוואַל: פאָרן אָדער בלייבן. אין דער קאָמוניסטישער גרופּירונג איז אויף דעם באָדן געקומען צו אַן ערנסטן שטרייט צווישן דער יוגנט און עלטערע. עס האָט זיך געבילדעט אַן „אָפּאָזיציע" פון יוגנטלעכע קעגן דער שטעלונג פון יחיאל הירשהאָרן, וואָס איז געשטאַנען בראש פון די „פּאַראייניס־לינקע" און מאַקס פיינבערג, וועלכער ווערט אין די זכרונות באַצייכנט ווי דער קאָ־מענדאַנט פון אונדזער מיליץ". די „אָפּאָזיציע" איז אָנגעפירט געוואָרן פון די יוגנטלעכע — ניוטעק ראַדזינער, פּרל. דזשוניאַ קלוגמאַן, מאַניעק פלוג און טאובע [602].

*

יעדע פון די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען האָט אויף אייגענער אחריות אויסגעאַרבעט פּלענער ווי אַזוי צו האַנדלען אין דעם דאָזיקן דעצידירנדן מאָמענט. די הויפּט־באַמיונגען זענען דאָך געמאַכט געוואָרן אין דער ריכטונג פון נישט ווערן אַרויסגעשיקט אויף אַ צוואַנגס־אופן.

אַ דעלעגאַציע אין די פּערזאָנען פון ד״ר אָסקאַר זינגער און ד״ר קאַרל באנדי, ביידע פון פּראַג, האָבן זיך געוואָנדן צו דער צווישן־רעסאָרט־קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קוואַליפיצירן מענטשן צום אַרויסשיקן, וועגן ראַטעווען די אינטעליגענץ פון דעפּאָרטאַציע. אַ פאַרטרעטער פון דער קאָמיסיע האָט דערקלערט, אַז דאָס גייט נישט אַריין אין אירע קאָמפּעטענצן, דאָס קאָן דערליידיקן נאָר דער פּרעזעס. די דעלעגאַציע האָט זיך געווענדעט צו רומ־קאָווסקין. ער האָט פאַרלאַנגט מ׳זאָל אים צושטעלן אַ רשימה פון דער אינטע־ליגענץ. (עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די יידן פון מערב־אייראָפּע, וועלכע זענען דורך די דייטשן געבראַכט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ). אַזאַ רשימה פון 70 פּערזאָן איז צוגעשטעלט געוואָרן. רומקאָווסקי האָט געהאַט מיט יעדערן אַ באַזונדערן שמועס און לסוף 69 באַשטימט צום „בלייבן". איין פּרוי, וועלכע האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן פון אַוועקשיקן און האָט זיך געפונען צווישן די 70, איז דורכן פּרעזעס נישט באַשטעטיקט געוואָרן צום „בלייבן".

אַ צווייטע דעלעגאַציע, אין נאָמען פון יידישע שרייבער, האָט זיך

---

לאָדזשער געטאָ, שילדערט ווי פּאַרשטייער פון די פּאַרטייען קומען צום אָנפירער פון דער פאַבריק מיט פאָדערונגען נישט אַרויפצושטעלן זייערע חברים אויף דער רשימה צום אַרויסשיקן. יעדער פּאַרטיי־פאַרשטייער האָט זיינע וויכטיקע מאָטיוון.

באַמיט ביי אַדוואָקאַט נעפטאַלין, דעם לייטער פון סטאַטיסטישן אַמט אין אַרכיוו, ער זאָל זיך איינשטעלן ביים פּרעזעס, אַז מ׳זאָל די שרייבער נישט אַרויס־שיקן. נעפטאַלין האָט צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן. ער האָט טאַקע געטאָן. אויף זיין אינטערווענץ ביי רומקאָווסקין זענען קיין שרייבער און קינסטלער נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די חדשים יוני, יולי, ווען די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען קיין כעלמנאָ. נאָכדעם ווי דעם 15־טן יולי 1944, האָט דער יודענעל־טעסטער מיטגעטיילט די „פריילעכע בשורה״, אַז די דעפּאָרטאַציע איז „אָפּגע־שטעלט געוואָרן״, האָבן די שרייבער און קינסטלער צוגעשיקט נעפטאַלין אַ דאַנק־בריוו. צווישן אַנדערן האָט זיך דאָרט געשריבן:

„איצט, נאָך דעם ווי די בהלה איז אַדורך, קענען מיר ערשט מיט דעם גאַנצן ישוב הדעת אָפּשאַצן די גרויס פון דער אחריות, וואָס איר האָט גענומען אויף זיך, בעת איר האָט זיך פאַר אונדז איינגעשטעלט. מיר וועלן אייך דאָס תמיד צום גוטן געדענקען״ [603].

דער געבראַכטער ציטאַט שפּיגלט אָפּ אין דער פולער מאָס די טראַגעדיע פון די לעצטע 68,000 יידן אין לאָדזשער געטאָ. עס איז דער דייטשער מאַכט אַזוי געלונגען צו פאַרמאַסקירן די אויסראָטונגס־פּלענער, אַז אויך די אינטעלי־גענץ פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער עדה איז געוואָרן פאַרבלענדט פון די „ווייכע״ רייד און פאַלש־כיטרע פאַרזיכערונגען פון — ביבאָוו און געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר בראַדפיש — די ליקווידאַטאָרן פון געטאָ. באַזונדערס האָט שטאַרק געווירקט אין יענעם פעריאָד דער גלויבן, אַז די רויטע אַרמיי וועט באַוויזן פריער צו פאַרנעמען לאָדזש איידער דער דייטשער מאַכט וועט זיך איינגעבן אַרויסצופירן די 68,000 יידן פונעם געטאָ. מ׳האָט זיך אויך באַרואיקט דערמיט, וואָס עס איז אַ דוחק אין צוגן און וואַגאָנען. לויט די „אויסרעכענונגען״ פון י. פּאָזנאַנסקי, וואָס ער האָט געבראַנגט אין זיין טאָגבוך, זענען דאָך נויטיק געווען 100 וואַגאָנעס צו קאָנען אין משך פון עטלעכע טעג אַרויספירן פון געטאָ די מענטשן און די איינריכטונגען [604].

## ג. דער שאַרפער שטרייט צווישן יוגנט און עלטערע אין דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע

אין די לעצטע טעג פון חודש יולי 1944 האָבן די געטאָ־איינוווינער שוין געוווסט, אַז עס קומט דער סוף. אַ חוץ דער דיסקוסיע, וואָס איז ווייטער אָנגעגאַנגען צווישן די מיטגלידער פון די פּאַרטייען וועגן „בלייבן״ אָדער אויסבאַהאַלטן זיך, האָט זיך אין דער אָרגאַניזאַציע פון די „פּאַראייניס־לינקע״ (קאָמוניסטן) זייער פאַרשאַרפט דער וויכוח וועגן די אויפגאַבן פון דער פּאַרטיי אין אָנבליק פון דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע. אין דעם וויכוח

האָבן די מיינונגען זיך געטיילט לויט דעם עלטער. די יוגנטלעכע אַרבעטער אין די רעסאָרטן אונטער דער אָנפירונג פון די דערמאָנטע: נאַטאַניעל (ניוטעק), ראַדזינער, דזשוניא קלוגמאַן און מאָניעק פלוג, האָבן געפאָדערט פון דער אָרגאַניזאַציע צו שטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד דער דעפּאָרטאַציע: דורכרייסן די געטאָ־פאַרצוימונגען, כדי צו קומען אין קאָנטאַקט מיט דער נישט יידישער באַפעלקערונג און סאָלידאַר באַקעמפן די אָקופּאַנטן, וועלכע אַנטלויפן שוין פון לאָדזש.

די עלטערע אין דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָפּטימיסטיש געשטימט וועגן גיכן מאַרש פון דער רויטער אַרמיי, האָבן בעיקר געזאָרגט פאַר פאַרזיכערן די געטאָ־פאַבריקן, זיי זאָלן נישט אויפגעריסן ווערן דורך די אָפּטרעטנדיקע דייטשן, נאָך גלייך איבערגעגעבן ווערן דער אָנפירונג פון דער סאָוויעטישער מאַכט. וועגן דער דאָזיקער איינשטעלונג האָט געשריבן אין זיינע זכרונות יעזשי פליישמאַן, וואָס איז געווען אַקטיוו טעטיק אין דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין לאָדזשער געטאָ:

„אין דער העלפט 1944 האָבן מיר געשאַפן אַ מיליץ. עס האָט זיך דערנענטערט די רויטע אַרמיי. האָבן מיר זיך, בכן, צוגעגרייט איבערצונעמען די אַרבעטס־אונטערנעמונגען און צו שאַפן אַ באַזע פאַר דער קומענדיקער פאָלקס־מאַכט א.‏[604]

די דאָזיקע „נאַיווע פאָרשטעלונג" — ווי עס באַצייכנט זי דער מחבר פון די זכרונות — האָט אויך געשטערט צו פאַרטראַכטן זיך איבער קאָנקרעטע ווידערשטאַנדס־מעשים. דב לעמבערג האָט דערציילט אין זיין גבית עדות:

„ווען די מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע (חלוצישער) האָבן זיך געטראָפן מיט די קאָמוניסטן און פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון אונטערצינדן די פאַבריקן, וואָס אַרבעטן פאַר דער דייטשער אַרמיי. האָבן די קאָמוניסטן אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן מיט דער מאָטיווירונג: מ'דאַרף נישט פאַרניכטן דאָס, וואָס וועט, נאָכן פאַרטרייבן דעם שונא, ווערן פאָלקס־אייגנטום". זיי האָבן דערביי אָנגעזאָגט, אַז אין פאַל ווען מיר ווילן דאָך פּרוּוון פאַרווירקלעכן אונדזער פּלאַן, וועלן זיי זיך אַקטיוו קעגנשטעלן".[605]

די דאָקטוירים, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו די קאָמוניסטן אין געטאָ, האָבן פון זיי באַקומען ווענדונגען צוצוגרייטן זיך איבערצונעמען באַשטימטע פונקציעס אין דער איבערגאַנגס־צייט, ווי: „אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל אָפּהיטן די אָרדענונג און די אַפּראָוויזאַציע בעת די דייטשן וועלן אַנטלויפן פון לאָדזש".

„צו מיר האָט מען זיך געוואָנדן — האָט געשריבן ד"ר ל. שיקער אין זיינע זכרונות — איך זאָל איבערנעמען די אויפזיכט איבער די שפּיטעלער און די אַפּטייקן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ סאַניטאַר־קעמערל, צו וועלכן עס

האָט געהערט: ד״ר מאָסטאָוויטש, די שוועסטער בעלא און איך. מ׳האָט אפילו אויסגעאַרבעט אַ גענויעם מאָביליזאַציע־פּלאַן פאַרן גאַנצן דאָקטוירים־פּערסאָנאַל, אָנצייכענענדיק באַשטימטע פונקציעס און רעדאַגירט אַן אויפרוף צו דער באַפעל־קערונג פון געטאָ. איך געדענק נאָך די דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אַרום דער פראַגע: ווער זאָל דעם אויפרוף אונטערשרייבן? עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער אויפרוף וועט אַרויסגעגעבן ווערן אין נאָמען פון די אַרבעטער אין געטאָ. אָט אַזוי איז ביי אונדז געוואָקסן דער אָפּטימיזם און עס איז געקומען דער ערשטער אויגוסט״[606].

## ד. אויפגעברויזטער קאַמפּס-ווילן ביי די אַרבעטער אין די געטאָ-פאַבריקן

די דיסקוסיעס און שטרייטן וועגן סוף פונעם געטאָ, האָבן צעברויזט און געהויבן דעם מוט פון די אַרבעטער אין די פאַבריקן. מ׳האָט אויפגעהערט זיך שרעקן פאַר די אויפזעער און קאָמיסאַרן אין די רעסאָרטן. מ׳האָט אָפן גערעדט און פּלאַנירט וואָס צו טאָן בעת דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. די דייטשע מאַכט האָט נישט געפּרוּווט אינטערווענירן און בכלל זיך נישט געוויזן אין די לעצטע טעג פון חודש יולי 1944. דער געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר און הויפּט־אָנפירער פון ליטצמאַנשטאַדט — ד״ר אָטאָ בראַדפיש — האָט ווייזט אויס איבערגעגעבן דעם יודענעלטעסטען, ער זאָל ווירקן אויף די אַרבעטער און זיי באַרואיקן. דער פאַקט ווערט באַשטעטיקט אין די לעצטע, ווייטער געבראַכטע באַשרייבונגען אין דער „Tageschronik״:

„24־סטער יולי. —

„דער פּרעזעס באַזוכט פאַרשידענע רעסאָרטן, וווּ ער האַלט רעדעס צו די אַרבעטער. אַזוי האָט ער גערעדט אין האַלץ־ און שוסטער־רעסאָרט: „מ׳מוז אין דער ערשטער ריי אָפּהיטן די פולשטענדיקע רו; מ׳דאַרף נישט פּאָליטיקירן, נאָר מער זיך קאָנצענטרירן אויף דער אַרבעט; עס איז זייער וויכטיק אויסערלעך צו זיין באַהערשט; מ׳דאַרף טראַכטן, אַז אין אַזעלכע צייטן זענען פאַראַן מניעות אין צושטעלן לעבנס־מיטל, מ׳מוז דעריבער קושן יעדעס ריבל, וואָס קומט אַריין אין געטאָ״.

אַ חוץ די דאָזיקע רעדעס האָט רומקאָווסקי אָפּגעהאַלטן פאַרטרוילעכע באַראַטונגען מיט פאַרשידענע אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן.

דעם 29־סטן יולי „טאָגעסכראָניק״: „דער טאָג איז אַדורך רואיק. עס איז אויפגעפאַלנד, וואָס אין די רעסאָרטן באַמערקן זיך פאַרשידענע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געהאַלטן אין הינטערגרונט. זיי העצן אַלעמען אונטער. דאָס זענען אַזעלכע מענטשן, וואָס ווילן נישט פאַרשטיין, אַז דאָס

געטאָ מוז אויפהאַלטן רו און אָרדענונג ביז דער לעצטער מינוט. אונטער אַלע אומשטענדן מוז די פּראָדוקציע געפירט ווערן אַזוי ווי פריער. די עלעמענטן העצן־אויף די אַרבעטער פון די שוסטער־ און שניידער־אָפּטיילונגען. די פּראָ־דוקציע ביי די שניידערס הינקט. ביי די שוסטערס איז נאָך ערגער. דער פּרעזעס טוט אַלץ, כדי די רעסאָרטן זאָלן בלייבן אויף זייער געהעריקער הויך".

דעם 30־סטן יולי: „דער היינטיקער זונטיק איז אַדורך רואיק. דער פּרעזעס האַלט אָפּ פאַרשידענע באַראַטונגען. אין געטאָ הערשט רו און אָרדענונג"[607].

עס איז געווען אַ חודש פאַרן ענדגילטיקן סוף פון לאָדזשער געטאָ. די „Tageschronik" איז שוין מער נישט דערשינען.

דעם 31־טן יולי, 1944, האָט ביבאָוו אין אַ בריוו צום סטאַטיסטישן אַמט ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון ליטצמאַנשטאַדט געמאָלדן: „אויף דער פאַר־אָרדענונג פון הער בירגערמייסטער, קאָנען מער נישט אָנגעגעבן ווערן קיין צאָלן וועגן איינוווינער־מצב פון געטאָ".

דער דאָזיקער דאָקומענט, וועלכער האָט אָפיציעל פעסטגעשטעלט די ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, האָט פאָלגענדן דייטשן טעקסט:

„Litzmanstadt, den 31.7.1944.
An das Statistische Amt z Hd.
Herrn Dir. Dr. Alsleben.
Hier
Betr.: Einwohnerzahl des Gettos.

Auf Veranlassung des Herrn Oberbürgermeisters können keine Zahlen über den Einwohnerstand des Gettos mehr angegeben werden so dass also für die Folge alle monatlichen Meldungen unterbleiben.

Bibow"[608].

*

אין געטאָ זענען דעמלט געווען — 68,615 נפשות.

אין די זומער־חדשים 1944 האָט די „געטאָ־פאַרוואַלטונג" (ביבאָוו) שוין נישט אָנגעגעבן קיין פּינקטלעכע צאָלן פון דער באַפעלקערונגס־באַוועגונג אין יידישן וווין־שטח. אין דער סטאַטיסטישער אויפשטעלונג פון דער געטאָ־באַפעלקערונג, וואָס עס האָט אין יאָר 1946 געמאַכט פּראָפ. עדוארד ב. ראָסעט, אויפן סמך פון פאַרשידענע באַריכטן פון געטאָ, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער לאָדזשער שטאָט־פאַרוואַלטונג — פיגורירן נישט די 7,170 יידן, וועלכע זענען אין יוני און יולי 1944 אַרויסגעשיקט געוואָרן אין באַנייטן כעלמנאָ־טויטן־לאַגער. די דאָזיקע פעלשונג אין די ציפער־באַריכטן איז דורך די דייטשן געמאַכט געוואָרן, כדי פולשטענדיק אָפּצוהיטן דעם סוד פון דער „געהיימער רייכסזאַכע" וועגן דער באַנייטער מאַסן־אויסראָטונג פון יידן אין כעלמנאָ.

די סטאַטיסטישע אויפשטעלונג פון פראָפ. ע. ב. ראָסעט, טיטולירט פאַרן לעצטן געטאָ־יאָר מיט: „Ruch Ludności i Likwidacja Getta w 1944 roku" („באַפעלקערונגס־באַוועגונג און ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ אין יאָר 1944) — גיט אַזאַ טאַבעלע:

| חודש | מצב אָנהייב חודש | געבורטן | שטערב־לעכקייט | דעפּאָר־טירט | געבליבן סוף חודש |
|---|---|---|---|---|---|
| יאַנואַר | 79,648 | 30 | 267 | 32 | 79,384 |
| פעברואַר | 79,384 | 65 | 274 | 25 | 79,153 |
| מערץ | 79,153 | 76 | 353 | 1670 | 77,208 |
| אַפּריל | 77,208 | 54 | 408 | — | 76,860 |
| מאַי | 76,860 | 55 | 483 | 230 | 76,208 |
| יוני | 76,208 | 37 | 455 | [?] | 75,791 |
| יולי | 75,791 | 44 | 561 | [?] | 75,275[609]. |

פון דער אָנגעגעבענער צאָל אין חודש יולי דאַרף מען אַראָפּנעמען די 7,176 יידן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין כעלמנאָ אין די טעג פון 23־סטן יוני ביז 14־טן יולי 1944. דאַן באַקומען זיך: 75,791—7,176=68,615. אַזאַ צאָל יידן איז געווען אין לאָדזשער געטאָ דעם 31־טן יולי 1944, ווען ביבאָוו האָט אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט פעסטגעשטעלט, אַז די יידן פון געטאָ וועלן מער נישט פיגורירן אין דער סטאַטיסטיק פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אין ליטצמאַנשטאַדט.

37.

# לעצטער חודש פון לאָדזשער געטאָ

## א. נייע דייטשע פּערפידיע „דאָס געטאָ מיט די איינוווינער און מאַשינען ווערן אַריבערגעפירט אין אַלטרייך"

דער חודש אויגוסט 1944 איז געווען דער סאַמע לעצטער עטאַפּ אין דער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ. די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען ביי פּראַגע. אין וואַרשע האָט זיך אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד פון די פּאָליאַקן. אין יענעם היסטאָרישן טאָג, דעם 1־טן אויגוסט 1944, באַלד אין דער פרי, זענען אין לאָדזש, אין 6־טן דייטשן פּאָליציי־רעוויר, וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבערן געטאָ, גערופן געוואָרן: דער קאָמענדאַנט פון דער „זאָנדער" — מ. קליגער, דער אָנפירער פון אַרבעטס־אַמט — יאַקובאָוויטש און מ. ח. רומקאָווסקי. דער דייטשער קאָמענדאַנט פון רעוויר האָט אויפגעקלערט די אָנוועזנדע, אַז פון מאָרגן אָן, דעם 2־טן אויגוסט 1944, הייבט זיך אָן די „עוואַקואַציע" פון לאָדזש, צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג פון געטאָ.

„די עוואַקואַציע פון געטאָ דאַרף אַרומנעמען 5,000 פּערזאָן טעגלעך. זיי וועלן אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די מאַשינען פון די רעסאָרטן און מיט די סחורות. צו דעם צוועק דאַרף אין דער קורצסטער צייט באַאַרבעט ווערן אַ פּלאַן און איבערגעגעבן ווערן דער דייטשער מאַכט צו באַשטעטיקן. רומקאָווסקי זאָל דערויף האָבן געענטפערט, אַז ביז איצט האָט ער פּינקטלעך אויסגעפירט אַלע באַפעלן פון דער מאַכט, אָבער ער קאָן זיך נישט אונטערנעמען צו באַאַרבעטן דעם פאַרלאַנגטן פּלאַן. דער דייטשער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט זיך נישט אריינגעלאָזט אין קיין שום דיסקוסיע, נאָר קורץ דערקלערט: אין דער מיטאָג־שעה וועט דער פּלאַן איבערגעגעבן ווערן דעם יודענראַט. און אַזוי איז געשען"[610].

ווי עס איז צו זען פון די פאַראַנענע דאָקומענטן און זכרונות, האָט רומקאָווסקי פּאַקטיש זיך נישט פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון דער „עוואַקואַציע". אָבער ער האָט, צוזאַמען מיט אַטאַ בראַדפיש און ביבאָוו, געפירט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר „עוואַקוירן דאָס געטאָ". אין די אָפיציעלע דייטשע דאָקומענטן האָט עס געהייסן — „Verlagerung des Ghettos". דאָס האָט באַדייט לויט דער דייטשער פערפידיע: אַריבערפירן די יידן מיט אַלע

פאַבריקס־איינריכטונגען טיף אין דייטשלאַנד, ווו „מ'וועט קאָנען אומגעשטערט אַרבעטן און איבערלעבן די מלחמה". אין דעם זינען איז געגאַנגען די פאַרפירע־רישע כיטרע פּראָפּאַגאַנדע פון די דייטשע געשטאַפּאָ־קאָמיסאַרן און אָנפירער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" ביי דער מיטהילף פון די רעדעס און „באַקאַנט־מאַכונגען" פונעם יודענעלטעסטען [611].

די ידיעה וועגן דער „עוואַקואַציע" פונעם געטאָ איז זיך באַלד פונאַנ־דערגעגאַנגען איבער די פאַבריקן, וואַרשטאַטן און ביוראָען. מען האָט געשמועסט, אַז „די דייטשן האָבן באַשלאָסן תיכף צוצוטרעטן צו דער ליקווידאַציע". נאָך דער אַרבעט זענען מאַסן־מענטשן אַרויס פון זייערע ענגע שטיבלעך און פול געמאַכט די געטאָ־געסלעך. קיינער האָט נישט געקאָנט געבן אויפקלערן, ווי אַזוי די ליקווידאַציע וועט פאָרקומען. עס זענען נישט געווען קיין שום פאַר־אָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט. די דייטשע פּאָליציאַנטן, אויף יענער זייט געטאָ־צוים, זענען רואיק געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס און נישט רעאַגירט אויף דעם טומל אין די יידן־געסלעך. די „שופּאָ"־לייט האָבן דאָס מאָל נישט אַריינגעשאָסן אין געטאָ, ווי זיי האָבן פּראַקטיצירט אין די פאָריקע יאָרן, ווען דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן טומלען. וואַרשיינלעך האָבן זיי אין אויגוסט 1944 באַקומען אַזאַ פאַראָרדענונג נישט צו רייצן די יידן, וועלכע דאַרפן זען אין די דייטשן — פריינט, וואָס קומען „ראַטעווען "די געטאָ־איינוווינער דורך אַריבערפירן זיי אויף אַ מער זיכער אָרט. אין פחד פאַר דעם ווידערשטאַנד אָדער אויפשטאַנד פון די 68,000 יידן, האָט די דייטשע מאַכט מיט אַלע אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל פון יידן־פריינט, וואָס האָבן אין זינען נאָר די טובה פון דער געפּייניקטער געטאָ־באַפעלקערונג. עס זענען דעריבער דערווייל נישט אָנגעוואָנדן געוואָרן קיין שום צוואַנגס־מיטלען.

דעם 2־טן אויגוסט זענען זייער ווייניק אַרבעטער געקומען אין די רעסאָרטן. מ'האָט זיך געזאַמלט אויף די גאַסן און ווייטער דיסקוטירט — פאָרן אָדער בלייבן. מ'האָט שוין געוווּסט וועגן די פאַרזיכערונגען פון ביבאָוו און בראַדפיש, אַז דאָס געטאָ מיט אירע איינוווינער און פאַבריקס־איינריכטונגען „ווערן אַריבערגעפירט קיין דייטשלאַנד". דער ווייט גרעסטער רוב געטאָ־איינוווינער האָט דאָך נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס וווין־אָרט. מ'האָט דאָך געגלויבט, אַז די רויטע אַרמיי וועט באַוויזן פריער צו פאַרנעמען לאָדזש, איידער די דייטשן וועט זיך איינגעבן אַרויסצופירן אַזוי פיל יידן מיט די מאַשינען און פאַבריקס־איינריכטונגען, צו וועלכן „מ'דאַרף האָבן 100 וואַגאָנעס". אַזוי האָבן יידן אויסגערעכנט און דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג.

אַרום 1 אַ זייגער האָט האַנס ביבאָוו גערופן אין זיין קאַבינעט די

קאָמיסאַרן און אָנפירער פון די שניידער־ און מעטאַל־פאַבריקן. זיי זענען פאַרשטענדלעך גלייך געקומען און דאָרט געטראָפן פאָרטרעטער פון דער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" און אַן אומבאַקאַנטן דייטש, וועלכער האָט זיך פאָרגע־שטעלט ווי אַ דעלעגאַט פון דער „רייכסריסטונגס־קאָמאַנדאָ" (קאָמאַנדאָ פאַר מלוכהשן אויפבוי"). דער דייטש האָט געהאַלטן אַ „זאַכלעכע" רעדע:

„דער מלוכה־אינטערעס און דער מלחמה־מצב פאַרלאַנגען איבערצופירן די רעסאָרטן — אין דער ערשטער ריי די מעטאַל־ און שניידער־פאַבריקן — אין דער טיף פון „אַלטרייך". דער ערשטער טראַנספּאָרט דאַרף אָפּגיין, דאָנערשטיק, דעם דריטן אויגוסט, 7 פרי. דער צווייטער — מיטאָגצייט. דער טעגלעכער קאָנטינגענט פון דער עוואַקואַציע מוז דערגיין ביז 5000 פערזאָן — — — עס דאַרפן מיטגענומען ווערן די מאַשינען, וואָס ווערן געטריבן מיט עלעקטרישער קראַפט"[612].

## ב. רומקאָווסקיס רוף מאַסנווייז צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ

אויך רומקאָווסקי האָט דעם ערשטן אויגוסט 1944 אָפּגעהאַלטן אַ קאָנ־פערענץ מיט די אָנפירער פון די רעסאָרטן און פאָרטרעטער פון די אַרבעטער. דער יודענעלטעסטער האָט באַריכטעט וועגן זיינע שמועסן מיט די פאָרשטייער פון דער דייטשער מאַכט. ער האָט נישט פאַרלאַנגט פון די פאַרזאַמלטע זיי זאָלן אָננעמען אַ דעצידירנדן באַשלוס. ביי די אַנוועזנדע איז געווען די איבערצייגונג, אַז עס וועט נישט קומען צו קיין „עוואַקואַציע" פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. אָבער באַלד אויף צומאָרגנס האָט אויף די ווענט פון די הייזער זיך באַוויזן רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג נומ. 417" מיט אַזאַ טעקסט:

„אין אויפטראַג פון אויבערבירגערמייסטער אין ליצמאַנשטאַדט מוז דאָס געטאָ איבערגעטראָגן ווערן.

די רעסאָרטן
גייען געשלאָסן מיט זייערע פאַמיליעס צו אַרבעט.
דער ערשטער טראַנספּאָרט גייט אָפּ דעם 3־טן אויגוסט 1944.
טעגלעך דאַרפן זיך צושטעלן 5000 פערזאָן.
באַגאַזש קאָן מען מיטנעמען העכסטנס פון 15 ביז 20 קילאָ.
מיטן ערשטן טראַנספּאָרט פאָרן:
בעטריב נר. 1. שניידער־צענטראַלע, לאַגעווניצקע 45 און
בעטריב נר. 2. שניידער, לאַגעווניצקע 36.

די פאַמיליען־מיטגלידער פון באַשעפטיקטע אין די דאָזיקע רעסאָרטן שליסן זיך אָן אין דעם טראַנספּאָרט, בכדי אַזוי אַרום אויסצומיידן דאָס צערייסן די פאַמיליעס.

**וועגן די ווייטערדיקע רעסאָרטן, וואָס וועלן אַרויספאָרן נאָך די אויבנדערמאָנטע צווײ, וועט באַזונדער מיטגעטיילט ווערן.**

**די אַרויספאָרנדיקע דאַרפן זיך צושטעלן אין די באַראַקן פון „באַהעלפס־הייזער־בוי״ ראַדעגאַסטער באַנהויף.**

**דער ערשטער טראַנספּאָרט פאַרלאָזט דעם געטאָ ד. 3־טן אויגוסט בערך 8 אַ זייגער פרי, אַזוי, אַז די פּערזאָנען, וואָס קומען אין באַטראַכט מוזן שפּעטסטנס 7 אַ זייגער פרי זיך געפינען אויפן דערמאָנטן אָרט און שטעל.**

(—)מרדכי חיים רומקאָווסקי
דער עלטעסטער פון די יידן אין ליטצמאַנשטאַדט.

ליטצמאַנשטאַדט־געטאָ, 2 אויגוסט 1944״ [613].

**פון דער „באַקאַנטמאַכונג״ ווערט שוין קלאָר, צו וועלכן צוועק ביבאָוו האָט אין פרילינג מיט ברוטאַלע מיטלען געטריבן צו בויען די באַראַקן ביי דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט. זיי דאַרפן דינען פאַר דעם זאַמלפּונקט אויפן וועג קיין אָשוויענטשים. עס ווערט אויך קלאָר, אַז רומקאָווסקיס „אויטאָנאָמיע״ אין היגזיכט פון אַרויסשיקן יידן פון געטאָ, האָט אין חודש אויגוסט 1944 אויפגעהערט צו עקזיסטירן. מיט דער ליקווידאַציע האָבן אָנגעפירט — אָבערביר־גערמייסטער און געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר ד״ר בראַדפיש. זיין געהילף — געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס און אַמטס־לייטער האַנס ביבאָוו. רומקאָווסקיס אויפגאַבע איז געווען צו העלפן און אַגיטירן מ׳זאָל וואָס גיכער אַרויספאָרן.**

**עס זענען ווייטער נישט אָנגעווענדעט געוואָרן קיין שום געוואַלד־מיטלען. ביבאָוו און אנד., אין שרעק פאַרן ווידערשטאַנד פון די יידן, האָבן צו זיי גערעדט ממש מיט תחנונים, מ׳זאָל אַרויספאָרן „אויף אַרבעט״. די שטאָלצע דייטשע אָפיצירן זענען, ווי כיטרע רוצחים, וואָס דאַרפן פאַרנאַרן דעם קרבן, כדי אויסצופירן איבער אים אַ בלוטיק שטיקל אַרבעט — געקראָכן צו די דערנידעריקטע, געשלאָגענע און געפייניקטע יידן אין די רעסאָרטן און הכנעהדיק גערעדט צו זיי: „מיר ווילן אייך ראַטעווען פון די „רויטע האָרדעס״, וועלכע וועלן אייך אויסמאָרדן, ווייל איר האָט געאַרבעט פיר יאָר פאַר דייטשן״.**

**ד״ר בראַדפיש האָט גערעדט אין שניידער־רעסאָרט, לאַגעווניצקי 36: „די וואָס פאָרן אַוועק, וועט נישט שלעכט זיין. קיין האָר פון קאָפּ וועט זיי נישט פאַלן״. ער וועט זיך מיט קיין טראָר קעגן די געטאָ־יידן נישט באַנוצן און האָט פאַרזיכערט מיטן קאָפּ, אין פאַל ס׳וועט די געטאָ־יידן עפּעס געשען. פאַרקערט, ער וויל די יידן פאַרהיטן פון לופט־אָנגריפן, „דעריבער איז בעסער, אַז די יידן זאָלן פאָרן. מאָרגן מוז פאָרן דער ערשטער און צווייטער שניידער־באַטריב״.**

**ביבאָוו האָט גערעדט אין פאַרשידענע רעסאָרטן. אויף איין אָרט האָט**

ער געזאָגט: „ווען די רוסן קומען, וועלן זיי אייך דאָ נישט לאָזן, ווייל איר האָט געאַרבעט 4 און אַ האַלב יאָר פאַר די דייטשן"... ביבאָוו האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ טעאַטראַלער פּאָזע, די הענט פאַררוקט אין די אייבער־טעשלעך פון דער וועסט און דערקלערט: „זעט, איך בין אַן געוועזער. איצט קאָנט איר מיך דערהרגענען, פונדעסטוועגן האָב איך צו אייך צוטרוי. 4 מיט אַ האַלב יאָר האָב איך מיט אייך גוטע און שלעכטע צייטן דורכגעמאַכט און איצט וויל איך אייך ראַטעווען"[614].

צו די מעטאַל־אַרבעטער האָט ביבאָוו זיך געווענדן מיט: „מיינע יודען" און גערעדט מיט זיסע רייד פאַר די אָנוועזנדע הונדערטער יידישע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן הערן זיין עצה און אַרויספאָרן אין „רייך". ער האָט באַטאָנט, אַז די „עוואַקואַציע" ווערט דורכגעפירט פאַרן ווויל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. „דאָ וועט זיין אַ קריגס־סטרעפע — האָט ער פּאַטעטיש אויסגע־רופן — און די רוסן וועלן גרויזאם זיך אומגיין מיט אַלע, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשער אַרמיי"[615].

דעם זעלבן טאָג, דעם 5־טן אָדער 6־טן אויגוסט 1944, האָט אויך רומ־קאָווסקי גערעדט אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אופן פייערלעשער־פּלאַץ, אין דער אָנוועזנהייט פון קאָמיסאַר אָטאָ בראַדפיש. דער יודענעלטעסטער האָט גערופן צו זיין געהאָרזאַם דער דייטשער מאַכט און שטעלן זיך צום אַרויספאָר: „עס האָט נישט קיין זינען זיך אויסצובאַהאַלטן. די זון שיינט נאָך נישט פאַר אונדז, נישטאָ קיין אַנדער עצה, יידן, פאָרט געזונט" — האָט געזאָגט רומקאָווסקי[616].

אין זיין רעדע, ווי מ׳קאָן אורטיילן פון דעם געבראַכטן ציטאַט, האָט זיך שוין נישט געפילט דער זיכערער טאָן, דער גלויבן צו קענען ראַטעווען. ווען מען פאַרגלייכט זיינע דעמלסדיקע רייד מיט זיינע פריערדיקע אַרויסטריטן, באַקומט זיך דער איינדרוק, ווי ער וואָלט גערעדט אונטערן ענערגישן דרוק פון זיינע דייטשע באַפעלסגעבער. אויף דער פאַרזאַמלונג איז נעבן רומקאָווסקין געשטאַנען דער אַלמכטיקער אָבערבירגערמייסטער און געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר ד"ר אָטאָ בראַדפיש, דער פּראַקטיצירטער אָנפירער פון מאַסן־אויסראָטונג — לויט גרייזערס באַצייכענונג. אויך ער האָט גערעדט צו די „אַרבייטער יודען", אָנגע־שלאָגן אין אַ „לירישן" טאָן און גערופן „צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ". אָבער די אַלע רעדעס האָבן נישט געווירקט אויף דער באַפעלקערונג, נאָר יחידים האָבן זיך צוגעשטעלט צום אַרויספאָרן.

## ג. דער קאַמף קעגן די דעפּאָרטאַציעס אין די ערשטע טעג פון אויגוסט 1944

די ראַנגלענישן קעגן דער דעפּאָרטאַציע איז אַמשטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק אין די ערשטע 7 טעג פון אויגוסט 1944.

רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג" פונעם 2־טן אויגוסט, וועגן ערשטן טראַנס־פּאָרט, וואָס פאַרלאָזט דאָס געטאָ דעם 3־טן אויגוסט, 8 פרי, האָט נישט געהאַט קיין פּעולה. צום ערשטן טראַנספּאָרט האָבן געדאַרפט זיך שטעלן די צוויי גרעסטע שניידער־רעסאָרטן — לאַגעווניצקע 36 און 45 מיט „זייערע מענטשן" — עטלעכע טויזנט פּערזאָן — אָבער אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט זענען געקומען נאָר עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס עס האָט שטאַרק צעבייזערט אַטאָ בראַדפיש.

די „באַקאַנטמאַכונג" נומ. 418, אונטערגעשריבן פון אָבערבירגערמייסטער און געשטאַפּאָ־לייטער בראַדפיש, האָט פאַראָרדנט צו באַשטראָפן די שניידער פון די דערמאָנטע רעסאָרטן, ווייל זיי האָבן זיך נישט געשטעלט צום פאַרלאָזן דאָס געטאָ. אַלס שטראָף איז פון זיי צוגענומען געוואָרן די לעבנסמיטל־צוטיילונגען, און „ווער עס וועט די שניידער פון די דערמאָנטע רעסאָרטן לאָזן איבערנעכטיקן, באַהאַלטן אָדער באַשפּייזן, וועט ווערן באַשטראָפט מיט טויט האָט געדראָאַט די „באַקאַנטמאַכונג". די דראָאונגען האָבן נישט געווירקט. אויך די שניידער פון 3־טן און 4־טן רעסאָרט האָבן זיך נישט צוגעשטעלט.

די שניידער ־וואַרשטאַטן זענען געוואָרן געשלאָסן. די אַרבעטער, אין אַ צאָל פון עטלעכע טויזנט מענטשן, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן[617]. די אָנפירונג פון די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, וואָס האָט נאָך גוט געדענקט די יאַנואַר־ און אַפּריל־טעג אין וואַרשעווער געטאָ און די אויגוסט־טעג אין ביאַליסטאָקער געטאָ — האָט פּחדנותדיק זיך צוריקגעהאַלטן פון אָנווענדן גוואַלט קעגן די יידן אין לאָדזש, און ווייטער געפּרווט מיט גוטע רייד און פּערפידע מיטלען איינצורעדן די יידן, זיי זאָלן זיך לאָזן אַרויספירן פונעם געטאָ.

צו יעדער גרופּע באַשעפטיקטע אין די פאַבריקן, האָבן די דייטשן אָנגע־ווענדט אַנדערע צביעותדיקע אָפּנאַר־מיטלען. מ'האָט איינגערעדט די אַרבעטער אין די רעסאָרטן, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען, ווייל אַזוי וועט זיין בעסער זיך איינצואָרדענען אויף די נייע אַרבעטס־ערטער, וווהין מ'פּאָרט. מ'האָט דערלויבט זיך אויפצוהאַלטן אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, ביז עס וועט קומען די ריי צום אַרויספאָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „קאַשאַרירן" די אַרבעטער אין די אונטערנעמונגען, וואָס איז געוואָרן אַ מיטל אַרויסצונאַרן די מענטשן פון די באַהעלטענישן. די פייערלעשער און די קוימענקערער האָט מען דערקלערט אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז גערופן געוואָרן

דורך ביבאָוון, אַז „זיי, מוזן פאָרן אין דער שטאָט, ווו אַלע פאָרן, כדי צו פאַרהיטן דאָרטן די יידן פון שריפות"[618].

ביי דעם מצב האָט זיך אויך איינגעבראָכן יעדע אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע. דעם כאַאָטישן מצב האָט י. הילער באַשריבן אין זיין טאָג־בוך. די נאָטיצן האָט ער געפירט ביזן 8־טן אויגוסט 1944. אין 6־טן אויגוסט האָט הילער געשריבן:

„דערווייל איז אַלץ פאַרהעמערט. נישט קיין קאָאָפּעראַטיוון, נישט קיין געוועלב. די מענטש לויפן אַרום ווי משוגע. נישטאָ צו באַקומען די מינדסטע זאַך... געלט האָט אויפגעהערט צו האָבן דעם ווערט. מענטשן האָבן נישט קיין אַנדערע עצה ווי איבערפאַלן, און טוען אַזוי. מ'האָט צעטראָגן און אַרויסגענומען ברויט פון אַ ברויט־מאַגאַזין, און דאָס דערפאַר, וואָס מענטשן ווילן נישט הונגערן. — — — לויט ווי מיר הערן איז אין שטאָט אַ גאַנצע סומאַטאָכע. די דייטשן ווילן באַצאָלן אַלע פרייזן פאַר אַ בילעט צו קאָנען אָפּפאָרן פון ליצמאַנשטאָדט און קאָנען נישט און מיר יידן ווילן נישט פאָרן און מ'צווינגט אונדז דורך פאַרשידענע מיטלען יאָ צו פאָרן".

ווייטער קומט אין טאָגבוך אַ שילדערונג פון דער דייטשער פערפידיע:

„ס'זענען געקומען דייטשע פאָליציי „שופּאָ" און יידישע פּאָליציאַנטן, זיי האָבן אַרומגערינגלט „יונה פּילצערס פּלאַץ", ווו מ'האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן גרינצייג (ירקות), באַלד זענען צוגעפאָרן סאַמאָכאָדן מיט טראַקטאָרן. די פּאָליציי האָט אַרויפגעפּאַקט די מענטשן מיט די זעק, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגענומען דאָס קרויט, אויף די אויטאָס און אַוועקגעפאָרן. אינמיטן וועג איז אָנגעקומען ביבאָוו מיטן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר פוקס. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די סאַמאָכאָדן און געהייסן אַלעמען באַפרייען. איידער מ'האָט זיי באַפרייט, האָט ביבאָוו דערקלערט, אַז אויב ער וויל, האָט ער מיטלען צו צווינגען די באַטריבן [פאַבריקס־אַרבעטער] צו פאָרן, נאָר ער וויל אויף אַ פריינטלעכן אופן איבערצייגן, אַז מ'דאַרף פאָרן. — „איך באַפריי אייך, נאָר גייט אַהיים צו אייערע באַקאַנטע און הייסט זיי פאָרן" [619].

דעם 7־טן אויגוסט האָט זיך באַוויזן די „באַקאַנטמאַכונג נומ. 422", אונטערגעשריבן פון אַבערבירגערמייסטער (בראַדפיש), ביבאָוו און ח. רומקאָווסקי, וואָס האָט אויפגעפאָדערט די שניידער־אַרבעטער פון אַלע 4 רעסאָרטן־אָפּטיילונגען, אין אַ צאָל פון עטלעכע טויזנט מענטשן, צו שטעלן זיך אין זעלבן טאָג אין דער צענטראַלער תפיסה. „דאָרט וועט אין יעדן פאַל געזאָרגט ווערן פאַר זייער אויסהאַלט און פאַרפלעגונג" — זאָגט זיך אין דער „באַקאַנטמאַכונג. און אין לעצטן זאַץ איז אונטערגעשטראָכן — „פּינקטליך ערשיינען איסט פּליכט!" [620].

## ד. ביבאָווס צבועקיש־חניפהדיקע רעדע — צו די „אַרבייטער דעם געטטאָס"

אויך דאָס רייצן די אויסגעהונגערטע מענטשן מיט צוזאָגן „פערפּלעגונג", האָט נישט געווירקט, זיי זאָלן זיך פרייוויליק צושטעלן צו דער דעפּאָרטאַציע. די שניידער האָבן זיך ווייטער אויסבאַהאַלטן. אין געטאָ איז ווייזט אויס דעמאָלס געווען אַזאַ קאַמפּס־שטימונג, וואָס האָט פאַרשטאַרקט דעם פחד ביי דער דייטשער באַוואָפנטער מאַכט. כדי צו ברעכן די דאָזיקע שטימונג האָט דער קויפמאַן פון ברעמען, דער זון פון הערן־פאָלק, האַנס ביבאָוו, געהאַלטן די באַוווסטע צבועקיש־חניפהדיקע רעדע צו די „אַרבייטער דעס געטטאָס".

ביבאָוו האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַן ערנסטער אָפיציעלער פּאָזע און געזאָגט צו די געפּייניקטע, געיאָגטע און פאַרפאָלגטע יידן פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט:

„איך האָב שוין ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן גענומען דאָס וואָרט און איך האָף, אַז דאָס, וואָס איך האָב ביז אַהער געזאָגט, האָט געטראָפן צו אייער האַרץ. די לאַגע אין ליטצמאַנשטאַדט האָט זיך פון היינט מיטאָג אָן אויפסניי געענדערט. עס קומט צו אַ טאָטאַלער עוואַקואַציע פון די דייטשע מענער, פרויען און קינדער, דאָס הייסט, אַז אַלע פאָלקס־דויטשן מוזן דעם פּלאַץ פאַרלאָזן. ווער עס בילדעט זיך איין, אַז דאָס געטאָ גייט נישט אַנטקעגן אַ טאָטאַלער אויפלעזונג, דער נאַרט זיך געוואַלדיק. ביז דעם לעצטן מוז יעדער איינער אַוועק — און וועט אַוועק. טייל ווילן גלויבן, אַז ס'איז בעסער אַלס לעצטער דאָ צו בלייבן. אין דער נאָענט פון ליטצמאַנשטאַדט זענען שוין געפאַלן באָמבעס. וואָלטן זיי אין געטאָ אַריינגעפאַלן, וואָלט קיין שטיין אויף קיין שטיין נישט געבליבן.

„דאָס פאַרלאָזן דאָס געטאָ זאָל פאַרקומען גוטוויליק, אין רו און אין אָרדענונג. עס איז אַ משוגעת, ווען די רעסאָרטן נומער איינס און צוויי ווילן זיך נישט צושטעלן, וואָס, צוליב דעם וועט קומען צום אָנווענדן צוואַנגס־מיטלען. פיר און אַ האַלב יאָר האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט, שטענדיק באַמיט זיך דאָס בעסטע צו טאָן. איך גיב אייך די פאַרזיכערונג, אַז מיר וועלן זיך געבן די גרעסטע מי, אויך ווייטער דאָס בעסטע פאַר אייך צו שאַפן, און דורך פאַרלאָזן דאָס געטאָ צו דערהאַלטן אייער לעבן.

„איצט, אין דער מלחמה, ווען דייטשלאַנד קעמפט פאַרן לעצטן, זענען נויטיק אַרויסצופירן די אַרבעטס־כוחות, ווייל אויפן גרונט פון הימלערס אַ פאַראָרדענונג, זענען טויזנטער דייטשן אַרויסגענומען געוואָרן פון די פאַבריקן און איבערגעשיקט אויפן פראָנט. זייער אָרט מוזן יידישע פאַרנעמען. איך זאָג דאָס פאַר אייער טובה וועגן און נעם אָן, אַז די שניידער־רעסאָרטן פון די אָפּטיילונגען 3 און 4 וועלן צוזאַמען זיך שטעלן אויפן וואָקזאַל.

— — — „עס דאַרפן אַוועק צוזאַמען גאַנצע משפחות. אויב די פרוי אַרבעט אין דעם שניידער־ און דער מאַן אין טעפּיך־רעסאָרט, גייט דער מאַן מיט דער פרוי. די משפחות גייען געשלאָסן אין די לאַגערן און דאָרט ווערן אויפגעשטעלט נייע פאַבריקן, פּונקט אַזוי ווי דאָ. — — — אומעטום, וווּ מען אַרבעט אויס אַמוניציע דאַרף מען אַרבעטער. אין טשענסטאָכאָוו, וווּ די אַרבעטער זענען באַשעפטיקט אין די אַמוניציע־פאַבריקן, זענען די מענטשן זייער צופרידן און אויך די געשטאַפּאָ איז צופרידן מיט זייער טעטיקייט. איר ווילט דאָך לעבן און עסן. דאָס וועט איר האָבן. איך שטיי דאָך נישט פאַר אייך ווי אַ נאַריש יינגל, האַלט רעדעס און קיינער קומט נישט. אויב איר וועט דערפירן צו צוואַנגס־מיטלען, וועלן זיין טויטע און פאַרוואונדעטע.

„עס ווערט דערפאַר געזאָרגט, אַז אין די וואַגאָנען זאָל זיין לעבנס־מיטל. די רייזע וועט דויערן 10 ביז 16 שעה. פּעק קאָן מען מיטנעמען ביז 20 קילאָ".

ווייזט אויס, אַז ביבאָוו האָט דאָך נישט געהאַט די גאַנצע זיכערקייט, אַז די פאַרזאַמלטע וועלן ערנסט נעמען זיינע רייד און ער איז ווייטער אריבער צו דראָאונגען:

„די פּוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט מוז נעמען אַ סוף, דאָס זאָג איך אייך. איך בין נישט קיין וואַנדער־רעדנער, וואָס לויפט אַרום איבערן געטאָ. אויב איר וועט נישט שכלדיק האַנדלען, דעמאָלט וועט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אָפּטרעטן און עס וועלן קומען צוואַנגס־מיטלען. איך ווענד זיך דעריבער צו אייך, איר זאָלט זיין שכלדיק און שענקען אויפמערקזאַמקייט מיינע ווערטער און פאָלגן. —

„אין די לאַגערן וועט איר באַקומען אויסגעצאָלט אין דייטשע רייכסמאַרק. די אָנפירער פון די אונטערנעמונגען זענען דייטשן. אייערע אינסטרוקטאָרן און פאַבריקס־אָנפירער גייען מיט. זיי דאַרפן זיין די ערשטע זיך צוצושטעלן. —

„אין די וואַגאָנען איז דאָ גענוג פּלאַץ. קומט מיט אייערע משפחות, נעמט מיט די טעפּ, די טרינק־געפעס און טיש־באַשטעק. דאָס האָבן מיר נישט אין דייטשלאַנד, ווייל איר פאָרט אין די ערטער, וואָס זענען באַשעדיקט דורך באָמבעס. איך פאַרזיכער אייך נאָך אַמאָל, אַז עס ווערט פאַר אייך געזאָרגט. פּאַקט איין די זאַכן און שטעלט זיך צו, אויב נישט און עס וועט אויסקומען אָנצווענדן מיטלען, קאָן איך אייך גאָרנישט מער העלפן".

אַ חוץ דער רעדע, האָט נאָך ביבאָוו דעם אייגענעם טאָג גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען אויף מלינאַרסקי 2 און יאקובא 16 [621].

## ה. די צעטומלעניש אין געטאָ נאָך ביבאָווס רעדע

בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ אין חודש אויגוסט 1944, האָט מען דאָרט געוווּסט וועגן אָשוויענטשים. נאָר וואָס עס געשעט מיט

די טראַנספּאָרטן, וואָס גייען אין יענעם לאַגער, האָט מען געהאַט פאַרנעפּלטע ידיעות. דאָס באַווייזן די זכרונות פון סטעפאַן קראַקאָווסקי, איינער פון די אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין געטאָ. קראַקאָווסקי מיט דעם יידישן נאָמען סאַמועל ערלעך, דערציילט דאָרט:

„די אָנפירונג פון אונדזער גרופּע האָט באַשלאָסן אַרויסצופאָרן. מ'האָט געשמועסט, אַז די טראַנספּאָרטן פון געטאָ ווערן געפירט וואַרשיינלעך אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָשוויענטשים, ווו מ'קאָן זיך דערוואַרטן אַ סעלעקציע פון קראַנקע, זקנים און קינדער. לויט דער אָפּשאַצונג פון אונדזער אָנפירונג, קאָן נישט קיין שום קאָנצענטראַציע־לאַגער זיין אַזוי הערמעטיש איזאָלירט פון דער וועלט, ווי דאָס לאָדזשער געטאָ. מיר האָבן דערוואַרט דאָרט [אין אָשוויענ־טשים] בעסערע באַדינגונגען פאַר אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט. מען האָט אויך געהאַלטן, אַז צוליב דעם יונגן עלטער דראָט נישט קיין סעלעקציע קיינעם פון אונדזער גרופּע. האָבן מיר באַשטימט אַרויסצופאָרן צוזאַמען אין אַ געשלאָסענער גרופּע [120 יוגנטלעכע], כדי אויף דעם נייעם אָרט אויפצוהאַלטן די אַלטע אָרגאַניזאַציע־פאָרם און מיט געמיינזאַמע כוחות צו זוכן נייע טעטיקייטס־מעגלעכקייטן".

צו אַזעלכע און ענלעכע אויספירן זענען געקומען באַוווסטזיניקע מיט־גלידער פון די אונטערערדישע פּאַרטייען אין געטאָ. צווישן זיי איז ווייטער אָנגעגאַנגען די דיסקוסיע: לאָזן זיך אַרויספירן אָדער ווייטער איבערוואַרטן אין באַהעלטענישן דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי[622]. די צעטומלעניש אין געטאָ האָט זיך באַזונדערס געשטאַרקט נאָך ביבאָווס חניפהדיקער רעדע. מ'איז אין געטאָ געווווינט געווען צו דער אָנווענדונג פון אכזריותדיקע געוואַלד־מעשים פאַר נישט אויספירן דייטשע באַפעלן. מיטאַמאָל אַזאַ הכנעהדיקע מילדקייט מצד די פאַרטיליקער. מ'האָט אין דעם „לאָגיש" געזען דעם צוזאַמענברוך פון די דייטשן אין דער מלחמה און אַ טייל געטאָ־איינוווינער האָבן גענומען ספקן: אפשר ווערט מען טאַקע איבערגעפירט אויף אַרבעט. אַנדערע האָבן גענומען אויסבויען באַהעלטענישן אויף בוידעמס און קעלערס, אין פאַרלאָזענע הייזלעך, אין חורבות, כדי אויסצומיידן די דעפּאָרטאַציע און צו דערוואַרטן זיך די באַפרייאונג אויפן אָרט.

דאָס אויסבאַהאַלטן זיך איז נישט געווען אָרגאַניזירט. אַזוי ווי די דייטשע מאַכט האָט דערווייל געלאָזט צורו די פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אין וועלכע מ'האָט נישט געאַרבעט, האָבן זיך איינגעשטעלט באַהעלטענישן פון די מענטשן, וואָס זענען דאָרט געווען פריער באַשעפטיקט. זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט זייערע משפּחות און אפילו אָנגעגרייט שפּייז, וואָס מ'האָט נאָך אויף אַ כאַאָטישן אופן געקאָנט באַקומען אין די געטאָ־מאַגאַזינען. גרעסערע גרופּן מענטשן האָבן

זיך אויסבאַהאַלטן: אין דער הוטן־פאַבריק, אין פּאַפּיר־רעסאָרט און אין הייזער אויף בזשעזשינער גאַס.

מענדל טראַן האָט אין זיין גבית עדות באַשריבן אַ גרעסערן גוט איינגעשטעלטן בונקער, אין וועלכן עס זענען געווען באַהאַלטן 33 פּערזאָן, צווישן זיי 16 קינדער. דער בונקער איז געבויט געוואָרן אין משך פון אַ האַלב יאָר. „עס איז דאָרט געווען עלעקטרישע באַלייכטונג און אוביקאַציעס״[623]. עס איז נישט מעגלעך אויפצושטעלן קיין ציפערן וועגן דער צאָל פון אַזעלכע בונקערס און וויפל מענטשן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. אָבער וועגן די באַהעל־טענישן בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע ווערט דערמאָנט אין גבית עדות און זכרונות און אין טאָגביכער פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין לאָדזשער געטאָ.

וועגן דעם לעצטן פּרווו פון רומקאָווסקין צו פאַרשטענדיקן זיך מיט די אָנפירער פון די פּאַרטייען אין געטאָ, האָט י. נירנבערג געשריבן אין זיינע זכרונות.

די צוזאַמענקונפט איז פאָרגעקומען אין אַ פאַבריק אויף דער גאַס טאָקאַזשעווסקי 18. עס זענען געווען פאַרטרעטן די פּאַרטייען: בונד — לעדערמאַן און י. נירנבערג, ציוניסטן — י. טאַבאַקסבלאַט, אובערבוים, פּראַשקער, גורא און ד״ר מילער, לינקע פועלי־ציון — עמנואל וואַלינסקי און פּעדער. קאָמוניסטן — ח. כיל [יחיאל הירשהאָרן].

„רומקאָווסקי האָט דערקלערט, אַז דאָס געטאָ ווערט ליקווידירט. נאָר ער האַלט, אַז מ׳דאַרף אָננעמען אַ טאַקטיק פון אָפּשלעפּן. דאָס קאָן לויט זיין מיינונג געשען ביי איין באַדינג: אויב די פּאַרטייען וועלן אויף זיך נעמען צו אַגיטירן און זאָרגן, אַז יעדן טאָג זאָל אַוועק אַ מינימום פון 700—800 מענטשן, דעמאָלט וואָלט אים [רומקאָווסקין] געלונגען צו פועלן ביי די דייטשן, אַז ער זאָל אַליין אָנפירן מיט דער אַקציע און די דייטשן זאָלן נישט אַריינקומען בעמען, ווייל עס וועלן פאַלן קרבנות און די ליקווידאַציע וועט צוגיין שנעלער״.

די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען האָבן זיך אַרויסגעזאָגט: לינקע פועלי ציון — מ׳דאַרף אָננעמען רומקאָווסקיס איינשטעלונג, אויסאַרבעטן אַ פּלאַן און זאָרגן דערפאַר, אַז יידן זאָלן פאָרן״; י. נירענבערג: „מיר דאַרפן סאַבאָטירן, אָפּשלעפּן און רופן די באַפעלקערונג צו שטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד און זיך אויסבאַהאַלטן, מעגלעך אַז דער מאַרש פון די רוסן וועט זיך אָנהויבן און מיר וועלן געראַטעוועט ווערן״; דער פאַרטרעטער פון די קאָמוניסטן האָט געזאָגט, אַז ער „מוז זיך באַראַטן מיט זיינע חברים״. ביי די ציוניסטן זענען די מיינונגען געווען צעטיילט.

קיין שום באַשלוסן זענען נישט אָנגענומען געוואָרן. רומקאָווסקי האָט

לסוף געזאָגט: „עס איז זיך צו רעכענען, אַז אויף מאָרגן מיטאָגצייט וועלן די דייטשן אַריינקומען אין געטאָ״ *[624].

באַלד אויף צומאָרגנס האָט די א. ד.־פּאָליציי און „זאָנדער״, משמעות, לויט אַ באַפעל פון דער דייטשער מאַכט, גענומען אויפן אַלטן שטייגער מאַכן אָבלאַוועס. די פּאָליציאַנטן זענען בײנאַכט באַפאַלן וווינונגען, אַרויסגעשלעפּט מענטשן פון די בעטן און זיי אָפּגעפירט אויף די זאַמלפּונקטן. דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט אויך אין אַ צווייטער נאַכט[625].

## ו. דייטשע באַוואָפנטע כוחות צווינגען צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ

די כסדרדיקע צביעותדיקע „ווייכע״ רעדעס פון די אָנפירער פון דער אויסראָטונג, די „באַקאַנטמאַכונגען״ פונעם יודענעלטעסטען, וואָס האָבן גערופן צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, דער דויערנדער הונגער, דער צעפאַל פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע — האָט דאָך אײנגעבראָכן די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער באַפעלקערונג. מ׳האָט פאַרלוירן די האָפענונג אויף דעם גיכן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי און די פאַרצווייפלטע, געפּייניקטע יידן, האָבן גענומען זיך שטעלן צו דער דעפּאָרטאַציע. די דייטשע אויסראָטונגס־מאַכט האָט באַלד זיך דערוווּסט וועגן דער דאָזיקער ענדערונג אין דער שטימונג פון דער באַפעלקערונג און געלאָזן אין גאַנג דעם באַוואָפנטן געוואַלט־אַפּאַראַט.

דעם 8־טן אויגוסט 1944 זענען אַריין אין געטאָ געשטאַפּאָ־לייט, שוץ־פּאָליציי (שופּאָ) און צוזאַמען מיט יידישע פּאָליציאַנטן גענומען גיין פון הויז צו הויז, פון בלאָק צו בלאָק און אַרויסצופירן פון דאָרט די איינוווינער. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אָן רעש, אָן טומל. מ׳איז פּשוט אַריין אין די שטובן און אַרויסגעפירט די מענטשן. מ׳האָט זיי געפּאַקט אויף וועגענער, טראַמווייען און געיאָגט צופוס קיין ראַדעגאַסט און פון דאָרט גלייך אין אָשוויענטשים. די דאָזיקע אַרבעט האָבן די דייטשן געטאָן סיסטעמאַטיש פון 8—3 אַ זייגער יעדן טאָג.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט די דייטשע מאַכט גענומען אָנווענדן די זעלבע טעראָר־מיטלען ווי בעת די סעפּטעמבער־טעג 1942. דאָס צווינגען מיט כוח צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָבלאַוועס אויף די גאַסן. אַ באַוואָפנטע דייטשע אָפּטיילונג האָט אַרומגערינגלט די גאַסן: לאַגעוו־ניצקע, זאַווישי, מלינאַרסקאַ און בזשעזשינער. ווער עס האָט באַוויזן איז אַנטלאָפן אין די הייזער. די באַוואָפנטע דייטשן זענען אַליין נישט אַריין אין די שטובן,

---

* אין קיין שום אַנדערער קוועלע ווערט נישט דערמאָנט וועגן דער צווישן־פּאַרטייאישער קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון רומקאָווסקין, וועגן וועלכער י. נירנבערג האָט געשריבן אין זיינע זכרונות.



ליקווידאַציע פון געטאָ. דורך אכזריותדיקן דייטשן טעראָר ווערן לאָדזשער יידן געטריבן קיין אָשוויענטשים.

נאָר געשיקט די א. ד.־ און „זאָנדער״־פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן מיט געבעט, דראָאונגען און אויך מיט קלעפּ — ווען די געכאַפּטע האָבן געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד — געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די וווינונגען און די באַהעלטענישן, וועלכע זענען גלייך פאַרשלאָסן און פאַרהאַקט געוואָרן. עס איז אַזוי אַרום צונויפגעטריבן געוואָרן אַן עולם פון צוויי טויזנט מענטשן. זיי זענען אַלע אויפגעזאַמלט געוואָרן אויפן ריזיקן פּלאַץ לאַגעווניצקע 1/3 און פון דאָרט מיט די טראַמווייען, אָפּגעפירט געוואָרן אין זאַמלפּונקט אין מאַרישין. זייער פיל האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן און דער רעשט איז פון דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט אָפּגעפירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים[626].

וואָס ווייטער איז אַלץ מער פאַרשטאַרקט געוואָרן דער טעראָר, אָנגעפירט דורכן געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר גינטער פוקס און זיין געהילף אַלפרעד שטראַמבערג. זיי האָבן געשאָסן צו יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. פון די קוילן זענען געפאַלן: פינף יידן אויף זאַווישי גאַס, איין ייד אין מעטאַל־רעסאָרט, אַ מיידל — פּאָליאַ בערנשטיין. פוקס האָט אויך געשאָסן צו אַ גרופּע יידן, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין הויז בזשעזשינער 78.

אויפן פּראָצעס קעגן מיטגליד פון דער לאָדזשער „געטאָ־פאַרוואַלטונג" היינריך שווינדט, וואָס איז פאָרגעקומען אין מערב־בערלין, אין אָקטאָבער 1952, האָבן די עדות אין זייערע דערקלערונגען אָנגעגעבן פּרטים פון דערשיסונגען פון יידן, וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט אַרויספירן פונעם לאָדזשער געטאָ אין אויגוסט 1944.

שווינדט האָט אין געטאָ אָנגעפירט מיט דעם טראַנספּאָרט פון וועגענער און פערד. מיט די טראַנספּאָרט־מיטלען האָט ער אויך געפירט די דעפּאָרטירטע יידן צו דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט און געשאָסן אויף זיי, ווען זיי האָבן זיך נישט געלאָזט אַרויספירן, אָדער אַנטלאָפן פון די וועגענער. בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, אין אויגוסט 1944, האָט שווינדט דערשאָסן דעם ד"ר מילער מיט נאָך 12 יידן און אַ פרוי מיט אַ קינד, וואָס זענען אַרויסגעלאָפן פון אַ הויז. שווינדט האָט זיי געכאַפּט און דערשאָסן צום ערשטן דאָס קינד און דערנאָך די מוטער. אַ יונגער מענטש, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ טראַנספּאָרט־וואָגן, איז געוואָרן דערשאָסן דורך דעם רוצח, וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך זיין קרבן. אַן 8־יאָריק מיידעלע, וואָס האָט בעתן פאָרן זיך נישט געוואָלט באַרואיקן, געוויינט און גערופן „מאַמע", האָט שווינדט דאָס קינד אַראָפּגענומען פון וואָגן, צוגעזאָגט צו ברענגען צו דער מאַמען, אַריינגעפירט עס אין אַ טויער און דערשאָסן. דער רוצח, צוזאַמען מיט דער „ראָלקאָמאַנדאָ" זענען צוגעקומען צו אַ הויז אויף מאַרינאַרסקע גאַס 43. דאָרט איז געשטאַנען דער א. ד.־פּאָליציאַנט נוימאַן. שווינדט האָט אים געפרעגט, צי עס געפינען זיך דאָרט יידן. דער פּאָליציאַנט האָט געענטפערט: „ניין". דאַן האָט דער דייטש צוזאַמען מיט דעם געשטאַפּאָ־מאַן שטראָמבערג דורכגעפירט אַ רעוויזיע און געפינען אין אַ דאַך־באַהעלטעניש 43 יידן. שווינדט האָט גלייך דערשאָסן דעם פּאָליציאַנט נוימאַן און די אָפּגעפונענע יידן זענען אונטער דער דראָאונג פון טויט געטריבן געוואָרן אויפן זאַמלפּונקט[627].

בכלל לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן די צאָל פון דערמאָרדעטע יידן, וואָס האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם לאָדזשער געטאָ אין אויגוסט 1944.

יאַקוב פּאָזנאַנסקי, וואָס האָט פון זיין באַהעלטעניש אין פּאַפּיר־רעסאָרט אָבסערווירט די דעפּאָרטאַציע־אַקציע, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, האָט אין זיין טאָג־בוך אונטער דער דאַטע פון 10־טן אויגוסט 1944, געגעבן אַזאַ באַשרייבונג:

„10 אַ זייגער פרי. פון דער נאָענט הערן זיך שאָסן פון ביקסן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע אָבלאַווע. — — — דער ראַיאָן, אויף וועלכן עס איז איצט געקומען די ריי, נעמט אַרום די גאַסן: יידישע, פראַנציסקאַנער, בזשעזשינער, פּלאַץ קאָשטשעלני. — — — די אַקציע קומט פאָר אויף דעם אופן: די דייטשע פּאָליציי, עווענטועל די פייערלעשער [דייטשע], באַוואָפנט מיט ביקסן, „ריינדיקן

אָפּ״ אַ בלאָק, וואָס איז באַשטימט אויף עוואַקואַציע, דורך אָפּגעבן אייניקע אָדער עטלעכע צענדליק שאָסן אויף אָפּצושרעקן. דערנאָך קומט די יידישע פּאָליציי, געטאָ־פֿייערלעשער און קוימענקערער. זיי רופֿן די איינוווינער צו פֿאַרלאָזן די וווינונגען און אַראָפּצוקומען אויפֿן הויף. — — — נאָכן דורכזוכן די וווינונגען, ווערן זייערע איינוווינער אָפּגעפֿירט אויפֿן זאַמל־פּלאַץ. נאָכדעם ווערן די וווינונגען נאָך אַמאָל רעווידירט דורך דער דייטשער מאַכט. די דאָזיקע אַקציע ווערט באַגלייט מיט אויסערגעוויינלעכע געשרייען און געקלאָג. אַן אמת געיעג אויף מענטשן״ [628].

טראָץ דעם דאָזיקן טעראָר, האָט מען זייער ווייניק זיך צוגעשטעלט פֿרייוויליק צום „אַרויספֿאָרן״. מ׳האָט זיך ווייטער אויסבאַהאַלטן. די באַוואָפֿנטע דייטשן האָבן כסדר געפֿירט די אַקציע אויך אין די נאָכמיטאָג־שעהן, אָפּטמאָל אומגעריכט באַפֿאַלן געוויסע געטאָ־קוואַרטאַלן. בלויז ביינאַכט איז געוואָרן שטיל. די דייטשן האָבן מורא געהאַט אין די נעכט זיך צו באַווייזן אין געטאָ. דעמאָלט זענען די געיאָגטע אַרויס פֿון זייערע באַהעלטענישן, געשלייכט איבער די פֿינצטערע געטאָ־געסלעך און אויפֿגעזוכט שפּייז אין פֿאַרלאָזענע וווינונגען, אויף אַפּראָוויזאַציע־פּונקטן, פֿון קיינעם נישט געהיטענע, ווו עס זענען נאָך איבערגעבליבן שפּייז־רעשטלעך.

די רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע האָט אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו עקזיס־טירן, אַ חוץ דער פּאָליציי, וואָס איז געווען נאָר אַ הילפֿס־אָרגאַן פֿאַר די דייטשע פֿאַרטיליקער. די קראָמען, די גרינצייג־פּונקטן, די בעקערייען, זענען געווען הפֿקר און וואָס דאָרט האָט זיך נאָך געפֿונען, האָט די אויסגעהונגערטע באַפֿעלקערונג צעטראָגן. דאָס רומקאָווסקי־געלט האָט פֿאַרלוירן יעדן ווערט. מ׳האָט שוין גאָרנישט געקאָנט באַקומען פֿאַר אָט די פּאַפּירלעך מיטן בילד פֿונעם יודענעל־טעסטען. ער האָט וועגן זיך געלאָזט הערן נאָר דורך זיינע „באַקאַנטמאַכונגען״. זיי האָבן כסדר גערופֿן זיך צו שטעלן צום טראַנספּאָרט [629].

דעם 10־טן אויגוסט האָט רומקאָווסקי מיטגעטיילט אין אַ „באַקאַנטמאַכונג״, אַז ס׳איז געעפֿנט געוואָרן אויף קראַוויעצקאַ גאַס 3 אַ זאַמלפּונקט פֿאַר די אַרויספֿאָרנדיקע. דעם 11־טן אויגוסט — אַן אויפֿרוף: „צו די לייטער, אַרבעטער און באַאַמטע פֿון די לעדער־זאָטלער־אָפּטיילן!״ דער אויפֿרוף פֿאַרענדיקט זיך: „די וואָס וועלן זיך איצט נישט צושטעלן, וועלן שפּעטער נישט אָנגענומען ווערן צום פֿרייוויליקן טראַנספּאָרט. איך ראָט דעריבער אין אייגענעם אינטערעס פֿון דער דאָזיקער מאַנשאַפֿט, תיכף ומיד זיך צו מעלדן״ [630].

די אַגיטאַציע פֿונעם יודענעלטעסטען, בראַדפֿישס דראָאונגען מיט טויט־שטראָף פֿאַר נישט שטעלן זיך צום טראַנספּאָרט, דאָס ווילדע געיעג פֿון באַוואָפֿנטע דייטשע כנופֿיהס אויף די געטאָ־איינוווינער, באַגלייט מיט שיסערייען, טויטע און פֿאַרוווּנדעטע — האָבן נישט באַוויזן צו פֿאַרטרייבן די יידן פֿון געטאָ אין אַזאַ

גיכן טעמפּאָ, ווי עס האָט געוואָלט די דייטשע מאַכט. מ׳האָט זיך ווייטער אויסבאַהאַלטן. „ווי נאָר מ׳האָט געהערט דאָס ווערטשען פון אַ טראַקטאָר, וואָס האָט געשלעפּט צוויי משא־וועגענער, איז אַלץ, וואָס לעבט, פאַרשוווּנדן אין די טויערן, אָדער געזוכט רעטונג אין אַ פון פאַראויס צוגעגרייטער באַהעלטעניש״ [631].

ביזן 15־טן אויגוסט זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון געטאָ נאָר 8000 מענטשן, אָפּן און באַהאַלטן האָבן זיך נאָך דאָרט געפונען 60,000 נפשות. די דאָזיקע ציפערן זענען אָנגעגעבן אין דער געהיימער קאָרעספּאָנדענץ, געפירט צווישן ה׳ גליקס — גענעראַל־לויטענאַנט פון וואַפן־עס. עס., שעף פון דער „אַמטסגרופּע ד״, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט קאָנצענטראַציע־לאַגערן און דעם גענעראַל פון וואַפן עס. עס., לערנער — שעף פון דער „אַמטסגרופּע ב״.ביידע גרופּן האָבן געהאַט באַזונדערע פונקציעס אין דער הויפּט־אָנפירונג פון דער עס. עס.־ווירטשאַפט. אין דער קאָרעספּאָנדענץ האָבן די שעפן זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירט וועגן דער צאָל פון אַרעסטירטע, וואָס זענען פאַראַן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און וויפל עס וועלן דערוואַרטעט דעם 15־טן אויגוסט 1944. אין דער קאָרעספּאָנדענץ אין דער רובריק „Neuzugängë״ ווערט אָנגעגעבן: „פון ליטצמאַנשטאַדט (פּאָליציי־תפיסה און געטאָ) דאַרפן אָנקומען 60,000 „העפטלינגע״ [632].

## ז. דער קאַמופלאַזש מיט „קאַשאַרירן״ די פאַרטריבענע פון וווינונגען

מיט יעדן טאָג האָבן די דייטשן פאַרשטאַרקט דעם טעראָר קעגן די געטאָ־איינוווינער. די אויסראָטונגס־סעקטאָרן האָבן נישט געהאַט גענוג באַוואָפנטע כוחות צו באַזעצן אַלע געטאָ־גאַסן, האָבן די כנופיהס באַאַרבעט דעם שטח ראַיאָנווייז. אָפּגעליידיקט אַ געוויסע צאָל הייזער, זענען זיי מיט ווילדן לאַרם, באַגלייט מיט שיסערייען, געגאַנגען ווייטער. די פאַרוואָגלטע און געטריבענע האָבן ווייטער געפּרוּווט זיך ראַטעווען דורך אַריבערלויפן פון איין ראַיאָן אין צווייטן און אויסבאַהאַלטן זיך אין די אָפּגעליידיקטע הייזער. די געשטאַפּאָ האָט צוליב דעם פאַרעפנטלעכט אַ פאַראָרדענונג, אַז עס ווערט ווייטער פאַרקלענערט דער געטאָ־שטח און אין די גאַסן, אָפּגעריסענע פון געטאָ טאָרן זיך נישט באַווייזן קיין יידן — „עס דראָט טויט־שטראָף״ — אַזוי האָבן געמאָלדן די „באַקאַנטמאַכונגען״ פון דער געשטאַפּאָ. איינע אַזאַ „באַקאַנטמאַכונג״ איז געווען אין יידיש און אין דייטש.

רומקאָווסקי האָט באַלד דערויף רעאַגירט מיט אַ „באַקאַנטמאַכונג״, אין וועלכער ער האָט מודיע געווען די פאַרטריבענע פון זייערע וווינונגען:

„נאָכדעם, ווי לויט דער „באַקאַנטמאַכונג״ נומ. 427 פון 17־טן אויגוסט

1944, איז דאָס געטאָ פאַרקלענערט געוואָרן, גיב איך אייך די געלעגנהייט אין משך פון דער גאַנצער נאַכט צוזושטעלן זיך פרייוויליק מיטן באַגאַזש צום מאָרגנדיקן טראַנספּאָרט. איר וועט זיך דערמיט פאַרשפּאָרן אַ סך אומאונגענעמלעכקייטן".

די „באַקאַנטמאַכונגען" נומ. 427 און נומ. 429 פון 22—23־סטן אויגוסט, אונטערגעשריבן — „געהיימע שטאַטס־פּאָליציי", האָבן באַגרענעצט דאָס וווינרעכט פאַר יידן אין געטאָ ליטצמאַנשטאַדט אויף 4 גאַסן און 83 הייזער. אין דער „באַקאַנטמאַכונג" זאָגט זיך, אַז „אויף דעם אָפּגעגרענעצטן שטח פאַרבלייבן די „קאָשארירטע" אונטערנעמונגען, שפּיטעלער, די צענטראַלע תפיסה און די פערטע אָפּטיילונג פון א. ד.־פּאָליציי"[633].

דאָס „קאָשאַרירן" אונטערנעמונגען איז געווען אַ פריש פערפיד מיטל פון דער דייטשער מאַכט צו צעטיילן די געפלאָגטע און געיאָגטע יידן דורך פריווילעגירן געוויסע שיכטן פון די געוו. באַשעפטיקטע אין די רעסאָרטן און אין דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע. זיי האָט די דייטשע מאַכט דערלויבט נאָכן פאַרלאָזן די וווינונגען אַריבערצוציען זיך אין די געשלאָסענע פאַבריקן און וואַרשטאַטן, ווו מ'איז פריער געווען באַשעפטיקט. עס האָט געהייסן, אַז עפּעס וואָס איז נאָך דאָרט פאַראַן צום אויספערטיקן. אַזעלכע דערלויבטע זאַמלפּונקטן זענען אויך געווען אין די געטאָ־הייזער: יידישע גאַס פון די נומערן 14 ביז 18 און בזשעזשינער גאַס פון 3—7. צוזאַמען זענען געווען עטלעכע צענדליק קאָשאַריר־פונקטן[634]. זיי האָבן אויך געהאַט די אויפגאַבע אַרויסצונאַרן די יידן פון די באַהעלטענישן און ברענגען זיי צוריק אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטשער מאַכט. צו די דאָזיקע פריווילעגירטע האָבן געהערט: די א. ד.־ און זאָנדער־פּאָליציי, די באַשעפטיקטע אין טראַנספּאָרט, די „ווייסע גוואַרדיע" (טרעגער פון אַפּראָוויזאַציע־אַמט), מעטאַל־אַרבעטער ,עלעקטראָ־טעכניקער און אויך באַשעפטיקטע אין פּאַפּיר־רעסאָרט. גאָר באַזונדער איז איינגעאָרדנט געוואָרן די אינטעליגענץ פון געטאָ: דאָקטוירים און אַפּטייקער.

די „קאָשאַרירטע", וועמענס צאָל האָט דערגרייכט צו עטלעכע טויזנט, זענען נישט בלויז געווען געטיילט לויט די ערטער, נאָר אויך לויט באַזונדערע „פריווילעגיעס". אַ טייל רעסאָרטן, ווי: מעטאַל, עלעקטראָטעכניק — זענען געוואָרן באַשטימט צו בלייבן אויף די ערטער ביז עס וועט קומען זייער ריי צום אַרויספאָרן. אַנדערע אויפהאַלט־פּונקט זענען בלויז טאָלערירט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט, ד. ה. מ'האָט זיי נישט געיאָגט. צו אַזעלכע האָט געהערט דער פּאַפּיר־רעסאָרט, וואָס ווערט ברייט באַשריבן אינעם טאָג־בוך פון י. פּאָזנאַנסקי. צו דער העכסטער פריווילעגיע זענען דערגאַנגען די אויפגעזאַמלטע אויף לאַגעווניצקע 36, אין דער צאָל פון 700 פערזאָן. די דייטשן פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג" מיט ביבאָוון בראש, האָבן פאַרזיכערט, אַז די דאָרט „קאָשארירטע"

**Bekanntmachung Nr. 427.**

# Betr.: Verkleinerung des Gettos.

**Mit sofortiger Wirkung d. h. am heutigen Tage, den 17. August 1944, sind nachstehend bezeichnete Gebiete restlos zu räumen.**

**Die in diesen Gebieten wohnenden Personen haben ihre Wohnungen zu verlassen und dürfen die geräumten Gebiete nicht mehr betreten.**

**Wer dieser Aufforderung nicht Folge leistet und am Freitag, den 18. August 1944 in diesen Gebieten sowie in dem bereits geräumten Westteil noch angetroffen wird, wird**

## mit dem Tode bestraft.

**Es handelt sich**

**1.)** um das Gebiet begrenzt: im Süden längs des Baluter Rings von Numer 4 bis 11 also von der Ecke Hanseatenstrasse—Baluter Ring bis Baluter Ring Ecke Hohensteinerstrasse.

begrenzt: im Westen von den Hohensteinerstrasse 31/33 bis Hohensteinerstrasse 63 also von der Ecke Baluter Ring—Hohensteinerstrasse bis Ecke Hohensteinerstrasse—Buchbindergasse.

begrenzt: im Norden längs der Buchbindergasse von Nr. 1 bis 13 also von der Ecke Hohensteinerstrasse—Buchbindergasse, ~~bis Ecke Buchbindergasse—Kranichweg.~~

begrenzt im Westen: längs des Kranichwegs von Nr. 7 bis Ende also von der Buchbindergasse—Kranichweg bis Ecke Kranichweg—Wirkerstrasse.

begrenzt im Norden: längs der Wirkerstrasse von der Ecke Kranichweg—Wirkerstrasse bis Ecke Wirkerstrasse—Hanseatenstrasse.

begrenzt im Osten: Längs der Hanseatenstrasse linke Seite von Nr. 20a—78 d. h. von der Ecke Baluter Ring—Hanseatenstrasse bis Ecke Hanseatenstrasse—Wirkerstrasse.

**2.)** um das Gebiet begrenzt: im Westen durch die Ecke Sulzfelderstrasse-Hohensteinerstrasse (bei der Kirche) und unterhalb der Kirche bis Ecke Neustadtstrasse-Tizianstrasse.

begrenzt: im Süden längs der Tizianstrasse von Nr. 2—16 also von der Ecke Hohensteinerstrasse-Tizianstrasse längs der Tizianstrasse.

ferner längs der bestehenden Gettogrenze längs des Lodka-Baches bis zur Ecke Nordstrasse-Franzstrasse.

begrenzt: im Osten von der Ecke Nordstrasse-Franzstrasse bis zur Ecke Franzstrasse-Sulzfelderstrasse also von der Franzstrasse Nr. 2/4 bis Franzstrasse 30a einschl.

begrenzt: im Norden: von der Ecke Sulzf.-Franzstr. also Sulzf. 25/27 bis zur Ecke Kirchplatz-Hohensteinerstr.

**Zur Beachtung:**

**Die in diesen Gebieten in geschlossenen Betrieben kasernierten Arbeiter können an ihrem Arbeitsplatz verbleiben und dürfen in Ausübung ihrer Dienstpflichten die Gebiete betreten.**
**Dasselbe gilt für das Krankenhaus.**

***Geheime Staatspolizei***

Litzmannstadt, den
17. August 1944.

אויפן באַפעל פון געשטאַפּאָ זענען די לעצטע עטלעכע צענדליק טויזנט יידן אַרייגעטריבן געוואָרן אין 4 גאַסן פונעם געטאָ. דאָס באַוויזן זיך פון יידן מחוץ די דאָזיקע גאַסן האָט געדראָט מיט דערשאָסן ווערן.

בלייבן „דערווייל אין געטאָ, ביז עס וועט זיין פאַר זיי אַ פּאַסיק אָרט אין דייטשלאַנד" צו קאָנען זיך איינאָרדענען ביי אַ געהעריקער אַרבעט[635].

די טאָלערירטע אויף די אויפהאַלטס־פּונקטן האָבן געוווּסט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען זיי אַרויסשיקן פון געטאָ. זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפט אויף דעם אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי. אָבער עס האָט נישט אויפגעהערט צו פּייניקן דער צווייפל, אפשר איז דאָך בעסער צו לאָזן זיך אַרויספירן. דעם דאָזיקן צווייפל האָט בולט שאַרף געבערענגט צום אויסדרוק ד"ר שיקער אין זיינע זכרונות, וואָס באַשרייבן די לעצטע טעג פון חודש אויגוסט 1944, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די רויטע אַרמיי האָט זיך פאַרהאַלטן ביי דער ווייסל:

„אויב פריער האָט מען נאָך געקאָנט מיינען, אַז אַ טאָג בלייבן אין געטאָ גיט שאַנסן אויף דורכצוהאַלטן (עס וועט דאָך קומען די באַפרייערישע רויטע אַרמיי), איז אויך איצט די דאָזיקע האָפענונג צערונען. וואָס טוט מען? פאַר־טיידיקן זיך? — מיט וואָס? באַהאַלטן זיך? — ווּהין? צי איז נישט אַן אומזין צו באַהאַלטן זיך אין אַזעלכע ערטער, וואָס וועלן שפּעטער חרוב און פאַרברענט ווערן? און דער טעמפּאָ פון דער דעפּאָרטאַציע איז אַלץ געוואָקסן. פון געטאָ איז איבערגעבליבן אַ קליינער שטח, אין וועלכן מ'האָט נאָך געמעגט וווינען. דאָס וווינען מחוץ דעם שטח האָט באַדייט טויט־שטראָף".

די „קאָשאַרירטע" אין פּאַפּיר־רעסאָרט, וואָס האָבן זיך געריכט צו ווערן אַרויסגעשיקט, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, ביי דער באַטייליקונג פון 40 פּערזאָן, וואָס האָבן געדאַרפט באַשליסן: אַרויספאָרן אָדער בלייבן אין באַהעל־טעניש. מ. בייגעלמאַן, איינער פון די אָנפירער פון רעסאָרט, האָט דערקלערט, אַז ער האָט אַ זיכער באַהעלטעניש פאַר די 40 פּערזאָן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן: צוגרייטן דאָס אָרט, יעדע משפחה דאַרף ברענגען זאַכן פון זיין שטוב, וואָס עס איז מעגלעך געווען דורכצופירן נאָר ביינאַכט, ווען באַוואָפנטע דייטשן האָבן מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין די פינצטערע געטאָ־גאַסן, וועלכע זענען שוין דעמאָלט פון קיינעם נישט באַוואַכט געוואָרן[636].

## ח. די לעצטע „באַקאַנטמאַכונג" פון רומקאָווסקין און דער אַרויספאָר פון די „קאָשאַרירטע" אין די רעסאָרטן

בעת די „קאָשאַרירטע" האָבן נאָך פאַרהעלטנישמעסיק געלעבט רואיק, איז אין די אָפענע גאַסן פונעם געוועזענעם געטאָ־שטח ווייטער פאָרגעזעצט געוואָרן דאָס געיעג אויף יידן. לויט דעם חשבון פון דער געשטאַפּאָ זענען נאָך געווען אויסבאַהאַלטן 4000 פּערזאָן, וועלכע מ'האָט געדאַרפט אָפּגעפינען. זענען באַוואָפנטע דייטשן צוזאַמען מיט רומקאָווסקיס פּאָליציאַנטן געגאַנגען פון הויז צו הויז און מיט העק, ברעכשטאַנגען און האַמערס אויפגעריסן די וווינונגען,

צעהאַקט ווענט, דעכער און געזוכט די באַהאַלטענע. די פּאָליציאַנטן פון א. ד. און „זאָנדער" האָבן אויף יידיש גערופן מ'זאָל אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן און שטעלן זיך אויף די זאַמלפונקטן. די וואָס וועלן זיך צושטעלן וועט קיין שום שלעכטס נישט געשען. פאַקטיש האָבן זיך אָפּגעשטעלט די שיסערייען, ווייל יעדער ווידערשטאַנד איז שוין געווען איינגעבראָכן.

די אַלאַרמען איבער לופט־אָנגריפן אין די נעכט, די ווייטע דעטאָנאַציעס פון די אויפגעריסענע באָמבעס, האָבן אָנגעוואָרפן אַ פרישן פּחד אויף די לעצטע איינוווינער פון געטאָ: „דער פראָנט דערנענטערט זיך"[637]. אויך דער פּחד האָט געווירקט מ'זאָל זיך צושטעלן צום אַרויספאָרן. די אָנפירער פון דער אויסראָטונג: געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר און דיקטאַטאָר פון ליטצמאַנשטאַט, ד"ר אָטאָ בראַדפיש און האַנס ביבאָוו מיט זייערע שטאַבן, האָבן געקענט די שטימונגען פון די לעצטע עטלעכע טויזנט יידן אויף די זאַמלפונקטן און אין די באַהעלטענישן און גענומען אונטעראיילן דאָס אַרויספאָרן. דאָס שפּיל אין „קאָשאַרירן" האָט זיך געענדיקט.

דער יודענעלטעסטער, מרדכי חיים רומקאָווסקי, האָט אויך אין די לעצטע טעג פונעם גירוש זיך נישט באַוויזן צווישן די געטאָ־איינוווינער. אין קיין שום באַשרייבונג פון מענטשן, וואָס האָבן איבערגעלעבט דאָס לאָדזשער געטאָ און אין קיין שום דאָקומענט איז נישט פאַראַנען וועלכע עס איז אָנדייטונגען וועגן טראַכטן און פילן פונעם יודענעלטעסטען דעמאָלס, ווען ער האָט געזען ווי די לעצטע טויזנטער יידן ווערן מיט דייטשער אכזריות דורך טעראָר און צוואַנג פאַרטריבן פון „זיין" געטאָ. עס לאָזט זיך אויך נישט פעסטשטעלן צי די לעצטע „באַקאַנטמאַכונגען" זיינע, זענען אים אויפגעצוווּנגען געוואָרן פון דער דייטשער מאַכט, אָדער ער האָט זיי פאַרעפנטלעכט מיטן אייגענעם ווילן.

דער לעצטער עפנטלעכער דאָקומענט מיט רומקאָווסקיס אונטערשריפט, וואָס געפינט זיך אין אַרכיוו פון יודענעלטעסטן פון ליטצמאַנשטאַטער געטאָ איז — אַ ווענדונג צו די יידן אין געטאָ וועגן אַרויספאָרן. דאָרט איז געשריבן:

„דערמאָנונג!

צו דער געטאָ־באַפעלקערונג!

וועגן: פרייוויליקן מעלדן זיך צום מאָרגנדיקן טראַנספּאָרט.

בכדי אויסצומיידן ווייטערדיקע צוואַנגס־מאָסמיטלען, ליגט אין אייגענעם אינטערעס פון דער געטאָ־באַפעלקערונג נאָך היינט זיך פרייוויליק מעלדן מיטן באַגאַזש צום מאָרגנדיקן טראַנספּאָרט

אויף קראַוויעצקע גאַס 3

אָדער אין דער צענטראַלער תפיסה.

מען קען זיך מעלדן
היינט, אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט.

**עס איז געזאָרגט דערפאַר, אַז די אַלע, וואָס וועלן זיך פרייוויליק צושטעלן צום מאָרגנדיקן טראַנספּאָרט, וועלן אין די דערמאָנטע פונקטן באַלד באַשפּייזט ווערן.**

דער עלטעסטער פון די יידן אין ליטצמאַנשטאַדט.
(—) מרדכי חיים רומקאָווסקי

ליטצמאַנשטאַדט־געטאָ, דעם 22־טן אויגוסט 1944 [638].

✶

**אין די לעצטע טעג פון חודש אויגוסט 1944 האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויספאָרן פון די „קאָשאַרירטע" רעסאָרטן. כדי צו באַווייזן דעם „גוטן ווילן" פון דער דייטשער מאַכט, איז דער עלעקטראָ־טעכנישער רעסאָרט „אַרויסגעפאָרן אין בעסערע באַדינגונגען: אין פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס מיט אַ גרעסערן באַגאַזש און גלייך קיין בערלין" — האָט געשריבן אין זיין טאָגבוך י. פּאָזנאַנסקי און צוגעגעבן: „עס ווילט זיך מיר נישט אַזוי שטאַרק גלויבן, אַז דאָס איז אַ רייזע אין דער הויפּטשטאָט פונעם רייך". אין אַ צווייטער נאָטיץ אונטער דער דאַטע פון 26־סטן אויגוסט 1944, האָט פּאָזנאַנסקי געשריבן:**

**„טייל ‚קאָשאַרירטע' רעסאָרטן זענען שוין אַרויסגעפאָרן, צווישן זיי מעטאַל 1. צוליב דעם, וואָס די באַדינגונגען פון טראַנספּאָרט זענען געווען דערטרעגלעכע, האָבן אין אים זיך אָנגעשלאָסן: מאָנטערן, טאָקערס, שלאָסערס, און געוויסע איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן און צווישן זיי — די דיגניטאַרן פון דער פלייש־צענטראַלע" [639].**

**אָט אַזוי האָבן די פון קאָפּ ביז פיס באַוואָפנטע דייטשן בעסטיאַליש־כיטרע פאַרנאַרט זייערע קרבנות צום טויט. זייער פּערפידיע האָט אַפילו פאַרפירעריש געווירקט אויף די קעמפערישע יוגנט־גרופּע פון דער קאָמוניסטישער אָרגאַני־זאַציע. דער יידישער קאָמוניסטישער טוער סטעפאַן קראַקאָווסקי האָט אין זיינע זכרונות אַזוי באַשריבן די לעצטע אויגוסט־טעג אין דעם אויסגעליידיקטן געטאָ:**

**„דעם 28־סטן אויגוסט 1944 האָט זיך באַוויזן אַ באַקאַנטמאַכונג, אַז דער גאַנצער געטאָ־שטח איז אַ פאַרבאָטענע סטרעפע און דאָרט בלייבן איז באַדראָט מיט טויט. יעדער, וואָס וועט דאָרט געכאַפּט ווערן, ווערט אויפן אָרט דערשאָסן. ביי דער דאָזיקער סיטואַציע, האָט אין דער נאַכט פון 28־סטן אויפן 29־סטן אויגוסט (1944) זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון די לעצטע 120 יונגע מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. די אָנפירונג פון דער גרופּע האָט באַשלאָסן, אַז מ'דאַרף פאָרן. — — — מיר האָבן באַשטימט צו פאָרן צוזאַמען ווי אַ געשלאָסענע**

גרופּע, כדי אויף דעם נייעם אָרט איינצוהאַלטן די אַלטע אָרגאַניזאַציע־פאָרם און מיט געמיינזאַמע כוחות זוכן נייע טעטיקייטס־מעגלעכקייטן. — — — מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון דער זייטן־סטאַציע אין ראַדאָגאָשטש (ראַדעגאַסט), דעם 30־סטן אויגוסט 1944, אַרום מיטאָגצייט. מיר האָבן פאַרנומען צוויי באַזונדערע וואַגאָנעס אין אונדזער טראַנספּאָרט. אין יעדן פון די וואַגאָנעס האָבן מיר באַשטימט אונדזערס אַן אָנפירער. מיר האָבן זיך צוגעזאָגט: ביי קיין שום באַדינגונגען וועלן מיר נישט אָפּשוואַכן אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען און דיסציפּלין — — — אין אונדזער וואַגאָן איז אונדזער אָנפירער (אָנפירערין) געווען דזשוניאַ קלוגמאַן. איך באַדויער, וואָס דורך דעם גאַנצן טאָג האָב איך נישט אויסגעטוישט קיין איין וואָרט מיט דעם קלוגן און אומגעווייגלעכן מיידל״.

דער דאָזיקער טראַנספּאָרט, ווי אַלע אַנדערע, וואָס זענען אין חודש אויגוסט 1944 אַרויס פון לאָדזשער געטאָ, זענען גלייך אַוועק אין אָשוויענטשים. דאָס האָבן די 120 קאָמוניסטיש געשטימטע יוגנטלעכע זיך איבערצייגט, ווען זיי זענען אָנגעקומען אין אויסראָטונגס־לאַגער: „מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט״. — האָט סטעפאַן קראַקאָווסקי פאַרענדיקט זיינע זכרונות[640].

אָן שום ספק האָט די געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט געוווּסט, ווער עס איז די גרופּע פון די 120 יוגנטלעכע, וואָס ווילן דווקא פאָרן אין באַזונדערע וואַגאָנעס. אין פּחד פאַר אַ מעגלעכן ווידערשטאַנד, איז די דייטשע מאַכט נאָכגעקומען אויף דעם פאַרלאַנג, אַבי אַרויסצונאַרן די יידן קיין אָשוויענטשים און דער טייוולאָנישער שפּיל איז זיי געלונגען.

## 38.

# דער טראַגישער סוף פון לאָדזשער געטאָ

### א. דער „אַרויספאָר" פונעם יודענעלטעסטען מיט זיין משפחה

דעם 28־סטן אויגוסט 1944 איז שוין דאָס לאָדזשער געטאָ געווען כמעט אויסגעליידיקט פון איינוווינער. איבער די פוסטע גאַסן האָבן געשלייכט, געבויגן אין דרייען, געציילטע יידן, „שליחים" פון די „קאָשאַרירטע", וואָס זענען געגאַנגען צום לעצטן נאָך דעמאָלס פאַראַנענעם אַפּראָוויזאַציע־פּונקט צו באַקומען שפּייז פאַר זייערע חברים. אַ חוץ די „קאָשאַרירטע" אויף לאַגעווניצקע גאַס 36 און 63, איז געווען נאָך אַזאַ זאַמלפּונקט אין די הייזער אַרום שפּיטאָל אויף מיצקעוויטש גאַס נומער 7. דאָרט זענען געוואָרן „קאָשאַרירט "דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער און די קראַנקע און זקנים, וואָס די פּאָליציאַנטן האָבן אַהין געבראַכט. דעם 29־סטן אויגוסט זענען די באַוואָפנטע דייטשע כנופיות באַפאַלן דאָס שפּיטאָל און אַרויסגעפירט די קראַנקע און די זקנים. דאַביי איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז עס בלייבט דאָס מעדיצינישע פּערסאָנאַל. אויף צומאָרגנס זענען די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער אויך אַרויסגעפירט געוואָרן [641].

דעם זעלבן טאָג האָט זיך באַוויזן אַ באַקאַנטמאַכונג, אונטערגעשריבן פון געשטאַפּאָ־קאָמיסאַר, ד"ר בראַדפיש, מיט דער אויפפאָדערונג: די לעצטע איינוווי־נער, אויך די „קאָשאַרירטע" מוזן ביז 6 אָוונט זיך צושטעלן אויף די זאַמל־פּונקטן — קראַוויעצקע 3, אָדער אין דער צענטראַלער געטאָ־תפיסה. דער לעצטער טראַנספּאָרט פון געטאָ גייט אָפּ דעם 29־סטן אויגוסט 1944. ווער עס וועט נאָך דעם טערמין בלייבן אין געטאָ — ווערט דערשאָסן" [642]. דאָס אויסגעליידיקטע געטאָ, די טויט־דראָאונגען פון דער דייטשער מאַכט, האָבן פאַרשטאַרקט דעם פּחד ביי די לעצטע געטאָ־איינוווינער, וועלכע האָבן גענומען פאַרלאָזן די באַהעל־טענישן און שטעלן זיך צום טראַנספּאָרט. די גרופּע באַהאַלטענע אין פּאַפּיר־רעסאָרט זענען געוואָרן אַרומגענומען פון פּחד און די מערהייט האָט זיך געשטעלט צום אַרויספאָרן. עס זענען געבליבן אין באַהעלטעניש די משפחות: פּאָזנאַנסקי, מחבר פונעם טאָג־בוך און די בייגעלמאַנס, צוזאַמען 8 פּערזאָן. די אַוועקגעגאַנגענע האָבן געקוקט מיט באַדויערן אויף די וואָס בלייבן און שטעלן זיך אויס אויף צו פאַרלירן דאָס לעבן. אויך ביי די סאַמע לעצטע טראַנספּאָרטן זענען די אָפּפאָרנדיקע געווען זיכער, אַז דער צוג גייט גלייך קיין ווין און מיט זיי פאָרט מ. ח. רומקאָווסקי.

אין יענע לעצטע טעג פון געטאָ האָט ביבאָוו „אָפיציעל דעגראַדירט" רומקאָווסקין און צוגענומען פון אים דעם טיטל „עלטעסטער דער יודען". וועגן זיין פאַרלאָזן דאָס געטאָ האָט י. פּאָזנאַנסקי געשריבן אין טאָג־בוך אונטער דער דאַטע פון 4־טן סעפּטעמבער:

„ביבאָוו האָט איינגעשלאָסן אין טראַנספּאָרט זיין [רומקאָווסקיס] ברודער יוסף מיט זיין פרוי — — — דער פּרעזעס האָט זיך געוואָנדן צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג" מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל נישט דעפּאָרטירן זיין נאָענטסטע משפחה. ביבאָוו האָט אָפּגעוואָרפן די בקשה און צוגעגעבן: „אויב דער הער ווינטשט זיך, קאָן ער זיי באַגלייטן". רומקאָווסקי האָט מסכים געווען אויף דער פּראָפּאָזיציע. ביבאָוו האָט דעם געוועזענעם יודענעלטעסטען פּערזענלעך אָפּגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט און באַשטימט אַ באַזונדערן וואַגאָן פאַר רומקאָווסקין מיט זיין משפחה, צוזאַמען 12 פּערזאָן".

דער סוחר פון ברעמען האָט זיך האַרציק געזעגנט מיט זיין געוועזענעם יודענעלטעסטען, מיט וועלכן ער, ביבאָוו, האָט צוזאַמענגעאַרבעט איבער 4 יאָר. „אָבער ווי נאָר ער איז אַוועק, האָט דער וואַך־פּאָליציאַנט פון ,שופּאָ', וואָרשיינלעך אויף די אָנווייזונגען פון ביבאָוון, גענומען אַריינפּאַקן אין וואַגאָן אויך אַנדערע דעפּאָרטירטע ביז ער איז פול געוואָרן לויט דער העכסטער נאָרמע — 80 פּערזאָן". אַזוי האָט רומקאָווסקי מיט זיין משפחה פאַרלאָזט דאָס אָפּגעליידיקטע געטאָ[643].

וועגן סוף פון רומקאָווסקין האָט דערציילט דער אָפּגעראַטעוועטער י. ביאַלקאָווער, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ קיין אָשוויענטשים אין דעם זעלבן טאָג, וואָס דער געוועזענער יודנעלטעסטער:

„רומקאָווסקי, אָנקומענדיק אין טויטן־לאַגער, האָט אַרויסגענומען זיין לעגיטימאַציע און געוויזן ווער ער איז: „יודנעלטעסטער געטאָ־ליצמאַנשטאַדט". די לאַגער־תלינים האָבן געמאַכט אַן ערנסטע מינע, אים אויפגענומען העפלעך, אַרויפגעפירט אויף אַ בערגל און געלאָזט פאַר אים פאַרביימאַרשירן די טויזנטער יידן, וועלכע מ'האָט געפירט אין די גאַז־קאַמערן. ווען דער צוג האָט זיך געענדיקט, איז געקומען די ריי אויף מרדכי חיים רומקאָווסקי, וועלכער האָט פאַרענדיקט פונקט ווי אַלע יידן — די קרבנות פון דייטשער אויסראָטונג"[644].

## ב. די „קאַשאַרירטע" אויף לאַגעווניצקע גאַס 36 און דער נייער יודענראַט

אויפן סאַמע לעצטן עטאַפּ פון דער אויסראָטונג אין לאָדזשער געטאָ, ווען דאָרט זענען נאָך געווען עטלעכע טויזנט יידן — באַהאַלטענע אין ערדישע גריבער, אין חרובע הייזלעך, אין קעלערס און די „לעגאַלע" הונדערטער יידן,



רומקאָווסקיביים וואַגאָן צום אָפּפאָרן

באַשטימטע דורך ביבאָוון אין דער „אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ" — האָט די דייטשע באַוואָפנטע מאַכט, אין פּחד פאַרן ווידערשטאַנד, ווייטער אָנגעווענדעט די טאַקטיק פון פּריווילעגירן אַ געוויסן שיכט פון די געפּלאָגטע און פאַרפאָלגטע. ווען דאָס געטאָ איז שוין געווען כמעט אויסגעליידיקט פון איינוווינער, האָבן אין געוועזענעם שפּיטאָל־בנין, לאַגעווניצקע 36, 700 פּערזאָן געפירט אַ „לעגאַלע עקזיסטענץ", באַקומען אָפיציעל באַשפּייזונג פון ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג" און זיך דאָרט אויפגעהאַלטן 7 וואָכן צייט נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ. זיי זענען געוואָרן אַרויסגעשיקט ערשט דעם 20־סטן אָקטאָבער 1944.

דער ווייט גרעסטער רוב פון די 700 מענטשן — מענער מיט זייערע פרויען און קינדער — גאַנצע משפחות מיט עלטערע טאַטע־מאַמע —, וואָס האָבן זיך דאָרט אויפגעהאַלטן, זענען באַשטאַנען פון געוו. העכערע באַאַמטע פון דער רומקאָווסקי־אַדמיניסטראַציע, געוועזענע אָנפירער און מייסטער פון די רעסאָרטן, קאָמיסאַרן, וועלכע זענען בשעתו דורך רומקאָווסקין באַשטימט געוואָרן צו האָבן די שטרענגע אויפזיכט איבער די אַרבעטער אין די געטאָ־אונטערנעמונגען, א. ד.־און זאָנדער־פּאָליציי מיט זייער קאָמענדאַנט מ. קליגער בראש און אהרן יאַקובאָוויטש — רומקאָווסקיס מאַכט־קאָנקורענט און אָנפירער פון דער צענטראַלע פון די געטאָ־רעסאָרטן. ער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם פּריווילעגירטן זאַמלפּונקט אינעם אויסגעליידיקטן געטאָ.

עס איז אין קיין שום דאָקומענט נישט דערמאָנט, ווער עס האָט באַשטימט דאָס געוועזענע שפּיטאָל אויף לאַגעוונִיצקע 36, ווי אַן אויפהאַלטס־אָרט פאַר די „אויסדערוויילטע”. וואַרשיינלעך האָבן זיך דעמאָלס צוזאַמענגעטראָפן די „גוטע” ווילנס פון צוויי צדדים: די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן זענען בעת דעם לעצטן געיעג אויף די געטאָ־איינוווינער געווען פאַראינטערעסירט צו עלימינירן דעם דאָזיקן באַאַמטן־עלעמענט, מערסטנטייל — מער געזונטערע, ענערגישע, וואָס זענען דורך אלע געטאָ־יאָרן געווען פּריווילעגירט און בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע געקאָנט ווערן אַ ברענפּונקט פאַר ווידערשטאַנד. פון דער צווייטער זייט האָט דער ענערגישער אהרן יאַקובאָוויטש, וועלכער איז געווען זייער באַפריינדעט מיט האַנס ביבאָוו, אונטערהאַנדלט מיט אים וועגן איינאָרדענען אָט די פּריווילעגירטע. דער סוחר פון ברעמען האָט געוווּסט, אַז ער וועט צו דעם געשעפט נישט דערלייגן. אַזוי איז טאַקע געשען. יאַקובאָוויטש האָט געמאַכט „זאַמלונגען” צווישן די „קאָשאַרירטע”. מ׳האָט אָפּגעגעבן: זייגערלעך, קידושין־רינגלעך, זילבערנע פּאַפּיראָסן־טאַשן, פּולפּעדערן, לעדערנע וואַליזקעס און אויך אויסלענדישע וואַליוטע, וואָס יעדער פון די „אויסדערוויילטע” האָט נאָך געהאַט אויסבאַהאַלטן. „די זאַכן זענען געווען אַן אויסקויף פאַר אָפּשלעפּן די צוואַנגס־דעפּאָרטאַציע”. אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַפּערע האָט דער מיטגליד פון ביבאָווס געטאָ־פאַרוואַלטונג טשאַרנולא. ער האָט פאַרזיכערט די „קאָשאַרירטע”, אַז זיי וועלן פאָרן אין דער דייטשער שטאָט קעניגסוווסטערהאוזען און דאָרט אויפשטעלן נייע פאַבריקן[645].

דער נייער קאָמופלאַזש איז, פאַרשטענדלעך, אויך זייער גינציק אויפגע־נומען געוואָרן דורך דעם פּראַקטיצירטן אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון מאַסן־אויסראָטונג — ד״ר אָטאָ בראַדפיש. האָט ער דאָך איינגעשטעלט דאָס „קאָשאַרירן” בעת דער ענדגילטיקער פאַרטיליקונג פון די לאָדזשער יידן ווי אַ מיטל צו צעטיילן די באַפעלקערונג און אַרויסרופן ביי זיי באַזונדערע גרופּן־אינטערעסן.

די „קאָשאַרירטע” אויף לאַגעווניצקע 36 האָבן זיך דערווייל געפילט זיכער

און איינגעשטעלט אַ נייעם יודענראַט מיט אַ יודענעלטעסטען. די דאָזיקע „מאַכט״ האָט זיך דריי מאָל געביטן און לסוף איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ „קאָ־מענדאַנטור״ פון 3 פּערזאָן, מיט דעם קאָמענדאַנט פון זאָנדער מ. קליגער בראש. זיי זענען געוואָרן די דיקטאַטאָרן פונעם לאַגער און אַלע האָבן געמוזט אויספירן זייערע פאַראָרדענונגען. פאַרהעלטנישמעסיק האָבן די „קאַשאַרירטע״ נישט שלעכט געלעבט. זיי האָבן זיך פאַרשאַפט אַזוי פיל שפּייז, אַז זיי האָבן זיך נאָך געקענט טיילן מיט זייערע פריינט, וועלכע זענען געלעגן אין באַהעלטעניש.

ראש השנה תש״ה, 1944, איז אויף לאַגעווניצקע 36 אָפּגעריכט געוואָרן תפילות קעגן ווילן פון קליגערס „קאָמענדאַנטור״. געווען נאָך אַ גרופּע, וואָס האָט געגעסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס. דאָס איז געווען די גרופּע פון אינזש. יוליאַן ווײַנבערג, וואָס איז באַשטאַנען מײַנסטנס פון עלעקטראָטעכניקער. זיי האָבן זיך געקאָנט באַוועגן פריי איבערן אויסגעליידיקטן געטאָ, כדי צו האָבן די אויפזיכט איבער די עלעקטראָטעכנישע איינריכטונגען און באַלייכטונג. אַ צווייטע גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון יאָזעף זאַקס, איז דורך ביבאָוון באַשטימט געוואָרן, ווי פאַרקויפער פון די איבערגעבליבענע מאַשינען אין די געטאָ־אונטערנעמונגען. די קויפער זענען געווען דייטשן, וואָס האָבן באַקומען די דערלויבעניש איינצוהאַנדלען די פאַר זיי נויטיקע פאַבריקס־אונטערנעמונגען[646].

✶

אויך די „קאָשאַרירטע״ אויף לאַגעווניצקע 36 האָבן דערפילט, אַז די דייטשע מאַכט גרייט זיך זיי אַרויספירן פונעם געטאָ. די „פּריווילעגירטע״ זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט פאָלקסדויטשען. זיי האָבן געבראַכט צייטונגען, פון וועלכע מ׳האָט זיך דערוווסט פון די דייטשע מפּלות אויף אַלע פראָנטן. ביבאָוו און בראַדפיש זענען אויך געוואָרן אומרואיק און כסדר אָנגעזאָגט דעם אַרויספאָר פון די איינוווינער אויף לאַגעווניצקע 36. דער עולם האָט גענומען פּאַקן די זאַכן. יאַקובאָוויטש האָט געהאַלטן אַ רעדע און געגעבן אָנווייזונגען, וואָס מ׳קאָן אַלץ מיטנעמען אין וועג: 1 אַרבעטס־אַנצוג, 1 פּאָר שטיוול, ס׳בעטגעוואַנט און 3 פּאָרלעך וועש. כדי ווייטער אָפּצושלעפּן דאָס אַרויספאָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע זאַמלונג פון ווערט־זאַכן און וואַלוטע, וואָס עס איז איבערגעגעבן געוואָרן ביבאָוון. דער לאַגער איז דערווייל נישט ליקווידירט געוואָרן. די יידן האָבן נאָך באַוויזן צו פּראַווען אַ „פריילעכן שמחת תורה״ — לויט דער באַשרײַבונג אין טאָג־בוך פון י. פּאָזנאַנסקי.

אויף צומאָרגנס, דעם 13־טן אָקטאָבער 1944, זענען געקומען דייטשן אין צוגענומען ביי די „קאָשאַרירטע״ דאָס בעטגעוואַנט. דערווייל האָט דאָרט, צווישן די קינדער, אויסגעבראָכן אַ שקאַרלאַטין־עפּידעמיע. לסוף האָט מען די „קאָשאַרירטע״ אויף לאַגעווניצקע 36 אָנגעזאָגט דעם אַרויספאָר. די קינדער,

קראַנקע אויף שקאַרלאַטין, מיט זייערע עלטערן, זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער „אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ", יאַקובאַ 16. דעם 20־סטן אָקטאָבער זענען די פּריווילעגירטע פון לאַגעווניצקע 36 אַרויסגעפירט געוואָרן. די דייטשע באַגלייטער האָבן ביי זיי צוגענומען דעם איינגעפּאַקטן באַגאַזש — זעק און רוקזעק. י. פּאָזנאַנסקי, וואָס האָט פון זיין באַהעלטעניש ווייטער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט געבליבענע אויפן געוו. געטאָ־שטח, האָט אין זיין טאָג־בוך אַזוי באַשריבן דעם אַרויספאָר פון די „קאַשאַרירטע" אויף לאַגעווניצקע 36: „דער אַרויספאָר פונעם לאַגער איז פאָרגעקומען ביי דערטרעגלעכע באַדינגונגען — צו 37 פּערזאָן אין איין וואַגאָן. ביבאָוו האָט זיי אָפּגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע און זיי געזעגנט מיט האַנט־באַוועגונגען. מיט יאַקובאָוויטשן האָט ער זיך אַפילו צעקושט"[647].

## ג. די לעצטע רציחות פון האַנס ביבאָוו

האַנס ביבאָוו, דער סוחר פון ברעמען, האָט בדרך כלל געמאָרדעט יידן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן. ער האָט אָנגעפירט מיט דעם דייטשן מאָרד־קאָמבינאַט, באַגלייט טראַנספּאָרטן קיין כעלמנאָ און דאָס נאָר געלעגנהייטלעך, כדי צו קאָנטראָלירן די פאַרמעגנס און זאַכן, איבערגעבליבענע נאָך די פאַרגאַזטע. אָפענע רציחות מיטן רעוואָלווער אין האַנט האָט ביבאָוו אויסגעפירט, נאָר דעמאָלט ווען ער האָט זיך געדאַרפט נוקם זיין אין אַ פאַרעקשנטן ייד. אַזאַ פאַל איז געווען מיט ד"ר לעמבערג אין זדונסקאַ וואָלאַ און די לעצטע צוויי מאָרדן האָט ער אויסגעפירט שויןביים סאַמע סוף פון געטאָ.

אין חודש אויגוסט 1944, בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע, איז געשטאַפּאָ און קריפּאָ געווען פאַראינטערעסירט אויסצומאָרדן די יידן, וואָס האָבן געהאַט עסקים מיט די דערמאָנטע דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. אין די דאָקומענטן זענען נישט פאַראַן קיין ציפערן וועגן דער צאָל פון אַזעלכע דער־שאָסענע יידן. די עדות אויף די פּראָצעסן קעגן האַנס ביבאָוו אין לאָדזש און פוקס־בראַדפיש אין האַנאָווער, האָבן איבערגעגעבן וועגן דער דערשיסונג פון די צוויי ברידער הענעך און מלך קאָן, דורכגעפירט דורך האַנס ביבאָוו און גינטער פוקס.

עס איז נישט קלאָר, וואָס פאַראַ פּאָליצייאישע פונקציע די ברידער מלך און הענעך קאָן, האָבן דערפילט אין געטאָ. מ'האָט געוווסט, אַז זיי זענען אין קאָנטאַקט מיט געשטאַפּאָ. צייטנווייז האָבן זיי פאַר אַ גוטן אָפּצאָל, דערליי־דיקט פאַר מענטשן געוויסע ענינים, דורך אונטערקויפן באַאַמטע פון געשטאַפּאָ. די קאָנס האָבן דעריבער צופיל געוווסט, וואָס דאָרט טוט זיך און געווען אומבאַקוועם פאַר די דייטשע אויסראָטונגס־סעקטאָרן. צוויי עדות, אָנוועזנדע בעת דער דערשיסונג פון די קאָנס, האָבן אויפן פּראָצעס פוקס־בראַדפיש דערציילט וועגן דער רציחה:

די צוויי ברידער האָבן באַקומען אַ באַפעל צו שטעלן זיך אויפן באַלוטער מאַרק. פון דאָרט האָט זיי ביבאָוו און פוקס, אין אַ מאַשין, אָפּגעפירט אויפן יידישן בית־עולם. די רוצחים האָבן געצוואונגען זייערע קרבנות אַנידערצוקניען ביי אַן אָפענעם קבר און זיי דערשאָסן. דער עדות, ש. לויתן, האָט דערקלערט אין געריכט אין האַנאָווער:

„איך בין געווען ביבאָווס שאָפער — — — און געזען די דערשיסונג פון די ברידער קאָן. הענעך איז געווען אין דער יידישער פּאָליציי. איך בין געקומען מיטן אויטאָ ביזן בית־הקברות און געבליבן שטיין אינדרויסן. איך האָב געהערט דעם שמועס, וואָס איז געפירט געוואָרן. פוקס האָט געפרעגט הענעכן: ווילסט מאַכן אַ בונט? הענעך האָט נישט געענטפערט. ער איז געווען בלאַס און געל. פוקס האָט דערשאָסן הענעכן און ביבאָוו — מלכ'ן".

דער פאַקט פון דערשיסן די קאָנס איז פאַראַנען אין באַשולדיקונגס־אַקט פון פּראָצעס קעגן ביבאָוון. אין זיינע דערקלערונגען בעת די געריכטס־פאַרהאַנד־לונגען אין לאָדזש, האָט ביבאָוו נישט דערווידערט די מאָרד־באַשולדיקונג און זיך פאַרטיידיקט דערמיט, וואָס די געשטאַפּאָ (גינטער פוקס), וועלכע איז געווען מיט ביבאָוון אויפן בית עולם, וואָלט אים, קאָנען, סיי ווי דערשאָסן, ווייל מ'האָט אויף זיי (אויף די ברידער קאָן) „געזאָגט, אַז זיי גנבענען אין געטאָ און ביבאָווס חוב איז געווען אָפּצוהיטן דאָרט די מאָראַלישע ריינקייט".

די צווייטע רציחה, אַ מער דראַסטישע, האָט ביבאָוו אויסגעפירט אין יענעם פעריאָד איבער דער יונגער 16־יאָריקער טאָכטער פון ד"ר מאַנדלס. די קינדער־דאָקטאָרין סימא מאַנדלס מיט איר מאַן, דעם אינזשינער און צוויי קינדער, זענען געווען צווישן די „איינגעאָרדנטע" אויף לאַגעווניצקאַ 36. האַנס ביבאָוו האָט דערזען די 16־יאָריקע טאָכטער פון דעם פאָרפאָלק און האָט זי משמעות, פאַרבעטן צו זיך אַהיים*. דאָרט איז ער באַפאַלן דאָס מיידל און געפרוווט זי פאַרגוואַלדיקן. זי האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. ביבאָוו האָט אויף איר געשאָסן און זי שווער פאַרוווּנדעט. אויף זיין פּראָצעס האָט ביבאָוו אָפּגעלייקנט, אַז ער האָט פאַרגוואַלדיקט דאָס 16־יאָריקע מיידל און זיך פאַרטיידיקט: „ער האָט געוואָלט". באַלד נאָכן דערשיסן די טאָכטער, האָט דער רוצח אַרויסגענומען די משפחה

באַלד נאָכן דערשיסן די טאָכטער, האָט דער רוצח אַרויסגענומען די משפחה מאַנדלס פון זאַמלפונקט לאַגעווניצקע 36 און מיטן נאָענטסטן טראַנספּאָרט אַוועקגע־שיקט קיין אָשוויענטשים [648].

* די דערמאָרדונג פון דער 16־יאָריקער מאַנדלס ווערט דערמאָנט אין עטלעכע גבית־עדות, ווי אויך אין די אַקטן פון ביבאָווס פּראָצעס. אין די דאָקומענטן פעלן פּרטים וועגן דעם דאָזיקן בעסטיאַלישן מאָרד, וואָס דער סוחר פון ברעמען האָט אויסגעפירט ביים סוף פונעם געטאָ.

## 39.

# אין אויסגעליידיקטן געטאָ ליטצמאַנשטאָדט

### א. באַראַטונג פון דייטשע פירער וועגן פאַרטיילונג פונעם פאַרמעגן פון די אויסגעמאָרדעטע יידן

אויפן סמך פון אַ פאַראָרדענונג פון דער העכערער דייטשער מאַכט, איז ביבאָווס „געטאָ־פאַרוואַלטונג” ליקווידירט געוואָרן אין סוף חודש אויגוסט 1944. ביבאָוו מיט זיינע הויפּט־מיטאַרבעטער זענען ווייטער פאַרבליבן אין ליטצמאַנשטאָדט. צייטנווייז האָט ער זיך באַוויזן אין די ליידיקע געסלעך פונעם געוועזענעם געטאָ און קאָנטראָלירט די זאַמלפונקטן — לאַגעווניצקע 36 און יאַקובאַ 16, ווו עס זענען געווען „קאָשאַרירט” די איבערגעבליבענע יידן.

נאָכן אָפּפאָרן פון די „פּריווילעגירטע”, זענען דעם 23־סטן אָקטאָבער 1944, זיך צוזאַמענגעקומען די הויפּט־פירער פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען אין ליטצמאַנשטאָדט, כדי דורכצופירן „eine Besprechung über Abwicklungsfragen des Gettos” („אַ שמועס איבער דער דערליידיקונג פון געטאָ־פּראַגן”). פּאַקטיש, ווי עס איז צו זען פון די ווייטער געבראַכטע פאַרהאַנדלונגען, איז די דייטשע פירער געגאַנגען אין דעם, ווי אַזוי דורכצוקומען צווישן זיך מיט דער פאַרטיילונג פונעם פאַרמעגן, וואָס איז געבליבן נאָך די אויסגעמאָרדעטע לאָדזשער יידן.

אין דער דערמאָנטער באַראַטונג, אונטערן פאָרזיץ פון אָבערבירגערמייסטער ד״ר בראַדפיש, האָבן זיך באַטייליקט: בירגערמייסטער ד״ר מאַרדער, עס. עס.־שטורמבאַנפירער הירשבעק — פאַרוואַלטונגס־פירער פון עס. עס. באַזעצונגס־שטאַב, אַמטסלייטער ביבאָוו, אָפּטיילונגס־אָנפירער שווינדט און דער אונטערגע־שריבענער אונטערן באַריכט*. אין סך הכל פון די דאָזיקע שמועסן זענען די דייטשע פירער געקומען צו פאָלגנדע איינשטימיקע באַשלוסן:

1. דאָס מעבל בלייבט דערווייל אין די וווינונגען און ווערט אַרויסגעפירט דורך דעם באַזעצונגס־שטאַב **.

---

* צוליב דעם וואָס די אונטערשריפט איז „נישט לעזבאַר”, איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן זיין אידענטיטעט און דאָס אָרט, וואָס ער האָט פאַרנומען אין די דייטשע מאַכט־אינסטאַנצן. ער איז וואַרשיינלעך געווען דער פאַרטרעטער פון גרייזערס רייכס־שטאַטהאַלטעריי אין פּויזן.

** „Ansiedlungsstab” — אַ דייטשער אַמט אין יענער צייט אויף אַריבער־צופירן דייטשן פון באָמבאַרדירטע שטעט אין מער זיכערע ערטער. דאָס איבערגעבליבענע מעבל אין די יידישע געטאָ־וווינונגען האָט די אויבן־דערמאָנטע באַראַטונג באַשטימט איבערצוגעבן די דייטשע היימלאָזע.

2. כלים און גלאָזוואַרג ווערן דורך די יידן (אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ) געבראַכט אין די באַראַקן אויף באַלוטער מאַרק, דאָרט געשטאַפּלט און פאַרקויפט דעם באַזעצונגס־שטאַב.

3. פעדערן פון בעטגעוואַנט ווערן, דורך די יידן, פון איינצלנע וווינונגען געבראַכט אויף די מלוכה־שטעלן און דאָרט פאַרקויפט.

4. אַלטע מלבושים און וועש ווערן אויפגעזאַמלט און פאַרקויפט אויפן קילאָ צו דעם באַזעצונגס־אַמט.

5. אויוונס און קיך־פּלאַטן זאָלן, אויפן ווונטש פון גאַולייטער גרייזער, אין די ראַמען פון אַ באַזונדערער אַקציע, באַלד געזאַמלט ווערן, כדי מיט זיי צו באַזאָרגן די איבערוואַנדערער אין ראַיאָן, ווי אויך אַריינצושטעלן אין וווינונגען פון „אויסגעדראַהטעטען געביט" *, ווו זיי, די אויוונס, זענען אומבאַדינגט נויטיק. זיי ווערן „דורך דעם אַנזידלונגס־שטאַב געשטעלט אין רשות פון שטאָטישן בוי־אַמט", וועלכער האָט, ווייזט אויס, זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן די יידישע וווינונגען פאַר דייטשע איבערוואַנדערער פון באַמבאַרדירטע שטעט.

6. שטולן זענען זייער נויטיק פאַר די איבערוואַנדערער. דער באַזעצונגס־שטאַב איז אָבער מסכים, אַז 10,000 שטולן, אין ערשטער ריי טאַבורעטן פון פאַבריקן, דאַרפן אויסגעטיילט ווערן פאַר לופטשוץ־צוועקן. קופערטן ווערן איבערגעגעבן דעם באַזעצונגס־שטאַב, מיט אויסנאַמען פון אַזעלכע, וואָס זענען נויטיק פאַר שטאָטישע ביוראָען. פאַר פאָרצעלאַן און גלאָזוואַרג קאָן איינגעשטעלט ווערן אַן איינהייטס־פּרייז פאַר יעדן שטיק.

עס איז אויך פאַרשטענדיקט געוואָרן, אַז ביים פאַרקויפן די זאַכן צום באַזעצונגס־שטאַב, „זאָל נישט געהאַנדלט ווערן קליינלעך"[649].

ווי עס איז צו זען פון דעם אינהאַלט פון געבראַכטן דאָקומענט, האָבן די פאַרטרעטער פון די דייטשע מאַכט־אינסטאַנצן אין ליטצמאַנשטאַדט לחלוטין זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אין דריי חדשים אַרום וועלן זיי מוזן פאַרלאָזן לאָדזש. זיי האָבן זיך געגרייט נאָך צו באַזעצן אין די יידישע וווינונגען פונעם געוועזענעם געטאָ דייטשע איבערוואַנדערער פון באַמבאַרדירטע שטעט.

## ב. די „אויפראַמונגס־קאָמאַנדאָ" אינעם לאַגער אויף יאַקובאַ 16 און די אויסבאַהאַלטענע אין די געטאָ־חורבות

דעם 28־סטן אויגוסט 1944, ווען אין געטאָ זענען שוין געוועזן אַ קליינע

* „אויסגעדראַהטעטען געביט" האָט באַדייט: די גאַסן און וווינונגען פון געוועזענעם געטאָ, וואָס זענען שוין אָפּגעריייניקט און דעזינפעקצירט געוואָרן. זיי זענען מער נישט געווען אונטער דער געטאָ־דראָט־פאַרצוימונג, וועלכע איז איבערגערוקט געוואָרן ווייטער.

צאָל „קאַשאַרירטע", האָט ביבאָוו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: „אַלע מוזן זיך שטעלן אויפן פייערלעשער־פּלאַץ, לאַגעוויניצקע 1—3. ווער עס וועט בלייבן אין שטוב, ווערט דערשאָסן". די דאָזיקע לעצטע גרויסע פאַרזאַמלונג אין געטאָ, האָט לאה מענטליק באַשריבן אין איר גבית עדות:

„דאָרט, אויפן פּלאַץ, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. די היץ האָט געברענט. מיר זענען געשטאַנען אַזוי אַ פינף שעה און געוואַרט אויף ביבאָוון. לסוף איז ער אָנגעקומען און דערקלערט, אַז אין לאָדזש דאַרף מען מער נישט האָבן ווי 500 פּערזאָן. אַלע איבעריקע וועלן דעריבער אַרויסגעשיקט ווערן אויף אַרבעטס־ערטער אין אַנדערע געביטן. און אַזוי רעדנדיק, איז ער צוגעטרעטן מאַכן אַ סעלעקציע. ער האָט געטיילט רעכטס און לינקס. דערביי האָט ער ספּעציעל אויסגעקליבן אויף לינקס, ד. ה. צום טויט — פרויען און קינדער. מיך מיט מיין זון האָט ער געשיקט אויף לינקס. אויף רעכטס זענען געבליבן אַרום 500 פּערזאָן. מיך מיט מיין זון האָט מען באַשטימט צום אַרויסשיקן. די אויסדערוויילטע 500 האָבן ביבאָוון געדאַנקט".

זיי זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אינעם גרויסן פאַבריקס־בנין אויף דער גאַס פונעם הייליקן יאַקוב (שוו. יאַקובאַ) נומ. 16. די 500 האָבן געבילדעט די אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ. צו זיי האָבן אויך געהערט די דאָקטוירים מאַזאַ און עליאַסבערג. ביי דעם אָפּקלייב האָט ביבאָוו געגומען דער עיקר די שטאַרקע פון דער „ווייסער גוואַרדיע" — טרעגער פון אַפּראָוויזאַציע־אַמט, וואָס האָבן פונקט ווי די פּאָליציי, געהאָלפן די דייטשן ביי די דעפּאָרטאַציעס. עס זענען נישט אַריינגענומען געוואָרן מענטשן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט רומקאָווסקין. מיט אַ באַזונדערער רוגזה האָט ביבאָוו אַרויסגענומען פון דער ריי דעם אַדוואָקאַט נעפּטאַלין [650].

די מענער און פרויען, אויך גאַנצע משפחות פון ביידע זאַמלפונקטן — יאַקובאַ 16 און לאַגעוויניצקע 36 (ביזן אָפּפאָרן) — האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפרוימען דאָס געטאָ. די „פּריווילעגירטע" מענער פון לאַגעוויניצקע, וואָס זענען באַשטאַנען מיינסטנס פון פּאָליציי, זענען געוואָרן באַשעפטיקט ביי דעמאָנטירן מאַשינען, פּאַקן זיי אין קאַסטנס און אויפלאָדענען אויף וואַגאָנעס אויף דער סטאַציע ראַדעגאַסט. די פרויען זענען געווען באַשעפטיקט ביים אויפרוימען די וווינונגען און פּאַקן וועש און בעטגעוואַנט. די „קאַשאַרירטע" אויף יאַקובאַ 16 האָבן מיינסטנס אויסגעפירט די שוואַרצע אַרבעט: גערייניקט די גאַסן, די שטובן און די קלאָזעטן. די אויפרוימונגס־קאָמאַנדע האָט אויך געאַרבעט ביים איבערשטעלן די „גרענעץ"־סלופּעס פון געטאָ און איבערגערוקט די דראָט־פאַרצוימונגען אויף ווייטערע גאַסן. אַזוי איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון געטאָ אַ גאַנצער ראַיאָן, וואָס האָט אַרומגענומען די גאַסן: פּאָדזשעטשנאַ,

זגערזשער, לוטאָמירסקא ביז דעם בנין פון געוועזענעם שפּיטאָל אויף דרעווי נאָווסקא גאַס.

אויף דעם זאַמלפּונקט שוו. יאַקובאַ 16 איז נישט געווען קיין יודענראַט. ביבאָוו האָט דאָרט באַשטימט אַ קאָמענדאַנט — אַ ייד מיטן נאָמען ברודער. ער איז אין יאָר 1942 אַריינגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ פון וויעלון און באַלד אַריינגענומען געוואָרן אין דער „זאָנדער"־פּאָליציי. שפּעטער האָט ער „אַוואַנסירט" און געוואָרן קאָמיסאַר ביים בויען די באַראַקן אין ראַדעגאַסט און פון סעפּטעמבער 1944 — קאָמענדאַנט פונעם לאַגער יאַקובאַ 16. ברודער, מסתמא אויף דער אָנווייזונג פון ביבאָוון, האָט איינגעשטעלט אַן אייגענע אָרדנונגס־דינסט־פּאָליציי. דער פּאַקטישער באַלעבאָס איבערן לאַגער איז געווען ביבאָווס פּאַרטרעטער, היינריך שווינדט. ברודער האָט אויפגעזאַמלט זייגערלעך פון די באַוווינער אויף יאַקובאַ 16 און בעת אַן אַפּעל זיי פּייערלעך איבערגעגעבן שווינדטן. דער דייטש האָט נאָר געפּרעגט, צי די יידן האָבן אים גוטוויליק געגעבן די מתנה. פּאַרשטענדלעך, אַז ער האָט באַקומען אַ פּאָזיטיוון ענטפער [651].

*

נאָך אַלע פּלאָגענישן און יאָגענישן, טעראָר און גוטע ווענדונגען פון ביבאָוון און געשטאַפּאָ־אָנפירער, זענען נאָך אַלץ געבליבן אין באַהעלטענישן 2000 פערזאָן — לויט די אויסרעכענונגען פונעם מחבר פונעם טאָג־בוך י. פּאָזנאַנסקי. זיי זענען געווען באַהאַלטן אין קעלערס, אויף בוידעמער, אין אָפּגעלעגענע ווינקלען פון פּאַבריקס־איינריכטונגען, פּאַרשטעלט מיט ליידיקע קאַסטנס. אין זיין טאָג־בוך האָט י. פּאָזנאַנסקי אַזוי באַשריבן זיין באַהעלטעניש, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן 8 פערזאָן:

„אין דעם פּאַפּיר־רעסאָרט איז פאַר דער מלחמה געווען אַ פאַבריק פון סאָדע־וואַסער. אין אַ טיפעניש פון 12 מעטער איז געווען דער אייז־קעלער. עס איז דאָרט געווען קאַלט און פייכט. נאָכן אַריינטראָגן אַהין אַ טיש מיט שטולן און בעטגעוואַנט, האָבן מיר פאַרמאַסקירט דעם אַריינגאַנג, דורך אַוועקשטעלן אַ מיסט־קאַסטן מיט פּאַפּיר־אָפּפאַל. איבער דעם קעלער איז געווען אַ מאַגאַזין, פאַרלייגט מיט פּאַפּיר און טאָוול. דאָרט האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן און דעם קעלער איבערגעלאָזט אויף באַזונדערע סכנותדיקע פאַלן. — — — אין דער באַהעלטעניש האָט מען געקאָנט זיך אַריינבאַקומען נאָך דורך רוקן זיך אויפן בויך".

געווען אויך גוט איינגעאָרדנטע בונקערס. אויף אַלטשטאָט איז אין אַ באַהעלטעניש געווען עטלעכע הונדערט פערזאָן. פּאַרשטענדלעך, אַז עס איז נישט מעגלעך אָנצוגעבן ציפערן פון דער צאָל באַהעלטענישן. אין די נעכט

זענען די מענטשן אַרויס פון די לעכער און גריבער און געשלייכט איבער די פינצטערע גאַסן און הייזער און געזוכט שפּייז[652].

## ג. דער טראַגישער קאַמף פון ד״ר דניאל ווייסקאָפּ קעגן ביבאָוון

בעת די מענטשן האָבן זיך געפּייניקט אין זייערע באַהעלטענישן, האָט זיך דאָס לעבן אין לאַגער אויף יאַקובאַ 16 איינגעשטעלט אין מער ווייניקער „נאָרמאַלע ראַמען״. דאָס צוזאַמענלעבן דאָרט האָט נישט געהאַט דעם טרויעריקן אויסזען פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער: נישט געווען קיין „קאַפּאָס״, די דאָרט איינגעאָרדנטע זענען נישט געפּייניקט געוואָרן ווי דער שטייגער איז געווען אין די דייטשע קאָנצענטראַציע ־און אויסראָטונגס־לאַגערן. רואיק, כמעט געמיטלעך, האָט דער דייטשער באַלעבאָס פונעם זאַמלפּונקט, היינריך שווינדט, געמאַכט יעדן פרימאָרגן דעם אַפּעל צווישן 7—8. די מענטשן זענען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופּן און אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט אויפצוזאַמלען די זאַכן און די פאַרמעגנס פון די ליידיקע הייזער. געאַרבעט איז געוואָרן ביז 3 אַ זייגער נ. מ. אָפּטמאָל איז אויך זונטיק געווען אַ רוטאָג, אָדער מ׳האָט געאַרבעט אייניקע שעהן. אויף דער באַשפּייזונג אין דעם זאַמלפּונקט האָט מען זיך ווייניק געקלאָגט. אין די גבית עדות פון די לעבנגעבליבענע, ווי אויך אין דעם טאָג־בוך פון י. פּאָזנאַנסקי, דער איינציקער דאָקומענט מיט אַ באַשרייבונג פונעם לעבן פון די לעצטע לאָדזשער יידן אויף יאַקובאַ 16 — ווערט נישט דערמאָנט, אַז זיי האָבן אין יענער צייט געליטן הונגער[653].

די דאָזיקע באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט צו די לעצטע 500 לאָדזשער יידן אינעם אָפּגעשלאָסענעם זאַמלפּונקט, איז געווען אַ נייער קאָמופלאַזש צו פאַרהוילן דעם אויסראָטונגס־פּלאַן, וואָס די דייטשן האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אָט די לעצטע יידן פונעם געטאָ־ליטצמאַנשטאָדט. אין דער שטאָט איז ווייטער געווען טעטיק די געשטאַפּאָ מיט אָטאָ בראַדפיש בראש. האַנס ביבאָוו האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער אויפרוימונג פון די וווינונגען אינעם געוועזענעם געטאָ. די „פירער״ זענען געבליבן אין לאָדזש, כדי אַרויסצופירן פאַרמעגנס פונעם געטאָ־שטח און צום סוף, אין הסכם מיט היטלערס פאַראָרדענונג אומברענגען אַלע דאָרט פאַראַנענע יידן, אויך די וואָס לעבן אין באַהעלטענישן. דער לאַגער אויף יאַקובאַ 16 האָט דעריבער געדאַרפט אויסזען רואיק און גוט, כדי צו קאָנען אַרויסנאַרן די יידן פון די באַהעלטענישן. אויך דער דאָזיקער קאָמופלאַזש האָט זיך די דייטשן גוט איינגעגעבן. פיל פון די באַהאַלטענע, וואָס האָבן נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם הונגער, דאָס לעבן אין שטענדיקן פחד, האָבן זיך פרייוויליק צוגעשטעלט אויף יאַקובאַ 16. היינריך שווינדט האָט נישט געמאַכט קיין באַזונדערע שוועריקייטן די ניי־צוגעקומענע. די „קריפּאָ״, וואָס איז נאָך דעמאָלס

געווען טעטיק, האָט נאָר פאַרפירט אַן אויספאָרשונג: פערסאָנאַליען, ווו געווען באַהאַלטן, ווער נאָך געפינט זיך דאָרט אדג״ל און מ׳איז געוואָרן אַן אַרבעטער פון יאַקובאַ 16.

ברודערס פּאָליציי, באַגלייט פון באַוואָפנטע דייטשן, האָבן אויך כסדר געזוכט אין די חורבות, אין די ליידיקע הייזער, אין די קעלערס, כדי אָפּצוגע־פינען די באַהאַלטענע. מיט כיטרע מיטלען האָבן די נייע א. ד.־פּאָליציאַנטן אַרויס־גענאַרט די יידן פון זייערע באַהעלטענישן, דורך רופן זיי: „יידן קומט אַרויס, עס וועט אייך גאָרנישט געשען״. עס זענען כסדר אַנטדעקט געוואָרן בונקערס: אויף מאַרישין — אַ באַהעלטעניש מיט 8 פערזאָן. זיי האָבן אָפּגעריכט אַ תפילה, וואָס מ׳האָט געהערט אויף דער גאַס, וואָס עס האָט געבראַכט אויף די שפּורן פון די באַהאַלטענע. עס זענען ליקווידירט געוואָרן אין איין טאָג — 5 באַהעל־טענישן און קעלערס. עס איז אויך אָפּגעפונען געוואָרן דער בונקער פונעם מחבר פון טאָג־בוך — י. פּאָזנאַנסקי און פון דער משפחה בייגעלמאַן. אין זיינע טאָג־פאַרצייכענונגען האָט פּאָזנאַנסקי אַזוי באַשריבן דאָס אָפּגעפינען זייער באַהעלטעניש:

„דאָנערשטיק, דעם 9־טן נאָוועמבער, אַרום 6 אָוונט, האָט זיך דערהערט אין אונדזער לאָך דער אָפּגערעדטער סיגנאַל: 3 שטאַרקע קלעפּ אין פענצטערל, וואָס עס האָט אָנגעזאָגט אַן אוממיטלבאַרע סכנה. אונדזערע צוויי אויסגעפּרוּווטע אינפאָרמאַטאָרן פון באַלוטער מאַרק, האָבן געבראַכט אַן איוב־בשורה: אונדזער באַהעלטעניש איז געמסרט און דער קאָמענדאַנט פון דער א. ד.־פּאָליציי — ברודער, אין באַגלייטונג פון אַגענטן פון קריפּאָ, גרייטן זיך אונדז מאָרגן באַזוכן — — — אונדזערע „פאַרבינדלער״ האָבן נישט באַוויזן אַרויסצוגיין, ווי אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַן אַנדערער פאָרשטייער פון באַלוטער מאַרק און אין ברודערס נאָמען געפרעגט: „צי מיר ווילן גוטוויליק זיך מעלדן אין לאַגער? אויב יאָ, וועט ברודער קומען מאָרגן מיט אַגענטן פון ,קריפּאָ׳. עס דראָט נישט קיין שום געפאַר. עס וועט דורכגעפירט ווערן אַ פאָרמעלע אויס־פאָרשונג און מ׳וועט פאַרשרייבן, דערנאָך נעמען אַ באָד און עס וועט דורכגעפירט ווערן אַ דעזינפעקציע און דאַן אין לאַגער״.

נאָך אַ באַראַטונג האָבןביידע משפחות מסכים געווען צו גיין אין לאַגער. מ׳האָט זיי נישט געשטערט איבערבלייבן די נאַכט אין באַהעלטעניש. אויף צומאָרגנס זענען געקומען: ברודער, דער הויפּט־פּאָליציאַנט, וואָס האָט געהיטן דעם לאַגער — קריין, צוזאַמען מיט אַגענטן פון „קריפּאָ״ און אַ וואָגן אויף איבערצופירן די זאַכן פון די אָפּגעפונענע יידן. זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין „קריפּאָ״ און אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן רואיק און פאָרמעל: פאַרשריבן, גענומען אַ באָד, אַ דעזינפעקציע, וואָס עס איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן

באַלוטער מאַרק און פון דאָרט זענען די צוויי משפחות מיטן טראַמוויי אָפּגעפירט געוואָרן אויף יאַקובאַ 16 [654].

פיל טראַגישער איז געווען דאָס אַנטדעקן דעם בונקער, אין וועלכן עס איז געווען באַהאַלטן ד״ר דניאל ווייסקאָפּ מיט נאָך 17 פּערזאָן.

ד״ר דניאל ווייסקאָפּ, ווי עס איז באַקאַנט, פון די פריערדיקע באַשרייבונגען, האָט געהערט צו דער קליינער גרופּע פון קעמפערישער אינטעליגענץ אין געטאָ. ער האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט אָרגאַניזירן ווידערשטאַנדס־גרופּן. ווי אַ דאָקטאָר מעדיצין, האָט ער פיל געהאָלפן קראַנקע, אין גאָר אָרעמע שטובן נישט געוואָלט נעמען קיין באַלוינונג. ווייסקאָפּ האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט פון די ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס רומקאָווסקי האָט צוגעטיילט די דאָקטוירים, ווי צוגאָב־באַשפּייזונג אדג״ל. בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ אין חודש אויגוסט, האָט ד״ר ווייסקאָפּ מיט אַ גרופּע פון זיינע נאָענטע, צוזאַמען 18 פּערזאָן, זיך איינגעאָרדנט אין אַ בונקער.

צוליב עפּעס אַן אומבאַקאַנטער סיבה איז ד״ר ווייסקאָפּ אַריין אין בונקער מיט אַ צעבראָכענעם פוס. דורך זיינס אַ פריינט, אַן איינוווינער פון יאַקובאַ 16, מיט וועלכן דער באַהאַלטענער איז געווען אין קאָנטאַקט, האָט ווייסקאָפּ געגעבן צוּוויסן דעם ד״ר עליאַסבערג וועגן זיין מצב און געבעטן דעם דאָקטאָר, ער זאָל אין געהיים קומען אין בונקער צו פאַרגיפּסן דעם פוס. דאָס געהיימעניש איז דערגאַנגען צו דעם קאָמענדאַנט פון לאַגער — ברודער. ער האָט איבערגעגעבן ביבאָוון וועגן דעם בונקער, ווו יידן באַהאַלטן זיך אויס. דעם פאַקט האָט באַשטעטיקט ביבאָוו אין זיין באַריכט צו דער געשטאַפּאָ וועגן זיין צוזאַמענשטויס מיט ד״ר ווייסקאָפּ, בעתן אָפּגעפונען דעם בונקער.

האַנס ביבאָוו מיט זיין געהילף היינריך שווינדט און מיט די יידן: ברודער, לייבל קריין און יאנקל אסט —ביידע פּאָליציאַנטן פון לאַגער, זענען אַוועק אויפן אָנגעוויזענעם אָרט. גראָד זענען פון דער באַהעלטעניש אַרויס אַן עלטערער ייד און אַ ייִנגל צו זוכן שפּייז. זיי זענען געכאַפּט געוואָרן דורך ביבאָוון.

„נאָכדעם ווי זיי זענען ענערגיש גענומען געוואָרן" — האָט ביבאָוו באַריכטעט דער געשטאַפּאָ — „האָבן זיי אויסגעזאָגט, אַז אין קעלער אין אַ הויז, זענען נאָך יידן באַהאַלטן". אונטער אַ קעלער־באַהעלטעניש האָט שווינדט אָפּגעפונען נאָך 6 יידן. ווען זיי זענען אַרויסגעצויגן געוואָרן פון באַהעלטעניש, האָט איינער פון ברודערס מענטשן אויסגעשריגן, אַז שווינדט ווערט אומגעבראַכט. ביבאָוו איז געלאָפן צו הילף זיין מיטאַרבעטער און אים געטראָפן אַ פאַרגאָסענעם מיט בלוט אין גראַנגל מיט ד״ר ווייסקאָפּ [אין ביבאָווס באַריכט — ד״ר ווייסהאופּט], וואָס האָט אַ קאָלאָסאַלע קערפּערקראַפט. עס איז געווען אַ שווער געשלעג צווישן דעם אונטערגעשריבענעם [ביבאָוו], שווינדט און ד״ר ווייסקאָפּ. זיי האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. צו הילף ביבאָוון און שווינדטן זענען

געקומען די 3 יידן (ברודער, אסט און קריין). צום סוף זענען די באַהאַלטענע יידן געוואָרן באַהערשט. דער הויפּטרעדלפירער ווייסהאופּט האָט באַקומען פינף שאָסן — — — צו הילף איז געקומען דער אָבערלויטענאַנט שולץ פונעם 6־טן פּאָליציי־רעוויר, ווי אויך אַ וואַכמייסטער. 2 שאָסן האָט געגעבן שולץ און 3 ביבאָוו" — האָט דער רוצח זיך באַרימט אין באַריכט צו דער געשטאַפּאָ אין ליטצמאַנשטאַדט.

ד"ר דניאל ווייסקאָפּ איז געפאַלן פון די קוילן. בעת די ראַנגלענישן זענען אייניקע פון בונקער אַנטלאָפן. די פאַרהאַלטענע זענען געוואָרן דערשאָסן.

אויף זיין פּראָצעס האָט ביבאָוו זיך פאַרטיידיקט, אַז ער "האָט געמוזט הרגענען דעם ד"ר ווייסקאָפּ, ווייל ער האָט געגאָסן שמוץ אויפן דייטשן רייך".

לויט די עדות־דערקלערונגען אויפן פּראָצעס פון שווינדט, האָט דניאל ווייסקאָפּ, ווען ער איז אַרויס פון בונקער אויסגעשריגן צו די דייטשן: "וואָס איז געוואָרן מיט די 70,000 יידן, וואָס איר האָט געשיקט קיין אָשוויענטשים? שווינדט האָט אויסגעשאָסן אויף ווייסקאָפּן און אים פאַרוווּנדעט". דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער געראַנגל. אַ צווייטער עדות: "צו די יידן, וואָס זענען געבליבן אויפצורוימען דאָס געטאָ האָט ביבאָוו דערקלערט, אַז ווייסקאָפּ האָט אים באַשולדיקט אין אויסמאָרדן 70,000 יידן [655].

## די דייטשע צוגרייטונג צו דער אויסמאָרדונג פון די לעצטע 800 יידן

אין חודש נאָוועמבער 1944, נאָכן אַנטדעקן דעם בונקער פון ד"ר ווייסקאָפּ, איז ווידער אַלץ אַוועק "נאָרמאַל". די לאַגערירטע אויף יאַקובאַ 16 זענען יעדן פרימאָרגן אַרויס צו דער אַרבעט. געטיילט אין גרופּן, זענען זיי אַוועק איבערן געוועזענעם געטאָ־שטח, פאַרשווונדן אין די ליידיקע הייזער און אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן, געפּאַקט יידיש בעטגעוואַנט, וועש און אַנדערע חפצים, וואָס זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויפן באַלוטער פּלאַץ. פון דאָרט אויף דער באַן־סטאַציע ראַדעגאַסט און ווייטער זענען די יידישע זאַכן וואַגאָנענווייז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, ווי הילף פאַר דייטשן פון באָמבאַרדירטע שטעט.

יאַקאָב פּאָזנאַנסקי האָט אין זיין טאָג־בוך אונטער דער דאַטע פון 24־סטן נאָוועמבער 1944 באַשריבן אַזאַ פאַל:

"נעכטן איז געקומען צו אונדז טשאַרנולאַ [מיטגליד אין ביבאָווס געטאָ־פאַרוואַלטונג] און פאַרלאַנגט צוצוגרייטן ווי אַמשנעלסטן 500 קאָמפּלעטן פון אַנצעגער, וועש און אויך אַזאַ צאָל קאָמפּלעטן פון געפעס: טעפּ, שיסלען אדג"ל, וואָס זענען נויטיק תיכף אַרויסצושיקן קיין דרעזדען".

פון געוועזענעם געטאָ־שטח, ד. ה. פון באַלוט, זענען כסדר אויסגעטיילט געוואָרן גאַסן, נענטער צו דער שטאָט, מיט בעסערע וווינונגען, וואָס זענען דורך דער דייטשער מאַכט באַשטימט געוואָרן פאַר זייערע פאָלקס־גענאָסן, וועלכע האָבן געזאָלט געבראַכט ווערן פון די באָמבאָרדירטע דייטשע שטעט.

אויף יאַקובאַ 16 איז ווייטער געווען טעטיק ברודערס פּאָליציי, וועלכע האָט יעדן פרימאָרגן זיך אַרויסגעלאָזט איבערן געוועזענעם געטאָ־שטח און געזוכט די אויסבאַהאַלטענע יידן. אויף דער יידישער גאַס, אין די הייזער נומ. 8 און 19, זענען אַנטדעקט געוואָרן צוויי באַהעלטענישן מיט גרויסע שפּייז־רעזערוון. קיין מענטשן האָט מען דאָרט נישט געטראָפן: זיי זענען וואַרשיינלעך אַנטלאָפן [656].

דעם אויסזען פון אַזאַ באַהעלטעניש און ווי אַזוי עס איז אַנטדעקט געוואָרן האָט לאה מענטליק געשילדערט אין איר גבית עדות:

„איך און מיין זון האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ ליידיק הויז אויף באַלוטער פּלאַץ און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן. איינמאָל האָבן מיר געהערט, ווי מ'רופט: ,יאָסעלע, יאָסעלע". דאָס האָט מען גערופן מיין זון. מיר זענען דערציטערט געוואָרן, ווייל אַזוי אַרום פלעגן יידישע פּאָליציאַנטן אַרויסנאַרן יידן פון זייער באַהעלטעניש, כדי זיי איבערצוגעבן אין די הענט פון די דייטשן. מיר האָבן זיך נישט אָפּגערופן, אָבער די, וואָס האָבן אונדז געזוכט האָבן געטראָפן צו אונדזער באַהעלטעניש. פאַר אונדז זענען געשטאַנען צוויי יידן, אַ ייִנגערער און אַן עלטערער. זיי האָבן אונדז באַרואיקט, צוגעזאָגט אונדז צו ברענגען פּראָדוקטן, אויסגעפרעגט וועגן אונדזער מצב און אַוועק. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיי אונדז טאַקע געברענגט צוקער. מיר האָבן געטרונקען זיסע טיי. אָבער אונדז איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ ביטערער און מיר זענען געקומען צום אויספיר: מ'דאַרף זען זיך אַריינבאַקומען אין לאַגער אויף יאקובאַ גאַס און דאָרט אַרבעטן מיט די יידן צוזאַמען. אַזוי האָבן אונדז אויך געראַטן אונדזערע אומבאַקאַנטע פריינט. מיר האָבן זיך מיט זיי אָפּגערעדט, אַז ווען זיי וועלן גיין פון דער אַרבעט, זאָלן זיי געבן אַ צייכן דורך הוסטן, וועלן מיר אַרויס פון באַהעלטעניש און צוזאַמען מיט זיי אַוועקגיין אויף יאקובאַ 16. אַזוי איז טאַקע געשען".

אַזעלכע פאַלן פון פאַרלאָזן די באַהעלטענישן און צושטעלן זיך פרייוויליק אויף יאקובאַ 16, האָבן זיך כסדר געמערט. היינריך שווינדט, דער דייטשער אָנפירער פון לאַגער, האָט געמאַכט אַ בייזן אָנשטעל, געפּאָרשט די צוריקגעקו־מענע און לסוף זיי געלאָזט פאַרנעמען אַן אָרט אין לאַגער און גיין צוזאַמען מיט אַלע צו דער אַרבעט. אַזוי אַרום איז געוואָקסן די צאָל פון לאַגערירטע און אין סוף יאָר 1944 דערגאַנגען ביז אַכט הונדערט [657].

דאָס אָפּגעפונען כסדר באַהעלטענישן פון יידן און דאָס דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי צו לאָדזש — האָבן שרעקלעך צערייצט די דייטשע

מאַכט אין ליטצמאַנשטאַדט און אירע אויסראָטונגס־סעקטאָרן, וואָס האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער די לעצטע הונדערטער יידן אין לאַגער אויף יאַקובאַ 16. אויך אויף די דאָזיקע לעצטע יידן פון לאָדזשער געטאָ איז שוין געווען צוגעגרייט דער גזר־דין פון פאַרניכטונג, ווי עס איז צו זען פון די מעשים פון די דייטשע פאַרטיליקער, איידער זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן פון לאָדזש, אין סוף חודש נאָוועמבער 1944 זענען באַנייט געוואָרן די סעלעקציעס. ביבאָוו איז אָפטמאָל געקומען אין לאַגער און אויסגעקליבן צו 30, 40 פערזאָן, וואָס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן און מער נישט צוריקגעקומען. אין לאַגער איז דאָך נישט געווען אַזוי שטרענג ווי אַמאָל אין געטאָ. מ׳האָט דאָרט פאָרויס געוווּסט, ווער עס זענען די קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן. ביבאָוו פלעגט אָנקומען מיט אַ דראָזשקע, געפירט פון אַ ייד. האָבן די לאַגעריסטן זיך אָפגערעדט מיט דעם דראָזשקאַר, אַז ווען ער וועט אָנקומען, זאָל ער דריי־מאָל געבן אַ „סווישטש" מיט דער בייטש, וועלן די קאַנדידאַטן צום אַרויסשיקן זיך קאָנען צעלויפן. אַזוי איז טאַקע געשען. איינמאָל, בעת אַ סעלעקציע, זענען 65 פערזאָן געוואָרן באַשטימט צום אַרויסשיקן, האָבן זיך געשטעלט נאָר 20.

אין דעצעמבער 1944 האָבן די דייטשן פאַרשטאַרקט די רעפרעסיעס קעגן די לאַגערירטע אויף יאַקובאַ 16. מיטאַמאָל איז צום פרימאָרגן־אַפּעל געקומען ביבאָוו אין באַגלייטונג פון אָנפירער פון „קריפאָ" נוימאַן. די אויפרוימונגס־גרופן זענען נישט געפירט געוואָרן אויף זייערע שטענדיקע אַרבעטס־ערטער, נאָר אויף וואלבארסקא גאס. דאָרט זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון „קריפאָ"־מיטאַרבעטער און פון נייע פאַרשוינען, וואָס האָבן גערעדט אוקראַיניש. דער שעף פון „קריפאָ" האָט באַפוילן זיינע מענטשן מ׳זאָל רעווידירן די אַרבעטער. אַ פחד איז אַלעמען באַפאַלן. מ׳האָט גענומען אַרויסוואַרפן „פעקלעך", אפילו דאָס איינגעפּאַקטע ברויט, וואָס מ׳האָט מיט זיך געהאַט, ווי אויך ווערט־זאַכן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעוויזיע. ברודער, דער אינערלעכער לאַגער־קאָמענדאַנט, האָט געהאָלפן די דייטשן אין זייער אַרבעט. אַלע, אויך די פרויען, וואָס זענען רעווידירט געוואָרן דורך מענער, זענען געצוווּנגען געוואָרן, אין דער בייסיקער קעלט, אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די מלבושים. די רעווידענטן האָבן אָפּגענומען: זייגערלעך, חתונה־רינגלעך, אויסאַרבעטונגען פון זילבער, ווי אויך דייטשע מאַרקן, פּוילישע באַנקנאָטן. אין דערזעלבער צייט איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע אין לאַגער אויף יאַקובאַ 16.

אַרום 2 אַ זייגער בייטאָג, בעת דער אַרבעט, האָט דער „גרופּענפיהרער", אַ דייטש, געמאָלדן: „אַללע אנטרעטען". דער דייטש האָט גערעדט צום עולם און געפאָדערט, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף: אָפּגעבן זייגערלעך, פּאַפּיראָסן־טאַשן, פילפעדערס און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. באַלד נאָך דער רעדע האָט דער „גרופּפענפיהרער" דורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע ביי די

מענער און פרויען, וואָס האָבן געהערט צו זיין אָפּטיילונג. נאָך דער רעוויזיע איז די „אויפרוימונגס״־אַרבעט ווייטער געפירט געוואָרן ביזן אָוונט און אַלע זענען צוריק אַוועק אין לאַגער.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש דעצעמבער 1944 האָבן אין געוועזענעם געטאָ־שטח זיך באַוויזן געשטאַפּאָ־לייט, געקומענע פון פויזן, וואַרשיינלעך, פאַרטרעטער פון אַרטור גרייזער, וואָס האָבן לויט אַ גענויעם פּלאַן דורכגעפירט גרינטלעכע רעוויזיעס אין געוויסע גאַסן פונעם געוועזענעם שטח. מ׳האָט פּאַנאַנדערגעגראָבן די ערד אויף פראַנצישקאַנער 3 און באַזאַרנע 8.

די דיסציפּלין אין לאַגער איז כסדר געוואָרן שוואַכער, מ׳האָט זיך ווייניק געשטעלט צו דער אַרבעט. מ׳האָט זיך געריכט אויף אַ דעפּאָרטאַציע פון 300 פּערזאָן. אין דער ערשטער ריי — די צוריקגעקומענע פון די באַהעלטעניש. צו אַזאַ דעפּאָרטאַציע איז נישט געקומען. די דייטשע אויפזעער פונעם לאַגער זענען אַרומגעגאַנגען ווי צעמישטע[658].

וועגן ביבאָווס לעצטן באַזוך אין לאַגער יאקובאַ 16, האָט איבערגעגעבן אין איר גבית עדות לאה מענטליק:

„אין איינעם אַ טאָג, איז ווידער געקומען ביבאָוו צו אַן אַפּעל אויף יאקובא 16 און מיט אַ מילדער שטים מיטגעטיילט: ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די אַרויסגעשיקטע יידן, וועלכע זענען אויף די נייע אַרבעטס־פּלעצער, פירן דאָרט. ער האָט אַפּעלירט צו די מיטפּילנדע יידן, זיי זאָלן צושטעלן 200 ,וואַלדעקן׳, מעגלעך פון בעסערער קוואַליטעט אויף צו באַשיצן די ברידער יידן פון קעלט. דער עולם האָט אין משך פון איין טאָג צוגעשטעלט די פאַרלאַנגטע צאָל קאָלדרעס און טאַקע פון בעסטן סאָרט. נאָכן באַקומען די קאָלדרעס, האָט דער מאַסן־מערדער זיך געזעגנט מיט די יידן און פאַרזיכערט, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועט ער ווידער קומען. ביבאָוו איז שוין מער נישט געקומען״[659].

מיט דעם לאַגער האָבן ווייטער אָנגעפירט די דייטשן: היינריך שווינדט און דער שעף פון „קריפאָ״ בוימאַן. זיי האָבן מיט נייע טעראָר־אַקטן געוואָלט פאַרשטאַרקן די דיסציפּלין אין לאַגער. די לאַגעריסטן האָבן זיך נישט געשטעלט צו די אַפּעלן. נאָך אַ שטרענגער אויפאָדערונג, איז דעם 6־טן יאַנואַר 1945, פאַרגעקומען אַן אַלגעמיינער אַפּעל אויפן הויף יאקובא 16. שווינדט און בוימאַן אין אַן עס.־מונדיר, האָבן גערעדט צו די אָנוועזנדע: זיי אַרבעטן נישט, „נאָר צעראַבעווען דאָס געטאָ־פאַרמעגן, וואָס געהערט צו דער דייטשער מאַכט״. ברודער האָט באַלד געמסרט צוויי יידן, ביי וועמען מ׳האָט געפונען „אָנגעראַבעוועטע״ סחורות. דאַנציקער, אַ געוועזענער אָנפירער פון דער „ווייסער גוואַרדיע״, האָט אָנגעגעבן די נעמען פון 4 יידן, וואָס סאַבאָטירן די אַרבעט. די 6 יידן זענען גלייך געוואָרן פאַרהאַלטן און אומגעבראַכט אין די אָוונט־שעהן. — אַזוי האָט געשריבן פּאָזנאַנסקי אין זיין טאָג־בוך[660].

אין דער צווייטער העלפט פון חודש יאנואַר 1945 האָבן זיך געשטאַרקט די לופט־באָמבאַרדירונגען אויף לאָדזש און אומגעגנט. די באַפרייאונג פון דער שטאָט און פון די לעצטע 800 יידן, ווערט באַשריבן אין צוויי קוואַלן. לאה מענטליק האָט דערציילט אין איר גבית עדות:

„אין הימל איז געוואָרן לעבעדיקער. שטאָלענע פייגל האָבן זיך באַוויזן און פון הימל האָבן גענומען פאַלן באָמבעס. ביינאַכט האָט דער לאַגער [יאַקובאַ 16] געציטערט פון באָמבן־אויפרייסן. טייל מענטשן זענען אַנטלאָפן אין די פעלדער, אָבער איך האָב זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט. דער אויפזעער שווינדט האָט באַקומען אַן אַש־קאָליריק פּנים און איז געוואָרן גוט, נאָר צו אַ געשוויר צוצולייגן. ער האָט מיך געשיקט אַרבעטן און מיט איינמאָל איז אויך דער דייטש פאַרשוווּנדן געוואָרן. די באָמבאַרדירונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. יעדער האָט זיך באַהאַלטן, ווו ער האָט האָט נאָר געקאָנט. אין לאַגער איז מען שוין מער נישט געקומען רופן אויף אַרבעט. איין פרימאָרגן איז מיין יאָסעלע אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך אין שטאָט, און געבראַכט די ליכטיקע בשורה: רויט־אַרמייער זענען דאָ. אַן אויסערגעוויינלעכע פרייד האָט אַלעמען אַרומגענומען. מ'האָט זיך געקושט און געוויינט און מ'איז זיך צעלאָפן פון דעם פאַרשאָלטענעם אָרט".

אַביסל אַנדערש האָט י. פאָזנאַנסקי באַשריבן אין זיין טאָג־בוך די באַפרייאונג פון לאָדזש און פון די לעצטע יידן:

„17.1, 1945 — — — אַרום 18 אַ זייגער איז אין לאַגער [יאַקובאַ 16] געקומען דער קאָמענדאַנט ברודער און דערקלערט, אַז לויט דעם באַפעל פון דער מאַכט וועט [מאָרגן] פאָרקומען אַן אַלגעמיינער אַפּעל. עס דאַרפן זיך שטעלן אומבאַדינגט אַלע, אויך די, וואָס געפינען זיך מחוץ לאַגער, די טעלעפאָניסטינס און די פורמאַנעס. פון די ווערטער זענען מיר געקומען צו דער מיינונג, אַז עס גרייט זיך עפּעס נישט־גוטעס. אין אַ שעה אַרום האָבן די מענטשן אָנגעהויבן מאַסנוויז צו פאַרלאָזן דעם לאַגער — — מיר באַהאַלטן זיך אין קעלער פון הויז אויף יידישער גאַס נומ' 10. נאָך זומער האָבן מיר דאָ אַראָפּגעלאָזט בענק און שטולן, ווי אויך בעטגעוואַנט. 1 לעמפּל, וואָס איז אָנגעשלאָסן אין הויפּטשטראָם, גיט אונדז ליכט. — — — מיר זענען נישט דאָ אַליין. מיר האָבן אַ גאַנץ גרויסע געזעלשאַפט, איבער 40 פּערזאָן. אַלע קלאַפּן מיר מיט די ציין פון שרעק און קעלט, הגם יעדער פון אונדז האָט אויף זיך צוויי אנצעגער און צוויי קאָמפּלעטן וועש. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו מאַכן אַ שחיטה איידער זיי וועלן פאַרלאָזן לאָדזש.

„18.1, 1945 — — — אונדזער דענערווירונג גייט איבער די גרענעץ פון מענטשלעכער אויסגעהאַלטנקייט. אונדז דאַכט זיך כסדר, אַז די דייטשן זענען אויפן הויף און זוכן אונדז. מיר האָבן אויך אונדזער אויסשפּיר: עטלעכע

פלינקע ייִנגלעך. פאַרטאָג האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַן עקספּעדיציע אויף יאַקובאַ 16 און דראָבערט פון דאָרט 18 לעבלעך ברויט. — — — עס זענען געקומען די ייִנגלעך. זיי זענען שטאַרק איבערגעשראָקן. זיי זענען צום צווייטן מאָל געווען אין לאַגער און געזען ווי אויפן הויף איז פאַרפאָרן אַ משא־אויטאָ, דאָס איז נאָך אונדז. זיי האָבן געהערט די שמועסן פון די דייטשן. זיי זאָלן אונדז אַרויספירן אויפן ייִדישן בית עלמין, ווו מיט אַ וואָך צוריק האָט מען געהייסן אויסגראָבן 9 גרויסע גריבער, יעדער אויף 100 פּערזאָן"[661].

די דאָזיקע מאַסן־אויסמאָרדונג פון די 800 ייִדן האָבן די דייטשן נישט באַוויזן דורכצופירן. אין לעצטן טאָג זענען די קאַנדידאַטן צום טויט זיך צעלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן, ווי מ'האָט נאָר געקענט. אינזש. ווײַנבערג, וואָס האָט אין געטאָ אָנגעפירט מיט דער עלעקטרי־נעץ, האָט אין לעצטן טאָג, צוזאַמען מיט 18 פּערזאָן, זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַמער פון עלעקטרישער לייטונג, וואָס איז געשטאַנען אויפן גאַס. אַהין האָט ער אַרײַנגענומען זײַנע מיטאַרבעטער, די נאָענטסטע פרײַנט און אויך די מאַלערין שרה גליקסמאַן־פּייטלאָוויטש, וואָס האָט זוכה געווען צו קומען אין ישראל[662].

אויך אין די לעצטע טעג פון דער דייטשער ייִדן־אויסראָטונג אין לאָדזש, האָבן די לעצטע 800 ייִדן, פּונקט ווי די לאָדזשער ייִדן אין משך פון די קנאַפּע 5 יאָר געטאָ, געשטעלט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד די דייטשן.

— סוף —

דער מחבר פון די צוויי בענדער „געשיכטע פון ייִדן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער ייִדן־אויסראָטונג", האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן און שרײַבן זײַן ווערק אין יוני 1946 אין לאָדזש, אין אַרכיוו פון דער צענטראַלער ייִדישער היסטאָרישער קאָמיסיע, בײַם צ. ק. פון די ייִדן אין פּוילן, ממשיך געווען די אַרבעט — אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און פאַרענדיקט בײדע בענדער פון דעם ווערק אין תל־אביב, ערשטער באַנד — אין יאָר 1960 און צווייטן באַנד אין יוני 1966 (תשכ"ז).

# הוספות

1. קוועלן־אָנווייזונג
2. זוכצעטל פון נעמען
3. אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן פונעם מחבר
4. אינהאַלט פון די קאַפּיטלען

# קוועלן־אָנווייזונג

1. א. וו. יאַסני, „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג", ערשטער באַנד, ז"ז 73—74, ווייטער — „געשיכטע"; יוסף קערמיש אין „עם ישראל בדורנו", ז"ז 303—311, Passim.

2. פסק־דין אין אייכמאַן־פּראָצעס, פּראָט.: „תיק פלילי 40/61, פּאַר. 69, ווייטער — „פּסק־דין". פּרג"ל: וויליאַם ל. שירער, „עליתו ונפילתו של הרייך השלישי", העברעישע איבערזעצונג פון ענגליש, ז"ז 151—153.

3. פּסק־דין, פּאַר. 70.

4. דאָרט, פּאַר. פּאַר. 79, 81; א. וו. יאַסני, געשיכטע, ז"ז 442—444.

5. פּסק־דין, פּאַר. פּאַר׳ 79, 81, 83; אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", „יידן" ו׳, ז"ז 125—127. פּרג"ל א. אייזנבאַך — די היטלעריסטישע פּאָליטיק פון יידן־פאַרניכטונג, צווייטער באַנד, ז"ז 18—19, וואַרשע.

6. „לעבן און אומקום פון יידן אין אָלשאַן", ז׳ 314, אויסגאַבע פון אָלשאַנער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל.

7. י. טאַבאַקסבלאַט, „חורבן לאָדזש", ז׳ 119; א. וו. יאַסני, געשיכטע, ז"ז 450, 451. פּרג"ל „Dziennik Dawida Sierakowiaka" ווייטער — „Dziennik Dawida".

8. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ"וו, ז׳ 121.

9. Danuta Dąbrowska, „Biuletyn Ż.I.H." Nr. 13-14, st. 144. פּרג"ל: י. טרונק „לאָדזשער געטאָ", ז׳ 158.

10. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ"וו, ז"ז 27—29; אריי"ה"א „רומקאָווסקיס רעדעס". מיקראָפ. אין אַרכ. „יד ושם". Passim. פּרג"ל: י. נירנבערג אין „אין די יאָרן פון יידישן חורבן", ז"ז 232, 236, 237.

11. אַרייה"א, אַרכ. „יד ושם" — „רומקאָווסקיס רעדעס".

12. דאָרט.

13. א. וו. יאַסני, געשיכטע, ז׳ 18.

14. Danuta Dąbrowska, „Biuletyn Ż.I.H." Nr. 45—46, st. 134.

15. אריי"ה"א, ר"א, רומקאָווסקיס „באַקאַנטמאַכונג" נומ׳ 30, פּרג"ל Dąrowska, „Biuletyn" נר׳ 51, ז׳ 46.

16. דאָרט, ז"ז 46—47; „Tages-Befehl No. 8" געבראַכט ביי י. טרונק, דצ"וו, ז׳ 74.

17. דאָרט, פּרג"ל י. נירנבערג אין בוך „אין די יאָרן פון יידישן חורבן", פּאַרל. „אונדזער צייט" ניו־יאָרק, ז"ז 244, 247; י. טאַבאַקסבלאַט, דצ"וו, ז׳ 166.

18. ג"ע לעווין, פּריוו. מאַט. זאַמ. — אווי.

19. ב. הערשקאָוויטש אין „ייוואָ־בלעטער", באַנד XXX, נומער 1, ז׳ 24; „Tages-Befehl No. 8"

20. מ. שוואַרצבאַרד אין בלפג"ש, ב׳ VIII, ה׳ 3—4, ז"ז 129—134; אריי"ה"א, מיקראָפ. אין „יד ושם", סיגנ. Im/1932, ז"ז 20—23, פּרג"ל י. טאַבאַקסבלאַט דצ"וו, ז"ז 44, 45.

21. פרג״ל, י. טרונק, ;D. Dąbrowska, Biuletyn Ż.I.H. Nr. 51, st. st. 46—47 דצ״וו, ז׳ 37 ב. הערשקאָוויטש אין ייווב״ל, ב׳ XXX, 1, ז׳ 24 ; אַרכ. „בית קצנלסון״, ענציקלאָפּעדיע פון לאָדזשער געטאָ, פּאָז. „Vorstand — Marisin"; געטאָ־צייטונג נומ׳ 13.
22. אַרכ. „יד ושם״, סיגנ. זכ״/113 — זכרונות פון מ. געלבאַרט ; זכר׳ פון י. ווייסבראָט, י. וויינבערג — פּריוו. מאַט. זאַמל. — אווי, פרג״ל: י. טאַבאַקסבלאַט דצ״וו ז׳ 52, ב. הערשקאָוויטש אין ציט. ייווב״ל, ז׳ 25׳ י. נירנבערג איביד. ז״ז 254, 255.
23. זכר׳ מ. געלבאַרט, פרג״ל י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז׳ 52.
24. אַרייה״א „Biuletyn Kroniki Codziennej" מיקראָפּ. אין „יד ושם״, בקיצור — .B.K.C, פון 8־טן מערץ 1941. פרג״ל י. נירנבערג איביד. ז״ז 254—255.
25. D. Dąbrowska, Biuletyn Ż.I.H. Nr. 51, st. 50
26. A. Eisenbach, Dokumenty i Materiały Getto Łódzkie", st. st. 89—95 ווייטער — .Dokum. Getto Ł.
27. D. Dąbrowska, Biuletyn Ż.I.H. Nr. 51, st. st. 49—50
28. דאָרט. פרג״ל, י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז״ז 168—169 ; י. טרונק, דצ״וו, ז׳ 38 ; ב. הערשקאָוויטש, ציט. ייווב״ל, ז׳ 25 ; י. נירנבערג איביד. ז׳ 273
29. אַרייה״א, דאָקומענטן : Fio, נומ׳ נומ׳ 40, 151, 280׳ 283, 314 — באַריכטן פון געשטאַפּאָ און „קריפּאָ וועגן קאָנפיסקירט פאַרמעגן, אין די יאָרן 1940—1942, פון די איינוווינער פון געטאָ ליטצמאַנשטאַדט, וואָס איז אָפּגעפינען געוואָרן דורך דער פאַר־מיטלונג פון די פאַרטרויאונגס־מענער ד. גערטלער, מ. קליגער, פיעקאַרטשיק און״ד.
30. דאָרט. זע — פאָטאָקאָפּיע אין בוך II־טער באַנד, ז׳ 29.
31. אַרכ. „יד ושם״, ג״ע ש. ראָזנבלום, סיגנ. ר—195/7 ; ד. דאָמבראָווסקאַ אין „Biuletyn" נומ׳ 51, ז׳ 48.
32. יאַנאַס טורקאָוו — „אַזוי איז עס געווען״, ז׳ 87.
33. א. ראָזענבערג — „דאָס דרייצנטל״, אין בלפ״ג ב׳ V, ה׳ 1—2, ז״ז 190—192.
34. א. וו. יאַסני, געשיכטע, ז״ז 395—398.
35. א. ראָזענבערג, אין בלפ״ג, ב׳ V, ה׳ 1—2, ז״ז 201—202.
36. דאָרט.
37. י׳ טרונק אין בלפ״ג, ב׳ II, ה׳ 1—4, ז׳ 146.
38. אַרכ. „יד ושם״, סיגנ. זכ״/113, זכרונות פון מ. געלבאַרט, „רומקאָווסקיס רעדעס״, מיקראָפּ. „יד ושם״. ווייטער — „רומ. רעד.״. פרג״ל׳ י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז״ז 28, 51—53, 163, 165, 166.
39. אַרייה״א, מיקראָפּ. „יד ושם״ — B.K.C. פון חודש יאַנואַר 1942 : „אַרויס־געפאָרן״, א. ראָזענבערג אין בלפ״ג ב׳ V, ה׳ 1, 2, ז״ז 204—211, 215, 216, Passim.
40. דאָרט ; י. קערמיש, „מבוא״ צו „המרי והמרד״, „ספר מסמכים״ ז׳ 3 ; רינגעלבלומס נאָטיצן אין בלפ״ג, ב׳ I, ה׳ 1, ז׳ 12.
41. י. טאַבאַקסבלאַט, דצ״וו, ז״ז 164, 165, 168. טאַבאַקסבלאַט האָט נישט ריכטיק געשריבן, אַז אין ביבאָווס פאַראָרדענונג וועגן עפענען די פאַבריקן איז פאַראַן אַן אָנזאָג איבערצוגעבן די אַפּראָוויזאַציע פון געטאָ אונטער גערטלערס אויפזיכט. אַזאַ אָנווייז פון ביבאָוון איז נישט געווען. זע פאָטאָקאָפּיע אויף ז׳ 259.
42. פרג״ל Tages-Befehl Nr. 8 ; D. Dąbrowska, Biuletyn Nr. 51, st. 50 געבראַכט אין טרונקס „געטאָ לאָדזש״, ז׳ 72, ווי אויך בריוו פון 2־טן רעוויר, ז׳ 74.
43. Stefan Krakowski, Biuletyn Ż.I.H. Nr. 52, str. 54 ; Lezor Lewinski, Biuletyn Nr. 54, str. 113.

אין יאָר 1937 איז דערשינען אין בוך־פאָרם מיין ערשטע היסטאָריש־פאָרשערישע אַרבעט — די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש. איבער 500 זייטן מיט פאַטאָקאָפּיעס פון דאָקומענטן, וואָס זענען היינט אַ זעלטנהייט. דאָס דערמאָנטע ווערק איז געווען פאָרגעזען אויף דריי בענדער, אָבער עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה...

דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויעריקע וואַנדערונגס־עטאַפּן: מיין משפחה מיט צוויי קינדער זענען געבליבן אין לאָדזש (עס האָט געהייסן, אַז נאָר מענער דאַרפן אַנטלויפן...) און איך בין פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ביאַליסטאָק, פון דאָרט קיין סטאָלין. דאַן — סאָוויעטישע תפיסה, ענקאַוועדע־אויספאָרשונגען, דורך לאַנגע פיינלעכע נעכט, פאַר זיין טעטיק אין „בונד" אין פוילן, און אין שלוס — 8 יאָר אויסבעסערונגס־לאַגערן.

נאָך צוואַנציק חדשים תפיסה און לאַגער („באַפרייט" דורך דער שיקאָרסקי־אַמנעסטיע) — אַ לעבן אין סיביר און דאַן די אמתע באַפרייאונג אין יאָר 1946.

צוריקגעקומען קיין פוילן צו יידישע חורבות, צו אַ פאַרשניטן, פאַרפייניקט יידיש פאָלק, האָב איך זיך ווידער פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין „בונד", מיט זשורנאַליסטישער אַרבעט אין דער בונדישער פרעסע און אָנגעהויבן מיין געשיכטלעך־פאָרשערישער אַרבעט איבער דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, צום ערשט אין דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש און שפּעטער אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

אין יאָר 1948 איז געקומען אַ דעצידירנדער מאָמענט אין מיין לעבן. דער באַשלוס פון אונ"אָ וועגן שאַפן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל האָט מיר באַוויזן, אַז עס קומט צו אַ באַנייאונג פון די יידישע פאָלקס־כוחות; אַ היסטאָריש געשעעניש, צו וועלכער עס פאָדערט זיך אַ נייער צוגאַנג.

איך האָב דאַן פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער צייטונג „דאָס נייע לעבן", אַז די דיסקוסיע צווישן „בונד" און ציוניזם וועגן יידיש־היימלאַנד איז געענדיקט: מ'גיט אונדז אַ יידישע מדינה, דאַרף מען פאַרן זי בויען. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", ווו עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע פון פאַרייניקן זיך מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן (פּ. פּ. ר.), האָב איך אָפּגעגעבן אַ דעקלאַראַציע, אַז „די אויפגאַבע פון יידישע אַרבעטער איז — פאָרן קיין ישראל צו בויען די יידישע מדינה. און צוליב מיין שטעלונג, וואָס איז נישט אין הסכם מיט דער מערהייט פון „בונד", טרעט איך אַרויס פון דער פּאַרטיי". אַזוי האָב איך געטאָן.

אין סוף 1949 האָבן מיר — מיין פרוי חוה, די קינדער אליהו און מרים, דעמלט נאָך גאָר קליינינקע — עולה געווען קיין ישראל. נאָך אַ געוויסער צייט זיין באַשעפטיקט אין וואָכנבלאַט „נייוועלט", וואָס איז געווען ערב אונטערגאַנג, בין איך געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע „לעצטע נייעס".

**א. וואָלף יאַסני**

# אינהאַלט פון די קאַפּיטלען

זייט

## אויסבעסערונג

אויף זייט 208 חזרט זיך איבער דער זעלבער קאָפּ פונעם קאַפּיטל 15 פון ז׳ 168. דער הויפּט־קאָפּ פונעם קאַפּיטל 17 דאַרף זיין — די פערפידיע פון דער דייטשער אויסראָטונגס-מאַכט.

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „המנורה״:

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאַדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ**, 2 בענד.

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן).

ראָבערט סענט דזשאָן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומ־געוויינלעכן מענטש).

מיכאל וויכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**

מיכאל וויכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**

מיכאל וויכערט — **יידישע אַליינהילף.**

מיכאל וויכערט — **מלחמה 1939—1945**, זכרונות 3־טער באַנד.

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום**, לידער.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער**, מיט אַ פאָרוואָרט פון רחל ינאית בן־צבי — ישראל־פרעזידענטס פרוי.

אבא גאָרדין — **שלמה המלך**, היסטאָרישער ראָמאַן.

אבא גאָרדין — **משה**, זיין לעבן און לערע.

ד״ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאָ**, אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).

יחזקאל בראָנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.

יחזקאל בראָנשטיין — **אין פרדס פון יידיש.** עסייען.

מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פערזן. 2־טער באַנד.

דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).

הרב אברהם העפטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.

י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.

י. גאָלדקאָרן — **לאָדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.

א. בוסתן — **חיים ווייצמאַן.** לעבן און ווערק.

יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס.** ראָמאַן.

ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאָשקעס** (העברעיש).

א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.

ספר יזכור — **קוסוב** (הוצולסקי).

י. זשעמיאַן — **די פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ דריי קרייצן.**

יוסף גאַר — **אַזוי איז עס געשען אין ליטע.**

ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי.** היסטאָרישער ראָמאַן.

ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט.** לידער און פּאָעמען.

מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון געדענקען.** לידער.

בעריש ווײַנשטײַן — **באַשערטע לידער.**

אפרים קאַגאַנאָווסקי — **די טונקעלע דירה.** דערציילונג.

ב. זאַלץ — **און די זון האָט געשײַנט.**

ל. קוסמאַן — **בלעטער רוישן.** לידער.

יעקב כהן — **אין פּלאַם פון דאָרן.** לידער.

י. גלבוע — **העברעישער ביכער־שאַנק.**

רחל קאָרן — **שירים ואדמה — לידער און ערד** (העברעיש — יידיש).

ח. מ. רוטבלט — **פכים קטנים.** ביקורת ספרותית.

י. איידלמאַן — **דאָס געריכט, דער ראַבינאַט, די גאַס.** רעפּאָרטאַזשן.

י. ד. בערקאָוויטש — **אונדזערע ראשונים.** 5 בענדער.

י. פּאַפּיערניקאָוו — **מײַן שיר־השירים** (צווייטע אויפלאַגע).

מ. ריינעס־מעלצער — **זון דורך וואָלקנס.** לידער

ד״ר עמנואל פּאַט — **האַרץ־קראַנקהייטן.**

יעקב כהן — **בין השמשות.** לידער

## ספרים בעברית:

משה וויטיעס — **מסות על ספרות.**

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי־גני.**

מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות.

אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מײַן היימלאַנד ליטע.**

פּיאָטער ראָוויטש — **דם השמים.**

ד״ר ר. בן־שם — **אני והוא. פסיכולוגיה פרודיאנית.**

רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה.**

ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאָשקעס.**

ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי.**

ב. אפשטיין — **בערבות הפאמפה.**

מיכאל ווייכרט — **מסילת־חיים ומשעוליה.**

מ. ח. רוטבלאט — **פכים קטנים.**